▪▪▪

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*

*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Sefer Falenits / [ha-ʿorekh, David Shtokfish] |
| IMPRINT | Tel-Aviv : Irgun yotsʾe Falenits be-Yiśraʾel, 1967 |
| DESCRIPT | 478 p. : ill. ; 29 cm. |
| SUBJECT | Jews — Poland — Falenica (Warsaw) — History<br>Holocaust, Jewish (1939–1945) — Poland — Falenica (Warsaw)<br>Falenica (Warsaw, Poland) — Ethnic relations<br>Yizkor Books. |
| ADD'L NAME | Sztokfisz, David |
| ADD'L TITLE | |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# פאלעניץ

# FALENICA




טארט

## מיקרא

1 פייערלעשער

2 פראפעסיאנעלע פאראיינען.
ספארט - קלוב

3 האנטווערקער- פאראיין

4 יעקב מלמדס חדר

5 הויז פון אלטן רב

6 הויז פון ראדזימינער רבי

7 הויז פון הרב פינקלשטיין
(זאלעווסקיס ווילע)

8 הויז פון ר׳ שמואל מרדכי
(פאלעניצער רב)

9 קראסוצקיס ווילע
(געבורט-אָרט פון גערער רבי)

# FALENICA BOOK • ספר פאלניץ

העורך : רעדאקטאר :
**דוד שטאקפיש**

**אַרויסגעגעבן דורך דעם אירגון יוצאי פאַלעניץ בישראל,
די געזעלשאַפט אָטוואָצק־פאַלעניץ־קורטשעוו אין פראנקרייך
און אונדזערע לאַנדסלייט אין אויסלאַנד**

**תל־אביב, יאַנואר 1967**

דפוס „אורלי", ת"א, רח' יסוד המעלה 27, טל. 32062

# תוכן הספר • אינהאלט פון בוך



## יידיש־טייל

### א. געשיכטע, שטייגער און שילדערונגען • היסטוריה, הווי ותיאורים



### ב. פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס • מפלגות, אירגונים ומוסדות



### ג. פּערזענלעכקייטן, געשטאַלטן, טיפּן • אישים, דמויות, טיפוסים

## ד. אומקום און גוראַנגל ● השואה והמאבק



## ה. פאַלעניצער אין ישראל און אין דער וועלט ● בני פאלניץ בישראל ובתפוצות



# החלק השני — בעברית ● צווייטער טייל — אין עברית

## א. אֲנשים ומאורעות ● מענטשן און געשעענישן



## אישים ● פערזענלעכקייטן



## ב. השואה והמרד ● אומקום און ווידערשטאַנד



## ג. רשימת קדושי פאַלעניץ ונקרולוגים ● רשימה פון די פאַלעניצער קדושים, נעקראָלאָגן

# פתח דבר

בין מאות הקהילות היהודיות באירופה שהונצחו ואשר נצמתו ונכרתו בשנות מלחמת־העולם השנייה, מצאה גם העיירה שלנו את תיקונה. „ספר־פאלניץ" ודאי יתרום לבנה לבניין, אשר ההיסטוריון לעתיד לבוא יקים לזכר אותה תקופה, ששפת אנוש ואפילו אלפי הספרים שהופיעו עד עתה דלה מדי לתארה ולקונן על גודל החורבן.

מיד לאחר שנדמו הדי היריות האחרונות של מלחמת־העולם השנייה, ושארית־הפליטה התחילה לחדש את חייה החברתיים, נתנו את דעתנו להביא לידי ביטוי את חיי־העבר מלאי התסיסה וההשראה, בהם הצטיינה פאלניץ עיירתנו ולספר על השואה והשבר שפקדו אותנו.

נאמנים למסורת להציב מצבה לבן־משפחה שנפטר, ביקשנו להקים יד־וזכר לעיירתנו כולה שהושמדה, בצורת ספר־יזכור, בו כל בני־פאלניץ, באשר הם־שם, ישתתפו בזכרונות, מאמרים ורשימות. לכן, שום עבודה שנתקבלה לא נפסלה, היא אך לוטשה והוכשרה מבחינה סיגנונית לדפוס. אולם תמיד נשא החיבור את חותמו האישי של המחבר, וראייתו האישית של המאורעות המסופרים לא טושטשה. ורב הוא סיפוקנו על מספר המשתתפים הגדול שנטלו חלק בספר. אולם לצערנו, לא כולם, שיודעים למשוך בעט סופרים נענו לקריאתנו הקדושה ז כ ו ר! לכן לא יוכל איש לטעון, כי מפלגתו, קבוצתו, חוגו או אישים קרובים לו, לא הוארו די בספר. כי כאמור: אם אין אני לי — מי לי...

לא סופרים מקצועיים, שידם בכך חיברו את הספר הזה, אלא יהודים מכל ימות השנה. שהרי עיירתנו לא זכתה אפילו לבית־ספר תיכון... אך אלה שנטלו את עטם ליד, העלו על הנייר מאורעות ועובדות, אותם חזו מבשרם. לכן יש בו פחות מלל ומליצות, ויותר — תוכן.

*

פאלניץ איננה בעלת היסטוריה של מאות שנים, כדוגמת עיירות אחרות. תולדותיה מסתכמים בחמישים שנות יישוב יהודי. למרות־זאת זכאית היא להיות מונצחת וראוי לספר על אודותיה בשל השוני שלה וייחודה.

במלוא האובייקטיביות והכנות ייאמר, כי תושבי פאלניץ, אשר הגיעו אליה מכל קצות מדינת פולין, הצטיינו ביוזמה ובתנופה, שהטביעו את חותמם על דמותו של היישוב ותושביו. הן מן המפורסמות הוא, שהיהודים שנאלצו לעקור ממקום־הולדתם וביקשו את אושרם במרחקים, היו במקום מגוריהם החדש האלמנט הדינאמי ביותר.

פאלניץ אינה יכולה להתפאר באישים בעלי שיעור־קומה ששמם יצא לתהילה בקרב יהדות פולין המהוללה. אך גם בין אחינו בני פאלניץ לא יקשה כלל למצוא עסקני ציבור ופעילים, שיכולים לשמש מופת למסירות, נאמנות, יושר וצניעות. אזכיר רק שמות אחדים מהם: הרב פינקלשטיין, איטשה (חתנו של שמואל יואל), אברמטשע גרינברג, יחזקאל ברוך, אביגדור אורטרגר, מנדל מלצר, הרשל גלבטרונק, האחים סולניצקי, חיים אנקרמאן (היה מזכירו של היסטוריון הגיטו עמנואל רינגלבלום) ואחרים.

קו יסודי אחד ציין את החיים הציבוריים בפאלניץ: עסקנינו מעולם לא היו מעורבים או הוכתמו במעשים לא הוגנים. גם בעובדה זו, לדעתי, מתבטא ייחודה של פאלניץ.

פאלניץ היתה מרוחקת מוורשה כ־14 קל"מ (היום היא שייכת לתחום שיפוטה של ורשה רבתי), אף־על־פי־כן לא ויתרה העיירה על עצמאותה. במסגרותיה של העיירה הקטנה „נדחסו" כל הזרמים הפוליטיים שמילאו איזה שהוא תפקיד בחיי יהדות פולין בתקופה שבין שתי מלחמות העולם; בתוך האירגונים והמוסדות הפוליטיים, החברתיים והתרבותיים שפעלו בפאלניץ השתקפו כל המגמות, הזרמים והרעיונות שהסעירו בימים ההם את המדינה כולה.

כמקום־קייט לתושבי וורשה, עברה פאלניץ התפתחות מזורזת החל מראשית המאה הזאת. ביותר השתקפה התפתחות זו ברחוב האנדלובה. ערב פרוץ מלחמת־העולם השנייה מנתה עיירתנו בחודשי החורף כ־2000 משפחות יהודיות, ובחודשי הקייץ — 6000.

האוכלוסיה הנוצרית הקטנה, היתה למעשה חלק בלתי־נפרד של היישוב היהודי שם. רק לאחר הפיכת־מאי בשנת 1926, החלו להתארגן התאגדויות עצמאיות.

קשת רב־גונית זו של חיי ציבור יהודיים, היתה עשירה בדמויות וטיפוסים משלה, שכל אחד מהם יכולה לשמש נושא לפואמה. רק אחדים מהם אזכיר: יאנטל, אלתר המן, לייבישל גלעזר, גיסו של הענעך לעקעך־איטשע מאיר, יוסל סטאשק הזקן, שמואל־הירש השוחט ועוד ועוד.

מובן מאליו, כי כתוצאה של חיים חברתיים־פוליטיים מסועפים כל־כך, רב היה חלקם של הלוחמים הפעילים בחיה הנאצית — הן בעיירה גופא והן בכל החזיתות של המלחמה האנטי־נאצית. וולוול יעלען ומוטקה גולדברג הרגו בקרדומים את הגרמנים, אשר באו לקחתם מתוך ביתם בעת חיסול גיטו פאלניץ; שלמה לייטמאן היה המנ־היג ואחד ממארגניו הראשיים של המרד במחנה ההשמדה סוביבור; חיים („דער שווארצר") וארבעת בניו שרתו בצבא הפולני ובצבא הסובייטי.

בעת חיסול האסירים במנסרה, ניצל ברוך צימליך. (קבר האחים ההמוני לא גודר ולא נשתמר, למרות השתדלו־יותיו של הוועד־המרכזי של יהודי פולין). ממחנות הריכוז ניצלו האחים לעפאק.

רק בתחום אחד לא היתה פאלניץ שונה וייחודית משאר הקהילות — בחורבן שפקד את בית ישראל במדינת פולין בשנות האימים 1939—1944.

*

חורבן־אימים זה הניע אותנו להשקיע את המאמצים החומריים והמוסריים הגדולים ביותר, כדי שספר זה יראה אור ושישקף את תולדות העיירה עד למלחמה, את תקופת החורבן ואת דרך היסורים אותה עברו שרידי־חרב — וכן כדי לחדש את החיים החברתיים במסגרות יוצאי־העיירה בכל מקום שם הם נפוצים. אך כדברי חז"ל שאמרו: לא עליך המלאכה לגמור — ולא אתה בן חורין להבטל ממנה...

שש שנים ארכה המלאכה הקשה של איסוף החומר, „ניפויו" ועיבודו. דרכנו לא היתה סוגה בשושנים. את חילוקי־הדעות שהתעוררו עם עריכת הספר ביקשנו ליי־שב בדרך ידידותית, הוגנת ונכונה. כי רבה היתה האחריות למלה הכתובה והמודפסת.

תודתנו הלבבית נתונה בזה לכל המוסדות והאישים שתרמו להעשרת הספר בתעודות ומחקרים: ל„יד־ושם" בירושלים; למכון ההיסטורי היהודי בוורשה ולמנהלו הפרופ' בר מארק ז"ל ולרעייתו אסתר; ל„ייווא" בניו־יורק; ל„ביבליוטקה־נארודובה" (הספריה־הלאומית) בוור־שה; לאברהם כנעני, עורך המדור העברי של הספר, ואח־רון־אחרון — לעורך הספר דוד שטוקפיש, על היגיעה הרבה ועל... הצרות. יישר־כוחו על תעוזתו ועל הישגיו.

כן שלוחה הכרת־תודתנו העמוקה לאירגוני יוצאי־עיירתנו וליחידים בישראל ובחו"ל על עזרתם החומרית, שאיפשרה הוצאת הספר לאור.

מחובתי לציין, כי על מערכת הספר נמנו החברים: אלי סולניצקי (פאריס), חיים מיודובסקי, אברהם פרידמן וכותב הטורים האלה (בישראל).

בגלל סיבות בלתי־תלויות בוועד־המערכת נאלצנו לערוך את הספר בשני מדורים, באידיש ובעברית, אף־כי בתחילה הנחנו, שהספר יהיה אחד, בשתי השפות.

באמונה ובתקווה, כי מילאנו את שליחותנו — מוסרים אנו את הספר לידי הקורא ולשיפוטם של כל אלה אשר ימצאו עניין בו.

**ט ו ב י ה   ל א ט ו ב י צ ק י**

תל־אביב, אוגוסט (אלול, תשכ"ו) 1967.

# אַ ר יי נ פ י ר ־ וו אָ ר ט

צווישן די פאַראייביקטע הונדערטער יידישע קהילות אין אייראָפּע, וועלכע זענען פאַרשניטן געוואָרן אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג, האָט אויך אונדזער שטעטל באַקומען איר תיקון. „ספר פאַלעניץ‟ וועט געוויס צוטראָגן אַ ציגל צום בנין, וועלכן דער צוקונפטיקער היסטאָריקער און עפּיקער וועלן אויפשטעלן לזכר יענער תקופה. צו אָרעם איז די מענטשלעכע שפּראַך אַרויסצוברענגען אונדזער נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע, הגם ביז איצט זענען שוין דערשינען הונדערטער ביכער אויף דער חורבן־טעמאַטיק.

ווי נאָר ס'האָבן אָפּגעהילכט די לעצטע שאָסן פון צווייטן וועלט־קריג און די שארית־הפליטה האָט אָנגעהויבן באַנייען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, איז די ערשטע זאָרג געווען — ברענגען צום אויסדרוק דאָס פאַרגאַנגענע, שפּרודלדיקע, גייסטרייכע לעבן מיט וועלכן פאַלעניץ האָט זיך אויסגעצייכנט און דערציילן וועגן דעם גרויסן אומגליק און בראָך וואָס האָט אונדז געטראָפן.

טריי דער טראַדיציע פון שטעלן אַ מצבה נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם קרוב, אַזוי האָבן מיר געוואָלט אויפשטעלן אַ קאָלעקטיוון דענקמאָל דעם גאַנצן פאַרשניטענעם שטעטל אין דער פאָרם פון אַ יזכור־בוך — און אַז אַלע פאַלעניצער לאַנדסלייט, וווּ נאָר זיי וועלן זיך נישט געפינען, דאַרפן זיין מיטבאַטייליקט מיט זכרונות, אַרטיקלען, פאַרצייכענונגען. דערפאַר איז קיין איין צוגעשיקטע אַרבעט נישט געפּסלט געוואָרן, זי איז נאָר געשליפן און געלייטערט געוואָרן. אָבער שטענדיק איז דאָרט געבליבן דער „איך‟ פונעם מחבר, זיין פערזענלעכער קוק אויף די באַשריבענע געשעענישן. און מיר זענען צופרידן מיט דער באמת גרויסער צאָל מיטבאַטייליקטע אינעם בוך. ליידער, נישט אַלע וואָס קאָנען האַלטן אַ פעדער אין האַנט, האָבן זיך אָפּגערופן אויף אונדזער הייליקן רוף: ז כ ו ר! דערפאַר קאָן איצט קיינער נישט האָבן קיין טענות, פון ריין געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט, אַז זיין פאַרטיי, גרופּע, קרייז, אָדער נאָענטע פערזענלעכקייטן — זענען נישט ווי געהעריק באַלויכטן געוואָרן אין בוך. ווי האָט דער משורר געשריבן: אם אין אני לי — מי לי...

נישט פּראָפעסיאָנעלע שרייבער האָבן געשריבן פאַר אונדזער ספר, נאָר יידן פון אַ גאַנץ יאָר. איז דאָך אין פאַלעניץ נישט געווען אַפילו קיין מיטלשול... אָבער די וואָס האָבן שוין גענומען די פעדער אין האַנט, האָבן אַרויסגעברענגט אויפן פּאַפּיר פאַקטן און געשעענישן, וועלכע זיי גופא האָבן אַדורכגעלעבט. דערפאַר וואָס ווייניקער מליצות און מערער — תוכן.

*

פאַלעניץ האָט נישט הינטער זיך אַ געשיכטע פון יאָרהונדערטער ווי אַנדערע שטעטלעך. בסך־הכל אַ 50 יאָר יידישער ישוב. דאָך פאַרדינט זי באַשריבן און פאַראייביקט צו ווערן צוליב איר אַ נ ד ע ר ש ק י י ט און ס פ ע צ י פ י ש ק י י ט.

מיט דער פולער אָביעקטיווקייט און ערלעכקייט מעג געזאָגט ווערן, אַז די פאַלעניצער איינוווינער, וועלכע זענען געקומען אַהער פון כמעט גאַנץ פּוילן, האָט כאַראַקטעריזירט אַן אויסערגעוויינלעך אונטערנעמערישער גייסט, וואָס האָט געלייגט דעם חותם אויף דער פאָרמירונג פון ישוב און זיינע איינוווינער. ס'איז דאָך אַ באַוווּסטער פאַקט, אַז די יידן, וואָס האָבן שוין יאָ אויסגעוואַנדערט פון זייערע געבוירן־ערטער און געוואָלט זוכן גליקן ערגעץ־אַנדערש, זענען אויף די נייע מקומות געווען דער סאַמע דינאַמישער עלעמענט.

פאַלעניץ קאָן זיך נישט רימען מיט פערזענלעכקייטן פון גרויסן פאַרנעם, וואָס זאָלן באַשיינען דעם פירמאַמענט פון רומפולן פּוילישן יידנטום. אָבער אויך צווישן די פאַלעניצער אחינו בני ישראל וועט נישט שווער זיין צו געפינען געזעלשאַפטלעכע טוער, אַקטיוויסטן און העוסקים בצרכי ציבור, וועלכע קאָנען דינען אַלס ביישפּיל פון איבערגעגעבנקייט, טריישאַפט, אָרנטלעכקייט און באַשיידנקייט. כ'וועל בלויז אויסרעכענען עטלעכע פון זיי: הרב פינקעלשטיין, איטשע (שמואל יואלס איידעם), אברהמטשע גרינבערג, יחזקאל ברוך, אביגדור אורטרעגער, מענדל מעלצער, הערשל געלבטרונק, די ברידער סאָלניצקי, חיים אַנקערמאַן (געווען סעקרעטאַר פון דעם היסטאָריקער עמנואל רינגעלבלום) און אַנדערע.

איין וויכטיקן הויפּטשטריך האָט פאַרמאָגט דאָס פאַלעניצער געזעלשאַפטלעכע לעבן: אונדזערע טוערס זענען קיינמאָל נישט געווען פאַרמישט אָדער באַשולדיקט אין אומריינע מעשים. דער פאַקט, שיינט מיר, געהערט אויך צו דער אַנדערשקייט פון פאַלעניץ.

פאַלעניץ איז געווען דערווייטערט פון וואַרשע בסך־הכל 14 קילאָמעטער (היינט געהערט עס צום שטח פון גרויס־וואַרשע), פונדעסטוועגן האָט זי נישט מוותר געווען אויף איר זעלבשטענדיקייט. אין די ראַמען פון דעם קליינעם שטעטל, האָבן זיך „אַריינגעקוועטשט‟ אַלע גרופּירונגען וואָס האָבן געשפּילט וועלכע ס'איז ראָל אין יידישן לעבן אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות; אין די פאַרשידענע פּאָליטישע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואָס פאַלעניץ האָט פאַרמאָגט, האָבן זיך אָפּגעשפּילט די טענדענצן, שטימונגען און אידעאַלן, וואָס האָבן געווירקט אין גאַנצן לאַנד.

ווי אַ דאַטשע־אָרט פאַר וואַרשעווער איינוווינער, האָט פאַלעניץ אַדורכגעמאַכט אַ ראַשיקע אַנטוויקלונג פונעם אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט. אַמבולטסטן האָט דאָס געוויזן מיט איר וווּקס די האַנדלאָווע גאַס. ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט פאַלעניץ געציילט אין די ווינטער־חדשים אַ 2000 יידישע משפחות, און אין די זומער־חדשים — 6000.

די קליינע אָרטיקע קריסטלעכע באַפעלקערונג, איז בעצם געווען אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם יידישן ישוב אין פאַלעניץ. ערשט נאָך דער מאַי־איבערקערעניש אין יאָר 1926, האָבן אויף דער פוילישער גאַס זיך אָנגעהויבן שאַפן זעלבשטענדיקע גרופירונגען און אָרגאַניזאַציעס.

דער דאָזיקער פאַרביקער רעגנבויגן פון אַ יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן, האָט אויך פאַרמאָגט זיינע טיפן און געשטאַלטן, וואָס פון יעדן איינעם פון זיי וואָלט זיך געלאָזט אָנשרייבן אַ — פאָעמע. כ׳וועל דערמאָנען בלויז איניקע: יאָנטל, אלתר המן, לייבישל גלעזער, הענעך לעקעכס שוואָגער — איטשע מאיר, דער אַלטער יאָסל סטשעסאַק, שמואל־הערש שוחט און אַנדערע.

ווי אַ נאַטירלעכער פועל־יוצא פון אַזאַ פאַרצווייגט געזעלשאַפטלעך־פאָליטיש לעבן, איז געווען אָנזעעוודיק דער אָנטייל פון אַקטיווע קעמפער קעגן דער נאַצי־בעסטיע — סיי אין שטעטל גופא, סיי אויף אַלע פראָנטן פון אַנטי־היטלעריסטישן קאַמף. וועלוול יעלען און מאָטקע גאָלדבערג האָבן מיט העק דערהרגעט די דייטשן, וועלכע זענען געקומען זיי אַרויסנעמען פון שטוב בעת דער ליקווידאַציע פון פאַלעניצער געטאָ; שלמה לייטמאַן איז געווען איינער פון די הויפט־אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פונעם אויפשטאַנד אין טויטן־לאַגער סאָביבאָר; דער שוואַרצער חיים מיט זיינע פיר זין האָבן געדינט אין פוילישן מיליטער און אין דער סאָוויעטישער אַרמיי.

בעת דער ליקווידאַציע פון די אסירים אין טאַרטאַק האָט זיך אָפגעראַטעוועט ברוך צימליך (דער מאַסן־קבר איז נישט געוואָרן אַרומגעצוימט און פאַרהיטן, הגם מצד דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פוילן איז אַזאַ פרווו יאָ געמאַכט געוואָרן). פון די קאַצעטן האָבן זיך אָפגעראַטעוועט די ברידער לעפאַק.

בלויז אויף איין געביט איז פאַלעניץ נישט געווען אַנדערש — דער חורבן וואָס האָט געטראָפן דאָס פוילישע יידנטום אין די יאָרן 1939—1944.

*

אָט טאַקע דער שרעקלעכער חורבן האָט אונדז באַוויגן צו די גרעסטע מאָראַלישע און מאַטעריעלע אָנשטרענגונגען, כדי „ספר פאַלעניץ” זאָל דערזען די ליכטיקע שיין און אָפשפיגלען די געשיכטע פון שטעטל ביז קריג, די חורבן־תקופה, דעם דערנער־וועג פון די ניצולים — פונקט ווי די מי צו באַנייען צוריק די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין דער פאָרם פון לאַנדסמאַנשאַפטן אומעטום, וווּ עס געפינען זיך נאָך פאַלעניצער. דערמאָנען דאָך די חז״ל אין פרקי אבות: לא עליך המלאכה לגמור — ולא אתה בן־חורין להבטל ממנה...

זעקס יאָר האָט געדויערט די שווערע מי פון זאַמלען, איבערקלויבן, און באַאַרבעטן דעם מאַטעריאַל. אונדזער וועג איז נישט געווען באַצירט מיט בלומען. די מיינונגס־פאַרשידנהייטן האָט מען פרובירט רעגולירן אויף אַ קאָרעקטן, פריינדלעכן און פרידלעכן אופן, ווייל גרויס איז געווען די אחריות פאַרן געשריבענעם און געדרוקטן וואָרט.

אַ האַרציקן דאַנק די אינסטיטוציעס און פערזאָנען וואָס האָבן געגעבן זייער ביישטייער צו באַרייכערן אונדזער בוך, ווי: „יד ושם” אין ירושלים; דעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע און זיין דירעקטאָר, פראָפ׳ בער מאַרק ז״ל מיט דער פרוי אסתר; דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק; דער „ביבליאָטעקאַ נאַראָדאָוואַ” (נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק) אין וואַרשע; דעם רעדאַקטאָר פון עברית־טייל, דעם שרייבער אברהם כנעני; און אחרון אחרון — דעם רעדאַקטאָר פון בוך דוד שטאָקפיש, פאַר דער מי און... צרות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין. אַ יישר־כוח אים פאַרן וואַגן און דערגרייכן.

אַ באַזונדערע אָנערקענונג אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן און יחידים אין לאַנד און אין אויסלאַנד פאַר זייער מאַטעריעלער הילף, וואָס האָט דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פון אונדזער בוך.

איך האַלט פאַר מיין חוב אונטערצושטרייכן, אַז צום רעדאַקציע־קאָלעגיום האָבן געהערט די חברים אלי סאָלניצקי (פאַריז), חיים מיאָדאָווסקי, אברהם פרידמאַן און דער שרייבער פון די שורות (אין ישראל).

צוליב סיבות אומאָפהענגיקע פונעם רעדאַקציע־קאָמיטעט און פון רעדאַקטאָר, האָבן מיר דעם ספר געמוזט אָפדרוקן אין צוויי באַזונדערע טיילן, אין יידיש און אין עברית, הגם די קאָנצעפציע איז געווען — אַן איינהייטלעך בוך, אין ביידע שפראַכן.

מיט דער האָפענונג און גלויבן, אַז אונדזער שליחות האָבן מיר דערפילט — גיבן מיר איבער דאָס בוך צום לייענער און משפט די אַלע, וואָס וועלן געפינען אין דעם אַן אינטערעס.

טוביה לאַטאָוויצקי

תל־אביב, אויגוסט 1966.

# צו דער געשיכטע פון פאלעניץ

(פון די מאַטעריאַלן וואָס זענען צוגעשטעלט געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק אין וואַרשע)

**פאַלעניץ (21 ק״מ). אַ שטעטעלע פון 8000 איינוווינער, אויסער דעם אַ דאַטשע־אָרט מיט אַ פרעקווענץ פון 6000 דאַטשניקעס יעדעס יאָר. נאָוואָטניס אַ גלאָז־הוטע (קאָלירטע גלאָז)!**

(מ. אָרלאָוויטש: אילוסטרירטער מדריך איבער וואַרשע און אומגעגנט וואַרשע, 1937, ז׳ 134).

*

**פאַלעניץ. פון וואַרשע — 18 ק״מ. ביי דער קליינבאַן געפונען מיר זאַמדיקע שטחים, כמעט אינגאַנצן באַדעקטע מיט אַ יונג סאָסנע־וועלדל, ווו עס זענען פאַראַן גרויסע רחבותן, געדיכט באַוואָקסענע מיט ווזשאָס. די פאַונע איז, פאַרשטייט זיך, נישט קיין רייכע, עס זענען כדאי נאָר הערפעטאָלאָגישע זוכונגען (אַ גרויסע צאָל פלינקע יאַשטשערקעס), ווי אויך ענטאָמאָלאָגישע, ספּעציעל פון די פעלד־פערדלעך (איבערהויפט אַקרידיידאע און גריללידאע). רעכטס פון דער סטאַציע, אין אַ מרחק פון פיל־ווייניק 1,5 ק״מ פון דער ווייסל, איז פאַראַן אַ נישט גרויס וועלדל, און אין זיינע זאַמדן זענען פאַראַן פיל לאַוורעס. לעבן דעם וועלדל געפינט זיך אַ קורצער, ברייטער ריוו, אַ נישט גרויס וואַסערל און עטלעכע קליינע סטאַוון.**

**די דאָזיקע זאַמלונגען זענען זייער אינטערעסאַנטע, ווייל מיר האָבן אין זיי גרויסע צאָלן הידרע, אַ מאַסע טאָטשקעס, פיל ווירקעס, טאָפּיעלניצעס, טאַפּיקס, גרויסע צאָלן פיאַווקעס, אַ סך מיענטשאקעס און צום סוף — קיאנקעס. דער צוגאַנג צום ריוו און צו די קליינע סטאַוון, וועלכע ליגן אויף פאַסן, איז אַ זייער לייכטער.**

(סט. מ. סומינסקי און ש. טענענבאום — זאָאָלאָגישער מדריך איבער די געגנט פון וואַרשע. וואַרשע 1921, ז׳ 59)

*

**...ביים אַנטוויקלען די פאַראַנענע זידלונגען און ביים פּראָיעקטירן נייע, דאַרף מען באַריקזיכטיקן די איזאָלאַציע פון די וויכטיקסטע אַרטעריעס: זיי דאַרפן נישט זיין באַלעסטיקט מיט דער לאָקאַלער באַוועגונג, אויך נישט איבער־געבויט. די שטחים פון די זידלונגען דאַרפן זיין באַצייכנט אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן נישט זיין איבערגעשניטן מיט די הויפּט קאָמוניקאַציע־אַרטעריעס.**

**דער פּרינציפּ פון אויפשטעלן ישובים אין פאַסן, איז אַ ריכטיקער און לגמרי אַ נישט־טעאָרעטישער. דאָס באַווייזן די פאַסן־צונויפשטעלונג פון אַ ריי ישובים לענגאויס דער ווינער ליניע (וולאָכי, פיאַסטוּוו, פּרושקוּוו, ברווינוּוו, גראָדזשיסק אַאַז״וו), לעמבערגער ליניע (וואַווער, מיענדזילעשיע, פאַלעניץ, יוזעפוּוו, שווי־דער, אָטוואָצק אדג״ל) און אַנדערע.**

(סטאַניסלאַוו רוזשאַנסקי — פּראָבלעמען פון אַנטוויקלען וואַרשע און איר ראַיאָן — וואַרשע, 1935, ז׳ 29).

# דער בראשית פון שטעטל

מרדכי בן־גל (ווענגעל)
חיפה

ווענן דער אַנטשטייאונג פון פּאַלעניץ און אירע ערשטע איינוווינער, האָב איך געהערט דערציילן פון ר׳ שמואל־אליעזר שעדלעצקי, וועלכער געפינט זיך אין ישראל פון יאָר 1932. פון זיין סיפּור באַקומט זיך, אַז די גרינדער פון אונדזער שטעטל זענען געוועזן יידן פון שכנותדיקן ישוב וויאַנזאָוונע, וועלכער איז געלעגן אויפן וועג וואַרשע־לובלין. ומעשה שהיה כך היה:

אין יאָר 1905, האָט אין וויאַנזאָוונע זיך געפונען אַ קליינע יידישע קהילה, וועלכע האָט געפירט אַ פאַרהעלטניסמעסיק שטיל און רואיק לעבן. מיט אַמאָל האָבן די אָרטיקע יידן באַמערקט, אַז זייערע קריסטלעכע שכנים סודען זיך עפּעס צופיל און הייבן אָן זיך דערווייטערן פון זיי. ס׳האָט נישט גענומען קיין סך טעג און איניקע בעלי־בתים האָט מען אַרעסטירט. איז געוואָרן אַ פּאַניק — און אַ דעלעגאַציע פון עטלעכע שיינע יידן איז אַוועק צום רבין קיין פּוריסאָוו פרעגן אַן עצה. האָט דער רבי באַפוילן, אַז ווי נאָר די דעלעגאַציע וועט צוריק קומען קיין וויאַנזאָוונע, אַפילו ס׳וועט שוין זיין שבת, זאָלן זיי אויף גאָרנישט קוקן און מיט כוח באַפרייען די אַרעסטירטע יידן.

אַז די משלחת האָט זיך אומגעקערט אַהיים, האָבן זיי צונויפגערופן די יידישע איינוווינער פון שטעטל און איבערגעגעבן דעם רבינס רייד. יידן וואָס האָבן געקענט הייבן אַ האַנט און אַפילו די שוואַכע, האָבן גערן זיך אונטערגענומען אויסצופירן דעם פּוריסאָווערס פאַרלאַנג. די אַרעסטירטע יידן האָט מען באַפרייט און זייער קריסטלעכער וועכטער איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די יידן, ביז ער האָט דערציילט ווער עס זענען געוועזן די הויפּט־העצער און איניציאַטאָרן צו פאַרשפּאַרן עטלעכע יידן הינטער די קראַטן. דאָס וויכטיקסטע אָבער וואָס דער קריסט האָט איבערגעגעבן, אַז בעצם גרייטן די פּאָליאַקן אַ פּאָגראָם אין שטעטל און דאָס סודען זיך, ווי דער אַרעסט, האָבן באַדאַרפט בלויז צוגרייטן דעם באָדן פאַר אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען. וויאַנזאָוונער יידן האָבן לאַנג



רחוב האַנדלובה בפאַלניץ (1940)

די האַנדלאָווע גאַס אין פאַלעניץ (1940)

ניִשט געטראַכט און צונויפגעשטעלט אַ זעלבשוץ, וועלכע האָט נישט געוואָרט ביז די אַנטיסעמיטן וועלן זיך נעמען פּאָגראָמירן, נאָר אַליין געמאַכט דעם חשבון מיט די העצערס, אַז זיי האָבן שוין פאַרזאָגט אַוודאי אַ צענטן נישט אַנצוהייבן מיט די יידן פון וויִאַנזאָוונע...

גראָד אין יענער צייט האָט דער פּריץ האַנעסמאַן אָנגעהויבן פאַרקויפן חלקים באָדן אין פאַלעניץ און וויאַנזאָוונער יידן האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט, כדי זיך איבערקלויבן אין דעם נייעם אָרט, ווו קיין פּאָגראָם־שטימונג איז נישטאָ.

אַזאַ איז דער אָנהייב פון אונדזער שטעטל, וועמענס ערשטע איינוווינער שטאַמען פון וויאַנזאָוונע, און שפּעטער — געקומענע פון אַנדערע ערטער.

# אַ שטעטל – אַ שם־דבר

שלמה אדיבי (שלאַמעק פרידמאַן)
ניו־יאָרק

שווער צו גלויבן, אַז דאָס שטעטל פון וועלכן כ׳האָב באַקומען מיין יניקה; ווו יעדעס שטיינדל און זעמדיל איז מיר געווען אַזוי היימיש, נאָענט און קענטלעך; ווו יעדער בוים און הייזקע איז געווען מיינע, זינט כ׳בין געקומען צו מיין שכל; ווו יעדער יידישער איינוווינער איז מיר געווען אַ ברודער און אַ שוועסטער — אַז וועגן דעם דאָזיקן שטעטל זאָל איך היינט דאַרפן זיצן און שרייבן געשיכטע פאַר צוקונפטיקע דורות, זכרונות פון מיין פאַלעניץ, ווו אַלץ ליגט צעטראָטן און חרוב, ווו כמעט אַלע מיינע שוועסטער און ברידער זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די רוצחישע הענט.

מיין שטעטל פאַלעניץ האָט נישט עקזיסטירט בלויז פאַר אירע איינוווינער, נאָר געווען באַקאַנט אין גאַנצן יידישן פּוילן. פאַלעניץ איז געווען אַ שם־דבר אַלס ספּעציפיש יידיש דאַטשע־אָרט, ווו טויזנטער יידן האָבן פאַרברענגט זייער זומער־אורלויב.

וויפל טראַגעדיעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין יידישע הייזער אין וואַרשע, ווען מאַמעס און טעכטער האָבן אויסגעוויינט ביי די משפּחה־עלטסטע און ענדלעך אויסגעפּועלט, אַז מען זאָל דינגען אַ דאַטשע אין פאַלעניץ. און מיט אַ וואָסער פרייד זענען זיי נאָך שבועות אַריינגעפאָרן אין שטעטל. די הויכע וועגענער, אָנגעלאָדן מיט שטוב־זאַכן, זענען אַדורכגעפאָרן די האַנד־לאָוועג־גאַס און מיט אַמאָל פאַרשוווּנדן אין אַ זייטיק געסל, דאָרט ווו ס׳האָט אויף זיי געוואַרט די געדונגענע ווילע.

פאַלעניץ איז נישט געווען קיין דאַטשע־אָרט פון בלויזער עולם־הזה. מחמת דער רוב יידישע דאַטשניקעס זענען באַשטאַנען פון פרומע יידן, חסידים און רביים — איז מען דאָ געווען אויך אַדורכגענומען מיט עולם־הבא. אויב פון איין ווילע האָט זיך געטראָגן דאָס קול פון אַ פאַטעפאָן מיט מאָדערנע מעלאָדיעס, האָט מען פון אַן אַנדערער ווילע געהערט לערנען תורה, חסידישע ניגונים, רביישע מעשהלעך און תפילות.

פאַלעניץ איז אויך געווען דאָס איינציק־באַליבטע זומער־אָרט פאַרן פּשוטן וואַרשעווער פאָלקס־מענטש, וועלכער איז געקומען אַהער זיך אָפּרוען נאָך דעם שווערן, פוילישן ווינטער. די דאָזיקע עמך־יידן האָט זיך לייכטער איבערגעטראָגן זייערע טעג און נעכט אין די ענגע וווינונגען אין וואַרשע, בעת די שווערע ווינטער־חדשים, וויסנדיק, אַז זומער־לעב וועט מען אַ שטיקל צייט פאַרברענגען אין דער וואַלדיקער פאַלעניץ, דער־קוויקן זיך מיט אונדזער לופט. דאָ, אין פאַלעניץ, האָבן אַלע אָן אויסנאַם דאַטשניקעס זיך געפילט גוט, היימיש און געווען אין אייגענער סביבה.

פאַר די חסידישע יידן איז פאַלעניץ געווען אַן ארץ־ישראל בזעיר דאנפין. דאָ האָבן זיי שפּאַצירט אין די גאַסן מיט די קאַפּעלעך אויף די קעפּ, מיט אָפענע רעקלעך, פון וועלכע ס׳האָבן זיך אַפּירגעזען די טלית־קטנס מיט די לאַנגע ציצית, און ביי די ראַדזינער חסידים — געמישט מיט תכלת...

אין פאַלעניץ האָבן פאַרברענגט אין די זומער־חדשים רביים, גדולי־התורה פון פאַרשידענע דינאַס־טיעס. דאָ זענען פאַרגעקומען חסידישע באַראַטונגען ערב סיום־וואַלן, אַדער ערב קהילה־וואַלן. דאָ האָט דער אַלטער גערער רבי ז״ל געפּייערט דעם ברית פון זיין בן־זקונים. דאָ זענען געשלאָסן געוואָרן באַרימטע שידו־כים צווישן רבנישע הייף, אַהער זענען געקומען צו זייערע רביים חסידים פון אַלע עקן פוילן, כדי פרעגן אַן עצה אַדער באַקומען אַ ברכה.

אַן אַנדערער טיפּ דאַטשניק איז געווען דער פּאָלקס־מענטש — דער קליינהענדלער, בעל־מלאכה און אַרבע־טער. זיי האָבן אַליין געוואָלט לעבן — און אויך אַנדערע פאַרגינען. די קרעמער און ווילדעס־באַזיצער אין פּאַלעניץ האָבן גערן געהאַט די דאָזיקע פּשוטע יידן, וועלכע האָבן ווייניק זיך געדונגען און נאָך ווייני־קער — אַנגעזעצט... דער רוב פּאַלעניצער יידן האָבן אַלע זייערע האָפענונגען און... וועקסלען אויסגעשטעלט אויף די עטלעכע זומער־חדשים. דאָס איז געווען דער וויכטיקסטער מקור פון פרנסה. ווייל אויסער דעם טאַרטאַק, זענען אין פּאַלעניץ נישט געווען קיין גרע־סערע אונטערנעמונגען.

אַ גרויסער טייל פּאַלעניצער האָבן געאַרבעט אין יידישע וואַרשטאַטן אין וואַרשע אָדער פּראַגע. יעדן טאָג זענען זיי געפאָרן מיט דער קליינבאַן (קאָלייקע) צו און פון דער אַרבעט. אַ טייל פלעגט אַהיימקומען נאָר אויף שבת, כדי שפּאָרן הוצאות. אין שטעטל האָבן זיך געפונען א. ג. כאַלופּניקעס, וועלכע האָבן אין זייערע היימען אויסגעאַרבעט פאַרשידענע סחורות און זיי פאַרקויפט אין די געשעפטן און פאַבריקלעך אין וואַרשע.

פּאַלעניץ האָט אויך פאַרמאָגט אירע... אָרעמעלייט. נאָר בכבודיקע, נישט אַזעלכע וואָס זענען אַרומגעגאַנגען בעטלען. דאָס האָט אַרויסגערופן די נויטווענדיקייט צו גרינדן אַ געזעלשאַפט „מתן בסתר" און אַ גמילות־חסדים קאַסע.

דאָס שטעטל איז אויך געווען געבענטשט מיט אַן אינטעליגענטער און קולטורעלער יוגנט. אַלע אָרגאַ־ניזאַציעס — פון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס — האָבן געהאַט זייער קיום אין פּאַלעניץ. ס'איז געפירט געוואָרן אַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־טעטי־קייט מיט אייגענע און צוגעפאַרענע כוחות. ביבליאָטעקן, קאָנצערטן, פייערונגען, פאַרשידענע אימפּרעזן — זענען געווען אַ קליינער טייל פון דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס איז געפירט געוואָרן מיט שווונג און פאַרנעם. אויך ספּאָרט־קלובן האָבן מיר פאַרמאָגט. און דאָס אַלץ — באַגלייט מיט פּאָליטישע רייבונגען און שאַרפע מיינונגס־פאַרשידנהייטן. נאָר ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין פּאַרטיידיקן יידישע רעכט און דעם יידישן כבוד, האָט זיך געשאַפן נאַציאָנאַלע אַחדות און אַלעמען האָט באַהערשט אַ געפיל פון סאָלידאַריטעט.

אַ באַזונדער וויכטיקע ראָל אין יידישן לעבן אין שטעטל האָט געשפּילט די קהילה. מיין פאָטער, ר' חיים־יוסף פרידמאַן ע"ה, האָט געהאַט דעם כבוד אויסגע־



חבר ועד הקהילה היהודית — חיים יוסף פרידמן ז"ל
דאָזאָר פון דער יידישער קהילה — חיים יוסף פרידמאַן ז"ל

ווילט צו ווערן אַלס ראש־הקהל. ער איז געווען באַקאַנט מיט זיין פּשוטקייט און עניוות, פאַרנאַכלעסיקט אַלע זיינע פּריוואַטע ענינים — אין געשעפט ווי אין דער היים, ווייל ר'איז בלב ונפש געווען איבערגעגעבן דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. צוזאַמען מיט די אַנדערע שליחי־ציבור, האָט אים באַהערשט איין פאַרלאַנג: ווי אַזוי פאַרבעסערן און פאַרלייכטערן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון די פּאַלעניצער תושבים.

דאָס אַלץ איז אַוועק... איבער די פּאַלעניצער גאַסן און געסלעך שפּאַצירן נישט מער אונדזערע פרומע, ערלעכע טאַטעס און מאַמעס, אונדזער טייערע יוגנט, יידישע קינדערלעך שפּילן זיך נישט מער אין זאַמד און אין שטיינדלעך. נישטאָ מער די חדרים און שולן,

די בתי־מדרשים מיט זייערע הייליקע ספרים, פאַר־שוווּנדן זענען די ייִדישע ביכער און די ביבליאָטעקן, עס זענען זיך נישט מער קיין ייִדישע שילדן אויף די קראָמען און וואַרשטאַטן און קיין סימן פון די אויפ־שריפטן „כשר" ביי די פּענסיאָנאַטן. פּוסט זענען די ייִדישע ווילֿלעס, אויף אייביק זענען פאַרשטומט געוואָרן די ניגונים פון תורה, חסידישע מעלאָדיעס און פאָלקס־לידער.

נישטאָ מער די ייִדישע פאַלעניץ.

יתגדל ויתקדש...

# פאַלעניץ אין מיין זכרון

חייהטשע גורפינקל
בריסעל

איך האָב פאַרלאָזט אונדזער היימשטעטל מיט 40 יאָר צוריק — אין יאָר 1923. אָבער דאָס בילד פון פאַלעניץ איז טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון און די איינוווינער שטייען מיר נאָך איצט פאַר די אויגן, גלייך אַלץ האָט דאָרט פּאַסירט ערשט נעכטן...

### דער אָנהייב

איך מיין, אַז פאַלעניץ איז אַנטשטאַנען אין די לעצטע יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אַ דאַנק דער באַן־סטאַציע וואָס איז דאָרט אויפגעבויט געוואָרן. די געגנט אַרום איז געווען אַ וואַלדיקע, זי האָט געהערט צום פּריץ האַנעמאַן. ער האָט אויסגעבויט אַ באַזאַר מיט עטלעכע געביידעס אַרום. אויסער דעם זענען דאָרט געווען צעוואָרפן עטלעכע ווילֿלעס. אַ דאַנק דער נאָענטקייט פון וואַרשע, האָט דאָס אָרט זיך אָנגעהויבן שנעל אַנטוויקלען.

מיין זיידע, דער אַלטער ר' ישראל־יצחק, איז מיט זיינע קינדער אוודאי געווען איינער פון די ערשטע — אויב נישט דער ערשטער — פאַלעניצער איינוווינער. גערופן האָט מען אים „דער אַלטער", כדי אונטערצו־שיידן פון נאָך אַ ישראל־יצחק, וואָס האָט געוווינט אין שטעטל. אויך יענער האָט געהייסן מנחם. נאָר ווי אין אַלע שטעטלעך, האָט מען אויך ביי אונדז זיך ווייניק גערעכנט מיט די פאַמיליע־נעמען. דער עיקר האָט מען זיך באַנוצט מיט די פאַרנעמען און נאָך אָפטער — מיט צונעמען... די עטלעכע ייִדישע משפחות האָבן געלעבט פון האַנדל, ממש זיך איינגעטיילט מיט די פּרנסות: מיין זיידע האָט געהאַט אַ שפּייז־קראָם, מיין פאָטער יאַנקל קאַמיאָנקאָווסקי (יאַנקל שניט־סוחר) האָט געהאַט אַ שניט־געשעפט און דער גביר פון שטעטל, זעליק־משה זאַלעסקי, האָט געהאַט אַ סקלאַד פון האָלץ. געווען אויך אַ בעקער, אַ קצב, אַ שוחט, אַ גאַלאַנטעריע־סוחר, אַ שפּיליטער, אַ פורמאַן.

געלעבט האָבן די ייִדן פון... זומער. אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער דאַטשע־סעזאָן, מיטן באַוויזן זיך פון די ערשטע לעטניקעס, זענען באַלד דערשינען ייִדן פון די אַרומיקע ערטער, וועלכע האָבן געהאַנדלט מיט עופות, אייער, פּוטער, גרינוואַרג, פּרוכטן. זיי פלעגן שטיין אויפן באַזאַר, אָדער אַרומלויפן מיט די קוישן און אויפן גאַס און ביי די ווילֿלעס רייסן זיך איבער אַ קונה, שרייען, פּילדערן און... עפּעס פאַרקויפן. מיטן פאַרענדיקן זיך פונעם דאַטשע־סעזאָן, זענען זיי צוריק־געפאָרן אַהיים.

### אַלגעמיינער וווקס

דאָס שטעטל אַנטוויקלט זיך. עס קומען צו נייע איינוווינער — בעלי־מלאכות און הענדלער. די קינ־דערלעך וואַקסן אונטער. מען ברענגט אַראָפּ עטלעכע מלמדים. די רעגירונג עפנט אויף אַ פאָלקס־שול און בויט אויס די שמאָלע באַן־ליניע, די אַ. ג. קאָלייקע, וואָס האָט פאַרבינדן פאַלעניץ מיט דער הויפּטשטאָט.

אין שטעטל באַזעצט זיך אויך די משפחה פון יאַנ־קל־שלום גורפינקעל — מיט זין, טעכטער און איי־דעם בעריש ליבערמאַן. פאַראַן שוין אייניקלעך אין דער משפחה. מ'רופט זיי די בני יעקב שלומס. זיי פאַרמאָגן פיל ענערגיע, איניציאַטיוו און פירן ממש אַדורך אַן איבערקערעניש אין שטעטל. זיי אָבער פאַרמעסטן זיך אויף אַלץ און אַלעמען, קאָנקורירן מיט די אַלט־איינגעזעסענע. אין שטעטל ברעכט אויס אַ מלחמה, עס שאַפן זיך צוויי לאַגערן. דער פאַקט וואָס ביידע צדדים געהערן צו באַזונדערע רבנישע הייף, פאַרשאַרפט נאָך מער די מלחמה. דאָס מאָל — צוליב אַ רב. אין צד ברענגט אַראָפּ אַ קאַזשיאָנעם

רב, און דער צווייטער צד — אַן אַנדערן רב. אין שטעטל קאָכט זיך, עס דערגייט אַפילו צו פּעטש...

פּאַלעניץ צעוואַקסט זיך. דער פּריץ הייבט אָן פאַר־קויפן באַדן־פּאַרצעלן ארום דער באַן־סטאַציע. עס ווערט אַ געכאַפּ. עס קויפן די אַלטע פּאַלעניצער תושבים, עס קויפן יידן פון די אַרומיקע ערטער. מען קויפט, פאַרקויפט, מ׳קויפט אויס און מען מעקלט. דער האַנדל און שפּעקולאַציע בליט — ווי אויף אַ בערזע. יידן הייבן אָן בויען ווילעס, עס אַנטשטייען געשעפטן און עס וואַקסט אויס דער פּאַלעניצער האַנדלס־צענטער — די האַנדלאָווע גאַס.

גלייכצייטיק אַנטוויקלט זיך אויך אַ געזעלשאַפטלעך לעבן. מען בויט אויס אַ שול, אַ מקווה, עס שאַפט זיך אַ לייַ־קאַסע און אַנדערע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. צוויי פּריוואַטע יידישע שולן גיבן בילדונג די יידישע קינדער. איינע פון זיי — מיט העברעיש אַלס אונטעריכט, פאַר יינגלעך. די צווייטע, פאַר מיידלעך — מיט רוסיש אַלס אונטעריכט, ווערט אָנגעפירט פון דער פאַמיליע אַקראַנאָווסקי, אַן אינטעליגענטע יידיש־רוסישע משפחה, אַדורכגעדרונגען מיט אידעאַלן פון סאָציאַלן יושר. דעם דאָזיקן גייסט ברענגען זיי אַריין אין דער שול. אויסער דעם, האָט מען דאָרט געלערנט יידישע געשיכטע, ליטעראַטור און אַלגעמיינע לימודים.

## אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

אַזוי האָט דאָס שטעטל געמאַכט פאָרשריט ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די ערשטע שאָסן אויף די שלאַכט־פעלדער האָבן באַלד אונטערגעבראָכן די עקזיסטענץ פון שטעטל. די זעלבע באַן־סטאַציע וואָס האָט אַזוי געהאָלפן צו דער אַנטוויקלונג — איז איצט געוואָרן אַ פּלאָג פאַר פּאַלעניץ. ווי נאָר עס שטעלט זיך אָפּ אַ צוג מיט זעלנער, לאָזן זיי זיך איבערן שטעטל ראַבירן, שלאָגן, הרגענען, זיי וואַרפן אַן אַן אימה אויף דער יידישער באַפעלקערונג.

דער פראָנט דערנענטערט זיך. עס פאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען, אַז די רוסן האַלטן ביים אָפּטרעטן, זיי װעלן אונטער־צינדן דאָס שטעטל בעתן ריקצוג. יידן פאַרלאָזן די היימען, האָב־און־גוטס ווערט געלאָזן אויף הפקר. און די וואָס בלייבן, פאַרשטעקן זיך אין די הייזער מ׳זאָל זיי נישט זען.

מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשן, אָטעמט מען אַ ביסל אָפּ — אָבער נישט אויף לאַנג. וויל דער הונגער און נויט לאָזן זיך איצט גוט פילן. די דייטשן פּלינדערן אויס גאַנץ פּוילן. די איינציקע באַשעפטיקונג איצט — דער שמוגל, מיט וועלכן ס׳פאַרנעמט זיך יונג און אַלט. און ווער עס איז נישט פעיק בײַ דער מלאכה — דעם איז טאַקע ביטער. אַדאַנק אָבער דעם שמוגל, קומט אונדזער יוגנט אין קאָנטאַקט מיט דער יוגנט פון אַנדערע ערטער — און זיי ווערן אָנגעשטעקט מיטן גייסט פון פרייהייט און געזעלשאַפטלעכער דערוואַכונג, ברענגענדיק דאָס אַלץ קיין פּאַלעניץ.

עטלעכע יוגנטלעכע שאַפן אַ קולטור־פאַראיין. אויך אַ ביבליאָטעק. דער דורשט צו לייענען א בוך איז גרויס. מען רייסט ממש די ביכער פון די הענט. יעדעס ניי בוך איז אַ געשעעניש, אַ טעמע פאַר ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס און געשפּרעכן. מען לייענט, מען פירט וויכוחים, מען זינגט רעוואָלוציאָנערע לידער. דערביי אָבער זענען די קאָנפליקטן און צוזאַמענשטויסן מיט די פרומע עלטערן זייער שאַרפע און אָפטע. נישט איינמאָל קומט אַ מאַמע צו לויפן אין פאַראיין און שרייט: „גיט מיר אָפּ מיין קינד!“... די יוגנט איז אָבער פול מיט ענטוזיאַזם, זי רייסט זיך צו אַ ניי לעבן. די טעטיקייט ברייטערט זיך אויס. עס ווערט געשאַפן אַ דראַמאַטישער קרייז און כאָר.

און דאָס אַלץ — אויפן פאָן פון אַ שווערער עקאָנאָמישער לאַגע אין שטעטל. אויסער דעם הונגער און נויט, קומט צו — דער טיפוס. כמעט אַ האַלב שטעטל איז קראַנק אויף דער געפערלעכער מחלה.

## מיט פּוילנס אומאָפּהענגיקייט

מיטן פראָקלאַמירן פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, ווערט די לאַגע פון די יידן נאָך ערגער. עס דערמאָנט זיך, אַז גלייך נאָך דער אַנטשטייאונג פון נייעם פּוילן, האָט דער רעגירונגס־פאַרשטייער אין פּאַלעניץ באַפוילן צונויפרופן די יידישע איינוווינער און פאַר זיי געהאַלטן אַזאַ רעדע:

— יידן! זייט וויסן, אַז איצט זענען מיר, פּאָליאַקן, ביי דער מאַכט. איר זאָלט גוט היטן אונדזערע געזעצן, אַז נישט — וועט זיין אַך־און־ווי צו אייך...

קלאָר, אַז נאָך אַזאַ רעדע, איז די יידן נישט געווען היימלעך.

דער אויסברוך פון דער פּויליש־באָלשעוויסטישער

מלחמה אין יאָר 1920, האָט אינגאַנצן דערשלאָגן דאָס שטעטל. ווידער זענען פון דער באַן־סטאַציע געקומען זעלנער, דאָס מאָל — מיט די אָדלערס אויף די היטלען, באַפאַלן יידן, זיי דערנידעריקט, געפּייניקט און גערויבט.

דער פראָנט דערנעענטערט זיך. די יידן באַקומען אַ באַפעל צו פאַרלאָזן פּאַלעניץ. די יונגע מענער ווערן מאָביליזירט, אַ טייל זענען אַנטלאָפן. פרויען מיט קינדער אויף די הענט שלעפּן זייער ביסל אָרעמקייט צו דער קאָלייקע — דאָס איינציקע קאָמוניקאַציע־מיטל צו פאַרלאָזן דאָס באַדראָטע שטעטל.

אַז די מלחמה פאַרענדיקט זיך מיטן „נס אויף דער ווייסל“, קערן זיך יידן צוריק אין זייערע פריערדיקע וווינערטער. זיי טרעפן אָבער דאָ חורבות. די היימען — צעבראָכן, די זאַכן — צעראַבירט. שווער געווען צוריק אָנהייבן פון דאָס ניי, מ׳איז אָבער צופרידן, וואָס ענדלעך האָט אויפגעהערט דער נע־ונד און מען געפינט זיך ווידער צווישן אייגענע.

פון דער אַקטיווער און פּאָליטיש־רייפער יוגנט, האָט זיך ווייניק אומגעקערט קיין פּאַלעניץ. ס׳איז דערווייל אונטערגעוואַקסן אַ נייער דור יוגנט, וואָס טראָץ די באַדינגונגען פון מלחמה און נויט, איז ער געווען ענטוזיאַסטיש, מיט אַ סך קאַמפס־גייסט און זוכענישן צו אָרגאַניזירן זיך און ברענגען צום אויסדרוק זיינע געפילן און שטרעבונגען.

אין יענער צייט קומען קיין פּאַלעניץ צוויי בונדיסטן פון קאַלושין: שלמה וויעלאָנדעק, אַ פריזירער און מאיר רינג — אַ זייגערמאַכער. אַרום זיי גרופּירט זיך דער בעסערער טייל פון דער יוגנט. דער פריזיר־אַנשטאַלט פון שלמהן ווערט דער זאַמלפּונקט. דאָרט קומען פאָר שמועסן און דיסקוסיעס. מ׳באַהאַנדלט אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטישע פראַגן. צוזאַמען מיט דוד גורפינקעל געלונגט אויפצושטעלן אַן אָרגאַניזאַציע, די טעטיקייט פון קולטור־פאַראיין ווערט באַנייט.

אין יאָר 1922 פאַרלאָזן די דריי אויבנדערמאָנטע חברים פּאַלעניץ, זיי פאָרן בכלל אַוועק פון פּוילן. די אָרגאַניזאַציע אַנטוויקלט זיך אָבער ראַשיק. דאָס וואָס זיי האָבן פאַרזייעט — גיט פרוכט. אַלע אַרבעטער־עלעמענטן פון שטעטל שטראָמען אין דער אָרגאַניזאַציע. די פאָרשטעלונגען פון באַנייטן דראַמאַטישן קרייז אין דער פייערלעשער־שאָפּע, ווערן באַזוכט דורך יונג און אַלט.



קבוצת חברים מ„בילדונגס־פאַראיין“ (1925)

אַ גרופּע חברים פון „בילדונגס־פאַראיין“ (1925)

אונדזערע פרומע עלטערן באַמיִען זיך קעגנצו־שטעלן דעם דאָזיקן שטראָם. זיי פּרובירן קעגן אונדז אויפשטעלן די פאָרמאַנעס און טרעגערס. די לעצטע אָבער וויסן, אַז זיי וועלן דאַרפן שלאָגן אייגענע זין און טעכטער. זיי זאָגן זיך אָפּ פון דער מצווה...

אין יאָר 1923, ווען איך פאַרלאָז פּאַלעניץ, איז דער קולטור־פאַראיין אין זיין גרעסטן בליִ־פּעריאָד. עס בילדן זיך דאָרט אויס די ערשטע פּאַרטייאישע גרופּן, דערנאָך — די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. נאָר וועגן דעם האָב איך שוין געהערט פון דער ווייטנס.

# אַ לאַנגער וועג

הערשל גרינבוים
פּאַריז

ווער האָט עס געזאָגט, אַז ס'איר נאָר געווען אַן אויסוואַנדערונג פון די יידישע שטעטלעך אין פּוילן — קיין אַמעריקע? מיט פּאַלעניץ האָט גראָד פּאַסירט אַ פאַרקערטע געשיכטע: יידישע בעלי־מלאכהס זענען אַהערגעקומען פון דעם „גאָלדענעם לאַנד", דאָ זיך באַזעצט און אָנגעהויבן זייער לעבן פונדאַסניי...

## די ערשטע יידישע סטאָליערס קומען קיין פּאַלעניץ

ומעשה שהיה כך היה: אין אַ גרויסער שטאָט אין אַמעריקע, האָבן אין אַ סטאָלעריי־פאַבריק געאַרבעט עטלעכע יידישע פאַכלייט. נאָר זייער בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים איז געווען גאָר שטאַרק. ביי יעדער צוזאַמענטרעף און געלעגנהייט האָט מען רק געשמועסט וועגן דער אַלטער היים, דערמאָנט די אַמאָליקע יאָרן, אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ ביים דערמאָנען די נעמען פון אַ פרוי, אַ קינד, אַ פאָטער צי מוטער, אַ שוועסטער אָדער ברודער, וועלכע זענען געבליבן אויף יענער זייט אָקעאַן.

ביז זיי האָבן זיך צונויפגערעדט, אַז ווי באַלד מען זאַמלט אָן אַ ביסל דאָלאַרן — פאָרט מען צוריק קיין פּוילן. מ'דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דאָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1908, ווען מ'האָט געשטרעבט צו יידישקייט, געזוכט נאָענטקייט צו דער משפּחה.

דריי זענען זיי געווען: סוכער, גרינבוים, אַברהמעלע העלפאַנד און זעליג גרינבערג, וועלכע האָבן מוחל גע־ווען די אַמעריקאַנער גליקן און געקומען זיך באַזעצן אין... פּאַלעניץ. סטאָליערס־פּיאָנערן אין שטעטל, הגם זיי האָבן דאָ געטראָפן זייערן אַ פאַך־קאָלעגע פון פריער, איטשע סטשעסאַק. ער האָט אָבער שוין גע־האַנדלט מיט פלעצער און נישט געהאַט מער קיין מגע־ומשא מיטן העבעל און זעג. די דריי האָבן טאַקע געקויפט ביי סטשעסאַקן שטיקלעך באָדן און דאָרט זיך אויפגעשטעלט זייערע וואַרשטאַטן. אַברהמעלע העלפאַנד, מיטן צונאָמען מעכאַניק (ווייל ער איז געווען פעיִק צו אַלעמען), האָט געמאַכט שותפות מיטן טיש־לער יאַנקל ראַבאַק, וועלכער איז פון גאַרוואָלין גע־קומען זיך באַזעצן אין פּאַלעניץ. זיי האָבן אָנגעהויבן אויפשטעלן די הייזער פאַר די סטאָליערעס, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אין איין געגנט. זעליג גרינבערג האָט געעפנט אין שטעטל דעם ערשטן וועש־מאַגל. און שמחה גרינבערג האָט אין זיין הייזקע זיך געעפנט דאָס ערשטע שפּייז־געוועלבל. דעם מסחר האָט געפירט זיין ווייב פייגע־לאה, אַ פעיִקע צום האַנדל, בעת דער מאַן האָט געאַרבעט סטאָלעריי אין וואַרשע.

סוכער גרינבוים האָט מיט דער צייט זיך אויפ־געשטעלט צוויי הייזקעס אין פּאַלעניץ — און אַהער זענען געקומען זיינע דריי שוואָגערס: דוד גרינבוים (מיין פאָטער), יוסף רויטהאָלץ און יאַנקל מאָרגנשטע־רן. זיי האָט מען גערופן די „טראַיקע"... אינעם הויז, וואָס זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט, האָט זיך געפונען די „לינת הצדק".

ווייזט אויס, אַז די בעלי־מלאכהס האָבן דערשפּירט אין פּאַלעניץ אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן און פאַרדינען. זיי זענען שפּעטער דערגאַנגען צו אַזאַ צאָל, אַז מ'האָט שוין געהאַט אַן אייגענע שול און דאָרט געדאַוונט יעדן שבת. סוכער גרינבוים איז געווען דער גבאי פון שול און דער קאַסירער; דוד גרינבוים — בעל־קורא. דער רוב סטאָליערס פון פּאַלעניץ האָט אָבער אַ גאַנצע וואָך געאַרבעט אין וואַרשע און יעדן פרייטיק איז מען געקומען אַ היים.

## אַהיים אויף שבת

צוליבן אַהיימפאָר אויף שבת פון הונדערטער יידי־שע בעלי־מלאכהס, וועלכע האָבן געוווינט אויף דער „ליניע" — איז פרייטיק אַלע האַלבע שעה אָפּגע־גאַנגען אַ באַן פון דער הויפּטשטאָט, ווו עס זענען געווען צווי וואָקזאַלן: איינער אין וואַרשע — „דוואַ־זשעץ גדאַנסקי", און דער צווייטער אין פּראַגע — „דוואָזשעץ ווסכאָדני". פרייטיק פון 12 בייטאָג איז יעדער באַן געווען איבערפולט מיט פּאַסאַזשירן. עס האָט אויך קורסירט אַ קליינבאַן (קאָלייקע), וועלכע איז אָפּגעפאָרן פון דער בריק. אויף דער קליינבאַן פלעגט מען זאָגן, אַז מ'פאַרשפּעטיקט זי נישט. איר ערשטן וועג האָט זי אַדורכגעמאַכט באַרג־אַרויף און יעדער פאַרשפּעטיקטער פּאַסאַזשיר האָט זי געקענט אָניאָגן און זיך אַרויפכאַפּן. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן ליבערשט געוואָלט גיין צופוס און זיין אַ בעלן צו זען, אַז זיי קומען אָן פריער פון דער קאָלייקע...

דעם צווייטן האַלבן טאָג פון אַ פרייטיק, איז פּאַלעניץ נישט געווען צום דערקענען. אויסגעוואַשענע און אויסגעפּוצטע ווייבער מיט זייערע אויסגעצוואַ־גענע קינדערלעך, האָבן מיט אומגעדולד און פרייד געוואַרט ביי דער סטאַציע אויף זייערע ליבע געסט. דער שבת־קודש איז שוין געווען אויסגעגאָסן אויף זייערע פּנימער, הגם די זון איז נאָך געשטאַנען אויפן הימל גענוג הויך. און דאָס באַגריסן זיך? בלויז אַ האַרציקער וואַרעמער שמייכל צו דער פרוי און צו די עלטערע קינדער. דאַקעגן דאָס מוזיניקל האָט דער טאַ־טע געכאַפּט אויף די הענט, שטאַרק עס געטוליעט צו זיך און דערנאָך גענומען צערטלען. פאַר דעם האַרע־פּאַשניק וואָס האָט אָפּגעהאַרעוועט אַ גאַנצע וואָך און געלעבט אין דער פרעמד — איז די פרייטיק־באַגעגע־ניש מיט דער פאַמיליע אויפן וואָקזאַל, געווען אַ פאַר־גיטיקונג און טיפע איבערלעבונג. ער האָט שנעל געכאַפּט אין קינד אויף דער האַנט, דאָס צווייטע — גענומען פירן ביי דער האַנט און מיט הנאה געקוקט אויפן ווייב, די שבת־מלכה...

פון די הייזער האָבן זיך געטראָגן ריחות פון באַטעמטע שבתדיקע מאכלים און דאָס גאַנצע שטעטל, אויך די צוגעפאָרענע דאַטשניקעס, האָבן מיטן זעלבן פריידיקן ציטער אָפּגעוואַרט זייערע נאָענטע, וואָס פלעגן סוף וואָך קומען פאַרברענגען מיט דער משפחה און געניסן פון דער פּאַלעניצער לופט.

אין יענע שעהן פאַרן מקבל־שבת זיין, האָט דאָס גאַנצע שטעטל אויפגעלעבט. אַ באַוועגונג אויף די גאַסן, עס שפּאַצירן יינגלעך מיט מיידלעך, די קינדער האָבן פאַרנומענע הענט מיט מתנות, וואָס מ'האָט זיי אָקערשט געבראַכט פון וואַרשע. עס פילט זיך אַ היי־טערקייט, א מונטערע שטימונג. אַזוי — ביז אין דער שפּעטער נאַכט.

שבת איז די יוגנט אַוועק צום „מאַרסקיע אָקאָ" — ראָמאַנסירן, פירן דיסקוסיעס, גלאָט כאַפּן אַ שמועס און פאַרברענגען אין אַן אייגענער געזעלשאַפט. די סאָסנעס און אַקאַציע־ביימער האָבן געהאַט זייער באַ־רואיקנדיקע ווירקונג אויף אַלעמענס געמיטער. אומע־טיק איז געוואָרן, ווען די בלעטער פון די ביימער האָבן אָנגעהויבן פאַלן. דאַן האָט מען געוווּסט, וועלן אויך די לעטניקעס פאַרלאָזן פּאַלעניץ, דאָס שטעטל וועט צו־ריק איינדרימלען ביזן... צווייטן סעזאָן.

דערווייל איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. איצט האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף נייע ווערטער און באַגריפן: מאָביליזאַציע, זאַפּאַסנע, ראָט־ניקעס, קוויטל־ברויט. פון דער סטאָליער־געגנט זע־נען אַוועק אויפן פראָנט: שמחה גרינבערג, זעליגס זון — בערל, אַברהמלע העלפאַנד און אַנדערע. די מאָבי־ליזירטע האָט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל באַגלייט צום באַן. צוריק איז מען אַוועק אין בית־המדרש און דאָרט געבעטן און געוויינט, אַז די אַלע פראָנטאָוויקעס זאָלן בשלום קומען צוריק. נאָר אָנשטאָט די געגאַרטע, היי־מישע יידן, זענען קיין פּאַלעניץ אַריין — דייטשן. אַ נייער הערשער, נייע גזירות — נאָר דער אַלטער הונ־גער און נויט. געווען אָבער אַזעלכע, וואָס האָבן אין יענע שווערע מלחמה־באַדינגונגען זיך אַן עצה געגעבן, אַפילו געמאַכט לייטישע געשעפטן...

## פון חברים — קעגנערס

אין יאָר 1917 איז אין פּאַלעניץ אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. געווען פיל קרבנות. נאָר שפּעטער האָבן אַלע געפילט, אַז די מלחמה־צרות וועלן זיך אינגיכן ענדיקן. אין רוסלאַנד איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן די צאַרישע רעגירונג, דערנאָך האָט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אָנגעזאָגט דער וועלט אַ נייע, גערעכטע אָרדענונג פאַר אַלע פעלקער, אַלע אָרעמע און אונ־טערדריקטע. שפּעטער איז געקומען פוילנס אומאָפּ־

העגגיקייט. איין געשעעניש האָט געיאָגט די צווייטע — און די יידישע יוגנט האָט געברויזט און געקאָכט, איבערייסנדיק מיט די אַלטע פאַרמען. אין פּאַלעניץ אַנטשטייט אַ קולטור־פאַראיין און די פאַרשידענע פּאַר־טייען — פּועלי־ציון, „בונד" און קאָמוניסטן, הייבן אָן זיך פאַרוואָרצלען אין שטעטל. דיסקוסיעס, שטרייטן, אומאויפהערלעכע געשפּרעכן אויף פּאָליטישע און געז־עלשאַפטלעכע טעמעס. רעדנערס פון וואַרשע באַמיען זיך צו דערקלערן די ריכטיקייט און גערעכטיקייט פון זייער אידעע. עס קומען פאַר געשלעגן. נעכטיקע חב־רים און קרובים — ווערן פאַרביסענע קעגנער. דער פּאַרטיי־פאַנאַטיזם צעבליט זיך.

אויף איין געביט איז יאָ געווען אַ שעפערישע צוזאַמענאַרבעט: דער כאָר! די בעסטע זינגערס און זינגערינס פון שטעטל האָבן בעת די רעפּעטיציעס און אַרויסטרעטונגען, זיך געלאָזט הערן אויף מרחקים. אַז זיי פלעגן פאַרענדיקן אברהם רייזענס ליד „מיר ברעכן, מיר ברעכן, די אייזערנע וואַנט" — האָט זיך אויסגע־דוכט, אַז די שטאַרקסטע מויער וועט איצט איינפאַלן...

די יוגנט איז געווען אידעאַליסטיש, רעוואָלוציאָ־נעריש, ראָמאַנטיש. נישט אָפּגעשראָקן זיך פאַר רדי־פות, טורמעס. מיט פעסטן גלויבן געקעמפט פאַר אַ בע־סערן מאָרגן פאַר זיך, פאַרן פאָלק, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

די יאָרן 1923—1929 אין פּוילן זענען געווען אַ תקופה פון גוואַלדיקן קולטורעלן און פּאָליטישן באַרג־אַרויף ביי די יידן. די פּרעסע, ביכער און קול־טור־אינסטיטוציעס האָבן דערגריכט אומעטום. דאָס געדרוקטע און גערעדטע וואָרט איז דערגאַנגען אין קלענסטן ישוב. איך געדענק אַ פאַרלעזונג פון יעקב פאַט איבער אַנרי באַרביס' בוך „קלאַרקייט". צוליב דער נאָענטקייט פון פּאַלעניץ צו דער הויפּטשטאָט, האָבן מיר בכלל געהאַט די געלעגנהייט צו הערן די פּראָמי־נענטסטע רעדנער פון אַלע ריכטונגען. אַ לעקציע פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אַ ליטעראַרישע טעמע, ציוניס־טישע ענינים און דער פּראָלעטאַרישער א"ב — זענען נישט פרעמד געווען דער פּאַלעניצער יידישער יוגנט. מיט דער צייט האָט דאָס שטעטל גופא אַרויסגעגעבן פון זיך רעדנערס, וועלכע האָבן באַדינט סיי פּאַלעניץ, סיי די אַרומיקע געגנט.

עס אַנטשטייען ביי אונדז פּראָפעסיאָנעלע פאַראיי־נען, פּאַרטיי־קלובן, קולטור־אינסטיטוציעס. עס ווערן אַדורכגעפירט דערפאָלגרייכע שטרייקן און אַקציעס. צוליב דער גרויסער השפעה פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט מען געזאָגט, אַז פּאַלעניץ איז — קליין־מאָסקווע...

## נאָכן חורבן

די מלחמה־יאָרן האָב איך פאַרבראַכט אין ראַטנ־פאַרבאַנד, ווו כ'בין אַנטלאָפן פון וואַרשע. אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט האָב איך געלעבט די לעצטע יאָרן, ביז סעפּטעמבער 1939. מיינע איבערלעבונגען אין רוסלאַנד זענען אַן־און־פאַר־זיך אַ קאַפּיטל, וואָס פאָדערט אַ באַזונדערע באַשרייבונג. אין יאָר 1946 האָב איך מיט דער רעפּאַטריאַציע זיך אומגעקערט קיין פּוילן. אין וואַרשע האָב איך באַגעגנט איטשע מו־שינסקי און מיר ביידע האָבן באַשלאָסן אַריינצופאָרן קיין פּאַלעניץ. פאַר אונדז האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שוי־דערלעך בילד: די חורבות פונעם שטעטל זענען שוין געווען באַוואַקסן מיט גראָז. די לעבן־געבליבענע פּאָ־ליאַקן האָבן דערציילט פונעם מאַרטירער־וועג פון פּאַ־לעניצער יידן, ווי אַזוי מ'האָט מענער, פרויען, קינדער און אַלטע לייט פאַרשפּאַרט אין לאַסט־וואַגאָנען, געלאָזט שטיין עטלעכע טעג אויף דער סטאַציע אָן עסן און אָן וואַסער. מוראדיקע געשרייען האָבן זיך געהערט פון די אומגליקלעכע: „וואַסער, אַ טראָפּן וואַסער!" איין פּוילישע פרוי דערציילט אונדז מיט אַ פאַרוויינט פּנים:

— מיר זענען געווען אומבאַהאָלפן, די מינדעסטע סימפּאַטיע אָדער הילף פאַר יידן האָט געדראָט מיט אַ באַלדיקן טויט...

צוריקקומענדיק קיין וואַרשע, האָבן מיר דערפילט, אַז אין פּוילן איז מער נישט דאָ קיין אָרט פאַר יידן, אַז די פּוילישע ערד איז דורכגעווייקט מיט יידיש בלוט וואָס איז מיט אַזאַ ברוטאַלקייט און בשפע פאַרגאָסן געוואָרן בעת דער מלחמה. איך באַשליס צו פאַרלאָזן פּוילן.

## אין פראַנקרייך

אין יאָר 1947 האָט די פראַנצויזישע רעגירונג נישט געמאַכט קיין שום שוועריקייטן ביים אריינקומען אין לאַנד, אַפילו אומלעגאַל. אָנקומענדיק קיין פּאַריז, האָב איך דאָ געטראָפן מיין מאַמעס שוועסטער, וועל־כער ס'איז געלונגען, צוזאַמען מיטן מאַן און קינדער, זיך אַרויסצוראַטעווען פון די היטלעריסטישע נעגל.

די אויפנאַמע און די האַרציקע רייד פון דער מומען האָבן ביי מיר געשאַפן די אילוזיע, אַז דאָס רעדט צו מיר מיין מאַמע ע"ה... און דערזעענדיק דעם פעטער רובין, איז מיין געדאַנק געלאָפן צוריק קיין פּאַלעניץ, מיט 25 יאָר צוריק, ווען ער מיט זיין בראָניען און אַ כאַליאַסטרע יינגלעך און מיידלעך, פלעגן אויף אַ שבת אַרויסקומען קיין פּאַלעניץ, פאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג ביי דער „מאַרסקע אָקאָ" און אין וואַלד. ביינאַכט איז מען געקומען צו אונדז אין שטוב, די מאַמע האָט צעשניטן אַ גרויסן ברויט, אָנגעשמירט די פּענעצער מיט פּוטער, געגעבן צוצוטרינקען גלעזער שטשאַוו־באַרשטש. און דער עולם האָט געלאַכט, געשטיפט, געזונגען און געהאַט הנאה פונעם עסן. היינט איז דאָס אַלץ נישטאָ — סיי דער לעבנסשטייגער, סיי — די מענטשן. אומגעקומען אויף קידוש השם... 25 יאָר זענען אַריבער, אַ וואַסער לאַנגן וועג מיר האָבן אדורכגעמאַכט...

איך האָב זיך גוט געפילט ביי דער משפחה אין פּאַריז, נאָך 8 יאָר נע־ונד און איינזאַמקייט. איך האָב פאַרלוירן מיין טייערע פרוי פּעלע, וועלכע האָט מיך באַשאָנקען מיט צוויי זין: קובא און וואָלף. נאָר איצט טאָר מען נישט אַריינפאַלן אין יאוש, מען דאַרף זיך שטאַרקן און פאַרזעצן דאָס ווייטערדיקע לעבן.

דערוויסנדיק זיך וועגן עטלעכע לאַנדסלייט אין פּאַריז, האָט מען איינגעאָרדנט אַ צוזאַמענטרעף און אָנגעהויבן רעדן וועגן המשך אויפן פּאַריזער באָדן. איך האָב דאָ געפונען די קינדער פון סוכער גרינבוים, די ראַבאָקס, מושינסקי, לאַטאָוויצקי. דעפּאָרטירט זענען געוואָרן (פון די פּאַלעניצער משפחות, וועלכע כ'האָב געקענט): ליבערמאַן, יעקב־יוסף באָסקי (געבליבן איז זיין פרוי לאה מיט אַ זון און טאָכטער).

אין יאָר 1949 איז אַנטשטאַנען אין פּאַריז די געזעלשאַפט פּאַלעניץ־אָטוואָצק־קאַרטשעוו. שלום גאָלדשטיין, אלי סאָלניצקי, הערשל גייער, אברהם אייזנשטאַרק — זענען נאָך פון פריער געווען אַקטיוו ביי די לאַנדסלייט. זיי האָבן צוקאָאָפּטירט לאה באָסקי, יאַנקל קלעמבערג, מאָריס לאַטאָוויצקי, דוד ראָזענבערג, מאַרסעל האַראָוויץ, משהלע גרושקע און מיך. די סאָסיעטע, אין וועלכער ס'איז אָנגעשלאָסן אַ גרויסע צאָל מיטגלידער, פירט אַ שיינע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. די אָפטע צוזאַמענטרעפן שאַפן דאָס געפיל פון היימישקייט און משפּחהדיקייט.

# דערמאָנונגען פון די יוגנט־יאָרן

משה שלעכטער
בריסעל

אין יאָר 1898 האָט אַ גרעסערע צאָל פּוריסאָווער יידן זיך איבערגעקליבן קיין פּאַלעניץ. צווישן זיי — מיין פעטער שמעון־הערש, די מוטער און פיר קינדער. דאָ איז ער געוואָרן שוחט און חזן.

אין יענער צייט האָט דאָס שטעטל געציילט עטלעכע צענדליק איינוווינער. אזוי ווי ווינטער איז נישט געווען פאַר וועמען צו שעכטן און חזנות האָט נישט געקאָנט געבן קיין פּרנסה, האָט מיין פעטער געלערנט מיט עטלעכע קינדער. געצאָלט האָט מען אים „אויפן זמן", ערשט סוף יאָר. אין די ווינטער־חדשים האָט מען ביי יידל דאַמב אין שפּייז־קראָם גענומען אויף באָרג. זומער, אין דאַטשע־סעזאָן, זענען די חובות געוואָרן אָפּגעצאָלט. אין דעם זכות איז געווען קרעדיט אויף דעם צווייטן ווינטער. געהונגערט האָט מען נישט. נאָך איצט געדענק איך דעם טעם פונעם געשמאַקן שיטקאָווע ברויט, אָנגעריבן מיט קנאָבל, אָדער די הירזש מיט האָניק.

מיר האָבן זייער ליב געהאַט דעם טאַטן. אמת, ער האָט געפאָדערט מיר זאָלן לערנען, „נישט וואַקסן קיין גוים", נאָר גלייכצייטיק דערלויבט צו האָקן האָלץ, גיין שפּאַצירן צו די דריי ביימער, וואָס זענען געוואַקסן ביי אונדזער הויז. דער טאַטע האָט אונדז געלערנט רעכענען, ווייל ער פלעגט זיך באַזונדערס אָפּגעבן מיט מאַטעמאַטיק. שטאַרק זיך אינטערעסירט מיט אַסטראָנאָמיע. אין דאַטשע־סעזאָן האָט ער שטענדיק אויפגעזוכט אַ סטודענט אַ מאַטעמאַטיקער און אים געבעטן אָנשרייבן אַ שווערע אויפגאַבע אין חשבון. מיטן פאַרשריבענעם פּאַפּירל האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט צום בעקער מענדל דאַמב — און ביידע פלעגן אַמאָל אָפּזיצן אַ גאַנצע נאַכט, ביז זיי האָבן אַלץ אויפגעפלאָנ־

טערט... מיין פאָטער האָט אויך ליב געהאַט צו שפּילן שאָך גאַנצע אָוונטן.

*

איך דערמאָן זיך אַ קוריאָז פון יאָר 1905.

קיין פּאַלעניץ זענען געקומען עטלעכע „סטרייקערס״, ווי מ׳האָט אין יענע צייטן גערופן די רעוואָלוציאָנערן, אָדער די קעגנער פון צאַרישן רעזשים. זיי האָבן אַדורכגעפירט אַ מיטינג אונטערן פרייען הימל. וואָס זיי האָבן געוואָלט — האָב איך דעמאָלט ווינציק פאַרשטאַנען. איך האָב נאָר געזען ווי די דינסט פון אונדזער ווירט זאַלעווסקי האָט זיך באַהאַלטן אין קעלער און נישט געוואָלט גיין אויפן מיטינג.

די סטרייקערס האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט אויסגלייכן סיכסוכים צווישן די איינוווינער. אַז זיי האָבן אַנטדעקט אַ דאַטשניק, וועלכער האָט אָנגעבאָרגט ביי פּאַלעניצער סוחרים אַ גאַנצן זומער און גרייט זיך צו מאַכן אַ ויברח קיין וואַרשע און נישט באַצאָלן דעם חוב — האָט מען דעם בעל־דבר אויפגעזוכט און געבראַכט צו אַ דין־תורה. איינער פון די שטרייקערס האָט זיך אָנגעטאָן אַן אַטלאַסענע קאַפּאָטע, פון הינטן פאַרשטעקט אַ רויטע פאַטשיילע און געפירט די דין־תורה לויט אַלע כללים. אַזאַ אָנזעצער האָט שוין נישט געקענט זיך אַרויסדרייען סיי פון משפט, סיי פון באַצאָלן אַלצדינג...

אַ צווייטן כאַראַקטעריסטישן פאַל דערמאָן איך זיך אַ געוויסן פרייטיק־צו־נאַכטס. באַלד נאָכן פאַרענדיקן דאָס דאַווענען, ווי נאָר מ׳האָט דערהערט דעם „גוט שבת״, האָט ר׳ יצחק בייגער אָנגעהויבן טיילן פּעטש די גבאים. די געפּאַטשטע האָבן נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד, פונקט ווי קיינער האָט נישט געוואָגט פאַר זיי זיך אָנצונעמען. פאַר יצחק בייגער האָבן אַלע מורא געהאַט, צוליב זיינע פאַר געזונטע הענט... מיין פאָטער האָט שטאַרק פאַרדראָסן די געשיכטע — און ר׳האָט באַשלאָסן גיין צו אים אַהיים, נאָכן עסן, כדי אויפקלערן דעם ענין.

יצחק האָט זיך פאַרנומען מיט טונקעלע געשעפטן, ווי מאַכן פעלערן צום פריזיוו, טרייבן סאַמאַגאָן, מיט זיין הילף האָט מען אויך געקענט אָפּנעמען אַ גניבה... צו אַזאַ פאַרשוין האָט מיין פאָטער זיך איינגעשטעלט צו גיין — און ר׳האָט אים דווקא גוט אויפגענומען. יצחק בייגער האָט אים דערציילט, אַז דער גבאי סטשעסאַק האָט זיך מיט אים אָפּגעשמועסט צו טרעפן אין וואַרשע, אויף אַ באַשטימטער גאַס מיט אַ נומער, און דאָרט אים געבן אַ סומע געלט אויף צו שטיצן די קאַנדידאַטור פון גבאיס אַ רב. אַז יצחק איז געקומען קיין וואַרשע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער נומער פון דער גאַס עקזיסטירט נישט און אַז דער גבאי האָט גאָרנישט געהאַט בדעה צו קומען. דאָס האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן און ער האָט מיט זיין געהילף, אַ געגנדזלער, אָפּגעשמועסט, אַז פרייטיק־צו־נאַכטס נאָכן דאַווענען — וועט ער דערפאַר טיילן די גבאים פּעטש...

*

ווען די דייטשן האָבן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרנומען פּוילן, איז מעגלעך געוואָרן אין פּאַלעניץ צו עפענען אַ קולטור־פאַראיין. צו דער פאַרוואַלטונג האָבן געהערט: מרדכי טורבינער (סעקרעטאַר), איך — פאָרזיצער, דער ציוניסט גדליהו סטשעסאַק, ראַבאַק מיט זיין שוועסטער רבקה, הינדע גרינבערג (איצט אין ניו־יאָרק), רבקה טוכבראָט.

דער קולטור־פאַראיין האָט איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען, ברענגענדיק פרעלעגענטן פון וואַרשע (איינעם פון זיי געדענק איך — דעם בונדישן טוער גוטגאָלד). אויסער דעם ציוניסט סטשעסאַק, זענען אַלע אַנדערע פאַרוואַלטונג־מיטגלידער געווען „לינקע״. אַז איך בין שבת געגאַנגען אין לאָקאַל אַריין, האָבן מיר די קינדער נאָכגעשריען:

— דער גלח גייט אין קאָשטשאָל אַריין...

איך דערמאָן זיך אויך דעם רעפעראַט פון אַ געוויסן פיינזילבער פון קאָלאָביעל. ער האָט גערעדט אויף אַ ציוניסטישער טעמע — און איך האָב אים אָפּאָנירט.

אזעלכע זענען מיינע יוגנט־דערינערונגען פון פּאַלעניץ.

# זכרונות, בילדער, געשטאַלטן פון פּאַלעניץ

אלי סאָלניצקי
פּאַריז

## אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

די ראשיקע אַנטוויקלונג פון פּאַלעניץ וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ 50 יאָר צוריק, האָט געבראַכט אַהער פאַכלייט, בעלי־מלאכהס און אַרבעטער פון שעדלעץ, גאַרוואָלין, קאַלאַביעל און אַנדערע ערטער. די ניי־געקומענע האָבן געבראַנגט מיט זיך די בעסטע טראַדיציעס פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און אָרגאַניזאַציאָנעלן שווונג. דאַקעגן אַ צווייטער שיכט איינוווינער, וואָס האָט געהאַט אַן אויפגאַבע צו באַדינען די דאַטשניקעס, געווען מיט זיי פאַרנומען פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג — האָט נישט געקאָנט אַזויפיל לייסטן קולטורעל און געזעלשאַפטלעך. דאָס לעבן אַרום די דאַטשניקעס האָט אין רוב פאַלן זיך אויסגעדריקט אינעם בייגן און בוקן זיך און כסדר אונטערשטרייכן דעם „פּראַשען פּאַני" אָדער „פּראַשען פּאַנאַ"... אויך די קינדער פון אַזעלכע עלטערן זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם געווירבל פון באַדינען די יידן, וואָס זענען געקומען געניסן פון דער פּאַלעניצער דאַטשע — און פון דעם קליינוואַרג איז אַוועקגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט צו באַזוכן דאָס חדר. און פון דער שול — איז דאָך אָפּגערעדט!

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914, האָט אַ סוף געמאַכט צו דער בוי־באַוועגונג און ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון פּאַלעניץ. דאָס עקאָנאָמישע לעבן איז מיט אַמאָל ווי אָפּגעשטאָרבן. מיטן אָנקומען פון דער ידיעה וועגן אויסגעבראָכענעם קריג, איז אַ גרויסער טייל דאַטשניקעס צוריק אַוועק קיין וואַרשע און פיל האָבן דערביי אויסגענוצט די געלעגנהייט און נישט באַצאָלט די חובות דעם ווילע־אייגנטימער, דעם קרעמער און בעל־מלאכה. אויסער דעם האָבן זיך גלייך אָפּגעשטעלט אַלע אַרבעטן און די פּרנסה־קוואַלן זענען מיט אַמאָל געוואָרן פאַרשטאָפּט. דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן ליידן הונגער. און איידער די יידן האָבן באַוויזן אַ טראַכט צו געבן וועגן איינאָר־דענען זיך אין די נייע באַדינגונגען — איז דאָס שטעטל, נאָך וואַרשע, אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. די נויט איז געוואָרן נאָך גרעסער, קיין דאַטשניקעס זענען אויך דעם צווייטן זומער נישט געקומען קיין פּאַלעניץ.

נאָר ווי אין יעדער מלחמה־תקופה, האָט אויך דאַן זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען דער שמוגל. צוליב איר געאָגראַפישער לאַגע, איז פּאַלעניץ געווען די בריק פאַר אומלעגאַלן האַנדל צווישן דער פּראָווינץ און דער הויפּטשטאָט. פון דעמבלין האָט מען געבראַנגט נאַפט, פון גאַרוואָלין — בעבלעך מיט צוקער, און פון קאַלאַביעל — דאָס וויכטיקסטע אַרטיקל — מעל און אומגעבאַקן ברויט, וואָס איז שוין אין פּאַלעניץ געבאַקן געוואָרן בייטאָג און ביינאַכט. שפּעטער איז עס געליפערט געוואָרן קיין וואַרשע.

די וואָס האָבן נישט געטויגט, אָדער נישט געוואָלט זיך פאַרנעמען מיטן שמוגל — זענען ממש געווען פאַרמשפּט צו הונגערן. איך דערמאָן זיך, ווי מיין מאַמע שבע ע"ה פלעגט מיר אַריינשטופּן אַ קיישל אין האַנט, ווו עס האָבן זיך געפונען עטלעכע קאַרטאָפל, אַ ביסל זאַלץ, מעל און צוקער און דערביי שנעל זאָגן: „גיי מיין קינד אויף דעם און דעם אָרט און גיב זיי אַוועק דאָס ביסל פּראָדוקטן, ווייל די קינדער דאָרט גייען אויס פון הונגער..."

ביי אונדז איז געווען אַ זאַטע שטוב. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן. איך האָב אויסגעפירט די שליחות, געטראָגן הילף נויטבאַדערפטיקע און דערביי אָנגע־טראָפן אויף נויט און אָרעמקייט. דאָס האָט אוודאי משפּיע געווען אויסצוקריסטאַליזירן מיין וועלט־אַנשויאונג, פּונקט ווי דער פאַקט פון מיין מוטערס גוטהאַרציקייט.

## דער בילדונגס־פאַראיין

הגם אויפן עקאָנאָמישן געביט האָט מען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געהאַט אויסצושטיין צרות, שיקאַנעס און רדיפות מצד די דייטשן, זענען זיי אָבער אויפן קולטורעל־געזעלשאַפטלעכן געביט געווען גענוג ליבעראַל. זיי האָבן דערלויבט צו עפענען פאַרשידענע קולטור־אינסטיטוציעס. דעריבער איז דעמאָלט אַנטשטאַנען אין פּאַלעניץ דער בילדונגס־פאַראיין,

וועלכער האָט גרופּירט אַרום זיך די יוגנט וואָס האָט געוואָלט אַליין ווערן אויפגעקלערט און אויך אין אַנדערע פאַרפלאַנצן אַ ביסל וויסן און קולטור. אין בילדונגס־פאַראיין האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן (און אויך — צוזאַמענגעשטויסן) די פאַרשידענע פּאָליטישע שטרעמונגען, וואָס האָבן דאַן געוועלטיקט אויף דער יידישער גאַס. דער בירגערלעכער ציוניזם איז געווען רעפּרעזענטירט דורך גדליהו סטשעסאַק און דוד גורפינקעל; די פּועלי־ציון — שמעון הערצבערג און קראַוויעץ. דאַקעגן זענען מרדכי טורבינער און משה

פאַראיין האָט זיך געשטיצט דער עיקר אויף די אַרבעטער־פּאַרטייען. אָבער קיין מאַסן־באַזע האָט דער פאַראיין נישט פאַרמאָגט. דער ביכער־באַשטאַנד אין דער ביבליאָטעק איז געווען אַ קליינער. פון צייט צו צייט פלעגט מען איינאָרדענען רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס מיט פאַרשידענע פּאַרטיי־רעדנער. מ׳האָט זיך אויך דערלויבט אויף טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וועלכע זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך אַן אייגענעם דראַמאַטישן קרייז. זישע אַנקערמאַן און זיין שוואָגער האָבן אין קאַפּיטאַנס ווילדע געעפנט אַ



חבר׳ פעילים ב„„קולטור־פאַראיין״ (1926)

אַקטיוויסטן פון „קולטור־פאַראיין״ (1926)

שלעכטער געווען אַנגעשטעקט מיט אַנאַרכיזם און אינדיווידואַליזם. דער „בונד״ איז געווען רעפּרעזענטירט דורך רבקה טוכבראַך, הינדע גרינבערג, מלך פּאַסקאַנינסקי, רבקה און יאָסל ראַבאַק און אַנדערע. די לעצטע האָבן געהאַט הינטער זיך אַ רייכן געזעלשאַפטלעכן סטאַזש. אַנטקעגן אַנדערע פּאַרטיי־פאַרשטייער, זענען זיי געווען „קאַנאַנען״. אויך זייערע עלטערן זענען געווען אַרבעטס־מענטשן, וואָס האָבן זייער דערפאַרונג און וויסן איבערגעפלאַנצט אויפן פּאָלעניצער באָדן.

די מיטגלידערשאַפט און אָנפירונג פון בילדונגס־

יידישע שול און זיי האָבן דאָרט אויך אָרגאַניזירט דראַמאַטישע אָוונטן, שטעלנדיק איינאַקטערס און גאַנצע פּיעסן פון שלום־עליכם, פּרץ, שלום אַש און אַנסקי.

איך בין צו יענער צייט געווען נאָר אַ לייענער אין דער ביבליאָטעק, אָבער נישט קיין מיטגליד אין פאַראיין צוליבן יונגן עלטער מיינעם. דאָס האָט מיר אָבער נישט געשטערט, אַז צוזאַמען מיט מענדל קאַמיענקאָווסקי, זאָל איך זאַמלען געלט פאַר ארץ־ישראל. מיין נאָענטער חבר איז געווען משה טוכבראַך, הגם פיל עלטער פון מיר. בכלל איז זיין גאַנצע שטוב געווען מיר זייער

נאָענט און סימפּאַטיש, ביי זיי האָב איך אָנגעהויבן זיך לערנען שניידעריי. משה האָט פאַר אים אָנגעגעבן אַ דעקלאַראַציע אין פאַראיין און מ'האָט אים באַשטעטיקט אָנצונעמען אַלס מיטגליד. נאָר מיט אַ צייט שפּעטער, ווען איך אַליין האָב געמאַכט אַזאַ ווענדונג, האָט מען אָפּגעזאָגט מיטן מאָטיוו, אַז כ'וועל נאָך דערציילן אין שטאָט, אַז זיי זענען מחלל שבת... דאָס האָט מיר איבערגעגעבן דוד גורפינקעל. דערפאַר בין איך ווייטער געווען נאָר אַ לייענער אין דער ביבליאָטעק.

די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן לערנען פאַכן, אַוועק אויף פאַרשידענע אַרבעטן, כדי נישט דאַרפן זיין מאַטעריעל אָפּהענגיק פון זייערע אַזוי אויך אָרעמע עלטערן. דער דאָזיקער איבערגאַנג צו אַן אַרבעטער־לעבן האָט אויספאָרמירט סאָציאַלן באַוווּסטזיין. יענער דור וואָלט אַוודאי פיל געלייסטעט אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט, אין די ראַמען פון בילדונגס־פאַראיין, ווען נישט דער באַוווּסטער אינצידענט מיטן רבין ר' אברהם־משהלע. דער דאָזיקער אינצידענט האָט שטאַרק צערייצט די געמיטער פון די חסידים און נאָך מער — פון די ווילדע יונגען. מ'האָט אָנגעהויבן פאַרפאָלגן די אַקטיוויסטן פון פאַראיין און אַ גרויסער טייל האָט געמוזט פאַרלאָזן פּאַלעניץ, זוכנדיק אַן אָרט אין וואַרשע און אַפילו — אין אויסלאַנד.

דער בילדונגס־פאַראיין האָט זיך ביסלעכווייז ליקווידירט.

## אין די יאָרן פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט

אין יאָר 1919 האָט אַ גרופּע יונגע בחורים און מיידלעך זיך געוואָנדן צו גדליהו סטשעסאַק ער זאָל אונדז איבערגעבן די לעגאַליזאַציע, די ביכער און דעם אינווענטאַר פון בילדונגס־פאַראיין. ער איז גרייט געווען אָנטקעגנצוקומען אונדזער פאַרלאַנג, מיטן באַדינג, אַז מיר זאָלן שאַפן אַ לאָקאַל. ער גופא האָט נישט געהאַט בדעה צו אַנגאַזשירן זיך אין דער ווייטערדיקער אַרבעט, מאָטיווירנדיק דערמיט, וואָס ער האָט שוין זיינס אָפּגעטאָן און האָט דערוויל געענוג... אונדז איז געלונגען צו דינגען ביי שאַנצערן אַ גרויס צימער, וווּ מ'האָט אַריבערגעפירט פון מיכאַלין די איינריכטונג פון בילדונגס־פאַראיין, די בענק, טישן, די בילדער פון די קלאַסיקער. אַלץ האָט צוריק אָנגעהויבן „קלאַפּן". פון דער „אַלטער גוואַרדיע" האָבן זיך צוריק געשטעלט: דוד גורפינקעל און זיין פרוי חיה־טשע. עס האָבן זיך אַרויסגערוקט נייע מענטשן אַלס אַקטיוויסטן און ס'האָבן זיך געעפנט גרויסע מעגלעכקייטן פאַר ווייטערדיקער אַרבעט. אברהם־יצחק גאָלדפאַרב און איך זענען געווען טעטיק אין דער ווירטשאַפטס־קאָמיסיע. און אין דער פאַרוואַלטונג: דוד גורפינקעל, משה טוכבראַך, שמחה, די גראַבע שרה, יידל שניידער און אַנדערע. קיין גרויסע אַרבעט האָט מען דאַן נישט געפירט, ווייל מ'האָט זיך אַרומגעריסן איבער קלייניקייטן. יעדער האָט זיך געהאַט זיין וועלט־אַנשויאונג, סימפּאַטיזירט מיט דער אָדער אַנדערער באַוועגונג, וואָס האָט משפיע געווען אויף די באַציאונגען צווישן זיי פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער.

אין מאָל אַ שבת, איז אין אונדזער בילדונגס־פאַראיין געקומען רבקה טוכבראַך, וועלכע האָט שוין געאַרבעט אין וואַרשע. נאָכן אויסהערן אַלע טענות, איז זי אַוועק, איבערלאָזנדיק אַ פאַרשריבן צעטל מיט די ווערטער: „ס'וועט נישט עקזיסטירן, ווייל איר זענט קינדער". אַזוי איז פאַקטיש געווען. מ'האָט ליקווידירט די אינסטיטוציע און איך האָב אויסגעפועלט ביי מיין מאַמען, זי זאָל דערלויבן אין אונדזער שטוב האַלטן דאָס שענקל מיט ביכער. אַזאַ איז געווען דער גורל פון בילדונגס־פאַראיין, נאָך צוויי תקופהס פון פרוכטבאַרער טעטיקייט.

הגם דער בילדונגס־פאַראיין האָט אָפּגעשטעלט זיין טעטיקייט, האָט אָבער די יוגנט אויסגענוצט דעם שטילשטאַנד, כדי אַליין זיך אויסצולעבן קולטורעל. מען האָט פון וואַרשע אבאָנירט צייטונגען, מ'האָט באַזוכט רעפעראַטן, פאַרשטעלונגען, פאָלקס־אוניווערסיטעטן, קעסטל־שמועסן. די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט־לעכע האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן — ווער אין פּאַלעניץ, ווער אין וואַרשע, ווער אין די אַרומיקע ערטער אויף דער „ליניע".

מיטן דערגרייכן פוילנס אומאָפּהענגיקייט, איז געשטיגן דער אַנטיסעמיטיזם. אויך די קליינע ערטער אין וואַרשעווער קרייז האָבן אָנגעהויבן ליידן פון דער דאָזיקער פּעסט. דעריבער האָבן די יידישע איינוווינער פון די אַרומיקע ישובים פאַרלאָזט זייערע ערטער און זיך באַזעצט אין פּאַלעניץ, וואָס האָט זיך געהאַט אַנטוויקלט אויף אַ גרעסערן ישוב. קלאָר, אַז מיט די עלטערן זענען מיטגעקומען זייערע יונגע זין און טעכטער. אַדאַנק דעם איז אונדזער מחנה געוואַקסן. גלייכצייטיק

האָבן אין פּאַלעניץ און אין דער סביבה זיך באַזעצט אַ ריי וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, אינטעליגענץ און אַנגעזעענע פּאַרטיי־טוער, צוליב דעם הארבן וווינונגס־פּראָבלעם אין וואַרשע. די יוגנט האָט דאָס געוואָלט אויסנוצן און אַנגאַזשירט די צוגערייזטע כוחות פּאַר אויסברייטערן די קולטור־טעטיקייט. עס איז אויך רייף געוואָרן דער געדאַנק און די צייט צו באַנייען די אַרבעט פון בילדונגס־פּאַראיין.

אַ שטויס דערצו האָבן געגעבן די צוויי קאַלושינער בונדיסטן — שלמה וועלונדעק, אַ פּריזירער און מאיר רינג, אַ זייגערמאַכער, ווי אויך דער שוסטער זלמן, וועלכר איז בעתן אויסברוך פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע געווען אין רוסלאַנד. די דריי האָבן פיל געהאָלפן אויסקריסטאַליזירן ביי אַ טייל יוגנט אַ קלאָרע מיינונג בנוגע אַ ריי דערשיינונגען אינעם אַלגעמיינעם, ווי אין ידישן לעבן. אונטער דער השפּעה פון די צוויי צוגעקומענע בונדיסטן, איז דוד גורפינקעל נאָענט געוואָרן צום „בונד".

כדי אָבער באַנייען דעם בילדונגס־פּאַראיין, איז אויסער ענטוזיאַזם, אויך נייטיק געווען — געלט. דאָס האָט מען געקאָנט שאַפן מיט דער הילף פון אַ טעאַטער־פּאָרשטעלונג. מאיר רינג איז געווען אַ ספּעציאַליסט פאַר אַזעלכע ענינים און די ערשטע פאָרשטעלונג האָט געהאַט גרויס מאָראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג. דערוויל זענען די צוגערייזטע קיין פּאַלעניץ זיך צעפאָרן — און ס'איז ווידער געבליבן ביים אַלטן...

עס זענען דערשינען נייע מענטשן, ווי: יעקב־מרדכי פּאַסעסאָרסקי, אלתר קאַשיצקי, גאַדל צעשינסקי און אַנדערע. אַדאַנק זיי איז געלונגען צו דינגען אַ לאָקאַל, רופן אַ פאַרזאַמלונג און אויסקלויבן אַ נייע פאַרוואַלטונג מיט מלך פּאַסקאַלינסקי אַלס פאַרזיצער און איך — וויצע־פאַרזיצער. די דערעפענונג איז געווען אַן אימפּאָזאַנטע, די ביבליאָטעק האָט באַנייט איר טעטיקייט און צוגעקויפט נייע ביכער. אלתר קאַשיצקי, יעקב־מרדכי און איך, האָבן זיך אויסגעלערנט איינבינדעריי, כדי אומזיסט איינבינדן די צעשעדיקטע ביכער פון דער ביבליאָטעק. די דאָזיקע אַרבעט האָט מען אַדורכגעפירט יעדן שבת אין דער פרי. (שפּעטער זיך דערוווסט ווער ס'האָט געדאַוונט פאַרן עמוד, כדי האָבן פאַר די עלטערן אַן „אַליבי", אַז מיר זענען געווען ביים דאַווענען...)

איך האָב צו יענער צייט געאַרבעט אין אָטוואָצק, דאָרט אויך גענעכטיקט. אין אָטוואָצק איז געווען טעטיק אַ קולטור־פּאַראיין (וועלכער האָט געטראָגן דעם נאָמען „אומפּאַכאָווע"), אַנגעפירט דורך די אַרבעטער־פּאַרטייען. אויב דער זכרון פאַרפירט מיך נישט, האָט די גרעסטע השפּעה געהאַט דאָרט די לינקע פּועלי־ציון. דערנאָך — דער „בונד", שפּעטער איז עס אינגאַנצן געוואָרן אַ קאָמוניסטישער ענין. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, האָט אַחוץ אירע אָרטיקע אָנהענגער, געהאַט אויך אַ היפּשע צאָל צוגעפאָרענע אינטעליגענץ. איינער פון זיי איז געווען דער עברית־לערער באַשעוויטש, אַ מענטש מיט פיל וויסן און טאַקט, אַמאָליקער מיטגליד פון דער ס.ד.ק.פּ.ל. און אַ צענטראַלע פיגור אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיין לונגען־קראַנקייט האָט אים געבראַכט קיין אָטוואָצק. דאָ האָט ער זיך דערוואָרבן גרויס אָנערקענונג און אָנזען, מיט רעספּעקט האָט מען זיך צוגעהערט צו זיינע מיינונגען — אפילו פּאָליטישע קעגנער. דער־אַ באַשעוויטש האָט מיט דער צייט באַקומען אַ שטאַרקע השפּעה אויף דער יוגנט אין אָטוואָצק און אין פּאַלעניץ און געהאָלפן פאַרפעסטיקן די פּראָגרעסיווע באַוועגונג.

דער פאָטער פון הערשל גרינבוים האָט געהאַט אַ פאַבריקל פון פעלד־בעטלעך אין וואַרשע. הערשל האָט געאַרבעט ביים טאַטן אין דער הויפּטשטאָט און דאָס וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט אויף פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס אינעם האָלץ־פּאַראיין אין וואַרשע — האָט ער געבראַכט קיין פּאַלעניץ. און וועגן וואָס ריידן און דיסקוטירן האָט נישט געפעלט: ס'איז דאָך געווען אין די צוואַנציקער יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט — די רוסישע רעוואָלוציע, די באַלפור־דעקלאַראַציע, די גרינדונג פון קאָמינטערן... הערשל האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז אונדז זאָלן באַזוכן טוער און פּרעלעגענטן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

צום פּאַלעניצער „בונד" איז צו יענער צייט געקומען אַ געוויסער גוויאַזדע און געוואָרן אַ תושב אין שטעטל. ער האָט געשטרעבט צו פאַרכאַפּן פאַרן „בונד" דעם בילדונגס־פּאַראיין. דאָס איז שוין געווען נאָך דער שפּאַלטונג אין „בונד" און אויך די קאָמוניסטן האָבן נישט געהאַט בדעה מוותר צו זיין אויף אַזאַ וויכטיקע אינסטיטוציע. די פּראָגרעסיווע באַוועגונג איז דאַן געשטאַרקט געוואָרן מיטן צוקומען פון מיין ברודער שמחה, יוסף סטשעסאַק און אַנדערע, אויסער אַ ריי

חברים פון וואַרשע. בײדע באַוועגונגען האָבן זיך געגרייט צום פֿאַרמעסט אויף דעם פֿאַלעניצער באָדן. דעם „בונד" האָט רעפּרעזענטירט דער חבר גוויאַזדע און אַ חבר פון וואַרשע. מיר פון אונדזער זייט האָבן אַראָפּגעבראַכט מאַרקוסן פון וואַרשע און דעם לערער באַשעוויטש פון אָטוואָצק. די שלאַכט האָט זיך אָנגע־הויבן — אונטער מיין פּאַרזיץ.

מאַרקוס האָט געהאַט אַ זייער געלונגענעם אַרויסטריט. די קעגנער, נישט זייענדיק בכוח אים אָפּצוענטפערן אידעאָלאָגיש, האָבן אָנגעהויבן אַ פּערזענלעכן אָנגריף. צוהילף דעם קליינוווקסיקן מאַרקוס איז געקומען דער הויכער, ברייטפּלייציקער באַשעוויטש, וואָס זיין בלויז רעפּרעזענטאַטיווע פיגור האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ. זיינע רייד זענען נישט אויסן געווען קיין ביליקע עפעקטן, נאָר מיט ערנסטע און טיפּזיניקע אַרגומענטן איבערצוציגן דעם קעגנער, אַז דער וועג וועלכן ער רעפּרעזענטירט — איז דער ריכטיקער.

די רעזולטאַטן פון דעם פֿאַרמעסט האָט מען געזען אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין פֿאַלעניץ איז געוואָרן אַ כוח, בעת די טעטיקייט פון „בונד" האָט זיך רעדוצירט צום פירן בלויז אַ פֿרעבל־שול. די פּראָגרעסיווע באַוועגונג האָט באַקומען אַן אַנטשיידנדיקסטע השפּעה אויפן פּראָפּע־סיאַנעלן פֿאַראיין און אויף דער קולטור־טעטיקייט, געפירט דורך דעם בילדונגס־פֿאַראיין. אין דעם קלוב איז יעדער אָוונט געווען לעבעדיק. מען האָט געטוישט ביכער, זיך באַטייליקט אין אַ זיצונג צי אין אַ פֿאַרזאַמלונג, אַנדערע האָבן געזונגען און פֿאַרברענגט אין לאָקאַל. אַ נייער גייסט האָט געהערשט אין פֿאַראיין: איבערייסן מיטן נעכטן און זיין פּאַרקוקט אינעם מאָרגן.

איצט וועל איך זיך ווידער אומקערן צו אייניקע פּאַסירונגען אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## אַ „סטראַטעגיש שטעטל"

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז פֿאַלעניץ באַטראַכט געוואָרן אַלס „סטראַטעגיש שטעטל". דאָס דאַטשע־אָרט וואָס האָט אין זומער־סעזאָן אויפגענומען הונדערטער און הונדערטער פֿאַמיליעס אויף אָפּרו — איז מיט אַמאָל געוואָרן אַ

וויכטיקער פּונקט אין דער אַלגעמיינער מלחמה־סטראַטעגיע. אויך דאָס שכנותדיקע אָרט וויאַנזאָווגע איז אַריינגערעכנט געוואָרן אין דער פֿאַרטיידיקונגס־ליניע פון וואַרשע. וויאַנזאָווגע האָט אַדורכגעשניטן דער שאָסיי לובלין—וואַרשע. דעריבער איז פֿאַלעניץ בעל־כורחו פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָרט, פונוואַנען מען וועט לויט די מיליטערישע אויסרעכענונגען, אי קאָנען אָנגרייפֿן, אי זיך צוריקציען... אַזוי האָט מען אַ פּרעכטיק שיינע געגנט, מיט סאָסנע־וועלדער און גרינע פעלדער, אַריינגענומען אין די פּלענער פון די גענעראַל־שטאַבן. יענע וועגן און שטעגן, וואָס האָבן זיך גיכער געפּאַסט פֿאַר שפּאַצירן פון פֿאַרליבטע פּאָרלעך, האָבן איצט באַדאַרפט באַדינען זעלנער און זייערע קריגס־מכשירים.

אין יאָר 1914, ווען די רוסן זענען אַטאַקירט געוואָרן דורך די דייטשן, האָבן די לעצטע באַשלאָסן צו מאַכן אַ פּראָוויזאָרישן וועג און אויפשטעלן אַ שטאַרקע בריק איבערן טיפן וואַסער וואָס איז אַדורכ־געשוואומען וויאַנזאָווגע. זיי האָבן מאָביליזירט אויף צוואַנגס־אַרבעט טויזנטער מענטשן. אמת, איבערן וויאַנזאָווגער וואַסער איז יאָ געווען עפּעס אַ בריקל, נאָר אַ שוואַכס און האַלב צעשטערט. צו דעם צו, האָט עס געהערט צום פּריוואַטן באַזיץ פון צוויי פּאַליאַקן, שוואָגערס, וועלכע האָבן געהאַלטן דאָס בריקל אָפּגעשלאָסן און דערלויבט אַדורכצופֿאָרן ערשט ווען מ'האָט זיי דערפֿאַר באַצאָלט... קיין סך פלעגט מען זיך נישט באַנוצן מיט דעם וועג, ווייל ער איז געווען אַ טיף־זאַמדיקער און שווערער. איצט האָבן די רוסן געוואָלט דעם לאַנגן וועג אויסגלייכן, מאָדערניזירן און אויפשטעלן דאָרט אַ גרויסן פּלומפּ, כדי מענטשן און פערד זאָלן האָבן ווו צו טרינקען וואַסער. דער פּלומפּ איז טאַקע געווען אַן אויסנאַם אַנטקעגן אַלע פֿאַלעניצער פּלומפּן און ברונעמער — טיף, מיט דיקע רערן און ס'איז גענוג געווען אַ דריי מיטן ראָד, אַז דאָס וואַסער זאָל אַ פלייץ געבן מיט אַ שטאַרקן שטראָם. די איינוווינער פון דער גרעסטער און שענסטער גאַס אין פֿאַלעניץ, די האַנדלאָווע גאַס, האָבן אַפילו מקנא געווען יענע איינווינער, וואָס האָבן געוווינט נאָענט צום פּלומפּ.

איך דערמאָן זיך נישט צי די רוסן האָבן ווען ס'איז אויסגענוצט דעם דאָזיקן וועג. נאָר אַזוי ווי די דייטשן האָבן שנעל באַזעצט פּוילן, איז אָנצונעמען, אַז די

צאַרישע אַרמיי האָט גאָר געלייגט אַ שאָסיי פאַרן... שונא. אָבער אויך די דייטשן איז נישט געגאַנגען אין לעבן אויסצונוצן דעם וועג. פאַרקערט, זייערע טעכניקער און שאָסיי־אינזשיניערן האָבן געלאַכט אין די פויסטן פון דער פרימיטיווקייט פון דער אַרבעט — און באַשלאָסן אויף זייער שטייגער צו פלאַסטערן א נייעם שאָסיי, וואָס איז באַשטאַנען פון לייגן קלעצער אין דער לענג פון וועג און אויף זיי, אין דער ברייט, אַרויפלייגן ברעטער. האָט מען ווידער געכאַפּט צו דער אַרבעט, אויסגעהאַקט גלייכע און הויכע ביימער און איבערגעבויט דעם וועג, נאָר אויפן דייטשן מוסטער...

דאָס באַזעצן פּאַלעניץ דורך די דייטשן, האָט בלויז פאַרגרעסערט די נויט און הונגער פון דער באַפעלקערונג. נישט געווען אַפילו קיין געלט צו קויפן די פּראָדוקטן וואָס זענען צוגעטיילט געוואָרן אויף קאַרטן. אויך דער ווינטער וואָס האָט זיך אָנגערוקט, איז געווען זייער א קאַלטער. אויף אָנצוואַרעמען די קאַלטע היימען, האָט מען פון דער הילצערנעם שאָסיי געשלעפּט ברעטער און ביימער... און דאָס איז געווען דער איינציקער נוצן וואָס פּאַלעניץ האָט געהאַט פון דייטשס טראַגעדיע...

## 1920

נאָך נישט באַוויזן צו פאַרהיילן די וווּנדן פון די מלחמה־יאָרן און אויף פּוילן האָט זיך אָנגערוקט אַ נייע קריג. דאָס מאָל — מיט די רוסן, וועלכע האָבן מיט דריי יאָר פריער אדורכגעפירט ביי זיך אין לאַנד די אָקטאָבער־רעוואָלוציע. עס איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן, וויפל צרות אונדזערע יידן האָבן זיך אָנגעליטן אין יענע טעג, בפרט ווען די באָלשעוויקעס האָבן זיך דערנענטערט צו וואַרשע. פּאַלעניץ האָט דאַן געהאַט אַ סך אויסצושטיין. די פּאָליאַקן האָבן באַשלאָסן גראָבן אָקאָפּעס אויף צו פאַרטיידיקן דעם שאָסיי און דעם אָפּשניט ווייסל, וואָס פירן קיין פּראַגע. דורך ריזיקע פלאַקאַטן איז אויפגעקלערט געוואָרן די געפאַר וואָס דראָט דעם פאָטערלאַנד. די גאַנצע באַפעלקערונג איז גערופן געוואָרן צו אַרבעט און דערביי האָט מען בפירוש געשריבן, אַז מען וועט דערפאַר באַצאָלן. פונדעסטוועגן האָבן יידן זיך נישט געקוואַפּעט צו דעם סאָרט באַשעפטיקונג, וויסנדיק פון פאָרויס, ווי אַזוי די פּוילישע אויפזעער וועלן זיי באַהאַנדלען. האָט זיך אָנגעהויבן אַ כאַפּעניש צו דער אַרבעט — און אַלע מענער פלעגן זיך אויסבאהאלטן אין די שטובן, ביידעמער און קעלערס. דערפאַר האָט מען אַדורכגעפירט אָבלאַוועס און רעוויזיעס אויף אַזאַ אופן, אַז אפילו דאָס באַהאַלטן זיך האָט ווייניק געהאָלפן. די מעגלעכקייט צו באַפרייען זיך (דורך אויסקויף־געלט) איז אויך געוואָרן באַגרענעצט.

זייענדיק צווישן די אויסבאַהאַלטענע, האָט זיך מיר איין מאָל פאַרגלוסט אַרויסצוגיין, כדי איינאָטעמען אַ ביסל פרישע לופט און אויסגלייכן די ביינער. נישט לאַנג איז מיר אָבער אויסגעקומען צו פרייען זיך מיטן ליכטיקן און לופטיקן אין דרויסן. אַ שאַרפער „סטוי!“ האָט איבערגעריסן די שטילקייט און באַלד דערנאָך אַ באַפעל „די הענט אין דער הייך!“. כ׳האָב זיך געלאָזט גראָד לויפן, נאָר די אָנגעשטעלטע צוויי ביקסן האָבן מיך ווי צוגעשמידט צוריק צו דער ערד. איצט גיי איך אין באַגלייטונג פון צוויי באַוואָפנטע מענער אין דער קאָמענדאַטור, ווו מען פרעגט, מען פאַרשרייבט און כ׳באַקום אַ פּאַפּירל זיך צוצושטעלן אויף דעם און דעם אָרט. יענעם טאָג האָט מען נאָך אַ ביסל געאַרבעט און צומאָרגנס, נאָכן אויפהייבן זיך גאַנץ פרי, אָפּדאַווענען און עפּעס אָפּעסן — בין איך אַוועק גראָבן אָקאָפּעס צו פאַרטיידיקן פּוילן.

דער פּלאַן פון די אָקאָפּעס איז געצייכנט געוואָרן מיט דער לאָפּעטע אויף דער האַרטער ערד, זיגזאַגיק, כדי קענען שיסן אויפן שונא פון אַלע זייטן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט מיין אַנטציקן זיך מיט דער שיינער לאַנדשאַפט אַרום, די בליענדיקע פעלדער און סעדער. דער עלצטער רופט אויס דעם נאָמען, באַקומסט אַ נומער, אַ לאָפּעטע, אַ האַק און אַן אָפּשניט צו גראָבן. דערנאָך פאַלט דער באַפעל „שנעלער, שנעלער!“ אַ גרופּע פון 3—4 צוואַנגס־אַרבעטער באַקומען צוגעטיילט אַ שטח צום גראָבן. אונדזער טראַדיציאָנעלע יידישע קליידונג איז ווייט נישט געווען צוגעפּאַסט צו אַזאַ סאָרט אַרבעט, באַזונדערס — די לאַנגע קאַפּאָטעס... אונדזערע הענט זענען נישט געוווינט געווען צו גראָבן און אויפהייבן פולע רידלעס מיט ערד. אויסטאָן די קאַפּאָטע און זי לאָזן ליגן אין דער הייך, אויפן אָנשיט, איז געווען אַ סכנה. די פּאָליאַקן פלעגן אַוועקגנבענען אַזאַ מלבוש. דערצו נאָך האָבן זיי אויסגעלאַכט דעם טלית־קטן וואָס האָט זיך אָנגעזען...

אין אונדזער גרופּע האָט זיך אויסגעטיילט מיט

זיין פלייסיקער אַרבעט דער הויכער און דאַרער יידל. מיט סיסטעמאַטישקייט און פּאַכמענישקייט האָט ער געגראָבן ערד, געהיבלעוועט די טירן צו די ניי־אויפגעשטעלטע הייזער און דערביי דערמוטיקט און געהאָלפן אַנדערע. אין מיין גרופּע האָט זיך אויך געפונען טאַדעק, אַ יונגער פּאָליאַק פון אַ שכנותדיק דאָרף. ער איז געווען אַ גוטער יאָט. דאַקעגן געצלען, דעם סוחרס זון, איז שווער צוגעגאַנגען מיט דער אַרבעט, ווייל ער איז נישט געווווינט געווען צו פיזישן אָנשטרענג.

נאָכן ענדיקן אונדזער „נאָרמע", האָט מען זיך באַדאַרפט מעלדן צום עלטסטן, נעמען ביי אים אַ באַשטעטיקונג און אַפּמאַרשירן אַהיים.

אונדזערע אָקאָפּעס האָבן אָבער נישט געשטערט די באָלשעוויקעס צו רוקן זיך פאָראויס און דערגרייכן די טויערן פון וואַרשע. עס באַווייזן זיך נייע מעלדונגען פון דער פּוילישער מאַכט: אַלע פּאַלעניצער איינוווינער דאַרפן פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַוועק קיין פּראַגע און וואַרשע. אין שטעטל ווערט ווידער אַ פּאַניק און טומל. די וואָס האָבן געהאַט קרובים אין דער הויפּטשטאָט — זענען באַלד אַוועק אַהין. אָבער וואָס זאָלן טאָן די וועלכע האָבן נישט צו וועמען צו גיין? באַפעל איז באַפעל — און מען זעט איצט הונדערטער יידן שלעפּן זיך מיט פּעק און פּעקלעך צו דער באַן און קאָלייקע. און וואָס מ'האָט נישט געקענט נעמען מיט זיך — איז באַגראָבן געוואָרן אין דער ערד, אָדער איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט...

איך געדענק נישט פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען די קלאַנגען, אַז ביי די באָלשעוויקעס איז נישטאָ קיין זאַלץ. ווער נאָר ס'האָט געהאַט דערצו אַ מעגלעכקייט, פלעגט אָנזאַמלען וואָס גרעסערע זאַפּאַסן פון דעם אַרטיקל. איצט, אויפן וואַנדער־וועג קיין וואַרשע, האָט מען קודם כל גענומען מיט זיך דאָס ביסל זאַלץ..

לאַנגע וואָכן איז די פּאַלעניצער יידן אויסגעקומען צו וואַלגערן זיך אין דער פרעמד. מיר האָבן געוווּסט, אַז די רויטע אַרמיי איז שוין געווען אין אָטוואָצק. אָבער מיט אַמאָל אַ ידיעה, אַז זיי טרעטן צוריק. דאָס האָבן מיר אויך פאַרשטאַנען פון די גרופּן געפאַנגענע זיירע, וועלכע מ'האָט געפירט איבער די גאַסן פון וואַרשע. דאָס שלעכטע אָנטאָן, די מידקייט און הונגער האָבן זיך גוט אָנגעזען אויף די געפאַנגענע רויטאַרמייער. אַז די באָלשעוויקעס האָבן זיך אָפּגעטראָגן פון וואַרשע, איז דער צוריקקער קיין פּאַלעניץ געוואָרן פריי.

ביסלעכווייז הייבן יידן אָן קומען צוריק. דאָס שטעטל, באַזונדערס די האַנדלאָווע גאַס, האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ שלאַכט. טירן־און־פענצטער — אויפגעריסן, די איבערגעבליבענע זאַכן — צעראַבירט און פאַראַמירט. די לאַגע פון די צוריק געקומענע — אַ קאַטאַסטראָפאַלע. עס האָט אַ סך צייט גענומען, ביז מ'האָט זיך געשטעלט אויף די פיס.

### „סטאַציאַ פּאַלעניצאַ און גמינאַ זאַגאָשטש"

די וואָס האָבן אַמאָל אָנטייל גענומען אין גראָבן אָקאָפּעס אויף אַ צוואַנגס־אופן, האָבן אַוודאי נישט געחלומט וועגן דעם, אַז מען וועט זיי טאַקע וועלן באַצאָלן פאַר דער אַרבעט. די אייגענע אויגן האָבן נישט געגלויבט די פּלאַקאַטן וואָס האָבן זיך באַוויזן אין פּאַלעניץ, אַז די אַלע וואָס האָבן געהאָלפן באַשיצן דאָס פאָטערלאַנד מיטן גראָבן אָקאָפּעס — וועלן באַלוינט ווערן. זיי דאַרפן נאָר אַ געוויסן טאָג זיך צושטעלן אין דער גמינע זאַגאָשטש, וווּ מען וועט אויסצאָלן דעם באַטרעף. די פרייד איז ביי אַלעמען געווען זייער גרויס, צוליב דער פאַראָרעמונג וואָס האָט דאַן געהערשט ביים רוב איינוווינער.

די גמינע זאַגאָשטש איז געווען דער א. ג. אַדמיניסטראַטיווער בעל־הבית איבער פּאַלעניץ. אַלע פאַראָרדענונגען (און גזירות) זענען געקומען פון דאָרטן. נישט איין ייד פלעגט אין זאַגאָשטש אָפּזיצן אין „קאָזע" עטלעכע טעג צי וואָכן, לויט דער גרייס פון דער שטראָף. כדי אָפּקומען די שטראָף, פלעגט מען זיך אויסקלויבן אין ווינטער, ווען אין אַזאַ דאַטשע־אָרט ווי פּאַלעניץ ־איז במילא נישטאָ וואָס צו טאָן. אוודאי זענען די באַדינגונגען פון זאַגאָשטשער אַרעסט נישט געווען קיין אידעאַלע, בפרט פאַר יידן וואָס זענען געווען אָפּגעהיטן מיטן עסן כשר. איך דערמאָן זיך, אַז איינער אַזאַ אַרעסטאַנט, יידל קצב, איז איינמאָל געקומען פון דאָרט אַ צעטומלטער. ער פלעגט כסדר איבער־חזרן „מיין ווייב האָט מיר געקאָכט קאָמפּאָט". און דאָס שטעטל האָט געהאַט וועגן וואָס צו ריידן...

די יונגטלעכע וואָס האָבן געאַרבעט ביי די אָקאָפּעס, האָבן באַשלאָסן צו לאָזן זיך צופוס קיין זאַגאָשטש. דאָס איז פאַר אונדז געווען אַ פיינער שפּאַ־

ציר איבער פעלדער און וואַלד. די זון האָט אונדז ליבלעך און וואַרעם באַגלייט. מ׳האָט זיך דערלויבט אָפּרייסן פרוכטן נישט פון אונדזערע ביימער. מונטער־רע זענען מיר אָנגעקומען אויפן גרויסן גמינע־הויף, ווו ס׳איז שוין געווען פאַרזאַמלט אַ היפּשער עולם, דער עיקר — פון יונגע פּאַליאַקן פון דאָרף וואָס האָבן זיך דערלויבט אויף אַנטיסעמיטיש־כוליגאַנישע שטיק מיט די פאַרזאַמלטע יידן.

צום ערשט האָט מען באַדאַרפט זיך רעגיסטרירן און אַדורכמאַכן די קאָנטראָל וויפל טעג און ווען מ׳האָט געאַרבעט און פעסטשטעלן די סומע וואָס דאַרף ווערן אויסגעצאָלט. ערשט דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּריש שטיין אין דער ריי נאָכן געלט. און דאָ האָבן צוויי כוליגאַנעס אָנגעהויבן טשעפּען מיט יאַנקל קאָשמעש, שטופּנדיק אים אין פּנים אַריין עפּעס אַ געפּגרטע חיה. דערביי האָבן זיי פון אים געפאָדערט צו שרייען „זאָל לעבן פּוילן" און „זאָלן פּגרן די יידן!" יאַנקל האָט זיך אַוועקגעשטעלט גלייך, מיט זיין רעכטער האַנט געוויזן אויף זיך און אויסגערופן „איך וועל שטאַרבן", דערנאָך אויסגעשטרעקט די האַנט אין דער ריכטונג פון די אַנטיסעמיטן און ווייַטער געזאָגט „איר וועט שטאַרבן — און מיר אַלע וועלן שטאַרבן". אַזאַ חוצפּהדיקער ענטפער האָט נישט באַפרידיקט די אַנטיסעמיטן — און זיי האָבן אינטענסיווער געשטופּט דעם פּגר אין יאַנקלס פּנים... די אַנדערע פּאַלעניצער יידן זענען מיט איינגעהאַלטענעם כעס געשטאַנען און זיך צוגעקוקט צו דער סצענע. זיי האָבן גערן געוואָלט העלפן יאַנקלען, ווייל אַזאַ איז געווען די טבע פון פּאַלעניצער — אָבער כל־זמן די כוליגאַנעס האָבן נישט געהויבן קיין הענט, האָבן מיר זיך צוריק געהאַלטן. ווען די צודרינגלעכקייט פון די אַנטיסעמיטן איז געוואָרן שטאַרקער, האָט יאַנקל זיך אויסגעדרייט צום טיש, ווו ס׳זענען געזעסן די שרייַבערס און אויסגערופן:

— פּאַנאָוויע... זשלע! (מיינע הערן... ס׳איז שלעכט!).

— צאָ טאָם זשליע (וואָס איז דאָרט שלעכט?) — פרעגט דער באַאַמטער.

— בידאַ... (צרות...) — האָט יאַנקל נאָך מער זיך אויסגעצויגן און הויך אָפּגעענטפערט.

די כוליגאַנעס האָבן זיך צוריק געצויגן. יאַנקל קושמעש האָט זיך נישט געלאָזט פּראָוואָצירן — און אויסגעפירט זיינס. הגם מיר האָבן באַקומען גוט באַצאָלט פאַר דער אַרבעט, איז די שטימונג ביי די יידן געווען אַ דערדריקטע צוליב דעם פאַל. די גאַנצע געשעעניש האָט זיך שווער געלייגט אויף אונדזער געמיט.

מיט דעם זעלבן וועג זענען מיר צוריק אַהיים. אָבער וועגן דעם פאַל האָט מען נישט גערעדט. ביז עמעץ האָט איבערגעריסן די שטילקייט און דעם האַרבן געמיטצושטאַנד מיט אַן אויסגעשריי:

— סטאַציאַ פּאַלעניצאַ!

מיר זענען צוריק דאָ אין שטעטל...



שלום־עליכם ובנו נומא בנופש בפּאַלניץ (יולי, 1908)
שלום־עליכם און זיין זון נומא אויף דאַטשע אין פּאַלעניץ (יולי, 1908)

## שלום־עליכם, שלום אַש און ה. ד. נאָמבערג אין פּאַלעניץ

אין יאָר 1960, אין הונדערטסטן געבוירן־טאָג פון שלום־עליכם, איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן אין פּאַריז די אויסשטעלונג פון אונעסק"אָ (קולטור, בילדונג און דערציאונג־דעפּאַרטאַמענט פון אונ"אָ), געווידמעט דער דאָזיקער דאַטע. צווישן די פיל בילדער

פון אונדזער גרויסן פאָלקס־שרייבער, האָט זיך מיר באַזונדערס איינגעקריצט אין זכרון אַ בילד, ווי אין אַ הענגבעטל צוגעבונדן צו צוויי ביימער, ליגט שלום־עליכם. און די אויפשריפט האָט דערציילט, אַז דאָס געפינט זיך דער פּאָפּולערער יידישער שרייבער אויף דאַטשע אין פּאַלעניץ... ליידער, געדענק איך ניט צו איז דאָרט אָנגעגעבן אַ דאַטע, אָבער דער עצם אויפשריפט און דאָס בילד, האָבן ביי אַ פּאַלעניצער ייד אַרויסגערופן פיל רעפלעקסן און דערינערונגען.

פּאַלעניצער האָבן געוווּסט, אַז נישט נאָר פּאָר סתם יידן איז אונדזער דאַטשע־אָרט געווען צוציִענדיק, נאָר שרייבער, קינסטלער און אַנדערע יידישע פּערזענלעכקייטן, פלעגן אָפט קומען אַהין אויף זומער־אָפּרו. אין די חדשים מאַי, יוני, יולי, אויגוסט און אַפילו סעפּטעמבער, פלעגט טאָג־טעגלעך די באַן און קליינבאַן אַרויסוואַרפן הונדערטער און הונדערטער מענטשן, ווי נאָר זיי האָבן דערהערט דעם אויסגעשריי „סטאַציאַ פּאַלעניצאַ". און צווישן די יידן פון אַ גאַנץ יאָר — אויך באַוווּסטע פּען־מענטשן, גייסטיקע ריזן פון אונדזער ליטעראַטור און קולטור.

איין מאָל האָט מען אויף די גאַסן פון פּאַלעניץ באַמערקט שפּאַצירן צוויי יידן. איינער — אַ הויכער, אַ פעסט־געבויטער און ברייט־פּלייציקער מאַן מיט וואָנצעס. דער צווייטער — אַ קליינער, דאַרער, מיט אַ שטעקן אין האַנט, ווי דער ערשטער. אַ נענטער איינקוקן זיך אין די צוויי געשטאַלטן, האָט שוין קיינעמען נישט אַריינגעפירט אין אַ טעות. שלום אַש און ה. ד. נאָמבערג האָבן געמיטלעך שפּאַצירט און פריינדלעך געשמועסט. הערשל גרינבוים האָט מיט באַגייסטערונג אויסגערופן:

— חברה, אָט האָט איר אַשן מיט נאָמבערגן...

מיר זענען צו נענטער, דערלאַנגט יעדן פון זיי אַ האַרציקן „שלום" און אונדזער פּרווו מיט זיי צו פּאַרפירן אַ שמועס, האָט זיך נישט איינגעגעבן. אַ סברה, אַז די געסט האָבן געוואָלט פּאַרענדיקן זייער געשפּרעך און אויך געניסן פון שפּאַציר. זיי האָבן נאָר געבעטן ביי הערש־מאָטל מאַשינסקי ער זאָל ווייטער זינגען, ווייל פריער האָבן זיינע לידער און שיך גרוזאַנג זיך געלאָזט הערן אויף מרחקים. שפּעטער איז מיר געלונגען אַריין צו פירן די צוויי שרייבערס אין אַ צימער, וווּ ס'איז געווען פאַרזאַמלט יוגנט פון פּאַלעניץ און שווידער — און מיר האָבן מיט זיי פּאַרברענגט אַ וווּנדער־באַרן אָוונט.ביידע שרייבערס האָבן האַרציק געלאַכט, ווען הערש־מאָטל האָט ווידער גענומען זינגען „אַ חסיד איז געפאָרן צום רבין אַ שאלה פרעגן"...

## דער שטרייק פון יידל כאַלאַטל

קעגנאיבער דעם פּאַלעניצער בית־המדרש האָט געוווינט הענעך סטאָליער. סיי זומער, סיי ווינטער, פלעגט ר׳ הענעך קומען יעדן שבת און יומטוב אין בית־המדרש, מיטן אָנגעטוענעם טלית. די נאָענטקייט פון בית־התפילה האָט הענעכן אַוועקגעשטעלט אין אַ פּריווילעגירטער לאַגע: ער האָט נישט באַדאַרפט אָנטאָן אַן אויבער־מלבוש, ווען ער איז געגאַנגען דאַווענען; און אויב אין איינעם פון די יומטובים איז געווען אין בית־המדרש אַן איבעריקער מנין יידן, האָט מען ביי אים אין שטוב געלייענט און אויפגערופן צו דער תורה. דערפאַר פלעגט ער נאָכן דאַווענען פאַרבעטן צו זיך אַהיים אויף קידוש.

ר׳ הענעך איז געווען אַ פּוריסאָווער חסיד, הגם ער האָט זיך קנאַפּ אויסגעקענט אין די קליינע אותיות. נאָר געדאַוונט האָט ער אין אומפּאַרטייאישן בית־המדרש. שבת און יום־טוב האָט ער אָנגעטאָן זיין שייַנע, זיידענע קאַפּאָטע, אָבער אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט האָט צוגעצויגן דער טלית מיט זיין פּרעכטיקער זילבערנער עטרה.

ר׳ הענעך האָט געפירט אַ סטאָליעריי־וואַרשטאַט, וועלכער האָט זיך כסדר אַנטוויקלט. געאַרבעט ביי אים האָט זיינער אַ לאַנדסמאַן, ר׳ יידל. ביידע האָט פאַרבונדן זכרונות פון פּוריסאָוו. באַזונדערס האָט מען זיך דערציילט פון אַמאָל, בעתן קידוש יעדן שבת און יומטוב, אויף וועלכן יידל איז גאַסטפריינטלעך פאַרבעטן געוואָרן דורך זיין אַרבעטגעבער. מע האָט זיך דערמאָנט פאַרשידענע קוריאָזן פון שטעטל, גערעדט וועגן די יידן דאָרט. נאָר מערקווירדיק, אַז בעת אַזעלכע אינטימע צוזאַמענטרעפן, האָט מען מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן דער אַרבעט, וואָס ביידע האָבן געטאָן אין דעם זעלבן וואַרשטאַט און אוודאי און אוודאי נישט — וועגן די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן דעם אונטערנעמער און זיין אַרבעטער. און אַז יידלען האָט זיך יאָ אַמאָל פאַרגלוסט צו באַרירן די טעמע, אגב אורחא, ווען מ׳איז געווען עטוואָס אויפגעלייגט — האָט הענעך שטענדיק איבערגעריסן זיי־

נע רייד מיט אַ... לחיים! מ׳האָט איבערגעדרייט נאָך אַ גלעזל — און דאָס געשפּרעך האָט זיך ווידער געפירט וועגן פּוריסאָוו, מיט אַ פרומען ווונטש, אַז „ברוך השם זאָל געבן מ׳זאָל זיין געזונט". די ברכה איז געווען פאַר יידלען אַ סימן, אַז ער מעג שוין גיין. נאָר פריער האָט ער זיך גלייך געמאַכט זיין קליין בערדל, צוגעגלעט די וואָנצעס, גענומען דעם טלית — און מיט אַ לייכטן פאַרנייגן זיך — אויסגערופן „אַ גוטן שבת", אַ קוש געגעבן די מזוזה און שטיל זיך אַרויסגערוקט.

ווייט צו גיין — האָט ער נישט געהאַט. בלויז אַ קערעווע אויף לינקס, אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט — און ער איז שוין ביי זיך אין שטוב. דאָ, ווי דער שטייגער, האָבן אים אָפּגעוואַרט זיין פרוי און די קינדער.

נאָר אויף דעם קורצן וועג האָבן יידלען נישט פאַרלאָזט די מחשבות, וועלכע פלעגן לעצטנס עגבערן זיין מוח: „רעכט האָט זי דאָך, מיין ווייב — פאַרוואָס טאַקע זאָל איך נישט פאָדערן קיין הוספה?!"

חנה, יידלס פרוי, האָט נישט אויפגעהערט דערמאָנען יידלען, אַז „די שלעכטע מלחמה־יאָרן זענען שוין אַריבער, מען בויט ווידער הייזער, אַפילו אין ווינטער מאַכסטו טירן מיט פענצטער — און דיין פרנסה־געבער, יידלען, פאַלט אַפילו נישט איין צו זאָגן: הונט, טייוול, איך דערלייג דיר עטלעכע גראָשן אויף דער וואָך... ער קויפט דיך אָפּ מיט אַ גלעזל בראָנפן יעדן שבת, אָנשטאָט זאָלסט ביי אים נעמען מערער און זיך אַליין קויפן אַ פלעשל משקה".

יעדן שבת, נאָכן אומקערן זיך פון הענעכס קידוש, האָט יידל געמוזט אויסהערן חנהס רייד. זי איז שוין פון לאַנג געווען קעגן דעם, אַז ער זאָל ביי הענעך סטאָליער מאַכן אַ לחיים — און אָנשטאָט דעם פאָדערן אַ לוין־הוספה. חנה האָט געהאַט צוויי וויכטיקע סיבות פאַר אַזאַ פאָדערונג.

ערשטנס — דאָס שמייכעלע פון קאָפּל שפּיז־קרעמער, ביי וועמען חנה האָט גענומען אויף באָרג אַ גאַנצע וואָך. „איר ווייסט — האָט קאָפּל געזאָגט — איר האָט שוין אַ ‚געשוואָלענעם׳ בוך..." אַ פאַרשעמטע, פריער זיך אומקוקנדיק צי קיינער האָט נישט געהערט קאָפּלס רייד, האָט זי געענטפערט: „ר׳ קאָפּל, איר ווייסט דאָך, פרייטיק באַקומט מיין מאַן אויסגעצאָלט, דעמאָלט גיב איך אייך אַ קאָנטע". פונדעסטוועגן האָט חנה געמוזט עטלעכע מאָל איבערן חודש אויסהערן קאָפּלס באַמערקונגען וועגן געשוואָלענעם בוך און בלייבן אין גרויס פאַרלעגנהייט. ערשט אין דער היים האָט זי ווידער גענומען איינטענהן מיט יידלען: — „דו ווייסט אַז איך בין נישט קיין אויסברענגעריין, אין שטוב זענען נישטאָ קיין זולל־וסובאס. די אַרבעטסט שוין יאָרן ביי הענעכן — און אַלץ פאַרן זעלבן געלט. קאָפּל פאַרפּאַטשט מיר דאָס פּנים. פאַרוואָס זאָל איך נישט קענען צאָלן ביים קויפן?"

צווייטנס — גאָלדע די וואַטע־הויזן... דעם נאָמען האָט זי באַקומען ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען זי האָט פון דעמבלין געשמוגלט פאַרשידענע באָבעס, מעל, זאַלץ. קיין הויזן האָט זי נישט אָנגעטאָן, נאָר עטלעכע קליידער מיט אונטערקעשענעס, וווּ זי האָט אַריינגעלייגט די געשמוגלטע סחורה. האָט מען איר צוגעקלעפּט דעם צונאָמען וואַטעהויזן — און קיינער האָט זי שוין אַנדערש נישט גערופן. גאָלדעס מאַן, פון פאַך אַ בעקער, איז געווען אַ קנאַפּער ריידער און אויך אַזאַ — פאַרדינער. אָבער גאָלדע האָט געהאָלפן צו דער פרנסה און ביי זיי אין שטוב איז נישט געווען אַזאַ דוחק אין גראָשן. חנה האָט אָבער געוווּסט נאָך עפּעס פון גאָלדעס מאַן: אַז ער איז געוואָרן אַ מיטגליד אין בעקער־אַרבעטער־פאַראיין, אויך זיינע קינדער זענען דאָרט טעטיק און אַז אַלע בעקערס האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ קלענערן אַרבעטס־טאָג און צו אַ גרעסערן לוין. גאָלדע האָט זיך צוגעהערט צו די געשפּרעכן פון אירע קינדער וועגן דעם פאַראיין און די אופנים וועלכע די אַרבעטער ווענדן אָן צו פאַרבעסערן זייער לאַגע. דאָס אַלץ האָט זי איבערדערציילט איר שכנה חנהן, יידלס ווייב. און ביידע פרויען פלעגן שעהן־לאַנג שמועסן וועגן די וואַקסנדיקע אויסגאַבן, וועגן שטייגנדיקן יקרות און — די פאַרפרוירענע לוינען. הגם חנה האָט אויסבאַהאַלטן פאַר גאָלדען איר מאַנס פאַרדינסטן האָט זי דאָך איינמאָל דערציילט דעם אמת... און גאָלדע, אַ דערשטוינטע פון דעם קליינעם געהאַלט, וועלכן איר הענעך האָט אַזוי באַקומען יאָרן־לאַנג, האָט זי אָנגעהויבן צו געבן חנהן עצות ווי אַזוי דערגרייכן מער... און דאָ האָט זי זיך אָנגעבויגן צו דער שכנהס אויער און אַרויסגערעדט:

— אַ ש ט ר י י ק!

דאָס וואָרט האָט זיך טיף איינגעקריצט אין חנהס זכרון. דערווייל האָבן זיך ביידע פרויען געכאַפּט, אַז מע דאַרף צוגרייטן וועטשערע. חנה איז אַריין אין

שטוב מיט אַ פעסטן באַשלוס: פאָדערן פון יידלען מער אַנטשלאָסנקייט כלפּי הענעכן.

גערעדט — און געטאָן!

*

אין אָוונט האָט זיך יידל אומגעקערט פון דער אַרבעט — אַ מידער און שווייגנדיקער. אָבער חנה האָט באַשלאָסן נישט צו שווייגן. אַז יידל האָט אָפּגעגעסן און נאָך אַלץ געפילט הונגער, האָט ער גענומען אַ פּענעץ ברויט, אים צעשניטן אויף שטיקעלעך און זיי איינגעטונקען אין זאַלץ. חנה האָט זיך צוגעזעצט, אָנגעהויבן צונויפפליגן די צעראַטע, כדי ציען אויף זיך זיין אויפמערקזאַמקייט — און ווידער מיט אים איינגעטענהט דאָס וואָס ער האָט שוין אַזוי פיל מאָל געהערט פון איר. אַזוי ווי יידל האָט אַלץ געשוויגן, האָט חנה אויפגעהויבן איר קול און אַ זאָג געטאָן:

— דו וועסט מאַכן אַ שטרייק!...

אַרויסגעזאָגט די ווערטער, האָט זי אים געקוקט גלייך אין די אויגן, זוכנדיק דאָרט זיין הסכמה. זי האָט געפילט, אַז יידלען געפעלט יאָ דער געדאַנק, אָבער איר מאַן האָט בלויז אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט — „ביסט טאַקע גערעכט, נאָר פלענער לאָז מיך מאַכן״.

אַ גאַנצע נאַכט האָט יידל נישט צוגעמאַכט קיין אויג. דעם ווייבס רייד און דער עיקר — איר פאָדערונג צו דערקלערן אַ שטרייק — האָבן אים נישט געלאָזט שלאָפן. ער האָט צום וויפלטן מאָל געטראַכט, אַז זי איז פאָרט גערעכט. יאָ, אַ שטרייק — אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

ערשט אין די קליינע נאַכט־שעהן איז ער געקומען צום באַשלוס, אַז קודם־כל וועט ער דעם נאָענטסטן שבת נישט גיין צו הענעכן אויף קידוש. יאָ, פרייטיק, ווען דער בעל־הבית וועט אים אויסצאָלן דעם וואָכן־געהאַלט, וועט ער מאַכן אַזאַ מינע, אַז הענעך זאָל זען דאָס ער איז אומצופרידן. און זונטיק? זונטיק וועט מען זען, מן־הסתמא וועט זיך שוין שטרייקן...

אַ מונטערער, איז יידל צומאָרגנס אַוועק צו דער אַרבעט. דער הובעל איז געפלויגן אין זיינע הענט מיט אַ פלינקייט, וואָס ער האָט נישט געפילט שוין לאַנגע יאָרן. נישט געקוקט אויף דער שלאָפלאָזער נאַכט, איז יידל געווען מונטער, האָפערדיק, הגם נישט איין מאָל איז אים געקומען אויפן געדאַנק אַ מחשבה: ווער ווייסט, אפשר וועט ער זיך דאַרפן געזעגענען מיטן וואַרשטאַט און מיט הענעכן, מיט וועמען ער איז אַזאַ לאַנגע צייט געווען פאַרבונדן?

פרייטיק פאַרנאַכט, אַז יידל האָט זיך געקליבן צו גיין אַ היים, האָט אים הענעך אויסגעצאָלט דעם וואָכן־לוין. נאָר דאָס מאָל האָט יידל געהאַלטן דאָס געלט אין דער האַנט, ווי ער וואָלט זיך געוואָקלט עס אַריינצולייגן אין טאַש אַריין. דער בעל־הבית האָט עפּעס דערפילט און אַ זאָג געטאָן:

— האָב מיר אַ גוטן שבת, יידל...

— דו אויך — איז געקומען אַן ענטפער.

יענעם פרייטיק־צו־נאַכטס האָט מען ביי יידלען אין שטוב נישט גערעדט וועגן דער אַרבעט, הענעכן, הוספה. חנה, פונקט ווי איר מאַן, האָבן אין געדאַנק געוואָלט דערלעבן דעם זונטיקדיקן טאָג. וואָס וועט ער ברענגען?

שבת פרי האָט יידל זיך געגרייט צו גיין אין בית־המדרש, פאַרביטן דאָס וואָכעדיקע, מלאָזשענע כאַלאַטל, אויף דער שיינער קאַפּאָטע, געטוישט אויך דאָס היטל — און מיט גיכערע טריט ווי תמיד זיך אַוועקגעלאָזט דאַווענען. אין בית־מדרש האָט ער נערוועיש געמישט דאָס סידורל — ער איז געווען געשפּאַנט אַנטקעגן דעם מאָמענט פון ענדיקן דאָס דאַווענען, ווען הענעך וועט אים, ווי דער שטייגער, פאַרבעטן אויף קידוש. זיין באַשלוס איז געווען: אַרויסדרייען זיך אומבאַמערקט, זאָל אים דער בעל־הבית נישט זען. עס איז דאַן געווען זומער, פיל מתפללים, איבערהויפּט די יוגנט, זענען געשטאַנען אין פאָליש, ווו מען האָט מערער גערעדט, ווי געדאַוונט. יידל איז פריער אַרויס אין פאָליש — און ווי נאָר דאָס דאַווענען האָט זיך דערנענטערט צום סוף, האָט ער זיך שנעל אָפּגעטראָגן...

— אַ גוט שבת — האָט הילכיק אָפּגעקלונגען יידלס קול, ווען ער איז דאָס מאָל אַהיימגעקומען פריער ווי שטענדיק.

אויף דער ענטפער פון חנהן מיט די קינדער איז געווען אַן אַנדערער, אַ מער פריילעכער:

— אַ גוט שבת, גוט יאָר!

אָפּגעגעסן האָט מען שטיל, נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. נאָכן בענטשן, זענען די קינדער זיך צעלאָפן — יידל איז אַריינגעקראָכן אין בעט. חנה האָט נישט געקענט אויסהאַלטן און אים געפרעגט, צי האָט

אים העגעך נישט באַמערקט ביים אַהיימגיין פון בית־המדרש ?

— יאָ געזען, נישט געזען — ערשט זונטיק וועט ער דערזען...

און יידל איז איינגעשלאָפן.

*

אָבער העגעך האָט נישט געקענט איינשלאָפן. וואָס הייסט ? ס׳איז דאָך נישט געווען קיין איין שבת צי יומטוב, אַז יידל זאָל נישט קומען אויף קידוש נאָכן דאַווענען. און היינט — אַ מין פאַרשווונדן, אַן אָפּטראָגן זיך. ער האָט זיך אויך דערמאָנט יידלס אויפּפירונג מיט אַ טאָג פריער, ווען ער האָט באַקומען אויסגעצאָלט פאַר דער וואָך... און נאָך עפּעס האָט העגעכן געפעלט יענעם שבת — די דערינערונגען פון פוריסאָוו, די געמיינזאַמע בענקשאַפט און זכרונות פון שטעטל און אירע מענטשן, צו וועלכע העגעכס קינדער פלעגן תמיד זיך צוהערן מיט גרויס נייגיר און דערביי טראַכטן, אַז די זעלבע מעשה קונדאַס וואָס זייער טאַטע האָט אָפּגעטאָן דעם מלמד פון פוריסאָוו, טוען זיי היינט אין פאַלעניץ...

דעם אמת געזאָגט, האָט העגעכן פאַרדראָסן אַזאַ פירעכץ פון געזעלן. „וואָס הייסט — און אַז ער וויל אַ פּאָר גראָשן מער, פאַרוואָס זאָל ער ניט זאָגן ? אַ שיין פנים וועל איך האָב אין פאַלעניץ — יידל כאַלאַטל אַ שטרייקער, דערצו נאָך קעגן זיין בן־עיר העגעך סטאַליאַזש... מילא, מע וועט זען זונטיק”.

ווי פאַרשידנאַרטיק דאָס לעבן האָט זיך געפירט ביי בײדע משפחהס, האָט זיי איצט פאַראייניקט דאָס וואַרטן אויפן מאָרגנדיקן טאָג. און ער איז סוף־כל־סוף געקומען.

יידל האָט זיך אויפגעהויבן, רואיק אָפּגעדאַוונט, לאַנגזאַם געגעסן און פאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר פון זיין שטוב, איז ער דאָס מאָל ניט געגאַנגען אויף דעם אויסגעטראָטענעם און גוט־באַקאַנטן וועג, אויף וועלכן ער האָט אַזוי פיל יאָרן געשפּאַנט צו העגעכן אין וואַרשטאַט, נאָר זיך אַוועקגעלאָזט גלייך, ביזן עק פון גאַס. דאָס גיין איז אַמאָל איבערגעריסן געוואָרן מיט אַ „גוט מאָרגן, יידל”, — „גוט יאָר, הערשל”. דערביי האָט זיך הערשל אומגעקוקט און געטראַכט : „וואָס קומט דאָ פאָר מיט אונדזער יידלען ? ער דאַרף דאָך איצט זיין ביי דער אַרבעט ?” יידל האָט זיך דערווייל שפּאַצירט ביז דעם שלאַבאַן, זיך אָפּגעשטעלט, פאַרויכערט אַ סיגאַרעט, זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, גלייך ער וואָלט זיך אַליין געוווּנדערט : „פונוואַנען האָב איך זיך דאָ גענומען ?” אויך פאַלעניצער יידן האָבן ווער אויפן קול און ווער זיך אַליין שטיל געפרעגט : „פונוואַנען האָט ער זיך היינט גענומען ?” איינער האָט אים פאַרטשעפּעט, צי ער פאָרט קיין וואַרשע, אַ צווייטער האָט אים האַלב־שפּאָטיש, האַלב ערנסט אַ זאָג געגעבן : „וואָס עפּעס אַן אָנשיקעניש אויף דיר, יידל ?” דער עולם נייגעריקע אַרום אים איז געוואָרן גרעסער. יידל האָט זיך נישט פאַרלוירן, אַרויסגענומען רואיק דעם סיגאַרעט פון מויל, אים אויסגעלאָשן, אַריינגעלייגט אין וועסטל־קעשענע — און אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויפן שבתדיקן כאַלאַטל, האָט ער אַ זאָג געגעבן ווי צו זיך :

— איר זעט. דאָס כאַלאַטל האָט היינט פאַרשטרייקט...

אַז דער עולם האָט אים אָנגעקוקט פאַרחידושט און נישט געוווּסט אַ וואָרט אַרויסצורײדן, האָט יידל ממשיך געווען :

— אַזוי ווי איר זעט. אמת, ווי קען אַ יידל סטאָליאַזש פאַרשטרייקן קעגן אַ העגעך פוריסאָווער ? נאָר דאָס כאַלאַטל איז דער שטרייקער...

און יידל נעמט דערציילן באריכות וועגן זיין אַרבעט און קאַרגן לוין, וואָס האָט אים דערפירט אין אַ פּראָסטן זונטיק אָנצוטאָן דאָס שבתדיקע מעלאַזשענע כאַלאַטל. דער עולם שאָקלט צו מיט די קעפּ, מע גיט אים גערעכט און עטלעכע טרעגערס פאַרבעטן אים אַפילו צו דער שוואַרצער אסתר אין קאַוויאַרניע. אַלעמען איז געפעלן געוואָרן יידלס קאַמף, און דער עיקר האָט דער עולם הנאה געהאַט פון זיין זאָג, אַז שטרייקן שטרייקט גאָר דאָס כאַלאַטל... און בשעת מעשה האָט אים אַלע מאָל ווער געפרעגט, צי ער דאַרף ניט עטלעכע זלאָטעס. יידל איז געווען זייער צופרידן וואָס מ׳איז גרייט אים העלפן אין אַן עת־צרה. ער האָט אויפריכטיק באַדויערט, הלמאי ר׳האָט דעם שטרייק ניט אָנגעהויבן פיל פריער.

די זון איז שוין געשטאַנען הויך אויפן פאַלעניצער הימל — די מיטאָג־שעה איז אָנגעקומען. יידל האָט באַשלאָסן גיין אַ היים. אויפן וועג האָט ער צום וויפלטן מאָל איבערגעחזרט די רייד, וועלכע ער האָט היינט געלאָזט הערן פאַר די מענטשן אין שטאָט. ער

האָט זיך געפילט איצט שטאַרק, גערעכט און פעסט: „אונטער 5 זלאָטעס אַ הוספה — נעם איך ניט!".

אַהיימקומענדיק, האָט די ווייב געוואַרט אויף אים מיטן עסן און אויך דערוואַרט נייעס. יידל האָט ניט געהאַט קיין סך וואָס איבערצוגעבן. חנה האָט אים געבעטן, אַז ווען ער וועט נאָכן מיטאָג צוריק גיין אין שטאָט אַריין, זאָל ער ניט גיין דורך דער האַנדלאָווע. קאָפּל שפּיקרעמער טאָר אים ניט זען אין אַ וואָכעדיקן טאָג אָנגעטאָן אין יומטובדיקן כאַלאַט. אַז ער וועט נאָך וויסן דאָס צוליב אַ שטרייק שפּאַצירט יידל אין גאַס — וועט ער אוודאי באַלד אָפּשטעלן דעם קרעדיט... יידל האָט איר נישט געענטפערט. נאָר לאָזנדיק זיך אין שטאָט אַריין, איז ער יאָ פאַרבייגעגאַנגען קאָפּלס קראָם מיטן „געשוואָלענעם בוך..."

*

אַז הענעך האָט דערזען אין דער פרי, אַז יידל איז נישט דאָ, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז נישט אַ קראַנקהייט, צי אַן אַנדערע סיבה האָט דערפירט דערצו, אַז זיין טרייער און פּינקטלעכער אַרבעטער זאָל פאַרפעלן קומען צו דער אַרבעט. ער האָט נאָך נישט געהאַט פאַרגעסן יידלס אויפפירונג פרייטיק פאַרנאַכט און דאָס אַרויסדרייען זיך בעכטן פון אַ קידוש. ווען ס'איז אַריבער נאָך אַ שעה, אַ צווייטע, איז פאַר הענעכן געוואָרן קלאָר: זיין אַרבעטער האָט פאַרשטרייקט. ער האָט מיט ברען זיך אַ נעם געגעבן צו דער אַרבעט — אָבער ס'איז נישט געגאַנגען. אַלע מאָל אויפגעהערט, געלאָפן אין דרויסן אַ קוק געבן אפשר פאַרט וועט יידל זיך באַווייזן, צוריק אַריין אין וואַרשטאַט. די אַרבעט איז אָבער נישט געגאַנגען. „אייגנטלעך — האָט הענעך געטראַכט — וואָלט איך אים עפּעס דערלייגט, נאָר גיין בעטן — דאָס וועל איך נישט טאָן".

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. יידל איז געקומען אַ היים און זיין ערשטע פראַגע, נאָך אויף דער שוועל, איז געווען, צי מ'האָט אים געזוכט. די גאַנצע משפחה האָט ווי אין כאָר געענטפערט, אַז ניין. יידל האָט זיך אַוועקגעזעצט צו דער וועטשערע, שטיל און שנעל אָפּגעגעסן.

דאַקעגן הענעך איז שוין נישט געווען אַזוי שטיל. אין אים האָט אַלץ געקאָכט און געברויזט. באַשטעלונגען זענען געווען אַ סך, גראַד טערמיניקע. דערלייגן אים, ווילט זיך יאָ — נאָר ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? דעם געשפּרעך מיט זיך האָט ער געפירט אויפן קול, די גאַנצע משפחה האָט געהערט און מיטגעפילט זיינע ראַנגלעניש. פּלוצעם רופט זיך אָן זיין מיטלסטער זון:

— ווייסטו וואָס, טאַטעשי, איך גיי אַהער ברענגען יידלען.

אַלע ביים טיש האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט, נאָר געוואַרט ווי אַזוי וועט הענעך רעאַגירן.

— און וואָס וועסטו אים זאָגן? אַז מיין טאַטע האָט אייך געשיקט רופן? ניין, נישט אַזוי. זאָג אים, אַז די ג אַ נ צ ע משפחה האָט מיך געשיקט פרעגן צי איר זענט געזונט. אויב יאָ — זייט־זשע מוחל און קומט אַריבער צו אונדז.

אין עטלעכע מינוט שפּעטער האָט אין יידלס הויז זיך באַוויזן דער שליח פון בעל־הבית, איבערגעחזרט די איינלאַדונג און באַלד אויפן אָרט געהערט דעם ענטפער:

— זאָג דעם טאַטן אַז איך קום באַלד.

הענעכס זון איז אַוועק — און ביי יידלען אין שטוב איז געוואָרן היימלעכער. ער האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן, צו צו דער טיר און ווי נאָר ר'האָט זי געוואָלט עפענען, דערהערט ער חנהס דערמאָנונג:

— הערסט, יידל, ווייניקער פון 4 זלאָטעס אַ וואָך זאָלסטו נישט נעמען...

יידל האָט אַ שמייכל געטאָן, ווי ער וואָלט געזאָגט: „מ'עט שוין זען..."

אויפן וועג האָט ער געטראַכט, אַז אויב הענעך האָט נאָך אים געשיקט — וועט ער באַצאָלן... מיט זיכערקייט האָט ער אָנגענומען די קליאַמקע פון הענעכס טיר און מיט אַ הויכן „גוט נ'אָוונט" איז ער אַריין אין שטוב פון זיין בעל־הבית.

— אַ גוט נ'אָוונט, אַ גוט יאָר — האָבן אים אַלע אָפּגעענטפערט.

נאָכן בעטן אים זעצן, פרעגט די בעל־הביתטע יידלען, צי ער וויל אַ גלאָז טיי. „אַ דאַנק, ערשט איצט אָפּגעגעסן". נאָר הענעך מישט זיך אַריין:

— ביסט נישט געווען שבת ביים דאַווענען.

— כ'בין יאָ געווען...

— טאָ ווו ביסטו אַנטרונען געוואָרן?

— כ'בין נישט אַנטרונען געוואָרן, נאָר זיך געאיילט אַ היים.

העכער אַ שעה צײַט האָט זיך אַזוי געפירט דאָס געשפּרעך אין דער פאָרם פון קורצע אָפּגעהאַקטע שאלות און תשובות. ביז הענעך האָט ענדלעך אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס ביסטו היינט נישט געקומען צו דער אַרבעט?

— דו קענסט מיך, הענעך, איך וואָלט דאָס אפשר געלאָזט לויפן — נאָר זי, מײַן ידענע. שוין וואָכן און חדשים ווי זי האַלט אין איין אַרײַנרעדן אין מיר, אַז כ׳פאַרדין נישט גענוג, אַז דאָס בוך אין געוועלבל ווערט אַלעמאָל געשוואָלן פון פאַרשרייבן דאָרט מײַן חוב און זי וויַזט מיר אויף, אַז אַנדערע מענער גייט איצט פיל בעסער, זיי האָבן באַקומען הוספהס און פאַרדינען מער ווי פריער. זאָג, הענעך, דו אויף מײַן אָרט, וואָלסט דאָך אײַ צוגעגעבן געזעצט...

— און צוליב דעם ביסטו היינט נישט געקומען צו דער אַרבעט? — הענעך לייגט אַרויף זיין האַנט אויף יידלס אַקסל. — גוט, קום מאָרגן צו דער אַרבעט, מיר וועלן שוין אַדורכקומען...

— פאַרשטייסט דאָך אַליין, הענעך, אַ וואָסער פּנים וועל איך האָבן פאַר דער ווייב און קינדער, ווי אויך פאַר די שכנים, אַז זיי אַלע וועלן מיך פרעגן: וויפל האָט דיר הענעך דערלייגט? דאַרף איך אויף דעם ענטפערן „מעט זען?“ נאָך דעם אַלעמען ווי מײַן ווייב האָט אין מיר אַזויפיל אַרײַנגערעדט וועגן געשוואָלענעם בוך און די קנאַפּע פאַרדינסטן?

און אַנווייזנדיק אויף זיין מעלאַזשן שבתדיקן כאַלאַטל:

— אַז איך האָב שוין יאָ אין אַ פּראָסטן זונטיק אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ שבתדיק בגד — וויל איך איצט אַהיימגיין מיט אַ קלאָרער תשובה.

— אַזוי גאָר — פרעגט הענעך, — די גאַנצע שטאָט ווייסט שוין פון דיין שטרייק?

— ווי גרויס איז דען די שטאָט? גענוג אַדורכצוגיין די האַנדלאָווע גאַס, אַלע זאָלן פאַרשטיין אַז איך אַרבעט נישט. און צוריק געשמועסט, הענעך, וואָס איז די חרפה אַז איך פאַרלאַנג מער פאַר מײַן אַרבעט? בפרט נאָך, אַז אַלע סטאָליערעס פאַרדינען מער פון מיר.

הענעך כאַפּט זיך אָן אין דער לעצטער טענה:

— אָבער זיי אַרבעטן דאָך בלויז סעזאָנען, בעת דו האָסט ביי מיר אַרבעט אַ גאַנץ יאָר. אַפילו ווינטער אַרבעטסטו טיר־און־פענצטער, וואָס איז ביי מיר ליג־סחורה...

— יאָ, הענעך, דו ביסט קיין עין־הרע אַ נגיד, קענסט זיך דערלויבן צו אַרבעטן אויף זאַפּאַס, דו קענסט אויסהאַלטן ביז זומער, ווען דיין סחורה ווערט פאַרצוקערט.

הענעך וויל איצט ניט הערן די אַלע רייד. ער פרעגט:

— וויפל פאַרלאַנגסטו אַ הוספה?

— 5 זלאָטעס. — און ווי צו זיך: — אַזוי פיל גיט מען מיר...

אויף הענעכס פּנים הייבן אָן שפּילן פאַרבן. נישט נאָר ער, נאָר די גאַנצע משפחה וואָס האָט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך — איז איבעראַשט. זיי האָבן געמיינט, אַז עס האַנדלט זיך אין גראָשנס, און דאָ גאָר — 5 זלאָטעס אַ וואָך.

— דו ווייסט וואָס עס הייסט 5 זלאָטעס אַ וואָך? שטעל זיך פאָר וויפל דאָס הייסט אויפן חודש, אַ יאָר? דו האָסט מן־הסתמא ניט געטראַכט...

יידל האָט אָבער יאָ געטראַכט, אַז ער מוז נעמען מערער וויפל די ווייב האָט אים באַשטימט — 4 זלאָטעס. אויסער דעם האָט ער זיך צוגעהערט צו דעם מבול רייד פון הענעכן וועגן באַנקראָט, וועגן שטעלן בדיל־הדל, וועגן זייער געמיינזאַמער יוגנט אין פּוריסאָוו, דער אַריבערפאָר קיין פאַלעניץ, — און וואָס לענגער הענעך האָט גערעדט, אַלץ שטאַרקער און גערעכטער האָט זיך יידל געפילט אין זיין פאָדערונג. און הענעך פרעגט:

— טאָ ווו האַלטן מיר, יידל?

— דו דערציילסט און פרעגסט מיך ווו מע האַלט?!...

— ניין, איך מיין ווו האַלטסטו מיט דער הוספה?

— איך מיין, אַז כ׳האָב שוין געזאָגט. דאַרפסט נאָר מאָרגן מיך הייסן קומען צו דער אַרבעט.

הענעך האָט אָבער ווידער אָנגעהויבן זיך דינגען — און שוין מסכים געווען אויף 4 זלאָטעס. נאָר יידל האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז אויף דער סומע טאָר ער בשום אופן נישט איינגיין, זאָל נישט הייסן אַז די ווייב באַשטימט ביי אים אַלץ... און אַז ער האָט דערהערט הענעכס „לעצטע וואָרט“ 4 זלאָטעס מיט 25 גראָשן אַ וואָך — האָט ער איינגעשטימט.

שוין נאָכן זאָגן „אַ גוטע נאַכט“, האָט יידל זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טיר:

— און פאַרן היינטיקן טאָג קומט מיר באַצאָלט — און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער זיך שנעל אַרויסגעשאַרט פון שטוב.

הענעכס בני־בית איז געבליבן זיצן געפּלעפּט. הענעך אַליין האָט ווי פאַרלוירן דאָס לשון און געני־מען נערוועיש שפּאַנען איבערן צימער. אָט שטעלט ער זיך אָפּ און רעדט אויפן הויכן קול:

— ער האַלט מיך פאַר אַ נאַר. אין גאַס האָט ער געזאָגט, אַז נישט ער שטרייקט, נאָר זיין כאַלאַטל. דאָ האָט ער געזאָגט, אַז נישט ער פאָדערט די הוספה — נאָר זיין ווייב. און איך זאָג, אַז דאָס איז ער, נאָר ער אַליין האָט אַלץ אָנגעמאַכט. און צוריק געשמועסט — פאַר וואָס נישט? אַז די בעקערס פאַרלאַנגען מערער, אַז די שוסטערס שטרייקן, טאָ וואָס פאַראַ ווונדער, אַז אויך יידל סטאָליאַזש שטרייקט? גוטע צייטן זיך דערלעבט אין פאַלעניץ...

טראָץ דער שפּעטער שעה, איז נאָך קיינער נישט געשלאָפן ביי יידלען אין שטוב. מע האָט געוואַרט אויף זיין קומען. חנה איז געווען אומרואיק: ווי אַזוי האָט זיך איר מאַן פאַרהאַלטן? וואָס האָט ער אויס־געפּועלט ביים בעל־הבית?

לויטן צעשטראַלטן פּנים און דעם שפּעטערדיקן דערציילן דעם בני־בית דעם פאַרלויף פון געשפּרעך און די דערגרייכטע הוספה — איז יידל אויסגעוואַקסן אין זייערע אויגן — אַלס העלד. זעענדיק אַלעמענס צו־פרידנקייט, האָט יידל מיט טריאומף אויסגערופן:

— ווייסט איר וואָס, קינדער? הערסט, חנה? אויך פאַרן היינטיקן טאָג קריג איך באַצאָלט...

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער שטרייק פון יידלס מעלאַזשן כאַלאַטל!

## די זאָרג פאַר דעם יונגן דור

כ׳וויל זיך באַוואָרענען, אַז דאָס דאָזיקע קאַפּיטל, וואָס דאַרף געבן אַ פאַרשטעלונג פון יידישן חינוך אין פאַלעניץ, איז אָנגעשריבן געוואָרן פון זיכרון — און דעריבער איז מעגלעך, אַז אַ געוויסע דאַטע צי פאַקט זאָלן נישט אינגאַנצן שטימען מיטן א. ג. היס־טאָרישן אמת. צווייטנס, בין איך מיט דער אַרבעט אויסן צו באַשרייבן נאָר די וועלטלעכע דער־ציאונג אין אונדזער שטעטל, וואָס איז געווען אַן אַנדערע ווי דער טראַדיציאָנעלער חינוך אין חדר צי אין דער היים.

די בכורה מוז איך אָפּגעבן גראַנאָווסקיס שקאָלע, וועלכע איז אַלס פּריוואַטע שול אַנטשטאַ־נען נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. כדי צו שיקן אַהין זייערע קינדער, האָבן די עלטערן באַדאַרפט נישט נאָר איבערייסן מיטן ביז איצטיקן שטייגער פון לערנען זייערע בנים ביים דרדקי־ און גמרא־מלמד, נאָר אויך זיין גוט סיטואירט, כדי צאָלן שכר־לימוד. דאָך איז געווען אַ תקופה, אַז אַ באַדייטנדיקע צאָל יידישע קינדער האָבן דאָרט געלערנט. אַנדערע ווידער, די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט, האָט דאָרט פאַרברענגט די אָוונט־שעהן ביים לערנען. ריידן און שרייבן פּויליש און רוסיש — האָט מען זיך אויסגע־לערנט אין גראַנאָווסקיס שול. די שפּעטערדיקע קול־טור־טוער און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויסטן האָבן טאַקע פון יענעם בית־ספר געבראַכט זייער וויסן און בילדונג.

דער צווייטער פּרוּוו אויפצושטעלן אין פאַלעניץ אַ וועלטלעכע שול, איז געמאַכט געוואָרן דורך די פאַ־שעטס — אין דער זעלבער ווילדע און ווי עס שיינט — אַפילו אין דעם זעלבן זאַל. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען דער דייטש האָט באַזעצט פּוילן. ביי דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט באַקומען גלייכ־באַרעכטיקונג און דער דראַנג צו וויסן איז ביי איר שטאַרק אויסגעוואַקסן — איז געווען אַ נטיה צו שיקן דאָרט די קינדער. די שול, אונטער דער לייטונג פון אַ יידישער לערערין, מיט גרויסע פּעדאַגאָגישע פעי־קייטן, איז געווען אָפן אַ גאַנצן טאָג. בלויז יידישע קינדער האָבן אין יענער שול געלערנט פּויליש, דייטש און יידיש. צוליבן לימוד פון דער דייטשער שפּראַך, האָבן די דייטשע קאָלאָניסטן אין אַלעק־סאַנדראָוו געשיקט אויך זייערע קינדער אַהין לער־נען. נאָר כדי צופרידנצושטעלן די יידישע עלטערן, האָט אלי שמש געלערנט דאָרט צוויי מאָל אין וואָך דעם אלף־בית און אַ ביסל יידישקייט. ביי אַ 90% תלמידים זענען געווען מיידלעך. אָן שום ספק, אַז אויך די דאָזיקע שול האָט געגעבן איר וויכטיקן צושטייער צו דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון וועלטלעכ־קייט און פּראָגרעס אין פאַלעניץ.

דער דריטער פּרוּוו אויפן געביט פון מאָדערנעם שול־וועזן, איז שוין געווען אַ מער ראַדיקאַלער. מיר מיינען די יידיש־פּראָגרעסיווע און וועלטלעכע שול, וועלכע האָט זיך געפונען ביי קאַפּיטאַנען אין דער

ווילע. די ערשטע לערערס זענען געווען: זישע אַנקערמאַן און זיין שוואָגער.

דער גייסט אין דער שול, ווי אויך דער לערן־פּראָג־ראַם, האָבן געברענגט צום אויסדרוק די אידעישע אַנשויאונגען פון די לערערס. זישע איז אינספּירירט געוואָרן פון דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע בכלל און פונעם אויפשטייג פון דער סאָוויעטיש־יידי־שער קולטור בפרט. ער האָט זיינע תלמידים באַקענט נישט נאָר מיט די שאַפונגען פון י. ל. פּרץ, שלום־עליכם, מאָריס ווינטשעווסקי און אַנדערע, נאָר אויך געלערנט ליבע צום מענטש און צו אַרבעט, איינגע־פלאַנצט פאַרשטענדעניש פאַר סאָציאַלער גערעכטי־קייט און צוזאַמענלעבן פון פעלקער. די לידער, דעק־לאַמאַציעס און קאָלעקטיווע שפּילן האָבן געהאָלפן אַנטוויקלען די גייסטיקע וועלט פונעם קינד און גלייכ־צייטיק אים אָפּרייסן פון דער נישט־פּריילעכער ווירק־לעכקייט אין שטוב.

לײַדער, האָט די שול נישט געקענט זיכערן אַ מענ־טשלעכן קיום די לערערס — און זיי האָבן געמוזט פאַרלאָזן די דאָזיקע אינסטיטוציע, וווּ מ'האָט אַריינ־געלייגט אַזוי פיל האַרץ, נשמה און האָפענונגען. אין שטעטל זענען נישט געווען גענוג עלטערן וועלכע זאָלן האָבן די פאַרשטענדעניש פאַר אַזאַ סאָרט שול, עס האָט אויך געפעלט די געזעלשאַפטלעכע באַזע און זאָרג פאַר דעם אַנשטאַלט. די טויער פונעם בילדונגס־פאַראיין האָבן זייער גוטן ווילן און פאַרשטענדעניש פאַר יידיש־וועלטלעכער קולטור אויסגעדריקט אין די ד׳ אמות פון פאַראיין, נישט זייענדיק בכוח עפּעס אונ־טערצונעמען אין גאַס.

די אומזיסטיקע און גלייכצייטיק אָבליגאַטאָרישע בילדונג אין די רעגירונגס־שולן פון דער אומאָפּהענ־גיקער פּוילן, האָבן דערמעגלעכט פיל עלטערן צו געבן זייערע קינדער וועלטלעכע בילדונג אין שטעטל גופא און שפּעטער זיי שיקן אין גימנאַזיע אין דער נאָענער וואַרשע. גאַנץ פרי האָט מען טאַקע אין פאַ־לעניץ געזען נישט נאָר סוחרים און אַרבעטער פאַרן אין דער הויפּטשטאָט, נאָר אויך שילער פלעגן פאַר־פולן די קליינבאַן אויף דער ליניע.

אין די צוואַנציקער יאָרן, איז אַ דאַנק דער אַנט־שטייאונג פון די פּאַרטייען און קולטור־אינסטיטוציעס, געשאַפן געוואָרן פאַרשידענע אָוונט־קורסן און אַנדע־רע פאָרמען פון אַליינבילדונג, וועלכע האָבן געגעבן זייער ביישטייער צו דער גייסטיקער אַנטוויקלונג און ממשותדיקער לערע פונעם אונטערוואַקסנדיקן דור. מ'האָט אָבער אויך געזאָרגט פאַר די קינדער — און עס זענען געמאַכט געוואָרן ווייטערדיקע פּרוּוון אויפן שול־פראָנט.

**אַ ריי** בונדישע טוערס אין פאַלעניץ (גוויאַזדע, ווי־ניק און אַנד.) האָבן אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו צו גרינדן אַ פּרעבל־שול. די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע האָט געגעבן איר הילף און אַפילו אַראָפּגעשיקט קיין וואַרשע די לערערין אידאַ, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער פיינער אינסטיטוציע אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר (פונעם יאָר 1927). הגם די פּאַרטייען האָבן דאָס מאָל יאָ אַרויסגעוויזן אינ־טערעס און הילף פאַר דער פּרעבל־שול — האָט זי צו־לאַנג נישט געלעבט...

צו יענער צייט איז זיך שטאַרק פונאַנדערגעוואָקסן דער ספּאָרט־קלוב „פּראָמיען״ און אָפּגעגעבן זיין לאָקאַל, עטלעכע מאָל אין וואָך, אויף צו פירן קורסן און לעקציעס פאַר לייענען און שרייבן יידיש, געשיכ־טע און אַנדערע קעגנשטאַנדן. צו דעם צוועק איז פאַרבעטן געוואָרן די שוין דערמאָנטע לערערין אידאַ.

ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן כמעט אַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות, וועלכע האָבן געווירקט אין פאַלעניץ, אַרויס געוויזן זייער פאַר־שטענדעניש און זאָרג צו דערציען דעם יונגן דור. מיט פאַרשידענע מיטלען איז דאָס געטאָן געוואָרן, אין די ראַמען פון דער געגעבענער פּאַרטיי, מיט קלאָרע טענדענצן און צילן — אָבער דאָס באַלאַנגט שוין צו די אַקטיוויטעטן פון די באַזונדערע פּאַרטייען, איידער צו דער אַלגעמיינער שילדערונג וועגן יידיש־וועלט־לעכן חינוך אין שטעטל.

## דראַמאַטישע קרייזן און יידיש טעאַטער

אויף ווי ווייט איך געדענק, איז פאַלעניץ באַגליקט געוואָרן מיט יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָר דאָס זענען נישט געווען קיין אויפטריטן פון אַ סטאַביל ערנסט טעאַטער, נאָר איינצלנע גאַסטראָליאָרן, וועלכע האָבן אויסגענוצט דעם „זומער־אַנגעלויף״ פון דאַטשניקעס און אַליין דאָ אַהער געקומען „שפּילן טריאַטער״. זיי האָבן צונויפגעשטיקעוועט פּיעסן און ספּעקטאַקלען, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט ווער ס'זענען די מחבר־

רים. ידיש טעאַטער איז דעמאָלט געווען מער פּאָפּולער און באַקאַנט, ווי יידישע דראַמאַטורגן... אונדזערע טאַטעס פלעגן דערציילן (אויך מיר דערמאָנט זיך דאָס זעלבע), אַז אַזעלכע אַרטיסטן האָבן טיילמאָל אויפגעשטעלט בוידן — אַ גרויסן לייוונטענעם געצעלט, ווו מ׳האָב געגעבן די פאָרשטעלונגען.

ס׳איז מיר איצט שווער צו זאָגן מיט דער פולער זיכערקייט, צי דאָס זענען געווען פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן געצויגן זייער חיונה פון דער בינע — אָדער „געזעלן", פאַרשידענע אַמאַטאָרן צי סתם יונגעלייט, וועלכע האָבן אַוודאי נישט געהאַט קיין בעסערע באַשעפטיקונגען. און ווי מיר זאָלן זיך נישט באַציען צו יענע פּרוּוון, האָבן זיי געהאַט אַ ברירה צו אַנטוויקלען זיך אין דער ריכטונג פון אַ בעסער יידיש טעאַטער, ווען נישט דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע האָט באַזונדערס געטראָפן פּאַלעניץ.

אין די מלחמה־יאָרן זענען פיל יידישע יונגעלייט פון וואַרשע געווען באַשעפטיקט ביי צוואַנגס־אַרבעטן אין פּאַלעניץ, ווי גראָבן אָקאָפּעס, פלאַסטערן וועגן אד"גל. אין דער פרייער צייט האָט מען צוזאַמען מיט דער פּאַלעניצער יוגנט געשפּילט טעאַטער. ס׳איז געווען גענוג אַ מעלדונג, אַז אין אַ געוויסער ווילע וועט געגעבן ווערן אַ פאָרשטעלונג — און אַלץ זאָל זיך דאָרט אַוועקלאָזן. פאַרשטייט זיך, אַז קיין קינדער האָט מען נישט אַריינגעלאָזט.

מיט דער אַנטשטייאונג פון „בילדונגס־פאַראיין" איז ערשט געוואָרן אַ גערעטעניש אויף „אַרטיסטן". איך ווייס נישט צי איז דער דראַנג צו אייגענע אַמאַטאָרן־קרייזן אין די קליינע שטעטלעך אין פּוילן געווען בלויז אַן אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן קלער, וועלכער האָט זייער באַקעמפט דאָס טעאַטער, אָדער בלויז אַ מיטל צו שאַפן די געהעריקע פאָנדן איינצוקויפן ביכער פאַר דער ביבליאָטעק. אַז די ביבליאָטעק איז שוין אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ געזונטן יסוד, זענען די אַמאַטאָריטשע פאָרשטעלונגען אויסגעברייטערט געוואָרן. באַזונדערס נאָך דעם, ווען צו די צוויי צימערן פונעם פאַראיין איז צוגעקומען




בית הבראה בפּאַלניץ וקיטנה של מרכז בתי־ספר עממיים (צ.י.ש.אָ.) בפולין (1932)

סאַנאַטאָריע פון צ.י.ש.אָ. און זומער־קאָלאָניע אין פּאַלעניץ (1932)

אַ דריטער, גרויסער צימער ביי שמעון הערצבערג. דאָ פלעגט מען זיך איבערטאָן, ג״ימירן.

פון די פאַלעניצער אַרטיסטן געדענק איך: רבקה טוכבראָך, מלך רישעס, פּאַסקאַלינסקי, משה שלעכטער און אַנדערע. דער רעפּערטואַר האָט שוין באַלאַנגט צו אַזעלכע נעמען, ווי: דוד פּינסקי, שלום־עליכם, שלום אַש, גאָרדין. אונדזער עולם האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון די אַלע פאָרשטעלונגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין פעלדשערס הויז, אויפן צווייטן שטאָק. מיט די זעלבע אַמאַטאָרן האָט אַן אַנדערש מאָל איינ־רעזשיסירט אַ פאָרשטעלונג זישע אַנקערמאַן, אין דער וויללע ווו ס'איז געווען די פּאָסט, אין צענטער שטאָט. דאָרט האָבן זיך געפונען גרויסע צימערן מיט אַ ריזן־וועראַנדע, וואָס האָט געקאָנט אַריינעמען אַ סך מענטשן. די פּיעסע (פון שלום אַש) האָט געהאַט גרויס דערפאָלג.

דאָס אויפשטעלן אין פאַלעניץ די פייערלעשער־שאָפּע האָט דערמעגלעכט פאַרשידענע טרופּעס פון וואַרשע צו שפּילן דאָ אמתדיק טעאַטער. אַזעלכע באַזוכן זענען געווען זייער אָפטע און אונדזער עולם האָט הנאה געהאַט פונעם יידישן טעאַטער. אויך האָט דער פאַלעניצער דראַמקרייז אויסגענוצט פון צייט צו צייט די שאָפּע און דאָרט געגעבן פאָרשטעלונגען. די חברים מאיר רינג און שלמה וועלאַנדער (ביידע פון קאַלושין) האָבן צוזאַמען מיט די אורבאַכס פון אָט־וואָצק צוגעגרייט אַ ספּעקטאַקל פון עטלעכע איינ־אַקטערס פון י. ל. פּרץ, שלום־עליכם. זלמן פעלד האָט אינסצעניזירט אברהם רייזענס „העמערל, העמערל קלאַפּ", וואָס האָט געהאַט גרויס דערפאָלג צוליבן סאָציאַלן אינהאַלט און אויך צוליב דער געלונגענער אויספירונג. איך געדענק אויך סאָלאָ־אויפטריטן פון רעציטאַטאָרן און איינצלנע אַרטיסטן, וועלכע זענען געקומען פון וואַרשע.

אַן אָפטער גאַסט אין פאַלעניץ איז געווען דיקערס טרופּע. מ'האָט געוווסט, אַז דאָס זענען שניידער־געזעלן וואָס נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, קומען זיי זיך צונויף ביי דיקערן אין שטוב און ער רעזשיסירט מיט זיי איין אַ פּיעסע. איצט איז מיר שווער אָפּצושאַצן זייערע אַרטיסטישע פעיקייטן צי אויפטוען, נאָר אַלע זייערע פאָרשטעלונגען זענען געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ און געטראָגן אַן ערנסטן כאַראַקטער. צוליב דעם האָט מען זיי אויך פאַרבעטן אויפצוטרעטן אין די שטעטלעך אויף דער „ליניע". זיי האָבן שטענדיק געקענט רעכענען אויף אַן ערנסטן עולם.

פונדעסטוועגן האָט פאַלעניץ געהאַט איר אַמביציע אויסצוהאַלטן אַן אייגענע דראַמאַטישע טרופּע. גע־ווען אין שטעטל אַ קולטור־געזעלשאַפט, פּראָפעסיאָ־



הופעת־אורח של חוג דרמטי „זוננשטראַל" (מוורשה) בפאַלניץ

גאַסטראָל פון וואַרשעווער דראַמקרייז „זאָננענשטראַל" אין פאַלעניץ

נעלע פאַראיינען און געגוג ווילן פון עטלעכע יונגעלייט צו שפּילן טעאַטער. נאָר די נאָענטקייט פון וואַרשע האָט נישט דערלויבט אָפּצוקומען מיט סתם אַ פאָר־שטעלונג, אָדער גרינגשעצן אַזאַ ענין ווי טעאַטער. ווו נעמט מען אָבער אַ לייטישן רעזשיסער?

מלך פּאַסקאַלינסקי האָט אונדז פאָרגעלייגט אַ וואַר־שעווער יונגערמאַן, וועלכער פלעגט קומען קיין פּאַ־לעניץ 3 מאָל אין וואָך און איינרעזשיסירט יעקב גאָרדינס אַ פּיעסע. די פאָרשטעלונג איז אַדורך מיט אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. עס האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז מיר פאַרמאָגן ערנסטע כוחות. אין די פרויען־ראָלן האָט זיך אויסגעצייכנט גיטל ליבערמאַן. זי האָט שטענדיק געשפּילט די פאַרליבטע, אָדער די סטודענ־טין, צי גאָר — אַ יתומה. איר אינטעליגענץ און ביל־דונג האָבן איר דערמעגלעכט טיפער צו פאַרשטיין און באַנעמען די ראָל. דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן בנוגע די צוויי שוועסטערס סטשעסאַק (טאָבע און באַלטשע), וועלכע האָבן בדרך־כלל געשפּילט די ראָלן פון דינסטמיידלעך, צי מאַמעס. אויפן באָדן פון פאַרטיילן די ראָלן, פלעגן אָפט פאָרקומען אַמפּער־נישן און ברוגזלעך, נאָר אין דער אונטערשטער שורה, האָט זיך אַלץ געענדיקט צום גוטן. אַזאַ דינגעניש איז נאָר געווען ביים אָנהייב פון שטעלן אַ נייע פּיעסע.

ביים איינשפּילן און איינלעבן זיך מיט די ראָלן האָט מען זיי ליב באַקומען און פאַרגעסן די מחלוקת.

פון די מענער־אַרטיסטן דאַרפן דערמאָנט ווערן, אויסער מלך פּאַסקאַלינסקי, וועלכער האָט שוין געהאַט זיין נאָמען און אָנזען: יעקב גוויאַזדע, פּאָסעסאָרסקי, צאַלעל מישינסקי און אַנדערע. גוויאַזדע איז געווען אַ געבילדעטער מענטש און אַ פעיקער אַרטיסט. פּאַסקאַלינסקי האָט יעדער אויפגאַבע, וועלכע ר׳האָט אויף זיך גענומען, אויסגעפירט מיט דער גרעסטער אחריות. דאָרט ווי ער האָט געפילט אַז ס׳איז איבער זיינע כוחות האָט ער זיך קיינמאָל נישט אונטערגענומען דאָס צו טאָן. זיינע ראָלן האָט ער אויסגעפירט מיט דער פולער ערנסטקייט און דורכגעטראַכטקייט. דער שיינער אויסערלעכער אויסזען און זיין הויכע פיגור האָבן פיל צוגעגעבן צו זיין שפּיל.

די גרעסטע צרה איז געווען מיטן אויסגעפונען פאַר גיטל ליבערמאַן אַ געהעריקן פּאַרטנער. בעצם האָבן אַלע מענער־אַרטיסטן געוואָלט האָבן די ראָל, נאָר אָפּט איז אויסגעקומען, אַז גראָד אַ באַווייבטער האָט אויף דער בינע באַדאַרפט ווערן אירס אַ געליבטער...

אַן אינטערעסאַנטער טיפּ אינעם דראַמאַטישן קרייז איז געווען דער פאָטאָגראַפיסט באַנג. ער האָט אויף סטאַביל זיך באַזעצט אין פּאַלעניץ, בעת זיינע פאַדקאָלעגן פלעגן קומען אין שטעטל אויפן דאַטשע־סעזאָן. באַנג איז נישט געווען קיין גרויסער באַדערפער, נישט געהאַט קיין קינדער און זיך באַגנוגנט מיט אַ מינימום. אויסער דעם האָט ער געמאָלן שילדן. איידער ער האָט זיך באַזעצט אין פּאַלעניץ, איז ער מיט אַ וואַנדער־טרופּע אַרומגעפאָרן איבער פּוילן. ער האָט אַ סך פּיעסן געקענט פון אויסנווייניק, אייניקע פון זיי האָט ער געהאַט ביי זיך, שוין צענזורירטע — און ווי ער האָט זיך באַרימט — רעזשיסירטע אַמאָל דורך אים אַליין. באַנג האָט געהאַט אַ ביסל טאַלאַנט, נאָר ער פלעגט זיך דערלויבן אויף דער בינע צוגעבן צום אָריגינעלן טעקסט זיינע וויצן אָדער ווערטער. פאַרשטייט זיך, נישט פון אַזאַ ליטעראַרישער מדרגה. עס האָט גענומען אַ סך צייט, ביז די אַרטיסטן און דער רעזשיסער האָב אויף אים אויפגעצווינגען אַ דיסציפּלין. סוף־כל־סוף האָבן מיר אַלס פּראָגרעסיווע באַוועגונג נישט געקענט דערלויבן אַראָפּצונידערן דעם ניווא פון אַ פאָרשטעלונג, אָדער געבן יעדן אַרטיסט „פרייע הענט“...

באַנג האָט שפּעטער אַליין רעזשיסירט פאָרשטעלונגען מיט אונדזער דראַמאַטישן קרייז און ווען נייטיק — געשפּילט אויך אַ ראָל. דעם רוב פאָרשטעלונגען האָט מען אויפגעפירט אין דער שאָפּע, וועלכע איז שוין באַרייכערט געוואָרן מיט אַ קורטינע (פריער פלעגט מען אַרויסגנבענען פון שטוב קאָלדרעס און מיט זיי פאַרשטעלן די אָפענע בינע) און אַנדערע איינריכטונגען. אַפילו דעקאָראַציעס זענען צוגעקומען, נאָר דאָס אין זכות פון דער פּוילישער יוגנט, וואָס פלעגט דאָרט געבן אירע פאָרשטעלונגען. די שאָפּע האָט פאַרמאָגט נאָר איין דעקאָראַציע — אַ וואַלד...

יעדע פאָרשטעלונג האָט באַדאַרפט לעגאַליזירט ווערן צום שפּילן ביים סטאַראָסטע אין וואַרשע. האָט מען זיך באַזאָרגט מיט צוויי פּיעסן, אויף וועלכע דער סטאַראָסטע האָט געלייגט זיין סטעמפּל — און אַ דאַנק דעם האָט מען געקענט שפּילן נאָך און נאָך פּיעסן. אויף די פּלאַקאַטן האָט מען געמוזט אויסמיידן אָנצוגעבן דעם ריכטיקן נאָמען פון מחבר, ווייל דאָס וואָלט אונדז שוין צו ווייט פאַרפירט. דער רעפּערטואַר איז געווען אַ פאַרשידנאַרטיקער, יידישע ווי אייראָפּעאישע שרייבער און דראַמאַטורגן מיט אַ נאָמען זענען שנעל באַקאַנט געוואָרן דעם פּאַלעניצער טעאַטער־עולם.

דאַקעגן אין די לאָקאַלן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זענען געשטעלט געוואָרן איינאַקטערס און קלענערע פאָרשטעלונגען פון אַנדערע דראַמאַטישע גרופּן, מיט רעציטאַציעס, געזאַנג־נומערן אד״גל. מיט דעם האָט אָנגעפירט מאַלטשינסקי, אַ לעבעדיקער חברהמאַן. זיין „עקזאַמען“ האָט ער אָפּגעגעבן אויף דער פּאָליאַנקע אין פּאַלעניץ, ווו ער פלעגט מיט טאַלאַנט זינגען פּאָפּולערע אַריעס פון אָפּערעס. לעאָנען האָבן אַלע ליב געהאַט.

מיטן פאַרלאָזן דורכן „בונד“ דעם בילדונגס־פאַראיין, האָט דער דראַמקרייז שטאַרק געליטן. אין יענער צייט איז אויך געשטאָרבן מרדכי פּאָסעסאָרסקי. די יוגנט איז פאַרכאַפּט געוואָרן מיט אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן. עס האָט זיך געפאָדערט אַ רעאָרגאַניזאַציע אין דער גאַנצער אַרבעט.

די דריי פריער דערמאָנטע אַרטיסטינס זענען פאַרבליבן אינעם קרייז. מען האָט געשפּילט ווי פריער,

נאָר די עלטער פון די אַקטיאָרן האָט עטוואָס געשטערט דעם קאָלעקטיוו. דערווייל זענען אונטערגעוואַקסן פרישע כוחות און מ׳האָט זיך פאַרמאָסטן צו שטעלן „די צוויי קוני לעמלס“ פון גאָלדפאַדען. באַנג האָט רעזשיסירט די פאָרשטעלונג, דעם אמתן קוני־לעמל האָט געשפּילט שמחה סאָלניצקי און דעם פאַלשן — הערש־מאָטל מושינסקי. סיי דער עולם, סיי




חוג דרמטי „אוֹרפֶאוּש“ מוורשה, בהנהלתו של הבמאי יעקב רוטבוים (הראשון מימין), בזמן הופעתם בפאַלניץ
וואַרשעווער דראַמקרייז „אָרפעאוש“, אָנגעפירט דורכן רעזשיסער יעקב ראָטבוים (דער ערשטער רעכטס), בעת זיינע אויפטריטן אין פאַלעניץ.

די אַרטיסטן זענען געווען באַגייסטערט פונעם דערפאָלג. מ׳האָט נאָר באַדויערט וואָס אין פאַלעניץ קען מען נישט געבן מער ווי איין פאָרשטעלונג.

אויב אין די „קוני לעמלס“ האָבן נאָך געשפּילט א. ג. „אַלטע“ אַרטיסטן, זענען די ווייטערדיקע פאָרשטעלונגען געווען דער אויסשליסלעכער אויפטו פון די נייע, יונגע און אונטערוואַקסנדיקע כוחות. אינעם באַנייטן דראַמקרייז האָט געשפּילט טוביה לאַטאָוויעצקי, וועלכער איז גלייכצייטיק געווען זיין פּאָליטישער לייטער. זאָל ביי דער געלעגנהייט אויך דערמאָנט ווערן ווינטראַוב, הגם אַ לינקער פּועלי־ציוניסט, האָט ער געשפּילט טעאַטער אין אַ קעגנערישער אָרגאַניזאַציע. ער האָט נאָך אין וואַרשע זיך באַטייליקט אין אַ דראַמאַטישן קרייז. פון דיקערס טרופּע איז צו אונדז צוגעשטאַנען די חברטע פראַניע פון גאַרוואָלין, קיילע האָכבערג א. אַנד. די פאָרשטעלונגען זענען געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ, געווען דורכגעדרונגען מיט אַ סאָציאַלן אינהאַלט און געוויזן דעם וועג צו באַפרייאונג. דער אָפּקלייב פון רעפּערטואַר איז נישט געווען קיין צופעליקער, נאָר לויט אַ באַשטימטער ליניע.

אויסער די פאָרשטעלונגען, וועלכע האָבן נאָך געהויבן דעם אָנזען פון יידישן טעאַטער, האָט דער דראַמקרייז באַדינט פאַרשידענע געלעגנהייטלעכע אָוונטן, אַקאַדעמיעס, יאָרציידן — מיט אַ ספּעציעל

צוגעקליבענעם אַרטיסטיש־ליטעראַרישן פּראָגראַם, אָפּטמאָל איינרעזשיסירט אויף אַ קאָלעקטיוון אופן. נאָר בדרך כלל פלעגן אַזעלכע פּראָגראַמען צוגעגרייט ווערן דורך שמחה סאַלניצקי.

צום סוף — אַ קוריאָז:

אהרון פּאַסעסאָרסקי האָט נישט געקענט משלים זיין מיטן געדאַנק, אַז זיין זון יעקב־מרדכי איז אַראָפּ פון דרך־הישר. אַנשטאָט אַ לערנער, איז ער געוואָרן אַ סטאָליער, דערצו נאָך — אַ טוער אין האַלץ־פאַראיין, אַן אַרטיסט... ר' אהרון האָט זיך אַמאָל דערוווּסט, אַז אַ רעפּעטיציע פון דראַמאַטישן קרייז קומט פאָר ביי מלך פּאַסקאַלינסקי אין דער נישט־גרויסער דירה אויף דער האַנדלאָווע גאַס, און גראָד אין אַ שבת נאָך מיטאָג. מיר זענען געווען שטאַרק פאַרנומען מיטן לערנען די ראָלן און קיינעמען איז נישט איינגעפאַלן צו געבן אַ קוק אין פענצטער. פּלוצעם האָט פון גאַס זיך דערטראָגן אַ גערויש און טומל. מיר לויפן צו צום פענצטער — און עס ווערט חושך אין די אויגן. ר' אהרון שטייט אין זיין שבתדיקער קאַפּאָטע אויף שמילקעס ווערענדע און מאַכט פאַרשידענע הוועיות אויף אַפּצושפּעטן און צו חוזקן פון די אַרטיסטן אויף יענער זייט ווערענדע. דערביי קלערט ער אויף דעם פאַרזאַמלטן עולם, אַז דאָרט, אין יענעם צימער, איז מען מחלל שבת בפרהסיה, אַז דאָס שפּילן „טריאַטער" איז נישט מער ווי אַפּלאַכן פון יידן און יידישקייט...

מיר האָבן געמוזט איבעררייסן די רעפּעטיציע און פאַרצייכנט נאָך אַ שטערונג אויפן וועג פון אונדזער דראַמאַטישן קרייז און יידיש טעאַטער אין פּאַלעניץ.

*

צום פאַרענדיקן מיינע זכרונות פון דער אַמאָליקער פּאַלעניץ, וויל איך אַרויסברענגען אייניקע געשטאַלטן פון שטעטל.

## הערשל טוכבראָד, דער סטוצקער שניידער

געוווינט האָט ער ביי יאַנקעלע שלאָסאַזש אויף דער האַנדלאָווע גאַס, אין אַ הויז וואָס האָט זיך אונטער־שיידעט מיט דער גרינער פאַרב, מיט די געשניצטע אָרנאַמענטן און באַלקאָן. די צוויי שילדן האָבן אַפילו אָן דעם אויפשריפט אויסגעזאָגט, אַז אין דעם הויז געפינט זיך אַ שניידער, צוליב דער אָנגעמאָלענער גרויסער שער...

ביים ערשטן אַריינקום אין הערשלס וווינונג, האָט מען זיך אַנגעשטויסן אויף אַ פינצטערער קיך וואָס האָט געהייסן אַלקער. דאָקעגן איז די צווייטע שטוב ממש געווען פאַרפלייצט מיט ליכט. דאָס צימער איז געווען גרויס און געדינט פאַרן וואַרשטאַט. דאָס שלאָפצימער איז געווען קליין, קוים דאָרט אַריינ־געקוועטשט צוויי בעטן און אַ קופערט, ווו מ'האָט גע־האַלטן די מלבושים. ביים אויסטאָן זיך באַנאַכט צום שלאָפן, האָט מען דאָס אָנטאָן געלייגט אויפן קופערט. די גרויסע שטוב איז ווינטער געוואַרעמט געוואָרן פונעם קאַפלענעם אויוון, וואָס די צווייטע העלפט זיינע האָט זיך געפונען אין שלאָפצימער.

ביידע ניי־מאַשינען און דער טיש זענען אויף שבת און יומטוב איבערגעדעקט געוואָרן מיט אַ ווייסן פאַר־שפּרייט. צום מעבל אין גרויסן צימער האָט אויך גע־הערט אַ פעלד־בעטל, וואָס באַנאַכט האָט עס געדינט כאַר אַ געלעגער און באַטאָג האָבן זיך דאָרט גע־וואַלגערט שטאָפן און נישט־אויסגעענדיקטע אַרבעט.

אין דער פרי, נאָכן אויפשטיין פון שלאָף, האָט הערשל געדאַוונט און אַ ביסל געלערנט, דערנאָך זיך פאַרנומען מיט אויפרוימען די געלעגערס אדער פאַ־ריכטן די קאָלדרע אויף אַ שלאָפנדיק קינד. אַלע זיינע האַנדלונגען זענען תמיד געווען באַגלייט מיט אַ גלייכווערטל צי אַ וויץ. דער ייד האָט פאַרמאָגט אַ סך חכמה און ליב געהאַט צו דערציילן פון זיינע אויפטוען, באַזונדערס אַלס סאָלדאַט אין רוסישן מי־ליטער. הגם ער איז געווען אַן אָפּגעהיטענער אין מצוות און אַ רעליגיעזער, איז ער גלייכצייטיק גע־ווען ווייט פון פאַנאַטישקייט.

הערשל טוכברוך האָט זיך אָפט געוויצלט, אַז אים, דעם סטוצקער שניידער, האָט מען אין סטאָצק גערו־פן זשעלעכאָווער שניידער און אין פּאַלעניץ הייסט ער סטוצקער שניידער. דער עיקר — האָט ער געזאָגט מיט אַ ניגון — מע פאַרגעסט ניט אַז כ'בין אַ שניי־דער... צו זיינע געזעלן און לערניינגלעך איז ער גע־ווען צוגעלאָזן.

הערשלס אַ לערניינגל האָט באַדאַרפט קענען נאָך עטלעכע מלאכות: ערשטנס — שטעלן באַנקעס, אין וועלכע הערשל גופא האָט זיך אָפּט געניטיקט; צוויי־טנס — נייען תכריכים... בנוגע תכריכים האָט הער־של איינגעשטעלט אַזאַ סדר: ביי אַ נגיד האָט מען די תכריכים גענייט ביים בר־מינן אין שטוב — און נאָר הערשל מיט זיין מחותן. פאַר אַרעמעלייט האָט מען

די לייוונט געשניטן און גענייט אין וואַרשטאַט. כ׳מוז מודה זייך, אַז ווען כ׳האָב שוין פון לאַנג געהאַט זיך באַפרייט פון אַ סך אַבערגלויבנס און פּחדים, האָט דאָך אויף מיר אָנגעוואָרפן אַן אימה הערשלס שנעל צערייסן די לייוונט און מיר הייסן כ׳זאָל זי אַדורכלאָזן אויף דער מאַשין אויפן לעצטן שטאָך... און נישט פאַרגעסן צו זאָגן אַ גלייכווערטל, אַז סיזיוי וועט דער טויטער נישט אַרויס פון קבר.

צו ביידע מלאכהס (באַנקעס און תכריכים) האָט זיך אַמבעסטן אויסגעטויגט בנימין האַניג. פאַרוואָס מ׳האָט אים גערופן האַניג — ווייס איך נישט ביז היינט. הערשל האָט מיך שטאַרק באַדויערט, הלמאַי איך ווער שניידער. אָפט האָב איך פון אים געהערט „צו וואָס דאַרפסטו דאָס, קליינע כפּרה?!" — און איך ווייס נישט צי דאָס איז געווען אַ מין צערטלעכקייט, אָדער אַן אונטערשטרייכן מיין יונגקייט, ווייל מיינע חברים זענען אַלע געווען העכער און עלטער פון מיר. „ווער שטופּט דיך צו דעם?" — האָט ער מיט מיר נישט איין מאָל איינגעטענהט.

זייענדיק אַמאָל אויפגעלייגט, האָט מיר הערשל דערציילט עפּעס פון זיין פאַרגאַנגענהייט. אַ 3 חדשים פאַר פּסח האָבן די שענסטע בעל-הבתים פון שטעטל אים גערופן צו זיך און געהייסן נעמען מאָסן אויף אנצעגלעך פאַר די קינדער און מלבושים פאַר זיך. מע פלעגט אין אַזאַ סעזאָן אַרבעטן אַן אויפהער, טאָג און נאַכט, כדי נישט לאָזן קיינעמען אָן אַ יומטובדיקן בגד. אַ צוויי וואָכן פאַר פּסח איז מען אָוועק אין דער בעקעריי באַשטעלן מצות, ביים קצב — פליש און אין דער קראָם — אייער מיט קאַרטאָפל. מ׳האָט אַלץ אויסגעשטעלט אויפן „גרויסן געווינס", ד. ה., אַז מ׳וועט אָפּטראָגן די אַרבעט און באַקומען באַצאָלט. אַז כ׳בין מיט דער פאַרטיקער אַרבעט אַרויפגעקומען צו אַזאַ גביר, האָט ער מיך אָפּגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט, געמאָסטן אויך אויף מיר דאָס מלבוש און צום סוף אַ פרעג געטאָן וויפל קאָסט עס? — 33 רובל! — האַלסט נישט, הערשל, אַז דאָס איז צו טייער? — און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, אַרויסגעכאַפּט אַ 10ער רובל און שנעל אַ זאָג געגעבן: מיר וועלן זיך, מערצעשעם, אָפּרעכענען חול-המועד... און דאָס האָט פאַסירט נישט נאָר ביי דעם ממזר — אַלע האָבן זיך אַזוי אויפגעפירט...

איך האָב אים געטרייסט, אַז די־אַ צייטן זענען שוין אַוועק, היינט וואָלט נישט מעגלעך געווען אַזאַ באַציאונג צו אַ בעל-מלאכה. ער האָט מיר צוגעגעבן רעכט, נאָר שטענדיק זיך אומגעקערט צו „יענע צייטן".

אַ געוויסן טאָג, מיר אַלע זענען פאַרנומען ביי דער אַרבעט, עפּנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך דער זון פון אברהמטשע גרינבערג, דער שניט-סוחר, אַ נידעריק יידל, דאָס כאַלאַטל צעקנעפּלט פון ביידע זייטן, פון הינטערן וועסטל קוקט אַפער אַ ברייטער טלית-קטן מיט גאָר לאַנגע ציצית. דעם „גוט מאָרגן" האָט מען קוים פון אים געהערט, דערפאַר אָבער פרעגט ער אויפן הויכן קול: „מיינע הויזנטשינעס זענען שוין פאַרטיק?" הערשל טוכברוך גיט אויף אים אַ קוק פון הינטער די ברילן, האַלט לאַנג אָנגעשטעלט זיין בליק און צום סוף פרעגט ער קאַלטבלוטיק: „וואָס פאַר אַ הויזנטשינעס?" אַזאַ רעאַגירונג פירט אַרויס דאָס קליינע מענטשעלע פון די כלים. „נו, די שטרייף-הויזן!" דאָ ווערט הערשל אָנגרייפעריש: „זאָג-זשע, בענקאַרט, די גוטע קאָרטענע הויזן. וואָס מיינסטו, אַז וועסט זאָגן הויזנטשינעס וועט דיך קאָסטן ביליקער?"...

## משה קויפמאַן — (מעזריטשער)

דער צונאָמען מעזריטשער שטאַמט פון דער שטאָט ווו ער איז געבוירן געוואָרן און ווו ער האָט פאַרבונדן זיין גורל מיטן יידישן אַרבעטער. גאָר יונג, שוין אין יאָר 1905, ווערט משה אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג און פאַרזוכט דערנאָך דעם טעם פון צאַרישע תפיסות. אים ציט קיין וואַרשע, ווו עס ברויזט און קאָכט מיט אַרבעטער-קאַמף. ער טרעט אַריין אין דער ס.ד.ק.פּ.ל. און איז דאָרט טעטיק אויפן פראָפעסיאָנעלן געביט, אויף די א. ג. „בירזשעס", וועלכע האָבן געווירקט אומלעגאַל. משה ווערט שנעל באַליבט ביי די יידישע אַרבעטער, עס נעמט נישט קיין סך צייט און ער ווערט פאַרוואַלטונגס-מיטגליד אין מאַליער-פאַראיין אין דער הויפּטשטאָט. הגם זיין וווינאָרט איז פאַלעניק, דאָ פאַרלייגט ער זיין פאַמיליענעסט, פאַרברענגט די פרייע צייט און שפּינט זיינע פּלענער פאַר וויטערדיקער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט.

מיטן אַנטשטיין פון דעם אומאָפּהענגיקן פּוילן, ווערט משה אַקטיוו אין דער נאָר וואָס געשאַפענער

קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אויך אין דער זעלבשטענ־דיקער פּוילן קומט אים אויס צו זיצן אין תפיסות פאַר אַרבעטער־טעטיקייט. ער ווערט אָפּגעריסן פון דער פאַמיליע און פון דער באַוועגונג. זיין פרוי, אַן אַקושערין, מוז טראָגן דעם עול פרנסה און אויס־האַלטן די משפחה.

משה קערט זיך אום פון תפיסה אַ פולשטענדיק צעבראָכענער, אָבער גייסטיק פעסט ווי תמיד. מיר פלעגן מיט אים אָפט שפּאַצירן און געניסן פון זיינע קלוגע עצות און מיינונגען. ער איז שטענדיק געווען פול מיט פלענער און איניציאַטיוו.

קומענדיק עטוואָס צו זיך, האָט ער זיך ווידער אַריינגעוואָרפן אינעם פּאָליטישן קאַמף. דאָס מאָל — אין וואַרשע. אינטערעסאַנט, אַז פּאַלעניץ האָט אים, דעם מאַליער, ווי צענדליקער אַנדערע פון זיין פאַך, גע־קענט זיכערן באַשעפטיקונג און פרנסה, דאָך האָט אים שטענדיק געצויגן אין דער גרויסער שטאָט. דאָס איז געווען זיין צווייטע היים. אין דעם האָב איך זיך איבערצייגט, ווען כ׳בין אַמאָל געקומען קיין וואַרשע און מיט אים שפּאַצירט. אַז ס׳איז געקומען די צייט פון מיטאָג, האָב איך פאָרגעלייגט אַריינצו־גיין אין נאָענטסטן רעסטאָראַן. ער האָט אָפּגעזאָגט מיטן מאָטיוו, אַז ער וויל בעסער עסן אין דער „אַרבעטער־היים" אויף קאַרמעליצקע 23. דאָרט פילט ער זיך גוט, אין דער סביבה פון אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. אַז מיר זענען אַהין אַוועק, האָב איך זיך טאַקע איבערצייגט ווי אַרבעטער זאַמלען זיך אַרום אים, הערן זיך צו צו זיינע רייד און פלעגן אויך מיט אים פּאָלעמיזירן.

ער פלעגט אָפט אַרויסטרעטן אויף אונדזערע אָוונטן געווידמעט דער „צייטונג אין לעבעדיקן וואָרט". און ער האָט געהאַט וואָס צו זאָגן. נאָר פאַר אַלעמען האָט מען משהן ליב געהאַט צוליב זיין האַרציקייט און חברישקייט, וואָס ער האָט יעדן אינעם אַרויסגעוויזן. ער איז שטאַרק געווען צוגעבונדן צו זיין פאַמיליע. די עלטסטע טאָכטער איז אַוועק אין זיינע דרכים. ער האָט ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיט זיין יינגער טעכ־טערל, אַ פּרעכטיק שיין מיידעלע מיט געפלאָכטענע צעפּעלעך.

יעדעס וואָרט זיינס איז געווען אַדורכגעטראַכט און ערנסט. ער איז געשטאָרבן, איידער די היטלער־רוצחים האָבן פאַרנומען פּאַלעניץ. דער גורל פון די אַנדערע פאַמיליע־מיטגלידער זיינע איז מיר אומ־באַקאַנט.

## קלמן גאָלדפאַרב

ער איז געבוירן געוואָרן אין קאָלאָביעל און דאָרט באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע דערציאונג, ווי דער רוב יידישע יוגנט אין יענער צייט. אָבער דאָס רעוואָ־לוציאָנערע פינפטע יאָר האָט אים מיטגעריסן מיט אירע שטורמישע געשעענישן. זיין חשק צו לערנען און צו וויסן שמידט אים צו צו ביכער. ער ווערט אַן אַרבעטער אין אַ צעלולאָיד־פאַבריק אין קאָלאָ־ביעל. נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייטן צו וווינען אין דער הויפּטשטאָט, באַזעצט ער זיך אין פּאַלעניץ. זיין פאָטער אליהו (וואָס צוליב זיין קורצזיכטיקייט האָט מען אים גערופן דער בלינדער אלי), איז גע־ווען פון די ערשטע וועלכע האָבן געעפנט אַ „סעזאָן־געוועלבל" פאַר די דאַטשניקעס בלויז אויף די זומער־חדשים, ווייל ווינטער האָט אַזאַ „אונטערנעמונג" נישט געגעבן קיין פרנסה. פאַר קלמנען איז עס אַ לעקציע, אַז מען באַדאַרף זיך פּראָלעטאַריזירן, נישט זיין אויסגעשטעלט אויף לופט־פרנסות און סעזאָן־געשעפטן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט ער אַ טעקסטיל־אַרבעטער און איז באַלד טעטיק אין פּראָ־פעסיאָנעלן פאַראיין, אַלס מיטגליד אין דער פאַך־קאָמיסיע, ווי אויך אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע. אין יענער תקופה טרעט ער אַריין אין די רייען פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. הגם ער אַרבעט און איז טעטיק אין וואַרשע, איז ער מיט טויזנטער פעדים געבונדן מיט פּאַלעניץ און העלפט שטענדיק די חברים מיט ראָט און טאָט.

אין יאָר 1930 קומט קלמן גאָלדפאַרב קיין פּאַריז. ער איז אויך דאָ טעטיק געזעלשאַפטלעך און אין פּראָפ.־פאַראיין, אָבער מאַטעריעל לעבט זיך אים נישט גוט. פונדעסטוועגן איז ער פול מיט מוט.

מיטן אָקופּירן פראַנקרייך דורך די היטלעריסטן, איז קלמן זייער טעטיק אין דער אונטערגרונט־באַ־וועגונג, פאַרשפּרייט אומלעגאַלע ליטעראַטור, קאָנט־ראָלירט די וואַרשטאַטן און אונטערנעמונגען, וועלכע אַרבעטן פאַרן דייטש. ווען מ׳הייבט אָן דעפּאָרטירן די יידן, איז קלמן זייער אַקטיוו — און צוליב דעם

ווערט ער אַרעסטירט אין גאַס און אָפּגעשיקט אין אַ לאַגער, פונוואַנען ער קומט נישט מער צוריק.

אַזוי האָט געקעמפט און געלעבט אַ יידישער אַר־בעטער־טוער, אַ תושב פון פּאַלעניץ.

## האַלינקע ראַכמאַן

האַלינקע ראַכמאַן, די בת־יחידה פון אַ פּאַלעניצער חסידישער און פאַרמעגלעכער פאַמיליע, איז פון די פריסטע יאָרן צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אין שטעטל. ווי עס דערציילט פּראָפ. ב. מאַרק אין זיין בוך וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָט האַלינקע געהערט צו אַ קאַמפּס־גרופּע פון זש.אָ.ב. (יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַ־ציע), מיט וועלכער ס'האָט אָנגעפירט רוזשע ראָזענ־פעלד.

מלחמה־צייט האָט די פאַמיליע ראַכמאַן זיך אַריבער־געקליבן קיין וואַרשע. דעם פאָטער איז געלונגען צו באַקומען אַ באַהעלטעניש אויף דער „אַרישער" זייט און ער האָט דאָרט געוואָלט מיטנעמען די טאָכטער, זי אַרויסראַטעווען פון געטאָ, האַלינקע האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט, טענהדיק: „איך געהער נישט מער צו זיך, מיין אָרט איז צווישן מיינע קאַמפּס־חברים אין געטאָ". מיט גרויס ווייטיק האָט זי זיך צעשיידט מיטן פאָטער — און געבליבן אין געטאָ.

דעם 27סטן אַפּריל 1943, אין סאַמע ברען פון די שלאַכטן בעתן געטאָ־אויפשטאַנד, האָט האַלינקע דער־זען אַן אָנגעצילטע ביקס אויף איר באַליבטער קאָמענ־דאַנטין רוזשע ראָזענפעלד. זי האָט בליץ־שנעל מיט איר קערפּער פאַרשטעלט רוזשען און נאָך באַוויזן אויסצושרייען:

— מיין לעבן איז ווייניקער וויכטיק פאַר רוזשעס. זי איז דער קאָמאַנדיר, אין איר נייטיקט מען זיך מער...

— און איז געפאַלן אויפן אָרט.

## משה לאַטאָוויצקי

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1910 אין פּאַלע־ניץ, ביי שטרענג רעליגיעזע עלטערן — און אויך באַקומען אַזאַ דערציאונג. פון די פריסטע יאָרן האָט ער געוווסט וואָס עס מיינט נויט און שווער לעבן. ער העלפט זיינע עלטערן, זייענדיק נאָך אַ קינד. דערנאָך אַרבעט ער ביי אַ סטאָליער.

מיטן אַנטשטיין פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין שטעטל, טרעט ער אַריין אין אירע רייען און ווערט זייער אַקטיוו. איך געדענק, אַז ערב פאַרשיידענע אַקציעס, וואָס זענען אַדורכגעפירט גע־וואָרן ביי אומלעגאַלע באַדינגונגען און מיט גרויס סכנות־נפשות, האָט ער שטענדיק געהאָט זיינע איינ־פאַלן און פאַרשלאַגן צו פאַרמינערן די געפאַר און גלייכצייטיק עפעקטיווער אַדורכפירן די אויפגאַבע.

אויך ער עמיגרירט קיין פּאַריז און נאָכן פּרווון מזל ביי עטלעכע אַרבעטן, באַשליסט ער ווערן קצב. דאָס דערמעגלעכט אים צו דערווערבן זיך אַ בעסערן מאַטעריעלן מעמד ווי ביז איצט. די צווייטע וועלט־מלחמה טרעפט אים אין דער הויפּטשטאָט פון פראַנק־רייך, ווו ער הייבט אָן פאַרזוכן דעם ביטערן טעם פון יידן־פאַרפאָלגונגען. בעת איינער פון די אָבלאַ־וועס, ווערט ער פאַרנומען דורך דער געסטאַפּאָ און אָפּגעשיקט אינעם טראַנזיט־לאַגער אין פראַנקרייך, פונוואַנען דער וועג האָט געפירט קיין אוישוויץ. ער האָט אָבער געוווסט וואָס אים דערוואַרט — און ס'געלונגט אים צו אַנטלויפן פונעם לאַגער. ער גע־פינט שוץ ביי פראַנצויזישע פויערים, אויך אַרבעט אויפן פעלד און אַ פיל־וויניק זיכערע היים. אים גע־לונגט אויך אָפּצוראַטעווען זיין פאַמיליע.

נאָך דער באַפרייאונג ווערט ער אַקטיוו אין דער געגרינדעטער סאָסייטי פון די אָטוואָצקער־פּאַלעני־צער אין פּאַריז. ער פאַרנעמט דעם אַמט פון פאַרזיצער פון אַלע אונטערנעמונגען — און ר'פירט זיי טאַקע אַדורך מיט דערפאָלג און מסירת־נפש. די קראַנקהייט און די איבערלעבונגען פון די מלחמה־יאָרן האָבן אים נישט געלאָזט ווייטער אָנגיין מיט זיי געבענטש־טער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. דעם 13טן מאַי 1963 איז ער אַוועק פון זיין שטוב — און מער נישט צוריק געקומען. זיין טויט האָט אַרויסגערופן אויפ־ריכטיקן טרויער און צער.

## קיינער האָט נישט פאַראויסגעזען...

אין יאָר 1927, האָב איך מיט מיין פרוי און זון באַ־זוכט פּאַלעניץ. דער קליינער פּינקוס האָט צו די אַלע וואָס זענען פון שטעטל אַוועק קיין אויסלאַנד, געהאַט טענות פאַר וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט. ער האָט געגלייבט אין דער צוקונפט פון פוילן און אַז

די יידן דאָרט וועט אַמאָל זיין גוט. זיי דאַרפן נישט, לויט זיין מיינונג, זוכן גליקן ערגעץ אַנדערש. אָבער נישט נאָר דער קליינער פּינקוס, נאָר קיינער האָט נישט געקאָנט פאָראויסזען דעם טראַגישן גורל פון פוילישן יידנטום.

נאָך איצט שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס שטעטל מיט איר באַרימטן סטאַוו „מאַרסקע אָקאָ", די פּאַליאַנקע, די וועלדלעך און פעלדער, די ווילדעס און פּענסיאָנאַטן — מיט אירע אייגנטימער און סעזאָן־איינוווינער. דער וועג צום „מאַרסקע אָקאָ" האָט געפירט אויף אַ וויסן זאַמד, ווו ס'האָט זיך געפונען אַ וועגווייזער פון ציגל. שווער געווען צו דערגיין די געשיכטע און באַדייט פון דער ציגל־געביי. טייל האָבן געזאָגט, אַז צום אָנדענק פון פאַרטרייבן אַמאָל גזלנים — האָט מען אויפגעשטעלט דעם סלופּ, בעת אַנדערע האָבן געטענהט, אַז ס'איז אַ פּשוטער וועגווייזער. די עטלעכע שיפלעך צו שיפן זיך האָט געהיטן דער אַלטער וואָיטשעך, באַוואָפנט מיט אַ גראָבן שטעקן און שטענדיק באַגלייט דורך אַ הונט, וואָס האָט נאָר געוואַרט אויף אַ באַפעל פון בעל־הבית עמעצן צו באַפאַלן און בייסן. אָבער נאָכן זון־פאַרגאַנג, האָט וואָיטשעך איבערגעציילט די עטלעכע פאַרדינטע גראָשנס און אַ טרויעריקער אַוועק אַהיים...

אויך די פּאַליאַנקע איז געווען אַ שם־דבר אין שטעטל. אונדזערע עלטערן האָבן דאָס אָרט גערופן „ווינער פּלאַץ". אַלס חדר־ייִנגלעך פלעגן מיר פירן אויף דער פּאַליאַנקע מלחמות, ווי די גרויסע. און אַלס יוגנטלעכע פלעגט מען אַהערקומען אויף קרייזן און שמועסן, הערן ווי דער שוואַרצער יאַנקעלע דערקלערט די באַדייטונג פון מערוועט, קאַפּיטאַל און קלאַסן־קאַמף... דאָ האָט מען אַמאָל געפירט אַ „קעמערל", געפירט אַ זיצונג פון „ראַיאָן", געלייענט אַ בוך.

שפּעטער איז מען אַריבער אויף אַ צווייט אָרט צו פירן די קרייזלעך — צו דער וויסל צו. מע האָט אויך געזונגען לידער. אויף דעם געביט האָט זיך אויסגעצייכנט הערש־מאַטל מושינסקי. פאַרשטייט זיך, אַז אין אונדזער רעפּערטואַר האָבן אויך נישט פאַרפעלט קיין לידער פון אַנטי־רעליגיעזן כאַראַקטער, אַרבעטער־לידער, אָדער פּאַראָדיעס.

נייע צייטן — און נייע לידער האָבן זיך געהערט אין פּאַלעניץ. ביז אַלץ איז פאַרשניטן געוואָרן...

## „וואַרשע ליגט נאָענט פון פּאַלעניץ"

יעקב דאַמב
חיפה

### די ערשטע

פּאַלעניץ האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען ערשט אין יאָר 1905. ווי מיינע עלטערן האָבן דערציילט, האָט מען אין יענע יאָרן באַדאַרפט מיט אַ טאָג פריער באַשטעלן אַ בילעט אין דער בודקע, וואָס איז געשטאַנען ביי די באַן־רעלסן, אויב אַ פּאַלעניצער איינוווינער האָט געוואָלט צופאָרן קיין וואַרשע. אין אַזאַ פאַל האָט דער באַאַמטער אין דער בודקע אויפגעהויבן אַ רויט פענדל, אָפּגעשטעלט דעם צוג, וועלכער האָט באַוויליקט אויפצונעמען דעם פּאַלעניצער פּאַסאַזשיר...

נאָר מיט דער צייט האָט דער ישוב אָנגעהויבן צו וואַקסן. דער פּריץ, וועלכער איז געווען דער אייגנטימער פון באָדן, האָט אים פאַר־צעלירט און אויף די חלקים ערד זענען אויפגעשטאַנען הייזקעס און האָלץ־סקלאַדעס.

פון די גאָר ערשטע יידישע פאַמיליעס אין פּאַלעניץ זענען געווען :

דאַמב, פרידמאַן, יאַקינד, גאָלדשטיין, יעלין, גוט־רימאַן, זאַשלינסקי, שלעכטער, געליבטער, לעפּאַק, סאַקאַלאָוו, ליבערמאַן, ריפּמאַן, אַקער־מאַן, מעלצער, צעשינסקי, לאַטאָוויצקי, האָרוויץ, גאַרפינקעל, שעד־לעצקי, פינקעלשטיין, לאַנדאַו, חייטמאַן, קושמיר, גרינבערג, שטיינבערג, גאַליצקי, קאַזשיצקי, ליבהאַ־בער, צימליך, זאַלעווסקי, הרב פינקעלשטיין, גראַבסקי, גאָלדפאַרב, ריטשטיין, שאַרפשעכטער, וואַסערשטרום, הייוונטרעגער, קעסלברענער, קאַמיענקאָווסקי און אוודאי נאָך און נאָך, וואָס זייערע נעמען געדענק איך נישט.

די ראַשיקע אַנטוויקלונג פון פּאַלעניץ האָט אַפילו אָנגערעגט דעם באַרימטן פעליעטאָניסט באָנטשע, צו וויצלען זיך, אַז „ווער עס וויל וויסן ווו עס ליגט וואַרשע, קאָן איך אים זאָגן, אַז... גאָר נאָענט פון פּאַלעניץ"...

## די רוסיש־פּוילישע מלחמה אין 1920

ווי באַוווּסט, זענען די רוסן אין יאָר 1920 שוין געהאַט דערגאַנגען ביז וואַרשע. אַזוי ווי פּאַלעניץ איז געווען דערווייטערט פון פוילנס הויפּטשטאָט מיט אַ 20 קילאָמעטער, האָט די מלחמה אָנגעהויבן זיך אויסווירקן אויך אין אונדזער קליינעם ישוב. עס איז געוואָרן אַ פּאַניק, אַ גרויסער טייל איינוווינער האָט זיך געלאָזט לויפן ווו די אויגן האָבן געטראָגן, מיטנעמענדיק מיט זיך בלויז דאָס סאַמע נייטיקסטע. פון די וואָס זענען פאַרבליבן, האָט מען די מיליטער־פליכטיקע גענומען אין דער פוילישער אַרמיי און די יוגנטלעכע מיט די עלטערע מענטשן געהייסן אויספירן פאַרשידענע אַרבעטן פאַרן מיליטער.

אין מאָל אַ פרייטיק, האָט מיין מוטער מיך געשיקט ברענגען עפּעס פון געשעפט. גייענדיק צוריק, האָט אַ זעלנער מיך פאַרהאַלטן און בגוואַלט צוגעפירט צו דער קליינבאַן־סטאַציע און באַפוילן אויסלאָדן פון די וואַגאָנעס קנוילן אַנגעוויקלטע שטעכלדראָט. מיר איז קאַלט געוואָרן אין אַלע אברים, ווייל בסך־הכל בין איך דאַן אַלט געווען 12 יאָר. צוקומענדיק מיטן זעלנער צו שלמה־יאָסלס בעקעריי, האָט ער מיך איבערגעלאָזט אין דרויסן, אָנזאָגנדיק שטרענג כ'זאָל אויף אים וואַרטן, ביז ער קומט אַרויס. ווי נאָר דער זעלנער איז פאַרשוווּנדן, האָב איך זיך שנעל אָפּגעטראָגן, אַוועקגעלאָפן צו אברהם פּוריסאָווער אויפן הויף, אַרויף אויפן בוידעם, אויפגעמאַכט די עפענונג און אַרויפגעקראָכן אויפן דאַך, ווו כ'בין אָפּגעלעגן ביזן אָוונט. איך האָב געהערט ווי דער זעלנער, אין באַגלייטונג פון נאָך עטלעכע מיליטער־לייט, האָבן שעלטנדיק און זידלענדיק אַלץ און אַלעמען, מיך אַרומגעזוכט אין דער וווינונג פון אברהם פּוריסאָווער, גענישטערט אויפן הויף, אַרויפגעקומען אפילו אויפן בוידעם, נאָר צום גליק — מיך נישט געפונען. איין זעלנער האָט דערביי געזאָגט, אַז עס מוז זיין אַ טעות, כ'בין אוודאי אַנטלאָפן אויף אַן אַנדערן פּלאַץ. ערשט ווען ס'איז שוין געווען גוט פינצטער, בין איך אַראָפּגעקראָכן פון דאַך, מורא האָבנדיק צו גיין אַהיים, קוים וואַרטן דאָרט אויף מיר די זעלנער, בין איך אַוועק צו מיין פעטער יודל דאָמב. כ'בין שוין געבליבן נעכטיקן ביי אים, ווייל מ'האָט געקאָנט אינמיטן דער נאַכט מיך זוכן אין דער היים. צום גליק האָט זיך אַלץ פאַרענדיקט בשלום.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט מען אין דער גאַנצער סביבה אַדורכגעפירט אין גרויסן פאַרנעם אַן אַבלאַווע, זוכנדיק מיליטער־פליכטיקע, און דער עיקר — די וואָס האָבן זיך נישט צוגעשטעלט צו די פּריזיווו־פונקטן. פיל מענטשן זענען פאַרהאַלטן געוואָרן, ווייל מען האָט געזוכט אין יעדן הויז. ביי אונדז האָט זיך דאַן געפונען מיינער אַ קוזין פון ביאַלאָבזשעג, וועלכער האָט צוליב אַ געוויסער סיבה זיך נישט צוגעשטעלט. אינמיטן נאַכט, ווען מיר אַלע זענען געווען אין דער בעקעריי, האָט מען דערהערט טריט פון דער זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציאַנטן. מיין מוטער האָט נאָך באַוויזן צווויסן צו טאָן דעם קוזין וועגן דער געפאַר. ער האָט זיך באַהאַלטן אין קלאָזעט אויפן הויף — און דאָרט האָט מען טאַקע נישט געזוכט. דערנאָך האָט דער קוזין געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

די לאַגע אין פּאַלעניץ איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער, ווייל דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט. אין שטעטל האָט זיך שוין געפונען פיל מיליטער און פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג זענען די וועגן געווען אָפּגעשלאָסן. מיט דער קליינבאַן און אויך מיט דער גרויסער באַן, האָט מען נישט געקאָנט פאָרן. די שיסערייען האָבן כמעט נישט אויפגעהערט. די בעקערייען האָבן געבאַקן נאָר פאַרן מיליטער.

אַ דעלעגאַציע פון אָנגעזעענע יידישע בעלי־בתים האָט זיך געווענדעט צום מיליטערישן קאָמענדאַנט און אים געבעטן דערמעגלעכן דער אַרויספאָר פון שטעטל. אויף דעם איז געקומען אַ בייזער, אַנטיסעמיטישער ענטפער: „איר יידן קאָנט אַריין אין דער ווייסל, אָדער פאָרן קיין פּאַלעסטינע..." פונדעסטוועגן האָט ער שפּעטער דערלויבט צו עוואַקואירן די פרויען און קינדער פון שטעטל. די קליינבאַן פון פּאַלעניץ קיין וואַרשע האָט זיך דאַן אַזוי פאַרפולט, אַז יעדער האָט געשטוינט, ווי אַזוי האָבן עטלעכע וואַגאָנען אַרייננעמען אַזוי פיל מענטשן.

נישט יעדער פון די פּאַלעניצער פּליטים האָט ווע־

מען געהאַט אין דער הויפּטשטאָט. אַ גליק, וואָס פאַר־שידענע הילפס־קאָמיטעטן האָבן געזאָרגט פאַר אַזעל־כע יידן און זיי געהאָלפן. מיר זענען אַוועק צו אונ־דזערס אַ פאַמיליע. מיין מוטער האָט אָפּגעדונגען אין וואַרשע אַ בעקעריי. דאָס אויסגעבאַקענע ברויט האָט מען פאַרקויפט אויף קאַרטן און אַ ביסל — אָן קאַרטן.

די פּויליש־באָלשעוויסטישע מלחמה האָט זיך געענ־דיקט מיטן „נס אויף דער ווייסל", ווי די פּאָליאַקן האָבן אָנגערופן זייער נצחון אין יאָר 1920. ביסלעכ־ווייז האָט דער עולם אָנגעהויבן זיך צוריקקערן קיין פאַלעניץ, אָבער דאָ איז אַלץ געווען רואינירט און חרוב. די צייט האָט אָבער אויסגעהיילט די דאָזיקע מלחמה־ווונדן און דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן פירן אַ נאָרמאַל לעבן.

## די פּרץ־ביבליאָטעק

צוליב דעם וואָס פאַלעניץ האָט מיט אַמאָל באַקו־מען דעם נאָמען פון אַ קוראָרט און דאַטשע, האָט מען אָנגעהויבן אַהער קומען פון פאַרשידענע ערטער. די צוגעפאָרענע יוגנט, צוזאַמען מיט דער אַלט־איינ־געזעסענער, האָבן באַשלאָסן אויפצושטעלן אַ קול־טור־אינסטיטוציע — די פּרץ־ביבליאָטעק. יעדער האָט צונויפגעבראַכט עטלעכע ביכער און מ'האָט אָנ־געהויבן פירן אַ נאָרמאַלע ביבליאָטעק־טעטיקייט. איין מאָל אין וואָך האָט מען אַדורכגעפירט אַ שמועס אויף אַ ליטעראַרישער טעמע, אָדער געלייענט אַ פּראָג־מענט פון אַ בוך און דערנאָך באַהאַנדלט דאָס אַדורכ־געלייענטע. מיט אַ צייט שפּעטער האָט מען אָנגע־הויבן אַראָפּברענגען פון וואַרשע רעפערענטן. ביי דער ביבליאָטעק איז דערנאָך געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז און די פאַרשטעלונגען פון די אַרטיסטן־אַמאַטאָרן זענען אַדורך מיט גרויס דער־פאָלג. קיין שטערונגען אין דער אַרבעט זענען נישט געווען.

ביז עס איז איין מאָל איינגעפאַלן עטלעכע נאַרישע קעפּ פון דער ביבליאָטעק אָפּצוטאָן דעם רב אַ שפּי־צל. אין פאַלעניץ האָט דאַן געוווינט דער רבי ר' אברהם משהלע ז"ל. ער איז געווען באַליבט ביי אַלעמען — יידן און קריסטן, רעליגיעזע און פרייע. מען האָט אים זייער געשעצט. איין מאָל, אַ פרייטיק־צונאַכטס, זענען עטלעכע יונגעלייט געקומען צו אים אַהיים און געזאָגט, אַז ער זאָל מיט זיי מיטגיין, זיי האָבן אים צו ווייזן אַ ספר־תורה, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פונדאַנען. ווי נאָר דער רבי איז אַריינגעקומען אין דעם הויז וווּ די ספר־תורה האָט זיך באַדאַרפט גע־פינען, האָט מען אויסגעלאָשן די ליכט און צום אי־בערראַשטן רבין איז צוגעלאָפן אַ מיידל און מיט אים אָנגעהויבן טאַנצן... דער רבי האָט זיך אַזוי שטאַרק איבערגענומען און דערשראָקן מיט דעם פאַל, אַז ער איז דערנאָך געלעגן אַ שטיקל צייט אין קראַנקן־בעט. אין שטעטל האָט זיך געטומלט פון דעם סקאַנדאַל און בזיון. דער אויפגעבראַכטער עולם האָט דעמאָלירט די פּרץ־ביבליאָטעק, אַלץ צעהאַקט און צעבראָכן, די ביכער אַרויסגעשליידערט אויפן גאַס און די יוגנטלעכע וואָס האָבן זיך דערלויבט אויף אַזאַ האַנדלונג, האָט מען גוט אָנגעבראָכן די ביינער. אויס בלויזער חרפּה זענען פיל פון זיי אַוועק פון שטעטל אויף אַ געוויסער צייט, אַנדערע זענען שוין בכלל נישט צוריק געקומען קיין פאַלעניץ.

דערנאָך, ווי דער שטייגער, האָט מען זיך באַרויִקט. פאַלעניץ האָט אָנגעהויבן פירן איר נאָרמאַל לעבן. עס גרינדן זיך פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, אינ־סטיטוציעס און געזעלשאַפטן. עס אַנטשטייען אויך עטלעכע חסידים־שטיבלעך.

## ל"ג בעומר אין שטעטל

אין טאָג פון ל"ג בעומר האָט אין פאַלעניץ געזשו־מעט ווי אין אַ בינשטאָק. די וואַלדיקע געגנט אַרום איז פאַרפולט געוואָרן נישט נאָר מיט די קינדער פון די אָרטיקע שולן און חדרים, וואָס זענען צוזאַמען מיט זייערע לערערס און מלמדים געקומען פאַר־ברענגען אין שויס פון דער נאַטור, נאָר אויך פון וואַרשע און פון פּראַגע זענען הונדערטער און הונ־דערטער יידישע קינדער געקומען קיין פאַלעניץ. אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק האָבן געמאַכט די פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע מונ־דירן, פענער און אָפטמאָל — מיט אייגענע אָרקעס־טערס. זיי פלעגן פון דער באַן־סטאַציע אַדורכמאַר־שירן דאָס שטעטל אין גרויס אָרדענונג, דיסציפּלי־נירט, באַגלייט מיט געזאַנג אָדער מוזיק. דער וואַלד איז געווען פול מיט יוגנט, קינדער און דערוואַקסענע. דאָס געלעכטער, געשרייען און געזאַנג האָבן אָפּגע־געהילכט אין דער געגנט. דאָס גאַנצע שטעטל

האָט מיטגעלעבט מיט דער פרייד און באַגייסטערונג פון די יידישע קינדערלעך.

## „מאַרסקע אָקאָ"

אין פּאַלעניץ האָט זיך געפונען אַ קליין וואַסער, באַקאַנט אונטערן נאָמען „מאַרסקע אָקאָ", וואָס איז געלעגן נאָכן וועלדל, ווו מ'איז זומער געגאַנגען שפּאַצירן. אַהין פלעגן זיך ציען לאַנגע רייען מענטשן נישט נאָר פון פּאַלעניץ, נאָר אויך די דאַטשניקעס פון וואַרשע און פון אַנדערע ערטער. אין די זומער־חדשים האָט מען געקאָנט זען, ווי די וואַגאָנען פון דער גרויסער באַן און פון דער קלייבאַן זענען באַהאַנגען מיט מענטשן — אויף די טרעפּ, צווישן די בופערן. מ'איז אויך געלעגן אויף די דעכער. און פון דער גרויסער ענגשאַפט אינעווייניק — איז דאָך אָפּגערעדט...

ס'איז אָבער כדאי געווען די מאַטערניש פון דער רייזע קיין פּאַלעניץ, ווייל די נאַטור דאָ האָט פאַר אַלץ פאַרגיטיקט. דאָס פרייע פאַרברענגען, די געזונטע לופט און די פרייִלעכקייט, האָבן געמאַכט פאַרגעסן אין די טאָג־טעגלעכע זאָרג. אויף דעם שפּאַציר־וועג צום „מאַרסקע אָקאָ" האָט מען נישט איין מאָל געהערט אויך מחלוקתן צווישן יונגעלייט איבער אַן... „אויסגעכאַפּט" מיידל.

## די פּאַלעניצער ווילעס

נישט נאָר די וואַלדיקע געגנט האָט גורם געווען צו אַ „פּראָספּעריטי" אין פּאַלעניץ. צום עקאָנאָמישן אויפבלי פון שטעטל האָבן נישט ווייניק צוגעהאָלפן די ווילעס, וואָס האָבן אין סעזאָן אויפגענומען טויזנטער און טויזנטער איינוואוינער. כמעט ביי יעדער ווילע האָט זיך געפונען אַ שפּייז־געוועלבל, וואָס האָט צוגעשטעלט פון כל־טוב. דער אייגנטימער פון אַזאַ געוועלבל איז נישט געווען דווקא קיין פּאַלעניצער, ווייל מיט דעם האָבן זיך פאַרנומען אויך יידן פון די אַרומיקע ערטער. אַזאַ קליינטשיק פלעגט אויך פאַרדינען מיט אָנפולן מיט שטרוי די שעניקעס פאַר די געקומענע אויף זומער־וווינונג. אויסער דעם האָבן אין זכות פון די ווילעס געלעבט פיל מעקלערס — און נישט איין מאָל איז דערגאַנגען צו שאַרפע מחלוקתן און אַפילו געשלעגן צווישן די מעקלערס, ווייל איינער האָט צוגענומען ביים צווייטן אַ קונה.

אמת, די צוגעפאָר־ענע יידן האָבן געגעבן צו פאַרדינען די פּאַלעניצער איינוואוינער. עס האָט אָבער אויך פּאַסירט, אַז געוויסע דאַטשניקעס פלעגן ממש אינמיטן דער נאַכט זיך אָפּטראָגן פון דער וווינונג און נישט באַצאָלן. אַנדערע ווידער האָבן געגעבן וועקסלען, וואָס אַז מ'איז געקומען פאַר זיי איינקאַסירן געלט, האָט מען געדאַנקט גאָט, אַז מען געפינט זיך שוין אויף יענער זייט טיר, נישט אָפּנעמענדיק דעם חוב...

אין אַלגעמיין האָט אָבער דאָס שטעטל געלעבט פון דעם דאַטשע־סעזאָן. און נישט נאָר די מעקלערס און אייגנטימער פון די געוועלבלעך, נאָר אויך די דראָזשקאַזשעס, קצבים, מילכיקער, עופות־הענדלער, צייטונגס־פאַרקויפער און אַנדערע. זומער האָט דאָס שטעטל אויפגעלעבט, עס האָט דאָרט געקאָכט און געזידט. שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז מיט איין מאָל איז דאָס אַלץ געוואָרן אָפּגעווישט.

## „זכור את אשר עשה לך עמלק"

מיט 4 יאָר שפּעטער, נאָך מיין עולה זיין קיין א"י פון פּאַלעניץ (1935), איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. אַפילו דאָ, אין ארץ־ישראל, איז געווען אַ געפיל, אַז עס הייבט זיך אָן דער סוף פון פוילישן יידנטום. אין יאָר 1942, דעם 20סטן אויגוסט, האָט מען ליקווידירט דאָס פּאַלעניצער געטאָ. דעם 6טן מאַי 1943 האָט מען די לעצטע רעשטלעך פון פּאַלעניצער יידנטום אומגעבראַכט אין טאַרטאַק אויף אַ שווידערלעכן אופן. דערמיט איז איבערגעשניטן געוואָרן די לעצטע האָפענונג פון די קדושים צו זיין צוזאַמען מיט אונדז אין דער אויפגעריכטער יידישער מדינה.

זינט דעם גרויסן בראָך וואָס האָט געטראָפן מיט אונדזערע נאָענטע, איז שווער צו געפינען רו. דערפאַר די באַדערפעניש אַרויסצוברענגען פאַר אונדזער זכרון די טייערע ליכטיקע געשטאַלטן וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם.

„זכור את אשר עשה לך עמלק"...

# זכרונות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

שמחה סאָלניצקי
טאָראָנטאָ

איך בין דעמאָלט אַלט געווען 7 יאָר, כ׳געדענק אָבער אַ סך פון דער מלחמה און אָקופּאַציע־פּעריאָד אין אונדזער שטעטל. כ׳וועל דאָס אַלץ פּרובירן פאַרצייכענען, ווי איך געדענק עס.

דער מאָביליזאַציע־באַפעל איז געקומען אין מיטן זומער־סעזאָן, ערב תשעה־באב. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פּאַניק. די מערהייט „לעטניקעס" זענען זיך שנעל פונאַנדערגעפאָרן און אַפילו נישט באַצאָלט אין די געוועלבער פאַרן עסן וואָס זיי פלעגן קריגן אויף קרעדיט. די געוועלבניקעס פון זייער זייט — האָבן נישט באַצאָלט די הורטאָווניקעס. ס׳איז אויך געוואָרן אַ תל פון די גרייטע פּראָדוקטן. ביי אונדז אין׳ געוועלב האָט מען אַרויסגעוואָרפן קאַליע־געוואָרענע פּוטער און קעז, אַפילו קאָנסערוון. דער גאַנצער מסחר האָט זיך מיט איין מאָל אָפּגעשטעלט. בלויז צוויי ייִדן זענען דעמאָלט מאָביליזירט געוואָרן אין שטעטל: די קצבים משה גאַרוואָלינער און יידל כאַזאַן. כמעט גאַנץ פּאָלעניץ האָט זיי באַגלייט צו דער באַן. חנהטשע, משהס טאָכטער, האָט זיך געוואָרפן אונטער דער באַן מיט רעזערוויסטן און פאַרהאַלטן דעם צוג אויף אַ לענגערער צייט. די געשעעניש האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די שרעק וואָס איז אַלעמען באַפאַלן.

מיט דער צייט האָט זיך אַלץ „נאָרמאַליזירט", ייִדן האָבן אָנגעהויבן „פּאָליטיקירן". אין אַלגעמיין גענומען, איז פּאַלעניץ געווען אויף דער דייטשער זייט. די ייִדן האָבן פאָראויסגעזען ניקאָלייס מפּלה. ווען די רוסן האָבן ענדלעך פאַרלאָזט דאָס שטעטל (דאַכט זיך אין אַ פרייטיק־צו־נאַכטס), האָבן אויף צו מאָרגנס זיך פאַרזאַמלט אויף אפרימס וועראַנדע אַ צאָל ייִדן און באַגריסט די ערשט־אָנגעקומענע דייטשע „ראַזוויעדטשיקעס", אויך באַוווּנדערט די חכמה פון די דייטשן, וועלכע האָבן געקוקט אין אַ פּאַפּיר און גענוי געוווּסט אַלע וועגן וואָס פירן צו די שכנותדיקע שטעטלעך און דערפער. אויף העפלעך פיטערס באַגריסונג „גוט מאָרנינג", האָבן די דייטשן געענטפערט: „גוט מאָרנינג, ווִיר האַבען דיזע נאַכט גוט געאַרבייט פיר די יודען".

ס׳איז דעריבער געווען פאַרשטענדלעך, אַז די נייע אָקופּאַציע־מאַכט האָט צוגעצויגן אויך ייִדן צו דער ציווילער אַדמיניסטראַציע, באַזונדערס צו דער אָרטיקער מיליץ. דער קאָמענדאַנט איז געווען אַ פּאָליאַק, זיין געהילף — דער דריי־בענדלדיקער איטשע סטשעסאַק. די יידישע מיליציאַנטן האָבן אויסגעזען אַ ביסל קאָמיש מיט זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס און רויט־ווייסע בענדלעך אויף די אַרבל. טייל האָבן אַפילו געטראָגן די בענדלעך אויף זייערע שבתדיקע געהאַקטע קאַפּאָטעס (מאשינסקי און יאָסל סטשעסאַק). דאַקעגן די אַנדערע, ווי דער געלער שלמהלע, דער יונגער קוקאַווקע, בעריש טשייפּטשאַק און אַנדערע, האָבן געטראָגן די בענדלעך אויף זייערע סיצענע כאַלאַטלעך. די יידישע מיליציאַנטן האָבן אָנגעטאָן גרויסע צרות דער שטאָטישער אָרעמקייט, און געהאָלפן פאַרשאַרפן די באַציאונגען מיט די פּוילישע שכנים. דער הויפּט־דאָזאָר אין שטאָט איז געווען יאַנקל יאַקטאָן, דער אייגנטימער פון דער שענסטער וויללע. אין בית־המדרש האָט געקיניגט אברהם יצחק ליבערמאַן, אַ בייזער ייד מיט אַ פעטן רויטן קאַרק, פאַר וועמען אַלע האָבן מורא געהאַט. דאַקעגן זיין געהילף — דער לאָמער לייבל, איז געווען פּונקט דער היפוך. דעריבער טאַקע זענען מיר ייִנגלעך אים דערגאַנגען די יאָרן.

כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג איז געוואָרן פאַראָרעמט. דער אויסזען פון שטאָט האָט זיך געביטן. דאָרטן ווי עס פלעגט זומער קאָכן מיט רוישיקן לעבן, איז מיט איין קלאַפּ אַלץ פאַרשטומט געוואָרן. די גרעסטע צאָל וויללע־אייגנטימער האָבן אָנגעהויבן פאַרקויפן די הייזער אויף געהילץ. וועלוול יעלען האָט זיי אָפּגעקויפט און באַשעפטיקט אַ שטאַב מענטשן פונאַנדערצונעמען די וויללעס. ס׳איז געווען אַ שרעק צו קוקן אויף די פּלעצער, ווו ס׳האָבן פריער געבליט סעדער און גערטנער. דאָס אַלץ איז געוואָרן חרוב און פאַרלאָזט. די גאַנצע ווירטשאַפט האָט זיך געביטן. אויסער די עטלעכע שוסטערס, האָבן אַלע בעלי־מלאכהס געהונגערט, באַזונדערס די בוי־אַרבעטער. מען האָט זיך גענומען צו וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט. ווער עס האָט געהאַט געלט האָט זיך געקויפט אַ פערד און געוואָרן בעל־עגלה. די יונגע מענטשן האָבן אַמיינסטן זיך גענומען צו טרעגעריי. אַ

נייע „עקאָנאָמיע" איז אַנטשטאַנען — שמוגלעריי
די געאָגראַפישע לאַגע פון פּאַלעניץ איז אין דעם שטאַרק געווען בייהילפיק. כמעט די גאַנצע באַפעל־קערונג איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין שמוגלעריי. ווער עס האָט אַריינגעבראַכט, און ווער עס האָט אַרויסגעפירט פון פּאַלעניץ קיין וואַרשע. דורך פאַר־שידענע וועגן און שטעגן איז דער־אָ האַנדל אָנגע־גאַנגען. געווען אַפילו זעלכע, וואָס פלעגן פאָרן אַזש אויף דער עסטרייכישער זייט און פון דאָרט ברענגען וואַגאָנען סחורה, ווי מייק פּאָטער אברהם, יאַנקל סלי־סאַזש, פּיניע וויאַנזאָווגער און אַנדערע. די מערהייט אָבער זענען געווען קליינע סוחרימלעך, וואָס פלעגן ברענגען די סחורה אויף די אייגענע פּלייצעס, אָדער אונטערן באַנק אויף דער באַן.

אַ גרויסע ראָל אין דעם מסחר האָבן געשפּילט פרויען. זיי פלעגן אין זייער אונטערוועש שמוגלען פאַרשידענע פּראָדוקטן. פון דעם האָבן זיך גענומען אַזעלכע צונעמען, ווי גאָלדע די וואַטאָווע הויזן און אַנדערע. אַ באַזונדערע ראָל האָבן געשפּילט די וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אַריינשמוגלען דאָס אַלץ קיין וואַרשע. הונדערטער פאַמיליעס זענען ביי דעם געווען באַשעפטיקט. דער האַנדל איז אָנגעגאַנגען מיט דער קאָלייקע, מיט פורן און אויך — צופוס. די הויפּט־שמוגלערס זענען געווען די דריי ברידער גאָלדפאַרב, וואָס האָבן אָפּגעקויפט אַלע וואַכן, אָבער אויך אַנ־דערע פלעגן אַרויסווייזן פאַרשידענע חכמות, כדי איבערצושפּיצן די דייטשן. אַ דאַנק דעם, זענען הונ־דערטער פאַמיליעס אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן הונגער־טויט. אַזאַ לעבנס־שטייגער האָט גורם געווען פאַרשידענע קראַנקהייטן און עפּי־דעמיעס. די שרעקלעכסטע פון זיי איז געווען — דער טיפוס. אין משך פון אַ קורצער צייט, זינט יודל קצב האָט באַנייט דעם בית־עולם אין ראַדאָשטש, איז ער כמעט אויסגעפולט געוואָרן. נישט געווען קיין הויז, וואָס די עפּידעמיע זאָל עס אויסמיידן. אין כמעט יעדער פאַמיליע איז געווען איינע אָדער מער קרבּ־נות. די שטאָט האָט אַפילו נישט געהאַט קיין דאָק־טאָר. בלויז די פעלדשערס פלוסגאַטע, קאַסטנער און שאַנצער האָבן אַלץ געטאָן צו ראַטעווען מענטשן. באַ־זונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט אויף דעם געביט דער אַלטער שאַנצער, שוין דעמאָלט אַ ייד אין די יאָרן. ער פלעגט אַרבעטן בייטאָג און ביינאַכט, כמעט אומזיסט, און פלעגט נאָך אַליין מאַכן רפואות פאַר די אָרעמע קראַנקע.

ערגער איז געווען די לאַגע צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג. זיי האָבן באַדאַרפט זיך דערנערן פון באַדינען די אָרעמע יידן, אין אַן אַטמאָספער פון שנאה צום אָקופּאַנט און צו די יידישע אַרויסהעלפער. ביי די אומשטענדן איז שווער געווען צו דערוואַרטן פון זיי ליבע צו די יידישע שכנים.

אין שטאָט האָט מען גדאַווענט אויף פיר פּלע־צער: אין בית־המדרש, און די גערער, אַטוואַצקער און גראָדזשיסקער חסידים האָבן געהאַט אייגענע שולעכלעך.

ס'האָבן עקזיסטירט עטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אַרויסגעהאָלפן אָרעמע מענטשן אין זייערע נוי־טן, ווי: „עזרה", צו וועלכער ס'האָבן געהערט יונ־גערע רעליגיעזע מענטשן, און „לינת־הצדק". פאַר־זיצער פון דער „עזרה" איז געווען יצחק זאַנשיין. זיי פלעגן זאַמלען געלט אויף פאַרשידענע שמחות, ווי אויך איינקאַסירן וואָכן־אָפּצאָל און עס פאַרטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע. אַ באַזונדערע ראָל האָט געשפּילט די לינת־הצדק, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען שלמה לאַטאָוויצקי. זיי פלעגן זיך פאַר־נעמען מיט הילף פאַר קראַנקע און נעכטיקן ביי קראַנקע מענטשן. די עטלעכע יונגע מענער און פרויען וואָס האָבן געהערט צו דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע (און באַזונדערס — דער געלער שלמהלע), האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן אָרעמע קראַנקע מענטשן.

ס'האָט אויך עקזיסטירט אַ קיך, וווּ מע פלעגט קאָכן מאָלצייטן פון פּראָדוקטן, געשיקט פון אַמעריקע. די מאָלצייטן זענען פאַרטיילט געוואָרן אומזיסט. די אויפ־זעער זענען געווען יודל דאָמב מיט זיין ווייב. טאַקע אין זייער הויז האָט מען געקאָכט. שפּעטער איז אויך אַנטשטאַנען דער „בילדונגס־פאַראיין פאַר יידישער יוגנט אין פּאַלעניץ", צו וועלכן עס האָבן געהערט ציוניסטן און בונדיסטן.

די מלמדים אין שטעטל זענען כמעט אַלע געווען צוגעפאָרענע. קודם האָבן די שוחטים זיך געמוזט צוזוכן פּרנסה, ווייל פון דער באַגרענעצטער שחיטה האָבן זיי נישט געקענט מפרנס זיין זייערע משפּחות. געווען נאָך עטלעכע דרדקי־מלמדים, ווי אלילע שמש, דער משוגענער שאול און אַנדערע. די גרעסטע צאָל תלמידים האָט געהאַט קלמן שוחט, אַ בייזער ייד,

וואָס אַז ער איז געוואָרן אין כעס, פלעגט ער שלאָגן מיטן פּאַסעק. טאַקע אים איז צוגעטיילט געוואָרן דער גרויסער כבוד, אַז אין זיין חדר זאָל זיך געפינען מיין שטאָב פון דער יינגלשער מיליץ.

ס׳איז מער ווי יושרדיק, אַז אויב עלטערע יידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס זאָלן זיין מיליציאַנטן און טראָגן בענדלעך, דאַרפן אויך מיר, די יינגלעך, זיי נאָכמאַכן אין חדר. פאַר אונדז אָבער האָבן די דייטשן נישט געדאַרפט באַשטימען קיין אויבער־קאָמיסאַר אַ פּאַ־ליאַק. אני הקטן האָב מיר געלאָזט אויפנייען אַ בגד מיט פינף בענדלעך, ווי דער אָבער־קאָמיסאַר האָט געטראָגן. פאַר מיינע געהילפן האָב איך באַשטימטביידע שמואלס — קאַמיענקאָווסקי און לאַטאָוויצקי, וי אויך צוגעטיילט כבוד מיינע אַנדערע נאָענטע מיט דריי בענדלעך. געזען, אַז יעדער זאָל זיך פּאַרזאָרגן מיט אַ פייפערל און פּאַראַדירן אין שטאָט מיטן גאַנ־צן צערעמאָניאַל. אַפילו דורכגעפירט קאָנפיסקאַציעס, פונקט ווי די גרויסע מיליציאַנטן. מיר האָבן צוגענו־מען האָלץ וואָס די אָרעמע פויערים האָבן געברענגט אין שטאָט און עס פאַרשלעפּט צו דער מקוה — און געמאַכט אַ ויברח. אָפּגערעכנט זיך מיט אונדזערע גרעסטע שונאים, און קודם־כל מיט אברהם־יצחק שמש. מיט איין וואָרט: אַריינגעבראַכט אַ ביסל לעבן אין דרימלענדיקן שטעטל.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן כמעט פיר יאָר. עס דערמאָנט זיך מיר, פונקט ביים אַריינקומען פון די דייטשן, בין איך געוועזן איינער פון די וואָס האָבן געוואָרט אויף אפרימס ווערענדע; אַזוי בין איך אויך געוועזן אויפן פּראָן און געזען, אַז ווען די באַן איז אָנגעקומען, האָט מאַלץ, שאָלאס און ראַזדעבינסקי אַנטוואָפּנט אָן ווידערשטאַנד די דייטשע זשאַנדאַרן און זיי געזעגנט מיט „אַ גוטן טאָג״. און האָסט בפירוש געזען די דייטשע אויגן, ווי זיי וואָלטן ענטפערן מיט אַ „צום ווידערזען״. כ׳בין שוין דעמאָלט אַלט געוועזן 11 יאָר; ווען איך בין געקומען אויפן פּעראָן, האָב איך דערוואַרט עפּעס דראַמאַטישס — און דאָ געזעגנט מען זיך גאָר.

ניין, דאָס געזעגענען איז מיר נישט געפעלן...

## דער אָנהייב און סוף פון אונדזערע פייערלעשער

אַ ראש העיר (בירגערמייסטער) פון אַ ישראל־דיקער שטאָט האָט אַמאָל געזאָגט: „בא אונדז אין לאַנד, אַז איר ווילט ווערן אַ ראש העיר, מוזט איר קודם כל אויפבויען אַ שטאָט״. די חכמה האָט מיר דערמאָנט, אַז כדי צו ווערן אַ פירער פון אַ פּאָלעני־צער אינסטיטוציע, האָט מען זי געדאַרפט פריער אַליין שאַפן... דאָס איז געשען אין יאָר 1917, ווען כ׳האָב געשאַפן אַ פאָלקס־מיליץ, וועמענס הויפּט־שטאָב האָט זיך געפונען ביי קלמן שוחט אין חדר. און ס׳איז נאָך מער געקומען צום אויסדרוק מיט אַ יאָר שפּעטער, ווען כ׳האָב אויסגעטאָן מיין קאָמיסאַרסקע באַנד און אויפ־געגעבן דעם אַמט אַלס הויפּט־קאָמיסאַר פון דער פּאָליציי — און אויפן צוועלפטן יאָר פון מיין לעבן זיך גענומען מיט דער גאַנצער ענערגיע אָרגאַניזירן די יינגסטע דאָן אין פוילן — יידישע פייערלעשער.

ווער פון אייך געדענקט נאָך דעם געפילדער, וואָס מיר פלעגן אַרויסרופן אין די זומער־אָוונטן, ווען צוויי חדר־יינגלעך — מיין יינגערער ברודער משה־אהרן און יצחק סאַפּירשטיין („כאַליאַסטרע״) — זענען ווי פייל־אויס־בויגן אַדורך די גאַס מיט צעקנעפּלטע כאַ־לאַטלעך און מיט טראָמפּייטן אָנגעזאָגט, אַז עפּעס אויסערגעוויינלעכס קומט אָן. דערמאָנט איר זיך אוודאי, ווי נאָך די צוויי שטאַפעטן פלעגט אָנלויפן אַ וואָגן אויף 4 רעדער געשלעפּט פון פיר יינגלעך נאַ־שפּיץ, אויף וועלכן איך (דער נאַטשאַלניק) פלעג פאָרן — און די פייפעריי נאָך דעם... דאָס האָבן מיינע געהילפן — שמואל קאַמיענקאָווסקי און הערש־מאָטל מושינסקי, מיט פייפעלעך אין זייערע מיילער אַרויס־געגעבן די לעצטע באַפעלן צו די אַן ערך 20 נאָכ־לויפנדיקע יינגלעך, מיט העקלעך, עמערס, באָסאַקעס און לייטערס. זיי האָבן זיך געלאָזט לויפן דורך דער האַנדלאָווע גאַס גלייך צום שלאַבאַן. דאָס זענען גע־ווען אַ טייל פון אונדזערע איבונגען, וואָס האָבן זיך יעדן אָוונט איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. די צעשראָ־קענע יידן און יידענעס, ביז זיי האָבן זיך דערוווּסט, וואָס דאָ קומט פאָר, זענען זיך אַזוי פונאַנדערגעלאָפן אַז די גאַס איז געבליבן ריין פון מענטשן. שפּעטער, ווען זיי האָבן אויסגעפונען די סיבה פון רעש, האָט מען אָנגעהויבן שעלטן „שבעלעס תכשיט״...

(איך ווייס, אַז זייער ווייניק פון די דעמאָלט אי־בערגעשראָקענע יידן האָט אויסגעמיטן די מערדערישע היטלער־האַנט. פון דעסטוועגן, אויב איר טרעפט ער־געץ אַ לעבעדיקן פון זיי, בעט איך מיר מוחל זיין פאַר דער אומזיסטער שרעק. זאָגט זיי אויך, אַז

זייערע „נביאות״ וועגן מיר, אַז כ׳וועל שוין קיינ־
מאָל קיין לייט נישט זיין — איז נישט מקוים גע־
וואָרן. גיט זיי איבער, אַז כ׳האָב זיך געראַטעוועט
פון די היטלער־מערדער, געפין זיך אין קאַנאַדע און
דערצייל דער וועלט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות
צו יענער „סטראַזש״...).

ערשטנס, לאָזט אייך באַקענען מיט אונדזער אינ־
ווענטאַר און אויסשטאַטונג. יעדער פייערלעשער האָט
געטראָגן אַ סטראַזשאַצקע היטל, אַ פּאַסיק מיט אַ
קלאַמרע אויף וועלכן מען האָט געקענט זיך אַראָפּ־
לאָזן אויף אַ שטריק פון העכסטן דאַך, אַ העקל
מיט אַ שפּיץ, און פאַרשטענדלעך — אַ פייפערל.
אונדזער אינווענטאַר איז באַשטאַנען פון 3 לאַנגע
באַסאַקעס, צוויי לייטערס מיט קלאַמערן, צוויי וועגע־
נער, צוויי פּאָמפּעס, צוויי קישקעס, אַ פאַס פון נאַפט
און אָן אַ שיעור עמער־ס. אַז איר ווייסט שוין וועגן
אונדזער פאַרמעגן, קענען מיר שוין נישט פאַרבאַהאַלטן
דעם סוד פון וואַנען דאָס אַלץ האָט זיך גענומען. ס׳איז
אויך נייטיק צו וויסן די קוואַליטעט פון דעם גאַנצן
קלאַפּערגעצייג. בלויז מיין אייגן שוואַרץ היטל האָט
געהאַט אַ מעטאַלענע קרוין, אַלע איבעריקע, איינ־
שליסנדיק די צוויי גרויסע היטלען פון מיינע גע־
הילפן, זענען געווען פון לויטער פּאַפּיר. פּאַקטיש,
האָט יעדער איינער געקענט זיך איינהאַנדלען אַזעלכע.
דאָס זענען געווען די זעלבע היטלען, וואָס די זשאַנ־
דאַרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין פּוילן
האָבן געטראָגן. מיר האָבן בלויז אַרונטערגענומען
די שפּיצן — און ס׳האָט אויסגעזען ווי עכטע סטראַ־
זשאַצקע היטלען, וואָס די אמתע פּוילישע סטראַזשאַ־
קעס האָבן געטראָגן, מיטן אויסנאַם, וואָס זייערע זע־
נען געווען מעשענע. דאַקעגן די העקלעך און די
באַסאַקעס זענען יאָ געווען „ריכטיקע סחורה״. דאָס
האָבן די בנים פון יאָסל דעם קאָוואַל — מאיר, זישע
און איטשע, זיי צוגעגרייט פאַר אונדז. אַ ביסל פאַר
געלט, און מער פון אַלץ — צוליבן גרויסן כבוד פון
קענען געהערן צו דער סטראַזש. אָבער דער גרעס־
טער טייל פון אינווענטאַר, זאָלט איר אויף מיר
קיין פאַראיבל נישט האָבן, איז געווען — געלקחנט.
אַוודאי האָט אונדז מענדל קאַמיאַנקאַווסקי („סאַמע־
כאַד״) געשאָנקען אַ פאַס פון נאַפט מיט אַ פּאָמפּע, אָבער
אויך דאָס איז געווען אָן זיין טאַטן אייזיקס וויסן.
שפּעטער אָבער, ווען מיר האָבן שוין געקענט מיט
דער הילף פון אונדזערע לייטערס זיך דערשלאָגן
אַזש אויף אַ דאַך פון אַ שטאָקיק הויז, האָט שוין די
פּאָמפּע סיי־ווי נישט געטויגט. ס׳האָט נישט געהאָלפן
איר הייזעריק סאָפּען, דאָס וואַסער איז צום דאַך
נישט צוגעקומען. פאַרשטייט איר דאָך אונדזער טראַ־
גישע לאַגע, ווייל וואָס פאַראַ פייערלעשער קענען
מיר דאָס זיין אָן אַ וואַסער־פּאָמפּע? איז עס דאָך
אינגאַנצן נאַטירלעך, אַז מיר האָבן זיך אָנגעהויבן
אַרומקוקן ווי אַזוי איינהאַנדלען אַזאַ כלי. באַגרייף
איך טאָקע היינט, וואָס עס האָט געמיינט פאַר אַזאַ
יידן ווי לאַזער דאַמב, דער אייגנטימער פון מיעדזע־
שינער באַזאַר, אַז אינמיטן ברען פון זומער־סעזאָן,
אין אַ שיינעם פרימאָרגן, ווען זיין סטרוזש וויל טוישן
ס׳וואַסער אין סאַזשלקע, ווו עס שווימען אַרום די
קאַרפּן, — קומט ער צו לויפן אַ פאַרסאָפּעטער
און שרייט: „פּאַניע לאַזער, ניעמאַ!״ (די פּאָמפּע
איז נישטאָ). לאַזער דאַמב בייזערט זיך אויפן ערל,
שרייט, אַז ערשט נעכטן ביי נאַכט האָט ער זי אַליין
געזען — און זי איז דאָך איבער נאַכט נישט פאַרלוירן
געגאַנגען.

זייט נישט בייז, ר׳ לאַזער! אַוודאי איז אייער
פּאָמפּע נישט פאַרלוירן געגאַנגען... דאָס האָב איך
מיט עטלעכע פון מיינע געהילפן געטוישט דער פּאָמפּע
איר אַדרעס און... די היסטאָרישע פונקציעס. כ׳האָב
נישט געקענט מער זיך צוהערן צום קרעכצן און סאָפּען
פון אייזיקס נאַפט־פּאָמפּקע, און אייערע האָט זיך
ממש געבעטן „נעמט מיך אַריין אין דער חברה
פאַר וואָס, האָט אייער פּאָמפּע געטענהט, קומט מיר
אַזאַ לעבן אָן ווירדע, ווי טוישן דאָס וואַסער פאַר די
קאַרפּן, ווען איך קאָן מאַכן געשיכטע מיט די יינגסטע
יידישע פייערלעשער אין פּוילן? דאַרף מען דאָך
האָבן אַ האַרץ פון אַ גזלן און זיך נישט צוהערן צום
געבעט פון אַ פּאָמפּע, וואָס גייט אויף אייגענע רעדער
און קאָן שפּריצן וואַסער אַזש אויפן העכסטן דאַך.
נאָך יענער נאַכט האָבן מיר באַרייכערט אונדזער
אינווענטאַר מיט אַן אמתער „קראַסאַוויצע״ און אָנ־
געהויבן קוקן אויף זיך אַליין מיט גרויס דרך־ארץ.

און פאַר וואָס איז געוואָרן אַזאַ געוואַלד אין שטעטל,
אין אַ פרייטיק, ווען אַ ביסל פּוילישע פּורלעך זענען
זיך אָנגעפאָרן ביים שלאַבאַן, האָט איינער געמאַכט
אַ געוואַלד, אַז אַ נייע פלאַנדעקע איז אים פאַרלוירן
געגאַנגען — און ס׳איז שיער נישט דערגאַנגען צו

אַ פּאָגראָם? עס האָבן זיך אָפּגעזוכט עדות, וואָס האָבן אַליין געזען, ווי אַ קליינער ייד האָט זיך געפּאָרעט ביי יענעם וואָגן... אַלע יידן זענען זיך צונויפגעלאָפן און געשוווירן, אַז אַזאַ זאַך איז נישט מעגלעך. נאָר שטעלט אייך פאָר, אַז געדערכט זענען געווען די עדות. איין זאַך איז מיר אָבער ביז היינט נישט פאַרשטענדלעך: פאַר וואָס האָבן ביומע הויקערס זיך געגייט מיט אַזעלכע שיטערע שטעך די צעשניטענע פלאַנדעקע? דאָס גאַנצע וואַסער איז דאָך אַנטרונען געוואָרן דורך דער זייט פון דער קישקע. און אַז מען באַצאָלט נישט פאַר דער אַרבעט — דאַרף מען זשאַלעווען פאַדעם?

אָבער די ערגסטע צרות האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין איבערן וואָגן, בעסער געזאָגט, איבער די רעדער פון וואָגן, אויף וועלכן איך אַליין פלעג פאָרן. קיין מתנה פון דער פאַלעניצער קהילה איז דאָס נישט געווען, נאָר אַז דער ייד זאָל אונדז אַזוי דערגיין די יאָרן און נאָך סטראַשען מיט פאָליציי — אויף דעם האָבן מיר זיך נישט גערעכט. דאָס וועגעלע איז געשטאַנען אין קאַמער — און גאָט ווייסט צו וואָס דער ייד האָט עס באַדאַרפט. מ'קאָן אַפילו זאָגן, אַז מיר האָבן עס פאַקטיש נישט געגנבעט, ווי גנבים פירן זיך. נאָך אַ לענגערער אָבסערוואַציע האָבן מיר אויסגעפונען, אַז דער זדון קומט נישט אַהיים עסן. מיר אָבער פון חדר זענען יאָ אַהיימגעגאַנגען. פירן ווייט האָט מען דאָס וועגעלע אויך נישט באַדאַרפט, ווייל יאָסעלעס קוזשניע האָט זיך געפונען נעבן זדונס הויז. די גאַנצע אָפּעראַציע האָט גענומען ממש מינוטן. דעם וואָגן האָט מאיר באַריס שוין געהאַט צוגעגרייט. בלויז די רעדער האָט מען געדאַרפט איבערשטעלן, און איר מעגט וויסן, אַז מיר האָבן דעם זדון באַלד צוריקגעגעבן וואָס אים קומט, דעם „גאַנצן" וואָזיק, אַחוץ די רעדער, אָן וועלכע מיר האָבן נישט געקענט ענדיקן אונדזער וואָגן. דער ייד האָט אָבער באַלד דערקענט זיינע רעדער, ווייל זיי זענען געווען ממש אַ יקר־המציאות, אַזוינס און אַזעלכעס, געמאַכט אינעווייניק פון האָלץ און אַרום מיט אייזערנע רייפן, שטאַרקער פון אייזן. ס'האָט נישט געהאָלפן די אויפקלערונג, אַז פאַקטיש האָט ער דאָך אַלץ צוריק געקריגן. ס'האָט נישט געהאָלפן קיין רעדן, דער ייד איז אַלץ באַשטאַנען אויף זיין רעכט. ביז מיין מאַמע האָט זיך אַריינגעמישט, זי האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די רכילות אין שטעטל, אַז איר שמחהלע פאָרט אויף געגנבעטע רעדער און זי איז אַדורכגעקומען מיטן זדון און אים באַצאָלט. דאַכט זיך, אַז דאָס איז געווען דאָס איינציקע שטיקל אינוואַנטאַר, וואָס „מיר" האָבן געקויפט...

אייניקע פון אייך וועלן אַוודאי פרעגן: ווו איז אַהינגעקומען דער קאַזשאַל? פאַר וואָס עפּעס האָט איר געניצט יינגלעך צו שלעפּן דעם וואָגן? קען זיך אויך מאַכן, אַז די יינגערע פון אייך וויסן גאָרנישט פון דעם צאַפּ. ווייל כאָטש ער, דער קאַזשאַל, הייסט עס, האָט פאָרמעל צו דער פייערלעשער־בריגאַדע נישט געהערט — מוז איך אים אָבער דערמאָנען, כדי צו דערגאַנצן דאָס בילד.

וואָס מיין טאַטע אברהם האָט אַריינגעכאַפּט פון מיין מאַמען, ווען זי האָט דערזען, אַז נאָכן אַראָפּטראָגן דאָס מעל, פירט מען אַריין אַ ווייסע ציג אין הויז — דאָס בין איך אייך מוחל. ס'איז אָבער געווען אַ פאַרפאַלענע זאַך, זי איז שוין מיט אונדז געבליבן וווינען אויף איר גאַנץ לעבן. און געווען איז זי נישט גלאַט עפּעס אַ ציג פון אונטער די ווענט. איר יחוס האָט זיך געצויגן אַזש קיין רידקע, דערפאַר טאַקע פלעגן מיר זי אַריינגעמען ווינטער אין קיך צו שלאָפן און איבערגעגעבן די פריצה אונטער דער אויפזיכט פון די צוויי באַרימטע פאַסטעכער — הערשל גרינבערג און זלמן העלפאַנד, וועמען ס'איז אָנפאַרטרויט געוואָרן די גאַנצע דערציאונג פון אַלע באַלעבאַטישע ציגן אין שטעטל.

אַזוי איז אַדורך אַ פראָסטיקער ווינטער. זומער האָט די ציג באַרייכערט אונדזער משפחה מיט אַ בן־יחיד און אַ בת־יחידקע — אַ צווילינג הייסט עס. צייטן האָבן זיך געביטן. נאָכן זומער איז ווידער געקומען אַ בייזער ווינטער, נאָכן ווינטער — ווידער פרילינג. פון אונדזער קליין קאַזעלע איז געוואָרן אַ מאַדמאַזעל, און שפּעטער — אַ מאַמע מיט אַלע ציגן גלייך, געהאַט איר קליינוואַרג אויף וועמען אַכטונג צו געבן.

גאָר אַנדערש איז געווען די אַנטוויקלונג פון אונדזער צאַפּ. פריי פון זאָרג פאַר דער פאַמיליע, פון וועלכן ס'איז „עול פרנסה", איז ער זיך קיין עין־הרע פונאַנדערגעוואַקסן, אַז מען פלעגט אָפּשפּייען דריי מאָל, עס זאָל אים קיין ביז אויג נישט שאַטן. צוויי „זכות אבותן" זענען אים בייגעשטאַנען: קודם איז

ער געווען אַ בכור, אַ גאַנצער יחסן, קיינער האָט אים נישט געטאָרט טשעפּען, און אויך דער פאַקט, וואָס איך, דער נאַטשאַלניק, בין געווען זיין „בעל־הבית״. פאַרשטענדלעך, אַז אויב פריער פלעג איך אויף אים אַדורכ־ייטן די שטאָט, איז אַצינד, אַז איך האָב שוין אַ וואָגן, זאָל איך אים צוטיילן דעם כבוד און איינ־שפּאַנען אין וואָגן — זאָל ער שלעפּן! וועגן געגנוג כוח האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. אַחוץ ביי אונדז, פלעגט ער אויך זיך צוכאַפּן אין די שפּייז־קראָמען, באַזונדערס ביי שלמהלע לעקעך־בעקער. אַמבעסטן פלעגט אים טאַקע באַהאַנדלען דער בלינדער שלמה. ער האָט געהאַט אַ קורצע ראיה און אַז ער האָט געהערט אַז ס׳איז ווער אַריין אין געוועלבל, האָט ער פאַרשטאַנען אַז עס מוז זיין עפּעס אַ קונה, פלעגט ער דורכן פענצטערל אַריינשרייען: „קלויבט זיך אויס וואָס איר ווילט, אַז מיין ווייב וועט אַריינקומען, וועט איר שוין באַצאָלן״. ווייס איך נישט, צי אונ־דזער צאַפּ איז געווען איבערקלייבעריש, אָדער אַלץ האָט אים געשמעקט פון שלמהס בעקעריי. כ׳ווייס נאָר, אַז ער האָט זיך אויסגעפּאַשעט ווי אַ פערד.

איך מאָל, לויפנדיק איבער דער האַנדלאָווע גאַס, איינגעשפּאַנט אין פייערלעשער־וואָגן, גיט ער אַזוי אַ קער איבער דעם וואָגן מיטן פאַס וואַסער און מיטן נאַטשאַלניק בכבודו ובעצמו. איז דעם ווייטיק בין איך אייך מוחל, אָבער דעם בזיון און די נקמה, באַ־זונדערס פון די עלטערע יידן, ווען זיי האָבן געזען מיך אַ נאַסן אַפּערקריכן פון אונטערן פעסל — איז גאָרנישט געווען איבערצוקומען. טאַקע דעמאָלט איז געפאַלן די דעציזיע, אַז מען וועט שוין מער נישט נוצן דעם בולוואַן, בפרט ווען צענדליקער חדר־יינג־לעך האָבן זיך געבעטן: „שפּאַנט אונדז איין, צו וואָס טויג דיר דער צאַפּ״. די האָניקס, קוואַשניקס יינגלעך, דעם בלאַכאַזשס זינדלעך און צענדליקער אַנדערע, האָבן זיך פּשוט געשלאָגן פאַרן גרויסן כבוד צו קענען שלעפּן דעם סטראַזשאַצקע וואָגן (זאָלן מיר מוחל זיין די פון זיי, וואָס זענען לעבן געבליבן, זענען שוין אפשר זיידעס, פאַר דערמאָנען דעם פאַקט. ס׳איז אסור נישטאָ וואָס זיך צו שעמען, הלוואי האָבן מיר היינט יענע כוחות). פאַרשטייט איר דאָך אַוודאי, אַז ס׳איז פאַר אונדז געווען דאָס הויפּט־פּראָבלעם — ווי מאַכט זיך עפּעס אַ געלעגנהייט אויסצונוצן אונ־דזערע פעיקייטן? און ווען וועלן מיר באַווייזן וואָס מיר קאָנען? אויף פּראָסט יידיש הייסט עס: „רבונו של עולם, שיק אונדז אַראָפּ אַ פייער״.

מיט קיין פאַרלייגטע הענט זענען מיר נישט געזעסן און געוואַרט ביז די שטאָט וועט ברענען. מיר פלעגן אין די וועלדער אונטער־צינדן שטויסן טרוקענע העל־צער און קומען צולויפן זיי איינלעשן. איין מאָל האָבן מיר שיער נישט אונטערגעצונדן שעדלעצקיס בעק־קעריי. דער דאָך האָט שוין געברענט, אָבער מיר האָבן באַוויזן די גרויסע קונץ און אַליין איינגעלאָשן דאָס פייער. אָבער דאָס אַלץ האָט אונדז נישט געקאָנט באַפרידיקן, מיר האָבן נאָר אויסגעקוקט, אַז עס זאָל זיך מאַכן אַן אמתע שריפה, אַז מיר זאָלן קענען מיט אונדזער פּאָמפּע שפּריצן, אַרויפקלעטערן אויפן דאָך, מיט די העקלעך אָפּהאַקן די ברענענדיקע שטיקער, אַז מען זאָל זיי מיט באַסאָקעס אַוועקשלעפּן; מיט איין וואָרט — ווייזן דער וועלט וואָס מיר האָבן זיך אויסגעלערנט. דאָס האָט זיך אָבער נישט געמאַכט. דערווייל האָבן זיך געצויגן מאָנאָטאָנע טעג פון פּראַקטיצירן אין די וועלדער און אויף די דעכער — און קיין אמתן פייער האָט מען נאָך אַלץ נישט געזען. מיר האָבן אָבער נישט פאַרלוירן די האָפענונג, געוואַרט און דערוואַרט. ס׳איז געקומען אַן אמתדיק פייער, אָבער דער אשמדאי אַליין האָט אונדז קיין בעסער שפּיצל נישט געקענט אָפּטאָן, דווקא פּרייטיק פאַר־נאַכט, פאַר ליכט־צינדן, האָט דאָס געדאַרפט געשען.

די פירער פון די „גרויסע פייערלעשער״, ווי אַזדאָבינסקי און מאַלץ, האָבן שוין פון לאַנג געהאַט געוואָרפן אַן אויג אויף אונדזער חברה און אונדז געהאַלפן מושטרירן. מיר פלעגן אַפילו זיך באַטייליקן אין זייערע איבונגען אין שטראַכמאַנס וויללע, זיך אַראָפּלאָזן אויף שטריק אַזש פון דאָך. גייענדיק אַזוי שבתדיק אָנגעטאָן, פאַרטיפט אין רעיונות, זע איך אָנלויפן אַזדאָבינסקין אַ פאַרצווייפלטן, ווייל די יידי־שע באַלעגאָלעס האָבן געהערט קלינגען די גלעקער, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ פייער אין שטעטל, נאָר זיי האָבן דערווייל אַרויסגעלאָזט די פערד פון די שטאַלן — און די גרויסע אמתדיקע פייערלעשער קענען נישט ברענגען זייערע כלים צום לעשן. אַזוי ווי ער האָט מיך דערזען, איז אים ליכטיק גע־וואָרן אין די אויגן — און ער שרייט צו מיר:

— סימטשע, ברענג דיין חברה מיט די כלים און נעמט אייך צום לעשן!

דערהערט אַזאַ באַפעל, איז מיר פריילעך געוואָרן אויפן האַרצן. ענדלעך זיך דערוואַרט — און אין אַ מינוט האָט זיך אונדזער חברה געוואָרפן לעשן דאָס פייער. מ׳האָט געטראָגן וואַסער, געריסן פון הויז שטיקער, ווו מ׳האָט באַדאַרפט, אָדער נישט באַדאַרפט. דער ענטוזיאַזם איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט פאַרגעסן אין די שבתדיקע בגדים און אַז מ׳טוט אויך אַ שטאָך אין שבת. ווען מיר זענען אַריין אין בית־המדרש פאַרריסט און צעקאַליעטשעט, האָט מען שוין געהאַלטן וויט נאָכן „לכה־דודי״. אַ טייל פון אונדז זענען אָפּגעקומען מיט פעטש גלייך אויפן אָרט, טייל האָבן נאָך צוגעקריגן אין דער היים, ס׳איז אָבער מעגלעך געווען איבערצוטראָגן — און ס׳האָט זיך געלוינט.

אַנדערש אָבער איז געווען ברוך מאירס דעציזיע: מ׳דאַרף די פושעים עוקר מן השורש זיין. פאַר אים איז נישט גענוג געווען, וואָס ער האָט מיין ערשטן געהילף, זיין זון הערש־מאַטעלען, געשלאָגן מכת רצח. ניין, ער מוז די פייערלעשער אומברענגען. אונדזער אינוועטאַר האָט זיך דאַמאָלט געפונען ביי שלמה־יאָסל בעקער. ערשטנס, איז זיין זון לייבל געווען אַ סטראַזשניק, צווייטנס, האָבן מיר מיט דער הילף פון אונדזערע לייטערס און עמערס אויסגע־שעפּט פאַר אים דעם ברונעם, דערפאַר האָט מען דערלויבט, אַז אונדזער הויפּט־קוואַרטיר זאָל זיך געפינען אין איינער פון זיינע שטאַלן. ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז ברוך־מאירס כעס וועט דער־גרייכן אַזוי וויט, אַז דער ייד זאָל קומען אין מיטן דער נאַכט און צעברעכן אַלץ וואָס איז אונדז געווען אַזוי טייער, און וואָס מיר האָבן זיך מיט אַזוי פיל מי און מאַטערניש איינגעשאַפן?

שטעלט אייך פאָר ווי מיר האָבן זיך געפילט, דער־זעענדיק אין אונדזער קוואַרטיר דעם פאַגראָם. נאָך דעם גרויסן קלאַפּ האָבן מיר שוין קיינמאָל נישט געקענט קומען צו זיך. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס די יידן פון שטאָט האָבן געהאַלטן, אַז ברוך־מאיר האָט גוט געטאָן. קיינער האָט אונדז נישט געוואָלט מוחל זיין דעם חילול השבת בפרהסיה — און ברוך־מאיר האָט שפּאַצירט איבער די גאַסן, ווי אַ גרויסער העלד.

אָט אַזוי איז אונטערגעגאַנגען אונדזער פייערלע־שער־גרופּע. געבליבן איז בלויז אַן אַנגענעמער עפּיזאָד פון מיינע קינדער־יאָרן. אַן עפּיזאָד פון אַ לעבן, וואָס איז געווען און איז אַזוי מערדעריש פאַרניכטעט געוואָרן פון די היטלער־רוצחים.

# דערינערונגען

מאַניע מיאַדאָווסקאַ
ראשון־לציון

## די האַנדלאָווע גאַס

מיין זיידע יוסף סטשעסאַק ז״ל פלעגט דערציילן, אַז ווען ער איז אָנגעקומען קיין פאַלעניץ, איז די הויפּט־גאַס נאָך געווען איין שטיק וואַלד. מיט דער צייט האָט זיך דאָרט אויספאָ־מירט די האַנדלאָווע גאַס — דער האַנדלס־צענטער פון שטעטל. דאָ זע־נען געשטאַנען צוויי־שטאָקיקע הילצערנע הייזער, איינס נאָענט צום צווייטן. אויף דער גאַס האָבן זיך געפונען אַלערליי געשעפטן: פון שפייז, מילכוואַרג, מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריע אד״גל. אויך וואַרשטאַטן פון שוסטערס, בלעכערס און אַנדערע בעלי־מלאכות.

די גאַס האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט איבע־ריקער ברייטקייט. בסך־הכל — אַ צען מעטער די ברייט. נאָר די באַוועגונג און מסחר זענען דאָ גע־פירט געוואָרן מיט גרויס פאַרנעם און טומל. פיל יידישע פאַמיליעס אין פאַלעניץ האָבן פאַרדאַנקט זייער עקזיסטענץ דער האַנדלאָווע־גאַס (און נאָך מערער — אַ דאַנק די הלוואות פון דער אָרטיקער גמילת־חסדים־קאַסע).

פאַלעניץ האָט געהאַט אַ גוטע באַן־פאַרבינדונג, ספּעציעל מיט דער הויפּטשטאָט וואַרשע, וואָס האָט אוודאי משפּיע געווען אויף דער אַנטוויקלונג פון אָרטיקן האַנדל. יעדע האַלבע שעה איז געווען אַ באַן קיין וואַרשע. די יוגנט איז געפאָרן אַהין לערנען אָדער אַרבעטן, דאָס זעלבע — די עלטערע מענטשן.

נישט נאָר די האַנדלאָווע גאַס, אגב, די הויפּט־גאַס

אין שטעטל, האָט געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויף האַנדל. שפּיז־קרעמלעך האָבן זיך געפונען לרוב אויף די אַנדערע גאַסן און באַזונדערס — אין די ווילעס און פּענסיאָנאַטן.

## ווילעס און פּענסיאָנאַטן

ווי אַ דאַטשע־אָרט, איז פּאַלעניץ פול געווען מיט גרעסערע און קלענערע ווילעס און פּענסיאָנאַטן. דער גרעסטער פון זיי איז געווען דער פּענסיאָנאַט „זאַכענטאַ" (אייגנטימער: ה׳ סרעברניק).

בסך־הכל 3 קילאָמעטער ווייט פון פּאַלעניץ איז געפלאָסן די ווייסל. זומער פלעגן די פּאַלעניצער איינוווינער, צוזאַמען מיט די צוגעפאָרענע דאַטשניקעס, אַוועקלאָזן זיך צום טייך און דאָרט פאַרברענגען, אַרום דעם שטעטל האָבן אויך נישט געפעלט קיין פרייע פעלדער, בערגלעך און טאָלן, וווּ מ׳האָט געקאָנט אָנגענעם פאַרברענגען די צייט. ווינטער, ווען דאָס אַלץ איז באַדעקט געוואָרן מיט שניי, האָבן זיך דאָרט באַוויזן ספּאָרטלער מיט גלעטשערס און נאַרטן.

די שיינע לאַנדשאַפט און דער עיקר — די אומגעהויערע צאָל ווילעס און פּענסיאָנאַטן פאַר דאַטשניקעס, זענען געווען אַ גרויסע צוציאונגס־קראַפט פאַר די איינוווינער פון וואַרשע צו פאַרברענגען זייער אָפּרו אין פּאַלעניץ.

## די פּאָווּשעכנע שול

איידער כ׳האָב אָנגעהויבן לערנען אין דער מלוכה־שער פּאָווּשעכנער (אַלגעמיינער) שול, האָב איך צוערשט באַזוכט דעם קינדערגאָרטן פון פרוי פּשוט. די שול האָט זיך געפונען אויסער דעם שטעטל און עס איז אָנגעקומען גענוג שווער אַדורכצומאַכן דעם מרחק, כדי זיך אַוועקזעצן אויף דער שול־באַנק. איך דערמאָן זיך ווי שווער ס׳איז געווען אין די ווינטער־חדשים צו באַזוכן די שול צוליב די שניי־שטורעמס, אָדער שטאַרקע פרעסט. דער ווינט האָט געפייפט און אָן רחמנות געשמיסן מיט פראָסט און מיט שניי. איבערטרעטנדיק די שוועל פון שול, האָט מען געפרעגט: „האָסט געבראַכט אַ ביסל האָלץ איינצוהייצן?" קומענדיק פון אַזאַ ווייטן און קאַלטן וועג, האָט מען געמוזט ערשט אַוועקזעצן זיך אין אַן אומבאַהייצטער קלאַס.

פונדעסטוועגן האָט זיך געוואָלט גיין אין שול. דער לערער־פּערסאָנאַל און דירעקטאָר האָבן באַזיצט הויכע פּעדאַגאָגישע קוואַליפיקאַציעס און מיט זייער צוגאַנג געהאָלפן די קינדער אויספאָרמירן זייערע כאַראַקטערן און וועלט־אָנשויאונג. בכלל, האָבן די לערערס זיך באַצויגן צו די שילערס מיט האַרציקייט און פאַרשטענדעניש, גלייך מיר אַלע וואָלטן געווען זייערע קינדער. זיי האָבן אין יעדן פּרט געזאָרגט פאַרן שילער און געוווּסט וואָס ביי יעדן אין שטוב קומט פאָר — באַמיענדיק זיך דערביי צו העלפן.

## פרייטיק־צונאַכטס און שבת

אין די זומער־חדשים האָט מען אין פּאַלעניץ שטאַרק געפילט דעם אָנקומענדיקן שבת. שוין פרייטיק ביי־טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן טאַטעס און מענער, קינדער און אַנדערע משפּחה־מיטגלידער, וועלכע זענען געקומען צו זייערע נאָענטע פאַרברענגען אַ טאָג־צוויי אויף דער פרישער לופט. מיטן אָנצינדן די שבת־ליכט, ווי נאָר די זון האָט זיך געזעגנט, איז אויך אָפּגעשטעלט געוואָרן די באַוועגונג פון די צוגעפאָרענע. אַ שטילקייט און פייערלעכקייט האָט באַהערשט דאָס שטעטל. די מוטערס רופן זייערע קינדער אין די שטובן. מ׳וויל זיי אויסבאָדן און איבערטאָן לכבוד שבת. דער שמש גייט איבערן שטעטל און שרייט אויפן הויכן קול: „בענטשט לעכט", „בענטשט לעכט!" אויף שנעל ווערן געשלאָסן די געשעפטן אויף דער האַנדלאָווע גאַס און אַנדערע ערטער. אין עטלעכע מינוטן אַרום זעט מען שוין דורך די פענצטער־שויבן ווי יידישע מאַמעס צינדן אָן די ליכט און פּרעפלען אַ תפילה, בעת זייערע הענט פאַרדעקן די אויגן...

שפּעטער קומט דער טאַטע צוריק פון דאַווענען. זיין ברייטער און פייערלעכער „גוט שבת" קלינגט אין די אויערן אַזוי אָנגענעם און האַרציק. די פרייטיק־צו־נאַכטס־סעודה ווערט געפירט אין אַ באַזונדערער דערהויבנקייט, פאַרט נישט דאָס זעלבע וואָס אַלע אוונטן אין דער וואָך. אָבער די יוגנט וואַרט מיט אומגעדולד — זיי דאַרפן נאָך היינט ביינאַכט פאַרברענגען אין קלוב, הערן אַ רעפעראַט, דיסקוטירן, אָדער זיך טרעפן מיט אַ באַקאַנט מיידל צי יינגל. דער רוב לאָזט זיך אַוועק אויף אַ שפּאַציר צום ווייסל־ברעג.

שבת נאָכן עסן, ווען די עלטערן זענען געגאַנגען שלאָפן, האָט די יוגנט אויף אַ גאַר אַנדערן אופן אויס־

געגוצט דעם דאָזיקן האַלבן רו־טאָג. בדרך כלל האָט מען זיך פאַרזאַמלט ביי אַ חברטע אין שטוב און דאָרט פאַרברענגט אין געזעלשאַפט פון פריילעכע און לעבע־דיקע יוגנט. מען האָט אויך ליב געהאַט אַוועקצו־פאָרן קיין וואַרשע, בכדי דעם שבת־צו־נאַכטס פאַר־ברענגען אין דער גרויסער שטאָט, באַזוכן דאָרט אַ קינאָ. אמת, מיר האָבן געהאַט אין פאַלעניץ צוויי קינאָס, אָבער אַ קינאָ אין דער הויפּטשטאָט האָט געהאַט מער צוציאונגס־כוח און אַטראַקציע. אַז מיר פלעגן שפּעט אין אָוונט צוריק קומען פון וואַרשע, האָבן אונדזערע טאַטע־מאַמע שווער אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

— איר האָט דעם שבתדיקן טאָג מער געאַרבעט ווי אין דער וואָכן...

# פאלעניץ, מיין פאלעניץ...

הערשל גאָלדפינגער
פּאַריז

פאַלעניץ, אַ שטעטעלע נישט ווייט פון דער מיל־יאָניקער פוילישער הויפּטשטאָט, אַ 20 קילאָמעטער מזרח־ווייט פון וואַרשע. דאָס איז, אייגנטלעך, גע־ווען אַמאָל מער אַ דאַטשע־אָרט ווי אַ שטעטל, פּונקט ווי די אַנדערע ערטער פון דער אַזוי פּאָפּולערער אין אַמאָליקן וואַרשע „ליניע", וואָס האָט זיך געצויגן פון גראָכאָוו איבער וואַווער, פאַלעניץ, שווידער — ביז אָטוואָצק און שרודבאָרוו. איר באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אַ 6—8 טויזנט סטאַבילע איינוווינער, די גרעסטע מערהייט — יידן, וואָס האָבן געצויגן זייער חיונה, דער עיקר, פון באַדינען די צענדליקער טויזנטער „לעטניקעס", וועלכע פלעגן דאָ פאַר־ברענ־גען די זומער־חדשים. דער זעלטענער, ווונדערלע־כער קלימאַט פון דער געגנט, האָט אַהער געבראַכט אין די אַרומיקע פּענסיאָנאַטן, סאַנאַטאָריעס און וויל־לעס — טובערקולאָזע, האַרץ־ליידנדיקע און בכלל שוואַכע מענטשן, פאַר וועמען דער זאַפּטיקער, פאַר־שיכורנדיקער אַראָמאַט פון די אומצאָליקע סאָסנעס איז געווען די בעסטע רפואה. אויך סתם יידן פון וואַרשע און אַנדערע ערטער זענען געקומען אַהער זיך אויסרוען.

דאָס אייגנטלעכע שטעטל איז פונאַנדערגעשפּרייט אויף ביידע זייטן פונעם באַן־שליאַך, וואָס פירט אויף מזרח און דרום־מזרח (לובלין, כעלם, ראַדאָם, קראָ־קע). האַרט ביי די באַן־רעלסן, האָט זיך געצויגן די האַנדלאָווע גאַס מיט יידישע געוועלבלעך און קרעמ־לעך. עס האָט חוץ דעם פאַרמאָגט עטלעכע מער־ווייַ־ניק ברוקירטע גאַסן, אַ שול, אַ בית־המדרש, געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אַ מאַרק, פּאַוויאַטאָווע אַמטן און אַ... פּאָליציי־פּאָסטערונעק. די מערסטע ווילעס, הייזער און הייזקעס, זענען אָבער געווען פו־נאַנדערגעשפּרייט צווישן די קלענערע אָדער גרע־סערע מאַסיוון פון די סאָסנע־ און נאָדל־ביימער, אַרומגעזוימט מיט די גאָלדיקע זאַמד־פּאַליאַנעס און זאַמד־בערגלעך, אַלץ באַדעקט מיטן פאַרחלומטן, מאָ־זאָווישער הימל, וואָס האָט אייך אָנגעפּילט מיט אַזאַ נאָגנדיקער בענקשאַפט, אומעט און טרוים. דאָ פלעגן אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן יידישע יינגלעך און מיידלעך אויסזינגען זייערע שטרעבונגען צו אַ שענער לעבן.

שטעטלעך צו שטעטלעך זענען נישט גלייך. יעדע שטוב פון אונדזער אַלטער געבוירן־היים האָט פאַר־מאָגט איר אייגן פּנים, געשיכטע, טראַדיציעס, היס־טאָריש באַדינגטע און אויסגעפּאַרעמטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור, אירע קולטור־געזעלשאַפט־לעכע און פּאָליטישע אַספּעקטן. דערינערונגען, שפּורן און אויסוויירקונג פון די פאַרשניטענע דורכן היטלע־רישן רוצח ישובים, וואַרצלען טיף אינעם באַוווסטזיין און פּסיכיק פון די אָפּשטאַמיקע, פון די לאַנדסלייט, צעזייטע און צעשפּרייטע איבער פאַרשידענע מדינות. אָבער די דער־ינערונגען וועגן פאַלעניצער (ווי וועגן אָטוואָצקער) ישוב, גרייכן ווייט איבער די ראַמען פון די אייגענע לאַנדסלייט. דער קלאַנג פון די נעמען רירט אָן טיפע סטרונעס אין די הערצער, נישט בלויז פון די פאַלעניצער אָפּשטאַמיקע, נאָר אויך פון וואַר־שעווער, לאָדזשער, קראָקעווער, לעמבערגער און אַנ־דערע יידן.

זייענדיק אַליין אונטער דער כסדרדיקער אויסשטראַ־לונג פון נאָענטן וואַרשע, האָט דער פאַלעניצער ישוב,

זיינע דינאמישסטע כוחות, פונאַנדערגעטראָגן זיינע אייגענע שטראַלן ווייט אַרום זיך.

דער שרייבער פון די שורות איז אַליין נישט קיין פּאַלעניצער, אָבער פּונקט ווי פיל אַנדערע פון זיין דור, טראָגט ער אין די טיפענישן פון האַרץ און נשמה די אומאויסמעקבאַרע שפּורן פון די צייטן, ווען אויך אין די זאַמדיקע גאַסן און געסלעך פון דעם שטעטל —

„האָבן די גלעקלעך געקלונגען
און גאָלדענע יונגען
באַפאַלן איז דעמאָלט אַ ווילן,
צו שטילן דעם צאָרן
פון יאָרן, וואָס זענען פאַרלאָרן"...

די וויטערדיקע שורות וועלן דערציילן אייניקע עפּיזאָדן פון די אומפאַרגעסלעכע יאָרן. אָבער פאַר אַלעמען — אַ קליינע דיגרעסיע.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז מיר טיילמאָל אויסגעקומען צו נעמען די עלעקטרישע באַן, וואָס באַדינט די „ליניע", און דערגייט היינט ביז צעלעסטינאָוו. געפאָרן בין איך קיין שרודבאָרוו, ווו עס געפינט זיך דאָס אָפּרו־הויז פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד פון די יידן אין פוילן.

די צוגן גייען אָפּ יעדע 10—15 מינוט פונעם פּראַוויזארישן וואַקזאַל אויף דער יערוזאַלימער אַלייע (צווישן דער מאַרשאַלקאָווסקע און עמיליאַ פּלאַטער, דאָרט ווו עס האָט זיך געפונען דער הויפּט־וואָקזאַל). געציילטע מינוטן — און דער צוג פאַרשווינדט אין דעם טונעל אונטער דער צווייטער זייט פון די יערוזאַלימער אַלייען און טויכט אויף האַרט ביי די ווייסל־ברעגן, אַדורכשניידנדיק די באַן־בריק, וואָס גייט פּאַראַלעל צו דער פּאָניאַטאָווסקי־בריק.

ווי נאָר איר קומט אַריבער אויף דער צווייטער זייט ווייסל, האָט איר גלייך פאַר זיך דעם אייגנאַרטיקן פּייזאַזש פון דער „ליניע". אָט איז גראָכאָוו 1 און 2, וואַווער. פיל האָט זיך דאָ געענדערט פאַר די יאָרן פונעם נייעם פוילן. אויף די סטעפּ־אַרטיקע שטחים זענען אויסגעוואַקסן נייע ישובים מיט מאָדערנע, פילשטאָקיקע רויט־ציגלדיקע און העל־געטינקעווטע הייזער, פאַבריקן, אוווראַזשן. קיין שום זאַך אָבער קען נישט ענדערן די גרונטשטריכן פון דער אייגנאַרטיקער לאַנדשאַפט. נאָך וואַווער דוכט זיך אייך, ווי איר וואָלט ערשט נעכטן דאָס אָרט פאַרלאָזן. ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ שווימען אויף די אַזוי באַקאַנטע, טיף איינגעבאַקענע אין האַרצן ערטער: אַנין, ראַדאָשטש, מיעדזעשין. און אָט איז שוין פּאַלעניץ. דאָס געפיל און די שטימונג איז אַזאַ, אַז אָפּטמאָל פאַרמאַכט איר די אויגן און איר זעט פאַר זיך, ווי לעבעדיק, די בילדער פון אַמאָל: די מאַסן יידן, וואָס פלעגן זיך אַרויסלאָזן אויף יעדער סטאַציע פון די פול־געפּאַקטע צוגן; די באַגעגענישן מיט די נאָענטע; דער געפילדער פון די קינדער; די שטימען און לידער, וואָס פלעגן זיך באַזונדערס אין די אָוונטשעהן טראָגן פון די ווערענדעס פון די אַרומיקע ווילעס. און מער ווי אַלץ — די דערינערונגען וועגן דער ווונדערלעכער יוגנט פון דער „קליינער מאָסקווע".

אַדורכפאָרנדיק אין איינעם אַזאַ טאָג פּאַלעניץ, האָב איך פון וואַגאָן־פענצטער געוואָרפן אַ בליק אויף געציילטע הילצערנע הייזער, וואָס זענען נאָך געבליבן שטיין אויף דער אַמאָליקער האַנדלאָווע גאַס. און פּלוצעם האָט עפּעס אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן. פונדערווייטנס האָבן געוווּנקען יידישע אותיות, זיי האָבן טרויעריק און פאַריתומט אַראָפּגעבליקט פון דעם פראָנט פון אַזאַ הויז. אותיות, וואָס האָבן באַצייכנט דעם נאָמען פון אַמאָליקן בעל־הבית.

די עטלעכע קוואַדראַט־אַרטיקע אותיות האָבן אין מיר אויפגעוועקט אַן אַ שיער געדעכענישן פון אומצוריקבאַרן עבר. דאָס איז דאָך געווען איינגאַנצן מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק. פאַרלאָפן איז זיך עס ביים לעבן פון אונדזער דור — און דאָך, דערשיינט עס פאַר אונדז ווי דער מיראַזש פון אַן אויף אייביק פאַרשוווּנדענער געשיכטלעכער עפּאָכע.

*

פאַר מיר, ווי בכלל פאַר קינדער פון די אָרעמע יידישע פאַמיליעס אין וואַרשע, איז די „ליניע" פאַרגעקומען ווי אַן אומדערגרייכבאַרער טרוים. טאַטע־מאַמע פלעגן אַמאָל אין די זומער־חדשים אַרויספאָרן מיט אונדז אויף אַ קורצער צייט קיין וואָלאָמין, אָדער צו קרובים קיין גראָדזשיסק. אָטוואָצק און דאָס ווייניקער יחסנישע פּאַלעניץ, איז געווען באַטראַכט ווי די „זומערדיקע רעזידענץ" פון די רייכע, בעל־הבתישע יידן. אַז אויף דער „ליניע" קענען אויך וווינען אָרעמע, אפשר נאָך מער אָרעמערע ווי מיר, איז

אונדז, קינדער פון דער וואַרשעווער אָרעמקייט, נישט געקומען אויפן געדאַנק. דאָס דאָזיקע איז מיר געוואָרן באַקאַנט ערשט שפּעטער, ווען כ'בין שוין געווען אַקטיוו אין דער פּראָגרעסיווער יוגנט־באַוועגונג.

אין וואַרשעווער קאָמיטעט פון דער „קאָמ.־צו־קונפט" און שפּעטער אויף די זיצונגען פונעם רעפּערענטן־קרייז פון יידישן ביוראָ פון קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד פון פּוילן, האָט מען אָפט גערעדט וועגן פּאַלעניץ און אָטוואָצק. דאָס איז געווען אין די יאָרן 1922/23. די פאַראייניקונג פון דער „קאָם־צו־קונפט" מיטן קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד, איז געווען ווי אַ לייכט־טורעם פאַר דער טרוימערישער יוגנט פון דער יידישער אָרעמקייט פון די שטעטלעך אַרום וואַרשע, ווי וואָלאָמין, ווישקאָוו, זשעלעכאָוו, גאַר־וואָלין, מינסק־מאַזאָוויעצק, קאַלושין, די גרויס־אינ־דוסטריעלע באַצק־לאַמיאַנקי, און אויך אין די שטעטלעך פון דער אַרומיקער ליניע: פּאַלעניץ, אָטוואָצק, קאַרטשעוו, קאָלאָביעל, פּאַריסאָוו און אַנדערע.

*

פּאַלעניץ (און אויך אָטוואָצק) האָט צוליב דער נאָענטקייט פון וואַרשע, באַקוועמער פאַרבינדונג (באַן, קאַלייקע) און זייער באַזונדערן חן אַלס דאַטשע־ערטער, געהאַט מער מזל ווי די אַנדערע שטעטלעך. דאָ פלעגן, אין יענער צייט, אין אָנהייב פון די צוואַנ־ציקער יאָרן, אָפּטער קומען די באַליבטע רעוואָלו־ציאָנערע יוגנט־טוער: אפרימל פינקערט, מענדל סקראָבעק, ליבער מושינסקי, יאַנעק, מאַרקוס, דער שוואַרצער יאַנקעלע, אַדעק ליכטנבוים. זיי פלעגן אין די שבתדיקע נאָכמיטאָגן האַלטן רעפעראַטן, אַרויס־טרעטן אויף „קעסטל־אָוונטן" פון פראַגן און ענט־פערס אד"גל. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז פּאַלע־ניץ, אָטוואָצק, ווי בכלל די „ליניע", געווען אַ גינ־סטיק אָרט פאַרן אויפהאַלט פון די מערסטנטייל אומ־לעגאַלע און פאַרפאַלגטע פּאַרטיי־ און יוגנט־טוער: שאול אַמסטערדאַם, גרשון דוואַ, יוסף לעוואַרטאָווסקי, משה לעווין, דוד ריכטער, דער „טויבער משה", יצחק גאַרדאַן, שמעון זאַכאַריאַש און אַנדערע. אָבער דאָס איז אַ טעמע וועגן וועלכער מען האָט געדאַרפט באַזונ־דער שרייבן.

דער קליינער אפרימל און מיין נאָענטער האַרציקער חבר אַדעק, פלעגן מיר אָפט דערציילן וועגן „קליין מאַסקווע", וועגן דער פּאַלעניצער און אויך אָטוואָצ־קער יוגנט. אַליין האָב איך שוין פון לאַנג געוואָלט דאָרטן זיין, אַרויסטרעטן פאַרן דאָרטיקן יוגנט־עולם אָבער כ'האָב גלייכצייטיק מיך געפילט נישט דרייסט (הגם כ'בין שוין צו יענער צייט געווען אַ רעפערענט אויף די יוגנט־קרייזן אין וואַרשע און האָב שוין אַפילו געהאַלטן רעפעראַטן אין אַנדערע שטעטלעך אַרום וואַרשע).

אין איינעם אַ זומערדיקן שבת־פרימאָרגן, זאָגט צו מיר אַדעק:

— כ'האַלט היינט אַ רעפעראַט אין פּאַלעניצער קולטור־פאַראיין, אויב דו ווילסט — פאָר מיט.

אַ האַלבע שעה שפּעטער זענען מיר שוין געזעסן אין דער קאַליקע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויף דער צווייטער זייט ווייסל, האַרט ביי דער קערבעדזש־בריק. די קאַלייקע־טראַסע פון דער „ליניע" האָט געהאַט נאָך אַ גרעסערן צויבער ווי די באַן־טראַסע. דאָס מיניאַטור־לאָקאָמאָטיוול און די וואַגאַנדלעך האָבן זיך סאָפּענדיק און פאַנפּענדיק, ווי געוויגט צווישן די סאָסנע־וועלדלעך.

און אָט זענען מיר אין שטעטל. אויף דער קאַליי־קע־סטאַציע, וואָס איז געלעגן ביים ראַנד פונעם ישוב, האָבן אונדז שוין אָפּגעוואַרט עטלעכע יונגע חברה. מיר זענען צוזאַמען אַוועק אין קולטור־פאַר־איין. ווו, אין וועלכן געסל ער האָט זיך געפונען, קען איך זיך, נאָך אַזוי פיל יאָרן, נישט דערמאָנען. איך געדענק אָבער גוט דעם ברייטן, קוואַדראַט־אַרטיקן קלוב־רוים, די בילדער פון די אַרבעטער־פירער און אויך די אויפשריפטן, וואָס האָבן באַצירט זיינע ווענט און מער ווי אַלץ — די געשטאַלטן פון די יוגנט־לעכע, וועלכע האָבן אויסגעפילט דעם קלוב.

די טעמע פון רעפעראַט איז געווען: „פאַרשידענע שטרעמונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג". די 13־14־, 15־יאָריקע יינגלעך און מיידלעך, צווישן זיי קינדער פון באַלעבאַטישע עלטערן, די מערסטע אָבער האָבן אין דעם עלטער שוין געמוזט אַרבעטן און פאַר־דינען זייער ברויט — האָבן מיט ליידנשאַפטלעכן דורשט געשלונגען די ווערטער, אָטעמענדיק מיט די קאַלאָסאַלע רעוואָלוציאָנערע איבערגעשטאַלטיקונגען פון דער נייער עפּאָכע. זיי האָבן מיטגעלעבט מיט אַלעם, וואָס האָט זיך צו יענער צייט אָפּגעשפּילט

אויף דער וועלט און אין לאַנד, אין דער אַלגעמיינער און יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

נאָכן רעפעראַט זענען מיר נאָך שעהן־לאַנג געזעסן אויפן זאַל, אויף דער ווערענדע, אין דרויסן. מיר האָב געזונגען לידער, וואָס האָבן אויסגעדריקט די בענקשאַפט נאָך פרייהייט, מיר זענען געגאַנגען „דעם העלן טאָג אַנטקעגן". איך האָב זיך נענטער באַקענט מיט די יוגנט־טוער, וועלגן וועלכע כ'האָב שוין פריער געהערט: די ברידער אלי און שמחה סאָלניצקי, טוביה לאַטאָוויצקי, שמואל קאַמיענקאָווסקי אברהם יצחק סאַמאָכאָד, איטשע בערנאַרד און פיל אַנדערע טייערע, גוטע יאַטן. דער איינדרוק פון די אַלע איז מיר געבליבן טיף אין האַרצן. וואָס אַמאָל מער, איז פאַלעניץ געוואָרן מיין צווייטע היים, צו וועלכער עס האָט געצויגן ווי מאַגנעט.

*

אַ קורצע צייט נאָך דעם ערשטן קאָנטאַקט, בין איך ווידער געקומען קיין פאַלעניץ, דאָס מאָל שוין אין אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער שליחות. די באַראַטונג מיטן אָרטיקן יידישן ביוראָ ביים קרייז־קאָמיטעט פון קאָמיוג האָט געדויערט ביז שפּעט אין דער נאַכט. צוריקפאָרן קיין וואַרשע איז שוין געווען שפּעט. כ'בין אַלזאָ דאָרט געבליבן נעכטיקן. אַהיימגענומען צו זיך האָט מיך שמואל קאַמיענקאָווסקי. ער האָט געוווינט אַליין אין אַ קליין שטיבעלע. דאָס בעטל אין וועלכן ער איז געשלאָפן, איז געווען פריי, ווייל ער איז אַוועק אַרבעטן אין דער בעקעריי אויף נאַכט־שיכט.

די פאַלעניצער לופט האָט מיך פאַרשיכורט. כ'בין געשלאָפן אין איין אָטעם. אַרום 7 פרי איז ער „באַלעבאָס" געקומען פון דער עבודה, מיטברענגענדיק מיט זיך עטלעכע פריש־געבאַקענע זעמל און נאָך אַ קאָכעדיק לעבל ברויט (יעדער בעקער־געזעלן האָט געהאַט רעכט מיטצונעמען מיט זיך אַ ביסל געבעקס פאַר זיך). מיר האָבן עס ביידע „פאַרטיק געמאַכט" אין געציילטע מינוטן.

שמואל האָט מיר דערציילט וועגן דער מוסטער־האַפטער אָרגאַניזאַציע פון די פאַלעניצער בעקער־אַרבעטער, וועלכע זענען אין די גאַנצע הונדערט פּראָצענט געווען אָרגאַניזירט אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. דער פאַראיין האָט געהאַט דאָס דעצידירנדיקע וואָרט אין דער פראַגע פון באַשעפטיקונג, פון צונעמען אָדער אָפּזאָגן אַרבעטער און בכלל פון זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען. ער האָט פאַרטיילט „פייער"־אָוונטן צווישן די אָרטיקע, אָדער אַפילו צוגערייזטע בעקער־אַרבעטער.

אָבער נישט בלויז די בעקער־אַרבעטער. דער רוב אַרבעטער־יוגנט פון שטעטל איז געווען אַרומגענומען דורך דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג אין די אָרטיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. ס'איז באמת שווער זיך פאָרצושטעלן אַ העכערן, מער מוסטערהאַפטן ניוואָ פון פּאָליטישער און פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, ווי אָט אין דעם פאַרהעלטנישמעסיק יונגן שטעטל, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט אַזעלכע פּאָליטישע, רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס, ווי למשל, אַ זשעלעכאָוו, פּרושקאָוו א. אַנד.

מיין פאַרבינדונג מיט דער פאַלעניצער יוגנט האָט זיך דערנאָך איבערגעריסן, אָבער בלויז אויף אַ קורצן פּעריאָד. די האַרבסט־ און זומער־חדשים פון 1923—24 איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן אין שעדלעצער ראַיאָן. נאָכן צוריק קומען קיין וואַרשע, האָב איך דורכגעמאַכט מיין ערשטן „סטאַזש" אין... פּאַוויאַק. ווען כ'האָב נאָך אַ יאָר פאַרלאָזט די תפיסה־מויערן, אָנהייב מאַי 1926 — בין איך אַרויסגעפאָרן זיך אָפּרוען. דער „וואַקאַנס" האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, און אָט צוליב וואָס:

זייענדיק איינער אַליין אין אַ וויללע אין קליינעם מיכאַלין, 2 קילאָמעטער פון פאַלעניץ, האָב איך אַ פּאָר טעג נישט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט. אין איינעם אַ מאַי־פאַרנאַכט, שפּאַצירנדיק אויפן זאַמדיקן שליאַך, צווישן מיכאַלין און פאַלעניץ, הער איך ווי עמעץ גייט הינטער מיר און ברומט אונטער דאָס אַלט־באַקאַנטע יידישע אַרבעטער־לידל: „אין דער קוזשניע ברענט אַ פייער". איך קוק זיך אום: אַ יונגער בחור, דאָס געזיכט איז מיר אַ ביסל קענטלעך, אָבער איך קען זיך נישט גענוי דערמאָנען ווו כ'האָב אים געזען. „איך האָב איך דערקענט פון דער ווייטנס" — זאָגט ער מיר, — „איר זענט הערשל פון וואַרשע און פלעגט אָפט קומען אין אונדזער קולטור־פאַראיין". ער האָט מיך צוגעפירט ביז צו מיין וויללע און מיר האָבן זיך געזעגנט ווי אַלטע באַקאַנטע.

ביינאַכט האָב איך ווי אין חלום געהערט דעם אָפּהילך פון האַרמאַטן־דונער. צו מאָרגנס, אַרום 5—6

פאַרטאָג, הער איך ווי מען קלאַפּט אין טיר. ווער קאָן עס זיין דער „פריער גאַסט״ — טראַכט איך מיר. זענען עס נישט אַמאָל „יענע לייט״ פון דער „דעפּע״?

באַלד אָבער הער איך אַ באַקאַנטע שטימע: „עפן, הערשל! ס׳איז דאָ גרויסע נייעס״. אַריינקומענדיק, דערציילט ער מיר אין איין אָטעם, אַז אין וואַרשע איז פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש, פּילסודסקי האָט פאַרכאַפּט די מאַכט. אַ האַלבע שעה שפּעטער זענען מיר שוין געווען אין שטעטל, די אַרבעטער זענען אַרויס אין גאַס. טראָץ דער פריער מאָרגן־שעה, האָט יונגוואַרג זיך שוין פאַרזאַמלט ביי דער וויללע פון קולטור־פאַראיין. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע, האָבן מיר באַשלאָסן גלייך זיך לאָזן קיין וואַרשע. היות די באַן־קאָמוניקאַציע איז פאַראַליזירט דורך דעם אַלגע־מיינעם שטרייק פון די אייזנבאַנער, האָבן מיר זיך באַנוצט — ווי עס פלעגן זאָגן אונדזערע יאַטן — מיט דעם „טראַמוויי נומער 11״, דאָס הייסט, די אייגענע רגלים.

די דאַטשע־ווילעס אויפן וועג זענען נאָך געווען איינגעהילט אין טיפן שלאָף, ערשט ביי וואַווער און דערנאָך ביי גראָכאָוו האָט זיך באַמערקט אַ שטאַרקע באַוועגונג פון מיליטער, אין דער ריכטונג קיין וואַר־שע. דאָ אָבער איז שוין געווען אין אַלגעמיין רואיק. פּילסודסקיס מיליטער האָט שנעל באַהערשט די לאַגע.

די פּאָר חברים, מיט וועמען כ׳האָב זיך דעם זעלבן טאָג געטראָפן אין וואַרשע, האָבן מיר דערציילט וועגן גאַנג פון די געשעענישן און מיר געראָטן צו פאַרבלייבן אויף אַפּרו ביזן סוף חודש.

אין די נאָכמיטאָג־שעהן זענען מיר צוריק געפאָרן קיין פאַלעניץ. אויף די גאַסן פון שטעטל — אַ גרויסע באַוועגונג. דער עולם האָט אויפן רוף פון די פאַר־איינען און דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פאַרלאָזט די וואַרשטאַטן. עס שטרייקן די אַרבעטער פון דער פאַלעניצער גלאָז־הוטע „האַרטענסיאַ״, די בוי־אַרבע־טער און אַנדערע.

אויף דער האַנדלאָווע גאַס — אַ גרעסערער דראַנג פון מענטשן. אַ גרופּע פּאָליציאַנטן וויל אַרעסטירן שמחה סאָלניצקין, ווייל ער האָט אָנגעפירט מיט אַ דעמאָנסטראַציע, זיי דראָען אַראָפּצורופן פאַרשטאַר־קונגען. דער עולם דערלאָזט נישט צו קיין שום אַרעסט און די פּאָליציאַנטן ציען זיך צוריק אויף זייער פּאָסטערונעק.

*

אוז אט ביז איד ווידער איז מייז פאלעניצ, סיי בעת מייז אפּרו, סיי שפּעטער, ווען כ׳בין שוין צוריק גשוועז ביי דער ארבעט אין וואַרשע. די באַוועגונג איז געוואָקסן אין דער ברייט און אין דער טיף, צוזאַמען דערמיט זענען געוואָקסן און רייפער געוואָרן די דאַרטיקע טוער, ווי בכלל די גאַנצע אַזוי הערלעכע פאַלעניצער יוגנט.

מיט באַרעכטיקטן שטאָלץ האָבן מיר שמחה און אלי סאָלניצקי, טוביה און אַנדערע דערציילט, ווי אַזוי זיי האָבן דעראָבערט די אָרטיקע גלאָז־הוטע „האַרטענסיאַ״. אַלע אַרבעטער, אין דער צאָל פון עט־לעכע הונדערט, זענען געוואָרן אָרגאַניזירט אין פּראָפע־סיאָנעלן פאַראיין פון די כעמישע אַרבעטער. עס זע־נען דערגרייכט געוואָרן באַדייטנדיקע פאַרבעסערונגען פון די לוינען און אַרבעטס־באַדינגונגען. דער״אַ פּראָ־לעטאַרישער קאָלעקטיוו האָט אויך אַרויסגעגעבן פון זיינע רייען עטלעכע מוטיקע און פעיקע קעמפערס.

לאָמיר אויף די עמודים, געווידמעטע אונדזער ישוב, דערמאָנען דעם אָנדענק פון די טייערע און נאָענטע חברים, וואָס זענען פאַרשניטן געוואָרן דורכן היטלע־ריסטישן רוצח:

די קאָמוניסטקע פון דער פאַלעניצער גלאָז־הוטע, האַנאָרקע, דאָס פּשוטע אַרבעטער־מיידל, וועלכע איז אין אַ קורצער צייט נאָכן אַריינעמען זי אין דער קאָ־מוניסטישער יוגנט, אויסגעוואַקסן צו אַ באַוווסטזי־ניקער, רייפער רעוואָלוציאָנערין, געוואָרן מיטגליד פון דעם ראַיאָן און שפּעטער — אין קרייז־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד. זי פלעגט אַרויס־טרעטן אויף מיטינגען, מאַסוווקעס, דעמאָנסטראַציעס נישט בלויז פון די אַרבעטער פון „איר״ הוטע, נאָר אין גאַנצן וואַרשעווער קרייז.

אונדזער בראַווע, דינאַמישע, פול מיט ברויזנדי־קער ענערגיע און איניציאַטיוו פאַלעניצער טוער, זענען אַריינגעדרינגען אין די אַרומיקע פּוילישע דער־פער און אַרבעטס־ישובים און געשאַפן דאָרפישע קעמערלעך, פאַרשפּרייט ליטעראַטור, אָרגאַניזירט מיטינגען בעת די יאַריד־טעג. מען פאַרגעסט נישט דערביי אין פּוריסאָוו, קורטשעוו און אַנדערע יידישע שטעטלעך, וואָס ווערן סיסטעמאַטיש באַדינט דורך

די פּאַלעניצער טוער. דער איינפלוס פון דער פּראָג־
רעסיווער באַוועגונג דערגייט אויך צום פּערסאָנאַל
און צו די קינדער פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע אין
מיעדזעשין. אויף דעם באָדן קומען פּאָר עטלעכע מאָל
שאַרפע צוזאַמענשטויסן מיט דער בונדישער אָנפי־
רונג פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע.

די קייט פון דערינערונגען ציט זיך ווייטער.
דאָס איז געווען, דוכט זיך, אין שפּעט־זומער פון
1929. כ'האָב דעמאָלט געוווינט אין אַ שטיבל, ער־
גען אין אַ פאַרוואָרפענער וויללע אין פּאַלעניץ (דאָס
איז געווען אַ „סגולה" אויסצומיידן אַ פרישע „באַ־
קאַנטשאַפט" מיט דעו' וואַרשעווער דעפענסיווע). אין
איינעם אַ פאַרטאָג יאָוועט זיך דאָרט שמחה סאָל־
ניצקי. ער איז מיט אַ נאַכט פריער פאַרהאַלטן גע־
וואָרן אויפן פּאַלעניצער פּאָליציי־פּאָסטערונעק און
צו מאָרגנס געזאָלט אָפּגעפירט ווערן קיין וואַרשע. די
יאַטן האָבן זיך דערפון דערוווּסט און אָרגאַניזירט
זיין אַנטלויפן. אינמיטן דער נאַכט איז געמאַכט גע־
וואָרן אַ דורכקאָפּ צום אָרט, ווו „דער דאָזאָר גייט
צופוס", נעבן דער קאַמער אין וועלכער ער איז גע־
ווען פאַרשלאָסן, און אַזוי אַרום האָט מען אים אַרויס־
געריסן פון די פּאָליצייאישע הענט. שמחה איז נאָך
דעם אַוועק פון שטעטל. ער איז שנעל אויסגעוואַקסן
פאַר אַ צענטראַלן טוער, אַריין אין די אָנפירנדיקע
אינסטאַנצן פון קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד. גע־
אַרבעט אויף פאַרשידענע קרייזן. ער איז אויך געווען
דעלעגאַט צום 2טן צוזאַמענפאָר פון קאָמוניסטישן
יוגנט־פאַרבאַנד (אָנהייב 1930).

*

די אַרבעט און אַרעסטן האָבן ווידער איבערגעריסן
אויף יאָרן מיין דירעקטן קאָנטאַקט מיט פּאַלעניץ און
מיט דער „ליניע". אָבער די גרוסן פון דער וווּנדער־
באַרער פּאַלעניצער יוגנט זענען צו מיר אומעטום
דערגאַנגען. מיר האָבן זיך געטראָפן אויפן „צענט־
ראַלניאַק" אין וואַרשע. אין די לעצטע חדשים פון
1935 און אָנהייב 1936 קומט מיר פון דאָס ניי אויס
צו וווינען אויף דער „ליניע" און טרעפן זיך מיט
אַלטע פריינד, וואָס האָבן פאַר דער צייט געקעמפט,
געליטן פון אַרעסטן, שטרויכלונגען — און דאָך גע־
גאַנגען פאָרויס. געזעגנט האָב איך זיך מיט די טייערע
און נאָענטע חברה אין אַן ערב־פּריילינג אָוונט פון
1937, אין דער וווינונג פון די האַרציקע חיים און
גוטאַ צעשינסקי (חיים איז געווען אַן אָטוואָצקער
תושב. אין די דרייסיקער יאָרן איז ער איבערגעגאַנ־
גען אויף פּראָפעסיאָנעלער און פּאַרטייאישער אַרבעט
קיין פּאַלעניץ). דאָס איז געווען אַן אָוונט לכבוד דעם
געזונט ווערן פון דער יוגנט־טוערין ג. י., וועלכע
האָט אַ לאַנגע צייט געאַרבעט אויפן וואַרשעווער
ראַיאָן און איז אין זומער 1936 אַרעסטירט געוואָרן
בעת אַ קאָנפערענץ פון דער פּאַלעניץ־אָטוואָצק־
דזשעלניצע. ג. י. איז אין רעזולטאַט פון דעם אַרעסט
שווער קראַנק געוואָרן און האָט פאַרבראַכט אַ לענ־
גערע צייט אין דער אָטוואָצקער „זאָפּיוווקע". נאָך
איר געזונט ווערן, האָבן מיר צוזאַמען עמיגרירט קיין
פראַנקרייך. געזעגענענדיק זיך, איז דאָס געמיט גע־
ווען דורכגעדרונגען מיט שווערן אומעט. און נישט
בלויז צוליב דער אַזוי שווערער צעשיידונג מיט דער
אַלטער היים, מיט די סאַמע נאָענטסטע און טייער־
סטע, נאָר נאָך מער האָט געדריקט אויפן האַרצן דער
אומרו צוליבן גאַנג פון די וועלט־געשעענישן. פון
דער צווייטער זייט גרענעץ האָט זיך צעטראָגן דאָס
רעוווען פון היטלערן און זיינע חיילות. עס איז אַהער
דערגאַנגען דער אומהיימלעכער אָפּשיין פון די נאַצי־
שע שייטערהויפנס, דער עכאָ פון דעם האָרסט־וועסעל־
ליד. די ענדעקעס און פּילסודסקי־תלמידים אין פּוילן,
האָבן נישט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק. מיר
האָבן אַלע געהאַט אַ פאָרגעפיל פונעם דערנענטערן
זיך פון בייזן קאַטאַקליזם, אָבער צי האָט מען זיך
געקענט פאָרשטעלן, אַז ער וועט אָננעמען אַזאַ שרעק־
לעכן פאָרנעם? די גרויליקע רעאַליטעט האָט איבער־
געשטיגן די שרעקלעכסטע בילדער, וואָס די מענטש־
לעכע פאַנטאַזיע האָט אַמאָל געמאָלן און קען מאָלן.
אין איין איינציקע געשיכטלעכן אויגנבליק, איז דער
בליענדיקער פּאַלעניצער ישוב, ווי די הונדערטער
און הונדערטער גרעסערע און קלענערע ישובים, גע־
וואָרן צעריבן און אויסגעראָטן דורך אַ מאַכט, וואָס
האָט דיספּאָנירט מיט די מאָדערנסטע מאָרד־מיט־
לען.

ווי אַזוי דאָס איז געשען — וועגן דעם דערציילן
די עמודים פון אונדזער פּנקס, דער דענקמאָל פון
פאַרשניטענעם דורכן נאַצישן רוצח, ישוב. אָבער
לאָמיר נאָך צום סוף דערמאָנען וועגן אַן עפּיזאָד פון
מיט אַ קורצער צייט צוריק.

דאָס איז געווען אין מיטן זומער 1960. אין דער רעדאַקציע־ביוראָ פון דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע״ אויף נאָוואָגראָדזקע 5 האָט געקלונגען דער טעלעפאָן. אויפהייבנדיק דאָס טרייבל, הער איך אַ באַקאַנטע שטימע פון דער האַרציקער לאָלאַ ז—קי. זי קלינגט מיר פון איר ביוראָ אין הויז פון צענט־ראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער פּאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי. „הערשל — זאָגט זי מיר — באַלד וועט צו דיר אַרויפקומען, דיינס, אונדזערס אַן אַלטער חבר, נעם אים גוט אויף״.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער שוין געווען ביי מיר. אַ נידעריקער, אָבער פעסט־געבויטער, ברייט־פּלייציקער, די געזיכטס־שטריכן ווי אין פעלדז גע־האַמערט. דער בליק פון די אויגן אַן אָפענער און דעצידירטער. נעבן אים אַ בחור פון אַ יאָר 18.

— דערקענסט מיך נישט ? — פרעגט ער מיך מיט אַ ציטער אין דער שטימע.

איך קוק זיך איין נענטער — אַ קליינינקייט, אַזוי פיל יאָרן זענען אַוועק. דאָס איז דאָך איטשע בער־נער — גיט מיר ווי אַ בליץ אין מוח. מיר פאַלן זיך אין די אָרעמס. אין דער מינוט קלינגט ווידער אַמאָל דער טעלעפאָן :

— איר האָט זיך דערקענט ? — פרעגט לאָלע אַ גערירטע.

— צי קענסטו זיך פאָרשטעלן אַנדערש ? — ענט־פער איך מיט אַ פראַגע אויף אַ פראַגע.

ווידער אַמאָל שווימען אויף די בילדער און עפּי־זאָדן פון פאַלעניץ, פון אונדזער יוגנט (בערנער איז געווען אין פאַלעניץ, ווען דער נאַצישער אָקופּאַנט איז דאָרט אַריין).

מיר זענען דערנאָך געזעסן שעהן און נעכט צוזאַ־מען. מיר זענען געווען ביי דער אַקטיוויסטקערין טאָשקע ס. אין שטוב. איטשע דערציילט ווי אַן ס.ס.־קאָמאַנדאַ האָט אים צוזאַמען מיט אַ גאַנצע פּאַרטיע, אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע, אַרויסגע־פירט אויף אַ וועג. „עס איז מיר אַדורך אין קאָפּ דער געדאַנק : זיי פירן אונדז צו דערשיסן״. אויפן וועג האָב איך זיך ווי אַרויסגעגליטשט פון די דייטשן, אַזוי אַרום בין איך אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. דער ווייטערדיקער וועג האָט אים געפירט צו־זאַמען מיט זיינע צוויי קינדער אויף מזרח, ער אַנ־גאַזשירט זיך אין די אַרבעטס־באַטאַליאָנען ביי דער רויטער אַרמיי. ער איז ביי סטאַלינגראַד. דער קאָ־מאַנדיר פון זיין אָפּטיילונג באַפעלט, אַז די קינדער פון איטשע בערנער זאָלן באַטראַכט ווערן ווי קינדער פון באַטאַליאָן, איטשע אַרבעט טאָג און נאַכט, אונ־טערן האָגל פון שונאס פייער, ביים איבערשיפן אי־בער דער וואָלגע אַמוניציע און שפּייז פאַר דער רויטער אַרמיי.

„אַזוי בין איך דאָרט שוין געבליבן״, זאָגט ער מיט שטאָלץ.

ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט די מלחמה, פאָרט ער אַריבער אין דער שטאָט מינעראַלניע וואָדי אין גרוזיע. טרעט אַריין אַרבעטן אין אַ גרויסער שניידער־פאַבריק, דערציט זיינע קינדער אַלס שטאָלצע בירגער פון ראַטנלאַנד. דער עלטסטער זון וווינט אויפן אור־ראַל און איז קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי, דער צווייטער, וועלכן איך זע מיט אים דאָ, איז אַ סטו־דענט, האָט אויסערגעוויינלעכע פּאָעטישע פעיקייטן, זיינע לידער זענען שוין געדרוקט געוואָרן אין די סאָוויעטישע צייטונגען.

איטשע בערנער איז אין די קורצע טעג, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין פוילן מיט אַן עקסקורסיע פון אַ גרויסער גרופּע אַרבעטער פון זיין שטאָט, אַראָפּ־געפאָרן אין זיין פאַלעניץ. „כ׳בין געווען — האָט ער מיר דערציילט — אויף קבר־אָבות. אין שטעטל זענען קיין יידן נישטאָ מער״. (עטלעכע יידן וווינען אין שכנותדיקן אָטוואָצק). „כ׳האָב געטראָפן — זאָגט ער מיר ווייטער — אַ שכן פון אונדזער הויז און ער האָט מיר דערציילט וועגן דעם, וואָס איז געשען מיט די יידן נאָך מיין אַוועקגיין״.

די נאַצישע קאַניבאַלן האָבן געוואָלט, אַז עס זאָלן נישט בלייבן מער קיין זכר נישט פון די פאַלעניצער יידן, ווי בכלל פון די יידן אין פוילן, אין גאַנץ איי־ראָפּע. אָבער דעם דאָזיקן טייוולאָנישן פּלאַן האָט ער טראָץ אַלעם נישט דערגרייכט. עס לעבן פאַלעניצער אין מדינת ישראל, אין פּאַריז, ניו־יאָרק, בוענאָס־איי־רעס — און עס לעבט דער אָנדענק פון ישוב, פון זיינע פּרעכטיקע טראַדיציעס און ירושה אין די הער־צער פון די יידן אין דער גאָרער וועלט.

# א שפּאַציר איבערן שטעטל

אברהם רינג
יפו

## פאַלעניץ אין... ווינטער

פאַלעניץ איז איינגעקריצט אין מיין זכרון פון די פריסטע קינדער־יאָרן, ווייל דאָרט בין איך געבוירן געוואָרן. אמת, אין יענער תקופה איז פאָרגעקומען אַן איבערייס אין אונדזער וווינען אין שטעטל, ווייל מיר זענען אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע, נאָר ווייזט אויס, אַז די צוגעבונדנקייט צו פאַלעניץ האָט דעצידירט — און די עלטערן מיט די קינדער האָבן זיך צוריק אומגעקערט אין שטעטל. דאָ זענען מיר שוין פאַרבליבן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, פון וועלכער אַ גאָר קליינער טייל איז ניצול געוואָרן: ווער — מיטן אַנטלויפן אין יאָר 1939 קיין רוסלאַנד (וואָס איך און מיין ברודער האָבן געטאָן), און ווער — מיטן איבערלעבן די שוידערלעכע אָקופּאַציע־יאָרן.

פאַלעניצער יידן, און נאָך מערער די צוגערייזטע דאַטשניקעס, געדענקען אונדזער שטעטל דער עיקר אין די זומער־חדשים, ווען אַלץ האָט געגרינט און געבליט און כמעט פון גאַנץ פוילן פלעגן זיך אָנפאָרן יידן, כדי געניסן פון דער געזונטער לופט. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז אויך אין ווינטער האָט פאַלעניץ געלעבט איר אייגנאַרטיק און אינטערעסאַנט לעבן, הגם נישט מיט דעם זעלבן טומל און פאַרנעם ווי אין זומער.

מיטן אָנקום פון פרילינג, האָט דאָס שטעטל זיך גענומען וועקן פון ווינטערדיקן דרימל. ווינטער האָט מען זיך אויסגערוט און געזאַמלט כוחות צום נאָענטסטן דאַטשע־סעזאָן. למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דער דאָזיקער אָפּרו איז אויך געווען פאַרבונדן מיט גייסטיקן געניוס און מיט אַ פאַר־צווייגטער קולטור־טעטיקייט. אין יעדן ווינקל האָט געשפּרודלט מיט לעבן, די יוגנט האָט געגאַרט נאָך קולטור און וויסן. די לאָקאַלן, קלובן און פּראָפ.־פאַראיינען זענען אַלע נעכט געווען פול. אויך פון די חסידים־שטיבלעך האָט זיך געטראָגן געזאַנג און דאָס לערנען תורה אין משך פון אַ סך אַ סך שעהן.

דאַקעגן די קינדער האָבן גענאָסן פון דעם שניי וואָס איז בשפע געפאַלן אין ווינטער. מיט שליטע־לעד, גלעטשערס און נאַרטן האָט מען פאַרברענגט די פרייע צייט.

אַז ס׳איז געקומען פורים, איז ערשט פון דאָסניי געוואָרן פריילעך און היימלעך אין שטעטל. חברה קליינוואַרג האָט זיך פאַרשטעלט און באַזוכט די יידישע היימען, ווו מ׳האָט זיי אויפגענומען וואַרעם און... מיט עטלעכע גראָשן. זאַטע (און — אַפילו נישט־זאַטע) פאַמיליעס זענען צופרידענע געזעסן ביי די געדעקטע טישן, געשיקט און אָפּגענומען שלח־מנות, וואָס די קינדער האָבן אָפּגעטראָגן. ס׳האָבן אויך נישט געפעלט אין די טעג קיין פורים־פאָרשטעלונגען און בעלער. יעדער איז געווען יומטובדיק געשטימט.

מיטן אָנקומען פון פרילינג, הגם דער שניי איז נאָך געלעגן אין שטעטל און די קעלט האָט זיך נאָך גוט געפילט, האָט מען זיך אינטענסיוו גענומען גרייטן צום סעזאָן. סוחרים האָבן איינגעקויפט סחורה, בעל־מלאכהס האָבן געזאָרגט פאַר רוישטאָף, די מאַליאַרעס און סטאָליאַרעס האָבן שוין געהאַט באַשעפטיקונגביים אויסריכטן די וויללעס און פענסיאָנאַטן, וואָס האָבן באַדאַרפט אויפנעמען געסט. מען האָט זיך געגרייט צום זומער, כדי דערנאָך — — — ווידער קאָנען איבערלעבן אַ ווינטער...

## די פייערלעשער

פאַלעניץ האָט זיך טאַקע באַטראַכט ווי אַ פאָרשטאָט פון דער גרויסער וואַרשע, נאָר אויפן געביט פון מוניציפּאַלע איינריכטונגען און באַדינונגען, איז מען געווען זייער ווייט ניט נאָר פון דער הויפּטשטאָט, נאָר אַפילו פון קלענערע ערטער ווי אונדזער ישוב. באַזונדערס איז דאָס געקומען צום אויסדרוק ביי די פאַלעניצער פייערלעשער. עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען מיר נאָך אַלץ געווען זייער צוריק געשטאַנען אויפן געביט פון לעשן שריפהס. ווי נאָר ס׳האָט ערגעץ־ווו אָנגעהויבן ברענען, איז צום ערשט געלאָזט געוואָרן אין גאַנג — דער גלאָק. אַ פּרימיטיווע איינריכטונג וואָס האָט אין פאַל פון אַ סכנה אָדער אומגליק גענומען אַליאַרמירן ניט נאָר די פייערלעשער, נאָר אויך דאָס גאַנצע שטעטל.

ניט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז חברה ליצים האָבן

ביינאַכט צוגעבונדן אַ קאָץ צום גלאָק — האָט ער זיך צעקלונגען אַזוי לאַנג, ביז ווער פון דער פּאָליציי אָדער פייערלעשער, האָט ניט פריי געלאָזן די קאָץ. נאָר אויב דער אַלאַרם איז געווען אַן אמתדיקער, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ לויפעניש און יאָגעניש אַפּצוזוכן פערד ביי ידישע בעל־עגלהס, צונויפנעמען דאָס ביסל פרייווילליקע פייערלעשער, וועלכע זענען געווען פאַר־נומען ביי זייערע באַשעפטיקונגען און מיט די פעסער וואַסער זיך אָוועקלאָזן צו דער שריפה. קיין סך איז שוין דאָרט ניט געבליבן צו טאָן, ווייל ביז די סטראַזשאַקעס האָבן זיך מאָביליזירט און צוגעטרעטן צום לעשן, האָט דאָס פייער און דער ווינט זיך געטאָן זייערס...

איך געדענק די גאַלאָפּירנדיקע וועגעלעך מיט די פעסלעך וואַסער, פון וועלכע ס׳האָט שטענדיק גע־שפּריצט און זיך געגאָסן פאָנטאַנעס און ריטשקעלעך פון די פאַרשידענע לעכער. אויך די עפּענונג פון פאַס איז ניט געווען פאַרמאַכט צוליבן מאנגל פון אָנט־שפּרעכנדיקע קאָרקעס. מילא, האָט פון דאָרט זיך געגאָסן דאָס וואַסער בשפע. און די קישקעס? אַ וועלט מיט לעכעלעך. צום פייער איז קיין סך וואַסער פון דער גומי־רער ניט דערגאַנגען, ווייל די לעכער דאָרט האָבן געפּאָדערט זייערס.

דאַקעגן איז די אויסשטאַטונג פון די פייערלעשער שוין געווען אַ מער מאָדערנע. ברעזענטענע מאַנטלען, מעשענע קאַסקעס, אַ נייער לעדער־פּאַסעק מיט מכשי־רים און דאָס העקל מיטן שיידל — האָבן געמאַכט אַן איינדרוק. אויך די פּאַראַד־מונדירן זענען געווען נייע און שיינע.

ערשט פאַרן אויסברוך פון קריג אין 1939 יאָר, האָט אויך די פּאַלעניצער „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע" זוכה גע־ווען צו אַן אויטאָ — אַ מאָדערנער, שיינער, רויט געפאַרבט. „איסקראַ" איז געווען זיין נאָמען. מיט דער „איסקראַ" האָט דאָס שטעטל שטאָלצירט. בפרט — די יידישע באַפעלקערונג. ווייל ביים שאָפערן־רעדל איז געזעסן אונדזער נפתלי קוקאַווקע. הגם אַלע פייער־לעשער זענען געווען פּאָליאַקן, איז בלויז דער שאָפער — און גראָד פון נייעם אויטאָ — געווען אַ ייד.

ערע זיין אָנדענק!

## אונדזער יוגנט

ווי אין פילם שוועבן איצט אַדורך פאַר מיינע אויגן בילדער, דערמאָנונגען און פּאַסירונגען אין פּאַלע־ניץ. נאָך אַמשטאַרקסטן איינגעקריצט אין מיין זכרון איז — די יוגנט. דאָס שטעטל איז געווען שטאָלץ מיט איר יונגן דור, וואָס האָט נאָכן אַרויסרייסן זיך פון דער השפעה פון די עלטערן, אָנגעהויבן שטרעבן צו גייסטיקער אַנטוויקלונג, צו אָרגאַניזאַציעס, צו ספּאָרט און פאַרווילונגען. פּאַלעניצער יוגנט האָט פאַרמאָגט אַ סך מוט און אויך... כוח. די היימישע אַנ־טיסעמיטן האָבן געוווסט וועגן די דאָזיקע אייגנ־שאַפטן און דערפאַר נישט דערלויבט זיך קיין כולי־גאַנישע איבערפאַלן, צי קלענערע פּאָגראָמען. איך געדענק אויך העלדישע יידן פון עלטערן דור: די ברידער שמואל־יאָסל און מרדכי אַקערמאַן, מאָטקע גאָלדבערג, יצחק גאָלדבערג, שמערל גאָלדבערג, מענדעלע שעדלעצקי, בעריל ארטמאַן, אהרון טשאַפּ, שמואל און יצחק דינער, די פאַמיליע גראָש און אַנ־דערע.

איך געדענק נישט וועמענס איינפאַל ס׳איז געווען צו גרינדן אין פּאַלעניץ אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער. אָבער ווי נאָר ס׳איז געוואָרפן געוואָרן דער געדאַנק, אַזוי האָט מען מיט התלהבות אים אונטערגעכאַפּט און אָנגעהויבן רעאַליזירן. דער רעזולטאַט? אין אַ קורצער צייט אַרום איז פאַרגעקומען דער ערשטער עפנטלעכער קאָנצערט אין קינאָ „נאַוואַשטשי". און דערנאָך — עפנטלעכע אויפטריטן אין וואַרשע, פּול־טוסק, ווישקאָוו. אומעטום — שבחים פאַרן אָרקעס־טער און אירע מיטגלידער: מאיר לימאַן, סאַמעק ראָ־זענבערג, הערשעלע גאָלדבערג, בן־ציון און יאַנקל אַקערמאַן, לאָזער קאַן, וועלוול גאָלדפאַרב, שמואל־העניך סטאָלאַזש, די ברידער לאָקעטש און נאָך.

די זעלבע באַגייסטערונג און שטימונג האָט גע־הערשט ביי דעם ניי־געגרינדעטן ספּאָרט־קלוב, וואָס האָט זיך נישט באַגרענעצט נאָר צום פּאָפּולערן און שטאַרק אָנגענומענעם פוטבאָל, נאָר עס זענען איינ־געשטעלט געוואָרן סעקציעס פאַר כמעט אַלע ספּאָרט־צווייגן: פּינג־פּאָנג, לייכט־אַטלעטיק, באָקס, נעצבאָל און קוישבאָל.

## חסידות

פּאַלעניץ האָט זיך אויסגעצייכנט נישט נאָר מיט איר יוגנט און וועלטלעכקייט. געווען ביי אונדז אויך רבנים, חזנים, שוחטים, חסידים, גרויסע לערנערס. ווער געדענקט נישט דעם קאָלושינער רבין מיט זיינע

חסידים, מיטן הויף, פון וועלכן עס האָט זיך געטראָגן נישט נאָר אַ סך געזאַנג און טענץ, נאָר אויך פרייד און דערהויבנקייט. און די יומטובדיקייט וואָס האָט אויסגעשטראַלט פון דער באַוווסטער וויללע, ווו דער גערער רבי האָט אַדורכגעפירט אַ ברית־מילה־פייערונג? טויזנטער חסידים זענען דעמאָלט געקומען קיין פאַלעניץ בייצווווינען די געשעעניש און דער באַוווסטער מ. קיפּניס האָט זי באַשריבן אויף זיין הומאָריסטישן שטייגער.

## אויף דער האַנדלאָווע גאַס

עס איז געווען גענוג צו פאַרנעמען זיך לינקס, ווי נאָר מע גייט אַראָפּ פון דער באַן וואָס האָט דיך געבראַכט קיין פאַלעניץ — און שוין ביסטו אויף דער צענטראַלער האַנדלס־גאַס פון שטעטל. אַזאַ איז טאַקע געווען איר נאָמען: אוליצאַ האַנדלאָוואַ. הילצערנע הייזער און הייזקעס, געשעפטן און אַ פּאָר וויללעס.

די גאַס הייבט זיך אָן מיט אירע צוויי ערשטע איינוווינער: הערשל געלבטרונק פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט — חנה („די גראָבע חנה״), וואָס האָט פאַרקויפט געבעקס צוזאַמען מיט איר זון שעפּסל. הערשל געלבטרונק האָט געהאַט אַ קאָלאָניאַל־געשעפט, אַ הילכיקע שטים און תמיד גערעדט זייער שנעל. ער איז געווען דאָזאָר אין דער פאַלעניצער קהילה, אַן אָנגעזעענער ייד אין שטעטל.

ווייטער האָט מען געזען די שניט־קראָם פון יידל זילבערשטיין („שניט־סוחר״) און זיינע צוויי זין אברהם און איטשקע. געווען דאָרט די שניט־קראָם פון אברהמטשע גרינבערג. באַרימט איז געווען דער רעסטאָראַן פון מלך גאָרפינקעל, ווו אַרבעטער, בעלי־מלאכות, אינטעליגענץ און צוגעפאָרענע געסט, האָבן געקענט אָפּעסן צו דער זעט. ביי מלכן אין רעסטאָראַן האָט אַ גאַנצן טאָג געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. אַ ביסל ווייטער האָט זיך געפונען דער פריזיר־אַנשטאַלט פון משה קוקאַווקע, ווו ס'איז תמיד געווען היימלעך. אַהין איז מען געקומען נישט נאָר שערן זיך און ראַזירן, נאָר אויך כאַפּן אַ שמועס, הערן אַ יידיש וואָרט, אַ גוטן וויץ, געבן אַ לאַך. משה קוקאַווקע איז געווען אַ צוגעלאָזענער מענטש, מיט יעדן זיך געחברט. אין רוב פאַלעניצער יידישע שטובן איז ער געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

אויף דער זעלבער האַנדלאָווע גאַס האָט זיך געפונען דאָס געשעפט פון וואַרעמע קליידער, וואָס האָט געהערט צו ישעיה גורפינקעל און דער באַרימטער „סקלאַד אַפּטעטשני״ פון מינצן. און נאָך און נאָך גרעסערע און קלענערע קראָמען און געוועלבער.

איך דערמאָן זיך אויך דאָס גרויסע הויז פון יאַנקעלע קושניעש, ווו ס'האָט זיך געפונען דאָס געשעפט פון דוד דראמלעוויטש (דוד ביילים); דאָס גרויסע שפּייז־געשעפט פון גערער חסיד ר' זרח. און ווער געדענקט נישט ר' הלל נאַפּטשאַזש, וועלכער האָט צו לערנען תורה געהאַט אַ גרעסערן חוש, ווי צום נאַפּט־מסחר? יעדן אין דער פרי האָט ער קודם געקויפט אַ צייטונג, דערנאָך ערשט איז ער אַוועק אין שטאַל איינשפּאַנען זיין אויסגעדאַרט פערדל, צו וועלכן ער האָט גערעדט האַלב יידיש, האַלב לשון קודש: „נו, סוס, ריר זיך! קום שוין מהר, דער זייגער איז דאָך שמונה!״ — דערביי האָט ער אַלץ אַריינגעקוקט אין דער צייטונג.

אין דעם זעלבן הויז האָט זיך געפונען דאָס פרוכטן־געשעפט פון קאַלטשע פראַגער. אַ פרוי פון אַ מאַן און אַ מאַמע פון טעכטער און אַ זון משה פראַגער — אַ שטילער אינטעליגענטער בחור, דערצו נאָך — אַ באַוווסטער פוטבאָליסט. קאַלטשע איז געווען באַקאַנט אין שטעטל מיט איר פעיקייט צוריקשטעלן אויפן אָרט אַן אויסגעלענקטע האַנט צי פוס. און געמאַכט האָט זי דאָס בעסער פון דאָקטאָר...

פאַרשטייט זיך, אַז כ'בין נישט אימשטאַנד אויסצורעכענען אַלע איינוווינער און סוחרים פון דער האַנדלאָווע גאַס — און זאָלן מיר מוחל זיין די וועמענס נעמען כ'וועל דאָ נישט דערמאָנען.

אין אַ קליינער הייזקע אויף דער האַנדלאָווע, האָט געוווינט דער אָנגעזעענער און מיוחסדיקער ייד ישראל־יצחק מנחם, איינער פון די עלטסטע איינוווינער פון שטעטל. זיין מאַיעסטעטישער אויסזען האָט אַרויסגערופן צו דעם יידן דרך־ארץ, וואָס ער האָט זיך אגב ערלעך פאַרדינט. איך זע אויך די פרוי קאַפּקע מיט איר קליין גאַלאַנטעריע־געוועלבל, וואָס האָט קוים־קוים געגעבן פרנסה. מיר שפּאַצירן איצט פאַרביי דעם מילך־געוועלבל פון דער הויכער שרה, דעם בלעכער־וואַרשטאַט פון מלך קעסטענבערג, די בעקעריי פון אסתר־רבקה קאַמיענקאָווסקי און יאָסל ליבערמאַן, דער שטילער און באַשיידענער קצב אלי קעז; דער גרויסער שניט־סוחר מאָטעלע הייוונטרע־

גער, וועלכער פלעגט ענטפערן אַ פּוילישן קונה בזה הלשון: „טאַ קאָשטויע אַ לעצט פּיטנאַשטשע זלאָ־טיך...“ נישט בלויז מאַטעלע איז געווען אַ שוואַכער קענער פון פּויליש (וואָס האָט אים נישט געשטערט צו פירן דעם מסחר אין גרויסן פאַרנעם), נאָר אויך דער רעסטאָראַן־אייגנטימער מלך גאָלדפאַרב, (מלך אסתרס), וועלכער האָט נישט מורא געהאַט צו זאָגן אַ קריסטלעכן גאַסט „אידזש דאָ וויעלקאַ כאַליעראַ“, ווען יענער האָט אים פאַרגעוואָרפן, אַז דאָס עסן איז נישט פריש...

איך וויל נאָך דערמאָנען דאָס אייזן־געשעפט פון יעקב גאָלדשטיין, די סאַפּירשטיינס מיטן פאַיאַנס־געשעפט, די קצבים חיים גאָלדבערג, משה ריקער, משה גאַרוואָלינער (באַסקי), ראובן קאַרפּמאַן, חיים שמיע־טאַנקע, חיים פישער (קלעמבערג), דעם בעקער מרדכי אַקערמאַן און זיינע ברידער פיניע און שמואל־יאָסל; יצחק לאַטאָוויצקי און מיינע דריי טייערע ברידער — משה, פיניע און שלום רינג.

אַז כ׳בין שוין צוגעקומען צו מיינע ברידער, זאָל מיר דערלויבט זיין צו שילדערן די געשטאַלט פון מיין אומפאַרגעסלעכן פאָטער ע״ה.

## מיין פאָטער

אויף האַנדלאָווע 17 האָט זיך געפונען דאָס געשעפט פון זייגערמאַכער און גאָלדשמיד יצחק רינג, מיטן גרויסן זייגער, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ שטאַנג איבערן געשעפט. דער ייד האָט געלעבט נישט בלויז פאַר זיך און זיין משפחה, נאָר טעג און נעכט אַוועק־געגעבן פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — אין האַנט־ווערקער־פאַראיין, וווּ ר׳האָט צוזאַמען געאַרבעט מיט משה קעמפּנער, גרשון זשעבראַק און אַנדערע; ער איז אויך געווען איינער פון די גרינדער פון „באַנק האַנדלאָווי“, און אַ סך יאָרן געהערט צו דער פאַרוואַל־טונג, צוזאַמען מיט מענדל ווייספּאַטער, פיניע ראָזענ־בערג, בערעק טוגענטמאַן, חיים־יאָסל פרידמאַן, וועל־וול יעלען און אַנדערע.

יצחק רינג איז געווען אַ באַשיידענער — אין פּרי־וואַטן לעבן, ווי אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. דערצו נאָך — אַ ייד אַ למדן, נישט איין אָוונט פלעגן זיינע חסידים אַרויפקומען צו אים אין שטוב און דאָרט זיך אָוועקזעצן ביי אַ בלאַט גמרא, צי ביי אַן אַנדער ספר. איך אַליין בין נישט געווען קיין לערנער, נאָר ליב געהאַט זיך צוצוהערן צום לערנען פון מיין פאָטער מיט זיינע פריינד. באַזונדערס האָט ער גע־האַלטן פון מענדל פּשעזשאָרסקיס לערנען...

מיין פאָטער איז געווען אַ קאָלושינער חסיד. הגם אין די לעצטע יאָרן איז ער נישט געווען איבערגע־טריבן פרום, איז ער דאָך פאַרבליבן אַ געטרייער אַנהענגער פון זיין רבין שמואל מאָרדכעלע. פאַר־שטייט זיך, אַז ער האָט געדאַוונט ביים רבין און מיר האָבן געמוזט מיט אים מיטגיין. מיין עלטערער ברו־דער און איך האָבן זיך גענומען בונטעווען. מיר האָבן נישט געהאַט קיין חשק צום דאַווענען, דערצו נאָך אין אַ רבינס שטיבל. נאָך האַרבע וויכוחים, באַגלייט אַמאָל מיט קלעפּ, האָט מיין פאָטער איינגעזען, אַז מיר זענען פאָרט גערעכט. אַנדערע ווינטן האָבן דאַן אָנ־געהויבן בלאָזן אין פאַלעניץ. מיר זענען אויך נישט געווען געקליידעט חסידיש, נישט געטראָגן קיין פּאות. דעריבער האָט אונדזער פאָטער מסכים געווען, אַז מיר זאָלן דאַווענען אין בית־המדרש, ווו חזן איז געווען שמעון־הערש שוחט. זיין דאַווענען און ניגונים קען איך ביז היינט נישט פאַרגעסן.

די דערינערונגען וועגן מיין טאַטן ע״ה, וויל איך פאַרענדיקן מיט דער שילדערונג (אין פערזן) פונעם זייגער — אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון דער פאַלע־ניצער לאַנדשאַפט, אַ רעקוויזיט פון דער האַנדלאָווע גאַס, וועלכע כ׳האָב פריער געשילדערט — און דער סימן מובהק פון מיין טאַטנס באַשעפטיקונג... מיין טאַטנס זייגער...

אויף דער יידישער האַנדלס־גאַס / מיין טאַטנס זייגער הענגט... / אויף דער אייזערנער שטאַנג / ער הוידעט זיך, וויינט און בענקט.

טיילמאָל ווערן פאַרגליווערט די ווייזערס / דאָס שפּינדל גיט זיך קיין ריר. / די רעדער — אַזוי ווי די מתים, / נאָר די ציפערן לעבן ווי פריער.

שטיי איך מיט פאַרגלייזטע אויגן / און דאָס האַרץ פון וויטיק שניידט / מ׳הערט נישט מער דעם זיי־גערס ניגון / מ׳הערט נישט ווי דער זייגער גייט.

מיין טאַטע פלעגט אים אָפט פוצן / נישט געלאָזט קיין שטויב אויף אים. / ער האָט נישט געקענט פאַר־טראָגן, / אַז דער זייגער הענגט אַמאָל קרום...

ווי אַ ליכט פון אַ טורעם פאַר יעדן / האָט דער זייגער געשיינט — / ווי אַ מאַמע צו קינדער, / ווי אַ חבר און אַ פריינד.

אַזוי זיך געלעבט יאָרן / מיט זיין פרייד און גלאַנץ. / מיט זיין שעה איז מען צום באַן געפאָרן / פריילעך, ווי צום טאַנץ...

עס פלעגט אויך אַמאָל טרעפן, / אַז דער זייגער איז געוואָרן קראַנק. / האָט דער טאַטע נישט געלאָזט די היץ זיך הייבן / און אים צוריק געשטעלט זיין גאַנג.

ווייל מיין טאַטע איז צו די זייגערס / ווי אַ דאָק־טאָר צו קראַנקע געווען. / מיט שפּאַקטיוול האָט ער די מחלה / אינעווייניק באַלד דערזען.

אַזוי האָט דער זייגער אַ שטעטל געהיטן / תמיד געשטאַנען אויף דער וואַך. / יעדע שעה ר'האָט אויסגעשלאָגן / סיי ביי־טאָג, סיי ביי־נאַכט.

נאָר בייזע מענטשן, / געקומען פון טייך רהיין / האָבן דעם זייגערס שטאַנג / איבערגעלאָזן אַליין...

מ'זעט נישט מער דעם זייגער זיך וויגן / מ'הערט נישט מער זיין שטילן גאַנג / אין טרויער פאַרבליבן זיין ניגון / פאַרשטומט אויף אייביק זיין קלאַנג.

געוועזן ביי מיין טאַטן אַ זייגער /מיט גרויסע ווייזערס צוויי / אייביק וועל איך אים געדענקען / און בלייבן זיין אָנדענק טריי...

## מענטשן פון פאָלק

איך האַלט אויך פאַר מיין חוב צו דערמאָנען — אין די ראַמען פון מיין „שפּאַציר איבער פאַלעניץ" — עטלעכע פּשוטע יידן, פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן געפירט זייער ערלעך האָרעפּאַשנע לעבן. צו די דאָ־זיקע געשטאַלטן געהערן: חיים־יאָסל פרידמאַן, אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים און אַ ביסל געלט. פּונקט ווי ער האָט געשמט מיט זיין רייכטום, אַזוי האָט ער אויך געשמט מיט זיין גוטקייט און פּשוטקייט. קיינמאָל נישט געגרויסט זיך מיטן יחוס און מיט דער עשירות, געווען צוגעלאָזן צו יעדן איינעם. מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז פרידמאַן געווען פון די ערשטע געליטענע. ערב ראש־השנה 1939, האָט ער בעת אַ באָמבאַר־דירונג פאַרלוירן זיינע זין הערש, שיעקע און מנחם, ווי אויך זיין איידעם.

און ווי קען מען פאַרגעסן אַזאַ געשטאַלט ווי וועלוול יעלען, מיט זיין גרויסן סקלאַד פון האָלץ, פּלעצער און ווילדעס — גלייכצייטיק מיט גרויסן יידישן וואָ־רעמען האַרץ. ער איז געווען אַ ייד פון פאָלק, מיט אַן אָפענער האַנט און אָפן האַרץ.

אביש לאַטאָוויצקי — אַ גראָדזשיסקער חסיד, אַ פרומער, וועלכער האָט געזען פאַר זיך נאָר איין וועלט — די וועלט פון תורה. דאָך האָט ער נישט פאַרגעסן זיין פליכט אַלס מאַן און פאָטער, געזאָרגט פאַר פּרנסה. טאָג און נאַכט איז ער געווען באַשעפ־טיקט אין פאַבריקל פון סאָדע־וואַסער. אַז ס'איז געקומען שבת און יום־טוב, איז דעם ייד נישט געווען צו דערקענען. ר' אביש האָט זיך אויסגעפּוצט אין זיין זיידענער קאַפּאָטע, שיין צעקעמט די באָרד און אַ שטראַלנדיקער און שטאָלצער שפּאַצירט איבער די פאַלעניצער גאַסן. הגם ער איז געווען אַ פרומער און אָפּגעהיטענער ייד, איז ער דאָך נישט געבליבן קיין פאַנאַטיקער. זיינס אַ וואָרט האָט געשפּרודלט מיט וויסן, חכמה און טאָלעראַנץ. מיט איין וואָרט — אַ ייד צו גאָט און צו לייט.

און ווידער טויכן אויף אין זכרון אַזעלכע געשטאַלטן, ווי משה טיקאָטשינסקי, אייגנטימער פון אַן אייזן־געשעפט; יחזקאל ברוך און מענדעלע שעד־לעצקי — שטענדיק פריילעכע, געשיט מיט וויצן.

לאָמיר אויך דערמאָנען די צימליכס: לייזער־נח, מרים טובה, מלך, הערשל, שפרה מיטן מאַן און קינד, שרה מיט אירע קינדער, לאהקע מיטן מאַן און קינדער, יאַנקל. און די אַנדערע פאַמיליע צימליך: הערש־בונם מיט דער פרוי און קינדער. די אַלע האָבן געשמט מיט זייער אָרנטלעכקייט און גוטסקייט, שטענדיק גרייט געווען צו העלפן אַנדערע.

כ'וויל נאָך דערמאָנען ברוך אידלשטיין (פישער), פייוול בלאַכאַזש מיט זיין פרוי מלכה און קינדער, בוטלינסקי שלמה און מינדל מיט זייערע קינדער; הערש־מאָטל מושינסקי מיט זיין פרוי חוה מעלמאַן און קינדער, וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען. די גאָלדבערגס: מאָטקע, נח, רוזשקע, שמערל, איטשע, אברהם און פרוי.

אין פאַלעניץ זענען געווען גוט באַקאַנט דריי חברה־לייט (אַ מין „הולטאַיסקאַ טרויקאַ") — בערל אַקט־מאַן, משה קאַליביעלער און אהרון טשאַפּ. זיי האָבן פאַרמאָגט הומאָר און חכמה. אויסער אַ קלוגע עצה, האָט מען פון זיי אויך געהערט גוטע וויצן.

## דער אומפאַרגעסלעכער חבר

אין יאָר 1929 איז פון שטעטל סאָביען געקומען קיין פאַלעניץ די פאַמיליע פריימאַן און דאָ זיך באַ־

זעצט. איינער פון די קינדער, מאיר, אַ 15יאָריקער יונגערמאַנטשיק, מיט אַ שיין געזיכט, געקליידעט אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און אַ ידיש היטעלע, האָט פאַרמאָגט זעלטן שוואַרצע און קלוגע אויגן. מיט דעם מאירן האָב איך זיך אָנגעהויבן חברן, הגם ער איז געווען עטוואָס יינגער פון מיר. זיין פאָטער איז געווען אַ שטרענג פרומער ייד, די מוטער — אַ קראַנקע פרוי, וועלכע איז אויך ניט מיטגעגאַנגען מיט דער נייער צייט. זיי האָבן געהאַט — אויסער מאירן — אַ טאָכטער און נאָך דריי זין.

מאירס פאָטער איז געווען אָנגעשטעלט אין בליימאַנס בעקעריי אין וואַרשע און פון זיין געהאַלט האָט די משפחה זיך מפרנס געווען בכבוד. זיין פאַרברענגען אין וואַרשע און די לעבנס־חכמה האָבן אים באַוויזן צו זיין טאָלעראַנטער און צו האָבן מער איינזען פאַרן דרך מיט וועלכן עס האָט זיך געלאָזט מאיר.

אַ דאַנק מיין השפעה, איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער קאָמוניסטישער יוגנט, שפּעטער — אין דער פּאַרטיי. דערפאַר איז ער געווען צו מיר צוגעבונדן, געהאַלטן מיך פאַר זיינעם אַ לערער און דערציער. כ׳האָב אים אויך געהאָלפן שטעלן די ערשטע טריט אין דער פאַר אים פרעמדער שטאָט. ער איז געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער אין אונדזער שטוב און דאָ זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים.

אין דער באַוועגונג איז ער געווען זייער אַקטיוו, נישט אָפּגעזאָגט זיך פון די שווערסטע און ריזיקאַלישסטע אויפגאַבן. אין דער פּאַרטיי איז ער באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען מאַיאָרעק. דיסציפּלינירט און אַקטיוו, אַ פריילעכער און גוטער, האָבן אים אַלע ליב געהאַט.

זיין פאָטער האָט יאָ געוווסט וואָס עס קומט פאָר מיט מאירן, ער האָט אים בלויז געבעטן, אַז די מאַמע זאָל פון גאָרנישט וויסן, זי איז קראַנק און מע דאַרף זי נישט אויפרעגן.

מאַיאָרעק איז אַריינגעפאַלן אין פּאָליציייאישע הענט, נאָך דעם ווי אין אָטוואָצק איז אויסגעפירט געוואָרן אַן אַטענטאַט אויף אַ פּראָוואָקאַטאָר. דער לעצטער איז בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק, בעת די אָנטייל־נעמער אין אַטענטאַט האָט מען פאַרמשפּט אויף לאַנגע יאָרן תפיסה. אויך מאירל האָט באַקומען 8 יאָר תפיסה, נאָך די אַפּעלאַציע האָט אים פאַרקלענערט דעם אורטייל ביז 3 יאָר, וועלכע ר׳איז אויסגעזעסן.

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, איז מאַיאָרעק אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק, ווו ער האָט אַ געוויסע צייט געאַרבעט ביי די סאָוויעטן אַלס תפיסה־וועכטער. אין 1941, ווען דייטשלאַנד איז באַפאַלן רוסלאַנד, האָט מאַיאָרעק נישט באַוויזן צו אַנטלויפן — און ר׳איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָק.

## דער בלוטיקער מבול

אַזוי איז פאַרבליבן אין מיין זכרון דאָס שטעטל פאַלעניץ מיט איר׳ע יידן — ביז עס איז געקומען דער בלוטיקער מבול און אַלץ אַראָפּגעשווענקט.

איך געדענק ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן אין פאַלעניץ די צווייטע וועלט־מלחמה. שוין פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, האָב איך באַלד אין דער פרי געהערט אַ שטאַרקן אויפרייס. כ׳האָב געפרעגט דעם פּאָליציאַנט וואָס דאָס באַטייט, אָבער זיין ענטפער איז געווען אַ נישט־קלאָרער. דערווייל האָט אויף דער האַנדלאָווע גאַס זיך צונויפגעזאַמלט אַ המון מענטשן, יעדער — מיט שרעק אין די אויגן, זיי האָבן נישט געוווסט צו וועמען זיך צו ווענדן, בעת די דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן געזייט טויט אויף די וועגן, אין די שטעט און קלענערע ישובים. די באַן־רעלסן פון פאַלעניץ קיין מיכאַלין זענען שוין געווען אויפגעריסן און די ערשטע מענטשלעכע קרבנות זענען געלעגן אין פאַרשידענע ערטער. גייענדיק אַזוי לענגאויס דער אויפגעריסענער באַן־ליניע, האָב איך ווידער דערהערט אַ געוויש פון אָנפליענדיקע עראָפּלאַנען. פון דערבייאיקן וועלדל האָט זיך דערטראָגן אַ שיסעריי. מיט אַמאָל האָט איין עראָפּלאַן זיך אָנגעצונדן און האַסטיק־שנעל אָנגעהויבן זיך אַראָפּלאָזן. נישט אַנדערש — ער איז געטראָפן געוואָרן פון אַ פּוילישער קויל. אָט שטויסט זיך שוין צונויף דער שטאָלענער פויגל מיט דער ערד, אַן אויפרייס, אַ געדיכטער רויך־וואָלקן — און מען לאָזט זיך לויפן אַהין. דאָ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַזאַ בילד: צוויי דייטשישע פליער זענען האַלב פאַרברענטע געלעגן אויפן פעלד, נישט ווייט פונעם צעשמעטערטן עראָפּלאַן. זייערע ביידנס קעפּ האָבן זיך געוואַלגערט אין אַ זייט, אַנדערע גלידער זענען געווען אָפּגעריסן פון גוף. מען האָט אין די דאָזיקע פליער געזען טאָקע מערדער, נאָר אין אַנבליק פון צוויי יונגע לעבנס, וואָס זענען אומגעקומען ביי אַזעלכע אומשטענדן, האָט

יעדן אַנוועזנדיקן אַ־זומגענומען אַ גרויל, טראָץ די פּאַרהאַסטע מונדירן מיט די האַקנקרייצן, וועלכע זענען איצט געווען איינגעטונקען אין בלוט. לויט דעם דאָזיקן אָנהייב, האָט מען געקאָנט פּאַראויסזען די טראַגישע פאָלגן פון דער מלחמה.

עס האָט זיך דערנענטערט ראש־השנה. יידן האָבן אָנגעהויבן האָפן און גלויבן, אַז צום נייעם יאָר וועט זיי געלונגען אויספּועלן ביים רבונו־של־עולם אַ גוט יאָר, און דאָס וויכטיקסטע — אַ סוף צום קריג. מיר האָבן דאַן געוווינט אין מיכאַלין, ווייל מען האָט מורא געהאַט צו געפינען זיך אויף דער האַנדלאָווע גאַס. איך בין געזעסן מיט עטלעכע יידן אויף דער טעראַסע און געשמועסט. מיט אַמאָל דערהערט זיך ווידער דאָס באַקאַנטע הודזשען פון עראָפּלאַנען. 9 שטיק האָבן זיך באַוויזן אויפן לויטערן הימל. נאָר אָט לאָזן זיי זיך אַראָפּ מיט אַ בליץ־שנעלקייט. דאָס גערויש פאַרטויבט אַלעמען. מיר ציען זיך אויס אויף דער ערד — און שוין דערהערט זיך אַ מוראדיקער אויפרייס. ערשט אַז ס'איז שטיל געוואָרן, האָבן מיר זיך אויפגעהויבן אין דערזען ווי אַ שטאַרקער רויך־וואָלקן מיט פייער־צונגען רייסן זיך אַרויס פון פרידמאַנס ווילע. צוקומענדיק נענטער, האָט מען דערזען אַ בילד, וואָס איך קאָן נישט פאַרגעסן ביזן היינטיקן טאָג: לעבן אַ בוים זענען געלעגן דערהרגעטע פרידמאַנס צוויי זין: שיעקע און מנחם, מיט האַלב־פאַרברענטע און צעריסענע קערפּערס; נישט ווייט פון זיי איז געלעגן פרידמאַנס איידעם מיט זיין יינגל. זייערע קערפּערס זענען געווען אַדורכגעלעכערט מיט די קוילן פון מאַשינגעווער, פון וועלכן די דייטשע פליער האָבן נאָך באַשאָסן זייערע קרבנות. ביים אַריינגאַנג אין הויז, איז געלעגן טויט דער עלטסטער זון הערש. זיין רוקן איז געווען צעריסן פון אַ באָמבע־שפּליטער. און אינעווייניק אין שטוב איז די אַלטע מוטער געלעגן אַ פאַרוווּנדעטע. בלויז דער אַלטער פרידמאַן און זייער יונגע טאָכטער זענען אַרויס אומבאַשעדיקט פון דעם אָנפאַל.

נישט ווייט פון דער ווילע האָבן זיך געהערט די דערשיטערנדיקע געשרייען פון אַ פויער, וועמען ס'האָט אָפּגעריסן ביידע פיס. „זליטוּויטשע שיען נא דעמנאָן — זאַסטשעלטשע מניע!" („האָט אויף מיר רחמנות, דערשיסט מיך") — האָט ער געיאָמערט איז שרעקלעכע יסורים. אַרום האָבן זיך געפונען נאָך פאַרוווּנדערטע, וועלכע האָבן מיט קרעכצן און געשרייען געבעטן הילף. ס'איז אָבער נישט געווען צו וועמען זיך צו ווענדן. די פּוילישע רעגירונג איז שוין פון לאַנג געהאַט אַנטלאָפן און אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר. די לאָקאַלע מאַכט האָט שוין נישט עקזיסטירט.

דאָס איז געשען ערב־ראש השנה 1939. דערנאָך איז צוגעפאַלן די נאַכט און פאַרציטערטע יידן זענען אוועק צו דער ראש־השנה תפילה. פון דרויסן האָבן זיך געטראָגן אָפּהילכן פון שיסערייען. די מלחמה גייט נאָך אָן, דעם דייטש ווערט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. מ'האָט זיך ענדלעך דערוואַרט דעם טאָג. דער ערשטער טאָג ראש־השנה. אָבער נישט צו תפילות איז איצט דער קאָפּ. מען דאַרף אויפרוימען די טויטע, פאַרנעמען זיך מיט די פאַרוווּנדעטע, נישט דערלאָזן צו קיין חילול המת. אויף צוויי וועגענער האָט מען צונויפגענומען די דערהרגעטע, אַוועקגעפירט אויפן בית־הקברות און אין איין ברודער־קבר זיי באַערדיקט. אַלע האָבן יאָמערלעך געוויינט, ווען דער אַלטער פרידמאַן האָט געזאָגט קדיש...

פון יענעם טאָג האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גהינום פאַר די פּאָלעניצער יידן אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע.

# וויאַנזאָווּנע, שיין אָרעם שטעטל...

יאַנקל פאַנטשעק
פאַריז

מיט 25 יאָר צוריק האָב איך פאַרלאָזט מיין געבורט־שטעטל וויאַנזאָווּנע — און טויזנטער פּעדים בינדן מיך ביזן היינטיקן טאָג מיט דעם דאָזיקן אָרט, ווו כ'האָב געשטעלט מיינע ערשטע טריט אין לעבן, ווו מ'האָט געלערנט אין חדר, אָנגעהויבן לייענען ביכער און געקומען צום באַוווּסטזיין.

מייע זכרונות זענען אָפּגעריסענע, פראַגמענטאַרע, ווייל נאָך אַזאַ לאַנגן צייט־אָפּשניט, איז שווער צונויפ־

צושטעלן אַן אויספּירלעכע און אַלץ־אַרומנעמענדיקע געשיכטע פון שטעטל. איך וויל אָבער האָפן, אַז די קורצע שילדערונגען וועלן דעם לייענער פון פאַלעניצער יזכור־בוך געבן אַ באַשטימט בילד פונעם לעבן און אומקום פון אַ קליינטשיקן ייִדישן ישוב אין פּוילן, וועלכער האָט געטיילט דעם ביטערן גורל פון ענלעכע ייִדישע ישובים.

## מיט דער הילף פון פאלעניץ

אין אַ מרחק פון אַ 6—8 קילאָמעטער פון פאַלעניץ און אָטוואָצק, איז זיך געלעגן אַ קליינער ישוב וויאַנזאָווע, וועלכער האָט געציילט אַ 250 פאַמיליעס. די 4 ייִדישע געוועלבער האָבן באַזאָרגט מיט עסנוואַרג און אַנדערע אַרטיקלען פון ערשטן געברויך די איינוווינער פון שטעטל, ייִדן און קריסטן, דער עיקר — אויף באָרג. מ'האָט געשריבן אין די ביכער — און יעדער פּרייטיק פאַרנאַכט זענען די בעל־הביתטעס געלאָפן זיך אָפּרעכענען, באַצאָלן דעם חוב, אָדער אַ טייל פון אים, כדי פון אָנהייב צווייטע וואָך ווידער נעמען „אויפן בוך".

זונטיק פרי, ווען די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער זענען געקומען אין קלויסטער אַריין, האָבן זיי נאָך דער תפילה נישט פאַרגעסן זיך איינצוקויפן אין די געוועלבער אַלץ אין וואָס זיי האָבן זיך געניי־טיקט אין דאָרף. ביי דער געלעגנהייט האָט מען שוין באַזוכט איטשע־מאירן דעם שניידער, כדי זיך באַשטעלן אָדער מעסטן אַ קאַפּאָטע, אַ פּאָר הויזן, אַ רעקל, צי אַ קאַזשוך. אַז דער שניידער איז גראָד נישט געווען אין דער היים, האָט זיי אויפגענומען דער שטומער זון זיינער — און ער האָט נישט געלאָזט אַוועקגיין דעם פּויער, ביז ר'האָט אים נישט אויף שטום־לשון דערציילט אַלץ וואָס איז פאַרלאָפן אין שטעטל אין משך פון דער לעצטער וואָך. דער פּויער האָט דערפון גאָרנישט פאַר־שטאַנען, אָבער „אויסהערן" האָט ער געמוזט...

געווען אין שטעטל אַ ייִדישע מיל, דאָס אייגנטום פון צוויי שותפים: אברהם מילנער, מיט זיין שוואַרצער באָרד, וועלכע פלעגט אָפּט זיין פאַרוויסט פונעם מעל־שטויב. ר' אברהם האָט שטענדיק געדאַוונט אין שול, זיצנדיק ביי דער מזרח־וואַנט, לעבן רב; דער צווייטער שותף איז געווען דער קליינער בוים, אַ שוואַגער פון לייזער גוי...

פאַר וואָס עפּעס „גוי", אַז אין דער אמתן האָט דער לייזער געהייסן פּאַסעסאָרסקי? דער צונאָמען איז אים געגעבן געוואָרן דערפאַר, ווייל ער האָט געוווינט ביי דעם פּאָליאַק סטאַשעק וואָיציגין. אין שטעטל האָט מען זיך געפרעגט: היתכן, ווי קומט עס אַז אַ ייִד זאָל זיך דינגען אַ קוואַרטיר ביי אַ פּאָליאַק — און נישט ביי קיין ייִד? איז ער שוין געבליבן ביים נאָמען לייזער גוי...

אגב, האָט סטאַשעק וואָיציגין און זיין פרוי אויסבאַ־האַלטן עטלעכע ייִדן בעת דער אָקופּאַציע, ריזיקירנדיק מיטן אייגענעם לעבן. זיי האָבן אין יענע שרעקלעכע טעג אַרויסגעוויזן רירנדיקע מענטשלעכקייט.

## מיין חבר ברוך

יעדן פרילינג האָבן די וואַסערן פאַרפּליִצט די אַרומיקע פעלדער פון וויאַנזאָווע און ס'איז געווען פאַר מיר אוממעגלעך צו שפּאַצירן שבת נאָכן עסן מיט מיין חבר ברוך ניסענבוים, וועלכער איז אין די שפּע־טערדיקע יאָרן, אַלס פרייוויליקער אָנטיילנעמער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע וואָס האָט געקעמפט אין שפּאַניע אין יאָר 1936, געפאַלן ביי באַרצעלאָנע. צוליב די וואַסערן, האָט די טראַסע פון שפּאַציר געמוזט געענדערט ווערן. ברוך האָט מיך אָפּגעוואַרט אויף יענער זייט בריקל, ביי ניימאַנס פּאַלאַצל, ווו מיר האָבן זיך געטראָפן און שעהן־לאַנג שפּאַצירט. קיין טעמעס צום ריידן האָבן נישט אויסגעפעלט. אונדזער רבי, מאָטל מלמד, האָט נישט איין מאָל אָנגערופן אין חדר מיך מיט ברוכן „פּושעים, גויים, אַנשטאָט תורה — פאַרנעמט איר זיך מיט נאַרישקייטן"...

ברוך איז געווען אברהם מילנערס זון — און געהאַט דעם זעלבן טעמפּעראַמענט וואָס דער טאַטע. אַ קעמ־פערישע נאַטור געווען. איין מאָל, ווען מיר האָבן שפּאַצירט אויפן פעלד, האָט ער מיר צוגעזאָגט צו ברענגען דעם צווייטן שבת אַ בוך — „די ווילדע צילקע" פון ז. סעגאַלאָוויטש. ער האָט געהאַלטן וואָרט. זענען מיר שוין געלעגן און געלייענט, פּשוט געשלונגען יעדעס וואָרט.

אַ געוויסן טאָג האָט מיך ברוך איבערראַשט. ער פאַרלאָזט וויאַנזאָווע צוזאַמען מיט דער משפּחה. זיין טאַטע האָט איינגעזען, אַז דאָס שטעטל ליגט צו נאָענט פון לובלינער שאָסיי, דער הויפּט־טראַקט קיין וואַרשע. און דאָרט ווי ס'איז אַ הויפּט־טראַקט, האָט מיליטער ליב צו מאַרשירן, באַזונדערס אין מלחמה־צייט. דער

צאַר ניקאָליי האָט נאָך באַפוילן לייגן דעם שאָסיי דורכן פּאַלעניצער וואַלד, וואָס איז פּאַראייניקט געוואָרן מיטן לובלינער וועג. מיט איין וואָרט — וויאָנזאָווונע איז אַ וויכטיקער סטראַטעגישער פונקט, און ס'איז געזונטער צו זיין פון אים וואָס ווייטער. האָט טאַקע ברוכס פאַמי־ליע זיך אַריבערגעקליבן קיין וואַרשע, אויף דלוגע 57. מיין חבר איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אין די רעוואָ־לוציאָנערע אַרבעטער־קרייזן אין דער הויפּטשטאָט אלס „באָבריש".

## ליכט און וויסן דרינגט אַריין אין שטעטל

דאָס שטעטל האָט זיך אַנטוויקלט, אין עקאָנאָמישן ווי אין קולטורעלן זין. אין די אנטשטאַנענע וואַרשטאַטן האָבן זיך באַוויזן אַרבעטער, דער דראַנג צו קולטור און וויסן האָט זיך פארשטאַרקט ביי דער יוגנט. די נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אויך אין וויאָנזאָוונע. עס געדענקט זיך גוט מיין פעטער שימעלע שוסטער, (13 קינדער!), שמואל ביילעס, דער שניידער אֶלי, יאָדלאַק, דער קיעלצער הענדלער הענעך פּאָנטשעק, דער בעקער מיט זיין בני־בית (12 קינדער!) און דער עלטסטער פון דער חברותא — יהונתן טישלער מיט זיינע פינף זין, אַלע גוטע סטאָליאַרעס. זיי האָבן געהאַט אינטערעס און ווילן צו לייענען און לערנען. די אָפטע צונויפטרעפן זענען אין אָנהייב געווען צופע־ליקע, אָן וועלכער ס'איז אָרגאַניזאַציאָנעלער ראַם. מ'האָט געלייענט אַ בוך, דיסקוטירט, באַהאַנדלט פּראָב־לעמען פון אַלגעמיינעם און יידישן לעבן. מיר האָבן אָבער געפילט, אַז ס'איז נייטיק איבערצוגייך אויף אַן אַנדערן עטאַפּ פון טעטיקייט — און מ'האָט זיך געווענ־דעט קיין פאלעניץ נאָך הילף.

און די הילף איז שנעל געקומען. פאלעניץ האָט גע־שיקט אַ רעדנער אויף אַ געוויסן שבת, מיט נאָך עטלעכע באַגלייטערס. וויאָנזאָוונע איז געגאַנגען אויף רעדער. מיר האָבן זיך געגרייט ווי צו אַ גרויסן יומטוב. און דער רעדנער האָט „דערלאַנגט": וועגן שלום אַש, וועגן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס, וועגן דער פּוילישער רעגירונג, אָקטאָבער־רעוואָלוציע און נאָך און נאָך. אין דעם אויסגעפּוצטן לאָקאַל, וועלכן די חברטעס האָבן באַצירט מיט פרישע פעלד־בלומען, האָט מען נישט געהערט אַזעלכע רייד. די שפּאַנונג וואַקסט. און ווען מען דערלויבטריידן דעם עולם — הערט מען פאַרשידענע רייד. די ברידער בנימעלע און לייזער (ביידע בעקערס) זאָגן, אַז זיי אינטערעסירט נישט דער אַרבעטער־קלאַס אויף דער וועלט, נאָר אַז זייער ברויט זאָל נישט פארברענט ווערן אין אויוון און אַז דאָס געבעקס זאָל אינגאַנצן פאַרקויפט ווערן... דער שניידער וויל וויסן ווי עס האַלט מיט זיין פאַך אין וואַרשע. צו די פראַגן און רעפּליקעס נעמט נישט קיין סוף. באַשליסט מען ווידער פאַרבעטן די פאלעניצער, זאָל זיין אַ רעפעראַט מיט פראַגן און ענטפערס...

ווי עס זאָל נישט זיין, קומט פאלעניץ די בכורה אין אַריינברענגען קיין וויאָנזאָוונע ליכט און וויסן, קלאַסן־באַוווּסטזיין און אפילו קלאַסן־קאַמף.

## דער פּאָליציאַנט גורסקי

אַזאַ טיפּ ווי דער וויאָנזאָוונער פּאָליציאַנט גורסקי איז ווערט באַשריבן צו ווערן אין אַ באַזונדער קאַפּיטל. אין די באַדינגונגען פון פארמלחמהדיקן פּוילן, האָט אַזאַ פאַרשוין זיך געפירט ווי אַ סאַטראַפּ. ער האָט נישט געלאָזט קיין יידישע יוגנטלעכע שפּאַצירן אויפן גאַס, ער האָט יעדן פון זיי פאָראויסגעזאָגט לאַנגע יאָרן תפיסה, געשלאָגן מיט דער נאַהייקע, וועלכע האָט זיך שטענדיק געשאָקלט אין זיין האַנט.

דעם 26טן אפּריל 1934, האָט גורסקי מיך אַרעסטירט צוזאַמען מיט מיין חבר שבח צווערגבוים (היינט אין חיפה). ער האָט אונדז אָנגעטאָן קייטעלעך אויף די הענט און אויסער דעם צוגעשמידט איינעם צום צווייטן און עטלעכע מאָל באַפוילן אַדורכשפּאַצירן דאָס שטעטל, זאָל קהל זען וואָס גורסקי קען. ער איז געווען זיכער, אַז נאָך דעם ווי ער האָט אונדז אָפּטראַנספּאָר־טירט קיין וואַרשע אויף דאַנילאָוויטשאָווסקע, צו דער געהיים־פּאָליציי, וועלן מיר זיך אומקערן קיין וויאָנ־זאָוונע ערשט אין א... זעקס יאָר אַרום. אַזוי האָט ער זיך באַרימט פאַר די יידן אין שטעטל. גרויס איז אָבער געווען זיין אנטוישונג, אַז נאָך פיר וואָכן זענען מיר צוריק געקומען. נישט געווען קיין באַוויזן, נישט געווען פאַר וואָס צו משפטן. גורסקי האָט געברענט פאַר כעס. ווי איז עס מעגלעך? האָט ער זיך נוקם געווען אין די יידישע קרעמערס און בעלי־מלאכהס פון שטעטל. אַז מאיר ברוכס האָט געהאַלטן אָפן דאָס געוועלב מיט 10 מינוט שפּעטער — צאָל 20 זלאָטעס. דאָס זעלבע — ברוך בעקער, הלמאי אויף איין ברייטל איז נישט געווען אַרויפגעקלעבט דאָס קוויטל. אַז שימע־לע שוסטערס קאָזע האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם שטריק — קאָסט עס אויך 20 זלאָטעס שטראָף..

אין יענער צייט, ווען דער צעיושעטער גורסקי האָט גערודפט יידן צוליב זיין דורכפאַל מיט אונדזער אַרעסט, פלעגט ער אין די אָוונטן זיך אַוועקשטעלן הינטער די פאַרמאַכטע לאָדנס און זיך צוהערן וואָס מען רעדט. אַז ביי לייזערן אין שטוב זענען געזעסן עטלעכע יוגנט־לעכע און געלייענט אויפן קול שפּינאָזאַס „עטיק" — איז עס דאָך אין זיינע אויגן אַוודאי געווען „קראַמאָליע". און אַזוי ווי די וויציגינס זענען געווען לינק געשטימט און דערצו נאָך זיך געחברט מיט יידן — דאַרף מען אויך זיי באַשטראָפן. קיין געלעגנהייט פעלט נישט: אַט האָט זי געלאָזט אָפן איינעם פון אירע בינשטאָקן, אַ דורכגייער קען נאָך צעביסן ווערן דורך אַ בין... מילא, זאָל זיין 10 זלאָטעס שטראָף.

אַזוי האָט דער פּאָליציאַנט גורסקי געווילדעוועט אין וויאַנזאָוונע...

## אין יאָר 1939

די קליינע צאָל יידישע יוגנט וואָס איז געווען אין וויאַנזאָוונע אין יאָר 1939, איז דעם 1טן סעפּטעמבער מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי. מ'ר זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין פּראַגע, אויף דער יאַגיעללאָנסקע, באַקומען דאָרט מונדירן און אַלטע פראַנצויזישע ביקסן, וועלכע האָבן, אַ סברה, געשטאַמט נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. באַוואָפנט מיט דעם געווער, האָבן מיר הילפלאָז זיך צוגעקוקט צו די שטורמישע און אָפטע באָמבאַרדירונגען פון פּוילנס הויפּטשטאָט. די דראַמאַטישע און פאַרצווייפלטע רופן פון שטאָט־פּרעזידענט סטאַזשינסקי האָבן טאַקע דער־מוטיקט די פאַרטיידיקער פון וואַרשע, זיי זענען אָבער נישט געווען בכוח אָפּצוהאַלטן דעם אַריינמאַרש פון שונא אין שטאָט. פיר וויאַנזאָוונער — איך און מיין ברו־דער מאָטל, יאָסל ראַכמאַן און יאָסל ריטקער, זענען אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. לעבן דער ציטאַדעלע האָט מען אונדז געלאָזט ליגן אויפן בלויזן פעלד, מיט נאָך טויזנטער קריגס־געפאַנגענע. נאָך פינף טעג אָפּליגן אויף דער נאַסער ערד, דערהערט מען מיט אַמאָל אַ באַפעל: „אויפשטיין, פּאָלנישע שווינע!" — און מען טראַנספּאָרטירט אונדז אָפּ קיין גער צו גראָבן טאָרף.

## אומקום און ווידערשטאַנד

אין יאָר 1940 האָט מען אָנגעהויבן ווייזן די יידן וואָס די דייטשן טראַכטן מיט זיי צו טאָן. אין וויאַנזאָוונע איז נישט כדאי אויפצושטעלן אַ געטאָ. אַ צו קליין אָרט. די אַרטיקע יידן ווערן פאַרטריבן קיין פּאַלעניץ, מיעד־זעשין, מיכאַלין — און פון דאָרט קיין טרעבלינקע, אוישוויץ און מיידאַנעק. שפּעטער האָבן מיר די פויערים דערציילט, אַז מיין מאַמע מיט די ברידער און אַ שוועסטער זענען אוועקגעשיקט געוואָרן קיין מיידאַנעק, איין ברודער איז פאַרסמט געוואָרן ביי דער אַרבעט אין וואַרשע, אויף גנוינע 7.

מיר איז געלונגען צו ראַטעווען זיך פונעם אַרבעטס־לאַגער אין גער, ווו מ'איז געווען באַשעפטיקט אויף די טאָרף־פעלדער. מיין ברודער מאָטל האָט זיך אַרויס־באַקומען פון לאַגער און שפּעטער מיר באַזאָרגט ציווילע קליידונג, וואָס האָט אויך מיר דערמעגלעכט פון דאָרט צו אנטלויפן אויף דער פויערישער פור, וואָס האָט אַוועקגעפירט דאָס מיסט. שפּעטער האָט מיר מיין ברודער דערציילט וואָס אים איז שוין געווען באַוווּסט וועגן וויאַנזאָוונע.

## אין די וועלדער

אַ גרופּע וויאַנזאָוונער יוגנטלעכע איז געלונגען זיך אַריינצובאַקומען אין די וועלדער און דאָרט פירן אַ קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ און גלייכצייטיק באַווייזן דעם דייטש, אַז אויך יידן קענען שטעלן אַ ווידערשטאַנד. צו דער גרופּע האָבן געהערט: מאָטל לופּטמאַן מיט זיין ברודער יידל און זייער קוזין משה מרדכיס; יאָסל ראַכמאַן, יאָסל רישער און לייזער גוי. דאקעגן איז דעם 12־יאָריקן הערשעלע געלונגען זיך איינצואָרדענען ביי אַ פויער אַלס פּאַסטעך, ווו ער האָט איבערגעלעבט כמעט די גאַנצע קריג און האַרט פאַר דער באַפרייאונג — אומגעקומען.

הערשעלע איז געווען אַ קינד פון אָרעמע טאַטע־מאַמע — דער קליינער יאַנקעלע און די לאַמע חנה, וועלכע האָבן אין פּאַלעניץ ארומגעטראָגן אויבס פון איין הענדלער צום צווייטן. פון דעם האָט מען באַדאַרפט אויסהאַלטן אַ שטוב פון פיר נפשות. אַז די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן, האָט חנה כאָטש געוואָלט ראַטעווען איר עלטסטן און באַליבטסטן זון, וועלכער איז דאַמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 11—12 — און אים אוועק געגעבן צו אַ פויער, ביי וועלכן ער האָט געפּאַשעט די קי. דער פויער האָט אים געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד. אפילו אים איינגערעדט, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, לאָזט ער אים צוריק קיין וויאַנזאָוונע, צו טאַטע־מאַמע. הערשעלע האָט אָבער געפילט, אַז די עלטערן לעבן

שוין נישט. פלעגן דאָך אין די פינצטערע נעכט זיך באַוויזן ביים פויער מאָטל און יידל לופט מיט זייער קוזין און דערציילן וואָס די היטלעריסטישע רוצחים האָבן אָפּגעטאָן מיט די יידן אין אַלע שטעטלעך.

דער טאָג פון באַפרייאונג איז פאָרט געקומען. דער פויער האָט זיך איין מאָל אומגעקערט פון קלויסטער און געזאָגט:

— הערשקאָ, וויאָנזאָוונע איז שוין אַ וואָך צייט אָן דייטשן. איצט הערשן דאָרט די פּאָליאַקן און די רוסן. גיי צוריק אין שטעטל.

הערשקאָ האָט פאַרבונדן אַביסל עסן אין אַ פּאַטשיילע און זיך געלאָזט אין וועג אריין מיט דער מחשבה: אפשר דאָך וועט ער געפונען טאַטע־מאַמע און זיין שוועסטער?

שפּעטער האָט וואָיציגינס פרוי, וועלכע האָט נאָך אַלץ געטראָגן אין קלויסטער עסן, ווו ס׳איז געלעגן אויסבאַהאַלטן לייזער גוי, געפונען ביים בריקל דאָס פארשטייפטע קערפּערל פון הערשעלען. אַ פאַרברע־כערישע האַנט, וועלכע האָט נישט געקענט משלים זיין מיט אַן אָפּגעראַטעוועטע יידיש קינד — האָט עס דערשטיקט...

דער טויט פון הערשעלען האָט ווי אָפּגעשלאָסן דאָס יידישע קאַפּיטל וויאָנזאָוונע...

# יידיש און נאַציאָנאַל

ח. מיאַדאָווסקי
ראשון־לציון

ביי אַ 6000 נפשות האָט געציילט פּאַלעניץ, וואָס צוליב איר נאָענטקייט פון אָטוואָצק — 8 קילאָמעטער — איז זי אויך געווען איינע פון די וויכטיקע קורערטער אויף דער א. ג. „ליניע“. די הויפּט־באַשעפטיקונג פון די איינוווינער איז געווען — צו באַדינען די קור־געסט, אָדער דאַטשניקעס, ווי מ׳האָט זיי גערופן אין טאָגטעגלעכן לשון.

דער האַנדלס־צענטער מיטן באַזאַר האָבן זיך געפונען אויף דער האַנדלאָווע גאַס. דער טאַרטאַק פון ראובן נייוועֶרט האָט געגעבן באַשעפטיקונג ביי אַ הונדערט אַרבעטער. קיין פאבריקן זענען דאָ נישט געוועזן, אָבער וואַרשטאַטן און קליינע אונטערנעמונגען פון כאַלופּניקעס האָבן זיך געפונען אין אַן אָנגעזעענער צאָל.

זומער האָט פּאַלעניץ אויפגעלעבט. די אָנגעפּאַרענע געסט האָבן נישט נאָר באַלעבט דאָס שטעטל, נאָר אויך עקאָנאָמיש געשטעלט עס אויף די פיס. דאַקעגן ווינטער זענען אַ סך וויללעס געשטאַנען ליידיק. דאָס פלעגט אויסנוצן אַ טייל פון דער יידישער אָרעמקייט אין וואַרשע, וואָס זענען עקסמיטירט געוואָרן פון זייערע דירות און אויף דערווייל זיך אריינגעכאַפּט אין אַן אומבאַוווינטער פאַלעניצער וויללע...

דאָס געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע לעבן איז געווען שטאַרק אַנטוויקלט. אַלע פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און געזעלשאַפטן האָבן עקזיסטירט אין פאַלעניץ. געווען אויך ביי אונדז אַ בית־המדרש, אַ מקווה, אַ שעכטהויז, אַ ישיבה, חדרים, ועל כולם — אַ יידישע קהילה. פּרעזעס פון דער קהילה איז געווען ר׳ אליעזר דאָמב, אַ ייד אַ הדרת פנים, אַ בעל־פרנסה (אייגנטימער פון אַ גרויס געשעפט פון בוי־האָלץ). אַ געוויסע צייט איז אויך געווען ראש־הקהל ר׳ וועלוול יעלין.

דער הרב פינקעלשטיין האָט געשמט אַלס תלמיד־חכם — און פאלעניץ האָט שטאָלצירט מיט איר רב.

יידישע קינדער האָבן געמוזט לערנען אין דער פּוילישער רעגירונגס־שול (די א. ג. „פּאָווסעכנע“), מיט פּויליש אלס אונטעריכט־שפּראַך. די וואָס האָבן פאַרענדיקט די פאָלקס־שול און געוואָלט ווייטער לערנען, האָבן שוין געמוזט פאָרן קיין וואַרשע.

פּאָלעניץ האָט ארויסגעוויזן אַ גרויסע נטיה צו לייענען צייטונגען, בעת די ביבליאָטעקן, לייען־זאַלן און קולטור־אונטערנעמונגען פון די פּאַרטייען, האָבן אַ סך געהאָלפן גייסטיק אַנטוויקלען די יוגנט.

כדאי אונטערצושטרייכן, אז פאלעניץ איז אויסגעבויט געוואָרן אַ דאַנק יידישער איניציאַטיוו און קאַפּיטאַל. די אויפטרייסלונגען און געשעענישן בעת און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן באַוויגן פיל יידן פון פּוילן איבערצוּוואַנדערן אין נייע וווין־ערטער. יידן פון פּאָדליאַשע און פון לובלינער געגנט, האָבן געצויגן קיין וואַרשע און שוין „אויפן וועג“ זיך אָפּגעשטעלט אין פּאָלעניץ און דאָ פארבליבן, פירנדיק אַ האָרעפּאַשנע לעבן. די ערשטע תושבים פון פּאַלעניץ (דאָמב, טאַבאַקמאַן, סטשעסאַק, רובין, פרידמאַן און אַנדערע), האָבן ביי דעם פּריץ האַנעמאַן אָפּגעקויפט עטלעכע פּלעצער און זיי גלייך פארבויט. זיי האָבן אין פּשעפּיורקעס וויללע אויפגעשטעלט די ערשטע מנינים צום דאַווענען. דאַמאָלט האָט פאלעניץ פאָרגעשטעלט מיט זיך איין גרויסן וואַלד. ביסלעכווייז האָט מען אויף די אָפּגעקויפטע פּלעצער אָנגעהויבן אויסהאַקן שטיקער וואַלד און די אויפגעבויטע וויללעס האָבן גענומען וואַרטן אויף זומער־געסט.

אין פאלעניץ האָבן צווישן די אָרטיקע תושבים זיך געפונען יידן פון פאַרשידענע געגנטן און אַפילו — לענדער. אַ ייד פון פּינסק און וואָלקאָוויסק, אַ ייד אַ ליטוואַק און יידן פון גאַליציע. איך זעלבסט בין אין יאָר 1932 אָנגעקומען קיין פאלעניץ פון גארוואָלין. שטאַמענדיק פון אַ לויטער חסידישער פאַמיליע (מיין פאָטער און זיידע זענען געווען שוחטים, און צו דעם — הייסע גערער חסידים), בין איך געוואָרן איבעראַשט פון דעם גרויסן אונטערשיד צווישן דער יידישער יוגנט אין מיין פריערדיקן שטעטל און דעם נייעם וווינאָרט. אין פאלעניץ האָט געהערשט אַן אטמאָספער פון פרייהייט, די יוגנט איז געווען מער זעלבשטענדיק, איך וואָלט געוואַגט זאָגן — מער הפקרדיק. זי האָט נישט

אָנגענומען דעם דיקטאַט און צוואַנג פון די עלטערן, ווי אין גארוואָלין. אַזוי די לינק־געשטימטע יוגנט, פונקט ווי די יוגנטלעכע פון די רעכטע און אפילו רעליגיעזע קרייזן.

אָנקומענדיק קיין פּאלעניץ, האָב איך זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. צו יענער צייט זענען שוין געווען טעטיק דער השומר הצעיר, דער החלוץ און אנדערע יוגנט־באַוועגונגען. מיין באַקאַנטשאַפט מיט דער משפחה מילער, (אַ מוטער, אַ זון און צוויי טעכטער), האָט מיך דערנענטערט צו דער חלוצישער אידעע, מיט וועלכער די אויבנדערמאָנטע פאַמיליע איז געווען שטאַרק פארבונדן. אַלע ציוניסטישע אַקציעס, ווי שקלים־פּארקויף, קרן־קיימת, קפא״י — זענען צוגעגרייט געוואָרן אין דער קליינער וווינונג פון די מילערס. יעדער יוגנטלעכער וועלכער איז געקומען אין קאָנטאקט מיט דער דאָזיקער משפחה, איז גלייך אָנגעשטעקט און מיטגעריסן געוואָרן מיט זייער ציוניסטישן אידעאַליזם.

אויף דער זעלבער גאַס האָט זיך געפונען אַ משפחה ליטוואקעס, די פּינטשאקס. ביי זיי אויפן הויף, וווּ ס׳איז געווען אַ גרויסער סקלאַד פון האָלץ און ברעטער, זענען פאָרגעקומען אַלע צוזאַמענטרעפן, רעפעראַטן און זיצונגען פון דער חלוצישער יוגנט. די דאָזיקע „זביורקעס“, ווי מיר האָבן זיי גערופן אין דער טאָג־טעגלעכער שפּראַך, האָבן אויף אונדז איבערגעלאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. דאָרט האָט מען געזונגען די לידער פון ביאליק און „כנרת“ פון רחל; געלייענט און דיסקוטירט פּינסקערס „אויטאָ־עמאַנסיפּאַציע“ און הערצלס „יודענשטאַט“; געלערנט די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — פון שלמה קאַפּלאַנסקי און בער באָראָכאָוו; שטודירט מארקסיזם און פארטיפט זיך אין די פּראָבלעמען פון ציוניזם, וועלט־ליטעראַטור און יידישער שאפונג.

אויף יענע ברעטער האָט מען באַשטעטיקט די קאַנדידאַטן צו פאָרן אויף חלוצישער הכשרה. דאָס האָט געמיינט — אָפּרייסן די קינדער פון זייערע היימען אויף לאַנגע חדשים, ווו זיי האָבן באַדאַרפט אַרבעטן אין טאַרטאַקן, שטיינהאַקערייען צי אין דער לאַנדווירטשאַפט. פאַרשטענדלעך, אַז אין רוב פאַלן איז אַזאַ אַרויספאָר פאָרגעקומען אָן דעם וויסן פון די עלטערן, צי קעגן זייער ווילן.

דערפאַר איז געווען גרויס די פרייד און באַגייסטערונג, אַז ווער פון די פּאַלעניצער חלוצים האָט זוכה געווען צו באַקומען דעם געגאַרטן סערטיפיקאַט און עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אַזאַ אָפּפאָר איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלקס־יומטוב פאַר דער יידישער פּאַלעניץ. מיט געזאַנג און פריידיקע אויסגעשרייען האָט מען באַגלייט דעם עולה ביז דער באַנסטאַציע... דערביי האָט מען געזען, אַז ניִשט איין טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן באַגלייט זייער קינד אַלס עולה, האָבן געשטיקט די טרערן, גלייך זיי וואָלטן דעם זון אָדער טאָכטער פאַרלוירן אויף אייביק.

אין יאָר 1929, ווען אין ארץ־ישראל זענען אויסגעבראָכן די אומרוען, האָבן פיל פּאַלעניצער יוגנטלעכע, לעגאַל צי אומלעגאַל, זיך געלאָזט אין יידישן לאַנד, כדי מיט זייער קאַמף און פּראַצע געבן דעם באַשיידענעם צושטייער צו דער שטאַרקונג פון ישוב אין ארץ־ישראל.

# די קהילה, אירע דאָזאָרעס און אנגעשטעלטע

זאָפיאַ גאָלדבערג
תל־אביב

אלס געוו. באַאַמטין פון דער יידישער קהילה אין פּאַלעניץ, (באַקאַנט אויך אונטערן נאָמען יידישע גמינע), וויל איך שילדערן די דאָזיקע אינסטיטוציע, אירע אויפגאַבן, טוערס און אָנגעשטעלטע און אַזוי אַרום געבן מיין באַשיידענעם צושטייער פאַר אונדזער יזכור־בוך.

די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: פּאָרזיצער — אַביגדור אורטרעגער. די מיטגלידער: יוסף ליבערמאַן, משה באָסקי, הערש געלבטרונק, מענדל מעלצער, משה קעמפּנער. צום קהילה־ראַט האָבן געהערט: האָראָוויץ, מאַנדעלבוים, שלמה קעניגסמאַן און אַנדערע. זיי אַלע האָבן געאַרבעט אין דער קהילה אָן באַלוינונג, ווי שליחי־מצוות.

דאַקעגן זענען פון גמינע־בודזשעט אויסגעהאַלטן

געוואָרן: צוויי רביים (פינקעלשטיין און ווייסמאַן פון וויאָנזאָווגע). אַלס הויפּט־בוכהאַלטער איז געווען באַשעפטיקט ה׳ לעלטשוק, סעקרעטאַר פון וויאָנזאָוונע — עדעלשטיין. אַלס סעקרעטאַרין פון דער פאַלעניצער קהילה, האָט געאַרבעט די שרייבערין פון די דאָזיקע שורות (דעמאָלט — זאָפיאַ פּיוולאָוויטש).



חברי ועד הקהילה בפאַלניץ, יושבים (מימין): מנדל מלצר, אביגדור אורטרגר (יו״ר), יוסף ליברמן, הרשל גלבטרונק. עומדים (מימן): משה קמפנר, אדלשטיין, יעקב קניגסמן ונציג מוואוור.

קהילה־פאַרוואַלטונג אין פאַלעניץ. זיצן (פון רעכטס): מענדל מעלצער, אביגדור אורטרעגער (פרעזעס), יוסף ליבערמאַן, הערשל געלבטרונק; שטייען (פון רעכטס): משה קעמפנער, עדלשטיין, יעקב קעניגסמאַן און אַ פאָרשטייער פון וואַווער.

געווען אויך דער שמש ע. גאַרנעק און זיין געהילף מיינשטיין. די קהילה האָט אויסגעהאַלטן דריי שוחטים: שמעון הערש שלעכטער, קלמן יאַבלאָנאָוויטש און מאיר־חיל פוטערפלאַם.

כדאי אונטערצושטרייכן, אַז די אַלע אָנגעשטעלטע איז אויסגעצאָלט געוואָרן דער געהאַלט ערשט נאָך דעם, ווען דער בודזשעט איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן בירגערמייסטער ה׳ געדוויטש און דעם סטאַראָסטע פון וואַרשע.

אירע הכנסות האָט די קהילה געהאַט פון די פאָלגנדיקע מקורות: פון עטאַט: שחיטה און מקווה. די קהילה האָט אויך אויסגעהאַלטן די תלמוד־תורה און ערב פסח פאַרטיילט שטיצע די נויטבאַדערפטיקע יידן. די קהילה האָט אויך אָפּגעקויפט אַ פלאַץ פאַר אַ בית־הקברות אין ראַדאָשטש, אויפגעבויט אַ מאָדערנע מקווה און בכלל אָנגעפירט מיטן רעליגיעזן און געזעל־שאַפטלעכן לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פאַלעניץ.

בנוגע די אָנפירנדיקע פערזאָנען פון דער קהילה, איז כדאי צו דערמאָנען דעם פרעזעס אביגדור אורטרעגער — אַ פרומער, קלוגער ייד און גלייכצייטיק — אַ וועלטלעכער („חסידיש און נגידיש"). זיין אייגנטלעכע באַשעפטיקונג איז געווען — מנקר (טרייבערער) אין שעכטהויז. שטענדיק ריין אָנגעטאָן, שבת האָט ער געטראָגן אַן אַטלאַסענע קאַפּאָטע און אַ שטריימל. אין די יומטובים האָט ער געדאַוונט פאַרן

עמוד. אויף זיין פּנים איז שטענדיק געווען אַ שמייכל, ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט העפלעכקייט און אָרנטלעכקייט. מיט אַלץ און אַלעמען זיך פאַראינטערעסירט. אויף וויפל איך געדענק, איז זיין פרוי שטענדיק געווען צוגעשמידט צום בעט, פּאַראַליזשירט. אין שטוב האָבן זיך געפונען עטלעכע קינדער, וועלכע האָבן זיך געניייטיקט אין מוטערלעכער זאָרג. אביגדור אָ׳טרעגער האָט נישט פאַרנאַכלעסיקט זיינע פליכטן פאַר דער שטוב, פאַר דער פרוי און קינדער. ער האָט אָבער געפונען צייט צו זיצן אויך אין דער גמינע, אַדורכקוקן די ביכער, אינטערעסירן זיך מיט די הכנסות און הוצאות, אַרויסגעבן פאַראָרדענונגען — און בכלל האַלטן דעם דופק אויפן קהילה־לעבן אין שטעטל. אַ נויטבאַדערפטיקער ייד, אַן אלמנה צי אַ יתום האָבן געוווּסט, אַז ביי אביגדורן וועלן זיי האָבן פאַרשטענדעניש און הילף אין זייער נויט. ער איז געווען איידל און סענטימענטאַל אין באַציאונגען מיט מענטשן. אויף זיין איניציאַטיוו איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלער פאָנד פאַר סאָציאַלער הילף און דער רוב נויטבאַדערפטיקע האָבן באַקומען אַ חודשלעכע שטיצע.

אויך משה קעמפּנער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַקטיוויטעט און איבערגעגעבנקייט פאַר די אינטערעסן פון דער קהילה. פון פאַך — אַ סטאָליער, אַ נישט־פאַרמעגלעכער. ער האָט פיל געווידמעט דער גמינע, זייענדיק אין דער פאַרוואַלטונג.

הערש געלבטרונק, אייגנטימער פון אַ שפּייז־געשעפט. נישט קיין אָרעמאַן, אַן אינטענסיווער, שנעלער — אָבער מיט אַן איידל האַרץ. ער האָט געזאָרגט פאַר דער שטעטלדיקער אָרעמקייט.

באַסקי משה (משה גאַרוואָלינער) איז געווען אַ באָדן־באַזיצער, געפּירט אַ יאַטקע. ער האָט געשטאַמט פון פאַלק און מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט רעליגיעזע אינסטיטוציעס און נויטבאַדערפטיקע יידן.

יוסף ליבערמאַן האָט געשטאַמט פון אַ באַרימטער משפחה, אַ קלוגער און ענערגישער מאַן. געווען באַקאַנט אַלס אומדערמידלעכער קעמפער פאַר די אינטערעסן פון די פּוריסאָווער חסידים.

דאַקעגן דער קלוגער מענדל מעלצער פלעגט בדרך כלל אַלעמען אויסהערן און — אָפּראַבירן.

יצחק לעלטשוק, שוואָגער פון הרב פינקעלשטיין, איז געווען אַ לאַנגיאָריקער און דערפאַרענער בוכהאַלטער און געאַרבעט אין דער קהילה. אַ געבילדעטער, איידעלער און קלוגער מאַן. ער האָט געהאַט גרויס השפּעה אויף די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. מיט טאַקט לאַווירט צווישן די באַזונדערע פאַרשטייער פון די פּאַרטיי־ליסטעס אין זייערע באַציאונגען מיטן פרעזעס. לעלטשוק האָט געניאָסן פון אַ סך צוטרוי און אָנערקענונג נישט נאָר אין דער קהילה, נאָר אויך אין סטאַראָסטע און אין דער וואָיעוואָדסטווע. דער גמינע־פּערסאָנאַל האָט אים זייער געשעצט.

## אַ צענטער פון אידעאלן און קולטור

יאַנקל ביאַלאַבראָדע (ביאַלע)
לאָס־אַנזשעלעס

צווישן די פיל יידישע שטעטלעך אין פּוילן, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורכן היטלעריסטישן רוצח, איז אויך געווען פּאַלעניץ. דאָ האָבן יידן אין די שבתים און יומטובים פאַרפולט די שטיבלעך, בית־המדרש און שול און געבעטן אויף פּרנסה, געזונט, אַ נדן פאַר דער טאָכטער, נחת פון די קינדער... יידישע מאַמעס און טאַטעס האָבן אָנגעקוואָלן פון זייער אָרעמען, אָבער גליקלעכן פאַמיליע־לעבן.

און אונדזער יוגנט? זי איז געווען אָנגעזאַפּט מיט תורה, קולטור און שטרעבונגען צו אַ בעסערער און שענערער וועלט. אונדזער יוגנט האָט זיך געריסן צו לערנען אַ פאַך, צו פאַרנעמען זיך מיט ספּאָרט, געטוליעט זיך צו די פאַרשידענע פּאַרטייען, געוואָרט אויפן גליקלעכן מאָמענט צו פאָרן אויף הכשרה, ווו מ׳האָט זיך געגרייט צו אַ פּראָדוקטיוו לעבן אין ארץ־ישראל.

פאַלעניצער סוחרים, קרעמערס, בעלי־מלאכות און אַרבעטער האָבן בדרך־כלל זיך ליב געהאַט און געשעצט איינער דעם אַנדערן. אפשר האָט אויף דעם משפּיע געווען די אין גרינס איינגעטונקענע לאַנדשאַפט

פון שטעטל, די לאַנקעס און סאָסנע־וועלדלעך, מיט דער באַרימטער פּאָליאַנקע, די פאַרשיכורנדיקע לופט, פון וועלכער עס זענען מאַסן מענטשן געקומען געניסן אַזש פון וואַרשע און פון ווייטערע מקומות. קיין פאַלעניץ זענען זיי געקומען זיך אָפּרוען, קראַנקע און רעקאָנ־וואַלעסצענטן האָבן דאָ געוואָלט קומען צו זיך. די זשיווע פון די פאַלעניצער סאָסנעס האָט געהיילט לונגען און געשטאַרקט די בלוט־צירקולאַציע. דאָ האָט מען אָנגעזאַמלט פרישע כוחות.

ווי קאָן מען פאַרגעסן דעם דאַטשע־סעזאָן, ווען פאַרשידענע מעקלערס און ווילע־אייגנטימערס, בעל־עגלות און סוחרים, זענען געשטאַנען אויף דער סטאַציע און אָפּגעוואַרט די באַן און קאָלייקע פון וואַרשע, וועלכע האָט געבראַכט אין שטעטל דאַטש־ניקעס. פאַלעניצער קצבים, פּישערס, שוסטערס און שניידערס, שפּייז־קרעמערס און סתם יידן, האָבן אויסגעקוקט דעם סעזאָן, וואָס האָט זיי באַדאַרפט געבן פּרנסה נישט נאָר אין זומער, נאָר אויך באַוואָרענען מיט אַ שטיקל ברויט אויף ווינטער, ווען דאָס שטעטל האָט זיך אויסגעליידיקט פון די צוגעפאָרענע יידן און זיך באַדאַרפט אַליין אויסהאַלטן. די ווילעס זענען דעמאָלט געשטאַנען ליידיק, מיט פאַרקלאַפּטע לאָדנס, בלויז אַ שומר האָט אַכטונג געגעבן מען זאָל פון דאָרט נישט שלעפּן. די האַנדלאָווע גאַס, וועלכע האָט זומער געקאָכט און געברויזט מיט לעבן, איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרן.

דער ווינטער־שלאָף פון פאַלעניץ איז אָבער נישט געווען קיין פולקאָמער. ווי נאָר דער פרעמדער עולם איז זיך צעפאָרן, האָט די יוגנט, מיט דעם איר אייגנטלעכן ברען און ענטוזיאַזם, זיך אַ נעם געגעבן צו באַנייטער קולטורעל־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. די ביבליאָטעקן, רעפעראַטן, קעסטל־אָוונטן און קרייזן האָבן גייסטיק געשפּייזט די יוגנטלעכע. אַ חתונה, ברית צי תנאים, האָבן שטענדיק אַריינגעבראַכט הייטערקייט אין שטעטל. דאָס קליינוואַרג האָט אָנגעהויבן צוריק באַזוכן דאָס חדר און די שול און פרומע יידן האָבן מתפּלל געווען, אַז דער צווייטער סעזאָן זאָל זיין אַ בעסערער. דער פּריזיוו האָט צוגענומען אַ צאָל יוגנטלעכע פון שטעטל און אַנדערע ווידער האָבן זיך געלאָזט עמיגרירן — ווער קיין פּאַריז, ווער קיין אַרגענטינע, צי גאָר קיין דרום־אַפריקע, אויסטראַליע, קאַנאַדע און ארץ־ישראל. פאַר זיי איז די בענקשאַפט נאָך פאַלעניץ געווען אַ שטענדיקער באַגלייטער אין זייערע נייע וווין־ערטער און אין די געענדערטע באַדינגונגען. וועגן דעם האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך איבערצייגן בעת מיינע באַזוכן נאָכן קריג אין ישראל, פראַנקרייך, ענגלאַנד און אויסטראַליע. דאָ האָב איך זיך געטראָפן מיטן אומפאַרגעסלעכן יאָסל סטשעסאַק ז״ל, וועלכער האָט שטענדיק גערעדט מיט ליבשאַפט וועגן פאַלעניץ, אירע איינוווינער און זיינע פריינד.

*

נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויס שלאַכטפעלד און אין וואַרשע האָט מען געשפּירט די פאָלגן פון קריג, האָבן מיינע עלטערן זיך איבער־געקליבן קיין פאַלעניץ. דאָ האָב איך אַלס קינד געלערנט אין חדר און אויפגעוואַקסן — ביזן ווערן אַ זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי. דעריבער איז מיר געווען גוט באַקאַנט דאָס שטעטל און יעדער איינוווינער אירער. איך האָב געוווּסט, וועלכער קרעמער פירט זיין געשעפט „אויפן ביכל״, ד. ה. ער פאַרשרייבט אַ גאַנצע וואָך אַלץ וואָס די פרוי קויפט איין, ביז פרייטיק, ווען ס׳איז געקומען איר מאַן און באַצאָלט דעם חוב. אַפילו דער פעלדשער און אַפּטייקער האָבן קרעדיטירט די לעטניקעס, ביז דער מאַן וועט קומען... נישט קיין סך האָבן געצאָלט מיט מזומן.

דער אַריבערפאָר פון מיינע עלטערן קיין פאַלעניץ איז דעריבער געווען אַ ריזיקע און אַן עקזאַמען. די אונטערוואַקסנדיקע קינדער זענען זיך אַוועק אויף זייערע וועגן, טייל האָבן זיך פאַרליבט, אַנדערע ווידער האָבן זיך צוגעבונדן צו פּאַרטייען, בעת דער רוב האָט געטראַכט וועגן עמיגראַציע און עליה. די ידישע היימען האָבן זיך אָנגעהויבן אויסליידיקן, ווייל דעם אונטערוואַקסנדיקן דור איז צו ענג געוואָרן אין שטעטל, מען האָט זיך געלאָזט אין דער נאָענטער הויפּטשטאָט און אין ווייטע לענדער. איך דערמאָן זיך אייניקע פאַלעניצער ייִדישע היימען, ווו עס האָט זיך געפירט אַזאַ געראַנגל צווישן דעם אַלטן און יונגן דור.

ביי סאָלניצקין אין שטוב זענען געווען דריי ברידער. דער יינגסטער — אַ שיינער, הויכער בחור, מיט ברענענדיקע אויגן, האָט געהאָלפן טאַטע־מאַמע אין דער פּרנסה, געפירט מסחר, בעת די אַנדערע, אלי און שמחה, האָבן גאָר אין זינען געהאַט די פּאַרטיי. גיטל ליבערמאַן האָט געוואָלט ווערן אַ דאָקטאָרין, שפּאַצירט

מיט עטלעכע פּאַלעניצער יונגעלייט — און צום סוף אַלעמען אָפּגעטאָן אויף טערקיש... זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ וואַרשעווער יונגערמאַן. יעקב־יוסף, דער זון פון משה גאַרוואָלינער (קצב) איז אַוועק קיין פּאַריז, מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט דאָס געטאָן צוליבן פּריזיוו. שפּעטער איז צו אים געפאָרן לאה קלעמבערג — און ביידע האָבן געשטעלט אַ חופּה... אלתר קאָזשיצקי האָט חתונה געהאַט מיט רבקהן און דערנאָך זענען זיי אַוועק קיין אַרגענטינע, ווייל אין פּאַלעניץ איז נישט אָנגעשטאַנען דער שידוך... יאָסל סטשעסאַק, דעם סאָלטיס זון, האָט יעדן מיידל צוגעזאָגט ליבע און די פּאַרטייען געטיילט שבחים. הגם ער האָט געשטאַמט פון אַ פּאַרמעגלעכער היים, האָט ער געהאַט לינקע איבערצייגונגען און אַפילו זיך דערלויבט אַ לוסט־רייזע קיין מאָסקווע. מלך פּאַסקאַלינסקי האָט געהאַט צרות מיט זיין ווייב רוזשע. דאָס איז געווען די ערשטע נישט־געלונגענע ליבע אויף דער האַנדלאָווע גאַס.

מאַשענסקי הערש־מאָטל איז געווען אַ שיינער בחור, ציכטיק אָנגעטאָן, מיט אַ שלייפעלע אָנשטאָט אַ קראַוואַט. ער האָט זיך פאַרנומען מיט שפּילן טעאַטער און מיט געזאַנג. אַרום אים האָבן זיך נאָך גרופּירט: די צוגערייזטע משה־חיים און לעאָן מאַלאַטשינסקי, וועלכער האָט יעדן צוגערעדט, ער זאָל גיין אין אָפּערע — און אַליין געזונגען אַריעס. די חברה פלעגן זיך צונויפ־טרעפן ביי שמחה זילבערשטיין דעם שוסטער, וועלכער האָט געוווינט אַנטקעגן די פייערלעשער. אין די לאַנגע און קאַלטע ווינטער־נעכט האָט מען זיך דאָרט פאַרזאַמלט און דיסקוטירט, געזונגען לידער און פאַרברענגט אין אַן אייגענער געזעלשאַפט.

שלמה טשאַפּ איז געפאָרן קיין רוסלאַנד אונטעראיילן די וועלט־רעוואָלוציע. איך געדענק אויך די קליינע חנהטשע, מיט אירע שיין־געלאָקטע האָר, וועלכע האָט געהאַט טויזנט טעמים. ביי קוקאַווקען אין ווילדע איז געווען די פעסטונג פון „בונד". דאָ האָט געוווינט יעקב וויניק, די פרוי פון ח' אַרטור, גוויאַזדע און אַנדערע. דער „בונד" האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דעם וואָס מיר פלעגן אָנרופן „נשמה־כאַפּעריי", נאָר אין דער אמתן זענען דאָס געווען טייערע מענטשן, מיט אַ סך קולטור און וויסן און גרויס זענען זייערע אויפטוען אויף דער יידישער גאַס.

געווען אויך רעליגיעזע גרופּן און פּאַרטייען. דאָ איז די האַרמאָניע און צוזאַמענאַרבעט צווישן דעם עלטערן און יינגערן דור געווען אַ פּולקאָמע. דאַקעגן ווען עס איז אויפגעקומען די ציוניסטישע באַוועגונג מיט אַלע אירע שאַטירונגען, וועלכע האָבן אויסער זייער טעטיקייט פאַר ארץ־ישראל, אויך זיך פאַרנומען מיט ספּאָרט, דראַמאַטישן קרייז אדג"ל — האָט דאָס קיין נחת נישט פאַרשאַפט די פרומע טאַטע־מאַמע. האָבן דאָך אַ סך קינדער אַנגעהויבן רייכערן אין שבת, אויפגעהערט דאַווענען און אַפילו געפירט אַן אָפענעם קאַמף מיטן קלער.

אויך די קאָמוניסטן האָבן מיט דער צייט באַקומען זייער השפעה אין שטעטל. מען הייבט אָן הענגען פענדלעך, ס'קומען פאַר אַרעסטן און פאַרפאָלגונגען, וואָס רופט אַרויס אַ נייע כוואַליע פון פאַרלאָזן דאָס שטעטל. דער בריווטרעגער איז געווען דער איינציקער פאַרבינדלער צווישן די אַרויסגעפאָרענע קינדער מיט די עלטערן אין פּאַלעניץ. טראָץ די ווידעראַנאַנדן און מחלוקתן צווישן די צוויי דורות, האָט מען זיך פונדעסט־וועגן ליב געהאַט. די בריוו, אין וועלכע מען האָט אַמאָל אַריינגעלייגט אויך עטלעכע דאָלאַר, זענען געווען דורכגענומען מיט בענקשאַפט און ליבע צו טאַטע־מאַמע און צו די קינדער. באַזונדערס אין די שבתים און יומטובים, ווען מ'האָט זיך געזעצט ביי די טישן, האָט מען דערפילט ווי עס פעלט אַ זון צי אַ טאָכטער, וועלכע לעבן אַוודאי איבער דאָס זעלבע געפיל פון איינזאַמקייט אויף יענער זייט אָקעאַן...

*

ס'איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן די קעסטל־אָוונטן. אויף פאַרשריבענע צעטלען און בעל־פה האָט מען דערלאַנגט פראַגן — און דער רעפערענט האָט געענטפערט: וואָס איז שטאַרקער — ליבע אָדער די פּאַרטיי? וואָס מיינט שפּינאָזעס „עטיק" און ווער איז געווען קאַרל קאַוטסקי, טעאָדאָר הערצל, העגעל, קאַנט, אוטאָפּישער סאָציאַליזם און קאַרל מאַרקס?

אָבער נישט נאָר קולטור און וויסן האָט אַבסאָרבירט די פּאַלעניצער יוגנט. זי האָט אויך פאַרשטאַנען אויסצו־נוצן די שיינע לאַנדשאַפט און פאַרברענגט אויף שפּאַצירן צווישן די הערלעכע ביימער, מיט וועלכע דאָס שטעטל איז געווען געבענטשט, פאָרן אויף די בריטשקעס, באָדן זיך ביי פענסקין, אָדער צוכאַפּן זיך קיין וואַרשע, כדי זען די אָפּערע אָן אַ בילעט...

יעדער ווילדע איז געווען אַ שטעטל פאַר זיך, בעת די האַנדלאָווע גאַס האָט צוליב איר צענטראַלער פּאָזיציע,

געהאַט אין זיך עפּעס פון דער גרויסער שטאָט. דאָרט האָט לעאָן דער פריזירער אַרויסגעוויזן זיינע קענטענישן ביים שערן, ראַזירן און אויספּוצן דעם קליענט. פיניעלע שנײדער האָט געקענט איבערניצעווען אַלטע מלבושים, אַז אויך אָרעמע יידן זאָלן אויף יום־טוב זיין שיין אָנגעטאָן. זיינע טעכטער, אַלע שיינהייטן, האָט די מאַמע געהיטן ווי בריליאַנטן. די מיידלעך האָבן זיך גוט געלערנט און געווען אַקטיוו אין החלוץ.

כ׳וויל אויך דערמאָנען שעדלעצקי בעקער, וועלכער האָט אַן אויפהער געפירט חשבונות און גאַנצע ביכער און זיך נישט געבייזערט אויף זיינע פּאַלעניצער, אויב דאָס אָפּגעבן דעם חוב האָט זיך פאַרצויגן... שמיעטאַנקע דער קצב האָט מיט זיינע פליישן און גראַשעלעך אַ סך טובות געטאָן די, וואָס האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן.

בדרך־כלל איז פּאַלעניץ געווען מער פאַרגעשריטן. די יוגנט האָט שנעל פאַרביטן דאָס ייִדישע היטל אויפן... סלאָוואַצקי־קאָלנער. די פרץ־ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט אַ רייכן ביכער־אוצר און צייטונגען. פּאַלעניצער רעפערענטן פלעגן באַדינען די אַרומיקע שטעטלעך מיט פאַרלעזונגען.

נאָך היינט זע איך דאָס בילד, ווי פרייטיק פאַרנאַכט פלעגן די פּאַלעניצער איינוווינער און די לעטניקעס שטיין אויף דער סטאַציע און אָפּוואַרטן די קאַלייקע, וואָס האָט געבראַכט הונדערטער געסט אין שטעטל. די אָנגעקומענע האָבן אויסגעזען מיד און פאַרהאָרעוועט — אָבער צומאָרגנס איז זיי נישט געווען צו דערקענען. זיי האָבן שפּאַצירט מיט זייערע פרויען, אָנגעטאָן זומערדיק און די שבתדיקע רו און שלווה איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף אַלעמענס פּנימער.

*

גוטע ייִדישע הערצער האָבן געזאָרגט, אַז אויך אין פּאַלעניץ זאָל זיין קעגנזייטיקע, ברודערלעכע הילף. האָט מען געשאַפן א גמילת־חסד־קאַסע, אַ הכנסת־כלה, און די „שבת־יידעלעך״ האָבן געאַרבעט גאָר אַקטיוו. אַ שטיק צייט האָט פּאַלעניץ נישט פאַרמאָגט קיין אייגענעם בית־עולם, אונדזערע מתים זענען אַוועקגעפירט געוואָרן קיין קאָרטשעוו. דערביי האָט זיך געפּאָדערט אַ לאַנגע און קאָמפּליצירטע פּראָצעדור ביי דער פּאָליציי, ביים סאָלטיס און סטאַראָסטע. שפּעטער האָבן מיר געקויפט אַ פּלאַץ אין פּאַלעניץ און זיך דערשלאָגן צו אַן אייגענעם בית־הקברות.

אַז עטלעכע פּוילישע אַנטיסעמיטן האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט צו פאַרטשעפּען יידן, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַזאַ ווידערשטאַנד, אַז דער חשק פון אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען איז זיי געוואָרן אַוועקגענומען.

דער פּאַלעניצער רב איז געווען אַ פאַרגעשריטענער מאַן, מיט אַ סך קענטענישן. איך קען אויך נישט פאַרגעסן די חתונות אין פּאַלעניץ, ווו מ׳האָט אָנגעגרייט פון שענסטן און בעסטן. אויף צו האַלטן דאָס צוגעגרייטע עסן, האָט מען נישט באַדאַרפט קיין אייזקאַסטן. אין אַ בידל, אָדער אין אַ קעלער, האָט מען אַלץ מאַגאַזינירט. אַז חברה קונדסים האָבן ערגעץ דערשמעקט אַזאַ שפּייכלער — האָט מען געפּראַוועט צוויי חתונות... און ווער געדענקט נישט די פּאַרטווישטע טשאָלענטער יעדן שבת? עס האָט געטראָפן, אַז אַ גבירישער טשאָלנט איז אַריינגעפאַלן אין אַן אָרעמער שטוב — איז דערנאָך געווען היימלעך...

אַמערגסטן האָט דאָס יונגוואַרג זיך געפּילט אין די ימים־נוראים. מ׳האָט זיך פונדעסטוועגן איבערגענומען, אַז די מאַמע האָט ערב יום־כיפור געבענטשט ליכט און דער טאַטע האָט אַרויפגעלייגט אויף די קינדערישע קעפּלעך זיינע הענט און געפּרעפּלט אַ ברכה...

יום־כיפור איז דאָס עסן געווען אָפּגעשלאָסן, אָבער די אַפּיקורסישע זין האָבן געפונען אַ וועג ווי אַזוי זיך צו דערכאַפּן דאָס האַרץ. דערפאַר איז שמחת־תורה געווען אַזוי פריילעך, אַז נישט נאָר מ׳האָט פאַרגעסן אין ראש־השנה און יום־כיפור, נאָר מ׳האָט אַפילו פאַרווישט אַלע אונטערשיידן. פרומע און וועלטלעכע, אָנגעהעריקע צו פאַרשידענע פּאַרטייען, האָבן זיך יענעם טאָג משמח געווען — און דער יום־טוב האָט זיך גוט געפּילט אין שטעטל...

# חסידיש, ציוניסטיש און קאמוניסטיש

מרדכי בן-גיל
חיפה

אַ שטעטעלע מיט אַ געשיכטע פון בסך־הכל עטלעכע פופציק יאָר — און סאַראַ געבענטשטע יוגנט, מיט דעם גאַנצן קאָלאָריט און אימפּולסיווקייט פון דער יידישער יוגנט אין די גרויסע שטעט, וועלכע האָבן געהאַט הינטער זיך הונדערטער יאָרן געשיכטע...

די ערשטע גאַס וואָס יידן אין פּאָלעניץ האָבן אויפגעבויט, האָט זיך גערופן „אוליצאַ האַנדלאָוואַ" — די האַנדלס־גאַס, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט די איינשטאָקיקע הילצערנע געביידעס און מיט עטלעכע געמויערטע הייזקעס. נאָר די אייגנטלעכע פּאָלעניץ איז באַשטאַנען פון ווילקעס. די זומער־וווינונגען פאַר טויזנטער און טויזנטער דאַטשניקעס, וואָס זענען געקומען אַהער פון וואַרשע און אַנדערע ערטער.

מען פלעגט דערציילן, אַז אַמאָל, אין ערשטן טאָג שבועות, האָט דאָס שטעטל נאָך געהאַט אַ מנין צום דאַווענען. נאָר דעם צווייטן טאָג, ווען דער פעלדשער שאַנצער האָט געמוזט דרינגענד אַוועקפירן קיין וואַרשע אַ קראַנקן — האָט מען שוין געדאַווענט אָן אַ מנין, ווייל ער, דער פעלדשער, איז געווען דער צענטער צום מנין... אָבער אין די לעצטע יאָרן, ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט פּאָלעניץ געציילט איבער 4000 נפשות. און אין זומער — ביי אַ 15 טויזנט, ווייל אַלע ווילקעס און פרייע צימערן זענען פאַרדונגען געוואָרן.

זומער האָט פּאָלעניץ אויפגעלעבט — נישט נאָר פון די וווּנדערבאַרע ריחות פון די אַקאַציע־ביימער און סאָסנעס, וואָס האָבן געהיילט די לונגען־קראַנקע, נאָר פון די אָנגעפּאַרענע מענטשן, צווישן זיי — פּערזענלעכקייטן און באַרימטע חזנים, ווי: הירשמאַן, סיראָטאַ און ראָזענבלאַט. נאָך היינט קלינגט אין מיינע אויערן די מעכטיקע שטימע פון יאָסעלע ראָזענבלאַט, וועלכער האָט געוואָרנט פאַרן גרויסן חורבן וואָס רוקט זיך אָן:

הבט משמים וראה — כי היינו ללעג וקלס בגויים
נחשבנו כצאן לטבח יובל להרג ולאבד ול'מכה
ולחרפה...

דאָס גאַנצע שטעטל האָט געלעבט פון די זומער־געסט און אין משך פון סעזאָן געווען באַשעפטיקט מיטן באַדינען זיי. דערפאַר איז געווען אָפּגעשטעלט יעטוועדע געזעלשאַפטלעכע צי פּאַרטייאישע טעטיקייט, וואָס איז אָבער מיט מער קראַפט באַנייט געוואָרן אין האַרבסט און אין די ווינטער־טעג, ווען פּאָלעניץ איז צוריק געבליבן מיט אירע איינוווינער. אין די זומערדיקע פרייטיק־טעג, פלעגט דאָס שטעטל נאָך מער זיך פאַרפולן מיט די צוגעפאָרענע סוחרים, קליינהענדלער און אַרבעטער, וועלכע זענען געקומען צו זייערע משפחות. אַלע פּענסיאָנאַטן, ווילקעס און פּריוואַטע וווינונגען זענען געוואָרן פאַרנומען.

*

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון פּאָלעניץ, פאַרנעמט דאָס אַלטע, הילצערנע בית־המדרש, דער רוב איינוווינער האָט דאָרט געדאַווענט און געלערנט. דעם מקום קבוע ביים לערנען האָט פאַרנומען דעם שוחטס זון — טוביה בן ר' יחיאל־מאיר, ביי וועמען איך האָב אַ קורצע צייט באַקומען אַ שיעור. אין שכנות פון בית־המדרש האָט זיך געפונען די מקווה און די תלמוד־תורה. יעדן שבת נאָכמיטאָג פלעגן קומען אין בית־המדרש די תלמידים און בעלי־בתים, מיט עטלעכע תלמידי־חכמים, ווי ר' אברהם יעקב, ר' משה וואַטניק, ר' מאָטעלע שנאַפּס־קאַפּיטאַן. זיי האָבן פאַרהערט די תלמידים אין חומש מיט רש"י און אויף די, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט, האָבן זיי געזאָגט: „זיי קאָנען לערנען ווי אַ וואַסער..." אין יאָר 1929 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה. צוויי דריטל פון שטאָט, צוזאַמען מיטן אַלטן בית־המדרש — זענען אָפּגעברענט געוואָרן. די תלמוד־תורה איז איבערגעגאַנגען אין אַן אַלט, אויסרעמאָנטירט הויז, נישט ווייט פון דער פּוילישער שול.

פּאָלעניץ האָט נישט אויסגעמיטן דער גורל פון אַלע יידישע שטעטלעך אין פּוילן. אויך פון אונדז האָט די יוגנט געזוכט אַ וועג אויסצוואַנדערן, צי דורך עליה קיין ארץ־ישראל, צי דורך עמיגראַציע מעבר לים. דער ערשטער עולה, אין מיין זכרון, איז געווען אלתר ליבערמאַן, דער זון פון פּאָלעניצער חזן, בעל־תפילה און שמש ר' אברהם יצחק. שפּעטער האָט ער אַריבערגענומען זיין פרוי און קינדער. די אזכרות נאָך אונדזער שטעטל זענען אַמאָל פאַרגעקומען ביי זיי אין שטוב אין תל־אביב. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1951, איבערלאָזנדיק קינדער און אייניקלעך.

*

פאַלעניץ האָט אָנגעהויבן שפּאַנען מיט דער צייט. מיט דער אַנטשטייאונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן זיך באַוויזן, צעירי והחלוץ המזרחי, השומר הצעיר א״אַ. ווי נאָר עס איז באַוווסט געוואָרן אין פאַלעניץ וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע, האָט ר׳ דוד פון דער קאַלייקע (דער נאָמען האָט געשטאַמט דערפון, וואָס זיין געשעפט האָט ער געהאַט לעבן דער פאַלעניצער קאַלייקע), זייענדיק אַן קינדער, האָט אַלץ פאַרקויפט און זיך אַוועקגעלאָזט קיין ארץ־ישראל. די שפּעטערדיקע עולים זענען געווען: ר׳ שלמה ראַבינאָוויטש, אידעם פון חיים־יוסף פרידמאַן (זיי געפינען זיך אין קיסריה).

*

דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין האָט באַלד אין אָנהייב פון זיין גרינדונג געהאַט גרויס דערפאָלג און איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אונטער קאָמוניסטישער השפּעה. דער פאַראיין האָט אויך געפירט אַ וויכטיקע קולטור־טעטיקייט. איך דערמאָן זיך, אַז איינמאָל איז געשטאָרבן זייערס אַ חבר, יעקב־מרדכי פישער, דער זון פון אהרון, וועלכער האָט געקאָנט גוט לערנען. אַז מ׳האָט דעם בר־מינן געבראַכט אויפן פאַלעניצער בית־הקברות, איז זיין מומע, די גראַבע תרצה, נישט געפעלן געוואָרן דאָס אָרט פונעם קבר... די חברים פון פאַרשטאָרבענעם האָבן לאַנג נישט געטראַכט און פאַרשיט דעם גרוב, וואָס די חברה קדישא האָט צוגעגרייט און באַלד אויסגעגראָבן אַ פרישן קבר. די חברה קדישא האָט נישט געוואָלט איינרייסן מיטן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וויסנדיק זיין כוח, נאָר ביי זיך פאַרשריבן, אַז ווען תרצה וועט שטאַרבן, וועט מען שוין וויסן ווי זי קובר זיין. מן־הסתמא — הינטערן פּאַרקן. איז אָבער געקומען דער גרויסער חורבן פון פוילישן ידנטום און קיינער ווייסט נישט ווו עס זענען פאַראַן די קברים פון די פאַלעניצער יידן...

ווען עס איז אַנטשטאַנען אין פאַלעניץ דער האַנטווערקער־פאַראיין, האָט בראש זיך געשטעלט ר׳ משה קעמפנער, וועלכער האָט בלב ונפש געאַרבעט לטובת דעם פאַראיין. די פאַרוואַלטונג האָט אויך געגרינדעט אַן אייגענע הילפס־באַנק. אויסער דעם האָט דער פאַראיין געפירט אַ קולטור־טעטיקייט, איינגעאָרדנט אָפט קעסטל־אָוונטן. אַ קאָמיטעט פון געקליבענע חברים פלעגט ענטפערן אויף אַלע פראַגן, וואָס זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ ספּעציעלן קעסטל. אגב דאַרף באַמערקט ווערן, אַז די באַנק ביים האַנטווערקער־פאַריין האָט זיך זייער שיין אַנטוויקלט.

*

מיט דער צייט איז געשאַפן געוואָרן אַ בשותפות־דיקער קאָמיטעט פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען. אַלס פאַרזיצערין איז אויסגעקליבן געוואָרן די פרוי מילער (איצט — אין ישראל). אַדאַנק דעם קאָמיטעט, איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ פאַרמעסט צווישן די באַזונדערע ציוניסטישע גרופּן וועגן זאַמלען וואָס מער פאַרן קרן־קימת. באַגלייך אָבער מיטן ענטוזיאַזם פאַר אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָנדן, איז אויך אין שטאָט געווען, ביי געוויסע קרייזן, אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט צום קרן קימת. אָבער אין אַלגעמיין האָט דער ציוניזם אין פאַלעניץ געהאַט צו פאַרצייכענען דערפאָלגן. די ציוניסטן האָבן זיך פאַרמאָסטן צו גיין צו די קהילה־וואַלן און אויפן ערשטן אָרט אַרויסגעשטעלט איטשע סטשעסאַקס אידעם. און די מזרחי — ר׳ מרדכי פיין. אַדאַנק דער פאַרבינדונג פון בידע ליסטעס בנוגע די רעשטלעך שטימען, איז צום ערשטן מאָל אין פאַלעניץ (דאָס איז געשען אין יאָר 1929) דערוויילט געוואָרן אַ ציוניסטישער פרנס אין קהילה. פיל ציוניסטישע אָנהענגער זענען מלא שמחה אַוועק הינטערן פענצטער פון גדליהו סטשעסאַק און דאָרט געזונגען די „התקוה״. אַדאַנק דעם פרנס אין קהילה, האָט מען שוין געקאָנט פאָדערן ספּעציעלע סובווענצן צו שטיצן חלוצים וואָס ווילן עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

אַלס יושב ראש פון דער קהילה איז דאַן דערוויילט געוואָרן ר׳ אליעזר דאָמב, אייגנטימער פון מיעדזעשינער באַזאַר. אַ קלוגער ייד געווען, ער האָט אויך אָנגעפירט מיט דער חברה קדישא אין פאַלעניץ. צו זיין וואָרט האָבן זיך אַלע צוגעהערט. זיין הדרת פנים האָט איבערגעלאָזט אויף יעדן אַ שטאַרקן רושם. זיי זענען געקומען קיין פאַלעניץ דריי ברידער: מענדל, יהודה און אליעזר. ר׳ מענדל האָט זיך געעפנט אַ בעקעריי און אין אַ צייט אַרום קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק 6 קינדער פון דער ערשטער און צווייטער פרוי. די אלמנה אסתר, אַן אשת־חיל, האָט וויטער געפירט די בעקעריי און דערצויגן די קינדער צו תורה ועבודה. זי האָט איבערגעגעבן איר שטוב פאַרן לאָקאַל פון החלוץ המזרחי. דאָרטן האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט און באַהאַנדלט אונדזערע ענינים. איר זון יעקב (איצט אין ישראל), איז אַ לאַנגע צייט

געוועזן דער סעקרעטאַר פון צעירי החלוץ המזרחי. ווען די פּאַלעניצער ציוניסטן האָבן צום ערשטן מאָל געשיקט עטלעכע יוגנטלעכע אויף הכשרה, בין איך געוועזן דער ערשטער פון החלוץ המזרחי צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַוועקפאָרן קיין סולעיווו זיך צו־גרייטן צום נייעם לעבן אין ארץ־ישראל. פון סולע־יווו האָט מען געברענגט פיל חלוצישע לידער, וועלכע זענען ביי יעדער געלעגנהייט געזונגען געוואָרן אין שטעטל.

די ציוניסטישע טעטיקייט האָט אַרומגענומען פיל

פּאָרט לחיים דעם וועג דעם נייעם,
איר זאָלט אין אונדז געדענקען,
ווייל מיר וועלן בענקען —
ביז עס וועט קומען אונדזער עליה־טאָג...

נאָר פאַר אַ סך פון זיי איז דער געגאַרטער טאָג פון עליה נישט געקומען. אלתר עפּשטיין, דבורה טאַבאַק־מאַן און פיל אַנדערע, וועלכע האָבן יאָ אַדורכגע־מאַכט די הכשרה און געווען איינגעשטעלט אויף עליה — האָבן נישט זוכה געווען. זיי האָבן געטיילט דעם טראַגישן גורל פון פּאַלעניצער יידנטום. אַזוי אויך —



קבוצה מ„בנות אגודת ישראל"

אַ גרופּע מיידלעך פון „בנות אגודת ישראל"

איינוווינער פון שטעטל. די ברידער בראַון (פון קאָ־זשעניץ) האָבן אין זייער הויז אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער אויף צו פירן די ציוניסטישע און ארץ־יש־ראלדיקע אויפקלער־אַרבעט. די ווענט פון דעם צי־מער זענען געווען באַצירט מיט די בילדער פון ציו־ניסטישע מנהיגים, דענקער און דיכטער. מיר איז גוט איינגעקריצט אין זכרון יענע מאָמענטן פון גע־זעגענען ביים באַן די אָפּפאָרנדיקע חלוצים קיין ארץ־ישראל. דער עולם האָט נאָכגעשריען דעם אָפּפאָרנ־דיקן צוג:

„להתראות!", אָדער —

שמחה טאַבאַקמאַן מיט זיין חברטע, די טאָכטער פון יהודה דאָמב און משה דאָמב זיין ברודער, אסתר און שושנה דאָמב און אַנדערע.

*

אויך די חסידישע באַוועגונג האָט געהאַט איר חשיבות און אָנזען אין פּאַלעניץ. די פּוריסאָווער חסי־דים האָבן זיך געזאַמלט אַרום ר' שמואל־מרדכעלע, דעם פּוריסאָווער רבינס אַ ברודער, וועלכער האָט אויפגעבויט אַ הילצערנע געביידע מיט אַ גרויסן בית־המדרש צו לערנען און פירן אַ טיש. די וויכ־טיקסטע אָנהענגער און אונטערשטיצער פון דעם

פּוריסאָווערס „הויף" אין פּאַלעניץ איז געווען ר׳ חיים יוסף פרידמאַן און זיין משפחה. ר׳ חיים־יוסף האָט געפירט אַ גרויס געשעפט פון האָלץ און אויך באַזיצט צוויי גרויסע וויללעס. זיינע צוויי זין (צבי און שיקע) האָט ער געשיקט קיין ארץ־ישראל, נאָר זיי זענען צוריק געקומען קיין פּוילן און אין די ער־שטע טעג פון דער מלחמה זענען זיי אומגעקומען פון היטלעריסטישע באָמבעס. אויך ר׳ חיים־יוסף איז אין יאָר 1936 געווען אין לאַנד און איך האָב אויף אים געוואָלט ווירקן ער זאָל בלייבן. ער האָט דערקלערט, אַז אים איז שווער זיך צוצופּאַסן צו די מנהגים אין ארץ־ישראל, דאַווענען אין שול גייט מען מיט קורצע אַרבל און הויזן. איך האָב אים געזאָגט, אַז אים וועט נישט שווער זיין צו געפינען אַ מנין יידן, וואָס וועלן זיך צופּאַסן צו זיין פאַרלאַנג... ער האָט געענטפערט, אַז אויך אברהמטשע גרינבערג האָט אים אַזוי גע־שריבן, נאָר ער מוז צוריקפאָרן אָנפרעגן דעם פּורי־סאָווער רבין. ער איז טאַקע צוריקגעפאָרן — אָבער אומגעקומען אויף קידוש השם...

מיר איז באַזונדערס איינגעקריצט אין זכרון די גרויסע סיום־הספר־פייערונג פון די גראָדזשיסקער חסידים, ביי גדליהו משה גרינפּאַס, אויף אָגראָדאָווע 6. יידן זענען געריטן אויף ווייסע פערד, מיט שטור־קאַצן אין די הענט, תלמידי־חכמים זענען געשטאַנען פאַרטיפט אין רעיונות, אַנדערע חסידים האָבן געזונ־גען אַ נייעם ניגון לכבוד דער געשעעניש און דער גרויסער עולם האָט זיך משמח געווען אויף פאַרשי־דענע אופנים. דער קלוגער גראָדזשיסקער רבי איז געשטאַנען אין צימער, ווו ס׳האָט זיך געפונען די ספר־תורה און דאָרט געשפּילט פידל. דאָס פידעלע האָט געוויינט אין רבינס האַנט, הגם אַרום איז די שמחה געווען גרויס. פיל חסידים האָבן דאָס אויסגע־טייטשט, אַז רייכע יידן זאָלן האָבן פאַרגעלייגט דעם רבין, אַז דער סיום־הספר זאָל פאָרקומען ביי זיי אין הויז — נאָר דער רבי האָט נישט געוואָלט דערפון הערן. זיין טענה איז געווען, אַז ביי גדליהו־משה גרינפּאַס פילט ער זיך אַמבעטטן און דערביי דער־ציילט דאָס מעשהלע פון פרקי אבות:

„אמר ר׳ יוסיף בן קסמא. פעת אחת הייתי בדרך ופגע בי אדם אחד ונתן לי שלום. והחזרתי לו שלום. אמר לי: רבי, מאיזה מקום אתה? אמרתי לו מעיר גדולה של חכמים ושל סופרים אני. אמר לי. רבי, רצונך שתגור עמנו במקומנו? ואני אתן לך אלף אלפים דנרי זהב ואבנים אבות ומרגליות! אמרתי לו: אם אתה נותן לי כל כסף וזהב ואבנים טובות ומרגליות שבעולם, אני דר אלא במקום תורה"...

און דער גראָדזשיסקער רבי האָט פאַרענדיקט: — איצט פאַרשטייט איר פאַר וואָס איך האָב געוואָלט, אַז דער סיום־הספר זאָל פאָרקומען ביי ר׳ גדליהו משה גרינפּאַס?!...

און דער פידל האָט ווייטער געשפּילט וויינענדיק, גלייך ער וואָלט געבעטן אַ תיקון פאַר די וואָס האָבן מיט געלט געוואָלט אַוועקנעמען די שמחה פון אַ הויז וואָס איז פול געווען מיט תורה, חסידות און זויבער־קייט.

געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אין רבינס שפּילן דערפילט אַ טיפערן זין. זיי האָבן געגלויבט, אַז דער רבי זעט ווי די ספר־תורה און די אותיות פליען אַוועק ווייט־ווייט. נישט אַנדערש — פון רבינס פידל האָט זיך אַרויסגעשפּילט דעם אָנקומענדיקער חורבן...

*

אין שמחת־תורה האָט די פרייד ביי יידן אין פּאַלע־ניץ נישט געוווסט פון קיין גרענעץ און אָפּהאַלט. פון פּוריסאָווער שטיבל האָבן אַרויסמאַרשירט אַרום צען מנינים יידן מיט אַ סך יונגוואַרג און זיך געלאָזט צו דער וויללע פון ר׳ חיים יוסף פרידמאַן, ווו ס׳איז גע־ווען צוגעגרייט אַ קידוש פאַרן גאַנצן עולם, מיט פיל משקה, קוכנס, פיש און פלייש. יעדער איז פון אַזאַ סעודה אַוועק אַ זאַטער און אין אַ געהויבענער שטי־מונג. דער גאַנצער עולם איז באַדינט געוואָרן פון ר׳ חיים יוספן מיט זיין אידעם, ר׳ שלמה ראַבינאָוויטש, פרוי און קינדער (די לעצטע געפינען זיך אין ישראל, אין קיבוץ קיסריה). דער קידוש השם האָט זיך גע־צויגן ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין. צוריק גייענ־דיק פון דער שמחה, האָבן יידן זיך געפרעגט, צי זיי זענען מסוגל צו גיין אויף איין ברעט, ווייל עס האָבן נישט געפעלט קיין בגילופנדיקע. משה בצלאל שטיין, דער אידעם פון שמואל יואל, האָט דאַן אַראַנזשירט אַ ספּעקטאַקל, אין וועלכן אַלע האָבן געמוזט אָנטייל־נעמען. די געלעכטערס און געשרייען האָבן אָפּגע־הילכט איבערן גאַנצן שטעטל.

אויך די גערער חסידים האָבן געפּראַוועט פאַר זיך

שמחת־תורה און אויך דאָ האָט נישט געפעלט קיין פריילעכקייט, עסן, טרינקען און געהויבענע פייער־לעכע שטימונג.

*

די יידישע יומטובים פלעגן בדרך־כלל געפּראַוועט ווערן דורך אַלע ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונגען אין פּאַלעניץ. אַזוי אַרום האָט מען די פאַרגאַנגענהייט פאַרבונדן מיט דער קעגנוואַרט און צוקונפט — און אַלע שמועסן און מסיבות זענען געווען געווידמעט ארץ־ישראל.

ביי די צעירי והחלוץ המזרחי איז אין די טעג פון חודש אלול פאָרגעקומען אַ מנין. ראש־השנה און יום־כיפור איז דער בעל־מוסף געווען ר׳ יעקב בלענדעווער, דער פאָטער פון ר׳ משה קעמפנער. זיין דאַוונען האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם אויף אַלעמען. אויך ר׳ מאיר האָט באַשטעטיקט, אַז אין לאָקאַל פון צעירי והחלוץ המזרחי האָט ער געפילט די לופט פון ארץ־ישראל. „אוירא דארץ־ישראל מחכים...״

אין אונדזער לאָקאַל האָבן זיך געפונען אַלע צייטונגען פון ארץ־ישראל. די לופט איז דאָרט געווען אַן ארץ־ישראלדיקע. נאָכן דאַוונען, האָבן די חברים צוגעגרייט אַ קידוש מיט ארץ־ישראל־פּרוכטן. פאַרשטייט זיך, אַז אין שטיבל האָבן דערנאָך זיך געהערט יידישע און העברעישע לידער.

פאַרנאַכט איז פאָרגעקומען אַ „שיחת חברים״ אויף דער „שטענדיקער טעמע״ — ארץ־ישראל און גלות. באַטייליקט האָבן זיך אַלע חברים, נאָר דער ערשטער רעדנער איז תמיד געווען דער יושב־ראש, זאַובערמאַן ז״ל.

*

איינדרוקספול און אימפּאָזאַנט איז אויסגעפאַלן די ל״ג־בעומר־פייערונג אין פּאַלעניץ. די ציוניסטישע יוגנט פלעגט מיט אירע מונדירן, פענער און אָרקעסטער אָפּמאַרשירן אויף דער פּאָליאַנע, דאָרט אויפגעקלאַפּט געצעלטן און פאַרבריינגט אַ גאַנצן טאָג אויף דער פרייער לופט — מיט ספּאָרט־פאַרמעסטונגען, שפּילערייען און רעפעראַטן. אַ לערער פון די העכערע קלאַסן, וועמען מען האָט גערופן „בר־כוכבא״, פלעגט רעפערירן וועגן דער באַדייטונג פון דעם טאָג. פאַרנאַכט האָבן אַלע צוריק מאַרשירט אין שטעטל, ביז דער באַן־סטאַציע — מידע, דערשעפּטע,



השומר הדתי

אָבער באַגייסטערטע און צופרידענע פון דעם טאָג.

אין ל״ג־בעומר פלעגט מען אויך פאַרקויפן דעם בלוי־ווייסן שקל. איינער פון די שילער איז אַוועק צום ווייסן מענדל און אים פאַרגעלייגט צו נעמען דעם שקל. אויף דעם האָט דער ווייסער מענדל גע־זאָגט:

— אויב דו טראָגסט אַ טלית־קטן, קויף איך בײַ דיר אַ שקל...

צו זיין גרויסער איבעראַשונג האָט דאָס קינד אים געוויזן דעם טלית־קטן. און דער ווייסער מענדל האָט נישט נאָר אַליין געקויפט אַ שקל, נאָר אַגיטירט אַנ־דערע זיי זאָלן ווערן באַזיצער פונעם שקל...

# די קאַמפּאַרטייַ אין פּאַלעניץ — אין דאָקומענטן

אסתר מאַרק
וואַרשע

## אַרייַנפיר

פּאַלעניץ און אומגעגנט האָבן אויך פאַרמאָגט אַן אייגענעם פּראָלעטאַריאַט, אַ ייִדישן און אַ פּוילישן. דער דאָזיקער פּראָלעטאַריאַט איז געווען ענלעך צו דער אַרבעטערשאַפט פון די אַנדערע שטעטלעך פון הינטער־וואַרשעווער ראַיאָן ובפרט פון דער „אָט־וואָצקער ליניע״, אָבער ער איז געווען אין אַ געוויסער הינזיכט אַנדערש ווי אין די אַנדערע טיפּישע ייִדישע שטעטלעך. אין טיפּישן ייִדישן שטעטל פון דער ווייַ־טערער פּראָווינץ זענען בײַ ייִדן — אַחוץ די טראַדי־ציאָנעלע ייִדישע פאַכן (שניידער, בעקער וכדומה) געווען אויך רעפּרעזענטירט אַזעלכע פאַכן, ווי, למשל, גאַרבער, סטאָליער, מאַליער, שטריקער, באַרשטנ־מאַכער און אַנדערע, וועלכע האָבן געאַרבעט נישט בלויז פאַרן באַשטעלער, נאָר אויך פאַרן ברייטן, אומ־באַקאַנטן קאָנסומענט, פאַרן מאַרק. דאָס טראַדיציאָ־נעלע שניידער־פאַך האָט אין ס׳רוב שטעטלעך פון דער ווייטער פּראָווינץ געאַרבעט „טאַנדייט״ — פאַרן ברייטן מאַרק.

אַוודאי זענען אויך אין אַזעלכע בייוואַרשעווער שטעטלעך, ווי פּאַלעניץ, געווען ייִדישע אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן, אָבער זיי זענען בדרך כלל גע־ווען באַשעפטיקט אין וואַרשע גופא. ווי באַקאַנט, האָבן אַ סך מענטשן געאַרבעט אָדער געהאַנדלט אין וואַר־שע און געוווינט אין פּאַלעניץ, אָדער אויף דער „ליניע״ בכלל.

אין פּאַלעניץ גופא זענען ייִדישע אַרבעטער ס׳רוב געווען באַשעפטיקט אין אַזעלכע פאַכן, וואָס זענען געווען נייטיק אויפן אָרט, באַדינענדיק נישט בלויז די אָרטיקע ייִדישע און אַרומיקע קריסטלעכע באַ־פעלקערונג, נאָר אויך און אפשר קודם כל די צוגע־פאָרענע דאַטשניקעס און געסט, בפרט אין די זומער־דיקע און יום־טובדיקע סעזאָנען. אין פּאַלעניץ זענען דרייַ ייִדישע פּראָלעטאַרישע פאַכן געווען אָרגאַניזירט און פאַרמאָגט אייגענע פּראָפאַריינען: די בעקער, די שניידער און די גאַסטראָנאָמישע. פון די אַלע פאַכן זענען די בעקער געווען די צאָלרייכסטע און צום בעסטן אָרגאַניזירטע.

דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט פון פּאַלעניץ און אומגעגנט האָט ס׳רוב געשטאַמט פון דאָרף און איז געווען באַשעפטיקט אין די אַרומיקע ציגל־פאַבריקן און טאַרטאַקן. עס איז אויך געווען אַ פּוילישער הויז־ווערכטער־פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זיך געפונען אונ־טערן איינפלוס פון „לעגיאָן מלאָדיך״, בעת די ציגל־אַרבעטער און די נישט צאָלרייכע פּוילישע בעקער־און גאַסטראָנאָמיע־אַרבעטער האָבן גראַוויטירט צו די קאָמוניסטן און צום טייל אויך צו די פּ.פּ.ס.

צווישן דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין פּאַלעניץ זענען געווען טעטיק עטלעכע פּאַרטייען: די קאָמו־ניסטישע, די לינקע און רעכטע פּועלי־ציון און דער „בונד״. אַזוי איז עס געווען אין אַלע ייִדישע שטעט־לעך. אָבער פּאַלעניץ האָט געהאַט אַ שם אַלס אַ פעס־טונג פון די קאָמוניסטן, און מען האָט דאָס שטעטל אָנגערופן: „דאָס רויטע פּאַלעניץ״, אָדער „קלייַן־מאָסקווע״. אין פּאַלעניץ זענען אָפט פאָרגעקומען פאַר־זאַמלונגען, מיטינגען, דעמאָנסטראַציעס, אַרעסטן, פּאָ־ליצייַ־שלעגערייען און אויך אינערלעכע קאָנפליקטן צווישן די באַזונדערע פּאַרטייען, קאָנפליקטן וואָס

האָבן זיך נישט זעלטן פאַרוואַנדלט אין קעגנזייטיקע שלעגערייען.

שטרייקן — דער רוב עקאָנאָמישע, אָבער אויך פּאָליטישע, זענען אין „רויטן פּאַלעניץ" געווען אַ זייער אָפטע דערשיינונג און נישט זעלטן געהאַט אַ פאַרבי־סענעם פאַרלויף.

אַ סך פון די טוער פון די אויבנדערמאָנטע פּאַר־טייען זענען געווען אַנגאַזשירט אין פּאָליטישער טע־טיקייט אין וואַרשע גופא. אַ סך קאָמוניסטישע טוער פון פּאַלעניץ זענען געווען טעטיק אין דער אומלע־גאַלער באַוועגונג פון וואַרשע. און פאַרקערט: נישט איין אומלעגאַלער טוער פון וואַרשע האָט געוווינט — סטאַביל אָדער צייטווייליק — אין פּאַלעניץ, דעקנ־דיק זיך דאָ קעגן דעם אויג פון דער געהיים־פּאָליציי.

די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון פּאַלעניץ האָט געהערט צום ראַיאָן: וואַרשע־הינטערשטאָט רעכטע זייט. דער פאַרשטייער פון געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמי־טעט פון וואַרשע־הינטערשטאָט, וואָס איז געווען צו־געטיילט צום דאָזיקן ראַיאָן, פלעגט שרייבן חודשדיקע באַריכטן פון דער לאַגע אויפן אָרט פאַרן געגנטלעכן קאָמיטעט און כמעט אין יעדן באַריכט דערמאָנט אין ראַפּאָרט אויך וועגן פּאַלעניץ. דאָס זענען, פאַר־שטייט זיך, געווען אומלעגאַלע באַריכטן. אַ גאַנצע גרופּע פון די דאָזיקע באַריכטן, וועלכע נעמען אַרום די יאָרן 1925—1937, זענען מיט אַ צייט צוריק געפונען געוואָרן. זיי געפינען זיך אַצינד אין אַרכיוו פון דעם אינסטיטוט פאַר פּאַרטיי־געשיכטע ביים צ.ק. פון דער פאַראייניקטער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי, אין וואַר־שע, וועלכער האָט עס באַקומען פון אַרכיוו פון געוו. קאָמינטערן אין מאָסקווע.

די באַריכטן זענען לאַקאָנישע און געשריבן אין אַ קאָנספּיראַטיוון און אָפטמאָל ספּעציפישן לשון — מיט קיצורים, פאַרשטעלטע רייד אא"וו. דאָך קומט בולט אַרויס דער גרויסער פּראָצענט יידן אין דער אָרטיקער קאָמוניסטישער באַוועגונג, די גרויסע צאָל יידישע קעמערלעך, די גרויסע קאַמפס־ענערגיע און פּאָליטישע געניטקייט פון די יידישע אַרבעטער. עס ווערט אין אַ קורצער און שנעלער שפּראַך איבערגעגעבן וועגן שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס, פּאָליטישע אַקציעס, מאַר־שן, אַרעסטן, טעראָר. די באַריכט־שרייבער, וועלכע פאַרמאָגן אַ ברייטערן בליק ווי די פּאַלעניצער טוער גופא, האָבן אָפטמאָל אויך ווערטער פון קריטיק אויפן אַדרעס פון די פּאַלעניצער חברים, דערזעען איין מאָל רעכטע טענדענצן, אַ צווייט מאָל לינקאַטשישע, סעק־טאַנטישע און אַוואַנטוריסטישע שטריכן אין דער אַרבעט פון דער פּאַלעניצער אָרגאַניזאַציע.

אין די באַריכטן ווערט אויך דערמאָנט די פּאַלע־ניצער „געזערד"־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך פאַר־נומען מיט פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון ביראָבידזשאַן. עס ווערן אויך דערמאָנט דער „בונד", די לינקע פּועלי־ציון, די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע פון די רעכטע פּועלי־ציון — „הפועל". עס איז אויך דאָ אַ רייד וועגן דער גרויסקייט פון אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגען, ספּעציעל ביי די יידישע קאָמוניסטן אין פּאַלעניץ. אין לויף פון די יאָרן — זינט 1926 ביז 1937 — האָבן זיך געענדערט די טאַקטיק און לאָזונגען פון דער קאָמפּאַר־טיי. אויב מיר הערן אין אַ געוויסן מאָמענט אַזעלכע ווערטער ווי „סאָציאַל־פאַשיזם", הערט מען אין די לעצטע באַריכטן מער וועגן איינהייט־פראָנט, איינ־הייטלעכן אַנטיפאַשיסטישן לאַגער אד"גל.

ווי לאַקאָניש די באַריכטן זאָלן נישט זיין, שטעלן זיי מיט זיך דאָך פאָר אַן אינטערעסאַנטן צושטייער צו דערקענען דאָס פּאָליטישע לעבן אין פּאַלעניץ בפרט און אין אַ יידיש־פּויליש שטעטל בכלל אין דער תקופה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות.

פון די באַריכטן האָבן מיר אַרויסגענומען בלויז די פּאַסוסן, וואָס האָבן אַ שייכות צו פּאַלעניץ, אָפט צוזאַמען מיט אַטוואַצק, און גיבן עס דאָ איבער אין דער עפנטלעכקייט. מיר פאַרעפנטלעכן אַ טייל פון די דאָזיקע דאָקומענטן (אין דער יידיש־איבערזעצונג) אין דעם סטיל ווי זיי זענען בשעתו געשריבן געוואָרן.

דער אויסוואַל פון די דאָקומענטן איז געמאַכט גע־וואָרן דורך דער מחברין פון דער הקדמה.

און איצט — „גיבן מיר אַ וואָרט" די דאָקומענטן גופא:

*

קפּפּ* אין פּאַלעניץ, 1928.

פונעם באַריכט פון קרייז־קאָמיטעט פון דער הינ־טערשטאָטישער וואַרשע, סעפּטעמבער 1928.

אָרגאַניזאַציאָנעלער צושטאַנד:

פּאַלעניצער דזשעלניצע צייל 27 פונקטן; יידישע קרייזלעך 17, געמישטע 1, יידישע 17; פאַבריקס־קרייזלעך 3, פּויערישע 8, פּאָלוואַרקישע 2; פּאַליאַקן

* קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן.

87, יידן 145; פויערים זענען פאַראַן 42, פאַרנאַלעס 8, גרויס־אינדוסטריעלע אַרבעטער 16.

צום קד (קאָמיטעט דזשעלניצאַווי) געהערן 3 פויע־רים, 2 פוילישע אַרבעטער (פון גרויסע פאַבריקן) און 4 יידישע אַרבעטער.

*

פאַלעניץ — קפפּ, 1929.

פונעם באַריכט פון ק.אָ. (קאָמיטעט אָקרעגגאַווי) פון דער הינטערשטאָטישער ווארשע פאַרן חודש אַפּ־ריל 1929.

פאַלעניץ. — אַזוי ווי אין אָטוואָצק, האָבן אויך אין פאַלעניץ געשטרייקט אַלע בוי־אַרבעטער, די הוטע ווי די קליינע ווארשטאַטן. אין חודש מאַי האָט מען אַדורכגעפירט עטלעכע מאַסוווקעס אין די פאַראיינען, אויף דער הוטע, אויף די בויאונגען, מ׳האָט אויסגע־טיילט אַן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט. די טעטיקייט פון קאָמיטעט איז אָבער געווען אַ נישט גענוגנדיקע, די אַקציעס האָט דער עיקר געפירט די פאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע און זמק.**

אויפן מיטינג, ווי אויף דער דעמאָנסטראַציע, זענען געווען בערך 1000 מענטשן, אַזוי פיל וויפל אין פאַ־ריקן יאָר. נאָר אין באַצוג צום פאַרגאַנגענעם יאָר, האָט זיך געפילט אַ געוויסע טעראָריזירונג פון די מאַסן. אויב פאַראַיאָרן האָט די אַרבעטער־מאַסע לע־בעדיק רעאַגירט אויף יעדן פרווו מצד דער פאָליציי, אַזוי איז הײַ־יאָר דער מיטינג, ווי אויך די דעמאָנ־סטראַציע, פאָרגעקומען לויטן פאָליציייאישן דיקטאַט. די טריבונע, אויף וועלכער ס׳האָבן גערעדט די רעד־נער, איז געווען אַרומגעשטעלט מיט אַ געשלאָסענעם פאָליציי־קאָרדאָן און יעדעס וואָרט איז דורכן קאָמי־סאַר קאָריגירט געוואָרן, דערבײַ האָט די מאַסע זיך פאַרהאַלטן פאַסיוו, נישט רעאַגירנדיק אויף דעם. די אַרויסטרעטונגען פון די רעדנערס זענען געווען אַבסאָלוט נישט באַפרידיקנדיק. די וויכטיקסטע פאָ־ליטישע מאָמענטן, ווי מלחמה־געפאַר, פאַשיסטישע דיקטאַטור, זענען נישט באַרירט געוואָרן, אָדער אויף אַזאַ אופן ווי עס ריידן פעפעסאָוצעס וועגן אימפּע־ריאַליסטישער מלחמה אָדער קעגן פאַשיזם אין אַלגע־מייך. די אָרגאַניזאַציע פון זעלבשוץ האָט לגמרי נישט אַרויסגעוויזן קיין סימנים פון לעבן. קיין פאַר־טיי־פאַן איז נישט געווען.

*

פונעם באַריכט פון אָק וואַרשאַווא־פאָדמיעיסקאַ פאַרן חודש אַפּריל, און דער פאַרלויף פון 1טן מאַי 1929.

דזשעלניצע פאַלעניץ — אָרגאַניזאַציאָנעלער באַ־שטאַנד:

| | | |
|---|---|---|
| פאַלעניץ — 2 קעמערלעך ייד. אַרבעטער | 13 פערזאָן. | |
| אָטוואָצק — 2 יידישע, 1 פוילישע | 13 פערזאָן. | |
| קאָלאָביעל — 1 קעמערל פון פויערים | 10 פערזאָן. | |
| קאַרטשעוו — 1 קעמערל ייד. אַרבעטער | 5 פערזאָן. | |
| פאַריסאָוו — 1 קעמערל ייד. אַרבעטער | 2 פערזאָן. | |

צוזאַמען: 7 קעמערלעך, 1 פויערישס.

43 פערזאָן, 32 יידן, 4 פרויען.

מאַי־צוגרייטונגען: פאַלעניץ — 7 מאַסוווקעס, אין וועלכע ס׳האָבן זיך באַטייליקט 410 מענטשן, 5 יידישע מאַסוווקעס, 2 פוילישע מאַסוווקעס. מ׳האָט אויסגע־טיילט 5 קעמערלעך — 21 פערזאָן.

קאָלאָביעל — אַ מאַסוווקע מיטן אָנטייל פון 18 פויערים.

קאַרטשעוו — מיטן אָנטייל פון 80 מענטשן.

פאַרלויף פון ערשטן מאַי: פאַלעניץ — אויפן מיטינג — 800 אַרבעטער, אין דער דעמאָנסטראַציע — 600 פערזאָן. בעת דער רעדע האָט מען אויף די דראָטן אויפגעהאַנגען 2 פענדלעך. מ׳האָט אויפגעהויבן די פאַרטיי־פאָן. די פאָליציי האָט זיך פאַרהאַלטן פאַסיוו.

*

מע האָט דערגרייכט אַ לוין־הוספה פון 15%—24 און אַ 10־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. אויסער דעם — אַ גאַנצע ריי שטרייקן אין פאַרשידענע שטעטלעך. די וועבער אין קאַלושין, די קאָמאַשנמאַכער אין גער, די שוסטער אין פאַלעניץ, אָטוואָצק, פאַריסאָוו, נאָווי־דוואָר אאַז״וו, דאַקעגן קיין שום אַקציע אין די גרויס־אינדוסטריעלע צענטערס.

פאַלעניץ, פאַרן 7טן (נאָוועמבער). מאַסוווקעס אין די פאַראיינען, באַטייליקט 250 פערזאָן, דאָס זעלבע אין אָטוואָצק, באַטייליקט 100 פערזאָן. פאַלעניץ האָט אַרויסגעלאָזט 40 פלאַקאַטן מיט לאָזונגען און אויפגע־האַנגען 10 פענער (פאַרטייאישע 7, זמק 2, מאָפּר 1). 5טער דעצעמבער. אַ האַלבטאָגיקער שטרייק אין

** קאָמוניסטישער יוגנט־פאַרבאַנד.

דער גלאָז־הוטע אין פאַלעניץ און דערנאָך אַ דע־מאָנסטראַציע פון 200 פערזאָן, וועלכע האָט געדויערט 3 שעה (פון 3 ביז 6). פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליציי האָט די גאַנצע צייט אינטערוועניערט, נישט צולאָזנ־דיק צו איר, שיסנדיק דאָס מאָל אין דער לופט. די אַרבעטער האָבן אָפּגעשלאָגן די אַרעסטירטע, איין פּאָליציאַנט איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין קאָפּ פון אַ שטיין.

דער רייך־פּאָליטישער שטרייק קעגן פאַשיזם, נישט פאַרבינדן מיט די וועזנטלעכע וויטיקן פונעם הוטע־פּראָלעטאַריאַט, איז געשטאַנען אונטערן צייכן, ווי כ׳וועל זיך אויסדריקן, פון אַ ריין אַבסטראַקטער אַק־ציע, דערזועקנדיק ביי די הוטע־אַרבעטער רעפלעקס; פון אומגלויבן אין דער ווירקזאַמקייט פון אַזעלכע מין אַרויסטרעטונגען. מיט איין וואָרט, דער שטרייק האָט באַוויזן און דאַרף זיין אַ וואָרענונג פאַר דער פּאַרטיי ווי אַזוי אַזעלכע אַקציעס נישט צו פירן.

*

פונעם אָרגאַניזאַציאָנעלן באַריכט פון אָק פון דער הינטערשטאָטישער וואַרשע, יאַנואַר 1930.

נאָכן אַרעסטירן דעם אַקטיוו אין דער הוטע אין פאַלעניץ, זענען פאָרגעקומען רעדוקציעס. אַזוי אַרום איז דעם פאַשיזם געלונגען צו צעברעכן דעם ווידער־שטאַנד קעגן דער רעדוקציע און ראַציאָנאַליזאַציע אין דער אַרבעט.

*

פונעם באַריכט פון דער וואַל־אַקציע אין יאָר 1930.

פאַרלויף פון מאַי: פאַלעניץ — אויפן מיטינג זע־נען געווען אָנוועזנד 800 אַרבעטער, אין דער דעמאָנ־סטראַציע 600 פערזאָן. בעת דער רעדע האָט מען אויפגעהאָנגען אויף די דראָטן 3 פענער. די פּאַרטיי־פאָן האָט מען אויפגעהויבן. די פּאָליציי האָט זיך פאַרהאַלטן פּאַסיוו.

*

פונעם באַריכט פון אָק פון 15טן דעצעמבער ביזן 15טן פעברואַר 1931.

אין פאַלעניץ איז פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטלאָזע.

באַטייליקטע — אַן ערך 200 ביז 250 מענטשן.

*

פונעם באַריכט פון אָק פאַר מאַי־יוני 1931 יאָר. בעקער־שטרייק אין פאַלעניץ. די בעקערס פאָרדי־נען 20 זלאָטעס אַ טאָג. מ׳האָט אַרויסגערוקט אַ פאָ־דערונג וועגן 30 זלאָטעס פאַר דער צייט פון סעזאָן. נאָך אַן איין־טאָגיקן שטרייק האָט מען געזיגט. גע־שטרייקט האָבן 32.

אויסער דעם זענען פאָרגעקומען אַ ריי קורצע שטרייקן אין אַנדערע פאַכן אין פאַלעניץ. פון עטלעכע און מערער אַרבעטער. דעם שטרייק האָט מען געווו־נען.

לינקאַטשישע און רעכטע פעלערן. לעגאַליסטישע פעלערן אין דער אַקציע פון 1טן מאַי. אַ ריי לינקאָ־טשישע פעלערן אין דער טעטיקייט פון דער פּאַלע־ניצער אָרגאַניזאַציע (פאַלשע פּאַראיינס־טעטיקייט, דאָס נישט געבן קיין אַרבעט בונדישע אַרבעטער), ווי אויך די היפּער־לינקע פעלערן אין דער פריערדיקער תקופה, האָבן פאַר אונדז געשאַפן אַ נויטווענדיקייט אונטערצונעמען אַ קאַמפּאַניע אין קאַמף אויף צוויי פראָנטן.

*

פונעם באַריכט פאַר אויגוסט־סעפּטעמבער 1931.

פאַלעניץ: שטרייק פון 80 בעקערס קעגן אַראָפּ־נידערן דעם לוין. געדויערט 10 טעג, דערביי האָט מען אַרעסטירט 6 חברים און זיי געשטעלט פאַר אַ שנעל־געריכט. דער אונטערנעמער ביי וועלכן ס׳האָבן געאַרבעט שטרייקברעכערס, האָט צעשלאָגן דעם פאַרשטייער פון די בעקער־אַרבעטער. אַלס ענטפער אויף דעם האָבן דעם 23.8 דעמאָנסטרירט 120 מענ־טשן, אויסגעהאַקט די שויבן אין דער בעקעריי מיט די שטרייקברעכערס, דעמאָלירט עטלעכע געוועלבער וואָס האָבן פאַרקויפט ברויט פון דער דאָזיקער בע־קעריי. דער שטרייק איז געבראָכן געוואָרן, די אַרבע־טער זענען צוגעטראָטן אַרבעטן אויף נייע באַדינגונ־גען, פאַרלירנדיק 12 זלאָטעס אַ וואָך, לויט דעם לוין פון פאָריקן יאָר. דער אָפּמאַך איז אונטערגעשריבן געוואָרן אויף 3 חדשים מיטן באַדינג, אַז די אַרעס־טירטע אַרבעטער וועט מען באַפרייען. די אונטערנע־מער זענען אויף דעם איינגעגאַנגען און די אַרבעטער זענען באַפרייט געוואָרן.

*

פּאָליטיש־אָרגאַניזאַציאָנעלער באַריכט פון קרייז־קאָמיטעט פון דער הינטערשטאָטישער רעכט־ברעגי־קער וואַרשע פאַר דער צייט מאַי־יולי 1933.

פאַלעניץ: מיטינג 800 פערזאָן. דעמאָנסטראַציע

ביז 500. קיין פּאָן איז נישט געווען, מיטן אויסרייד, אַז אַ טאָג פריער איז געווען אַ דורכפאַל און מ׳האָט די פּענער צוגענומען.

די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען נעמען אַרום אַלע פאַכן. דער חוט־השדרה — די בעקערס.

אָטוואָצק־פאַלעניץ: אויף דער גאַנצער ליניע זע־נען אין מאַי און יוני געפירט געוואָרן אַקציעס צו אָנערקענען די פּאַראיינען און זייערע באַדינגונגען.

פאַלעניץ: צווײ־מאָליקע אַקציע פון די בעקערס אין יוני און יולי וועגן אַ סעזאָן־העכערונג פון 90

און אָרגאַניזאַציאָנעלן צושטאַנד פון געזערד: אָט־וואָצק — 60 באַטײליקטע, פאַלעניץ — 56.

*

פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען אין פאַלעניץ:

בעקער — 38 אַרבעטער (6 פּוילישע).

טראַנספּאָרט — 11 אַרבעטער (אומלעגאַל).

שניידער — 15 אַרבעטער.

*

פונעם באַריכט פאַר מאַי 1936. קורצער באַריכט פון 1טן מאַי.




הפגנה אנטי־מלחמתית בפאַלניץ (1931)

אַנטי־מלחמה־דעמאָנסטראַציע אין 1931

גראָשן אויף 1,10 זלאָטע; פון 1,10 — אויף 1,40 וועכנטלעך. די ערשטע אַקציע געוווּנען, די צווייטע אויף 1,32.

*

פונעם באַריכט פאַר די חדשים אָקטאָבער־נאָוועמבער 1934.

קאַמפּאַניע פאַרן איינהייטס־פראָנט. אין פאַלעניץ — אַ פאַרלעזונג וועגן איינהייטס־פראָנט מיטן אָנטייל פון 80 מענטשן. אין פּאַריסאָוו — 70.

פאַרלעזונגען וועגן ביראָבידזשאַן און פּאַלעסטינע

פאַלעניץ. צו אַ פאַרשטענדיקונג מיטן „בונד" איז נישט געקומען, ווייל זיי זענען געפאַרן קיין וואַרשע דעמאָנסטרירן. דאַקעגן האָט פּועלי־ציון, נאָך פּרוכט־לאָזע באַמיאונגען אַרויסצורוקן נאַציאָנאַליסטישע לאָ־זונגען, דעמאָנסטרירט אונטערן פּאָן פון „הפּועל" — צוזאַמען מיט אונדז. פריער זענען פאָרגעקומען מאַ־סוווקעס אין פּאַראיין און אין ספּאָרט־קלוב, אויך אַ יידישער מיטינג. די דעמאָנסטראַציע האָט געציילט ..... אַרבעטער. פון דעם אַ טייל פּוילישע. פאָראויס — די פּאָן פון איינהייטלעכן פראָנט. ווייטער די טראַנס־

פּאַרענטן. די פּאָן פון „הפועל". די אַקאַדעמיע האָט צונויפגעזאַמלט 800 מענטשן. עס האָבן גערעדט 2 צי 3 אונדזערע רעדנער און איין פּועלי־ציוניסט. אַ רעזאָלוציע פון איינהייטלעכן פראָנט.

טעכנישע אַקציע: עטלעכע צענדליק פּלאַקאַטן, קאַלפּאַרטאַזש און אַ צאָל פּענער.

*

פונעם באַריכט פאַר דער תקופה פון 15.5 ביזן 15.6 1937.

פּאַלעניץ: ס'איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק פון די יידישע און פּוילישע פּליש־אַרבעטער און פון שעכט־הויז, וועלכער האָט אַרומגענומען 50 מענטשן, געווו־נען דאָס שעכטהויז און אַ טייל יידישע וורשטן־אַר־בעטער און פּוילישע (4 פּוילישע פאַבריקלעך). זיי האָבן מסכים געווען צו דערלייגן, נאָר נישט אונטער־געשריבן דעם אָפּמאַך.

גלייכצייטיק האָבן פאַרשטרייקט די בעקער אין אַ צאָל פון 38. דער שטרייק איז געווען אַ זייער שווערער צום געווינען, ר'האָט געדויערט 10 טעג. די מייסטערס האָבן באַשולדיקט די בעקערס אין מיניסטעריום, אַז פּאַלעניץ פאָדערט אויפגעשרויפטע פּרייזן, ספּעציעל כדי ס'זאָל זיין אַ שטרייק. אויף דער קאָנפערענץ איז געקומען אַ פאַרשטייער פון דער סאָציאַלער הילף, וועלכער האָט געדראָט, אַז ער וועט מאַכן קאָטלעטן פון די בעקערס... אונדזערע האָבן אויפגעוויזן, אַז די מייסטערס שאַנטאַזשירן און אַזוי ווייטער און אַזוי אַוועקגעשטעלט די מייסטערס, אַז זיי זענען געבליבן שולדיק און — געווונען דעם שטרייק. זייער סטאַווקע איז 17.50 אַ טאָג און די מייסטערס האָבן שוין אָן אַ קאָנפערענץ אונטערגעשריבן.

באַלד דערנאָך איז אויסגעבראָכן אַ בוי־שטרייק. אין 3 טעג אַרום איז ער געווונען געוואָרן. צום ערשטן מאָל ווי די פּאַלעניצער בוי־אַרבעטער האָבן אַ קאָלעקטיוון אָפּמאַך. דער שטרייק האָט אַרומגענו־מען 200 אַרבעטער.

# קאָמוניסטישע פּאַרטיי און פּראָפ'־פאַראיינען

אלי סאָלניצקי
פּאַריז

פּאַלעניץ האָט נישט פאַרמאָגט קיין גרויסן יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס זאָל זיין קאָנצענטרירט אין גרעס־סערע פאַבריקן. אָבער דאָס מיינט נישט, אַז אין שטעטל זאָל נישט האָבן געווען קיין קלאַסן־דיפערענ־צירונג. ווייל אויסער די שטענדיקע אַרבעטער, באַ־שעפטיקטע ביי קלענערע און גרעסערע אונטערנע־מער, האָבן איבער 100 פאַמיליעס געלעבט אין פּאַלע־ניץ פון דעם וואָס זיי האָבן באַדינט די פאַרמעגלעכע יידן, וועלכע זענען געקומען אַהער אויף זומער־ווווי־נונג. צו דעם האָט אונדזער שטעטל אַדורכגעמאַכט דעם זעלבן פּראָצעס פון ראַדיקאַליזאַציע, פון זוכן נייע פאָרמען, וועלטלעכקייט און סאָציאַלן פּראָגרעס אין יידישן לעבן, באַפרייען זיך פון די רעליגיעזע דאָגמעס.

די דאָזיקע שטרעבונג האָט געהאַט איר מקור אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. די רעוואָלוציאָנערע ראָ־מאַנטיק און אידעאָלאָגיע האָט באַהערשט אַ קאַטע־גאָריע מענטשן, וואָס נישט געקוקט אויף די דראָענ־דיקע געפאַרן צוליבן געהערן צו דער אומלעגאַלער און פאַרבאָטענער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן, האָבן זיי גענומען אויף זיך דעם עול און ריזיקע. דעם ערשטן שטויס אין פּאַלעניץ האָט געגעבן דער ביל־דונגס־פאַראיין, וועלכער האָט געשאַפן אַלע פאַרבאָ־טענע פאַרבאָ־דינגונגען אויפצושטעלן אַ פּאָליטישע פּאַרטיי.

אין יאָר 1922 איז קיין פּאַלעניץ געקומען פעליקס ראָט, כדי צו שאַפן די פּאַרטיי אין שטעטל און אין דער סביבה. זיין צופרידנקייט איז געווען גרויס, ווייל ר'האָט דאָ געפונען דעם פּאַסיקן באָדן און קודם־כל — די געהעריקע מענטשן.

אין 1926 באַזעצט זיך ראָט מיט זיין פאַמיליע אין פּאַלעניץ.

די ערשטע אויפגאַבע וואָס איז אַרויפגעלייגט גע־וואָרן אויף די ניי־וואָרבירטע מיטגלידער איז געווען: איינשטעלן קאָנטאַקטן מיט דער פּוילישער באַפעלקע־

רונג. מיר זענען דאָך געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלע באַוועגונג. האָט מען צווישן די אַרומיקע פּויערים אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע פלוגבלעטלעך, אויפרופן און בראָשורן, וועלכע זענען אויף אַ קאָנ־ספּיראַטיוון אופן בשפע געבראַכט געוואָרן פון וואַרשע. אָבער נאָך וויכטיקער איז געווען צו זאָרגן, אַז די דאָזיקע ליטעראַטור זאָל דערגיין אויף ערטער, ווו עס קומען זיך צונויף גרעסערע צאָלן אַרבעטער: די באַן־סטאַציע, פאַבריקן. אין די אָוונטן פלעגט מען אַרויס־גיין אויף די פּלעצער, קלעבן אָדער פאַרטיילן די פלוגבלעטלעך און ביי דער געלעגנהייט אויך אויפ־הענגען אַ רויט פענדל. די פּאָליציי איז אַ צערודערטע און אויפגערעגטע אַרומגעלאָפן איבער פּאַלעניץ און אין דער סביבה, זוכנדיק די „פאַרברעכער". דערביי זענען אָפט פאַרהאַלטן געוואָרן אומשולדיקע מענטשן...

דאָס איז געווען אין שטח פון דער פּאַרטייאישער טעטיקייט. מיטן אַנטשטיין פון פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען אין פּאַלעניץ, וואָס איז דער עיקר איניציאירט געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז דער טעטיקייטס־געביט באַדייטנדיק אויסגעברייטערט גע־וואָרן. דער פאַקט וואָס פּאַלעניץ איז געווען אַ דאַ־טשע־אָרט, האָט גורם געווען צו דער אַנטשטייאונג פון עטלעכע בעקערייען, מיט אַ גרעסערער צאָל באַ־שעפטיקטע לויז־אַרבעטער. עס האָט זיך געפאָדערט אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אויסקעמ־פן בעסערע באַדינגונגען, רעגולירן די אַרבעטס־פאַר־טיילונג. דער ערשטער סעקרעטאַר פון בעקער־פאַר־איין איז געווען ישראל גאָלדבערג, וועלכער איז נאָר וואָס געוואָרן אַ בעקער און איז שוין געווען אַן איבערצייגטער קאָמוניסט. גאָלדבערג האָט אַוועק־געגעבן אַ סך כוחות און מי פאַרן פאַראיין. די פּאַרטיי האָט דעם בעקער־פאַראיין געשאָנקען פיל אויפמערקזאַמקייט, סיי צוליבן מענטשן־מאַטעריאַל און סיי צוליבן הערשן איבער דער אַרבעטס־פאַרטיילונג. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אין בעקער־פאַראיין געהאַט אַן אַבסאָלוטע השפּעה. שמואל קאַמיאָנקאָווסקי (וועלכער האָט אויך געאַרבעט ביי דער יוגנט), איזיק גוטמאַרק, מאיר מאשינסקי, בינם יאַוואָרסקי, אברהם־יצחק גאָלדפאַרב און צענדליקער אַנדערע, האָבן אָפּ־געהיטן דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון פאַראיין און גע־זאָרגט פאַר זיין וווקס, אַנטוויקלונג און פאַרצווייגטער טעטיקייט.

שווער אויסצורעכענען אַלע אַקציעס, וועלכע דער בעקער־פאַראיין האָט אין משך פון יאָרן געפירט מיט גרויס דערפאָלג. נאָר אויף צוויי מאָמענטן וויל איך זיך יאָ אָפּשטעלן: א) צוליב דעם גוטן לוין וואָס אַ פּאַלעניצער בעקער־אַרבעטער האָט באַקומען, פלעגן אין זומער־סעזאָן זיין באַשעפטיקט ביים פאַך אויך בעקערס, און טייל מאָל — נישט קיין קוואַליפי־צירטע, נאָר פון אַנדערע פּראָפעסיעס. און זיי האָבן אויך געוואָלט זאָגן אַ דעה אין פאַראיין. די בעקער־אַר־בעטער האָבן פאַרשטאַנען די געפאַרן און נישט געלאָזט זיך באַהערשן דורך דעם דאָזיקן עלעמענט. אויף דעם באָדן איז אָפּטמאָל געקומען צו געשלעגן. אַלע געדענ־קען דעם פאַקט, אַז דער יונגער בינם האָט גוט אָנ־געבראָכן די ביינער דעם שטאַרקן בערל קאָמבינאַ־טאָר. און דאָס איז שוין געווען אַ וואָרענונג אויך פאַר אַנדערע... ב) נאָכן יאָר 1926, ווען פּילסודסקי איז געקומען צו דער מאַכט, האָבן זיינע אָנהענגער גע־וואָלט אויפשטעלן אייגענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיי־נען דורך די א. ג. „פּראַקעס". זיי האָבן געפּרוווט זייער כוח אויך אין פּאַלעניץ, האָבנדיק צו הילף די פּוילישע בעקערייען־אייגנטימער, וועלכע האָבן גע־וואָלט צעברעכן דעם יידישן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. באַאיוווקעס פון די „פּראַקעס" פלעגן אַזש פון וואַרשע קומען קיין פּאַלעניץ און געוואָלט אָנוואַרפן טעראָר און פּחד אויף אונדזער פאַראיין. די מיטגלידער האָבן זיך נישט געלאָזט פּראָוואָצירן — און אויך נישט מוותר געווען. דער רעזולטאַט: די „פּראַקעס" האָבן נאָך עטלעכע יאָר פאַרמעסטן, געמוזט פאַרלאָזן פּאַ־לעניץ מיט גאָרנישט. דאָס איז געווען אַ גרויסער פּאָליטישער נצחון.

די אַנטשטייאונג פון בעקער־פאַראיין און זיין לעב־האַפטע טעטיקייט באַלד אין אָנהייב, האָט משפּיע געווען צו גרינדן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון האָלץ־ און לעדער־אַרבעטער. באַזונדערס שנעל איז זיך צעוואַקסן דער האָלץ־פאַראיין, ווייל די יידישע יוגנט האָט זיך געוואָרפן צו סטאָלעריי. דער ערשטער סעקרעטאַר איז געווען מרדכי פּאַסעסאָרסקי, אַ זייער פעיקער און איבערגעגעבענער בחור, וועלכער איז יונג געשטאָרבן.

צום סטאָליער־פאַראיין האָט געהערט אַ באַוווסט־זיניקער עלעמענט, מיט אַ ריי אַקטיווע טוער, וועלכע האָבן געהאַט אַ סך דערפאַרונג אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט: אהרון אורטרעגער (שפּעטער געקומען אומ־

לעגאַל קיין פראַנקרייך און אויך דאָרט געווען אַק־טיוו אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג); דער גרוי־סער הערש, וועלכער איז געווען זייער איבערגעגעבן דעם פאַראיין; יאַנקל קלעמבערג, געווען אויך טעטיק ביי דער יוגנט; יעקב יוסף באַסקי, וועלכער האָט אָנעם וויסן פון די עלטערן, פאַרלאָזט פּאַלעניץ און אַרויס־געפאָרן קיין פראַנקרייך. זיין היים האָט גע־דינט אַלס זאַמלפּונקט פאַר אַרבעטלאָזע אימיגראַנטן אין פּאַריז. ער איז אומגעקומען אין אוישוויץ. געהאָלפן אין דער אַרבעט האָבן נאָך צוויי ברידער לאָקעטש און די חברים שמחה סאַלניצקי און יוסף סטזשעסאַק. די לעצטע צוויי זענען געווען טעטיק אויף אַנדערע גע־ביטן, נאָר זייער קליינע מיטהילף דעם האַלץ־פאַראיין, איז געווען פון גרויסער חשיבות.

אין דער האָלץ־בראַנזשע זענען געווען עטלעכע גרוי־סע אונטערנעמערס און מיט זיי איז געפירט געוואָרן אַ פאַרביטערטער קאַמף. נישט איין מאָל האָט זיך אַריינגעמישט פּאָליציי. די אונטערנעמערס האָבן באַ־זונדערס זיך קעגנגעשטעלט דאָס צוטיילן אַרבעטס־טעג די פאַראיינס־מיטגלידער, וואָס זענען געבליבן אָן באַשעפטיקונג. נאָר אַ דאַנק דער סאָלידאַריטעט פון די האָלץ־אַרבעטער, איז קעגן דעם ווילן פון די מייסטערס געלונגען צו טיילן די אַרבעט ווי דער פאַראיין האָט געהאַלטן פאַר נייטיק.

אין דער אָנפירונג פון לעדער־פאַראיין זענען גע־שטאַנען: שיע סאַבעל, מאיר פּאַסקאַלינסקי, אלי ראַ־דאָשטשער. די לעדער־בראַנזשע אין פּאַלעניץ האָט באַשעפטיקט אויך צוגערייזטע אַרבעטער. צוליב דער ספּעציפישער לאַגע אין דעם פאַך, האָט זיך געפאָדערט אַ באַזונדערע וואַכזאַמקייט. דער פאַראיין האָט אָפט געמוזט שטיצן גאַנצע פאַמיליעס, וואָס איז געטאָן געוואָרן מיט פיל טאַקט.

אין גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען האָט געאַרבעט דער פאַראיין פון די נאָדל־אַרבעטער. אין דעם פאַך איז זומער לגמרי נישט געווען קיין באַשעפטיקונג, אוי־סער ביי די קליידער־שניידערינס. די מענער־פרי־וואַט־שניידער זענען נישט געווען אַזוי שטאַרק באַשעפ־טיקט, ווייל אַ גרויסער טייל פון דער פּאַלעניצער יוגנט האָט געאַרבעט אין דער הויפּטשטאָט. ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן אין פּאַלעניץ זיך באַזעצט עטלעכע מייסטערס און אָנגעהויבן אַר־בעטן פאַר וואַרשע. דאָס פאַך האָט אויפגעלעבט, עס זענען געווען באַשעפטיקט עטלעכע צענדליק היימי־שע נאָדל־אַרבעטער. דערביי איז אַנטשטאַנען אַ געוויס קאָמפּליצירטע לאַגע: מ'האָט זיך געמוזט רעכענען מיטן ספּעציפישן מצב פון די כאַלופּניקעס און נישט געטאָרט איבערציען דאָס שטריקל בנוגע לוין־פאָ־דערונגען און סאָציאַלע פאַרזיכערונגען. מ'האָט אָבער נישט מוותר געווען אין דער פראַגע פון רעגולירן די אַרבעטס־צייט, וואָס האָט דערפירט צו שטרייקן און סיכסוכים. אויך דער נאָדל־פאַראיין האָט געמעגט זיין שטאָלץ מיט זיין שיינער טעטיקייט און איבערגעגע־בענע טוער, ווי: איטשע בערנאַרד, בנימין פּאַסקאַלינ־סקי, אהרון מאיר, גרונם ראַבאַק, אברהם קוואַס און אַנדערע.

אין רעזולטאַט פון דער פאַרצווייגטער פּראָפעסיאָ־נעלער טעטיקייט אין פּאַלעניץ, איז געשאַפן געוואָרן אַ ראַט וואָס האָט געהאַט די קאָנטראָל אויך איבער יענע אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט נאָר אין זומער־סעזאָנען און ביי באַשטימטע אַרבעטן, ווי: די אָנגעשטעלטע אין די דאַטשע־געוועלבער, טרע־גערס, אַרבעטער אין די סאָדעוואַסער־פאַבריקלעך א״אַנד. ספּעציעלע פאַך־סעקציעס האָבן זיך פאַרנו־מען נישט נאָר מיט ריין־פּראָפעסיאָנעלע ענינים, נאָר אויך געזאָרגט פאַר קולטור. ערשטער סעקרעטאַר פון ראַט איז געווען שמחה סאַלניצקי און ערשטער פאָר־זיצער — דער שרייבער פון די שורות. באַזונדערס אַקטיוו איז געווען טוביה לאַטאַוויצקי (וויצע־סעקרע־טאַר), וועלכער האָט פּאַקטיש אָנגעפירט כמעט מיט דער גאַנצער אַרבעט. יעדער איז געווען פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר זיין געביט. בעצם איז דאָס געווען די לעגאַלע אָנפירנדיקע אינסטאַנץ, וואָס האָט קאָנטראָ־לירט און אָנגעפירט מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּאַלעניץ.

אַ באַזונדערס הערלעך קאַפּיטל איז פאַרצייכנט געוואָרן אויפן קולטורעלן געביט. 2—3 מאָל אַ וואָך זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע אונטערנעמונגען: אַ קעסטל־אָוונט, פאָרלעזונג, אַ לעבעדיקע צייטונג, אַ פאָרשטעלונג פון דראַמאַטישן קרייז. די לאָזונג וואָס איז געהאַנגען אין לאָקאַל — „וויסן איז מאַכט" — איז דורך אונדז אָפּגעהיטן געוואָרן פּולשטענדיק. כדאי אונטערצושטרייכן, אַז דער רוב מנין ובנין פון די אַלע אונטערנעמונגען איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט אייגענע כוחות. אויך אויף דעם שטח זענען מיר פּרי־ווילעגירט געוואָרן פון דער צענטראַלע אין וואַרשע. קיין פּאַלעניץ פלעגן אָפט אַראָפּקומען די חברים זאַ־

לאַטאָוו, הערצקע (פון מעטאַל־פאַראיין), וואָלעק (אומ־געקומען אין פראַנקרייך), בערל גוטמאַן, אהרון וואַל און פיל אַנדערע.

אין די ווינטער־חדשים האָבן מיר איינגעשטעלט אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט. אַ ציקל לעקציעס אויף אַ וויסנשאַפטלעכער טעמע איז דערקלערט געוואָרן אין אַ פּאָפּולערער שפּראַך און דערביי זענען אויפגע־קלערט געוואָרן גענוג קאָמפּליצירטע פראַגן. אויף דעם געביט האָבן אונדז געהאָלפן פיל חברים, וואָס זענען געקומען באַזוכן פאַלעניץ, ווי מאַלאַטשינסקי, וועמענס מוטער האָט געוווינט אין אונדזער שטעטל; דער לעקציעס וואָס זענען געפירט געוואָרן אויף די פּאַרטיי־קעמערלעך, פּראַקציעס, „רויטע הילף" („מאָפּר") — וועט זיך באַקומען אַ פּרעכטיק בילד פון אַ ברייט־פאַרצווייגטער קולטור־אַרבעט, מיט וועלכער קיין שום אַנדערע באַוועגונג אין שטעטל האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגלייכן.

אויך אויפן ספּאָרט־געביט איז אונדזער פאַראיין געווען אַ מוסטער — סיי אין הינזיכט פון פיזישער דערציאונג, ווי אין הינזיכט פון קולטור־אַרבעט.

מיטן אַנטשטיין פון טאַרטאַק און דערנאָך די הוטע אין פאַלעניץ, זענען צוגעקומען צוויי וויכטיקע אַרבע־



קבוצת חברי המפלגה ב„קולטור־פאַראיין"

אַ גרופּע פּאַרטיי־חברים פון „קולטור־פאַראיין"

קליינער שלום פון פלאָצק, וואָס האָט באַזיצט אַ סך וויסן און בילדונג. ער אַליין האָט געקאָנט רעפערירן איבער פאַרשידענע סאָציאַליסטישע טעמעס, אַפילו — כעמיע. אויך חיים אַנקע־מאַן פון זשעלעכאָוו, וועלכער איז געוואָרן אַ פאַלעניצער תושב, האָט פיל געהאָלפן אין דער אַרבעט. ער האָט געהערט צו די אַלטע, אויס־געפּרוּווטע קאַדרען פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג און זיין אַקטיוויטעט איז געווען אַ באַדייטנדיקע.

אויב מיר וועלן צו דעם אַלעמען צוגעבן נאָך די טער־פּלאַצוווקעס. אויך דאָ האָט מען געפונען די פּאַ־סיקע קאַנדידאַטן וואָס האָבן געהאַט אַן אָפן האַרץ און אויער פאַר די אידעאַלן פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג. צומערשט — מיט דער הילף פון ליטעראַ־טור, שפּעטער — אויף צוזאַמענטרעפן און אין פּרי־וואַטע געשפּרעכן, איז געלונגען איינצושטעלן אַן אַק־טיוו חברים, יוגנטלעכע ווי עלטערע, וועלכע האָבן זיך באַהאַפטן מיט דער פּאַרטיי. אויך די פייערונגען אין טאָג פון ערשטן מאַי זענען אויסגעפאַלן אימפּאַ־

זאַנט. מיר האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז אין קיין שום אונטערנעמונג זאָל מען נישט אַרבעטן. אין לאָקאַל פון די פאַראײנען איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַן אַקאַדעמיע, אויף וועלכער מ׳האָט אויפגעקלערט די באַדייטונג פון אַרבעטער־יום־טוב.

אין יאָר 1925 איז צוזאַמען מיט די אָטוואָצקער חברים אַדורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע גאַסן־דעמאָנסטראַציע. אונדזער ווענדונג צו די לינקע פּועלי־ציון און צום „בונד" וועגן אַ בשותפותדיקער דעמאָנסטראַציע, איז נאָך לאַנגע און שווערע פאַרהאַנדלונגען — אָנגענומען געוואָרן. גאַנץ פרי האָבן יידישע אַרבעטער אין פּאַלעניץ, יוגנט און עלטערע, פאַרלאָזט זייערע היימען און ווער צופוס, ווער אויף ראָווערן, זיך געלאָזט קיין אָטוואָצק, אַזוי ווי די דעמאָנסטראַציע איז לעגאַליזירט געוואָרן, האָט די פּאַלעניצער פּאָליציי אונדז „באַגלייט" ביז אָטוואָצק און דאָרט שוין פאַרבליבן ביז נאָך דעם יומטוב... געעפנט דעם געמיינזאַמען מיטינג האָט פעליקס ראָט און ביי דער געלעגנהייט דערקלערט די פאַרזאַמלטע וועלכע לאָזונגען זיי טאָרן נישט וואַרפן, ווי: „זאָל לעבן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי", „זאָל לעבן דער ראַטנפאַרבאַנד" אד"גל... דער אָנוועזנדיקער פּאָליציי־קאָמיסאַר איז צומערשט צעטומלט געוואָרן פון דער דאָזיקער מעלדונג — און דערנאָך זיך געכאַפּט און אויף אַ העפלעכן אופן געבעטן אויפהערן צו געבן מעלדונגען. דערנאָך האָט דער צוג גערירט. דעמאָנסטרירנדיק איבער די וויכטיקסטע גאַסן פון אָטוואָצק, זענען אַלע מאָל צוגעשטאַנען מענטשן פון דער זייט און דער צוג האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט. אויפן שלוס־מיטינג זענען אַרויסגעטרעטן איינציקע פאָרשטייער פון יעדער ריכטונג וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער געמיינזאַמער דעמאָנסטראַציע (אין נאָמען פון דער קאָמפּאַרטיי האָט דאַן גערעדט דער שרייבער פון די שורות און אין נאָמען פון דער יוגנט — שמחה סאָלניצקי).

אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען אין פּאַלעניץ פאָרגעקומען מאַי־דעמאָנסטראַציעס, אָבער נישט קיין געמיינזאַמע. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז דאַן אויפגעטרעטן זעלבשטענדיק, נאָר אונטער די פענער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען, אייגענע טראַנספּאַרענטן מיט לאָזונגען. דער מאַי־מיטינג וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין קאַפּיטאַנס וויללע, איז געפירט געוואָרן אין צוויי שפּראַכן — יידיש און פּויליש. אומקערנדיק זיך פון דעם מיטינג, האָט מען אַרויסגעצויגן די פּאַרטיי־פאָן... דאָ איז שוין די דעמאָנסטראַציע צעטריבן געוואָרן דורך דער פּאָליציי — מיט כוח.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּאַלעניץ האָט געהאַט אַן אָנגעזעענע פּעריפעריע סימפּאַטיקער און אָנהענגער. אַ ברייטע טעטיקייט צווישן די דאָזיקע מענטשן איז געפירט געוואָרן דורכן „מאָפּר", ווו ס׳האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט סאַבע זאָנשיין. ביי איר האָט אַלץ געקלאַפּט. געווען אויך אַ פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע (פאַר קינדער). דאָ האָט מען באַדאַרפט האָבן דערפאַרענע, איבערגעגעבענע טוערס, ווי די חברים חיים הערצבערג, מאָניעק לאָקעטש, שורקע און אַנדערע.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דער דראַמאַטישער קרייז ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער אויסשליסלעכער קאָנטראָל און אָנפירונג פון דער פּאַרטיי. הונדערטער אונטערנעמונגען מיט זייער אָנטייל האָבן פיל געהאָלפן צום מאָראַלישן און פּאָליטישן דערפאָלג.

קלאָר, אַז די פּאָליציי איז נישט געווען גלייכגילטיק צו אַזאַ אַקטיוויטעט פון דער באַוועגונג און „געהאַלטן אַן אויג" אויף אירע אינסטיטוציעס און באַזונדערע טוער. ערב אַ קאַמפּס־טאָג צי אַן אַרבעטער־יומטוב, פלעגט די וואַרשעווער פּאָליציי אַראָפּשיקן אַזש צוויי אויטאָ־קעטשלעך קיין פּאַלעניץ. בדרך כלל זענען די קעטשלעך נישט צוריק געפאָרן ליידיק. ווי נאָר די פּאָליציאַנטן האָבן באַמערקט עטלעכע יידישע יוגנטלעכע אויף דער גאַס — האָט מען זיי פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט אין קאָמיסאַריאַט. איך דערמאָן זיך, אַז נאָך אַזאַ פאַל האָט מיין מאַמע געגעבן אַן עצה, אַז ס׳איז נייטיק, באַלד נאָכן פאַרהאַלטן עמעצן, אַרויסצוהענגען אַ רויט פענדל, כדי די פּאָליציי זאָל זען, אַז נישט די וואָס זענען אַרעסטירט זענען טאַקע די שולדיקע. פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט קודם אין זין געהאַט אירע צוויי זין...

די פּאַרטיי איז באַזונדערס געווען אַקטיוו בעת וואַלן צום סיים, אָדער ביי אָרטיקע וואַל־קאַמפּאַניעס. דאָ האָט זיך געפאָדערט אַן עפנטלעכע פּראָפּאַגאַנדע, ביי באַדינגונגען פון אומלעגאַלקייט און קאָנספּיראַציע. אין יאָר 1928, זענען פאָרגעקומען וואַלן צום פּאַלעניצער גמינע־ראַט. מיר האָבן דאַן אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון פעליקס ראָט — און אָנגעהויבן פירן אַן אויפקלערונגס־אַרבעט אין האַנטווערקער־פאַראיין, אין בית־המדרש, אין די שטובן, צווישן אַנ־

דערע פּאַרטייען. אונדזער ציל איז געווען, אַז דאָס קאָמוניסטישע וואָרט זאָל גרייכן ווייט אויסער די קרייזן, וועלכע זענען געשטאַנען אונטער אונדזער השפּעה. אויף דעם געביט האָבן מיר אַ סך מיטגעאַרבעט מיט אָטוואָצק. ביי די וואַלן צום אָטוואָצקער שטאָטראַט, האָט אונדזער ליסטע באַקומען דריי מאַנדאַטן — וואָס איז דורך אַלעמען באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ גרויסן זיג. בעת די וואַל־קאַמפּאַניעס, פּונקט ווי פאַר זיי און דערנאָך, האָבן די רעליגיעזע עלעמענטן



חבר פעילים באיגוד המקצועי (1928־29)

אַ גרופּע אַקטיוויסטן אין די פּראָפ־פאַראיינען (1928־29)

נישט איין מאָל געוואָלט איבערפאַלן אונדזערע לאָקאַלן און שלאָגן די אַקטיוויסטן. די אַנטשלאָסענע האַלטונג און דעציזירטער ווידערשטאַנד האָבן אָוועקגענומען ביי די אָנפאַלער דעם חשק צו פּרוּוון מיט כוח דערגרייכן דאָס, וואָס זיי האָבן נישט באַוויזן מיט אויפקלערונג.

די טעטיקייט פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין פאַלעניץ האָט זיך נישט באַגרענעצט נאָר אין שטעטל גופא. די אָרגאַניזאַציע האָט געזוכט — און געפונען — קאָנטאַקטן און פאַרבינדונגען מיט די אַרומיקע קלענערע און גרעסערע ישובים.

## די פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע

„דאָס יידישע קינד פאַרן אַרבעטער־קלאַס!" — איז געווען די לאָזונג פון די יידישע קאָמוניסטן אין פּוילן אין די יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות. טריי דער דאָזיקער לאָזונג, האָט די באַוועגונג אַלץ געטאָן, כדי צו געווינען די יונגיטשקע הערצער און מוחות פאַר די אידעאַלן, וואָס האָבן געדינט אַלס לעבנס־וועג פאַר די דערוואַקסענע. די קאָמ־יוגנט אין פאַלעניץ, ווי אין אַנדערע ערטער, האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז דאָס קינד זאָל זיך פאַרבונדן מיט זיין אָרגאַניזאַציע. נאָר ווו נעמט מען די פּעדאַגאָגיש־דערציערישע און אינסטרוקטאָרישע כוחות? ווו נעמט מען די פּאַסיקע ליטעראַטור און פּרעסע? דער פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע איז דאָך אויסגעקומען צו אַרבעטן ביי אומלעגאַלע באַדינגונגען, פּונקט ווי דער פּאַרטיי און דער יוגנט. בעת אַנדערע קינדער־אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט לעגאַלע מעגלעכקייטן פון עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג, האָט דער „פּיאָנער" באַדאַרפט אַלץ טאָן אין קאָנספּיראַציע. דאָך האָבן אין פאַלעניץ זיך געפונען עטלעכע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געהאַלטן פאַר זייער הייליקן

חוב צו ווידמען זיך דער דערציאונג פון יונגן דור: חיים הערצבערג, מאַניעק לאָקעטש, חברטע שרהקע, פייגעלע סעקאַלע און פראַנקע (באַקאַנט אַלס „שוואַר־צע פראַנקע"), וועלכע האָט געהאַט אַ באַזונדערן צו־גאַנג און שפּראַך צו די קינדער. שפּילנדיק זיך מיט זיי, איז זי אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קינד...

פאַרשטייט זיך, אַז וואַרשע האָט אַ סך געהאָלפן אין דער אַרבעט.

אַ באַזונדער פּראָבלעם איז געווען דאָס פאַרטיילן די קינדער לויט פאַרשידענע גרופּן. צום „פּיאָנער" האָבן געהערט קינדער פון וואַרשטאַט, פון דער שול־באַנק, געווען צווישן זיי מער רייפערע און — צוריק־געשטאַנענע.

דער לאָקאַל פון פּראָפ. פאַראיין איז אויסגענוצט גע־וואָרן אויף אונטערנעמונגען פאַרן יונגוואַרג. אַ „לע־בעדיקע צייטונג", רעציטאַציעס, געזאַנג און כאָראַלע דעקלאַמאַציעס — זענען געווען די אָפּט זיך איבער־חזרנדיקע פּראָגראַמען פון די אָוונטן. די געוועזענע פּרעבליסטין אידאַ האָט צוגעגרייט די קינדער צו די אויפטריטן — און תמיד מיט דערפאָלג. דער לאָקאַל איז געווען געפּאַקט מיט אַ פאַרשידנאַרטיקן עולם פון עלטערע, יוגנט און קינדער.

אָפטמאָל האָבן די פּאַלעניצער פּיאָנערן באַדאַרפט זאָרגן אויפצונעמען זייערע חברים פון וואַרשע, וועל־כע זענען געקומען אויף אַ זומער־לאַגער אין שטעטל, צי אויף אַ ראַיאָן־צוזאַמענפאָר.

אינטערעסאַנט איז געווען צו זען, ווי קינדער פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, וועמענס עלטערן האָבן גע־הערט צום „בונד", פּלעגן אין געהיים זיך אַרויס־שאַרן צו אונדזערע צוזאַמענקונפטן און אונטערנעמונ־גען. זיי זענען דער רוב געקומען פון וואַרשע פאַר־ברענגען אין דער סאַנאַטאָריע און אַלס שילער פון די יידישע פאָלקס־שולן, האָבן אַ טייל געהערט צום „פּיאָנער", אָדער אַרויסגעוויזן אינטערעס פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געווען דער ענין... על־טערן. דער רוב פון זיי האָבן מיט ווייטיק און מורא געקוקט אויפן נייעם דור, דעם קינד, וואָס האָט אָנגע־הויבן זיך דערנענטערן צו דער באַוועגונג, מיט וועל־כער זייערס אַן עלטערער ברודער צי אַ שוועסטער האָבן זיך באַהאָפטן. טאַטע־מאַמע האָבן געהאָפט, אַז דאָס יינגערע קינד וועט זיך שוין נישט לאָזן אויף דעם געפערלעכן און זינדיקן וועג פון זייער טאָכטער אָדער זון, וועלכע האָבן געהאַט אויסצושטיין פּאָלי־טישע רדיפות. נאָר די רעאַגירונגען פון די על־טערן כלפּי דעם יינגערן קינד זענען שוין נישט גע־ווען אַזעלכע בייזע, ווייל דער נסיון מיט די עלטערע קינדער האָט באַוויזן, אַז נישט שטענדיק העלפט דאָס געשריי און דראָונגען.

אויף זומער 1928 איז באַשטימט געוואָרן אַן אויס־פלוג קיין קוזמיר. דער עצם־פּלאַן איז געווען אַ גע־וואַגטער, ווייל אין הויך־סעזאָן פון אָנגעפּאַרענע דאַטש־ניקעס קיין פּאַלעניץ, ווען אויך די קינדער זענען געווען די וויכטיקסטע העלפערס אין דער פרנסה, האָט באַדייט — שטעלן זיך אין אַ נייעם קאָנפליקט מיט די עלטערן. מילא, מיר האָבן תמיד געפירט אַ מלחמה מיטן איינגעשטעלטן סדר — און אויך דאָ האָט זיך נישט געוואָלט מוותר זיין...

צו דער באַשטימטער שעה, האָט דער פּלאַץ ביים פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין זיך אויסגעפילט מיט צענד־ליקער קינדער און זייערע רוקזעק, מיט באַגלייטנ־דיקע מאַמעס און טאַטעס, וועלכע זענען געקומען זיך געזעגענען, עטלעכע אינסטרוקטאָרן. מיט געזאַנג האָט מען אָפּגעמאַרשירט אין דאָרף בלאָט, צוויי קילאָמע־טער פון פּאַלעניץ, וווּ מ'איז אויפגעשטיגן אויפן סטאַ־טעק וואָס קורסירט איבער דער ווייסל, כדי אָנצו־קומען קיין קוזמיר. מיר האָבן בכיוון אויסגעמיטן די באַן, כדי עס זאָל קאָסטן ביליקער, און פאַרלענגערן דעם אויספלוג.

מיט געזאַנג און געפילדער איז מען אויפגעשטיגן אויף דער שיף, וואָס האָט גענוג לאַנג זיך געשלעפּט, ביז זי איז אָנגעקומען קיין קוזמיר. דאָ האָבן די מיט־פּאַרערס אויף דער שיף, איינוווינער פון קוזמיר, געהאָלפן איינאָרדענען די קינדער אין צוויי סטאָדאָ־לעס — און מיר זענען רואיק איבערגעשלאָפן די נאַכט.

ביי טאָג האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט די פּרעכטיקע לאַנדשאַפט פון קוזמיר, מיט אירע בערג און טאָלן, די ווייסל און איר ריינער זאַמדיקער ברעג. בעת אונדזער זיין אין קוזמיר, האָבן מיר דאָרט אָפּט באַגעגנט דעם שרייבער ז. סעגאַלאָוויטש. ער פלעגט יעדעס יאָר פאַרברענגען דאָרט עטלעכע וואָכן.

שווער געווען אָפּצורייסן דעם בליק פון די באַלויכ־טענע מיט שבת־ליכט פענצטער אין די יידישע הייז־קעס, יענעם אומפאַרגעסלעכן אָוונט אין קוזמיר.

פול מיט איינדרוקן און איבערלעבונגען האָט מען זיך אומגעקערט מיט דעם זעלבן וועג קיין פּאַלעניץ. אויף אַ ספּעציעלן אָוונט פון אַ „לעבעדיקער צייטונג" געווידמעט דער נסיעה, האָבן חברה קליינוואַרג מיט אַ סך געפיל און טאַלאַנט געשילדערט דעם אויס־פלוג און די אומפאַרגעסלעכע איינדרוקן וואָס ר'האָט איבערגעלאָזט אויף אַלעמען.

ליידער, אויך די קינדער פון „פּיאָנער", ווי דער יידישער ישוב אין פּאַלעניץ, זענען אומגעקומען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. זאָל זייער אָנדענק גע־הייליקט ווערן מיט די דאָזיקע שורות אין אונדזער יזכור־בוך.

*

די אויבן־געבראַכטע באַשרייבונג פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי, דעם „פּיאָנער" און די פּראָפ.־פאַראיינען אין פּאַלעניץ, איז ווייט פון צו געבן דאָס פולע און ריכטיקע בילד וועגן איר פאַרצווייגטער טעטיקייט און קאָלאָסאַלער השפעה. איינס ווייס איך: זי האָט זיך באַוועגט שנעל, רעאַגירט אויפן אָרט און איבער אַלעמען — אַריינגעדרינגען אינעם רוב מנין ובנין פון די פּאַלעניצער יידישע היימען, אָרעמע ווי




קבוצת חברים מה„פיונייר" בטיולו בקוזמיר (1929)

אַ גרופּע פון „פּיאָניער" בעת אַן אויספלוג אין קוזמיר (1929)

רייכע און זיך דערוואָרבן דעם צוטרוי פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

איך געדענק, אַז נאָך דער גרויסער שריפה אין שטעטל, ווען מ׳האָט באַדאַרפט איינאָרדענען די געליטענע, וועלכע זענען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ; צי ס׳איז ווו אויסגעבראָכן אַ סיכסוך; האָט ווער זיך געפונען אין אַ צרה — איז זייער אַדרעס געווען די פּאַרטיי, אָדער דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געווען די גרויסע קולטור־אַרבעט. צוליב איר געאָגראַפישער לאַגע, איז פּאַלעניץ געווען אַ בריק צווישן וואַרשע און אַ סך ישובים אַרום. פּאַלעניץ האָט געהאַט צוויי סטאַבילע סעקרעטאַרן — פון דער פּאַרטיי און פון דער יוגנט, וועמענס טעטיקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט פון וואַרשע ביז דעמבלין. אין פּאַלעניץ זענען פאָרגעקומען זיצונגען פונראַיאָנקאָמיטעט. אַהער פלעגן קומען די גרעסטע אויטאָריטעטן פון צ. ק.

איך מיין, אַז די באַצייכענונג פאַר פּאַלעניץ „קליין מאָסקווע״ איז געווען אין יענער תקופה אַ באַרעכטיקטע. די יוגנט — אַ דור, וואָס האָט פאַרלאָרן די מורא. היינט פאַרשטיי איך מערער דעם טיפן זין פון דוד עדעלשטאַטס אַ פערז אין זיינס אַ ליד „אין שטורעם און אין קאַמף איז מיין יוגנט פאַרשוווּנדן״. איבער פערציק יאָר האָבן אין פּאַלעניץ זיך געצויגן שטורעמס און קאַמפן. און ווער איז אימשטאַנד זיי אַלע אויסצורעכענען? און ווער קאָן געדענקען די נעמען פון די אַלע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם געראַנגל? זאָלן מיר מוחל זיין די לעבן־געבליבענע חברים, וואָס מיין זכרון האָט זיי אַרויסגעלאָזט — און ביי די קדושים בעט איך מחילה, וואָס כ׳האָב זיי נישט דערמאָנט...

# זכרונות פון א בונדיסט

מלך פּאַסקאַלינסקי
יאָהאַנעסבורג

ווי באַקאַנט, איז פּאַלעניץ געווען אַ שטיל רואיק שטעטל, דאָ זענען קיין פאַבריקן נישט געווען. דערפאַר האָבן זיך געפונען פיל בעקערייען, וואָס האָבן אויסגעבאַקן די געשמאַקסטע און באַטעמסטע געבעקסן פאַר די טויזנטער מענטשן וואָס זענען זומער געקומען אַהער.

פּאַלעניץ האָט געהאַט אַ גאַנץ באַדייטנדן קרייז אַרבעטער, וואָס זענען געווען גוט אָרגאַניזירט. אַ טייל פון זיי איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אַ טייל — ביים אָרטיקן „בונד״ די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט איר לאָקאַל וואָס האָט זיך גערופן „פרץ־פאַראיין״. דער פאַראיין איז געווען זייער טעטיק, געפירט קולטור־אַרבעט, פאַרשפּרייט די וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג״ א. אַ. אין „פרץ־פאַראיין״ זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע רעפעראַטן און לעקציעס, דאָ האָבן באַזוכט די בונדישע פירער: הערשל הימלפאַרב, ברוך שעפנער, בערל אַמבאַראַס, וויקטאָר שולמאַן, יעקב פּאַט, ש. גילינסקי, י. בראַמבערג, א״אַנד. אַ צייט איז פאָרזיצער פון דער בונדישער גרופּע געווען נ. וויניק.

ווי עס געדענקען פיל, איז צווישן פּאַלעניץ און מיעדזעשין געווען טעטיק די מעדעם־סאַנאַטאָריע, וואָס איז גוט באַקאַנט געווען אין פּוילן, אויך אין אַנדערע אייראָפּעישע לענדער און בכלל אין דער יידישער וועלט — אַלס דערציערישע אינסטיטוציע פאַר אַרבעטער־קינדער. די סאַנאַטאָריע האָט זיך געפונען אונטער דער געניטער אָנפירערשאַפט פון באַוווּסטן פעדאַגאָג ש. גילינסקי. ווען די בלוטיקע היטלעריסטישע האַנט האָט דערגרייכט פּוילן און מיט דער גרעסטער ברוטאַלקייט גענומען פאַרניכטן דאָס דאָרטיקע יידישע לעבן, האָט זי אויך נישט דורכגעלאָזט דעם קינדער־אַנשטאַלט, די מעדעם־סאַנאַטאָריע, ווו די קינדער צוזאַמען מיט די לערער, זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלער־רוצחים.

*

אינעם שלל פון זכרונות און שטימונגען וועגן פּאַלעניץ, דערמאָנט זיך מיר אַזאַ עפּיזאָד. עס איז געווען חול המועד סוכות פון יאָר 1930. צו מיר איז געקומען דער שמש פונעם ראַדזימינער רבין, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט אין פּאַלעניץ און דערקלערט, אַז דער רבי האָט אים געשיקט נאָך מיר,




זומער־קאָלאָניע פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע

הקיטנה של הסנטוריום ע״ש מדם

ער וויל מיך זען. ס׳איז געווען זייער אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס דאַרף מיך דער רבי האָבן. איך בין געוואָרן שטאַרק איבערראַשט — און זיך בעראַטן מיט עטלעכע חברים־בונדיסטן וועגן דעם. דער באַשלוס איז געווען, אַז איך זאָל גיין צום רבין. מיט מיר איז דעמאָלט מיטגעגאַנגען מלך צימלער, אַ בעקער־אַרבעטער. ווען מיר זענען געקומען צום רבין, איז ער געזעסן אין סוכה מיט נאָך חסידים. דער רבי האָט מיך אַריינגערופן און געפרעגט:

— זאָג מיר, דו הייסט מלך פּאַסקאַלינסקי?

ענטפער איך — יאָ!

שטעלט אָן דער רבי זיינע אויגן און זאָגט צו מיר:

— איך האָב געהערט, אַז דו האָסט אַ פאַראיין פון בונדיסטן!

אין ערשטן מאָמענט האָב איך נישט געוווסט וואָס אַרום מיר קומט פאָר, אָבער באַלד האָב איך זיך געכאַפּט און אים אָפּגעענטפערט:

— רבי, וואָס הייסט איך האָב אַ פאַראיין פון בונדיסטן? דער פאַראיין געהערט דאָך צו אַלע.

טראַכט דער רבי אַ ווײַלע און זאָגט:

— איך וויל זאָלסט פאַרמאַכן דעם פאַראיין!

פרעג איך אים — פאַרוואָס?

שטעלט דער רבי זיך אויף און מוסרט מיך:

— זיי וויסן, מען האָט מיר דערציילט, אַז ביי דיר אין פאַראיין טאַנצט, רחמנא־ליצלן, יינגלעך מיט מיידלעך, און שבת רייכערט מען דאָרט פּאַפּיראָסן. דאָס איז קעגן יידישן דין! פאָלג מיך, מלך, פאַרמאַך דעם פאַראיין!

רוף איך זיך אָפּ צום רבין:

— רבי, ווי קאָן איך פאַרמאַכן דעם פאַראיין, מע וועט דאָך מיך פאַרשטיינען!

דער רבי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געזאָגט:

— מלך, דו קענסט! מע זאָגט, אַז דו ביסט דער גאַנצער מאַכער אין פאַראיין!

— נאַרישקייטן, רבי, איך בין ווייט פון זיין דער גאַנצער מאַכער. איבעריקנס, ווער וועט מיך הערן? מיינע „חסידים" זענען פונקט ווי אייערע — זיי פאָלגן נישט... — און איך בין אַוועק פון רבין.

*

אין פּאַלעניץ האָבן געוווינט באַלעבאַטישע יידן, יידן אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. אַוודאי נאָך אַזוי פיל יאָרן זיין אַוועק פון דאָרטן, ווערט דער זכרון אָפּגעשוואַכט און עס איז נישט לייכט וועגן זיי צו שרייבן. אָבער אידער איך פאַרענדיק מיינע זכרונות וועגן פּאַלעניץ, קאָן איך נישט פאַרבייגיין נישט צו דערמאָנען וועגן דעם דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט דאָרט פונקציאָנירט, און איך האָב געהאַט מיט אים אַ נאָענטע שייכות. דער דערמאָנטער דראַמאַטישער קרייז איז געווען אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ה' נאַטאַן באַנג, דער שטעטלדיקער פאָטאָגראַפיסט.

דער דראַמקרייז האָט געפירט אַ ברייטע טעטיקייט, געגעבן יידישע פאָרשטעלונגען, ווו עס האָבן זיך באַטייליקט פיל פון דער אָרטיקער יידישער יוגנט, צווישן זיי אויך דער שרייבער פון די שורות, וואָס האָט אָנטיילגענומען אין יעדער פאָרשטעלונג.

אַ חוץ קולטור־געזעלשאַפטלעך, איז פּאַלעניץ אויך געווען טעטיק אויפן פּאָליטישן געביט, ווי דאָס איז געווען שטאַרק צו מערקן אין פיל אַנדערע יידישע שטעטלעך פון דער פּוילישער פּראָווינץ. אויך אין פּאַלעניץ זענען אָנגעגאַנגען פּאָליטישע שטרייטן און פּאָלעמיקעס צווישן די טוער פון „בונד" און די קאָמוניסטן.

פונקט ווי הונדערטער אַנדערע יידישע שטעט אין פּוילן, שטייט היינט פּאַלעניץ אַ פּוסטע און אָן אויסגעליידיקטע פון יידן און יידישן לעבן.



אַ בילד פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע

# האַנטווערקער־פאַראיין און ספּאָרט־קלובן

י. זשעבראַק
בת־ים

דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּאַלעניץ איז באַשטאַנען פון אַרבעטער, בעלי־מלאכות, קליינהענדלער און סוחרים. דער דאָזיקער ס א צ י א ל ע ר צוזאַמענשטעל פון שטעטל, האָט זעלבפאַרשטענדלעך פאַרמירט איר גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, לייגנדיק דעם חותם אויף די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען וואָס זענען אַנטשטאַנען אין די יאָרן 25—1923.

אַן אָנגעזעענע ראָל אין פּאַלעניץ האָט געשפּילט דער האַנטווערקער־פאַראיין, צו וועלכן עס האָבן אויך געהערט די קליינהענדלער. אויב אַ סאָלטיס האָט געוואָלט זיך זיכערן זיין מאַנדאַט אין שטעטל, האָט ער אומבאַדינגט געמוזט אָנקומען צו די שטימען פון פאַראיין. אויך אין גמינע זענען שטענדיק געווען צוויי דאָזאָרעס, געוויילטע דורך דעם האַנטווערקער־פאַראיין.

די פאַרוואַלטונג (משה קעמפּנער, גרשון זשעבראַק, יצחק רינג א. אַנד.) האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסצונוצן די דאָזיקע לאַגע און געזאָרגט דערפאַר, אַז עס זאָל אויסגעקליבן ווערן אַ ליבעראַלער סאָלטיס, וועלכער האָט אין די ווינטער־חדשים, ווען אין פּאַלעניץ האָט געהערשט דער א. ג. „טויטער סעזאָן", געמוזט אויך זאָרגן פאַר דער יידישער אָרעמקייט וועגן קוילן צום הייצן, געלט־שטיצע אד"גל. צו דעם צוועק האָט מען אפילו באַשטימט ספּעציעלע א. ג. „אַפּיעקוני לודאָווע", וועלכע האָבן אַדורכגעפירט אַ יושרדיקע פאַרטיילונג פון דער שטיצע. אפילו אויפן

פראַנט פון בשותפותדיקער צוזאַמענאַרבעט צווישן דער יידישער און קריסטלעכער באַפעלקערונג, איז געווען קענטיק די טעטיקייט פון האַנטווערקער־פאַר־איין: זיין פאַרשטייער, גרשון זשעבראַק, איז געווען אַפּיעקון אין אַ נישט־יידישער געגנט. זיין לאָיאַלי־טעט, ערלעכקייט און האַרציקייט האָבן דערפירט דער־צו, אַז עס איז געבראַכן געוואָרן דער יידן־ריינער פּערסאָנאַל פון די גמינע־אַנגעשטעלטע און ס'איז צום ערשטן מאָל צוגענומען געוואָרן אַ יידישער באַ־אַמטער אין דער גמינע.

דער האַנטווערקער־פאַראיין איז געווען באַזונדערס אַקטיוו אויפן געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישן געביט. אַ דאַנק דער מיטהילף פון דער האַנטווערקער־צענט־ראַלע אין וואַרשע, און באַזונדערס פון דעם סיים־דע־פּוטאַט חיים ראַסנער, איז ביי אונדז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ האַנטווערקער־באַנק, וועמענס הלוואות האָבן דערמעגלעכט צו שטעלן זיך אויף די פיס אַ פאַראָרעמטן האַנטווערקער, דורך איינקויפן רוישטאָף אָדער מאַשינען. אין דער פאַרוואַלטונג פון דער באַנק האָבן אַקטיוו געאַרבעט: מענדל וויספּאַטער, (פרע־זעס, פאַרשטייער פון דער צענטראַלע), גרשון זשעב־ראַק, יצחק רינג, לייבל ראָזענבוים (פאַרשטייער פון די קליינהענדלער).

נישט לאַנג האָט געדויערט די געבענטשטע טעטי־קייט פון דער באַנק. אין יאָר 1929 איז אין שטעטל אויסגעבראָכן אַ שריפה (אויף קרוטקע גאַס) און מיטן רויך זענען דאַן אַוועק 16 הייזער. איבער 400 נפשות זענען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. די באַנק האָט דעם גרעסטן טייל פון איר קאַפּיטאַל אַרויסגעגעבן (אַלס הלוואות) די געליטענע פון דער שריפה. אָבער דער רוב געלט איז נישט אומגעקערט געוואָרן — און אין יאָר 1936 איז די באַנק דערקלערט געוואָרן באַנ־קראָט — און זיך געמוזט ליקווידירן.

קיין אַנדערע קרעדיט־אינסטיטוציע איז שוין ניט געשאַפן געוואָרן.

*

פּאַלעניצער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, אין בע־סערן זין פון וואָרט, האָט אויך געמיינט — ספּאָרט־קלובן. די וואָס זענען געשטאַנען בראש פון די ספּאָרט־קלובן, האָבן אויפריכטיק געשטרעבט צו געבן אַ פי־זישע דערציאונג דער יידישער יוגנט. טייל האָבן גע־האַלטן פאַר אַן עוולה, וואָס אין אַזאַ קליין שטעטל עקזיסטירן אַזש צוויי אַרבעטער ספּאָרט־קלובן — „סקרא" און „הפועל", אָבער אַלע האָבן געמוזט מודה זיין, אַז אַ דאַנק דעם, האָט אַלץ מער יידישע יוגנט גענאָסן פון זייער טעטיקייט.

„סקרא" איז געווען אונטער דער השפעה פון פּראָ־פעסיאָנעלן פאַראיין, וואָס איז, ווי באַוווּסט, אָנגעפירט געוואָרן דורך די קאָמוניסטן. דאַקעגן „הפועל" האָט אין אירע רייען געהאַט די גאַנצע ציוניסטיש־געשטימ־טע יוגנט, אויסער די רעוויזיאָניסטן. קלאָר, אַז די



ב„בנק לבעלי־מלאכה" בפאַלניץ (1930)
אין דער „האַנטווערקער־באַנק" (1930)

עיקרדיקע צוציאונגס־קראַפט איז געווען — דער פוט־באָל. נישט נאָר יוגנט האָט געצויגן צום באַלעם, נאָר ווען ס'איז אַפילו אין אַ שבתדיקן טאָג פאָרגעקומען אַ פאַרמעסט מיט אַ פוילישן ספּאָרט־קלוב, איז קינד־און־קייט, פרום און וועלטלעך, אַלט און יונג — גע־לאָפן ווי אַזוי יידן „האַקן גאָלן" אין גוישן טויער... אַזאַ מעטש פלעגט שטענדיק פאָרקומען אין טאַרטאַק

און ממש אַהינגעבראַכט דאָס גאַנצע שטעטל. מען פלעגט גערן צאָלן די עטלעכע גראָשן פאַרן אַריינגאַנג, מיטן באַוווסטזיין, אַז דערמיט שטיצט מען אויך די עקזיסטענץ פון קלוב.

נישט אויסגעשלאָסן, אַז אַ סך פון די יידן, וואָס זענען געקומען אויפן ספּאָרט־פּלאַץ, האָבן דערביי געטראַכט, אַז די דאָזיקע פלינקע יידישע יונגעליייט, וועלן אַמאָל זיין גבורים אין ארץ־ישראל...

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז נאָר פוט־באָל האָט באַהערשט די ספּאָרט־קלובן. עס איז גע־לייגט געוואָרן גרויס אַכט אויף אַנדערע געביטן פון ספּאָרט, און קודם־כל — גימנאַסטיק. אגב איז אין פּאַלעניץ געווען טעטיק אַ פּרויען־סעקציע פאַר גימ־נאַסטיק, די איינציקע פון דעם מין אין דער גאַנצער געגנט. דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען דער אומדער־מידלעכער טעטיקייט פון כעלע מילער ז״ל, די פאַר־שטייערין פון וואַרשעווער קרייז פאַר פרויען־ספּאָרט. איר יונגערע שוועסטער רעגינע האָט פיל מיט־געהאָלפן צו פּאָפּולאַריזירן דעם מאַסן־ספּאָרט צווישן די יידישע פרויען.

די מאַטעריעלע לאַגע פון „הפועל“ איז נישט גע־ווען קיין גוטע. אַז מ'האָט געוואָלט אַרויספאָרן אויף אַ פאַרמעסט אויסער פּאַלעניץ, האָבן די שפּילער באַ־דאַרפט פון דער אייגענער קעשענע אויסטראָגן די הוצאות. סוף 1934 האָט די לאַגע זיך געענדערט צום בעסערן, ווען די „הפועל“־צענטראַלע אין ארץ־ישראל האָט געשיקט איר פאַרשטייער, ברוך בג, אַנצושליסן דעם „הפועל“ אינעם אַרבעטער־ספּאָרט־אינטערנאַ־ציאָנאַל אין פּראַג. בג איז שוין פאַרבליבן אין וואַרשע און דער פּאַלעניצער „הפועל“ האָט איצט גענאָסן פון זיין אַפּאָטרופּסות און דירעקטע אָנווייזונגען.

אין יאָר 1935 האָבן הונדערטער יידישע יוגנטלעכע אין פּאַלעניץ געהאַט אַ טיפע איבערלעבונג און פרייד, ווען זיי זענען אויף ראַווערן, באַצירטע מיט די „הפועל“־עמבלעמען, אַנטקעגנגעפאָרן אַ גרופּע מאָ־טאָציקליסטן פון „הפועל“ אין ארץ־ישראל, וועלכע זענען געקומען אויף אַ באַזוך קיין פּוילן און דערביי „צ־ריינגעשפּרונגען“ קיין פּאַלעניץ. די וויזיט פון די ארץ־ישראלדיקע ספּאָרטלער, האָט איבערגעלאָזט אין שטעטל אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק.

מיטן וווּקס פון אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן, האָבן די בייזע ווינטן זיך אַריינגעריסן אויך קיין פּאַלעניץ. די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון „הפועל“ האָבן פאַר־שטאַנען, אַז די אויפגאַבע פון די מיטגלידער וועט דאַרפן זיין נישט נאָר אַנטוויקלען די מוסקולן און פאַרנעמען זיך מיט ספּאָרט, נאָר אַז די דאָזיקע אויס־געאיבטע יוגנט, וועט דאַרפן שטעלן אַ ווידערשטאַנד די פאַרשידענע ענדעקישע כוליגאַנעס, אָדער די נאַראַ־לייט. אין פאַרשטענדיקונג מיטן ספּאָרט־קלוב „סקראַ“, איז אין גרויס קאָנספּיראַציע אויפגעשטעלט געוואָרן אַ זעלבשוץ. ווייזט אויס, אַז די אַנטיסעמיטן האָבן דערפון געוווּסט — און נישט געוואַגט אָנצו־גרייפן.



ספורטאי „הפועל“
ספּאָרטלער פון „הפועל“

פון די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון „הפועל“ אין פּאַלעניץ, געדענק איך די פאָלגנדיקע נעמען: שמואל לייבאָוויטש, הילדעבראַנדט, יצחק גליקשטיין, העלע מילער, ישראל סאַפּירשטיין, יוסף זשעבראַק און היים מיאַדאָווסקי (ביזן יאָר 1938).

*

הגם פּאַלעניץ האָט נישט פאַר־מאָגט אירע אייגענע אינטעלעקטועלע כוחות און היימישע אינטעליגענץ, איז אָבער דער אַלגעמיינער קולטור־ניוואָ פון שטעט־טל געווען אַ הויכער, אַ דאַנק דער פאַרצווייגטער קול־טור־טעטיקייט פון די פאַרשידענע פּאַרטייען און אָר־גאַניזאַציעס. אַ שם־דבר אין שטעטל זענען געווען די קעסטל־אָוונטן אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און די ליטעראַרישע משפטים אין השומר הצעיר. עס גע־דענקט זיך אַזאַ משפט איבער אַ בוך, ווען די ראָל פון פּראָקוראָר האָט דערפילט דער 14יאָריקער נתן קליימאַן ז״ל. זיין זעלבסטזיכערקייט און ערנסטקייט

ביים פּאַרטיידיקן זיין שטאַנדפּונקט, האָט אַרויסגע־רופן אַלגעמיינע באַוואונדערונג. די פּאַרטיידיקונג האָט דאַן געפירט דעם 15יאָריקער יוסף זאַלער.

שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די דאָזיקע טייערע יידישע יוגנט איז אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים.

# תורה און צדקה־אינסטיטוציעס

חנינא שטערן
יפו

געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק
פון מיין פאָטער שמואל־אליהו ז״ל

מיינע זכרונות וועגן עטלעכע פילאַנטראָפּישע אינ־סטיטוציעס און דער תלמוד־תורה אין שטעטל, זענען פאַרבונדן מיט דער געשטאַלט פון מיין פאָטער ע״ה, וועלכער האָט אויף אַ זעלטענעם אופן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל איניציאַטיוו און אַקטיווקייט ביים גרינדן און העלפן אַנטוויקלען די תלמוד־תורה, בית־לחם, לינת־הצדק און גמילות־חסדים־קאַסע. זיין נאָמען איז תמיד געווען פאַרבונדן מיט דער טעטיקייט פון די אַלע אינסטיטוציעס. איך מיין נישט דערמיט צו פאַר־מינערן דעם אויפטו פון די אַנדערע יידן, וועלכע האָ־בן מיטגעאַרבעט מיט מיין פאָטער. איך האָב דעם רוב נעמען פאַרגעסן — און זאָלן מיר מוחל זיין די אַלע קדושים און זייערע לעבן־געבליבענע יורשים...

צוליבן שלעכטן געזונט־צושטאַנד פון מיין גאָט־זעליקער מוטער אסתר, האָבן מיר אין יאָר 1925 זיך איבערגעקליבן פון וואַרשע קיין פאַלעניץ. דאָ האָט מיין פאָטער איינגעזען, אַז אין דעם קליינעם אָרט פעלן נאָך אַ סך פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און אַנטשטאַלטן, וואָס זאָלן לינדערן די נויט פון דער טייל באַפעלקערונג, וואָס נייטיקט זיך אין הילף. נאָר אַמ־מיינסטן האָט ער געהאַט פאַרדרוס צוליב דעם, וואָס אָן אָרעם יידיש קינד האָט נישט געהאַט אַפילו ווו צו לערנען תורה און דערצויגן צו ווערן אין יידישע טראַ־דיציאָנעלן גייסט. האָט ער מיט עטלעכע אַלטע תוש־בים פון שטעטל זיך גענומען צו דער הייליקער מלאכה פון גרינדן אַ תלמוד־תורה. עס איז פאַריבער אַ קורצע צייט — און צענדליקער אָרעמע קינדער האָבן אומזיסט זיך געקענט לערנען. פאַרשטייט זיך, אַז די מער פאַרמעגלעכע יידן האָבן אויסגעהאַלטן די אינסטיטוציע.

*

אין די יאָרן 29—1928 האָט פּוילן אַדורכגעמאַכט אַ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס האָט אויך דער־גרייכט קיין פאַלעניץ. די פאַרצווייפלונג איז געווען גרויס, ספּעציעל אין די ווינטער־חדשים. האָט מיין פאָטער זיך שטאַרק איבערגענומען מיט דעם וואָס יידן הונגערן און ליידן נויט. ער וואַרפט דעם גע־דאַנק וועגן אויפשטעלן אַ בית־לחם, וואָס זאָל טראָגן הילף די נויטבאַדערפטיקע. ער אַליין איז געווען פאַר־וואַלטונגס־מיטגליד אין דעם וואַרשעווער בית־לחם און באַזיצט די נייטיקע דערפאַרונג און צוגאַנג צו די ענינים. יעדע אינסטיטוציע האָט אָבער דעמאָלט באַדאַרפט לעגאַליזירט ווערן אין סטאַראָסטווע — און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות. ס׳איז מיר נאָך היינט שווער צו פאַרשטיין, הלמאי די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן די לעגאַליזאַ־ציע. דער ענין האָט אַזש אָנגעשפּאַרט אין סיים, ווייל מיין פאָטער האָט נישט געהאַט בדעה צו רעזיגנירן פון דער אידעע. נאָך לאַנגע חדשים פון באַמיאונגען און אינטערווענצן, איז די דערלויבעניש אָנגעקומען. פון די נדרים ביי די עליות צו דער תורה, פון אַ ספּעציעלן „בלימל־טאָג״ און פאַרשידענע שפּענדונגען, איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָנד צו באַזאָרגן מיט עסנ־וואַרג די הונגעריקע משפחות. יעדן שבת איז מען אויך אַרומגעגאַנגען צונויפזאַמלען ברויט, חלות, פיש און פלייש, וואָס איז באַלד צעטיילט געוואָרן די אָרע־מע.

די פאַרוואַלטונג האָט איינגעפירט ספּעציעלע באַ־נעס צו באַקומען פּראָדוקטן אין בית־לחם. די גזעל־שאַפט האָט זיך אַפילו איינגעקויפט אַן אייגן פערד־און וועגעלע, און מיין פאָטער בכבודו ובעצמו האָט פונאַנדערגעפירט די פּראָדוקטן. ער האָט דערמיט אויך געוואָלט מקיים זיין די מצוה פון מתן בסתר, צו געבן אין געהיים שטיצע יענע משפחות, וואָס האָבן זיך געשעמט עפנטלעך צו ווענדן נאָך הילף.

פאַר פסח, צי ערב אַנדערע יומטובים, האָט מען מיין

פאַטער געזען טראָגן אויף די פּלייצעס זעק און פּעק פּראָדוקטן פאַר די נצרכים, ספּעציעל פאַר די יורדים, וואָס נעמען צדקה איז ביי זיי געווען אַ בושה...

*

אַזוי ווי מיין פאָטער איז אויך געווען אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון די געזעלשאַפטן לינת־הצדק אין וואַרשע, איז אים געגאַנגען אין לעבן, אַלס פּאָלעניצער איינוווינער, אַז אויך דאָס שטעטל זאָל האָבן ביי זיך אַן אינסטיטוציע צו טראָגן הילף דעם אָרעמען קראַנקן. אויך אין דעם פאַל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף פיל שוועריקייטן, ביז די לינת־הצדק האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אומזיסטע צעטלען צו דאָקטוירים, פאַר רעצעפּטן און אויסבאָרגן מעדיצינישע אינסטרומענטן. מיין פאָטער איז אַליין געווען בקי אין פעלדשעריי און אַ סך איינשפּריצונגען פלעגט ער אַליין מאַכן — סיי אין דער וואַרשעווער לינת־הצדק, סיי אין דער פּאָלעניצער. נישט איין מאָל האָט מען אויף אים געוואַרט אין שטוב, ווען ער איז געקומען עסן מיטאָג, און פאַרן זעצן זיך צום טיש, האָט ער פריער באַדינט עטלעכע פּאַציענטן. פאַרשטייט זיך, אַז אַן וועלכן ס׳איז אָפּצאָל. זיינע פּאַציענטן האָבן געזאָגט, אַז הער שטערן איז פיל בעסער פון אַ פעלדשער און מערער — פון אַ שלעכטן דאָקטאָר...

עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז מיטן בית־לחם און לינת־הצדק האָט מען שוין געלינדערט אַלע נויטן פון דער פּאָלעניצער יידישער אָרעמקייט. אַ האַנטווערקער, בעל־מלאכה, אַ סוחר, האָבן זיך תמיד געניטיקט אין עטלעכע זלאָטעס קרעדיט, אויף גוטע באַדינגונגען, כדי קויפן רוישטאָף, פאַרגרעסערן דעם אומזאַץ פון געלט און פון די סחורות. און ווער קאָן נאָך דאָס באַווייזן, אויב נישט אַ גמילות־חסדים־קאַסע?

ר׳ שמואל־אליהו נעמט זיך ווידער צו דער אַרבעט — און אין פּאָלעניץ ווערט געגרינדעט אַן אָנפּראָצענטיקע ליי־קאַסע.

כדאי צוצוגעבן, אַז קהל האָט געפּאָדערט פון מיין פאָטער, אַז ער זאָל ווערן דאָזאָר אין דער קהילה. ער האָט אָבער בשום אופן נישט געוואָלט דערפון הערן. אַזוי ווי מיין פאָטער איז געווען אַ חסיד פון מעזריטשער רבין זצ״ל, וועלכער האָט געוווינט אין וואַרשע, איז הרב פינקעלשטיין ז״ל צוזאַמען מיטן ראַטמאַן יוסף ליבערמאַן אָוועקגעפאָרן צום מעזריטשער ביי אים פּועלן, אַז ער זאָל משפּיע זיין אויפן טאַטן. דער קלוגער מעזריטשער רבי האָט אָבער נישט געוואָלט אויסאיבן קיין דרוק — און די דעלעגאַציע איז צוריק געקומען קיין פּאָלעניץ מיט דעם זעלבן מיט וועלכן זי איז געפאָרן קיין וואַרשע.

מיין פאָטער האָט געטענהט, אַז אַלס פּשוטער בירגער פון שטעטל איז מען יוצא מיט דעם וויפל מע טוט, ווייל מ׳איז צו קיינעמען ניט פאַרפליכטעט — אָבער אַלס דאָזאָר קאָן מען איין מאָל נישט יוצא זיין, אַפילו מע זאָל זיך אַ סך מקריב זיין פאַרן כלל...

כבוד זיין אָנדענק!

# די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען

שמחה סאָלניצקי
טאָראָנטאָ

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט פּאָלעניץ זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען ווי אַ „צוגאַבע" צו דער גרויסער שטאָט וואַרשע — און נישט ווי אַ באַזונדער שטעטל פאַר זיך. די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט איז אָדער אַוועק אין דער גרויסער וועלט, אָדער געפאָרן אַרבעטן קיין וואַרשע. פּאָלעניצער איינוווינער האָבן געהאַט פולע באַשעפטיקונג בלויז אַ 2—3 חדשים אין יאָר, אין זומער־סעזאָן. דערפאַר זענען ביי אונדז פריער אַנטשטאַנען אַלגעמיינע קולטור־אינסטיטוציעס, און ערשט שפּעטער — די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דער „בילדונגס־פאַראיין פאַר יידישע יוגנט אין פּאָלעניץ" און דער שפּעטערדיקער „קולטור־פאַראיין", זענען געווען די זאַמלפּונקטן פון אַלע פאָרגעשריטענע עלעמענטן. די ערשטע פּאָליטישע שטרייטן, ווי דער קאַמף צווישן „בונד" און די לינקע — האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די דערמאָנטע פאַראיינען.

ווי געזאָגט, זענען די פּראָפ.־פאַראיינען אַנטשטאַנען פיל שפּעטער. אָבער די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער באַוועגונג האָבן זייער פּאָליטישע שול אָדורכגעמאַכט אין די דערמאָנטע קולטור־אינסטיטוציעס. דאָס איז געשען אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן. נייע ווינטן האָבן געבלאָזן פון מזרח. פּוילן האָט נאָר וואָס דערגרייכט איר

אומאָפּהענגיקייט. די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט האָט מיט אַלע כּוחות געוואָלט ברעכן די איינגעשטעלטע טראַדי־ציעס און מנהגים פון די יידישע היימען.

אַלעמענס שטרעבונג איז געווען: איבעררייסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, ווערן פּראָדוקטיווע מענטשן, אָנ־הייבן לעבן פון אַרבעט. בעל־הבתישע יינגלעך און מיידלעך, גראָד פון פאַרמעגלעכע היימען, זענען קעגן ווילן פון זייערע עלטערן, אַוועק לערנען פאַכן. דער דאָזיקער פּראָצעס איז נאָך מער פאַרשנעלערט געוואָרן מיטן צושטראָם פון יוגנט פון די אַרומיקע ישובים. אַזוי האָבן אָנגעהויבן זיך אויספאָרמירן די ערשטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די פאַכלייט, וואָס זע־נען געווען באַשעפטיקט אין זומער־סעזאָן — קודם כּל דער בעקער־פאַראיין, שפּעטער — דער פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

מיטן שטאַרקן זיך פון דער בוי־באַוועגונג אין פאַלע־ניץ, איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער האָלץ־אַרבעטער־פאַראיין און דערנאָך — די פאַראיינען פון לעדער־ און נאָדל־אַרבעטער. די אַלע פאַראיינען זענען אָרגאַניזאַ־ציאָנעל געווען פאַראייניקט אונטער איין דאַך־אינסטי־טוציע וואָס האָט געהייסן „פאַלעניצער ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען". דער דאָזיקער ראַט האָט זיך אויך פאַרנומען מיט אַנדערע, קלענערע גרופּן אַר־בעטער, ווי צ. ב. טרעגערס און הויז־אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין באַזונדערע אָרגאַניזאַ־ציע, וואָס זאָל זיין אָנגעשלאָסן אין דער צענטראַלע אין וואַרשע.

די פאַראיינען האָבן נישט רעפּרעזענטירט קיין גרוי־סע מאַסן, די צאָל באַשעפטיקטע איז פאַרהעלטנישמע־סיק געווען אַ קליינע. די גרויסקייט פון די פּראָפ׳־פאַר־איינען איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן אַרומגע־נומען כּמעט אַלע באַשעפטיקטע און געהאַט די אויס־שליסלעכע קאָנטראָל איבער די אַרבעטס־פּלעצער.

די גאַנצע ענערגיע איז אָנגעווענדט געוואָרן אויף אויסצובעסערן די לאַגע פון אַרבעטער. די פאַלעני־צער איינוווינער האָבן לאַנגע יאָרן געדענקט די שטריי־קן פון די בעקער־ און האָלץ־אַרבעטער און באַזונ־דערס — דעם ערשטן שטרייק פון די שוסטערס, וואָס פיל פון זיי האָט מען בעתן שטרייק געמוזט באַזאָרגן מיט עסן און שלאָפן, ווייל די אַרבעטסגעבער האָבן זיי נישט אַריינגעלאָזט צו זיך אין די הייזער. מיר האָבן שטאָלצירט מיט אונדזער דערגרייכונג, וואָס גראָד אין פאַלעניץ באַקומט מען די העכסטע לוינען אין לאַנד. אין משך פון אַ קורצער צייט איז אויף אַ ממשותדיקן אופן פאַרבעסערט געוואָרן די לאַגע פונעם אַ־בעטער. עס איז נישט געווען קיין סוד, אַז די אַלע דערגרייכונ־גען זענען מעגלעך געווען אַ דאַנק די אויסגעפּרוווטע קעמפער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין שפּיץ פון די פאַראיינען און האָבן אַלס ציל פון זייער לעבן געזען צו פאַרבעסערן די לאַגע פון אַרבעטנדיקן מענטש.

די דאָזיקע טוערס האָבן זיך נישט באַגרענעצט מיט זייער טעטיקייט בלויז צו דער א. ג. „יידישער גאַס". גענוג צו דערמאָנען די שטרייקן אין טאַרטאַק און אין דער הוטע, וווּ ס׳זענען געווען באַשעפטיקט פּוילישע אַרבעטער, כּדי צו פאַרשטיין די קאָלאָסאַלע אָנשטרענ־גונגען צו פאַרבעסערן די לאַגע פון יעדן אַרבעטנדיקן מענטש. די פּראָפ׳־טוער זענען געווען איינגעשטעלט צו העלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן. נאָך די גרויסע שריפה אין זומער 1927, זענען צענדליקער אָרעמע פאַמיליעס געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. מיט זייער גורל האָט זיך פאַרנומען די פּראָגרעסיווע יוגנט פון פאַלעניץ. מ׳האָט זיך נישט גערעכנט מיט די פּאָליצייאישע דראָ־אונגען צו שטעלן אונדז פאַר אַ שטאַנד־געריכט פאַר עקספּראָפּריאירן די וויללעס. צוזאַמען מיט די פּוילישע חברים, אַרבעטער פון דער הוטע, האָט מען בעת דער שריפה געראַטעוועט וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט און די אָמיינסטן געליטענע און דאַכלאָזע געטיילט אַ דירה מיט מעבל, אין פאַל זיי האָבן זיך צו אונדז געווענדט.

אַזוי זענען מיר פון אַ קליינער גרופּע אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסן אָרגאַניזירטן כּוח, אַפילו אַנדערע ערטער געגעבן קאַדערן פון אָנפירנדיקע חברים. אויך אונדזער דראַמקרייז פון די פּראָפ.־פאַראיינען פלעגט אויפטרעטן מיט פאַרשטעלונגען אין די אַרומיקע שטעטלעך.

אונדזערע אַקטיוויסטן פלעגן אַחוץ דער אומלע־גאַלער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט, אויך פירן קול־טור־פּאָליטישע אויפקלער־אַרבעט אויסער פאַלעניץ, אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך. מיר גרויסן זיך מיט אונדזערע פאַלעניצער, וועלכע האָבן פאַרנומען אָנגעזעענע פּאָזיציעס אין די צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון די פּראָפ׳־פאַראיינען. נאָך מער פון אַלץ שטאָלצירן מיר מיט יענע חברים, וועלכע האָבן גענומען אָן אַק־טיוון אָנטייל אין קאַמף קעגן פאַשיזם — אין די רייען פון די אַרמייען וואָס האָבן געקעמפט קעגן היטלעריזם, אין פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן, אין די ווידערשטענדלער־

רייען, אין די געטאָס און אין די טויט־לאַגערן, אין דער רויטער אַרמיי, אין דער פוילישער דיוויזיע. אומעטום האָבן זיי געטראָגן מיט זיך דעם קאַמפּס־גייסט און טראַדיציע פון זייער געבורט־שטעטל.

אַ גרעסערע גרופּע לאַנדסלייט געפינט זיך אין ישׂראל און פיל פון זיי האָבן געהאָלפן דער יידישער מדינה אָפּצושטויסן די אַטאַקעס פון די אַראַבישע אינוואַדאָרן. דאָס האַרץ פרייט זיך, אַז מען זעט אין ישׂראל אונדזערע פאַלעניצער, שוין מיט דערוואַקסענע קינדער, וועלכע העלפן פאַרפעסטיקן די יידישע מדינה.

# דער „סקראַ"־אָרקעסטער האָט זיך צעבונטעוועט...

אברהם רינג
יפו

ביי דעם אַרבעטער־ספּאָרט־קלוב „סקראַ" אין פאַלעניץ, וועלכער איז געווען נאָענט צו די קאָמוניסטן, איז עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, געשאַפן געוואָרן אַן אָרקעסטער, וואָס איז באַרימט געוואָרן נישט נאָר מיטן גוטן שפּילן, נאָר אויך מיט דעם צוזאַמענשטעל זיינעם. דאָס זענען געווען פריילעכע חברה, אמתע ליבהאָבער פון מוזיק. צום אָרקעסטער האָבן געהערט: יאַנקעלע פון גאַרוואָלין, הערשעלע גאָלדבערג, בן־ציון אַקערמאַן, סעוועק



מועדון־ספורט „סקרא" (1930)
ספּאָרט־קלוב „סקראַ" (1930)

דער אקאָרדיאָניסט, סאַמעק ראָזענבערג, וויקטאָר וואַסילוש, מיין ברודער ישראל רינג און דער שרייבער פון די שורות. אונדזערע אויפטריטן אויף פאַרשידענע פאַרוויילונגען און בעלער האָבן געשאַפן דעם אָרקעסטער אַ גוטן נאָמען און אָנערקענונג.

זייענדיק פאַרבונדן מיטן ספּאָרט־קלוב „סקראַ", האָבן מיר נישט געטאָרט שפּילן אויף אונטערנעמונגען פון די ציוניסטישע צי בירגערלעכע פּאַרטייען, סיידן מיט דער בפירושער דערלויבעניש פון דער פאַרוואַלטונג, וועלכע איז ווידער געווען אונטערגעאָרדנט דער אויפזיכט און דיסציפּלין פון דער פּאַרטיי. די שפּילערס אין דער אָרקעסטער האָבן נישט משלים געווען מיט אַזאַ באַגרענעצונג און אפשר טאַקע צוליבן פאַרבאָט — האָט זיך אונדז דווקא געוואָלט שפּילן אויף אַנדערע ערטער. ס'האָט שטאַרק געלאָקט אויפצוטרעטן אויסער דעם קלוב.

איין מאָל האָט זיך צו מיר געווענדעט אַ חבר פון בית"ר, אַז מיר זאָלן ביי זיי שפּילן אויף אַ באַל. אַלס דיסציפּלינירטער מיטגליד פון „סקראַ" און פון אָרקעסטער, האָב איך פאַרגעלייגט דעם בית"ריסט צו ווענדן זיך צו דער פאַרוואַלטונג פון אונדזער קלוב. מיר זענען געווען זיכער, אַז דאָס מאָל וועט מען יאָ דערלויבן שפּילן אין אַ צווייטן לאָקאַל און אויף אַן אונטערנעמונג פון אַ קעגנער.

איך בין געווען אויף דער זיצונג, צו וועלכער ס'איז געקומען א דעלעגאַציע פון בית"ר און געבעטן דעם אויפטריט פון אָרקעסטער. זיי, פּונקט ווי אונדז, האָט דערוואַרט אַן אַנטוישונג. דער אָפּזאָג פון דער פאַרוואַלטונג איז געווען אַ קאַטעגאָרישער!

דעם באַשלוס האָבן מיר שטאַרק איבערגעלעבט און שטילערהייט האָט מען אָנגעהויבן זיך בונטעווען. אונדזער מיינונג איז געווען, אַז דער אָרקעסטער דאַרף נישט ווערן אַריינגעצויגן אין פּאָליטישע חשבונות און מאַכינאַציעס. האָט מען געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ האַנדלונג און גלייכצייטיק דעמאָנסטרירן זעלבשטענדיקייט.

אַזאַ געלעגנהייט איז געקומען.

די לייטונג פון דער ניי־אויפגעשטעלטער שול־געביידע האָט באַלשאָסן אדורכצופירן, ווי יעדעס

יאָר, אַ קאַרנאַוואַל־באַל, צו וועלכן זיי פלעגן אַראָפּ־ברענגען אַן אָרקעסטער אַזש פון וואַרשע. געלט האָט דאָס זיי געקאָסט גענוג און צופרידן איז מען נישט געווען. דאָס מאָל איז געקומען אַ ווענדונג צו דעם אָרקעסטער פון „סקראַ", ווייל זיי האָבן געהאַט וועגן אונדז זייער גוטע אָפּרופן. דער שול־לייטער כענטשינסקי האָט זיך געווענדעט דירעקט צום אָרקעסטער — און מיר זענען באַלד אַוועק צו אים אויף אַ שמועס. ער האָט אויסגעדריקט זיין אויפריכטיקן ווילן, אַז מיר זאָלן שפּילן אויפן באַל און דערבײַ אונטערגעשטראָכן, אַז די געלט־פראַגע עקזיסטירט נישט איבערהויפּט. מיר וועלן באַקומען אַ גוטן פּרייז. ער וויל בלויז מיר זאָלן קומען אין שול אויף אַ פּראָבע.

מיר האָבן אין קאָנספּיראַציע פאַר דער פאַרוואַל־טונג, אָנגענומען די פאַרגעלייגטע באַדינגונגען. אַלעמען אָנגעזאָגט נישט אַרויסצוכאַפּן זיך פאַר קיינעמען מיט אַ וואָרט, שטעלן די פאַרוואַלטונג פאַר אַ געשעענעם פאַקט. אַלס פּיאַניסטין האָט מען אָנגאַזשירט אַ גוטע שפּילערין, וועלכע האָט געוווינט ביי אברהמטשע



מתאגרפים מ„סקרא"
באָקסערס פון „סקראַ"

גרינבערג. דאָס איז געווען אַ שיין מיידל, איר נאָמען געדענק איך נישט איצט. אַ געוויסן אָוונט זענען מיר אַוועק אויף אַ פּראָבע, אויף וועלכער עס זענען אַנוועזנד געווען אַ סך מענטשן. דער דערפאָלג איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער. מיר האָבן אויסגענומען. אַפילו באַקומען אַ לייטישן אַדערויף.



סקציית איגרוף ב„סקרא"
באָקס־סעקציע פון „סקראַ"

אויפן באַל גופא האָט אונדזער אָרקעסטער אַלעמען איבעראַשט מיטן גוטן שפּילן. מען האָט אונדז ממש געטראָגן אויף די הענט. דער מאַטעריעלער און מאָראַ־לישער דערפאָלג האָט איבערגעשטיגן אַלעמענס דערוואַרטונגען. מיר האָבן געגלויבט, אַז אין זכות פון דער דערגרייכונג, וועט אויך די פאַרוואַלטונג זיין טאָלעראַנט און אפשר פאַרגעבן די זינד...

ליידער, די רעאַגירונג פון דער פאַרוואַלטונג איז געווען אַ פיל הארבערע, ווי מיר האָבן זיך פאַרגע־שטעלט — און דווקא נישט דערפאַר וואָס מיר האָבן אָנטיילגענומען אין דער פייערונג פון אַ רעאַקציאָנערער אָרגאַניזאַציע, נאָר דער עיקר צוליב דעם, וואָס מען האָט געוואָגט צו טאָן אזא זאַך, אָן דער בפירושער דערלויבעניש פון דער אינסטאַנץ... עטלעכע וואָכן האָט געדויערט דער סיכסוך — ביז מיר זענען אויף אַ חודש צייט באַזייטיקט געוואָרן פון קלוב.

פון יענער געשעעניש איז דער אָנזען פון אָרקעסטער שטאַרק געוואַקסן. מיר האָבן באַקומען פיל ווענדונגען פון פאַרשידענע זייטן צו שפּילן. נאָר די צוגעבונדנקייט צום קלוב איז געווען שטאַרקער ווי די אַלע לאָקנדיקע אָפערטעס — און זיי האָבן באַקומען אַן אָפּזאָג.

וועגן עצם בונט פונעם אָרקעסטער, ווער איז געווען גערעכט — די פאַרוואַלטונג צי מיר — לאָז איך איבער, ווי מען זאָגט, פאַרן משפט פון דער היסטאָריע...

# דער בעקער פאַראיין און זיינע בעלי־הבתים

שמואל קאַמיענקאָווסקי
בריסעל

דער בעקער־פאַראיין אין פאַלעניץ איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1925. פון די ערשטע אָנפירער איז געווען בערל קאָמבינאַטאָר. זיין געהילף — ווינצענטי, אַ הויכער קריסט מיט רויטע וואָנצעס, פון דייטשער אָפּשטאַמונג (בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט פוילן, האָט ווינצענטי אויס־געליפערט אַ סך יידן אין די רוצחישע הענט פון די דייטשן). בערל און ווינצענטי פלעגן נעמען געלט ביי די עלטערע אַרבעטער — פאַר טיילן פּאָסטנס. און די יינגערע געזעלן האָבן זיי זיך דערלויבט צו שלאָגן.

פאַלעניץ איז אָבער אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט גע־ווען גוט אָרגאַניזירט, מיט אַ שטאַרקער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי. נאָך דעם ווי בערל האָט זיך דערלויבט שלאָגן מיט אַ שטעקן דעם יוגנטלעכן מאיר מאָקושינסקי (בורוס), האָט די יוגנט־פראַקציע באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן צו דער הערשאַפט פון די קאָמבינאַטאָרס. בערל און ווינצענטי זענען נישט געווען קיין רעדנערס און אויף פאַרזאַמלונגען זענען זיי וואָס ווינציקער אויפגע־טרעטן. דערפאַר האָט בערל דיקטירט יעדן איינעם וואָס האָט יאָ געוואָלט און געהאַט עפּעס צו זאָגן אויף דער פאַרזאַמלונג.

מיט דער יוגנט־סעקציע האָט אָנגעפירט אלי סאָל־ניצקי. אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג, נאָכן באַשלוס פון דער סעקציע אַ סוף צו מאַכן מיטן טעראָר פון יחידים, האָט בערל געהייסן דעם שרייבער פון די שו־רות נעמען אַ וואָרט. איז ער טאַקע אַרויף אויף דער טריבונע און גערעדט קעגן דער הערשאַפט פון די קאָמבינאַטאָרן און געפאָדערט, אַז דער פאַראיין זאָל זיין אַ קלאַסן־פאַראיין און פירן אַ קלאָרע פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיק. אונדזער פאַראיין אין פאַלעניץ איז געווען אַ געמישטער, ד. ה. פון פוילישע און יידישע אַרבע־טער. אויף די פאַרזאַמלונגען האָט מען דעריבער גע־מוזט רעדן פויליש, אַלע זאָלן פאַרשטיין. אַ טייל פוי־לישע אַרבעטער האָבן מסכים געווען מיט די אויספירן פון רעדנער. דאָך איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג. די יוגנטלעכע האָבן גוט אָנגעבראָכן די ביינער די שטאַרקע יונגען — און פון יענעם טאָג אָן האָט קיינער נישט מורא געהאַט פאַר בערל קאָמבינאַטאָר, זיין געהילף ווינצענטי און זייערע אונטערשטופּערס.

אויף דער זעלבער פאַרזאַמלונג איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג: אברהם־יצחק גאָלדפאַרב, סראָליק גאָלדבערג, הערש פרימער, גוסטאַוו שולץ און שמואל קאַמיענקאָווסקי. אָנשטאָט קאָמבינאַציעס, האָט דער פאַראיין אָנגעהויבן פירן אַ קאַמף פאַר לוין־העכע־רונג, בעסערע סאָציאַלע באַדינגונגען. און ווען ס'איז געווען נייטיק — געפירט שטרייקן.

אין פאַלעניץ איז געווען אַרבעט אין די בעקערייען דער עיקר אין זומער, בעתן דאַטשע־סעזאָן. האָט מען פאַר יעדן סעזאָן אויסגעקעמפט אַ לוין־העכערונג. מיר זענען דערגאַנגען דערצו, אַז אין פאַלעניץ איז דער לוין פון אַ בעקער־אַרבעטער געווען דער גרעסטער אין פוילן.

נישט איין מאָל האָט מען געמוזט אָנקומען צו האַרבע קאַמפס־מיטלען, אַפילו טעראָר, כדי צו דערגרייכן עפּעס ביי פאַרעקשנטע אַרבעטס־געבער. דערפאַר האָט דער פאַראיין געקענט טיילן אַרבעטס־טעג אויך אין ווינטער און אַרבעטלאָזע בעקערס האָבן געהאַט באַ־שעפטיקונג איינעם צי צוויי טעג אין וואָך, אַפילו אין ווינטער.

צו דער פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זענען אין פאַרלויף פון עטלעכע קאַדענצן געווען פאַרטרעטן די חברים: שמואל קאַמיענקאָווסקי, אברהם־יצחק גאָלד־פאַרב, לערש פרימער, בינם יאַוואָרסקי, סראָליק גאָלד־בערג און אייזיק יאַוואָרסקי, האָבן אויך געהערט פוי־לישע חברים: יאַנעק וואַזווער און גוסטאַוו דויטש, וועל־כער האָט געשטאַמט פון דייטשן. אויך דער לעצטער האָט בעתן היטלעריסטישן מבול אין פוילן, אַרויסגע־וויזן טריישאַפט דעם „הערענפאָלק" און אַכזריותדיקייט און געמיינקייט כלפּי אייגענע חברים.

די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער זענען צוליב דער אַק־טיוויקייט און קאַמפס־פעיקייט פון פאַראיין, נישט איין מאָל אַרעסטירט געוואָרן און דערנאָך באַקומען תפיסה־אורטיילן.

איך וויל נאָך אויך דערמאָנען די ברידער פּאַסעסאָרסקי, וועלכע האָבן כסדר געפּראָוועט אָפּאָזי־

ציע און אין יאָר 1930 זענען זיי אַוועק צו די „פראַקעס", אַ רעכט־געשפּאָלטענע גרופּע פון דער פּוילישער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.).

אַן ענדערונג אינעם צוזאַמענשטעל פון דער פאַר־וואַלטונג איז פאָרגעקומען נאָך דעם באַרימטן קאַמף מיט דער אָנפירונג פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. עט־לעכע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער זענען דעמאָלט אַרעס־טירט געוואָרן. אין יאָר 1931 זענען אומלעגאַל געקו־מען פון אָטוואָצק קיין פאַלעניץ חיים צעשינסקי און יצחק זשעלאַזני, וועלכע האָבן זיך געשטעלט בראש פון פאַראיין.

בדרך כלל האָבן צום פאַראיין געהערט בלויז יונגע, געזונטע אַרבעטער, אויסער עטלעכע עלטערע בע־קערס, ווי: שלמה פרימער, בעריל גלאָצער און יאַנקל פאַרצעווער. אין דער מלחמה מיט די אַרבעטס־געבערס זענען באַזונדערס געווען טעטיק: זישע מושינסקי און שמואל לאַטאָוויצקי. דיסציפּלינירטע און געטרייע פאַר־איינס־מיטגלידער זענען געווען: משה זשעלאָנקע, לייזער סוקנע, ראובן קאַלקאָוויטש, דער גרויסער מלך, יעזשי גאָלדפאַרב (זאָלן מיר מוחל זיין די, וועמענס נעמען כ'האָב נישט דערמאָנט).

איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, איז שווער גענויער צו באַשרייבן די טעטיקייט פון פאַראיין, וועלכער האָט אין פאַרלויף פון זיין גאַנצער טעטיקייט נישט געליטן פון קיין שפּאַלטונגען און שאַרפע רייבונגען. מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דער געטרייער פאַראיינס־מיטגליד יצחק זשעלאַזני באַגראָבן דעם גאַנצן אַרכיוו אין דער ערד, ער זאָל נישט אַריינ־פאַלן אין שונאס הענט. יצחק איז אומגעקומען אין ראַטנפאַרבאַנד.

פון די דערמאָנטע חברים, לעבן היינט: אברהם־יצחק גאָלדפאַרב (סאמראַט)? — אין ישראל; סאַלעק גאָלדבערג — אין אַמעריקע; בינם יאַוואָרסקי — אין פראַנקרייך; זלמן פּאָסעסאָרסקי — אין פּוילן; חיים צעשינסקי — וואַרשע; און דער שרייבער פון די שו־רות — אין בריסעל (בעלגיע).

# די ערשטע אויפגאַבע – אַכט־שעהדיקער ארבעטס־טאָג

אהרון זוכמאַן
רמת־השרון

אין יאָר 1926 בין איך אָנגעקומען קיין פאַלעניץ — און גלייך דערפילט די גוטע לופט פון די סאָסנע־וועלדער. אָבער נישט דאָס איז געווען דער ציל פון מיין נסיעה אין שטעטל; כ'בין געקומען אַהער אַר־בעטן — און נישט געניסן פון דער הערלעכער דאַ־טשע, מיט וועלכער פאַלעניץ איז געווען אַזוי באַרימט.

איך האָב זיך דאָ אָנגעטראָפן אויף אַ באַוווּסטזי־ניקער יוגנט, וועלכע האָט זיך געהאַט אירע פּאָלי־טישע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. אָבער ווייט איז מען געווען פון יענע סאָציאַלע אַרבעטער־דער־גרייכונגען ווי אין די גרויסע שטעט. ביי מיין פאָך, שניידעריי, האָט מען דעמאָלט אין פאַלעניץ געאַרבעט 10 שעה אַ טאָג. ערשט ווען ביים פּראָפ.־פאַראיין איז געשאַפן געוואָרן אַ יוגנט־סעקציע, איז די ערשטע אויפגאַבע געווען — איינפירן אַן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. צו דער פאַרוואַלטונג פון דער יוגנט־סעקציע האָבן געהערט: אלי סאָלניצקי, שולמאַן (?) מאיר, בערנאַרד איטשע און דער שרייבער פון די שורות.

נישט לייכט איז געווען אַדורכצופירן אין פאַלעניץ אַזאַ „רעוואָלוציע" ווי פאַרקלענערן דעם אַרבעטס־טאָג אויף גאַנצע צוויי שעה. די יונגע קעמפער פונעם נאָדל־פאַך האָבן אָבער אַרויסגעוויזן אַ סך טאַקט, געדולד און פעיקייט צו אונטערהאַנדלען, ביז אונ־דזער ציל איז דערגרייכט געוואָרן.

דער דאָזיקער פּראָפעסיאָנעלער קאַמף פאַרן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, האָט אָבער נישט אָפּגע־שטעלט די קולטורעלע טעטיקייט פון פאַראיין און זיין יוגנט־סעקציע. יעדן פרייטיק צו נאַכטס אַ קעסטל־אָונט; שבת — אַ פאַרלעזונג פון אַן אַרטיקל אָדער וואַרשעווער רעפערענט. דער פאַראיין האָט אויך פאַרמאָגט זיין דראַמאַטישן קרייז, וועלכער האָט גע־שטעלט ערנסטע פּיעסן. אַז מיין ברודער פלטיאל איז געקומען קיין פאַלעניץ, האָט ער אויך געשפּילט אין דראַמקרייז. ער איז געווען אַ סקולפּטאָר און מאָלער.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה, איז די ידישע פאַלעניץ פאַרלענדט געוואָרן.

# הרב פנחס פינקעלשטיין הי״ד, אב בית־דין אין פאלעניץ

פונעם בוך „נגינה וחסידות בבית קוזמיר ובנותיה״ פון מ. ש. גשורי. ירושלים, 1952. ז״ז 170—172.

הרב הגאון החסיד ר׳ פנחס פינקעלשטיין הי״ד, דער אב בית־דין אין פאַלעניץ ביי וואַרשע, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרמ״א (1881). ער איז געווען דער יינגסטער זון פונעם חסיד און גביר ר׳ אברהם פינקעלשטיין, פון די אָנגעזעענסטע יידן אין לוקאָוו, שעדלעצער גובערניע. זיין הויז איז



הרב פינקעלשטיין ז״ל

געווען פון די שענסטע אין לוקאָוו. דאָרט האָט צוזאַמען געגנעסטעט תורה, גדולה און חסידות. ער איז געווען אַן איינגייער אין הויף פון די אַלעקסאַנדער חסידים, זייער אָנגעזען צווישן זיי און ביי אַלעמען באַליבט. די וואָס האָבן אים געקענט, אָדער געווען מיט אים אין האַנדלס־באַציאונגען, האָבן אים זייער געשעצט און באַצויגן צו אים מיט יראת־הכבוד. לויט זיין האַלטונג, אַרט ריידן און העפלעכקייט, איז דאָס געווען דער סימבאָל פון אַ גראָדליניקן מענטש, איידל און סובטעל, העפלעך און פול מיט מעשים טובים. אינערלעך — אַן אמתדיקער חסיד, אויסערלעך — אַ גרויסער, בכבודיקער סוחר. ר׳ אברהם פינקעלשטיין האָט זיין גאַנץ לעבן געגעסן מילכיקס. אויף אים האָט אַמאָל געזאָגט דער מאָדזשיצער צדיק „כי ממלח טהור קודש״.

אין יענער תקופה האָט דעם כסא הרבנות אין לוקאָוו פאַרנומען דער הרב הגאון, זון פון די קדושים און אייניקל פונעם „יהודי הקדוש״ ר׳ ירחמיאל מינצבערג, וועלכער האָט געפירט אַ וויכטיקע ישיבה אין לוקאָוו, ווו ס׳האָבן געלערנט די בעסטע און אויסגעצייכנטע תלמידים, עילויים. צווישן זיי האָט דער בחור פנחס פינקעלשטיין ביז גאָר זיך אויסגעצייכנט. איז געווען די רעכטע האַנט פון דעם פריער דערמאָנטן רב, וועלכער האָט זיך מיט אים פאָרגעשטעלט פאַר די גרעסטע רבנים, וועלכע זענען צו אים געקומען. איך געדענק, ווי זיין פאָטער ר׳ אברהם האָט אים מיטגענומען קיין אַלעקסאַנדער, האָט אים דער צדיק אָפּגעגעבן אַ סך כבוד. צווישן די חסידים האָט ער געהאַט דעם נאָמען פון אַן עילוי. אַז איך בין געקומען קיין לוקאָוו, כדי באַקומען „סמיכה״ (דער רוב ישיבה־בחורים וואָס האָבן אין יענער צייט געלערנט, האָבן זיך געניטיקט אין דער סמיכות פון דעם גאון), איז דער נאָמען פון בחור פנחס פינקעלשטיין שטענדיק דערמאָנט געוואָרן צו לויב און רום.

דערנאָך האָב איך געהערט, אַז ער האָט חתונה געהאַט און געוואָרן אַן איידעם פון ר׳ יאַנקעלע טויב, דער זון פון ר׳ ישראל הצדיק פון מאָדזשיץ. אין משך פון יאָרן האָט ער געגעסן קעסט ביים שווער, געווען אַ גרויסער מתמיד, כסדר געשטיגן און עולה גדולה און באַרימט געוואָרן אין דער רבנישער וועלט, ווי איינער פון די גרויסע. אויסער דעם, איז ער געווען געבענטשט מיט אַ שרייבערישער פעדער, קאָרעספּאָנדירט וועגן תורה־ענינים מיט די גרעסטע רבנים פון זיין דור. זיינע חידושי־תורה זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זיינע ביכער, וועלכע זענען דער־

שינען. דאָרט ווערט ער פֿאַרגעשטעלט אַלס אַ „גדול וחריף".

אין יאָר תרע"ב איז ער געוואָרן רב אין פּאַלעניץ לעבן וואַרשע און פון דעמאָלט אָן האָב איך זיך מיט אים געטראָפן כמעט אויף אַלע אסיפות, זיצונגען און קאָנפערענצן פון די רבנים אין פוילן. זיין שטים איז געהערט געוואָרן, מ'האָט זיך מיט אים גערעכנט, ר'האָט פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט צווישן די רבנים אין פוילן און אירע מנהיגים. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ ספר א. נ. „פנים יפות" וועגן תהילים און אַ ספר „זי הפנים" — וועגן לעבן פון שר התורה ר' פנחס הלוי איש הורביץ, רב בית־דין פון פראַנקפורט אַם־מיין, וועלכער ווערט דערמאָנט אין דער הקדמה צום ספר של"ה פון ר' משה פנחס וואלדין, אָפּגע־דרוקט אין וואַרשע: „פי הבאר", „כוכבי אור" און אנד. אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, האָט ער געהאַט אַ סך תורה־שריפטן אויף אַלע געביטן, חריף און בקי, מיט אַ גראַדן שכל, לאָגיק, גוט דערצויגן, אַ חסיד, געוווסט אַ פּרק לעבנס־שטייגער. דער פּאַלעניצער רב האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע רייכע ביבליאָטעק, דערפון אַ סך יקר־המציאותן און אויך כתב־ידן. די דאָזיקע ספרים האָט ער זיך איינגעשאַפט נאָך אין די יוגנט־יאָרן — און זיי אַלע זענען פאַרברענט געוואָרן דורך די נאַציס די טמאים. פיל רבנים, וועלכע האָבן אַמטירט אין פאַרשידענע קהילות אין פוילן און אויסער איר,

חתימתו של הרב פינקלשטיין
אונטערשריפט פון הרב פינקלשטיין

זענען געווען זיינע תלמידים. אין יאָר תש"ב, ז' אלול, איז ער צוזאַמען מיט זיין פרוי, די רביצין צביה און זייער יונגע טאָכטער לאה און דער גאַנצער קהילה, איבערגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, ווו זיי זענען אומגעקומען אויף קידוש השם.

אַ שאָד דער מאַן, וועמענס יונג לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן דורך די פאַרשאָלטענע נאַצישע חיות.

# שלמה לייטמאַן,
# איינער פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן פון אויפשטאַנד אין סאָביבאָר

אין יאָר 1948 איז אין „אָגיז", מאָסקווער מלו־כה־פאַרלאַג „דער עמעס", דערשינען (אין יי־דיש), אַ ביכל פון 64 זייטלעך פון א. פּע־טשאַרסקי — „דער אויפשטאַנד אין סאָבי־באָר". דאָס זענען זכרונות פונעם מחבר, אַ געוו. סאָוויעטישער קריגס־געפאַנגענער, וועלכער איז מיט אַ טראַנספּאָרט יידן פון מינסקער געטאָ אָפּגעשיקט געוואָרן אין דעם פאַרניכטונגס־לאַ־גער סאָביבאָר. דאָ האָט ער צוזאַמען מיט דעם פּאַלעניצער יידישן אַרבעטער שלמה לייט־מאַן, אָרגאַניזירט דעם אויפשטאַנד אין לאַגער. מיר ברענגען ווייטער גרעסערע אויסצוגן פון דעם ביכל (מיט אונדזער אויסלייג), דער עיקר די פראַגמענטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם פּאַלעניצער יידישן בחור. א. פּעטשאַרסקי כאַ־ראַקטעריזירט אונדזער העלד מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„...באַזונדערס נאָענט בין איך געווען באַ־פריינדעט מיט שלמה לייטמאַנען, אַ מעבל־סטאָ־ליער פון וואַרשע,* אַ קאָמוניסט. אין פוילן איז ער עטלעכע יאָר געזעסן אין טורמע. נאָך די גע־שעענישן פון 1939 יאָר, איז ער אַריבערגעפאָרן קיין מינסק. נישט קיין הויכער, אַ דאַרער, מיט טיף־איינגעגראָבענע אויגן און אַ פאַרשפּיצטער נאָז, האָט ער פאַרמאָגט אַ סך אינערלעכע ענער־גיע און זייער אַ באַוועגלעכן און גלייכן שכל. ער האָט געקאָנט אויסגעצייכנט צוגיין צו מענ־טשן, ווירקן אויף זיי מיט זיין וואָרט. מע האָט אים געטרויט און אין אַ נויט גערן מיט אים זיך אָן עצה געהאַלטן.

...מיר זענען געווען ווי ברידער. וועגן וואָס האָבן מיר נישט איבערגעשמועסט אין די נעכט, ליגנדיק איינער לעבן דעם אַנדערן. זיין גליי־כער פאַרשטאַנד, זיין רואיקייט, זיין מוט, זיין געטריישאַפט — האָבן מיך אונטערגעהאַלטן אין

* דער מחבר האָט דאָ געמאַכט אַ טעות, צוליב דער נאָענט־קייט פון פּאַלעניץ צו וואַרשע.

די שווערסטע מאָמענטן. דעם אויפשטאַנד אין לאַגער האָבן מיר צוגעגרייט צוזאַמען, מיט אים האָבן מיר זיך באַראַטן וועגן יעדער קלייניקייט און וועגן די וויכטיקסטע שריט..."

*

אין סעפּטעמבער 1943 יאָר, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אייליק אַרויספירן פון מינסקער געטאָ דעם רעשט יידן וואָס איז צו יענער צייט נאָך דאָרט פאַרבליבן. פּאַרטיעסווייז, צו 2000 מאַן, האָט מען זיי פון געטאָ אַריבערגעוואָרפן אין לאַגער אויף דער שיראָקער גאַס און פון דאָרטן — אָפּגעשיקט ווייטער.

מען האָט אונדז אַריינגעשפּאַרט צו 70 מענטשן אין אַ וואַגאָן, מאַנצבילן, פרויען און קינדער — אַלע אין איינעם. קיין נאַרעס, קיין בענק זענען נישט געווען. וועגן ליגן האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. זעלטן ווען ס'האָט זיך איינגעגעבן צוזעצן זיך אויף עטלעכע מינוט. אַפילו שטיין איז אויסגעקומען ענג צונויפגעקוועטשט. די טירן האָבן זיך נישט געעפנט, די פענצטער זענען געווען פאַרצוימט מיט שטעכלדראָט. קיין שפּייז, קיין טרונק וואַסער האָט מען נישט געגעבן. מען האָט קיינעמען נישט אַרויסגעלאָזט אין דרויסן צו טאָן זיינע באַדערפעניש. אַזוי זענען מיר געפאָרן פיר מעת־לעת, נישט צו וויסן וווהין.

אויפן פינפטן טאָג פאַרנאַכט, זענען מיר אָנגעקומען אויף אַ פאַרוואָרפענער האַלבסטאַציע. אויף אַ ווייסן שילד איז מיט גרויסע גאָטישע אותיות געווען אָנגעשריבן: „סאָביבור”. רעכטס פון דער סטאַציע האָט זיך געזען אַ וואַלד. אין דער לינקער זייט האָט זיך געצויגן אַ דריי־מעטערדיקע צוים פון דריי רייען שטעכל־דראָט.

דעם צוג האָט מען אַריבערגעפירט אויף אַ רעזערוו־ליניע. מען האָט אונדז געבראַכט וואַסער — דאָס ערשטע מאָל פאַר די פינף טעג. קיין עסן האָבן מיר נאָך אַלץ נישט באַקומען. אויף איבער נאַכט האָט מען אונדז צוריק פאַרשפּאַרט אין די וואַגאָנען. דעם 23סטן סעפּטעמבער, 9 אין דער פרי, האָט דער לאָקאָמאָטיוו הינטערוויילעכטס און פּאַמעלעך צוגערוקט אונדזער עשאַלאָן צו אַ טויער אין דער דראָט־פאַרצוימונג, אויף וועלכן ס'איז געהאָנגען אַ שילד מיט אַן אויפשריפט: „זאָנדערקאָמאַנדאָ”.

אַריינגעלאָזט דעם צוג, האָט זיך דער טויער באַלד פאַרמאַכט. הונגעריקע, צעבראָכענע, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אויסלאָדן פון די וואַגאָנען. פון אַ ווייסער שטוב איז אַרויס אַ גרופּע פון עלף דייטשישע אָפיצירן מיט בייטשלעך אין די הענט. אין דער שפּיץ — אַ וווּקסיקער דיקער דייטש, דער אָבערשאַרפירער



שלמה לייטמאַן ואשתו מאניה
שלמה לייטמאַן און זיין פרוי מאַניע

גאָמערסקי, אַ געוועזענער בערלינער באָקסער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן אונדז מיט ברייט צעשטעלטע פיס, שאַרף אונדז אָנגעקוקט אַ ווילע און אויסגערופן:

— סטאָליערס און טעסלערס, אָן משפחות — פאָרויס!

ס'האָבן זיך געמאָלדן אַן 80 מאַן, מערסטנטייל קריגס־געפאַנגענע, צווישן זיי — אויך איך. אונדז האָט מען אַוועק געטריבן אין אַ צווייטן הויף וואָס איז געווען אָפּגעצוימט מיט דראָט. דאָרט האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ לאַנגן באַראַק מיט צוויי שטאָק הולצע נאַרעס און געהייסן פאַרנעמען ערטער. אַלע איבעריקע פון אונדזער עשאַלאָן זענען פאַרבליבן אויף יענער זייט דראָט און מיר האָבן זיי שוין מער נישט געזען.

ס'איז געווען אַ זוניקער וואַרעמער טאָג. איך און נאָך עטלעכע פון אונדזער באַראַק, זענען אַרויס אין הויף, זיצנדיק אויף די קלעצער, וואָס זענען דאָרט געלעגן, האָט מען זיך צערעדט, איטלעכער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין היים, אָן זיינע אייגענע און ליבע. איך בין אַ ראָסטאָווער, קיין ידיעות האָב איך פון מיין פאַמיליע נישט געהאַט, נאָר איך בין געווען זיכער, אַז זי האָט זיך עוואַקואירט. שלמה לייטמאַן איז אַ וואַרשעווער. ווען די דייטשן זענען אָנגעפאַלן אויפן סאָוויעטן־פאַרבאַנד, איז זיין ווייב מיט די קינדער

געווען אין מינסק. זיי האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו אַנטלויפן און זענען אומגעקומען אין געטאָ.

צו אונדז האָט זיך צוגעזעצט נישט קיין הויכער, געפּאַקטער ייד. ער האָט אויסגעזען אַ יאָר פערציק. ער איז ערשט געקומען פון דער אַרבעט ערגעץ פון אַן אַנדערן הויף.

— פונוואַנען זייט איר? — האָט ער זיך געווענדעט צו מיר אויף יידיש.

שלמה האָט אים דערקלערט, אַז איך פאַרשטיי נישט קיין יידיש, ווייל איך בין אויסגעוואַקסן נישט אין קיין יידישער סביבה. אונדזער וויטערדיקער שמועס איז געגאַנגען מיט לייטמאַנס הילף. דאָ האָב איך באַמערקט גרויע קנוילן רויך, וואָס זענען צפון־מערבדיקער פון אונדז אַרויפצו אינדערהייך און אַוועק אין דער ווייט. אין דער לופט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ שאַרפער ריח פון סמאַליענעס.

— וואָס ברענט עס דאָרטן — האָב איך געפרעגט. געפרעגט.

— קוקט נישט אַהין — האָט דער ייד געענטפערט. — דאָרט ברענען די קערפּערס פון אייערע חברים, וואָס זענען געקומען צו פאָרן אינאיינעם מיט אייך.

מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט פאַרגעזעצט:

— איר זייט נישט די ערשטע, נישט די לעצטע. נישט זעלטענער ווי איבער אַ טאָג קומען אַהער אַן עשאַלאָנען צו 2000 מאַן. און דער לאַגער עקזיסטירט שוין באַלד אַנדערטהאַלבן יאָר צייט. דעם חשבון קאָנט איר שוין מאַכן אַליין. דאָ זענען געווען יידן פון פּוילן, פון טשעכאָסלאָוואַקיע, פון פראַנקרייך, פון האָלאַנד, נאָר פון סאָוויעט־רוסלאַנד האָבן מיר ביז אייך נאָך קיינעמען נישט געזען.

דאָס איז געווען אַן אַלטער לאַגערניק. זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין סאָרטירן די זאַכן פון די געהרגעטע. ער האָט אַ סך געוווּסט. פון אים זענען מיר געוווּיר געוואָרן, וווהין אונדזערע חברים זענען פאַרשוווּנדן און ווי אַזוי דאָס גייט צו. מיט פּשוטע ווערטער, ווי ס'וואָלט זיך גערעדט וועגן געוויינלעכע זאַכן, האָט ער דערציילט. און מיר, די ניי־אָנגעקומענע, וואָס האָבן ביז אַהער אויך נישט ווייניק איבערגעלעבט, האָבן פאַרציטערטע געהערט זיין דערשיטערנדיקע דערציילונג:

— באַלד ווי מען האָט אייך אָפּגעטיילט און אַוועקגעשיקט, האָט מען די איבעריקע צוגענומען אין אַ צווייטן הויף. געוויינלעך נעמט מען אהינצו אַלעמען, קיינעם נישט אויסגעטיילט. דאָרט באַפעלט מען זיי אָנידערלייגן די פּעקלעך און זיך אויסטאָן, ווייל מען גייט אין באָד. די פרויען שערט מען אָפּ די האָר, אַלץ ווערט געטאָן שטיל און גיך. אין איינע העמדער, מיט הוילע קעפּ, גייען די פרויען צוזאַמען מיט די קינדער. הינטער זיי, אָפּגערוקט אַ הונדערט טריט, גייען די מאַנצבילן אינגאַנצן נאַקעטע, אַלע — באַגלייט פון אַ שטאַרקער וואַך. אָ, דאָרטן איז זי, די באָד, נישט ווייט פון דעם אָרט ווו איר זעט דעם רויך. צוויי געביידעס שטייען דאָרט — איינע פאַר פרויען און קינדער, די צווייטע פאַר מאַנצבילן. ווי אַזוי דאָס איז אינעווייניק איינגעאָרדנט, האָב איך אַליין נישט געזען, נאָר מענטשן וואָס ווייסן, האָבן אויסגעמאָלט. אויפן ערשטן קוק איז אַלץ אַזוי, ווי אין אַ באָד דאַרף זיין: קראַנען פאַר הייס און פאַר קאַלט וואַסער, שיסלען צום וואַשן זיך... ווי די מענטשן קומען אַהין אַריין, ווערן די טירן תיכף פאַרהאַקט און פון אויבן הייבן זיך אָן אַראָפּלאָזן געדיכטע טונקעלע קנוילן, ס'דערהערן זיך שוידערלעכע געשרייען, נאָר זיי געדויערן נישט לאַנג. גיך גייען זיי אַריבער אין אַ כאָרכלען, אין אַ ווערגן זיך און קאָרטשען זיך. מוטערס דעקן צו, זאָגט מען, זייערע עופעלעך מיט די קערפּערס. דער „באָדמייסטער" גיט אַכטונג אויפן גאַנג פון דער פּראָצעדור דורך אַ קליין שייבל אין דער סטעליע. אויף דער פופצנטער מינוט איז אַלץ פאַרענדיקט. די דילן עפענען זיך און די טויטע קערפּערס שיטן זיך אויס אין וואַגאָנעטקעס, וואָס שטייען שוין גרייט אונטן, אין די באָד־קעלערס. די אָנגעפּילטע וואַגאָנעטקעס קייקלען זיך שנעל אַרויס... אַלץ איז אָרגאַניזירט לויטן לעצטן וואָרט פון דער דייטשישער טעכניק. די קערפּערס ווערן אין דרויסן אויסגעלייגט אין אַ געוויסן סדר. מען באַגיסט זיי און מען צינדט זיי אונטער. אָ, דאָרט ברענען זיי... מיר וועלן אויך אַזוי ברענען. אויב נישט מאָרגן, איז אין אַ וואָך אַרום, אין אַ חודש אַרום...

אין דער נאַכט האָט זיך אונדז נישט געשלאָפן, ווי פאַרמאַטערט מיר זענען נישט געווען.

— סאַשע, וואָס וועט עס זיין? — האָט געמאָנט ביי מיר שלמה, מיין שכן אויף די נאַרעס.

איך האָב אים גאָרנישט געקאָנט ענטפערן. אויפן

האַרצן איז געווען צו שווער און איך האָב זיך געמאַכט שלאָפן. נעליע איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן, אַ צוויי־יאָריק מיידעלע מיט אַ געקרייזלט קעפּעלע, וואָס איז געפאָרן מיט אונדז אין וואַגאָן. איצט האָב איך זי געזען אין יענער שרעקלעכער באַד. מיר האָט זיך געדוכט, איך בין אויך דאָרטן, איך ווער דערשטיקט אינאיינעם מיט זיי.

מיט די געדאַנקען בין איך אַנטדרימלט געוואָרן, פלאַמען האָבן זיך מיר פאַרגעשטעלט, הענט אין די פלאַמען. אויף די הענט — די קליינינקע נעליע. נאָך דעם האָבן די פלאַמען זיך פאַרוואַנדלט אין גאַלאָפּי־רנדיקע פערד, דייטשן אויף די פערד האָבן זיך געיאָגט נאָך עמעצן, זיי האָבן זיך געיאָגט נאָך עלאַטשקען, נאָך מיין טאָכטער. אָט־אָט כאַפּן זיי זי... פאַר ווייו און שרעק האָב איך, ווייזט אויס, געגומען שרייען פון שלאָף.

— סאַשע, וואָס איז מיט דיר? כאַפּ זיך אויף — האָב איך דערהערט שלמהס קול און זיך אויפגעזעצט אויפן געלעגער.

*

באַלד פון די ערשטע טעג ווי מיר זענען אָנגעקומען אין סאָביבור, האָב איך אָנגעהויבן מאַכן נאָטיצן, אין וועלכע איך האָב גאַנץ קורץ און מיט אַן אומיסטן פאַרדרייט כתב, פאַרשריבן די וויכטיקסטע פאַקטן פון אונדזער לאַגער־לעבן. ערשט מיט אַ יאָר שפּעטער האָב איך זיי דעשיפרירט און דערגאַנצט לויטן זכרון. די ערשטע נאָטיץ איז דאַטירט דעם 24־טן סעפּטעמבער 1943 יאָר.

24־טער סעפּטעמבער: נעכטן זענען מיר אָנגעקומען אין לאַגער און היינט האָט מען אונדז אויפגעהויבן פון די געלעגערס 5 אַ זייגער. איטלעכער האָט באַקומען אַ קענדל אָקרעפּ אָן ברויט. האַלב זעקס האָט מען אונדז געציילט, זעקס איז מען אַרויס צו דער אַרבעט. די קאָלאָנע האָט זיך אויסגעשטעלט צו דריי אין אַ ריי. פאַרנט זענען געגאַנגען די רוסישע ייִדן, וואָס זענען געקומען מיטן נעכטיקן עשאַלאָן, נאָך זיי — די פּוילישע, טשעכישע, האָלענדישע. דער אָבער־שאַרפירער פראַנץ האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— די רוסישע זאָלן זינגען רוסישע לידער.

— מיר ווייסן נישט וועלכע לידער מען מעג זינגען

— האָב איך זיך אָפּגערופן.

דער קאַפּאָ (פּאָליציאַנט־איבערזעצער פון צווישן דעם אַרעסטאַנטן־באַשטאַנד) האָט איבערגעגעבן מיינע ווערטער.

— זינגט וואָס איר ווייסט — האָט פראַנץ געענט־פערט.

— סאַשע, וואָס זינגט מען? — האָט זיך געווענדעט צו מיר ציבולסקי, אַ ייִד פון דאָנבאַס, אַ הויכער, מיט אַ קיילעכדיק פּנים.

— „יעסלי זאַווטרא וואָינאַ“.

— וואָס רעדסטו, זיי וועלן אונדז ממיתן.

— זינג, זאָגט מען דיר, קיין אַנדערע לידער ווייסן מיר נישט.

ציבולסקי האָט אָנגעהויבן זינגען „יעסלי זאַווטראַ וואָינאַ“...

פונעם באַראַק, פאַרביי וועלכן אונדזער קאָלאָנע איז געגאַנגען, איז אַרויסגעלאָפן די וואַך. אין אָט דעם לאַגער פון פּיין און טויט, האָט דאָס סאָוויעטישע ליד געקלונגען ווי אַ פּרילינג־דונער. מיר אַליין האָבן זיך דערפילט אָפּגעפרישט און דערמונטערט, ווי מיר וואָלטן באַקומען אַ גוטן גרוס, אַן אָנזאָג פון אויסלייזונג און נצחון.

27 סעפּטעמבער. מיר האָבן געאַרבעט ווי אין ד־פריערדיקע טעג, אויפן פּלאַץ פון „נאָרד־לאַגער“. אַרום אַ זייגער צען אינדערפרי גייט צו מיר צו קאַלימאַלי (איינער פון מיינע חברים נאָך אין עשאַלאָן, אַ יונגער בחור פון באַקו, זיין אמתע פאַמיליע איז געווען שובייעוו) און פרעגט:

— סאַשע, האָסט באַמערקט, די דייטשן זענען אַלע אַוועק, געבליבן איז נאָר דער קאַפּאָ. וואָס קאָן עס באַדייטן, ווי מיינסטו?

— איך ווייס נישט — זאָג איך, — נאָר כל־זמן זיי זענען נישטאָ, דאַרף מען באַקוקן די געגנט. ס'וועט אונדז צונוץ קומען. דו פאַרש אויס אין וועלכע ערטער שטייט די וואַך און ווען זי בייט זיך.

דאָ יאָוועט זיך איינער פון די פּוילישע און טוט שטיל אַ זאָג:

— ס'איז אָנגעקומען אַ נייער עשעלאָן.

אין האַרצן האָט זיך מיר אָפּגעריסן.

— ווו איז זי, די באָד?

— אָ, דאָרט, הינטער יענעם באַראַק, אַ מעטער הונדערט פונדאַנען. איר זעט אַ הויכע דראָט־פאַרצוי־מונג, פאַרשטעלט מיט צווייגן, ביי די ווינקעלעך וואַך־טורעמלעך — דאָרט איז עס.

מיט די לאַפּעטעס אין די הענט זענען מיר געשטאַנען און געקוקט אין יענער זייט. קיין שום באַוועגונג איז דאָרט נישט געווען צו מערקן. ס׳איז געווען שטיל, נאָר מיר האָבן אַלץ געקוקט און געוואַרט.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער געשריי פון אַ פרוי, פון אַ סך פרויען, אַ געוויין פון קינדער, אויסרופן „מאַמע!"... „מאַ..." די געשרייען האָבן געקלונגען ווי אין אַ חלום, פון וועלכן דו ווילסט און קאָנסט זיך נישט אויפכאַפּן. באַלד האָט אין די קולות פון די מענטשן זיך אַריינגעמישט אַ ווילד גראַגערן פון צעפּלאַשעטע געענדז. שפּעטער זענען מיר געוווּיר געוואָרן: דריי הונדערט געענדז האָבן זיך דאָרט אין הויף געפּיטערט. ביז די באַד האָט געדויערט, האָט מען זיך נאָך זיי געיאָגט, כדי זייער גראַגערן זאָל פאַרטויבן די גוואַלדן פון די מענטשן.

איך האָב זיך געפילט ווי געליימט פון שרעק. דאָס איז געווען נישט די שרעק פאַרן טויט. ניין. ס׳האָט ס׳האָט געפּלעט די מוראַדיקייט פון דעם פאַקט. ס׳האָט מיך געשראָקן דער באַוווּסטזיין פון מיין אָנמאַכט. מען מוז זיך אויף עפּעס באַשליסן — דאָס איז געווען דער אויספיר פונעם שרעק־געפיל.

צו מיר זענען צוגעגאַנגען שלמה לייטמאַן און באַריס ציבולסקי. ביידע צערודערטע און בלייכע. ציבולסקי האָט געזאָגט:

— סאַשע, מען דאַרף אַנטלויפן פונדאַנען. ביזן וואַלד איז 200 מעטער, די דייטשן זענען איצט פאַרנומען, די וואַך ביים צוים וועלן מיר אַנידערלייגן מיט די העק.

איך האָב געענטפערט:

— אונדז וועט אפשר געלונגען צו אַנטלויפן. און מיט די איבעריקע וואָס וועט זיין? מען וועט זיי דאָ תיכף אַלעמען פטרן. אויב אַוועק, מוזן אַלע פאַר אַמאָל, קיינער פון אונדז זאָל דאָ נישט בלייבן. אַ טייל וועט געוויס אומקומען דערביי, נאָר די וואָס וועלן זיך ראַטעווען — וועלן נקמה נעמען.

— ביסט גערעכט, — האָט ציבולסקי געזאָגט, — נאָר צופיל אַפּלייגן טאָר מען נישט. ס׳גייט צו ווינטער. אויפן שניי בלייבן שפּורן און בכלל וועט ווינטער זיין שווערער לאַנג זיך אויפהאַלטן אין וואַלד.

— אויב איר געטרויט מיר — האָב איך געזאָגט — וואַרט און שוויגט. רעדט מער נישט וועגן דעם מיט קיינעמען קיין וואָרט. ס׳וועט קומען די צייט, וועל איך זאָגן וואָס מען דאַרף טאָן.

*

מיט אַ סך פון די איצטיקע סאָביבורער, זענען מיר געווען ענג פאַרבונדן נאָך פון דער צייט, ווען מיר האָבן זיך צוזאַמען געפונען אין מינסקער לאַגער. באַזונדערס נאָענט בין איך געווען באַפריינדעט מיט שלמה לייטמאַנען, אַ מעבל־סטאָליער פון וואַרשע, אַ קאָמוניסט. אין פוילן איז ער עטלעכע יאָר געזעסן אין טורמע. נאָך די געשעענישן פון 1939 יאָר, איז ער אַריבערגעפאָרן קיין מינסק, נישט קיין הויכער, אַ דאַרער, מיט טיף איינגעגראָבענע אויגן און אַ פּאָר־שפּיצטער נאָז, האָט ער פאַרמאָגט אַ סך אינערלעכע ענערגיע און זייער אַ באַוועגלעכן און גלייכן שכל. ער האָט געקאָנט אויסגעצייכנט צוגיין צו מענטשן, ווירקן אויף זיי מיט זיין וואָרט. מען האָט אים געטרויט און אין אַ נויט גערן מיט אים זיך אַן עצה געהאַלטן. מיר האָבן אין צווייען שוין פריער נישט איינמאָל געפּלאַ־נעוועט אַנטלויפן, געפונען אַ וועג צו די פּאַרטיזאַנער. איצט אָבער האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ מאַסן־אַנטרינונג. דאָס איז געווען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אונטערנעמונג, וואָס מען האָט זי באַדאַרפט גוט באַטראַכטן און פאַרזיכטיק צוגרייטן.

איך רעכן, אַז אייניקע ידיעות וועגן דעם פונוואַנען איך קום און וואָס איז געווען מיין טאָג, ביז צו די געשעענישן וואָס איך באַשרייב, וועלן דאָ זיין אויפן אָרט:

איך בין געבוירן געוואָרן אין קרעמענטשוג, אין 1909 יאָר. פון 1915 יאָר האָבן מיר געוווינט אין ראָסטאָוו אויפן דאָן. איך האָב פאַרענדיקט אַ זיבן־יאָריקע שול און חוץ דעם — אַ מוזיק־שול. איך בין געווען אַ סאָוויעטישער אַנגעשטעלטער און האָב דערביי אַ סך געאַרבעט אין טעאַטראַלע און מוזיקאַ־לישע קרייזלעך. פאַר דער מלחמה בין איך געווען אַן אָנפירער פון אַ קרייז פאַר קינסטלערישער זעלבסט־טעטיקייט.

גלייך אין ערשטן טאָג פון דער פאַטערלענדישער מלחמה, בין איך מאָביליזירט געוואָרן ווי אַ יינגערער קאָמאַנדיר. אויפן פראָנט האָט מען מיך אין סעפּטעמבער 1941 אַטעסטירט ווי אַן אינטענדאַנט פון צווייטן ראַנג. איך האָב געאַרבעט אין שטאַב פון באַטאַליאָן און אין שטאַב פון פּאָלק.

אין אָקטאָבער 1941 בין איך אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. דאָרט בין איך קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און בין על פי נס לעבן געבליבן. אַלע טיפוס־

קראַנקע קריגס־געפאַנגענע פלעגן די דייטשן געוויינלעך דערשיסן. מיר האָט זיך אָבער איינגעגעבן צו באַהאַלטן מיין קרענק. אין מאַי 1942 האָב איך געפּרוּווט אַנטלויפן. דעם זעלבן טאָג האָט מען מיך, מיט נאָך פיר פון די, וואָס זענען אַנטלאָפן, געכאַפּט. מען האָט אונדז אַלע אָפּגעשיקט אין אַ שטראָף־קאָמאַנדע קיין באָריסאָוו און פון דאָרט — קיין מינסק.

אין מינסק זענען מיר אָנגעקומען האַרבסט 1942 יאָר. דאָ האָבן די דייטשן, בעת אַ מעדיצינישער באַטראַכטונג אַנטדעקט, אַז איך בין אַ ייד און מען האָט מיך אינאיינעם מיט נאָך אַנדערע אַריינגעזעצט אין דעם אַזוי־גערופענעם „יידישן קעלער", ווו איך בין אָפּגעזעסן צען טעג. אין קעלער איז געווען אַבסאָלוט פינצטער, אַזוי, אַז מיר האָבן נישט געוווּסט ווען ס'איז טאָג, ווען ס'איז נאַכט. פאַר דער גאַנצער צייט, האָט מען אונדז קיין איין מאָל נישט אַרויסגעלאָזט. עסן האָבן מיר באַקומען איבער אַ טאָג: הונדערט גראַם ברויט און אַ קענדל וואַסער.

דעם 20סטן אויגוסט 1942 יאָר, האָט מען מיך אָפּגעשיקט אין דעם מינסקער עס־עסישן אַרבעטס־לאַגער אויף דער שיראָקער גאַס, ווו איך בין אָפּגעווען ביזן 18טן סעפּטעמבער 1943 יאָר.

דאָס איז אין קורצן וועגן מיין לעבן ביז סאָביבור.

*

אונדזער אָנקום, דער אָנקום פון סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע, האָט געמאַכט אין לאַגער אַ גרויסן רושם. מען האָט געוווּסט: ערגעץ גייט די שלאַכט מיטן שונא און אָט זענען געקומען מענטשן, וואָס זענען שוין, אמת, לאַנג אָפּגעריסן פון דער שלאַכט, דאָך ברענגען זיי מיט זיך איר דערפאַרונג און איר אָטעם. מען האָט געקוקט אויף אונדז מיט נייגיר און האָפענונג, מען האָט זיך צוגעהערט צו אונדזער וואָרט, מען האָט פאַרשטאַנען, אַז צווישן אונדז דאַרפן זיך געפינען מענטשן, וואָס וועלן נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו פון טאַט און מען האָט געוואָרט זיי זאָלן זיך באַווייזן.

פון די שמועסן מיט די אַלטע לאַגערניקעס און פון מיינע אייגענע באַאָבאַכטונגען, האָב איך שוין געהאַט אַן אַלגעמיינע פאַרשטעלונג וועגן דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע פון לאַגער. דאָס אָרט ווו אונדזערע וווין־באַראַקן האָבן זיך געפונען, האָט געהייסן לאַגער נומער 1. דאָ זענען אויך געווען די שניידער־ און שוסטער־וואַרשטאַטן, די סטאָלעריי, די שמידעריי, די קיך. העכער איז געלעגן דער לאַגער נומער 2, ווו מען האָט סאָרטירט די זאַכן פון די דערמאָרדעטע, מיט די סקלאַדן. נאָך העכער, היפּש דערווייטערט און אָפּגערוקט אין אַ זייט, איז געווען דער לאַגער נומער 3 מיט די גאַז־קאַמערן. און גאָר אין דער הייך, אין סאַמע עק, איז געווען דער „נאָרד־לאַגער". שפּעטער בין איך געוווּיר געוואָרן ווו עס געפינט זיך די געווער־קאַמער, ווו — די קאַראַול־קוואַרטיר, ווו — דער גאַראַזש, ווו שטייען אין די אָפיצירן און בכלל אַלץ וואָס איז נייטיק געווען צו וויסן. חוץ דעם גרויסן צוים וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע טעריטאָריע פונעם לאַגער, זענען אַלע טיילן און אַלע דורכגענג אויך געווען אָפּגעצאַמט מיט שטעכל־דראָט.

*

פאַר די עטלעכע טעג וואָס מיר זענען דאָ געווען, האָבן מיר שוין באַקומען אַ גאַנץ קלאָרע פאַרשטעלונג וועגן דעם וואָס דער לאַגער שטעלט מיט זיך פאָר. מיך האָט אָבער אינטערעסירט דער עיקר וואָס מען קאָן טאָן, כדי פונדאַנען זיך צו ראַטעווען.

דעם 28־טן סעפּטעמבער, מיטאָג־צייט, איז צו שלמהן צוגעגאַנגען דער ייד, וואָס האָט אונדז אין דעם טאָג, ווען מיר זענען געקומען, דער ערשטער דערציילט וועגן דעם לאַגער.

— שלום עליכם, ווי אַרבעט זיך?

— אַזוי, צוביסלעך. ווי אַ זייגער. מען דרייט אים אָן — גייט ער. אָט איז שוין דער ערשטער פייף, צייט זיך צוגרייטן.

— וואָרט צו, איך דאַרף האָבן אַ שמועס מיט אייער חבר.

— מיט וועמען איז עס?

— מיט יענעם וואָס פאַרשטייט נישט **קיין יידיש.** קומט מיט אים אַריין אין אָוונט אין פרויען־באַראַק.

— אַ שיינער יונגערמאַן. פאַרוואָס זאָל ער נישט פאַרברענגען מיט אונדזערע פרויען?

מען האָט געגעבן דעם צווייטן פייף און איטלעכער איז אַוועק צו זיין אָרט.

בעת דער אַרבעט האָט שלמה מיר אַ שעפּטשע געטאָן, איך זאָל באַלד נאָך אים זיך בעטן אין אָפּטריט. אַזוי האָב איך געטאָן. דאָרט האָט ער מיר איבערגעגעבן דעם שמועס וואָס ער האָט געהאַט מיט דעם יידן פון צווייטן לאַגער.

— די מיידלעך ווילן זיך מיט דיר באַקענען — האָט שלמה געזאָגט.

— גייען זיי צו אלדי רוחות.

— און איך מיין, אַז ס'איז וויכטיק. ער איז נישט אומזיסט געקומען רעדן וועגן דעם.

— ווער איז ער?

— מען זאָגט אַ שניידער. זיין נאָמען איז ברוך.

— גוט, מירן גיין צוזאַמען.

אין אָוונט זענען מיר אַוועק אין פּרויען־באַראַק. 150 יידישע פרויען און מיידלעך פון פאַרשידענע לענדער האָבן זיך געפונען אין דעם באַראַק. באַלד ווי מיר זענען אַריין, האָט מען אונדז ארומגערינגלט. ס'האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פראַגן וועגן סאָוויעטן־פאַרבאַנד, וועגן פראָנט, ווי מיינען מיר, ווען וועט זיך ענדיקן די מלחמה, ווער וועט זיגן? מיר האָבן דערציילט אַלץ, וואָס מיר האָבן וועגן דעם געוווּסט, ווי אַזוי די רויטע אַרמיי האָט פאַרטריבן די דייטשן פון מאָסקווע, ווי אַזוי זי האָט זיך צערעכנט מיט זיי הינטער סטאַלינ־גראַד, וואָס פאַראַ מוראדיקן קלאַפּ זי האָט זיי דערלאַנגט הינטער קורסק. מיר האָבן דערציילט, אַז די רויטע אַרמיי האַלט שוין ביים דניעפּער און גייט דורכאַנאַנד פאָראויס.

— מען זאָגט, אין רוסלאַנד זענען דאָ פאַרטיזאַנער. זיי טוען אָן די דייטשן גרויסע צרות. איז עס אמת? — האָט עמעצער געפרעגט.

— ס'איז אמת. פון מינסק, אַ שטייגער, פלעגן די דייטשן נישט איינשטעלן אַרויסצופאָרן נישט ווייניקער פון צען מאַשינען, באַוואָפנט מיט קוילנוואַרפערס און גראַנאַטן. הינטער מינסק זענען אַלע נאַכט פאַרגעקומען אויפרייסן פון עשעלאָנען.

אַלע האָבן געהערט מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס. פאַר די, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין רוסיש, האָט שלמה דערציילט אויף יידיש. איינער דעם אַנדערן האָט איבערגעזעצט אויף דייטש און אויף האָלענדיש.

— זאָגט — האָט זיך דערהערט פון אַ ווינקל אַ ציטערדיקע שטימע. — אויב עס זענען דאָ אַזוי פיל פאַרטיזאַנער, פאַרוואָס זאָלן זיי נישט אָנפאַלן אויף אונדזער לאַגער?

דערויף האָב איך געענטפערט:

— די פאַרטיזאַנער האָבן זייערע אויפגאַבן. אונדזער אַרבעט וועט פאַר אונדז קיינער נישט אָפּטאָן.

ברוך איז נישט געקומען. עס איז שוין צייט געווען זיך צעגיין, האָבן מיר זיך אָפּגעזעגנט און זענען אַוועק.

דעם 29־טן סעפּטעמבער 6 אזייגער אינדערפרי האָט מען אַלע זעקס הונדערט מענער און פרויען, וויפל מיר זענען געווען אין לאַגער, אויסגעשטעלט אין קאָלאָנעס און אַוועקגעפירט צו דער אינעווייניקסטער אייזנבאַן־ליניע. דאָרט זענען געשטאַנען אַכט גרויסע פּלאַטפאָרמעס, געלאָדענע מיט ציגל. דער באַפעל איז געווען: אויסלאָדן די ציגל. איטלעכער נעמט זעקס־אַכט שטיק, טראָגט זיי אָפּ, לויפנדיק אויף צוויי הונדערט מעטער, לייגט זיי אַנידער אויף דעם אָנגעוויזענעם אָרט און לויפט גלייך צוריק.

לעבן יעדער פּלאַטפאָרמע, ווי אויך אויפן וועג, זענען געשטאַנען דייטשן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. פאַרן מינדעסטן פעלער, האָבן זיי געשמיסן מיט בייטשן. אַלץ איז געטאָן געוואָרן לויפנדיק. ס'איז געוואָרן אַ שטופּעניש: יעדער פּלאַטפאָרמע וואָרט באַדינט פון 70 ביז 75 מאַן. איינער טרעט דעם אַנדערן אויף די פיס. קוים כאַפּט מען נישט אויף אַזוי פלינק די ציגל, וואָס מען וואַרפט דיר צו און זי פאַלט אַראָפּ, קריגסטו 25 שמיץ. טאָמער פאַרהאַלטסטו זיך אויף אַ רגע, קריגסטו שמיץ. אין דער לופט הערט זיך נאָכאַנאַנד א פייפעריי פון בייטשן. איטלעכער סאָפּעט, באַשלאָגן מיט אַ שווייס. די אויגן פאַרלאָפן, מען לויפט מיט די ציגל.

אין פופציק מינוט זענען די 8 פּלאַטפאָרמעס געווען אויסגעלאָדן. תיכף האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין אַ קאָלאָנע און אָפּגעשיקט. די דייטשן האָבן זיך געאיילט, הינטערן צוים האָט געוואַרט אַן עשעלאָן מיט נייע קרבנות.

אכציק אונדזערע האָט מען אַוועקגעפירט צום „נאָרד־לאַגער". דאָ האָט מען אונדז צעטיילט אויף צוויי גרופּעס. פערציק מאַן האָבן געהאַקט האָלץ. די איבעריקע צווישן זיי — איך און שלמה — האָבן געאַרבעט אין די באַראַקן. עס האָט געדויערט נישט לאַנג, קומט אַריין איינער פון דרויסן און מעלדעט:

— סאַשע, מיר אַנטלויפן — און טאַקע באַלד.

— ווי אַזוי? ווער האָט געזאָגט?

— מיר האָבן זיך צונויפגערעדט. אויף דער וואַך זענען געבליבן איינגאַנצן פינף מענטשן. מיר וועלן אויף זיי אָנפאַלן און זיך דורכרייסן צום וואַלד.

אַזאַ לייכטזיניקער שריט וואָלט געקאָנט ברענגען

נאָר שאָדן. איך האָב זיך באַמיט איבערצייגן דעם בחור, פאַרוואָס מען דאַרף עס נישט טאָן.

— ס'איז גרינג צו זאָגן. די וואכליט שטייען דאָך נישט אין איין קופּקע. איינעם וועט איר פּטרן, אַ צווייטער וועט אין אייך שיסן. און מיט וואָס וועט איר איבערשניידן די דראָט? און ווי אַזוי וועט איר אַדורכגיין דאָס מינען־פעלד? עס איז גענוג איר זאָלט זיך פאַרהאַלטן אויף עטלעכע מינוט, אַז די דייטשן זאָלן אָננעמען זייער־ע מיטלען. אפשר וועט עמעצן פון אייך געלונגען זיך אדורכצורייסן, וואָס וועט אָבער זיין מיט די, וואָס ארבעטן אין די באַראַקן? זיי ווייסן פון גאָרנישט. נאָר אָן ספק, אַז מען וועט זיי דערשיסן. איר זאָגט איצט איז לייכט צו אַנטלויפן. איך ווייס נישט צי עס איז טאַקע אַזוי לייכט. נאָר איך קלער, אַז צוגעגרייטערהייט קאָן מען אַמאָל ביי שווערערע באַדינגונגען אָפּטאָן מער ווי נישט באטראַכטערהייט ביי לייכטערע. ווייטער קאָנט איר טאָן וואָס איר ווילט. איך וועל אייך נישט שטערן, נאָר מיט אייך וועל איך נישט גיין.

ווייזט אויס, אַז מיינע ווערטער האָבן געווירקט. אַלע האָבן זיך ווידער גענומען צו דער ארבעט.

אין אָוונט האָב איך זיך באַגעגנט מיט ברוכן. ער האָט אָנגעהויבן דערפון, אַז מיינע ווערטער אין פּרויען־באַראַק „אונדזער אַרבעט וועט פאַר אונדז קיינער נישט אָפּטאָן", האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם, אַלע האָבן גוט פאַרשטאַנען זייער מיין. נאָר דערביי איז אין אַ זייט געשטאַנען איינער אַ הויכער, אַ דאַרער, איין אויג איז ביי אים שטענדיק פאַרזשמורעט. אפשר האָב איך באַמערקט, דאָס איז דער קאַפּאָ בזשעצקי, אַ מיאוסער פאַרשוין, פאַר אים דאַרף מען זיך היטן.

— איך האָב נישט קיין סיבה זיך צו היטן — האָב איך געענטפערט. איך קלייב זיך נישט צו טאָן קיין שום זאַך, אויסער דעם וואָס מען הייסט.

— איך פאַרשטיי, איר דאַרפט מיר אַזוי ענטפערן, נאָר מיר מוזן זיך פונדעסטוועגן צונויפרעדן — האָט ברוך געזאָגט. — פראַנץ האָט אַנומלט געגעבן אַן אָנצוהערעניש, אַז ס'איז פאַראַן היטלערס אַ באַשטי־מונג איבער־לאָזן פאַר די יידן אַ געוויסן פּראָצענט. און מיר, די אַרבעטער פון לאַגער, גייען אַריין אין דעם פּראָצענט. און שטעל זיך פאָר: ס'זענען דאָ צווישן אונדז אַזעלכע נאַראָנים, וואָס גלייבן אין דעם. איר

אָבער, פאַרשטיי איך, וועט נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. נאָר צי טראַכט איר וועגן דעם, וואָס ס'וועט זיין מיט אונדז אַלעמען, ווער איר וועט אַנטלויפן? די דייטשן קאָנען נישט דערלאָזן, אַז דער סוד פון אָט דעם מאָרד־לאַגער זאָל צעפּויקט ווערן. ווי באַלד עמעצער וועט ווייזן אַ וועג, אַז ס'איז מעגלעך צו אַנטלויפן, וועלן זיי אונדז אַלעמען תיכף ליקווידירן. דאָס איז קלאָר.

— זאָגט מיר — האָב איך אים געפרעגט, — איר זייט שוין לאַנג אין דעם לאַגער?

— קרוב אַ יאָר.

— גלייבט איר, הייסט עס, אויך, אַז די דייטשן וועלן אייך נישט הרגענען. נאָר איך גלייב אין דעם פּונקט אַזוי ווי איר. פאַרוואָס מיינט איר, אַז איך קלייב זיך אַנטלויפן?

— כאַפּט זיך נישט אַוועקגיין — האָט מיך ברוך צוגעהאַלטן פאַרן אַרבל. — וואַרט אויס נאָך אַ מינוט. איר וווּנדערט זיך וואָס מיר זענען ביז אַהער נישט אַוועק, וויל איך אייך זאָגן, אַז מיר האָבן שוין געטראַכט וועגן דעם נישט איין מאָל, נאָר מיר האָבן נישט געוווּסט, ווי אַזוי עס צו מאַכן. איר זייט אַ סאָוועט־טישער מענטש, אַ מיליטערמאַן. נעמט עס אויף זיך, זאָגט וואָס צו טאָן און מיר וועלן אייך פאָלגן. איך פאַרשטיי, איר האָט מורא פאַר מיר. מיר זענען אַזוי ווייניק באַקאַנט. נאָר אַזוי צי אַנדערש, מוזן מיר זיך צונויפרעדן. אין נאָמען פון אַ גרופּע קום איך אייך זאָגן: מיר געטרויען אייך, טוט.

אַ ווײַלע האָב איך אים אָנגעקוקט. ער איז געשטאַנען אַנטקעגן מיר — נישט קיין הויכער, אַ פעסטער, מיט אַ קלוג, ערלעך, ערנסט פּנים. ער איז מיר געפעלן געוואָרן.

— אַזוי צי אַנדערש, דאַנק איך אייך, וואָס איר האָט מיך געוואָרנט פון דעם בזשעצקי — האָב איך געזאָגט. — איר זייט שוין לאַנג אין לאַגער. אפשר ווייסט איר ווי אַזוי ס'איז פאַרמינירט דאָס פעלד הינטערן צוים, ווי געדיכט, אין וואָס פאַר אַן אָרדענונג?

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די לאַגערניקעס האָבן געהאַלפן אויסגראָבן די גריבלעך און ברוך האָט וועגן דער מינירונג געקאָנט געבן ווײַכטיקע ידיעות. די ווײַ־טערדיקע פאַרבינדונג האָבן מיר אָפּגערעדט צו האַלטן דורך שלמהן.

נאָך דעם בין איך אַוועק צו די פרויען.

אויף די אונטערשטע נאַרעס זענען די איינוואוינער פונעם באַראַק געזעסן מיט די „מזרחניקעס“ (אַזוי האָבן אין לאַגער געהייסן אונדזערע סאָוויעטישע) — מענטשן הונגעריקע, אויסגעמאַטערטע פון דער שווערער אַרבעט, צעפּאַסעוועטע פון בייטשן, פאַראורטיילט צום טויט. נאָר ס'איז געווען גענוג אַ ביסעלע רו, איין שטילע מינוט — מען זאָל אויפגעמונטערט ווערן. באַזונדערס דאָ, אין דער געזעלשאַפט פון די פרויען, האָט זיך איטלעכער אויסגעגלייכט. אויגן האָבן געפינקלט, אַ געלעכטער האָט זיך געלאָזט הערן, אומעטום זענען געגאַנגען לעבעדיקע שמועסן.

וועגן וואָס האָט מען דאָ נישט גערעדט? וועגן דער מלחמה און אירע אויסזיכטן, וועגן לענדער און שטעט, וועגן ווייסנשאַפט און טעכניק, וועגן טעאַטער, מוזיק און ליטעראַטור, וועגן די ווידערשפּרוכן פון דער מענטשלעכער נאַטור און וועגן דער צוקונפט פון דער מענטשהייט.

דאָ האָט מען געזונגען און געוויינט דאָ האָט מען זיך געקושט. דאָ האָבן געשפּילט די געפילן פון ליבע און פון אייפערזוכט, פון אַלץ וואָס אַ מענטשלעך האַרץ לעבט און גליט.

נעכטן נאָך האָב איך באַמערקט אין באַראַק אַ יונג מיידל מיט אונטערגעשוירענע קאַשטאַנאַווע האָר. אין איר גאַנצן וועזן איז געווען עפּעס אַזוינס וואָס האָט אַרויסגערופן צוטרוי. זי איז געווען אַ האָלענדערין. ס'איז נישט געווען קלאָר ווי אַזוי מיר וועלן איינער דעם אַנדערן פאַרשטיין, נאָר ס'איז מיר איינגעפאַלן, אַז פּאַר אַן אָנהייב איז עס נאָך בעסער. זיצנדיק לעבן איר, וועל איך קאָנען פריי ריידן מיט מענטשן וועגן וואָס איך וועל דאַרפן. איצט זענען מיר מיט שלמהן צוגעגאַנגען גלייך צו איר. מיר האָבן זיך באַקאַנט.

איך האָב גערעדט אויף רוסיש, זי האָט גערעדט אויף דייטש, שלמה האָט גערעדט אויף יידיש. מיט זיין הילף איז געגאַנגען דער שמועס. דאָס האָט אָפּט געבראַכט צו קאָמישע פּלאָנטערנישן און סיי מיר אַליין, סיי די, וואָס זענען געזעסן אַרום אונדז, האָבן נישט ווייניק געלאַכט.

פון דעמאָלט אָן האָבן מיר זיך באַגעגנט אַלע אָוונט. ליוקאַ האָט דאָס מיידל געהייסן. ביסלעכוויז האָבן מיר זיך אויסגעלערנט איינע די אַנדערע צו פאַרשטיין. פון איין וואָרט פלעגט זי זיך אָנשטויסן וואָס איך וויל זאָגן. זי האָט שוין אַ סך איבערגעלעבט, כאָטש זי איז נאָך געווען זייער יונג.

ס'זענען אַריבער עטלעכע שווערע טעג, אין פאַרלויף פון וועלכע ס'זענען אָנגעקומען צוויי נייע עשעלאָנען מיט קרבנות. ווידער האָבן געגראַגערט די געגנדן. אין איינעם פון יענע אָוונטן זענען מיר געזעסן מיט ליוקאַ אין דרויסן אויף ברעטער. זי האָט אַ סך געררייכערט. פרעג איך זי:

— ליוקאַ, ווי אַלט ביסטו?

— אַכצן.

— און מיר איז פינף און דרייסיק. וואָלסט געקאָנט זיין מיין טאָכטער, דאַרפסטו מיך פאָלגן.

— ביטע, איך בין גרייט.

— הער אויף רייכערן, מיר איז עס נישט אָנגענעם.

— איך קאָן נישט אויפהערן. נערוון. ווייסט וואָס דאָס הייסט?

— נערוון הייסן אויף רוסיש אויך נערוון. נישט די נערוון זענען שולדיק, נאָר די שלעכטע געוואוינשאַפט.

— זאָג עס נישט. ווייסט, סאַשע, ווו איך אַרבעט? אין הויף ביי די קראַליקעס. דער הויף איז פאַרצוימט מיט אַ הילצערנעם פּאַרקאַן. דורך די שפּאַרונעס זעט מען ווי מען פירט זיי נאַקעט אַהין, צום דריטן לאַגער. פרויען, קינדער, מאַנצבילן. איך קוק, עס טרייסלט מיך ווי אין פיבער און איך קאָן נישט אָפּרייסן דעם בליק. אַנדערע טוען אַמאָל אַ פרעג אין דער וועלט אַריין: „וווהין פירט מען אונדז?“... ווי זיי וואָלטן וויסן אַז עמעצער הערט און קאָן זיי ענטפערן. און איך ציטער און שווייג. אויסשרייען, זאָגן, אַז מען פירט זיי צום טויט? וועל איך זיי דען העלפן דערמיט? פאַרקערט, אַזוי גייען זיי כאָטש אָן טרערן, אָן געוואַלדן, דערנידעריקן זיך נישט פאַר די מערדער. נאָר דאָס איז אַזוי שרעקלעך סאַשע, אַזוי שרעקלעך...

דעם אָוונט האָט מיר ליוקאַ דערציילט:

זי איז נישט קיין האָלענדערין, זי איז אַ יידישקע פון דייטשלאַנד. זיי האָבן געוואוינט אין האַמבורג. איר פאָטער איז געווען אַ קאָמוניסט. אַז היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָט מען אים געוואָלט אַרעסטירן, נאָר ער האָט זיך באַהאַלטן. די מוטער האָט מען געשלאָגן, געפּאַדערט, אַז זי זאָל זאָגן ווו עס געפינט זיך איר מאַן. ליוקאַן האָט מען געדראָט, אַז מען וועט זי אויך שלאָגן, אויב זי וועט נישט זאָגן ווו

דער פּאָטער באַהאַלט זיך. זי האָט געווײנט, נאָר גוט געוווּסט, אַז וועגן דעם פּאָטער און וועגן די, וואָס פלעגן צו אים אַריינקומען, דאַרף מען נישט ריידן. דערנאָך זענען זיי געלאָפן קיין האָלאַנד. זיי האָבן געהאַט אַ ראַדיאָ־אויפנעמער. אָוונט־צייט פלעגן זיך ביים פּאָטער צונויפקלייבן מענטשן און מען האָט געהערט מאָסקווע. דערנאָך זענען די דייטשן אַנגעפאַלן אויף האָלאַנד און דער פּאָטער איז ווידער אַנטלאָפן און זי מיט דער מוטער מיט צוויי ברידער האָט מען צוגענומען און געבראַכט קיין סאַביבאָר. ביידע ברידער האָט מען דערהרגעט און זי מיט דער מוטער אַרבעטן.

— סאַשע זאָג, אָט דאָ־אָ וועלן מיר שוין פאַרענדיקן אונדזער לעבן?...

*

דעם 7טן אָקטאָבער האָבן מיר מיט ברוכן געשפּילט אין שאָך. איך האָב אים איבערגעגעבן דורך שלמהן, אַז איך וויל אים זען. שפּילנדיק, האָבן מיר געשמועסט. מיך האָט אינטערעסירט די אָרגאַניזאַציע פון דער וואַך. ברוך האָט מיר געגעבן וועגן דעם גאַנץ אויספירלעכע ידיעות. ווייטער האָב איך אים געפרעגט, צי האָט ער אינעם שנײדער־וואַרשטאַט ביי די שוסטערס, ביי די סטאָליאַרעס, אין צווייטן לאַגער, מענטשן, אויף וועלכע מען קאָן זיך פאַרלאָזן.

— איר זאָגט נאָר: וואָס, ווען און ווי, וועט עס געטאָן ווערן — איז געווען ברוכס ענטפער.

— דאָס וואָס איך וועל אייך איצט מיטטיילן — האָב איך געזאָגט — איז אַ וואַריאַנט אויפן ערגסטן פאַל. איך האָב נאָך אַן אַנדערן פּלאַן, נאָר וועגן אים וועלן מיר איצט נישט ריידן. דער סטאָליער־וואַרשטאַט געפינט זיך 5 מעטער פון דער דראָט־פאַרצוימונג. 4 מעטער פאַרנעמען די דרייע רייען דראָט. 15 מעטער — דאָס מינען־פעלד. 4 מעטער גייט צו נאָך דעם מינען־פעלד. 7 מעטער רעכנט אינעווייניק, אינעם סטאָליער־וואַרשטאַט ביזן אויוון. סך־הכל האָבן מיר אַ מהלך פון 35 מעטער. מען דאַרף אויסגראָבן אַ טונעל און אָנהייבן דאַרף מען אים פונעם אויוון. גראָבן נישט נידעריקער און נישט העכער פון 80 צענטימעטער. העכער, אויף אַ טיף פון 30 צענטימעטער, ליגן די מינעס. נידעריקער וועלן מיר זיך באַגעגענען מיט וואַסער. אויב גראָבן 75×75, וועט אויסקומען אַרויסוואַרפן אַרום 20 קובאָמעטער ערד. די אויסגעגראָבענע ערד באַהאַלטן וויפל מען קאָן, אונטערן דיל פון סטאָליער־וואַרשטאַט. אין פּראָצעס פון דער אַרבעט וועלן מיר אויסזוכן נאָך אַנדערע ערטער ווו די ערד אַהינצוטאָן. גראָבן ביינאַכט. אויסטיילן פון אונדז אַ ספּעציאַליסט וואָס זאָל אַכטונג געבן, אַז דער טונעל זאָל נישט פאַרקריכן אין אַ זייט, אויך נישט צופיל אין דער הייך, צי אין דער נידער. אויסגראָבן אין אונדזערע באַדינגונגען 20 קובאָמעטער דאַרף געדויערן אַ 12—15 טעג. וואָס זענען די חסרונות פון דעם פּלאַן? זעקס הונדערט מענטשן זאָלן איינער היטן דעם אַנדערן, אויף אַלע פיר דורכקריכן 35 מעטער — פאַר דעם, האָב איך מורא, וועט די צייט פון 11 אָוונט ביז פאַרטאָג זיין צו ווייניק. מען דאַרף דאָך נישט בלויז דורכקריכן די 35 מעטער, נאָר אָוועק אומבאַמערקט ווי מעגלעך ווייטער. חוץ דעם קאָנען מיר נישט זיכער זיין, אַז אין פאַרלויף פון די שעהן וואָס דאָס אַוועקגיין וועט דויערן, וועלן זיך נישט צעשפּילן קריגערייען, איטלעכער וועט וועלן זיין פון די ערשטע. אַנדערע, פאַרקערט, וועלן אויפהייבן אַ טומל, ווייל זיי גלייבן אין היטלערס צוזאָג צו לאָזן זיי לעבן — און זיי וועלן מורא האָבן צו ריזיקירן. דעריבער בעט איך אייך: באַטראַכט די זאַך, האַלט זיך אָן עצה מיט אַנדערע מענטשן.

— גוט. און דער צווייטער פּלאַן, אין וואָס באַשטייט ער?

— איך דאַרף אים נאָך דורכטראַכטן. ער איז פאַרבונדן מיט אַן אָנפאַל אויף דער דייטשישער אָפיצירן־גרופּע וואָס פירט אָן מיטן לאַגער. דערווייל בעט איך אייך פאַרשאַפן אַ 70 שאַרפע מעסערס אָדער גאָלמעסערס, איך וועל זיי צעטיילן די פעסטערע חברה, טאָמער פאַלן מיר דורך, זאָלן מיר האָבן אין דער האַנט כאָטש עפּעס אַ געווער. ווייטער איז נייטיק, אַז מיך און שלמהן זאָל מען נעמען אויף אַרבעט אין סטאָליער־וואַרשטאַט. פון דאָרטן וועט אונדז באַקוועמער זיין צו זען און צו טאָן וואָס מען דאַרף.

—גוט. ווי ווייט מעגלעך וועט אַלץ געטאָן ווערן. איך דאַרף אייך נאָך עפּעס זאָגן. אין אונדזער גרופּע גייט אַריין מאַניע פון דער קאָמאַנדע יונגע חברה, וואָס אַרבעטן ביי די באַראַקן. זייער קאַפּאָ געניק האָט זיך געווענדט מען זאָל אים נעמען אין קאָן. ער וויל לויפן צוזאַמען מיט אַלעמען. מאַניע האָט אים, פאַרשטייט זיך, געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט פון

וואס צו זאגן. נאר פאר זיך האלט מאניע, אז די קא־פאס מעג מען נעמען, כאטש בזשעצקי אין א הונט מיט אויערן.

— וואס האט איר מאניען געענטפערט ?

— איך האב געזאגט, אז אן אייך קאן איך נישט באשליסן.

— פארשטייט זיך, אז ווען די קאפאס זענען מיט אונדז, וואלט עס געווען א געווינס, וויל די דייטשן טרויען זיי און זיי באוועגן זיך א סך פרייער איבערן לאגער. נאר ווער ווייסט, צי זיי שארן זיך נישט צו מיט א מיין, כדי אונדז צו פאראטן ?

שלמה האט געזאגט :

— וועגן די קאפאס וועלן מיר אייך געבן אן ענט־פער. דערווייל איז צייט זיך צו צעגיין.

דעם 8טן אקטאבער איז ווידער אנגעקומען אן עשעלאן מיט מענטשן. אינדערפרי האט יאנעק, דער עלטסטער איבערן סטאליער־ווארשטאט, ארויסגענו־מען פון דער קאלאנע דריי צו זיך אויף ארבעט. צווישן די דריי זענען געווען שלמה און איך. אין אוונט האט ברוך איבערגעגעבן שלמהן 40 גרויסע, גוט אנגעשארפטע מעסערס.

דעם 9טן אקטאבער אינדערפרי האט גרישא בא־קומען 25 שמיץ דערפאר, וואס ער האט זיצנדיק געהאקט האלץ. דאס איז בכלל געווען א שלעכטער טאג. ביז מיטאג האבן געכאפט שמיץ ארום 30 מאן.

אין אוונט איז קאלימאלי געקומען צו לויפן א צערודערטער.

— דו שלאפסט, און אכט מאן, קלייבן זיך היינט צו אנטלויפן ! מען רופט מיך אויך. מאך באלד וואס דו האסט צו מאכן.

— ביסט פון זינען אראפ. ווען מענס אויפטו איז עס ?

— גרישעס. ער איז אין פרויען־באראק.

— איך גיי תיכף אהין.

אין באראק האב איך געטראפן א סך מענטשן. איך בין גלייך צוגעגאנגען צו ליוקא און געגומען זי און־טער דער האנט מיט דער בקשה ארויסצוגיין זיצן א ביסל אין הויף. נאר ארויסגיין איז געווען נישט אזוי פראסט. מען האט מיך ארומגערינגלט און פאר־שאטן מיט פראגן : וואס הערט זיך ? וואס וועט זיין ?

— איך ווייס אזוי פיל וויפל איר — האב איך גע־ענטפערט. און צו גרישען האב איך געזאגט :

— גיי ארויס אין הויף אויף א ווילע. ליוקא וויל מיט דיר ריידן.

ווען איך און ליוקא האבן זיך נאר צוגעזעצט, איז אנגעקומען גרישא.

— ליוקא, דו האסט מיך גערופן. ווילסט מיר עפעס זאגן ?

זי האט אים אנגעקוקט פארחידושט. איך האב זיך אנגערופן :

— נישט זי, נאר איך דארף מיט דיר ריידן. קאלי־מאלי זאגט, אז איר קלייבט זיך היינט צו אנטלויפן.

— קום מיט אונדז.

— ווי אזוי רעכנט איר דאס צו מאכן ?

— גאנץ פשוט. לעבן אפטריט איז די באלויכטונג א שוואכע. דארט וועלן מיר איבערשניידן דעם דראט, דורכקריכן, אראפנעמען די וואך און אוועק.

— טאקע זייער פשוט. נאר לאמיר זיך פארשטעלן, אז איר זענט שוין אויף יענער זייט. צי האסטו גע־טראכט וועגן די וואס וועלן דא בלייבן ? באלד ווי איר וועט אנטלויפן, וועלן די דייטשן תיכף אלע איבע־ריקע אוועקפטרן.

— ווער איז זיי שולדיק ? וואס זיצן זיי און טוען גארנישט ?

— און דו האסט זיי פארגעלייגט עפעס א פלאן ?

— איך בין אין לאגער נישט לאנג. אויף וואס האבן זיי ביז איצט געווארט ?

— אט־וואס, גרישע — האב איך אים דעמאלט געמאלדן. — לאז עס צורו. פאראן מענטשן וואס פארנעמען זיך מיט דער זאך. שטער נישט.

— ווער פארנעמט זיך, אפשר דו ? — האט ער מיט חוזק געפרעגט.

— אפשר איך.

— ווו פארנעמסטו זיך, אט דא מיט איר אויף די ברעטער ?

איך האב זיך באמיט צו זיין רואיק.

— ווארף אוועק דעם טאן — האב איך געזאגט. — ווילסט, וועל איך דיך איינשליסן אין צעטל פון די אנפירער. וועסט באקומען אן אויפגאבע. מער קאן איך דערווייל גארנישט זאגן.

— מיר וועלן מער נישט ווארטן. מיר גייען היינט אוועק.

— אויב אזוי — האב איך זיך אנגערופן, — וועל איך מיט דיר אנדערש ריידן. ווען קיינער וואלט גאר־

נישט נישט געטאָן, וואָלסטו געווען גערעכט. נאָר די צוגרייטונג איז שוין כמעט פאַרענדיקט. ס'איז אַ פראַגע פון טעג. ס'האַנדלט זיך וועגן אַרויספירן די גאַנצע מאַסע. ווילסטו מיט דיין גרופקעלע צעשטערן אונדזער פלאַן, אָנשפייען אויף אַלעמען. וואָסי, ווייל דיר דוכט זיך, אַז דיר מיט עטלעכע דיינע פריינד וועט זיך איינגעבן צו אַנטלויפן? ניין, דאָס וועט נישט גיין. איך וואָרן דיך, איך וועל אומעטום שטעלן מענטשן און אויב ס'וועט נייטיק זיין...

— וואָס וועסטו טאָן, וועסט מיך הרגענען?

— אויב מען וועט דאַרפן?...

— האָב איך מיט דיר נישט וואָס צו ריידן — האָט גרישע אַ זאָג געטאָן, זיך אויסגעדרייט און אַוועק.

איך האָב געבעטן ליוקאַן צווואַרטן און אַליין בין איך אַוועק אין באַראַק. דאָרט האָב איך שלמהן גאַנץ קורץ דערציילט וועגן וואָס עס גייט, און פאַראָרדנט אַז ער זאָל באַלד אַוועקשטעלן לעבן דעם אַפטריט אַ יאַט, וועלכער זאָל גוט אַכטונג געבן וואָס עס טוט זיך ביים דראָט. אויב ער וועט עפעס באַמערקן, זאָל ער תיכף מיר געבן צו וויסן.

איך האָב זיך אומגעקערט צו ליוקאַן.

— סאַשע, וועגן וואָס האָסטו גערעדט מיט גרישען?

— וועגן נאַרישקייטן.

— נישט ריכטיק. איר האָט זיך אַזוי הייס געקריגט. און דיינע שמועסן מיט אַלע אַנדערע מענטשן, בעת דו זיצסט מיט מיר. מיינסט איך פאַרשטיי נישט. איך פאַרשטיי, מיך דאַרפסטו נאָר פאַר אַ שירמע. יאָ, יאָ, דאָס איז קלאָר.

— נו גוט, לאָמיר זאָגן, אַז ס'איז אַזוי, נאָר דו ביסט דאָך די טאָכטער פון אַ קאָמוניסט. האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז דו ביסט גרייט צו שניידן פון די דייטשן שטיקער.

— יאָ, נאָר איך האָב מורא, סאַשע, טאָמער פאַלט איר דורך, וועלן זיי אונדז אַלעמען פאַרטרייבן אַהין אין דריטן לאַגער. אַך, ווען מען קאָן אַרויס פון דאַ־נען? נאָר ס'איז אוממעגלעך, אוממעגלעך...

זי האָט געציטערט, געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— פאַרוואָס קומט עס אונדז? פאַרוואָס לאָזט מען אונדז נישט לעבן? פאַרוואָס?...

איך האָב זי איינגעשטילט, באַרויקט:

— ליוקאַ, — האָב איך זי געבעטן, — זאָג מיר צו, אַז דו וועסט זיך פאַר קיינעם נישט אַרויסכאַפן מיט קיין וואָרט וועגן דעם, וואָס מיר האָבן גערעדט.

— ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד — האָט זי געזאָגט מיט פאַרדראָס, — אַכט יאָר אַלט, האָט מיך די פאָליציי געמאַטערט איך זאָל זאָגן ווו דער טאַטע באַהאַלט זיך, און איך האָב געשוויגן. און איצט... עך, דו סאַשקע...

מיט טרערן אין די אויגן איז ליוקאַ אַוועקגעלאָפן אין באַראַק.

*

אין אָוונט האָט מען מיך מיט שלמהן איינגעלאָדן אין קוזשניע צו הערן פאַטעפאָן. דאָרט זענען געווען עטלעכע לאַגערניקעס, און צווישן זיי — דער קאַפאָ בזשעצקי. דעם פאַטעפאָן האָט מען פון דער וואָך גע־בראַכט צו די שלאָסער אויף רעמאָנט. צווישן די זאַכן אין צווייטן לאַגער, האָט עמעצער געפונען עטלעכע סאָוויעטישן פלאַטן. איצט האָבן מיר זיי געהערט. ווען מען פאַקט אונדז מיט די פלאַטן, וואָלט מען אונדז, פאַרשטייט זיך, געממיתט. נאָר אַזוי איז שוין דאָס לעבן אין לאַגער געגאַנגען — אויפן ראַנד פון טויט. דער שמיד ריימאַן האָט געבאַקן לאַטקעס פון מעל און זיי באַשאָטן מיט צוקער.

— פונוואַנען נעמט איר צוקער און מעל? — האָט שלמה געפרעגט.

— אַלץ פון צווייטן לאַגער. צווישן די זאַכן זענען געוויינלעך דאָ פראָדוקטן, נעמען מיר צו ביסלעך אַראָפ פאַר זיך שטילערהייט.

בזשעצקי האָט מיר געמאַכט אַן אָרט איך זאָל זיך זעצן לעבן אים.

— עסט, — האָט ער צוגערוקט דעם טעלער מיט די לאַטקעס נענטער צו מיר און צו שלמהן.

— אַ דאַנק, איך קען נישט עסן — האָט שלמה געענטפערט.

— און פון וואָס, מיינט איר, ווערט געמאַכט דער מיטאָג וואָס מיר באַקומען? טאַקע פון די זעלבע פראָדוקטן. קיין שום אַנדערע פראָדוקטן גיבן זיי אויף אונדז נישט אויס.

— דער קאַזיאָנער מיטאָג איז עפעס אַנדערש. און אפשר זענט איר גערעכט, נאָר מיר זענען נישט גע־וווינט, קומט עס אונדז אויס פריקרע. אַנטשולדיקט.

און כדי מאַכן אַ סוף צו דעם נישט אָנגענעמען שמועס, האָב איך גענומען דערציילן וועגן פאַרשידענע פלאַטן וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן. בזשעצקי האָט זיך אַלץ געפרווט אָנהייבן וועגן עפעס ריידן, נאָר דער שמועס האָט זיך נישט געקלעפט. ענדלעך

האָט ער אַ ווונק געטאָן צום שמיד מען זאָל אַריבער מיטן פּאַטעפאָן אין שלאָסער־וואַרשטאַט וואָס האָט זיך געפונען דערביי אין אַ שכניש צימער. ריימאָן האָט גענומען דעם פּאַטעפאָן און אַלע האָבן זיך אויפ־געהויבן.

— סאַשע, קום — האָט שלמה געזאָגט.

— ער וועט באַלד קומען — האָט בזשעצקי גע־ענטפערט.

איך האָב באַמערקט, אַז אין שלאָסער־וואַרשטאַט ביים פענצטער שטייט איינער די גאַנצע צייט און קוקט אַרויס אין הויף. הייסט עס, דער קאַפּאָ האָט אויך מורא — האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

— איך וויל מיט אייך האָבן אַ שמועס — האָט בזשעצקי אָנגעהויבן. — איר שטויסט זיך אָן וועגן וואָס ?

— פאַרוואָס מיינט איר, אַז איך שטויס זיך אָן ?

— און וואָס האָט איר אַזוי מורא, טאָמער מיין איך ?

— צום באַדויערן, — האָב איך געזאָגט — איז אונדז שווער זיך צונויפצורעדן, ווייל איך פאַרשטיי נישט קיין יידיש, נישט קיין פויליש.

— מיט ליוקאַ רעדט איר זיך פונדעסטוועגן צונויף, אַזוי, אַז די שטערונג פאַלט אָפּ. איך פאַרשטיי רוסיש. ריידן רייד איך שלעכט, נאָר אויב איר וועט וועלן וועט איר מיך פאַרשטיין.

— פאַרוואָס זאָל איך נישט וועלן ? וואָס באַדייטן אייערע שטעכווערטלעך ?

—איך בעט אייך, שלאָגט מיר נישט איבער. הערט מיך אויס, נאָך דעם וועט איר ענטפערן. אין לאַגער טוט זיך עפּעס די לעצטע צייט. די מענטשן זענען אומרויאיק.

— זיי האָבן פון וואָס צו זיין אומרויאיק.

— יאָ, נאָר ביז אייער אָנקומען האָט זיך עס נישט באַמערקט אין אַזאַ מאָס. ס׳איז קלאָר, איר גרייט עפּעס. איך וועל אייך זאָגן פראָסט : איר גרייט אָן אַנטרינונג.

— באַשולדיקן איז גרינג. וואָס פאַר אַ באַווייזן האָט איר ?

— איר טוט עס זייער פאַרזיכטיק. איר מיידט אויס קאָמפּאַניעס. איר פאַרפירט נישט קיין ברייטע שמוע־סן. איר פאַרברענגט די אָוונטן מיט ליוקאַ, ליוקאַ איז אַ גוטער פאַראַוואָן. איך פאַרשטיי, מיט עטלעכע טעג צוריק האָט איר אין באַראַק אַ וואָרף געטאָן אַ וואָרט : „פאַר אונדז וועט קיינער די אַרבעט נישט אָפּטאָן". איר געדענקט עס געוויס. אין אַלע ווינקעלעך האָט מען עס נאָך דעם איבערגעחזרט, געטייטשט. ווען איך זאָל וועלן, וואָלט איך אייך שוין בלויז פאַר אָט די עטלעכע ווערטער געקאָנט אומברענגען. נאָר איר זעט, אַז איך האָב עס נישט געטאָן. איך ווייס, אַז איר האַלט מיך פאַר דעם נידעריקסטן מענטש און איך וויל זיך איצט פאַר אייך נישט פאַרענטפערן. איך וויל נאָר זאָגן, אַז איר דאַרפט מיר קיין זאַך נישט דערציילן. איך ווייס אַלץ, איר רעדט נישט מיט קיינעמען. אָנ־שטאָט אייך רעדט יעדער, דער קליינ׳נקער, שלמה, דוכט זיך, הייסט ער. אַ קלוגער יונג. איר שלאָפט איי־נער לעבן דעם אַנדערן און האָט די מעגלעכקייט וועגן אַלץ זיך צונויפצוריידן. איך פאַרשטיי, נאָר איך מסר אייך נישט, ווי איר זעט — און קלייב זיך נישט מסרן.

— רעדט ווייטער, איך הער — האָב איך זיך אָנגע־רופן, ווען בזשעצקי איז אויף אַ ווייל אַנטשוויגן גע־וואָרן.

— סאַשאַ, — האָט דעמאָלט בזשעצקי געזאָגט. — איך לייג אייך פאָר : נעמט מיך פאַר אַ שותף אין דער אונטערנעמונג. צוזאַמען וועלן מיר זי דורכפירן אַ סך גרינגער און געשיקטער. מיר, די קאַפּאָס, האָבן די מעגלעכקייט אין דער צייט פון דער אַרבעט פריי אַרומ־צוגייען איבער אַלע לאַגערן, חוץ דעם נומער 3. מיר קאָנען ריידן מיט וועמען מען דאַרף, נישט אַרויסרופנ־דיק קיין חשד. באַטראַכט נאָר ווי נוצלעך מיר קאָנען זיין. איר וועט פרעגן : פאַרוואָס לייג איך עס אייך פאָר ? גאָר פּשוט : ווייל איך גלייב נישט דעם דייטש. פראַנץ זאָגט אונדז צו פאַרשידענע גליקן. מיר האָבן פּריווי־לעגיעס, נאָר אַז עס וועט האַלטן ביים ליקווידירן דעם לאַגער, וועלן מיר שטיין אויף איין ברעטל מיט אייך, מען וועט אונדז אויך אומברענגען. דאָס איז קלאָר.

— גוט וואָס איר פאַרשטייט עס — האָב איך גע־זאָגט, — נאָר פאַרוואָס ווענדט איר זיך צו מיר ?

— ווייל איר פירט אָן מיט דער זאַך. איר זעט דאָך שוין, אַז איך ווייס עס. צו וואָס פאַרן צייט אויף אײ־בעריקע רייד ? מיר ווילן אייך העלפן. מיר ווילן גיין מיט אייך.

— ווער איז עס — מיר ?

— איך און דער קאַפּאָ גועניק.

— און שמיד?

— ער קאָן מסרן.

איך האָב זיך נישט איין מאָל צוגעקוקט צו בזשעצ־קין. דער פּידזשאַק צעשפּיליעט, די קעפּקע אויף אַ זייט, מיטן צוגעמרוזשעטן אויג, גייט ער איבערן לאַגער מעשה בעל־הבית, שטענדיק מיטן בייטשל, דערלויבט זיך צו שלאָגן די לאַגערניקעס. טאָמער גע־פעלט אים עמעץ פון די מיידלעך, וועט ער איר אַזוי לאַנג דערגיין די יאָרן, ביז זי וועט אים נאָכגעבן. דאָך, אַז ער זאָל אויף עמעצן מסרן ביי די דייטשן, האָט מען נישט געהערט.

— זאָגט, האָב איך פּלוצעם אַ פרעג געטאָן. — איר וואָלט געקאָנט דערהרגענען אַ דייטש?

בזשעצקי האָט נישט געענטפערט באַלד.

— אויב דאָס וואָלט נייטיק געווען צוליב דער זאַך — יאָ.

— און גלאַט אַזוי, אָן קיין שום נויט, אַט ווי זיי דער־הרגענען הונדערטער טויזנטער ברידער און שוועסטער אונדזערע — וואָלט איר געקאָנט?

ער האָט געשוויגן אַ ווילע.

— שווער צו זאָגן, איך האָב וועגן דעם נישט גע־טראַכט.

— נו, צייט צו גיין שלאָפן, אַ גוטן — האָב איך געמאַכט אַ סוף צו דעם שמועס און בין אַוועק צו זיך.

ס'איז געווען קלאָר, אַז די קאַפּאָס וואָלטן געקאָנט ברענגען אַ סך נוצן. נאָר צי מעג מען זיי געטרויען? בזשעצקי האָט זיך פאַרטראַכט, ווען איך האָב אים געפרעגט צי ער וואָלט געקאָנט דערהרגענען אַ דייטש. אַ פאַרעטער וואָלט באַלד געענטפערט, אַז ער איז גרייט אויף אַלץ. ווייטער — ווייסט אים דער טייוול וואָס ער איז אויסן, שווער אַריינצוקריכן אין אַזאַ נשמה.

אין דער נאַכט זענען מיר מיט שלמהן שפּעט איינ־געשלאָפן. ס'איז געווען וועגן וואָס צו ריידן.

*

11טער אָקטאָבער. אינדערפרי האָבן מיר פּלוצעם דערהערט שרעקלעכע געשרייען און גלייך נאָך דעם — אַ שיסעריי פון אויטאָמאַטן. באַלד איז אָפּגעגעבן גע־וואָרן אַ באַפעל נישט אַרויסצוגיין פון די וואַרשטאַטן. די טויערן פון ערשטן לאַגער האָט מען פאַרמאַכט. די וואַך האָט מען אומעטום פאַרשטאַרקט. די געשרייען און די שיסעריי האָבן זיך אַלץ צעוואַקסן.

— ווי מיינסטו, וואָס איז געשען? — האָט שלמה געפרעגט. — מיר דוכט זיך, אַז די שיסעריי הערט זיך פון „נאָרד־לאַגער". אפשר האָבן די חברה דאָרט זיך נישט איינגעהאַלטן און געמאַכט פּיס?

— ניין, ס'איז נישט דאָרטן, מען שיסט נעענטער, ערגעץ אין צווייטן לאַגער. איך הער פרויען־קולות, ס'איז, ווייזט אויס, אָנגעקומען אַן עשעלאָן. נאָר וואָס באַדייט די שיסעריי?

אַ געוויסע צייט האָט געדויערט, ביז ס'איז שטיל געוואָרן.

ערשט אַרום 5 אַ זייגער פאַרנאַכט זענען מיר געוויר געוואָרן וואָס עס איז געשען:

ס'איז אָנגעקומען אַן עשעלאָן. ווען די מענטשן זע־נען שוין געווען אויסגעטאָן, האָבן זיי, אַ פּנים, זיך אָנ־געשטויסן וווּהין מען פירט זיי און אין שרעק זיך אַ לאָז געטאָן לויפן נאַקעטערהייט. נאָר וווּהין קאָן מען דאָ לויפן? זיי זענען שוין אין לאַגער, פון אַלע זייטן פאַר־צוימט. זענען זיי דערלאָפן ביז דער פאַרצוימונג און פון דאָרט האָט מען זיי באַגעגנט מיט אַ פייער פון אויטאָמאַטן און ביקסן. אַ סך זענען געפאַלן פון די קוילן, די איבעריקע האָט מען פאַרנומען און אַוועק געפירט אין די גאַז־קאַמערן.

דאָס מאָל האָבן די שייטערס געפלאַטערט ביז שפּעט אין אָוונט. מיט שטורעם זענען די פלאַמען געשטיגן צום פינצטערן הימל און געוואָרפן אַ שרעקלעכן אָפּשיין אויפן גאַנצן לאַגער און ווייט אַרום אויף דער געגנט. שטום פאַר שוידער האָבן מיר געקוקט אויף די פייערן אין וועלכע ס'האָבן געברענט די קערפּערס פון אונ־דזערע פאַרפּייניקטע שוועסטער און ברידער.

12טער אָקטאָבער.

אויף אייביק וועט מיר פאַרבלייבן אין מיין זכרון דער דאָזיקער טאָג. אַכצן מאַן פון אונדזערע לאַגערניקעס זענען שוין עטלעכע מעת־לעת געלעגן קראַנק. אינדערפרי איז אין באַראַק אַריין אַ גרופּע דייט־שן מיט פראַנצן אין דער שפּיץ. פראַנץ האָט באַפוילן, אַז די קראַנקע זאָלן תיכף אויפשטיין און גיין. ס'איז געווען קלאָר: מען פירט זיי צום טויט. צווישן די אַכצן איז געווען אַ יונגערמאַן פון האָלאַנד. ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. זיין פרוי האָט זיך דער־וווּסט וווּהין מען האָט אַוועקגעפירט איר מאַן, האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דער קאָלאָנע.

— מערדער! — האָט זי זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די דייטשן מיט קולות. — איך ווייס ווו איר פירט מיין מאַן, נעמט מיך אינאיינעם מיט אים. איך וויל נישט,

איר הערט, איך וויל נישט לעבן אָן אים. מערדער! אויסוואורפן!

זי האָט אָנגעכאַפּט איר מאַן פאַר אַ האַנט און אונטערהאַלטנדיק אים, האָט זי אַוועקגעשפּאַנט צוזאַמען מיט דער קאַלאָנע — צום טויט.

מיטאָג־צייט האָבן מיר אָפּגערעדט מיט שלמהן, אַז אויף 9 אַ זייגער אין אָוונט רופן מיר צונויף אַ באַראַטונג מיט אַן ענגער גרופּע מענטשן.

די באַראַטונג איז פאַרגעקומען אין סטאָליער־וואַרשטאַט. געווען זענען: ברוך, שלמה, דער עלטסטער פון דער סטאָליער־בריגאַדע — יאַנעק, דער עלטסטער פון די שניידער — יוזעף, דער שוסטער יאַקוב, מאַניע, איך און נאָך צוויי.

אין הויף און ביים טויער פון ערשטן לאַגער זענען צעשטעלט געוואָרן מענטשן, וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף דער באַוועגונג און באַדאַרפט אונדז צוּוויסן געבן טאָמער דאַרף מען זיך צעגיין.

פריער פאַר אַלץ האָב איך דערציילט וועגן מיין שמועס מיט בזשעצקין און געבעטן די חברים זאָלן זאָגן זייער מיינונג: צי קאָן מען אים אַריינעמען אין דער גרופּע. די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען, אַז מען קאָן און מען דאַרף עס טאָן.

מאַניע איז אַוועק און האָט זיך אינגיכן אומגעקערט מיט בזשעצקין.

— בזשעצקי — האָב איך געזאָגט, — מיר האָבן באַשלאָסן איינצולאַדענען אייך אויף אונדזער באַראַטונג. איך האַלט, אַז איר פאַרשטייט אַליין, וואָס פאַר אַן אחריות איר נעמט אויף זיך דערמיט וואָס איר זענט געקומען אַהער. טאָמער פאַלן מיר אַדורך, ווערט איר געטייט איינער פון די ערשטע.

— איך פאַרשטיי — האָט בזשעצקי געענטפערט. — איר קאָנט זיין רואיק.

— איז, אַט, חברים, מיין פּלאַן אַזאַ: פריער פאַר אַלץ מוזן מיר פאַרניכטן די אָפּיצירן־גרופּע וואָס פירט אָן מיטן לאַגער. פאַרשטייט זיך, איינציקווייז, אָן דעם מינדסטן רעש, נאָר אין אַ קורצן טערמין. איך רעכן, אַז אין פאַרלויף פון איין שעה, נישט מער. אין אַ קירצערער צייט וועט זיך נישט איינגעבן דאָס אָפּצוטאָן און לענגער פאַרציען די זאַך איז געפערלעך. מען קאָן זיך כאַפּן, אַז עס פעלט עמעצער פון זיי און אויפהייבן אַ ליאַרעם.

די אויפגאַבע פון דערהרגענען די דייטשישע אָפּיצירן וועלן אויספירן אָפּגעקליבענע מענטשן פון אונדזערע סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע, וואָס איך קען זיי פערזענלעך און וויים, אַז מען קאָן זיך אויף זיי פאַרלאָזן. קלאָר, אַז פאַר אַזאַ אַרבעט פאָדערן זיך דרייסטע, אַנטשלאָסענע מענטשן מיט אַ פעסטער האַנט. אַ רגע וואַקלעניש, אַ דורכפאַל ביי איינעם — קאָן אַלץ אומברענגען.

נאָך מיטאָג, האַלב פיר, וועט דער קאַפּאָ בזשעצקי אָפּפירן אין צווייטן לאַגער, מיט עפּעס אַ תירוץ, דריי מענטשן, וועלכע איך וועל אים אָנווייזן. די דריי וועלן פאַרניכטן די פיר היטלעריסטן, וואָס אַרבעטן דאָרט. ברוך דאַרף באַזאָרגן, אַז די אָפּיצירן זאָלן איינציקווייז אַריינקומען אין דעם לאָקאַל ווו ס׳וועט מעגלעך זיין אויסצופירן די פאַרניכטונג. ער דאַרף אויך באַזאָרגן, אַז פון מאָמענט, ווען די פאַרניכטונג פון די היטלעריסטן וועט זיך אָנהייבן, זאָל פון לאַגער קיינער נישט אַרויס. ווער ס׳וועט פּרוּוון אויפהייבן אַ טומל, דאַרף מען אים תיכף צווינגען שטיל ווערן, אָדער אים פאַרניכטן. ביז פיר אַ זייגער דאַרף די אָפּעראַציע אין צווייטן לאַגער זיין פאַרענדיקט.

פיר אַ זייגער וועלן ספּעציעלע מענטשן איבערשניידן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג, וואָס גייט דורך אין צווייטן לאַגער, צו דער וואַך־רעזערוו. די שנורן דאַרף מען אָפּשניידן ביי ביידע סטויפּעס און באַהאַלטן, מען זאָל די פאַרבינדונג נישט קאָנען אויפשטעלן.

אין דעם זעלבן מאָמענט הייבט זיך אָן די פאַרניכטונג פון די אָפּיצירן אין אונדזער לאַגער. איינציקווייז ווערן די אָפּיצירן איינגעלאַדן אין די וואַרשטאַטן. אין יעדן וואַרשטאַט וועלן שטיין גרייט צוויי מענטשן, וואָס וועלן די פאַרניכטונג אויספירן. ביז האַלב פינף דאַרף אַלץ זיין פאַרענדיקט.

האַלב פינף שטעלן בזשעצקי מיט געניקן אויס אַלע לאַגערניקעס, כלומרשט צו פירן זיי צו דער אַרבעט און די קאַלאָנע נעמט זיך באַוועגן צום אַרויסגאַנג. אין די ערשטע רייען גייען אונדזערע מזרחניקעס. די פאָדערשטע פאַלן אָן אויפן געווער־מאַגאַזין. די איבעריקע גייען ווייטער, צודעקנדיק דעם אָנפאַל. די, וואָס האָבן פאַרכאַפּט געווער, יאָגן אָן די קאַלאָנע, פאַרלויפן פאָראויס, נעמען אַראָפּ ביים טויער די וואַך און פאַלן אָן אויף דער קאַראַול־געביידע.

ס׳קאָן זיך מאַכן, אַז די וואַך זאָל זיך פריער כאַפּן ווי מיר רעכענען אויס, איבערשניידן אונדז דעם וועג

צום טויער און עפענען אַ פייער פון די צוויי קוילנוואַר־פערס, וואָס זיי האָבן דאָרטן. גוט, אויב אונדז וועט זיך איינגעבן צו פאַרכאַפּן געווער, דעמאָלט וועלן מיר אַריינטרעטן אין אַ שלאַכט. נאָר טאָמער גיט זיך עס נישט איין, מוזן מיר פּאַרויסזען אַן אַנדערן אויסוועג.

נישט ווייט פונעם סטאַליער־וואַרשטאַט, כמעט האַרט ביים דראָט־פאַרצוימונג, שטייט דאָס אָפּיצירן־הויז. מען דאַרף קלערן, אַז אויב אַפילו דאָס שטיקל פעלד אין שכנות איז מינירט, איז נאָר מיט סיגנאַל־מינעס, וואָס זענען נישט געפערלעך. אָט־דאָ, הינטער דעם אָפיצירן־הויז, דאַרף מען דורכהאַקן דעם דראָט. די פּאַדערשטע דאַרפן וואַרפן פאַרויס פּאַר זיך שטיינער. אין די ער־טער, וווּ ס׳וועלן פאַלן די שטיינער, וועלן די מינעס אויפרייסן און דער וועג וועט אויף אַזאַ אופן כאָטש טיילווייז ווערן פון זיי אָפּגערייניקט.

דאָס איז דער פּלאַן. איך מיט שלמהן האָבן דורכגע־טראַכט די זאַך נישט איינמאָל. קיין בעסערע וואַריאַנטן זעען מיר נישט. זאָל איצט איטלעכער דורכטראַכטן, צי ער וועט קאָנען באַזאָרגן אַלץ ווי מען דאַרף און וואָס צו אים געהערט. מאָרגן אין אָוונט וועלן מיר זיך ווידער באַגעגענען. געדענקט, חברים, אַז פאַר קיינעם נישט — נישט פאַר קיין ברודער, נישט פאַר קיין ווייב, נישט פאַר קיין פריינד, טאָרט איר זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט קיין איין וואָרט וועגן דעם וואָס מיר האָבן דאָ אָפּ־גערעדט.

קיין דיסקוסיעס זענען נישט געווען, איינציקווייז איז מען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

...אין דעם אָוונט איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס: מאָרגן, דעם 14טן אָקטאָבער, אַנטלויפן מיר.

*

דעם 14טן אָקטאָבער איז געווען אַ לויטערער, זוני־קער טאָג.

ביינאַכט האָבן מיר פונאַנדערגעטיילט די מעסערס וואָס זענען שוין פון פריער געווען צוגעגרייט און אויך עטלעכע צענדליק נישט־גרויסע העק, באַקוועמע צו באַהאַלטן זיי הינטער דער פּאָלע, וואָס די שמידן האָבן געמאַכט אויף אונדזער באַשטעלונג. וואָרעמע וועש האָבן באַקומען יענע, וואָס האָבן זיך דערין באַזונדערס גע־נייטיקט. ווען און ווי אַזוי מיר גייען אַוועק, האָבן גע־וווּסט בלויז די אָנפירער.

איך האָב געאַרבעט אין דער פיליע פונעם סטאַליער־וואַרשטאַט. דורך די פענצטער האָט מען פונדאַנען גע־זען דעם גאַנצן הויף פון ערשטן לאַגער. אין שכנישן באַראַק האָט געאַרבעט שלמה מיט אַ ספּעציעל אָפּגע־קליבענער גרופּע פון צוואַנציק מאַן. זיי האָבן געמאַכט נאַרעס.

עס איז געווען אָפּגערעדט:

פיר אַ זייגער קומט דער אונטערשאַרפירער בערג אין שניידער־וואַרשטאַט מעסטן דעם אַנצוג, וואָס מען נייט אים דאָרט. אַ זייגער 4 מיט פופצן קומט אַהין דער שעף פון דער לאַגער־וואַך צוליב דעם זעלבן צוועק. דער שעף פון דריטן לאַגער, געטצינגער און דער אָבער־שאַרפירער גריישוט, וועלן 4 אַ זייגער זיין אין שוסטער־וואַרשטאַט. צו מיר אין באַראַק דאַרף אַריין פראַנץ איבערקוקן די שאַפעס. דער אונטערשאַרפירער פרידריך גאָולשטיך וועט קאָנטראָלירן אין דער זעלבער צייט שלמהס אַרבעט. פיר אָפיצירן וועט באַזאָרגן ברוך אין צווייטן לאַגער. די איבעריקע וועט מען אויך מיט דעם אָדער יענעם אויסרייד איינלאַדענען אין די וואַרשטאַטן.

די חברה וואָס האָבן באַדאַרפט אויספירן די פאַר־ניכטונג, האָבן דעם טאָג אַלע געאַרבעט מיט שלמהן. איינציקווייז האָט ער זיי געשיקט צו מיר און איך האָב איטלעכן דערקלערט זיין אויפגאַבע. דער ערשטער איז געקומען קאַלימאַלי.

זיין אמתער פאַמיליע־נאָמען איז געווען, ווי כ׳האָב שוין געזאָגט, שובאַיעוו. אין יאָר 1940 האָט ער פאַר־ענדיקט דעם ראָסטאָווער אינסטיטוט פאַר אינזשעניערן־טראַנספּאָרטלער. ער איז געווען אַ הויכער שלאַנקער בחור פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק, מיט שוואַרצע, אַ ביסל געקרייזלטע האָר. ווייניק באַרעדעוודיק, פּראָסט, פעסט. אַ גוטער חבר.

— מיט דיר פאַרשפּאַר איך אַ סך צו ריידן — האָב איך אים געזאָגט. — דו מיט בעניען גייסט אין שניי־דער־וואַרשטאַט. נעם מיט זיך אַ הובעל, אַ סטאָמעסקע און אַ האַק. דאָס דאַרף אָפּגעטאָן ווערן אַזוי, ער זאָל קיין פּיפּס נישט טאָן.

— קלאָר.

— נו, גיי. איך ווינטש דיר דערפאָלג.

שווייגנדיק האָבן מיר אַ דריק געטאָן איינער דעם אַנדערן די הענט און ער איז אַוועק. איך האָב אים גע־בעטן אַריינשיקן ציבולסקין.

ציבולסקי איז געווען אַ דאַנבאַסער, אַ שמייסער אויף אַ פּראַכט־פור. אַ גרויסער, געזונטער מאַנצביל פון אַ

יאַר 35, אַ גוטמוטיקער און פריילעכער. אַ ביסל אַ פּלאַפּלער. ס׳איז אויסגעקומען אַ סך זאַכן צו באַהאַלטן פון אים. נאָר דאָס וואָס ער האָט גענומען אויף זיך, האָט ער אויסגעפירט.

— באַריס, — האָב איך אים געזאָגט, — מיר זענען צוזאַמען געזעסן אין קעלער. איך קען דיך מער פון אַלעמען. דו באַקומסט די שווערסטע אויפגאַבע. מיט דיר וועט גיין מיכאַיל און בעניע. בזשעצקי וועט אַריין נאָך אייך און וועט אייך אָפּפירן אין צווייטן לאַגער צו ברוכן. נעמט מיט זיך העק. האָב אין זינען, באַריע, אַז דיין קלאַפּ וועט זיין דער ערשטער. ער דאַרף אַלעמען צוגעבן מוט. קוים האָט עמעץ פון דער חברה וואָס דאַרפן גיין מיט דיר, מורא, פאַרבייט אים מיט אַן אַנדערן. אויף אַזאַ זאַך טאָר מען קיינעם נישט צווינגען.

— זיי רואיק, סאַשע, אַלע וואַרטן נאָר אויף אַ סיג־נאַל.

— פאַרגעס נישט אַראָפּצונעמען ביי די געהרגעטע זייערע פּיסטאַלעטן. גיי און זאָל זיין גוט.

— עס מוז זיין גוט.

2 אַ זייגער איז דער אונטערשאַרפירער וואַלטער ריבאַ געקומען אין ערשטן לאַגער, צוגענומען בזשעצ־קין מיט נאָך דריי און זיי אַוועקגעפירט.

דאָס האָט אונדז שטאַרק צערודערט. דער אונטער־שאַרפירער איז געווען באַוואָפנט מיט אַן אויטאָמאַט און געוויינלעך פלעגט מען פירן צו דער אַרבעט אָן אויטאָמאַטן. וואָס־זשע איז געשען?

מיר האָבן דעם פאַקט פאַרבונדן מיט אַן עפּיזאָד, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט אַ שעה פריער — און דאָס האָט פאַרגרעסערט אונדזער אומרו. יאַנעק האָט פון אינדערפרי אָן געטראָגן זיין בעסערן אַנצוג. לויפן וועט אויסקומען ווי מע שטייט און גייט, דאַרף מען כאָטש פאַרכאַפּן מיט זיך דאָס בעסטע וואָס מען פאַרמאָגט. פראַנץ האָט אים דערזען, האָט ער זיך אָנגערופן:

— עמעצער פּראַוועט דאָ אַ חתונה וואָס דו האָסט זיך אַזוי אויסגעפּוצט?

איך בין אַוועקגעלאָפן צו יאַנעקן אין סטאָליער־וואַר־שטאַט.

— תיכף געוואויר ווערן ווּהין מען האָט אַוועקגעפירט בזשעצקין.

— ווי אַזוי?

— דאָס איז אייער זאַך. איר, ווי אַ בריגאַדיר, קאָנט זיך דאָ פרייער שאַפן ווי איך.

אַ גאַנצע שעה איז אַריבער אין מוראַדיקער אָנ־שטרענגונג. מיר האָבן נישט געוווּסט ווו מיר האַלטן אין דער וועלט.

דריי אַ זייגער איז צו מיר אַריין דער קאַפּאָ געניק און צו וויסן געגעבן, אַז בזשעצקין האָט מען גענומען אין „גאַרד־לאַגער" ער זאָל דאָרט מיט די מענטשן צונויפּלייגן געהילץ. און אַזוי ווי זיי זענען געגאַנגען אָן אַ וואַך, האָט דער אונטערשאַרפירער מיטגענומען אַן אויטאָמאַט.

— איר ווייסט — פרעג איך, — אַז בזשעצקי האָט געזאָלט אָפּפירן עטלעכע מענטשן אין צווייטן לאַגער?

— איך ווייס.

— איצט וועט איר זיי אָפּפירן.

— דאָס איז אוממעגלעך. איך האָב נישט קיין רעכט אַהין אַריינצוגיין.

— איר מוזט. זאָגט, אַז בזשעצקי איז נישטאָ און מען דאַרף דאָרט עפּעס מאַכן. טראַכט עפּעס צו.

— לאָמיר עס בעסער אָפּלייגן אויף מאָרגן, ווען בזשעצקי וועט זיין.

ס׳איז אָבער געווען קלאָר, אַז מען טאָר נישט אָפּלייגן די זאַך אַפילו אויף איין טאָג. כאָטש די צוגרייטונג האָט זיך געפירט אין אַן ענגן קרייז, האָבן אַלע געשפּירט, אַז עפּעס דאַרף אינגיכן געשען. דערויף זענען געווען גענוג באַווייזן. אין איינעם פון יענע טעג איז אויסגע־פאַלן יום־כיפור. פרומע יידן האָבן געדאַוונט, געבעטן גאָט. עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן: „בעט נישט גאָט, בעט סאַשקען, ער וועט אייך גיכער העלפן". איז דער ענטפער געווען: „מיר בעטן גאָט, ער זאָל העלפן סאַשקען". פראַגן: וואָס הערט זיך? וואָס וועט זיין? האָט מען זיך געשטעלט אויף שריט און טריט. איך פלעג זיך קוים אַרויסדרייען פון זיי. חוץ דעם איז גע־ווען נאָר אַ סיבה וואָס האָט אונדז געצוווּנגען זיך צו איילן. גאַמערסקי האָט געדאַרפט אינגיכן זיך אומקערן. פראַנץ מיט אַלע זיינע שטיק איז געווען אַ שפּילעכל אין פאַרגלייך מיט יענעם.

— ניין, — האָב איך דעם קאַפּאָ געמאַלדן קאַטעגאָ־ריש. — פאַר דעם וואָס דאַרף געשען היינט, קאָן מאָרגן זיין צו שפּעט. מיר האָבן זיך צונויפגערעדט, איר האָט געגעבן אייער הסכמה. כאַפּן צוריק אין אַזאַ ענין — דאָס גייט נישט. טוט וואָס איך הייס.

צוואַנציק מינוט נאָך דריי איז געניק אַריין צו שלמהן אין באַראַק און איך האָב דורכן פענצטער געזען ווי ער

מיט ציבולסקין און נאָך צוויי גייען אַוועק צום צווייטן לאַגער.

דער אונטערשאַרפירער ערנסט בערג איז צוגעריטן צום שנײדער־וואַרשטאַט פריער ווי עס איז געווען באַשטימט. ער איז אַראָפּ פונעם פערד, געלאָזט עס שטיין מיט אַראָפּגעפאַלענע לייצעס און איז אַריין.

אינעווייניק, איז עס לויט די ידיעות, וואָס איך האָב שפּעטער באַקומען, צוגעגאַנגען אַזוי: ווען דער אונטערשאַרפירער איז אַריין, האָבן זיך אַלע, ווי געווײנלעך, אויפגעשטעלט. שובאַיעוו (קאַלימאַלי), איז אָפּגעטראָטן צום ברעג טיש. לעבן פיסל פון טיש, אין דעם ווינקל איז געלעגן די האַק, צוגעדעקט מיט אַ גימנאַסטיאָרקע. דער אונטערשאַרפירער האָט אַראָפּגענומען דעם גאַרטל מיטן קאַבור און אינאיינעם מיטן פּיסטאָלעט אַנידערגעלייגט אויפן טיש. ער האָט אַראָפּגענומען דעם פרענטש. יוזעף דער שנײדער איז גלייך צוגעשפּרונגען צום אָנצוג און עס גענומען מעסטן. סעניע האָט זיך צוגערוקט צום טיש, ער זאָל קאָנען, ווען נייטיק, איבערכאַפּן דעם פּיסטאָלעט. יוזעף האָט אויסגעדרייט דעם דייטש מיטן רוקן צו שובאַיעוון, דערקלערנדיק, אַז דאָס איז כלומרשט נייטיק צוליב דעם, כדי אויפן אנצוג זאָל בעסער פאַלן די שייך. אין דעם מאָמענט האָט שובאַיעוו דערלאַנגט דעם היטלערסט איבערן קאָפּ מיט דער פלאַטשיקער זייט פון דער האַק. יענער האָט אַ שרעקלעכן געשריי געטאָן... דאָס פערד אין דרויסן האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן און אָנגעשפּיצט די אויערן. דער צווייטער קלאַפּ האָט דעם היטלעריסט שטום געמאַכט אויף אייביק. דעם קערפּער האָט מען פאַררוקט אונטערן בעט און פאַרדעקט מיט זאַכן. מען האָט אויך פאַרשאַרט און פאַרדעקט די בלוט־פלעקן אויף דער פּאָדלאָגע.

באַלד נאָך דעם איז שובאַיעוו אַריינגעלאָפן צו מיר אין באַראַק.

— נאַ, נעם.

ער האָט מיר דערלאַנגט דעם דייטשס פּיסטאָלעט.

— איצט, אויב עמעצער וועט אַפילו וועלן, איז שוין אוממעגלעך כאַפּן צוריק. אַ דאַנק דיר, קאַלימאַלי.

מיר האָבן זיך אַרומגענומען און צעקושט. ער האָט זיך געאײַלט. דער צווייטער קליענט האָט געדאַרפט אינגיכן זיין אין וואַרשטאַט.

— לויף, לויף צוריק. ווי האָבן זיך געהאַלטן די איבעריקע חברה?

— אויסגעצייכנט.

שובאַיעוו איז אַוועק צו זיך. אין צען מינוט אַרום איז אין שנײדער־וואַרשטאַט אַריין דער שעף פון דער גאַנצער לאַגער־וואַך, דער אָבערשאַרפירער הערבערט העלם.

צוריק איז ער שוין נישט אַרויס. סעניע האָט אים אַנידערגעלייגט באַלד, ווי ער איז אַריבערגעטראָטן די שוועל.

פּינקטלעך 4 אַ זייגער, ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט, איז דער שעף פון דריטן לאַגער, דער אָבערשאַרפירער געטצינגער, געקומען אין שוסטער־וואַרשטאַט. אַרקאַדי וויספּאַפּיר האָט רעמאָנטירט אַ טאַבורעט, גרישאַ איז געשטאַנען ביי דער טיר.

דער אויבער־מלאך־המות איז געווען זייער מילד געשטימט.

— היינט איז אין דרויסן די זון, וואַרעם, גוט — האָט ער געפּלאַפּלט. — די שטיוול זענען פאַרטיק?

— ביטע, — האָט יאַקוב צוגעטראָגן די שטיוול. — מעסט זיי אָן.

— היי, דו, יאַקוב, — האָט דער אָבערשאַרפירער, מעסטנדיק, גערעדט. — אין פינף טעג אַרום פאָר איך קיין דייטשלאַנד. מוזט אויפנייען פאַר מיין פראַו אַ פּאָר טופליעס. נאָר געדענק.

— איך האָף, אַז אייער פראַו וועט בלייבן צופרידן — האָט יאַקוב געענטפערט.

דאָ האָט אַרקאַדי דערלאַנגט מיט דער האַק. דעם פּגר האָט מען פאַר די פיס אָפּגעשלעפּט אין אַ ווינקל און פאַרוואַרפן מיט שמאַטעס. דאָס בלוט האָט מען אייליק פאַרשאָטן מיט זאַמד. דער אָבערשאַרפירער גריישוט איז שוין געגאַנגען אין וואַרשטאַט נאָך זיין באַשטעלונג.

אַ פערטל אויף פינף האָט זיך ציבולסקי אומגעקערט פון צווייטן לאַגער. ער איז געווען אויפגערעגט, נאָר נישט צעטומלט.

— פאַרטיק אַלע פיר, — האָט ער געמאָלדן. — די טעלעפאָן־פאַרבינדונג איז אויך איבערגעשניטן, ווו מען דאַרף. פון צווייטן לאַגער לאָזט מען קיינעם נישט אַרויס. ברוך האַלט דאָרט אָרדענונג. ער בעט מען זאָל באַצייטנס צו וויסן געבן וועגן אַרויספירן דעם עולם.

— ווו זענען די פּיסטאָלעטן?

— צוויי זענען דאָרט געבליבן. איינער איז ביי מיר, איינער ביי מיכאַילן.

— אין אָרדענונג. גיי דערוויַיל אין באַראַק צו שלמהן.

*

האַלב פינף האָט זיך פון „נאַרד־לאַגער" אומגעקערט בזשעצקי מיט זיין גרופּע. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין הויף באַוויזן דער אונטער־שאַרפירער גאָולשטיך. שלמה איז אַרויסגעלאָפן צו אים.

— אונטערשאַרפירער! איך ווייס נישט ווי אַזוי ווייטער צו מאַכן די נאַרעס, איך מוז האָבן אייערע אָנ־ווייזונגען. די מענטשן שטייען אָן אַרבעט.

דער אונטערשאַרפירער האָט זיך געלאָזט גיין צום באַראַק. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען דער קאַפּאָ שמיד. באַלד ווי איך האָב עס באַמערקט, בין איך אַרויסגע־לאָפן צו בזשעצקין.

— נעמט צו שמידן. ער טאָר נישט אַריין אין באַראַק. בזשעצקי האָט אָנגענומען שמידן פאַר אַ האַנט.

— גיי נישט אַהין — האָט ער אים געזאָגט.

— וואָס איז עפּעס?

— אויב דו ווילסט אַרויס אַ לעבעדיקער, מיש זיך נישט. כמעט אַלע אַפּיצירן זענען שוין דערהרגעט. מען קוקט נאָך דיין יעדן קער און ווענד. מיש זיך נישט, זאָגט מען דיר.

אַ פאַרציטערטער האָט שמיד אויסגעהערט בזשעצ־קיס רייד. די ליפּן האָבן זיך אים געטרייסלט און ער האָט נישט געקאָנט אַרויסריידן אַ וואָרט.

דערוויַיל איז מען אינעווייניק פאַרטיק געוואָרן מיטן אונטערשאַרפירער. שלמה אַליין האָט אים אַנידערגע־לייגט. אָט דער קליינינקער, דאַרינקער שלמה האָט אים איינמאָל דער־לאַנגט מיט דער שאַרפער זייט פון דער האַק איבער נאַקן — און פאַרשפּאָרט איבערצו־חזרן.

ס'איז שוין צייט געווען געבן אַ סיגנאַל, נאָר פראַנץ האָט נאָך געלעבט. ער האָט זיך נישט געאײַלט קומען באַקוקן די שאַפעס, וואָס ער האָט געדאַרפט איבער־קוקן, לויט ווי מיר האָבן אָפּגערעדט. ער איז פריער געווען אין הויף, נאָר אין וואַרשטאַט איז ער נישט אַריין. דער קאַפּ פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע איז נאָך נישט געווען אַראָפּגענומען.

אונדזערע בלעכער זענען אָנגעקומען מיט בלעכענע רערן אין די הענט. אין די רערן האָבן זיי געבראַכט זעקס ביקסן מיט פּאַטראָנעס. אַ מיידל האָט געבראַכט פּאַטראָנעס פאַר די פּיסטאָלעטן. זי האָט זיי געגומען אויף דער קוואַרטיר ביי די דערהרגעטע אָפיצירן. עס איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז ענגעל, אַ לאָדזשער שלאָ־סער, האָט אין גאַראַזש ווו ער האָט דעם טאָג געאַרבעט, דערהרגעט דעם אונטערשאַרפירער וואַלטער ריבאַ. דער דייטש איז אַריין אין גאַראַזש מיטן אויטאָמאַט. ענגעלן האָט ער אויסגעזוכט פאַרדעכטיק און ער האָט אים גע־פּטרט באַלד אויף דער שוועל. ס'איז קלאָר געווען, אַז די מעשה אין גאַראַזש וועט גיך באַוווּסט ווערן. מע טאָר מער נישט וואַרטן. נאָר וואָס טוט מען מיט פראַנצן?

— כאַפּט אים דער טייוול — האָט שלמה געזאָגט. — פריער אָדער שפּעטער וועט מען אים איינטיילן די פּאַרציע בליי וואָס אים קומט, אָן אונדז. צייט אַוועק פון דאַנען. ס'איז טייער יעדע מינוט.

אַ רגע האָבן מיר זיך צוגעהערט. אין לאַגער האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. איך האָב געהייסן בזשעצקין געבן אַ סיגנאַל. אין דער שטילקייט האָט אַ הילך געטאָן אַ שניידיקער פייף. שלמה האָט אַוועק־געשיקט אַ בחור אין צווייטן לאַגער צו וויסן געבן, אַז מען גייט אַרויס.

פון אַלע זייטן האָבן אַ פלייץ געטאָן מענטשן.

פון פריער זענען געווען אויסגעטיילט 70 מאַן, כמעט דורכאויס פון אונדזערע סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגע־נע, וואָס האָבן געדאַרפט אָנפאַלן אויפן געווער־מאַגאַ־זין, מחמת דעם האָבן זיי פאַרנומען אין דער קאָלאָנע די פאָדערשטע רייען. נאָר די גאַנצע איבעריקע מאַסע וואָס האָט זיך בלויז אָנגעשטויסן, אַז עפּעס גרייט זיך און נישט געוווּסט ווען און ווי אַזוי, האָט איצט, געוויר וורענדיק אין דער לעצטער מינוט וואָס ס'איז געשען, זיך גענומען שטופּן און שטויסן.

איטלעכער האָט מורא געהאַט צו בלייבן פון אונטן און זיך געשפּאַרט פאָראויס. אַזוי אומגעאָרדנט זענען מיר צוגעגאַנגען ביזן טויער פון ערשטן לאַגער.

דאָ איז אונדז אַנטקעגן געקומען דער קאָמאַנדיר פון קאַראַול, אַ דייטש פון בייזואָלגע.

— איר, אין אייער מאַמעס מאַמען אַריין, איר האָט געהערט דעם פייף, וואָס־זשע שטויסט איר זיך ווי אַ טשערעדע. שטעלט זיך אויס צו דריי!

עטלעכע העק האָבן מיט אַמאָל, ווי לויט אַ קאָמענדע, זיך אַ וויז געטאָן פון אונטער די פּאַלעס און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין קאָפּ.

אין דעם מאָמענט האָט זיך צו אונדז דערנענטערט די קאָלאָנע פון צווייטן לאַגער. אייניקע פרויען, דער־

שיטערטע פון דעם אומגעריכטן בילד, האָבן אויפגע־הויבן אַ קוויטש. עמעצער איז שוין גרייט געווען חלשן. עמעצער האָט זיך אַ לאָז געטאָן לויפן ווו די אויגן טראָגן. ס׳איז קלאָר געווען, אַז ביי דער לאַגע קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן אויסשטעלן דעם עולם אין אַ שטרענג־געאָרדנטער קאָלאָנע. איך האָב הילכיק אויסגערופן:

— חברים, פאַראויס!

— פאַראויס! — האָט עמעצער אונטערגעכאַפּט פון רעכטס.

— פאַר אונדזער פאָטערלאַנד! פאַר סטאַלינען! פאָראויס!

ווי אַ דונער האָבן אָט די שטאָלצע אויסרופן געקלונ־גען אין דעם לאַגער פון טויט. אין די אויס־ופן האָבן אין דעם מאָמענט זיך פאַ־אייניקט יידן פון רוסלאַנד און פון פּוילן, פון האָלאַנד און פראַנקרייך, פון טשעכאָ־סלאָוואַקיע און דייטשלאַנד. זעקס הונדערט צוויייטיק־טע, אויסגעבענקטע מענטשן, האָבן מיט אַ שטורעמדיקן „הוראַ" זיך אַ ריס געטאָן צו לעבן און פרייהייט.

דער אָנפאַל אויפן געווער־מאַגאַזין האָט זיך נישט איינגעגעבן. אַ שטאַרקער אויטאָמאַט־פייער האָט אונדז אָפּגעצוימט דעם וועג אַהין.

די מערהייט האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום צענטראַלן אַרויסגאַנג, צעקוועטשט דעם וואַכמאַן און שיסנדיק פון די עטלעכע ביקסן וואָס זיי האָבן ביי זיך געהאַט, פאַרוואַרפנדיק די פאַשיסטן וואָס זיי האָבן באַגעגנט, מיט שטיינער, פאַרשיטנדיק זיי די אויגן מיט זאַמד, זענען זיי אַרויס פון טויער און אַוועקגעלאָפן צום וואַלד.

איין גרופּע האָט זיך אַ נעם געטאָן לינקס. איך האָב געזען ווי זיי האָבן דורכגעהאַקט דעם שטעכל־דראָט. ווייטער האָבן זיי אָבער נאָך געהאַט דורכצוגיין אַ מינען־פעלד פון 15 מעטער די ברייט. דאָרט זענען זיכער אַ סך פון זיי אומגעקומען.

איך מיט אַ טייל מענטשן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום אָפיצירן־הויז און דאָרט געמאַכט אַ דורכגאַנג אין דער דראָט־פאַרצוימונג. מיין חשבון, אַז דאָס פעלד הינטער׳ן אָפיצירן־הויז איז נישט מינירט — האָט זיך באַרעכ־טיקט. נישט ווייט פון צוים זענען דריי פון אונדז געבליבן ליגן, ס׳איז אָבער אויך מעגלעך, אַז זיי זענען געפאַלן נישט פון מינעס, נאָר פון קוילן, ווייל פון פאַרשידענע זייטן האָט מען פון מאָל צו מאָל אויף אונדז געשאָסן.

אָט זענען מיר שוין אויף יענער זייט צוים, אויף יענער זייט מינען־פעלד. אָט זענען מיר שוין אַדורכ־געלאָפן אַ הונדערט מעטער. נאָך אַ הונדערט מעטער. גיכער, גיכער דורכלויפן דעם אויסגעהאַקטן נאַקעטן פּאַס, ווו דיין לייב איז אַזוי אָפן פאַר די אויגן פון ד׳ פאַרפאָלגער, אַזוי אומבאַשיצט פאַר זייערע קוילן. גיכער, גיכער אַריין אין וואַלד, צווישן די ביימער, אונטער זייער צודעק... אָט בין איך שוין אין זייער שאָטן.

אַ ווײַלע האָב איך זיך אָפּגעשטעלט איבערצוכאַפּן דעם אָטעם און זיך אומצוקוקן אויף צוריק. אָפּגעשטאַ־נענע מענער און פרויען זענען איינגעבויגענערהייט געלאָפן צום וואַלד, האָבן זיך דערנענטערט. ווו איז ליוקאַ? ווו איז שלמה?

*

ס׳איז שווער צו זאָגן פּינקטלעך וויפל מענטשן זע־נען אומגעקומען אין מאָמענט פון דורכרייס. די ווייט־גרעסטע מערהייט איז פון לאַגער אַרויס. אַ סך זענען געפאַלן פון קוילן אויף דעם אויסגעהאַקטן אָפענעם פּאַס צווישן לאַגער און וואַלד.

...ווו איז ליוקאַ? ווו איז שלמה?

דערויף האָט קיינער גאָרנישט געקאָנט ענטפערן.

...וועגן ליוקאַן האָט שובאַיעוו נישט געהאַט קיין שום ידיעות, נאָר שלמהן האָט ער געזען. שלמה איז פאַר־וווּנדערט געוואָרן, נאָך איידער ער איז אַריין אין וואַלד.

אַ דריי קילאָמעטער איז ער פונדעסטוועגן געלאָפן, מער איז ער שוין נישט געווען אימשטאַנד זיך צו האַלטן אויף די פיס. ער האָט געבעטן מען זאָל אים דערשיסן. די פּוילישע האָבן געזאָגט, אַז זיי נעמען אים אויף זיך. זיי וועלן אים נישט פאַרלאָזן.

סאַראַ שלעכטע בשורה דאָס איז געווען, סאַראַ וויי־טיק. אַרויסרייסן זיך פון לאַגער און שוין אויפן וועג צו דער פריי בלייבן ליגן אומבאַהאָלפן. מיר זענען געווען ווי ברידער. וועגן וואָס האָבן מיר נישט אי־בערגעשמועסט אין די נעכט, ליגנדיק איינער לעבן דעם אַנדערן. זיין גלייכער פאַרשטאַנד, זיין רואיקייט, זיין מוט, זיין געטריישאַפט, האָבן מיך אונטערגעהאַלטן אין די שווערסטע מאָמענטן. דעם אויפשטאַנד אין לאַ־גער האָבן מיר געגרייט צוזאַמען, מיט אים האָבן מיר זיך באַראַטן וועגן יעדער קלייניקייט און וועגן די

וויכטיקסטע שריט. וואָס איז מיט אים געוואָרן? צי וועט נאָך אַמאָל פון אים אָנקומען עפּעס אַ גרוס?...

א. פּעטשאָרסקי

# חיים אַנקערמאַן

דעם 8טן מאַי 1943 איז אין דעם צענטראַלן בונקער פונעם שטאַב פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויף מילע 18, אומגעקומען איינעם מיט נאָך אַנדערע געטאָ־אויפשטענדלער, דער לאַנגיאָריקער אַרבעטער־טוער און אַנטי־היטלעריסטישער אַקטיוויסט חיים אַנקערמאַן.

דאָס איז געווען אַ פּאָפּולערע געשטאַלט אין די גאַסן און געסלעך פון דער יידישער אָרעמקייט אין וואַרשע, אַ היימישע פיגור פון די אומלעגאַלע און האַלב־לעגאַלע אַרבעטער־בירזעס, איינער פון די, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אין דער יידישער סביבה אין פּאַרמלחמהדיקן פּוילן דעם האַסטיקן, קאָכעדיקן אָטעם פון רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס און רעוואָלוציאָנערער דינאַמיק.

אין מיין זכרון איז חיים אַנקערמאַן — דער הויכגעוויקסיקער מאַן מיטן האַלב־אַסקעטישן פּנים, קרומער, עלעהיי עקשנותדיקער, ווידערשפּעניקער נאָז און געדיכטן קול — געבליבן אַן אָרגאַנישער טייל פון אַמאָליקן פּייזאַזש פון די דזשיקע און זאַמענהאָף, סמאָטשע און פראַנציסקאַנער און אַנדערע וואַרשעווער גאַסן, וואָס זענען אין די אָוונטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זשומיקן בינשטאָק פון יידישע אַרבעטער־גרופּן.

חיים אַנקערמאַן איז אין תוך געווען אַ וואַרשעווער, אָבער זיין געבוירן־שטעטל איז געווען זשעלעכאָוו, דאָס ווייגעלע פון איטשע־מאיר ווייסענבערג, דער פּראָטאָטיפּ פון זיין רעוואָלוציאָנער שטעטל פון 1905. אַנקערמאַנס צווייטע היימשטעטל איז געווען פּאַלעניץ, פּאַלעניץ הסמוכה לוואַרשע, און פּאַלעניץ און וואַרשע איז דאָך געווען כמעט איינס. עס האָט געהייסן: מע וווינט אין פּאַלעניץ און מע אַרבעט אין וואַרשע. חיים אַנקערמאַן האָט געוווינט אין פּאַלעניץ, אָבער אין וואַרשע נישט געאַרבעט, וואָרעם הגם ער איז געווען פון באַרוף אַ פּריוואַטער לערער, איז ער אין מיין געדעכעניש געבליבן אַן אייביקער אַרבעטלאָזער. דאָך איז וואַרשע געווען דער הויפּט־געביט פון זיין טעטיקייט — פון זיין רעוואָלוציאָנערער טאָגטעגלעכער אַרבעט. אָבער אויך אינעם „רויטן" פּאַלעניץ איז אַנקערמאַן געווען באַקאַנט פון זיין אומלעגאַלער און רעוואָלוציאָנער־לעגאַלער ענערגיע.

חיים אַנקערמאַן פאַרבינדט אין זיך אַזוי אַרום די אַרבעטער־ און קולטור־טראַדיציע פון דריי שטעט: וואַרשע הבירה, פּאַלעניץ הסמוכה לוואַרשע און דאָס אַלטע ווייגעלע — זשעלעכאָוו. קיין וואַרשע און פּאַלעניץ האָט ער געבראַכט די פרישקייט און פאָלקסטימלעכקייט פונעם ווייסענבערגישן זשעלעכאָוו. און אַזאַ איז ער געבליבן כל ימיו: אַ פּשוט־האַרציקער פאָלקסטימלעכער אינטעליגענט־אויטאָדידאַקט, אַ טיפּיש יידישער פּראָלעטאַרישער קולטור־מענטש, וואָס קאָן אָן אַ בוך, אָן אַ צייטונג, אָן אַ דיסקוסיע־סביבה נישט לעבן.

אין משך פון מינימום צען יאָר פלעג איך זיך — צייטנווייז טאָג־איין טאָג־אויס, צייטנווייז יעדע פאַר טעג — באַגעגענען מיט חיים אַנקערמאַנען — אין די אומלעגאַלע רייען, אין פּאַרטיי־קאָמיטעטן, געהיימע רעדאַקציעס, יידישע ביוראָען, פּרעסע־קאָמיסיעס, אויף ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס און בעת לאַנגע שפּאַצירן איבער די רוישיקע גאַסן און פּריוואַטע שמועסן איבער פּאָליטישע ענינים, ליטעראַרישע פּראָבלעמען און פּערזענלעכע זאַכן.

חיים אַנקערמאַן האָט טיף ליב געהאַט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, די יידישע ליטעראַטור, דאָס יידישע טעאַטער. און וועגן קיין שום ענין האָט ער נישט געקאָנט ריידן רואיק, שטענדיק אינערלעך געזידט און געקאָכט, תמיד געווען אין באַוועגונג, כסדר געהאַט הונדערטער ענינים אויפן קאָפּ, און חוץ אַלעמען — דאגות פּרנסה, שטענדיק אַ ליידיקע קעשענע, מיט דער אייביקער פראַגע: ווו נעמט מען אויף עסן אויף מאָרגן — פאַר זיך און פאַר דער משפחה אין פּאַלעניץ?

דער „איך" האָט אָבער פאַר אים קיינמאָל נישט עקזיסטירט. ער האָט זיך שטענדיק מער געזאָרגט וועגן דעם גורל פון דער רעוואָלוציע, וועגן די כינעזישע קוליס און נעגערישן שקלאַף, ווי וועגן זיינע אייגענע נאָענטע, וואָס האָבן געפרעגט דעם באַקאַנטן „אָף ברי — ווו נעמט מען עסן מאָרגן אין דער פרי?"

איך ווייס, אַז ער האָט אויך געפּרוווט שרייבן. זיין שפּראַך איז געווען אַ זאַפטיקע, אַ רחבותדיק־פאָלקסטימלעכע, אַ קערנדיקע, געשמעקט מיט דער זאַפט

און פרישקייט פון דער טיפער יידיש־פּוילישער פּראָ־ווינץ.

וואַרשע איז געווען זייַן קאַמפּס־אַרענע, זייַן סטיכיע, פּאַלעניץ איז געווען זייַן היים, זייַן וואַרעמקייט. ער האָט אונדז, די לינקע שרייבער, תּמיד גערופן און אויפגעפּאָדערט: קומט קיין פּאַלעניץ, קומט מיט מענ־דעלען, מיט פּרצן, מיט בערגעלסאָנען, מיט אייגענע שורות — און איר וועט זען דעם אמתן יידישן עמך.

איך האָב אים געטראָפן נאָכן טראַגישן פּאַלן פון פוילן. מיר האָבן צוזאַמען געוועבט אַ טרוים וועגן אַ הילף און אַן אַריינקום פון בודיאָני בראש פון רויט־אַרמייאישע חיילות; אַ טרויט וועגן אַן אָרטיקן רעוואָ־לוציאָנערן קאָמיטעט — מיר האָבן זיך נישט אָפּגע־געבן קיין דין וחשבון, ווי אומרעאַל ביידע טרוימען זענען. מיר זענען געווען שוואַך אָריענטירט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע און בפרט אין דעם היט־לער־קוליסן־שפּיל.

איך געדענק נישט עד היום, הלמאי דער חבר חיים איז געבליבן אויפן אָרט, איז נישט אַוועק צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע אויף מזרח.

חיים אַנקערמאַנס לעבן און טעטיקייט בעת דער אָקופּאַציע־צייט איז פאַרבונדן בלויז מיט וואַרשע, מיטן געטאָ, מיטן ווידערשטאַנד און אויפשטאַנד.

אויך אין די טראַגישסטע באַדינגונגען פון געטאָ און חורבן איז ער געבליבן דער זעלביקער קאָכעדי־קער, ענערגישער, רעוואָלוציע־לעכצנדיקער קוועק־זילבער ווי פריער, דער זעלבער בלב ונפש איבערגע־געבענער טוער, וואָס פאַררוקט אין סאַמע הינטערגרונט זייַן אייגענעם „איך".

שוין סוף 1939 געהערט ער צו די מיטאָרגאַניזאַ־טאָרן פון די פּיאָנערישע אונטערערדישע ווידער־שטאַנד־קרייזן. ער ווערט איינער פון די פירער פון דער געטאָ־סעקציע פון די גרופּן „סערפּ און האַמער", „אַרבעטער־פּויערישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע" א"אַ. ער טרעט אַריין אין דער רעדאַקציע פון די אונטערערדי־שע צייטשריפטן „מאָרגן־פרײַ" און „מאָרגן־פרייהייט", צוזאַמען מיטן שרייבער יהודה פעלד (פעלדוואָרם) און שפּעטער מיט יוסף לעוואַרטאָווסקי און אפרים פּאָנ־דאַמינסקי. זינט אָנהייב 1942, ווערט ער אַן אָנפירנדי־קער טוער פון דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי. ער ווערט אַ מיטגליד פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק און פירט אַן אונטערער־דישע טעטיקייט צוזאַמען מיטן פּועלי־ציוניסט שכנא זאַגאַן און שומר יוסף קאַפּלאַן. ער ווערט אַ הייסער אָנהענגער פון נאַציאָנאַלן קאַמפּס־פראָנט. ער שרייבט אַרטיקלען און פירט אָן מיט פּרעסע־קאָלפּאָרטאַזש, אָרגאַניזירט גרופּן, האַלט רעפעראַטן אויף די געהיימע קרייזן.

דערוויל שפּילט אים צו דאָס „מזל". אַרום פאַלן מענטשן, טוער, קעמפער, איינער נאָכן אַנדערן ווערן אַרויסגעריסן פון די לעבעדיקע: פּיניע קאַרטין, שכנא זאַגאַן, יוסף לעוואַרטאָווסקי, עס ווערן אַרויסגעריסן נאָענטע און ווייטע, עס טראָגט זיך ווי אַ ווערוויוס־אויסברוך די ערשטע ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ, די רייען ווערן טראַגיש שיטער. חיים אַנקער־מאַן בלייבט דערוויל לעבן, ער איז איינער פון די „בר־מינַנס אויף אורלויב", ער איז אַן עד־ראיה פון דעם ריזיקן אומקום פון אַ פאָלק. ער איז אָבער זוכה צו דערלעבן די אַנטשטייאונג פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, ער איז אַליין איינער פון אירע שעפער. ווו האָט ער, דער שוין עלטערער מענטש מיטן אויסגעדאַרטן און אויסגעהונגערטן גוף, געפונ־מען נאָך אין זיך כּוח צו שטעלן זיך פּערזענלעך צום קאַמף אויף די פּאָזיציעס פון דעם אויפשטאַנד פון אַפּריל און מאַי 1943? אָבער ווער עס האָט געקענט חיים אַנקערמאַנען, דער ווייסט, אַז עס וואָלט אוממעג־לעך געווען פאַר אים — הגם שוין אַן עלטערן און קראַנקן — צו בלייבן שטייט אין אַ זייט, בעת אַנדערע קעמפן און שטערבן זייער לעבן.

איך זע אין מיין דמיון דעם דרייעק פון די גאַסן: זאַמענהאָף — מילע — ניזקע און די פיר יידישע קאַמפּס־גרופּן, וואָס לויערן אויף די דייטשישע טאַנקן און באַוואַרפן זיי מיט אויפרייס־פלעשער און אייגנ־הענטיק פּראָדוצירטע גראַנאַטן. און איך זע צווישן די יונגע יינגלעך און מיידלעך דעם הויכן און דאַרן חיים אַנקערמאַן, נישט קיין טשופּרינע צעכוואַליעט זיך אויף זיין קאָפּ, נאָר אַ בלאַנקער שאַרבן גלאַנצט אונטער דער פרילינג־זון, און אונטערן שאַרבן צוויי גרויע גליאיקע אויגן אָנגעגאָסן מיט האַס קעגן דעם דם־שונא פון יידישן פאָלק, פון דער מענטשהייט. און אַנקערמאַן איז בטבע נישט קיין קאָמאַנדיר, קיין באַ־פעלגעבער, ער איז אַ סאָלדאַט, טראָגט זיינע יאָרן, און ער שליידערט אַ „מאָלאָטאָוו־קאָקטייל" און פרייט זיך מיטן זיג ווי אַ קינד, ווי זיינע 18־יאָריקע שלאַכט־חברים און חברטעס.

חיים אַנקערמאַן איז געווען אויפן פראָנט פון צענט־

ראַלן געטאָ, אויף דער פראָנט־ליניע פון זאַמענהאָף און מילע, און דאָ, אין סאַמע האַרץ פון זיין פאָטער־לאַנד, פון דעם יידישן אָרעמקייט־ראַיאָן, אינעם בונקער אויף מילע 18, איז ער געפאַלן אויפן פאָסטן, צוזאַמען מיט מרדכי אַניעלעוויטש, אריה ווילנער, אפרים פאַנדאַמינסקי, לייב ראָטבלאַט און אַנדערע הונדערט קעמפער און טוער, די בעסטע פון די בעסטע, די שטאַרקסטע פון די שטאַרקע, די געטרייסטע פון די געטרייע.

אין לעצטן מאָמענט פאַרן קאָלעקטיוון זעלבסטמאָרד, האָבן די קעמפער פון מילע 18 געזונגען צוויי לידער: די „התקוה" און דעם „אינטערנאַציאָנאַל" — אַזוי גיבן איבער לעבנגעבליבענע עדות פונעם געטאָ־אויפשטאַנד. חיים אַנקערמאַן האָט געוויס מיטגעזונגען ביידע הימנען, ביידע עלעמענטן — דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער — האָט געשאַפן ביי אים איין גאַנצע נשמה.

ווו עס איז אַהינגעקומען זיין געביין, איז נישט באַוווּסט. זייע קערפּער איז מסתמא צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך דורך דעם דייטשישן דינאַמיט — צוזאַמען מיט די קערפּערס פון די אַנדערע געטאָ־קעמפער פון מילע 18.

זיין נאָמען איז פאַראייביקט געוואָרן אין דער רשימה פון די געפאַלענע קעמפער און טוער, וואָס די יידישע אונטערערד אויף דער „אַרישער" זייט אין וואַרשע האָט געהאַט אַרויסגעשיקט קיין אויסלאַנד אין יאָר 1944 — דער נאָמען פון דעם האַרציקן און קעמפערישן יידישן פאָלקס־אינטעליגענט פון זשעלעכאָוו און פאַלעניץ, דעם העלדישן קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ, חיים אַנקערמאַן.

זאָל זיין אָנדענק בלייבן איינגעוועבט אין אונדזער צעווייטיקטן האַרץ.

פּראָפ. ב. מאַרק / וואַרשע

## שמעון־הערש שוחט

אַן אייגנאַרטיקער טיפּ און אַלזייטיקע געשטאַלט איז געווען ר' שמעון־הערש: אַ ייד אַ למדן, אַ שוחט, מוהל, חזן און... מאַטעמאַטיקער. ביי אים אין שטוב האָט זיך געפונען אַ מכשיר (אייגענע אויסאַרבעטונג) צו מעסטן דעם פּראָצענט אַלקאָהאָל אין געטראַנקען און אַ מכשיר צו מעסטן די פעטקייט פון מילך. אויף זיין הויף איז געווען אַ גאַנצע לאַבאָראַטאָריע, אַפילו אַ זון־זייגער פון זיין פּראָדוקציע האָט זיך דאָרט געפונען.

דער דאָזיקער ייד האָט זיך אינטערעסירט מיט די טעכנישע נייעסן און דער־פינדונגען. אַז ר' שמואל־אליעזר שעדלעצקי האָט געעפנט די ערשטע מעכאַנישע



שמעון־הרש שו"ב ואשתו
שמעון־הערש שוחט און זיין פרוי

בעקעריי אין פאַלעניץ, איז שמעון־הערש געווען דאָרט פון די ערשטע באַזוכער. מע האָט געשמועסט, אַז אין געהיים גלויבט ר' שמעון־הערש אין דעם, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון. אויף זיין שטייגער האָט ער געלייגט אַ סך אַלגעברישע פאָרמולעס. געלערנט אַנדערע און — פון אַנדערע: „מכל מלמדי השכלתי".

— פון דיר, מיין תלמיד, — פלעגט ער זאָגן מיט יאָרן שפּעטער, ווען כ'האָב אין שול געלערנט פיזיק און כעמיע און ער פלעגט מיך אָפּט צו זיך רופן, — וויל איך אויך עפּעס נאַשן...

כבוד זיין ליכטיקן אָנדענק!

י. זשעבראַק / בת־ים

## די משפחה יאַבלאָנאָוויטש

נאָך העכער דרייסיק יאָר זינט כ'האָב זיך געשיידט מיט מיין פאָטער און נאָך 23 יאָר זינט ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, בעת וועלכער מיינע עלטערן זענען אומגעקומען — איז זייער שווער אַרויסצוברענגען זכרונות. דאָס זענען זייער ביטערע זכרונות וועגן אַ באַליבטער, פרום־טראַדיציאָנעלער היים, די היים פון אַ שוחט — מיין פאָטער.

רעליגיע איז געשטאַנען אין צענטער פון זיין לעבן. טראָץ דעם, וואָס מיין פאָטער האָט פאַרענדיקט דעם רבנים-סעמינאַר און באַקומען היתר-הוראה, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם הויכן אַמט, טענהדיק: „איך וויל אַרבעטן פאַר מיין פּרנסה וועגן און נישט פאַרהאַנדלען די תורה אין אַ סחורה". און באמת — זיין גאַנץ לעבן האָט ער שווער געאַרבעט אַלס הויפּט־שוחט אין פאַלעניץ. פּונקט ווי אַלע פרומע חסידים, האָט ער געטריי און ערלעך אָפּגעהיטן אַלע מצוות. יעדן שבת פלעגט ער אַהיימברענגען אַ מנין מענטשן צום עסן. די וויניקע בילדער, וואָס זענען פון אים געבליבן, זענען פאָטאָגראַפירט געוואָרן אין געהיים, ער זאָל נישט וויסן.

און די רעליגיע, וואָס איז ווידער געשטאַנען אין צענטער פון חסידישן לעבן, געווען דער גאַנצער אינהאַלט זייער — האָט געבראַכט אויף זיי דאָס אומגליק.

דער טאַטע האָט געוואָלט עולה זיין, נאָר זיין רבי, דער אַלעקסאַנדער, האָט אים נישט דערלויבט. ווען איך בין שוין געווען אין ארץ־ישראל עטלעכע יאָר, און נאָך אַ לענגערע בריוו־אויסטויש, האָט ער באַקומען אַ דערלויבעניש פון הרב קוק ז"ל עולה צו זיין אין לאַנד — איז אויסגעבראָכן די מלחמה און בעת דער ערשטער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע איז ער דערהרגעט געוואָרן.

פאַר וואָס האָסטו מיך דעמאָלט נישט געהאָרכט, טאַטע? פאַר וואָס האָסטו מיט דיינע גייסטיקע אויגן נישט געזען די זיך דערנענטערנדיקע קאַטאַסטראָפע? פאַר וואָס האָסטו זיך נישט געכאַפּט, אַז דאָס לאַנד איז ס'איינציקע אָרט פאַר דערלייזונג? איך, דאָס 16־יאָריקע מיידל האָב דאָס פאַרשטאַנען און אַנטלאָפן פון שטוב אינעם הכשרה־קיבוץ פון „החלוץ".

ווען מיין פאָטער האָט זיך דערוווּסט וועגן מיין אַנטלויפן, האָט ער דערקלערט, אַז ר'וועט מיך מער נישט לאָזן איבער דער שוועל און אַנטאייגענען. האָב איך טאַקע געמוזט אַוועקפאָרן צו זיידע־באָבע קיין סאָקאָלאָוו. בלית־ברירה האָט מען מיר מוחל געווען דעם „פאַרברעכן", ווייל אין שטעטל איז עפּעס אויסגעבראָכן אַ מגיפה און זיי האָבן זיך אין מיר גענייטיקט.

זיי האָבן מיר דערלויבט עולה צו זיין, ערשט ווען כ'האָב זיי דערציילט, אַז אין ארץ־ישראל וואַרט מיין חתן.

מיין פאָטער געדענק איך מיט זיין שוואַרצער, געדיכטער באָרד, גוטע אויגן — גרויסע יידישע אויגן. קנאַפּע דרייסיק יאָר ווי זיין בילד הענגט אויפן וואַנט, איבערן בעט פון מיין קינד, גלייך דער זיידע וואָלט אויף אים געקוקט די גאַנצע צייט און אָפּגעהיטן פון אַלדאָס בייז. מיין פאָטער איז אומגעקומען אין עלטער פון 48 יאָר.

די „החלוץ"־באַוועגונג, צו וועלכער כ'האָב געהערט, איז געווען דער קעגנזאַץ פון מיין פאָטערס רעליגיעזע און טראַדיציאָנעלע אָנשויונגען. ער האָט נישט געוואָלט כ'זאָל געהערן צום „החלוץ", קוים וועל איך עולה זיין. אין פאַלעניץ איז געווען אַ „החלוץ" אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געציילט אַן ערך 60 מאַן — יינגלעך און מיידלעך. דער גרעסטער טייל געפינט זיך היינט אין לאַנד, ווייל אונדזער ענדגילטיקער ציל איז דאָך געווען עליה קיין ארץ־ישראל.

מיין מוטער דאַקעגן האָט געוווּסט וועגן מיין אָנגעהעריקייט צו דער באַוועגונג, נאָר זיך נישט געמאַכט וויסן דערפון. זי איז געווען אַ טראַדיציאָנעל־פרומע, נאָר מער נאָכגיביקער ווי מיין פאָטער. אַ פרוי אַ צדיקת, פלעג איך שטענדיק פאַר ליכט־בענטשן דערפילן אירע שליחותן און באַזוכן עטלעכע אָרעמע היימען און זיי איבערגעבן מיין מאַמעס שבת־מתנות: חלות, ליכט און פאַרשידן עסנוואַרג. די מצווה האָבן אויך נאָכגעטאָן די טעכטער. די איינוווינער פון שטעטל האָבן זי זייער געשעצט פאַר איר איידלקייט. מען האָט זי ליב געהאַט און זי האָט ליב געהאַט מענטשן, ווייל זי האָט גערן דערלאַנגט הילף יעדן נויטבאַדערפטיקן.

זעקס קינדער זענען מיר געווען אין שטוב: 4 שוועסטער און צוויי ברידער. איך רעכן זיי דאָ אויס לויטן עלטער:

לאה, די עלטסטע טאָכטער, איז דערצויגן געוואָרן ביי מיין מאַמעס עלטערן אין סאָקאָלאָוו, שפּעטער זיך אומגעקערט קיין פאַלעניץ און דאָ שוין פאַרבליבן. זי האָט חתונה געהאַט צו 20 יאָר און געבוירן צוויי קינדער.

דער צווייטער, פישל, איז געווען אַ געהייראַטער און אַ טאַטע פון אַ קינד.

די דריטע, מלכה, האָט אויך געהערט, צום „החלוץ" און צוזאַמען האָבן מיר אַ סך געטאָן פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

די פערטע — איך. דערנאָך — מענדל, אַ פרומער, אָבער אַ מאָדערנער. געלערנט אין רבנים־סעמינאַר אין וואַרשע און זיך געגרייט עולה צו זיין. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה, איז ער אַלט געווען 22 יאָר.

די יינגסטע פון די שוועסטערס איז געווען חנה, יינגער פון מענדלען מיט 4 יאָר. ווען איך האָב פאַרלאָזט די היים, איז זי אַלט געווען 10 יאָר.

מיר זענען געווען אַ טיפיש־יידישע משפחה, די קינדער האָבן זיך ליב געהאַט, געליבט דאָס לעבן און זייער אמונה. און פאַר דער אמונה האָבן זיי אַוועקגעגעבן זייערע לעבנס אויף קידוש השם. אַ סך זענען געווען אַזעלכע משפחות ווי אונדזערע, בלעטער און צווייגן פון גרויסן, מעכטיקן בוים, וואָס האָט געהייסן פויליש יידנטום. אַ בוים, וואָס האָט אין פאַרלויף פון אַ סך דורות אויסגעשפרייט זיין שאָטן אויף אַנדערע יידישע שבטים. תלמידי־חכמים, עסקנים, בעלי־מלאכות, סוחרים, און צווישן די מיליאָנען, צווישן די בלעטער פונעם אונטערגעהאַקטן בוים, איז געווען אויך מיין משפחה, מיט איר שפרודלדיקן לעבן און בליק אויף ארץ ישראל — אָבער נישט זוכה געווען עולה צו זיין. אויף זיי איז גוזר געוואָרן אַז זייער היים זאָל זיין זייער קבר — דאָס קבר פון גאַנצן פוילישן יידנטום, פון וואַנען מיר זענען אַנטלאָפן.

די וואָס לעבן היינט אין ישראל און דערציילן זייערע קינדער וועגן חורבן און וועגן דער פראַכטפולער פאַרגאַנגענהייט, וועלן געדענקען זייערע משפחה־מיטגלידער, די פעטערס און מומעס, באָבעס און זיידעס, וואָס זענען מער נישטאָ.

זאָלן די דאָזיקע זכרונות זיין אַ מצבה צום אָנדענק פון מיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער, וואָס זענען אומגעקומען.

כ׳וועל אייך שטענדיק געדענקען!

בתיה חרמוני

## זיי דארפן דערמאנט ווערן

זייער שווער קומט אָן צו שרייבן וועגן טייערע און נאָענטע מענטשן, וועלכע זענען שוין מער נישטאָ. זיי זענען נאָך אַזוי פריש אין זכרון, אַז אונדז דוכט זיך אויס, אַז אָט שטייען זיי פאַר אונדזערע אויגן, זיי לעבן נאָך מיט אונדז — הגם אַ פערטל יאָרהונדערט איז שוין פאַריבער זינט דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט אומגעבראַכט אַ דריטל פון יידישן פאָלק, און צווישן זיי — די אַזוי נאָענטע און טייערע פאַלעניצער יידן.

### מיין פאָטער וואָלף יעלען ז״ל

דאָס שטעטל האָט גוט געקענט דעם דאָזיקן ברייט־האַרציקן ייד, מיט אַ וואַרעמער יידישער נשמה, וועלכער האָט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט צו דערלאַנגען הילף אַ נויטבאַדערפטיקן. אַז מ׳האָט זיך צו אים געווענדט וועגן הילף פאַר אַ יידן אין אַן עת־צרה, האָט ער נישט געפרעגט פאַר וועמען און פאַר וואָס — צי פאַר זיינעם אַ פערזענלעכן שונא (הגם ער האָט אַזעלכע כמעט נישט געהאַט), צי פאַר אַ קעגנערישער אינסטיטוציע. זיין ביישטייער איז תמיד געווען אַ גרויסער און וואַגיקער. דערפאַר איז ער געווען געשעצט און געאַכט צווישן דער יידישער און אויך פוילישער באַפעלקערונג אין פאַלעניץ. אַ דאַנק דעם האָט ער פאַרנומען וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אַמטן: דאָזאָר אין דער יידישער קהילה; ראַטמאַן אין פאַלעניצער שטאָטראַט און פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין אַלגעמיינעם שול־ראַט. אים איז געלונגען צו פועלן ביים וואַרשעווער גביר מענדעלסאָן, ער זאָל אין גאַנצן פינאַנסירן דאָס אויפבויען אין פאַלעניץ אַ תלמוד־תורה פאַר אָרעמע יידישע קינדער. ווען אין יאָר 1924 האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין שטעטל אַ מאָדערן שול־וועזן, האָט מיין פאָטער אַ סך געלייסטעט אויף דעם געביט.

איך האָב צומערשט געלערנט אין דער פאַרשול פון ה׳ פאַשעט. ווען ס׳האָט זיך געעפנט די פּאָווששעכנע שול, האָט זי זיך געפונען אין דער וויללע „בייקאָ״ — אָבער די קלאַסן זענען געווען אומבאַהייצט. דערפאַר האָט מען געקענט זען די שילער און שילערינס באַלאָדנט ווינטער מיט בינטלעך האָלץ. ביז די קלאַס האָט זיך אָנגעוואַרעמט, האָט מען גימנאַסטיקירט און סתם אַרומגעלאָפן, אַבי דערוואַרעמען דעם געפרוירענעם גוף.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אויך דערמאָנען אונדזערע לערערס און דערציערס, וועלכע האָבן נישט

נאָר אונדז געלערנט לייענען און שרייבן, נאָר אויך צוגעגרייט צום לעבן. אין דער שול האָבן געלערנט צוזאַמען יידישע און פּוילישע קינדער. דאָך זענען די באַציאונגען צווישן זיי געווען גוטע און פריינדלעכע, מיר האָבן נישט געפילט קיין אַנטיסעמיטיזם צווישן די שול־ווענט. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער גרעסטער מאָס איז עס געווען צו פאַרדאַנקען די לערערס און לערערינס. קלאָר, אַז אַזאַ דערציאונג אין שול האָט געהאַט איר אויסווירקונג אויף די קעגנזייטיקע יידיש־פּוילישע באַציאונגען אין שטעטל צווישן דער דערוואַקסענער באַפעלקערונג — און זיי זענען תמיד געווען קאָרעקטע.

די דאָזיקע לאַגע האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין די געשעפטן, וואָס מיין פאָטער האָט געפירט מיט פיל קריסטן. מיין פאָטער האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער האָלץ־בראַנזשע און אַלע — יידישע ווי פּוילישע סוחרים, האָבן אים געשעצט פאַר זיין ערלעכקייט און דער עיקר — דאָס האַלטן וואָרט, אַפילו ווען אים איז אויסגעקומען צוצולייגן צוליב דעם געלט. ווען כ'בין אונטערגעוואַקסן, האָב איך געהאָלפן מיין פאָטער אין מסחר, שרייבנדיק אויף פּויליש פאַרשידענע אָפּמאַכן און די קאָרעספּאָנדענץ. נישט איין מאָל האָב איך געשטוינט פון מיין פאָטערס „נישט־סוחרישן" צוגאַנג. דערפאַר האָט ער גענאָסן פון אַן אומגעהויערן צוטרוי מצד אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

ער פלעגט אויסגלייכן סיכסוכים, פירן דין־תורהס — און תמיד זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די באַעוולהטע. כ'האָב אָפט געהערט פון אָנגעזעענע פּאָלעניצער יידן: „דיין טאַטע איז אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט".

אַ דאַנק דער גרויסער צאָל פּוילישע פריינד פון מיין פאָטער, האָט זיך בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אָפּגעראַטעוועט די פרוי פון מיין אומגעקומענעם ברודער. שכנים האָבן איר אויסבאַהאַלטן, געלערנט זאָגן דעם „פּאַטשעזש" און זי באַזאָרגט מיט „אַרישע" פּאַפּירן.

פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך איז מיין פאָטער געווען אַנגאַזשירט אין דער „מזרחי" און אָנטייל גענומען אין אַלע אַקטיוויטעטן פאַר ארץ־ישראל. זיין ציל איז געווען עולה צו זיין אין לאַנד פון די אבות — נאָר די אכזריותדיקע מלחמה האָט אַ סוף געמאַכט צו זיינע טרוימען און צו זיין לעבן.

## מיין זיידע יוסף סטשעסאַק

די ערשטע גרינדער פון פּאָלעניץ איז געווען די משפּחה סטשעסאַק, צו וועלכער ס'האָט געהערט מיין זיידע יוסף. דאָס איז געווען אַן אָריגינעלער טיפּ, שטענדיק פול מיט הומאָר, געשיט מיט וויצן, וואָס האָבן יאָרן־לאַנג קורסירט אין שטעטל.

אָנגעכמורעטע און בייזע מענטשן, אין אַ שלעכטער שטימונג, צי ברוגזע, פלעגן זיך צעשמייכלען, ווי נאָר זיי האָבן באַגעגנט מיין זיידן.

אין שטעטל האָט מען אַ סך געשמועסט וועגן דעם שפּיצל, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אַ יידן, וועלכער האָט ווינטער געזוכט ליים. ער האָט אים געגעבן אַן עמער און געהייסן אַרויפגיין אויפן בוידעם — דאָרט וועט ער געפונען ליים... אַז דער ייד איז אַרויפגעקראָכן מיטן לייטער אויפן בוידעם און אַראָפּגעשריען, אַז קיין ליים געפינט ער נישט, האָט מיין זיידע אַוועקגענומען דעם לייטער און אויף לאַנגע שעהן געלאָזן אין דער הייך דעם ליים־זוכער.

דער זיידע פלעגט אָפט זיך אומקערן פון וואַרשע, באַלאָדנט מיט אַ סך פּעקלעך. ער האָט אָבער אין באַן געגעבן יעדן באַקאַנטן ייד אַ פּעקל צי צוויי. אָנקומענדיק אין שטעטל, איז ער אַראָפּגעגאַנגען פון דער באַן מיט ליידיקע הענט, בעת די אַנדערע פּאַסאַזשירן זענען געווען באַהאָנגען מיט זיינע פּעק...

ווען כ'בין איין מאָל געגאַנגען איבער די שטובן זאַמלען פאַרן קרן קימת, האָט מיין זיידע מיך געפרעגט:

— וויפל קאָסט אַ שקל? ברענג איינעם פאַר מיר און איינעם פאַר מיין יידענע.

דער דאָזיקער ייד האָט ליב געהאַט מענטשן, באַזונדערס זיין משפּחה, די קינדער און אייניקלעך.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַזאַ בילד:

איך האָב געלערנט אין וואַרשע, אין אַ גימנאַזיע. נאָך די לעקציעס, פאַרלאָזנדיק די שול־געביידע, זע איך ווי ביים טויער שטייט דער זיידע מיט פאַרוויינטע אויגן. אַן אומרואיקע האָב איך אים געפרעגט „זיידעשי, פאַרוואָס וויינסטו?" — האָט ער שוין אַ שמייכלענדיקער געענטפערט: „אַזוי זיך, טאַכטערשי, כ'האָב זיך פּשוט פאַרבענקט נאָכן אייניקל" — און זיך האַרציק פונאַנדערגעלאַכט.

אין פּאָלעניץ האָט ער פאַרמאָגט עטלעכע הייזער און נאָך ביי זיין לעבן צעטיילט צווישן די קינדער. פאַר זיך

האָט ער געלאָזן אַ קליינע הייזקע און דאָרט געלעבט. די הייזקע האָט ער אויף זיך שטייגער אַ נאָמען געגעבן „דער לעצטער גראָשן".

איך זע תמיד די ליכטיקע געשטאַלט פון מיין ליבן און אומפאַרגעסלעכן זיידן יוסף.

### דער שוחט יחיאל־מאיר פוטערפלאַם

די גאַנצע משפחה פון פאַלעניצער שוחט יחיאל־מאיר איז אומגעקומען על קידוש־השם דורך די נאַצי־רוצחים. דער שוחט, זיין פרוי און אַכט קינדער. זיי אַלע זענען געווען ווילע און ערלעכע מענטשן, געוווינט אויף דער האַנדלאָווע גאַס. די שוחטקע איז געווען באַקאַנט אַלס שטילע און איבערגעגעבענע פרוי און געטרייע מוטער. זי האָט זיך קיינמאָל נישט געקריגט.

נאָך דער העצע פון דער מאַדאַם פריסטאָר וועגן דער אַנטי־הומאַניטאַרישקייט פון דער יידישער שחיטה, האָבן יידן שוין נישט געקענט פריי און אומגעשטערט געניסן פון דער כשרער שחיטה ווי ביז דער גזירה. כדי זיך באַזאָרגן מיט אַ שטיקל כשר פלייש, כאָטש אויף שבת, האָט מען אומלעגאַל געשאָכטן, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן: סיי קאַנפיס־קירן דאָס פלייש, סיי מיט אַ תפיסה־אורטייל פאַר דעם שוחט און קצב.

אויך ר' יחיאל־מאיר האָט געמוזט אָנקומען צו דער פאַרבאָטענער שחיטה. אויף אַ בוידעם אין הייזל פון עק האַנדלאָווע גאַס האָט ער געשאָכטן אויף כשר — נאָר אַ מסור האָט צוגעטראָגן דער מאַכט וועגן דעם און דער שוחט איז געכאַפּט געוואָרן ביים „פאַרברעכן".

נאָך היינט שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס בילד, ווי ר' יחיאל־מאיר, באַגלייט פון צוויי פּאָליציאַנטן, גייט איבערן גאַס, מיטן פאַרבלוטיקטן חלף אין האַנט...

ער האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן די דאָזיקע חרפה און ווייטיק. נאָכן באַפרייען אים, ווערט ער קראַנק אויפן האַרץ און אין אַ צייט אַרום איז ער גע־שטאָרבן.

כבוד זיין אָנדענק!

### אונדזער לערער און דערציער טראַיאַנאָווסקי

(צו זיין באַזוך אין ישראל)

ווי נאָר ס'איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה וועגן דיין קומען קיין ישראל אַלס „אַמבאַסאַדאָר פון גוטן ווילן", האָבן ווי אין אַ פילם פאַרבייגעשוועבט פאַר מיין זכרון בילדער פון די קינדער־יאָרן, אין דער פאַלעניצער „פּאָווסעכנער" שול, ווען אונדזערע פאַמיליעס האָבן נאָך געלעבט. יאָ, הער טראַיאַנאָווסקי, מיר זענען אייך דאַנקבאַר פאַר אייער דערציאונג, פאַר דער מענטשלע־כער ווירדע, וואָס איר האָט אין אונדז איינגעפלאַנצט אויף דער שול־באַנק. מיר געדענקען גוט אייערע שטאָלצע און דערהויבענע ווערטער וועגן גלייכהייט און פרייהייט, וועגן ליבע צום מענטש און אַ פרידלעך צוזאַמענלעבן — און דערפאַר באַגריסן מיר אייך מיט אונדזער „שלום!".

אונדז האָט נישט געוווּנדערט, וואָס גלייך נאָכן אַנט־שטיין פונעם נייעם פוילן, האָט איר פאַרנומען אַן אָנ־געזעענע פּאָזיציע סיי אינעם שול־וועזן, סיי אַלס שליח פון דער פוילישער רעגירונג אויף דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער אַרענע. מיר זענען שטאָלץ דערמיט, וואָס אונדזערס אַ לערער און דערציער, רעפּרעזענטירט היינט פוילן אין די אינטערנאַציאָנאַלע שלום־אינ־סטאַנצן. אייערע אַמאָליקע שילער און שילערינס, די שארית־הפליטה פונעם אייך גוט באַקאַנטן פאַלע־ניצער יידנטום, זענען גליקלעך אייך צו באַגריסן אין אונדזער אויסגעבענקט און אויסגעקעמפּט פאָטערלאַנד — מדינת ישראל. מיר פרייען זיך אייך אויפצונעמען אין אונדזער פרייען סוווערענעם לאַנד און גלויבן, אַז ווו איר וועט זיך נאָר געפינען, וועט איר מיט אונדז אָנהאַלטן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט.

מיר ווינטשן אייך דערפאָלג אין אייער שליחות.

מיר האָבן געהאַלטן פאַר פּאַסיק צו ווידמען אייך די עטלעכע ווערטער, אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט, אין אַ ספר, וואָס איז אינגאַנצן געוויד־מעט דעם אָנדענק פון אונדזער פאַרשניטענער יידי־שער קהילה אין פאַלעניץ.

### ישראל גאָלדבערג ז"ל

ערשט נישט לאַנג איז ער נאָך געווען מיט אונדז, געפירט מיט יעדן האַרציקע געשפּרעכן, געגעבן עצות. די וואָס זענען געקומען צו אים נאָך ראַט און טאַט, האָבן געוווּסט, אַז זיין וואַרעם מענטשלעך האַרץ וועט יעדן צופרידנשטעלן און אַז ער נעמט זיך איבער מיט דיליידן פון פּרט, ווי פון כלל.

מיר האָבן געזוכט זיין נאָענטקייט, ווייל ס'איז גע־ווען אַ פאַרגעניגן צו געפינען זיך אין זיין מחיצה.

אין יאָר 1935 האָט ער מיט זיין משפחה עולה געווען קיין ארץ־ישראל. זיין היים דאָ איז געווען אָפן פאַר

יעדן. אַ פּאַלעניצער, וואָס איז געקומען אין לאַנד, האָט געוווּסט, אַז ביי גאָלדבערגן וועט ער גלייך געפי־נען אַן עצה און הילף. ער האָט זיך בכבוד מפרנס גע־ווען פון זיין שווערער אַרבעט, נאָר קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט. אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער הייבט אַן זיך צוריק שטעלן אויף די פיס נאָכן טראַגישן אומ־גליק פון פאַרלירן זיין זון, וועלכער איז געפאַלן ביים פאַרטיידיקן דאָס לאַנד — אָבער דער אומברחמנותדי־קער טויט האָט אויך אים אַוועקגעריסן אויף שטענדיק.

מיר וועלן דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, טייערער און אידעלער ישראליק!...

ראשון־לציון / מאַניע יעלען־מיאַדאַווסקי

# פון אונדזערע געשטאַלטן

מיט יראת־הכבוד נעם איך די פעדער אין האַנט, כדי אַרויסברענגען אין אונדזער יזכור־בוך עטלעכע געשטאַלטן פון פּאַלעניץ, די פּשוטע האַרציקע פּאַלקס־מענטשן, וועלכע זענען אונדז געווען אַזוי נאָענט און היימיש — און זענען צוזאַמען מיטן יידישן ישוב אין שטעטל אומגעקומען על קידוש־השם. זאָלן די וויי־טערדיקע שורות זיין אַ יאָרצייט־ליכט לזכר די דאָזיקע קדושים.

## מעקלערס

„די זומער־פייגעלעך האָבן זיך שוין באַוויזן" — פלעגן זאָגן די פּאַלעניצער תושבים, ווי נאָר זיי האָבן דערזען די ערשטע דאַטשניקעס פון וואַרשע, וועלכע האָבן באַלד נאָך פּסח זיך באַוויזן אויף דער באַן־סטאַ־ציע, כדי אויסקלויבן און באַצייטנס באַשטעלן אַ זומער־וווינונג. און אויב עס זענען פאַראַן קונים אויף דירות — מוזן אויך זיין... מעקלערס. ווער וועט די געסט מדריך זיין איבער די פּאַלעניצער ווילדעס, ווער וועט זיי זאָגן די פּרייזן, צוניפּפּאָרן מיט די וואָס זענען גרייט צו פאַרדינגען אַ דאַטשע? דאָס אַלץ זענען מסוגל צו טאָן נאָר די מעקלערס. און עטלעכע פון זיי וויל איך איצט באַשרייבן.

מעקלעריי האָט נישט געקאָנט זיין קיין באַשעפטי־קונג אויף אַ גאַנץ יאָר. פּונקט ווי די דאַטשע, איז אויך דאָס געווען אַ סעזאָן־זאַך. דעריבער האָבן פיל יידן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט שוסטעריי, שניידעריי, קליינהאַנדל, מלמדות און פיל אַנדערע באַשעפטיקונגען — האָבן אין פרילינג גענומען דאָס שטעקעלע אין האַנט און געוואָרן מעקלערס פון דירות. זייער זאַמל־פּונקט איז געווען אויף דער ספּעציעלער „בערזע", ביי דער באַן־סטאַציע. דאָרט, אויף די טרעפּ, האָט מען געקענט זען יידן, וועלכע זענען אָקאָרשט אַוועק פון בעקער־אויוון, אַוועקגעשטעלט די שוסטער־בענקעלעך, אָדער פאַרדעקט די ניי־מאַשין. אויב אַזאַ מעקלער איז געלונגען אין אָנהייב סעזאָן צו פאַרדינגען עטלעכע זלאָ־טעס, האָט ער לאַנג נישט געטראַכט און זיך געדונגען אַ סאַד, אָדער אָנגעהויבן אַרומגיין מיט אַ קיישל פיש איבער די ווילדעס, צי גאָר געקויפט זיך אַ פערד־און־וועגעלע און געפירט לעטניקעס פון וואַרשע קיין פּאַ־לעניץ, מיכאַלין, יוזעפּוו, שווידער און אַנדערע ערטער אויף דער „ליניע".

למען האמת, האָט דער זומער געבראַכט פּרנסה נישט נאָר פאַר די פּאַלעניצער, נאָר פאַר פיל יידן וואָס פלעגן קומען אין אונדזער שטעטל, כדי אין סעזאָן עפּעס פאַר־דינען. פון קאַלאַביעל, אָשיעצק, גאַרוואָלין, שעניצע, פלעגן אַהער קומען גאַנצע משפחות, כדי צו זוכן דאָס שטיקל ברויט. אַזאַ צוגעפאָרענער ייד האָט אויפן ער־שטן בעסטן אָרט אַוועקגעשטעלט זיין שוסטער־וואַר־שטאַט, די פרוי געשיקט בריינגען אַרבעט און די קינדער — אויף דער סטאַציע אָפּצוטראָגן אַ טשעמאָ־דאַן אָדער אַ פּעקל. מיט איין וואָרט — אַ „פעלקער־וואַנדערונג" אין מיניאַטור און אַן „איבערשיכטונג" אין גרעסערן פאַרנעם.

אַ טייל פון די וואָס זענען געקומען בלויז „אַרײַנ־כאַפּן" אַ סעזאָן אין פּאַלעניץ, האָבן אָפּטמאָל אַזוי מצליח געווען, אַז זיי זענען שוין אויף סטאַביל געבליבן וווינען אין שטעטל. אַזוי זענען געבליבן די אָשיעצ־קער: מענדל צעשינסקי און הערשל; פון די קאַלי־ביעלער: אברהם־משה דודס, גאָלדבערג מיט זיינע זין: מאָטעלע, נחמן, אלי־איטשע (דער לעצטער אין ישראל), סרוליק, מאָטקע גאָלדבערג, וועלכער איז העלדיש געפאַלן, אַוועקהרגענדיק פריער מיט אַ האַק אַ דייטש. וועלכער איז געקומען אים נעמען — און זיין פרוי האָט אויף זיי געגאָסן קאָכעדיק וואַסער.

אומקערנדיק זיך צו די מעקלערס: דאָס איז געווען אַ באַזונדערער סאָרט מענטשן. זייער צודרינגלעכקייט

און באַריידעוודיקייט האָט נישט איינמאָל אויפגערעגט דעם קונה, נאָר מ׳האָט זיי תמיד מוחל געווען... ס׳איז אַזאַ פּרנסה! אַ חוץ דעם, זענען די נאַר־וואָס אָנגעקו־מענע דאַטשניקעס באַלד פאַרשיכורט געוואָרן פון דער פאַלעניצער לופט. ווי נאָר זיי זענען אַרויס פון וואַגאָן, האָבן זיי מיט די פולע ברוסטן איינגעאָטעמט די וואַלד־ריחות און מיט הנאה געזיפצט: „אַ, פאַלעניץ!" איצט האָבן די מעקלערס געקענט אַנהייבן זייער אָפּענסיווע. דערביי האָט איינער ממש ביי די הענט געריסן דעם קונה, צוזאָגנדיק די שענסטע דירה פאַר אַ ביליקן פּריז און לויבנדיק זיין וויללע ביזן הימל אַריין.

נישט זעלטן איז דערגאַנגען צו מחלוקתן און זיד־לערייען — ביז מע האָט זיך איבערגעבעטן ביי אַ „לחיים"

צו דער משפחה מעקלערס האָט געהערט די דיקע תרצה, אַ שווער־באַוועגלעכע פרוי, וועלכע האָט קוים געקענט נאָכגיין דעם קונה. אַזוי גייענדיק, האָט זי בהדרגה אַראָפּ גענומען אויפן וועג די פאַטשיילע, דער־נאָך דעם זשאַקעט, שפּעטער דאָס פאַרטעך — אַבי ס׳זאָל איר זיין לייכטער צו גיין און צו ריידן... אָפּגע־אַרבעט שווער מיטן קונה, הגם נישט שטענדיק איז געלונגען אים איבערצייגן, האָט זי זיך אַוועקגע־זעצט אויף דער שוועל פון אַ ווערענדע, אַרויסגענומען פון בוזעם אַ רויטע פאַטשיילע און אָנגעהויבן ווישן דעם שווייס. עס האָט לאַנג געדויערט, ביז זי איז גע־קומען צו זיך. זי איז געווען אַן אַלטע איינוווינערין פון פאַלעניץ און אַ לאַנגיאָריקע מעקלערין — האָט מען זי געשווינט און מיט איר זיך גערעכנט.

בנוגע דעם פאַרדינסט, איז ער ניט געווען קיין גרוי־סער. אַ באַשטעלער פון אַ דירה פלעגט געבן אַ 15 זלאָ־טעס האַנט־געלט און דאָס איבעריקע באַצאָלן שפּע־טער, ביים אַריינקלויבן זיך. פון די דאָזיקע 15 זלאָטעס, האָט תרצה באַקומען איר אַ קליינעם פּראָצענט, אַמאָל נאָך — מיט עטלעכע שותפים... נאָר יעדער האָט אַריינ־געהויכט אין דער האַנט און זיך געווינטשן „ס׳זאָל זיין מיט מזל און ברכה!"...

דאַקעגן איז תרצהס מאַן, אהרון וועגנער, געווען פיל פלינקער פון איר, באַוועגלעכער און באַריידעוודיקער. נישט קיין הויכער, ער האָט געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, אַ יידיש היטל און אַ קורץ געשוירן בערדל. ווי נאָר ער האָט באַמערקט אַ לעטניק שטיין מיט אַ מעקלער, איז ער שנעל צוגעלאָפן און אויסגעשריען:

— איך בין אויך דאָ!

ער האָט געהאַט פיל באַקאַנטשאַפט מיט אַלע וויללע־אייגנטימערס און דירה־פאַרדינגערס. אַפילו ווען עס האָט שוין אויסגעפעלט אַ דירה אין פאַלעניץ, האָט מען ביי ר׳ אהרונען שטענדיק געקענט נאָך עפּעס גע־פונען — אַ ביידעמל, צי אַ ביידל...

אהרון וועגנער פלעגט דעם קונה טיילמאָל אַרומ־פירן אַ האַלבן טאָג אויף פאַרשידענע ערטער, ביז ער האָט אים געבראַכט אויפן ריכטיקן פּלאַץ. אַ מידער און דערשעפּטער, פלעגט שוין דער קונה אויף אַלץ מסכים זיין...

מענדעלע שעדלעצקי איז געווען אַ פּיפּיקער חברה־מאַן, אַ יונגער, עטלעכע דרייסיק יאָר אַלט, אַ ברייט־ביי־ניקער, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, קורץ געקליידט, שטענדיק אויסגעפּוצט און דערביי געקענט ריידן מיט מענטשן אַ וואָרט. ער האָט געהאַט אַ שותף צום מעקלעריי — משה קלייטמאַן, נידעריקער פון מענדע־לען, אויך שיין און קורץ געקליידט. מענדל איז געווען פון פאַך אַ בעקער און משה — אַ שוסטער. ווי נאָר ס׳האָט זיך געשטעלט דער „סעזאָן", האָבן זיי אַוועק־געוואָרפן די פאַכן און זיך גענומען צו מעקלעריי. די זומער־באַשעפטיקונג האָבן זיי געפירט באַזונדער, קיינ־מאָל נישט צוזאַמען. ערשט אין אָוונט האָט מען זיך געטראָפן, אָפּגעגעבן באַריכט פונעם אַרבעטס־טאָג, זיך צערעכנט און צעטיילט מיטן פאַרדינסט אויף אָן ער־לעכן אויפן.

צו די מעקלערס האָט נאָך געהערט לייבישל גלעזער, אַ קליינטשיקער, מיט אַ טונקל־בלאָנדע באָרד. ער איז נישט אַוועק אויף דער בערזשע, ביז ר׳האָט נישט אָפּ־געדאַוונט אין שול מיט מנין. ערשט נאָכן דאַווענען, האָט ער מיטן שטעקעלע אין האַנט זיך אַוועקגעלאָזט צו דער באַן־סטאַציע און גענומען לויפן פון איין קונה צום צווייטן. מיט זיין אויסערלעכן אויסזען און באַזונ־דערן אופן פון באַנעמען זיך, האָט ער געצויגן אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. ער איז געווען פון די געציילטע, וואָס מעקלעריי איז געווען זיין אויסשליס־לעכע פרנסה. קיין גביר איז ער נישט געווען, נאָר דאָס פאַרדינסט אין סעזאָן האָט אים געסטייעט אויף אַ גאַנץ יאָר. דעם צונאָמען גלעזער איז אים פאַרבליבן פון אַ סך פריער. ער איז געווען פון די ערשטע תושבים אין פאַלעניץ.

לייבישל גלעזער פלעגט יעדן פּורים זיך באַהענגען

מיט אַלטע כלים, טעפּ, ראַנדלעס — און אַזוי אַרומגיין איבערן שטעטל, באַגלייט מיט אַ כאַפּטע קינדער. ער האָט געקלאַפּט אויף די אַלע כלים און זיך צעזונגען, אַנשטעקנדיק מיט זיין פריילעכקייט אַלץ און אַלעמען. זיין אָנטאָן אין פּורים איז געמאַכט געוואָרן פון זעק. דאַקעגן שמחת־תורה איז פאַר אים גענוג געווען אַ טרינק בראָנפן, אַז ס׳זאָל זיין ששון ושמחה.

ברוך עדעלשטיין האָט אויף דער האַנדלאָווע גאַס געהאַט אַ פּרוכטן־געשעפט און אין סעזאָן זיך פאַרנו־מען מיט מעקלעריי. דאַקעגן איז ער געווען באַקאַנט אַלס ברוך פישער. איך געדענק נישט, אַז כ׳זאָל אים האָבן ווען געזען האַנדלען אָדער פאַרנעמען זיך מיט פיש. שטענדיק אָן אויסגעפּוצטער, נישט קיין הוי־כער, יידיש געקליידט, מיטן שטעקן אין האַנט. ער האָט נישט געהאַט די טבע אַריינצוקריכן בעתן גע־שפרעך פון אַ צווייטן מעקלער מיט אַ קונה. ביים פאַר־דינגען איז שטענדיק מיט אים מיטגעגאַנגען אברהם גורקי, אַ הויכער, שיינער און אויסגעפּוצטער חברה־מאַן, וועלכער האָט געקאָנט ריידן מיט אַ מענטש אַ וואָרט. די מלאכה האָבן נישט ערגער געקענט — זיין פרוי אסתר, איר שוועסטער שרה. אַז אַ קונה איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט, האָבן זיי אים „פאַרטיק געמאַכט" מיט רייד און שבועות...

נישט געווען וואָס צו שעמען זיך מיט אַזאַ יידן ווי משה פּייוולאָוויטש. שטענדיק ציכטיק אָנגעטאָן, אין אַ טונקעלן אָנצוג, מיט אַ שפּיציק שוואַרץ בערדל. פון שוסטעריי און מעקלעריי האָט ער קוים צונויפגע־שטעלט פּרנסה — פונדעסטוועגן האָט מען יעדן שבת געקענט זען ביי אים אין שטוב אַן אורח.

אויך די טאָכטער פון ישראל־לייביש גלעזער האָט זיך פאַרנומען מיט מעקלעריי. איר באַריידעוודיקייט און טאַלאַנט צו דערציילן פאַרשידענע מעשיות, האָבן איבערצייגט דעם קונה, אָבער נישט תמיד... זעענדיק, אַז דער קונה איז נאָך נישט קיין „אָפּגעקאָכטער", נאָכן אַרומגיין מיט אים אַ האַלבן טאָג און אָפּרעדן זיך דאָס האַרץ — האָט זי מיט בייזקייט געזאָגט:

— איך האָב אייך געוויזן אַזעלכע שיינע דירות און איר האָט נישט געדונגען, וועט איר נישט האָבן קיין דירה און אַפילו בלייבן אָן יאָרן...

דער קונה האָט נישט געוווסט, אַז זי הייסט יאָרע און געטראַכט, אַז מן־הסתם שעלט זי אים... האָט ער זיך דערשראָקן, אַרויסגענומען עטלעכע זלאָטעס און איר געגעבן טירחה־געלט.

די רשימה פון די מעקלערס וויל איך פאַרענדיקן מיט אהרון טשאַפּטשאַק, וועלכער איז קיינמאָל נישט געגאַנגען אומזיסט — און געפאָדערט באַצאָלט, אַפילו ווען דער קונה האָט נישט גענומען די דירה וואָס ער האָט געמעקלט. ער האָט געקענט רעדן אָן אַ סוף. דאַ־קעגן איז יעקב לאַטאַוויצקי געווען אַ שטילער און געלאַסענער מענטש, נישט צופיל זיך איינגעריסן און איינגעבעטן — און אפשר דערפאַר האָט ער אויסגע־נומען ביים קונה, וועלכער האָט זיך צו אים באַצויגן מיט צוטרוי.

## קעמפער מיט די אַנטיסעמיטן און נאַציס

פאַלעניץ, ווי די הונדערטער אַנדערע שטעטלעך אין פוילן, איז צווישן ביידע וועלט־מלחמהס נישט איין מאָל געווען אויסגעשטעלט אויף דער סכנה פון כוליגאַני־שע איבערפאַלן מצד אָרטיקע און צוגעפאָרענע אַנטי־סעמיטן. איך געדענק אָבער נישט קיין פאַל, אַז די פאַלעניצער יידישע יוגנט זאָל האָבן אַריינגעפאַלן אין אַ פּאַניק־שטימונג, בעת די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אָנ־געהויבן זייער שמוציקע מלאכה.

איך דערמאָן זיך, אַז אין אַ געוויסער ווינטער־נאַכט, האָב איך מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע זיך געפונען אין רעסטאָראַן פון גראַבסקין, לעבן דער באַן־סטאַציע. מיר האָט זיך פאַרגלוסט צו שפּילן אין בילאַרד מיטן פּאָליאַק פאַלענצקי, אַן אַנגעשטעלטער אין דער גמי־נע. מיט אַמאָל האָט זיך אויפגעפּענט די טיר און עט־לעכע שיכורע פּאָליאַקן זענען אַריין אין רעסטאָראַן און געוואָלט צושטיין צום שפּיל. איך האָב זיי רואיק געענטפערט, אַז מיט קיין שיכורים שפּילט מען נישט... האָט איינער פון זיי לאַנג נישט געקלערט און צוואָרפן די באַלעמס, אַ צווייטער האָט געוואָלט איבערדרייען דעם טיש און אין דער האַנט פון דריטן האָט אַ גלאַנץ געטאָן אַ מעסער... מיט מיר האָבן זיך דעמאָלט גע־פינען מיינע צוויי ברידער הערשל און ישראל, שלמה בוטלינסקי, יצחק און אברהם שמיעטאַנקע, מלך צימ־ליך, משה האַרטמאַן, די ברידער מנשה און זלמן פאַ־סעסאַרסקי, הענעך זשולטי, מאיר געטריימאַן, וועל־וועלע סטאַוויאַק, נח גאָלדבערג און אַנדערע. מיר זע־נען נישט געוואָרן צעטומלט, נאָר קודם אַרויסגעשטויסן די כוליגאַנעס אויפן גאַס, כדי גראַבסקי זאָל נישט ליידן קיין שאָדן. ער האָט אונדז אַרויסגעלאָזט דורך דער

הינטער־טיר און פאַרמאַכט דעם רעסטאָראַן. מיר האָבן פון אייזערנעם פאַרקאַן אַרויסגעריסן די קראַטן און באַוואָפנטע געוואַרט די פּאָליאַקן זאָלן אַטאַקירן. זייער מחנה האָט זיך דערווייל פאַרגרעסערט און דאָס האָט זיי צוגעגעבן מוט. אויך די יידישע יוגנט אין שטעטל האָט זיך בליץ־שנעל דערוווּסט וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר ביי דער באַן־סטאַציע — און מ׳איז געקומען צו הילף. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ בלוטיק געשלעג. אָבער די פּאָליאַקן האָבן געמוזט אָפּטרעטן, נאָך דעם ווי מ׳האָט זיי אָנגעבראָכן די ביינער.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די גרופּע, וואָס איז די ערשטע אַריין אין רעסטאָראַן, זענען נישט געווען קיין פאַלעניצער, נאָר אַ ספּעציעלע וואַנדער־בריגאַדע פון פּאָסט־מיניסטעריום, וואָס האָט געהאַט אַן אויפגאַבע צו פאַרריכטן און קאָנטראָלירן די טעלעפאָן־דראָטן לענגאויס דער באַן־ליניע. די דאָזיקע אַרבעטער האָבן געשמט מיט זייער באַנדיטישקייט און יידן־שנאה. זיי האָבן אויך אין פאַלעניץ געוואָלט באַווייזן וואָס זיי קאָנען — און באַקומען אַ לעקציע, וואָס האָט זיי אַוודאי געצוימט אין אַנדערע ערטער.

געווען פאַלן, אַז די קריסטלעכע פּריזיוווניקעס פון קאַרטשעוו, וועלכע זענען געקומען צו דער פּאָבאָר־קאָמיסיע אין פאַלעניץ, האָבן שטענדיק געפּרוווט זיך לאָזן ווילגיין איבער יידן. זיי האָבן ספּעציעל געוואַרט אויף דער באַן־סטאַציע. אַז די קאָלייקע איז אָנגעקומען, איז מען באַפאַלן די יידן און זיי געשלאָגן. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט איין מאָל זיך קעגנגעשטעלט די כוליגאַנעס, אַפילו אַרויסגעכאַפּט די שווערד און געדראָט מיטן ערגסטן, מע האָט אים אָבער די שווערד אַרויסגעריסן פון האַנט און זי צעבראָכן אויף דער העלפט...

נאָך אַזאַ נצחון, זענען די קאַרטשעוווער באַנדיטן געוואָרן נאָך ווילדער און זיך אַוועקגעלאָזט איבער די פאַלעניצער גאַסן, כדי אַ הוליע טאָן אויף יידישע קעפּ און יידישע געשעפטן... אויף דער האַנדלאָוועגאַס האָט מען באַוויזן צו פאַרמאַכן די געוועלבער און די כוליגאַנעס זענען אַזוי געלאָפן ביז דער וווינונג פון שמואלע שוסטער ז״ל. קיינער ווייסט נישט ווי אַזוי און פון וואַנען, נאָר דאָ האָט זיי באַגעגנט אַ האָגל מיט שטיינער און קלעפּ האָבן זיך גענומען שיטן אויף די פּאַגראָמשטשיקעס, אַז מער ווי „אָ, ראַני באָסקיע!״ און „יעזוס מאַריאַ!״ — האָט מען נישט געהערט. זיי זענען אַנטלאָפן ווי דער פעפער וואַקסט.

אַ דריטער פאַל איז מיר איינגעקריצט אין זכרון מיט די פּריזיוווניקעס פון מאַרקי, אַ קליין אָרט, וואָס האָט אויך געשמט מיט איר אונטערוועלט און הפקר־יונגען. זיי האָבן געאַרבעט אין דער אָרטיקער צעגעלניע, נאָר דערהרגענען אַ מענטש, דערצו נאָך אַ ייד — איז ביי זיי נישט געווען פון די שווערע ענינים. זיי זענען געקומען קיין פאַלעניץ, אַ גרויסע צאָל פּריזיוווניקעס, יונגע געזונטע שקצים, דערצו נאָך לייטיש אָנגעשיכורט. נאָר אַ סוף האָבן זיי געהאַט דעם זעלבן, וואָס די טעלעפאָניסטן און די קאַרטשעוווער כוליגאַנעס.

איך מוז אונטערשטרייכן, אַז ווי נאָר ס׳האָט געדראָט אַ געפאַר דעם כלל ישראל אין פאַלעניץ, האָט מען פאַרגעסן אַלע פּאַרטיי־אונטערשידן און ווידעראַנאַנדן. דער פרומער מיטן וועלטלעכן, דער ציוניסט און קאָמוניסט, האָבן האַנט־ביי־האַנט געקעמפט קעגן געמיינזאַמען שונא.

מיר האָבן נישט קיין סך ידיעות וועגן ווידערשטאַנד פון פאַלעניצער יידן בעת דער נאַצישער בלוטיקער הערשאַפט אין די יאָרן 1939—45. איך האָב שוין פריער דערמאָנט וועגן דעם העלדישן פאַרפאַלק מאָטקע גאָלדבערג און זיין פרוי, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזט אַוועקפירן דורך די דייטשן און איינעם פון זיי אַוועקגעהרגעט ביי זיך אין שטוב.

וועגן אַ צווייטן פאַל פון גרויסער מאָראַלישער גבורה האָט מען מיר דערציילט אין פאַלעניץ, ווען כ׳האָב דאָרט באַזוכט נאָך דער מלחמה. אַ געסטאַפּאָווייעץ האָט דערזען, ווי ס׳האָט ווער אַריינגעשמוגלט אין פאַלעניצער געטאָ אַ בינטל האָלץ — און בשעת־מעשה דעם „שמוגלער״ נישט געכאַפּט. ער האָט זיך צופעליק אָנגעשטויסן אויף משה פּאָטיפער און געפאָדערט פון אים אויסגעבן דעם ייד וואָס האָט געוואַגט אַריינברענגען האָלץ אין געטאָ. אין קעגנפאַל האָט ער געדראָט מיט אומברענגען פיר יידן, וועלכע ער וועט מוזן ברענגען... אין אָוונט האָט משה זיך צוגעשטעלט אין געסטאַפּאָ צוזאַמען מיט זיין פרוי און צוויי קינדער. דער נאַצי־מערדער האָט אַלע פיר דערשאָסן...

## כלל־טוערס

איך וועל שילדערן בלויז צוויי פון זיי — מיינע עלטערן ע״ה. אָבער גלייכצייטיק איז דאָס אַ פּאַראַייביקונג פאַר די אַלע הערלעכע געשטאַלטן פון יידישן פאַלעניץ, די אמתע עוסקים בצרכי ציבור, וועלכע האָבן תמיד מקיים געווען דאָס געבאָט „ואהבת לרעך כמוך״

און אַרויסגעוויזן גרויס זאָרג און אינטערעס פאַר די נויטן און באַדערפעניש פון אַנדערע.

מיין מוטער איז גוט געווען באַקאַנט אין פּאַלעניץ. גערופן האָט מען זי חיהלע די געגדזלערין. די יאַטקע וואָס זי האָט געפירט, האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען און שטענדיקע קונים. זייער אָפט פלעגט טרעפן, אַז מיין מוטער איז אין מיטן טאָג אַוועק פון דער יאַטקע אויף אַ לענגערער צייט. אומגעקערט האָט זי זיך מיט אַ פּאַרטעך צונויפגעזאַמלטע פּראָדוקטן, וואָס זי האָט באַלד פונאַנדערגעטראָגן אין די סאַמע נויטבאַדערפטיקע הייזער. חיהלע די געגדזלערין האָט שוין געוווסט ביי וועמען צו נעמען, וועמען צו געבן. זי האָט דעמאָלט איבערגעלאָזט אַלע אירע פּריוואַטע ענינים און זיך געלאָזט העלפן אַ ייד אין אַן עת צרה.

אַזאַ מין פאַרשווונדן פון געשעפט פלעגט אַמאָל פּאַרקומען 2—3 מאָל אין וואָך. אַ צופרידענע, פלעגט זי צוריק קומען פון דער חלוקה, איר פּנים האָט געשטראַלט. זי האָט שוין געהאַט אירע געבערס, וואָס קיינער האָט נישט געוואָגט אָפּצוזאָגן — און אירע אָפּנעמערס, וועגן וועלכע קיינער האָט נישט געוווסט אויסער איר...

ווען ס'איז אין ווינטער געשאַפן געוואָרן אַ הילפס־קאָמיטעט צו לינדערן די נויט, איז מיין פאָטער געווען דאָרט נישט נאָר איינער פון די איניציאַטאָרן, נאָר אויך אַרויסגעוויזן פיל אַקטיוויטעט.

מיין פאָטער האָט געהאַט עטלעכע נעמען און צונעמען, הגם קיין איינער פון זיי איז נישט געמיינט געוואָרן אין נעגאַטיוון זין. ער איז געווען באַקאַנט אַלס יצחק פון באַזאַר, דער קליינער יצחק אָדער יצחק פון די פיש. יעדער נאָמען האָט זיך געהאַט זיין באַדייטונג: יצחק פון באַזאַר דערפאַר, ווייל ער האָט געהערט צו די עלטסטע איינוווינער פון שטעטל און אין אָנהייב זיך באַזעצט אויפן באַזאַר, דאָס איינציקע אָרט וואָס איז דעמאָלט געווען אויף דער צווייטער זייט פון דער האַנדלאָווע גאַס, נאָכן שלאַבאַן. דעם באַזאַר האָט אויפגעשטעלט אלתר טאַבאַקמאַן (אלתר המן). יצחק דער קליינער האָט מען אים גערופן, כדי אים אונטערשיידן פון דעם העכערן יצחק גאָלדבערג, מיין פאָטערס אַ פעטער. און יצחק פון די פיש — ווייל מיר האָבן געהאַט אַ יאַטקע פון עופות און אויך פאַרקויפט פיש.

מיר, די קינדער, פלעגן טיילמאָל באַוווּנדערן אונדזערע עלטערן פאַר זייער מסירת־נפש און דעם אַוועקברענגען זיך פאַר אַנדערע. ווי געזאָגט, זענען מיינע עלטערן נישט געווען פון די איינציקע כלל־טוערס אין שטעטל. פּאַלעניץ איז געווען געבענטשט מיט אַ סך אַזעלכע יידן.

כבוד זייער אָנדענק!

י. גאָלדבערג / תל־אביב

# מלמדים און בעלי־מלאכות

## דאָס גאַנצע שטעטל האָט אים ליב געהאַט

מיין ערשטער מלמד איז געווען שמעון־הערש שוחט, אַ גוטער און איידעלער מענטש. ער איז אויך געווען בעל־תפילה און בעל־מנגן. ער האָט זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט די קינדער, וועלכע האָבן ביי אים געלערנט.

אין פּאַלעניץ זענען געווען דריי שוחטים: קלמן שוחט, מאיר־יחיאל און שמעון־הערש. שמעון־הערשן האָב איך זייער ליב געהאַט אַלס מלמד. איך געדענק, אַז זומער האָט ער אונדז אַרויסגענומען אין דרויסן, ביי זיך אויפן הויף, וווּ ס'האָבן זיך געפונען עטלעכע סאָסנע־ביימער. ער פלעגט אונדז אַ סך מאָל הייסן פון דאָרט אַרויסנעמען די זשיווויצע — וואָס מיר האָבן געטאָן מיט גרויס פרייד. זיין אופן פון לערנען איז געווען נישט דווקא קנעלן די טרוקענע תורה. ער האָט אונדז געלערנט ליב האָבן איינער דעם צווייטן, אויפגעוויזן, ווי גוט ס'איז, אַז מען בעט זיך שנעל איבער נאָך אַ ברוגז.

ער האָט שטאַרק אכטונג געגעבן נישט מבייש צו זיין אַן אָרעם קינד. אין ווינטער, אַז ווער פון די קינדער איז געקומען אין חדר מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט, אָדער מיט ווייניק עסן בכלל, האָט ער צונויפגעזאַמלט דאָס עסן פון אַלע קינדער, אויסגעמישט, פאַרטיילט יעדן אַ גלייכע פּאָרציע און דערביי נאָך צולייגן פון זיינעם...

ער פלעגט אונדז אָנטציקן מיט זיינע שיינע מעשיות, וועלכע זענען תמיד געווען אָדורכגעדרונגען מיט ליבע צום מענטש און אמונה אין גאָט. אַ ייד אַ הדרת־פּנים,

אַן ערלעכער און יושרדיקער. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אים ליב געהאַט...

## יאנקל מלמד

דער צווייטער מלמד מיינער איז געווען ר׳ יאַנקל, דער אײדעם פון ר׳ שמעון־הערש. ער האָט שוין געלערנט מיט גרעסערע ייִנגלעך. אײנגאַנצן אַן אַנדערער־טיפּ פון זיין שווער: אַ שטרענגער, אויך נישט געקאַרגט קיין קלעפּ.

די תלמידים פון יאַנקל מלמד זענען אין די שפּעטערע יאָרן אַוועק אויף פאַרשידענע וועגן — ווער צו די ציוניסטן, ווער צום בונד און ווער — צום קאָמוניזם. עטלעכע זענען אויך געבליבן ביים לערנען, אַפילו ממשיך געווען אין די ישיבות. נאָר זיי אַלע האָט פאַראייניקט אַ געפיל פון נאָענטקייט און סאָלידאַריטעט, אין אַ נויט האָט מען זיך אַרויסגעהאָלפן, נישט געקוקט אויף די מיינונגס־פאַרשידנהייטן. די דערינערונגען פון חדר און דעם מלמד האָבן דערנענטערט און פאַרבונדן די מענטשן.

דאָס חדר האָט זיך געפונען אויפן צווייטן שטאָק. אַז דער רבי האָט באַדאַרפט אַמאָל אַוועקגיין, האָט ער אַן צערעמאָניעס אונדז פאַרשלאָסן אין חדר און גענומען מיט זיך דעם שליסל. איין מאָל, ווען מיר זענען געזעסן אין אָפּגעשלאָסענעם צימער און געחזרט די גמרא, האָט זיך צעקלונגען דער פייערלעשער־גלאָק. אַלע האָבן זיך אויפגעריסן פון די ערטער, מען וויל זען ווו און וואָס ברענט. נאָר די טיר איז פאַרשפּאַרט. מען קלערט נישט קיין סך. ביי יונגע חברה שפּילט נישט קיין ראָל זיך אַראָפּצולאָזן אויפן בעליק וואָס שפּאַרט אונטער דעם דאַך. מען לאָזט זיך לויפן צו דער ווילדע וואָס איז שוין אַרומגענומען אין פלאַמען. די שכנים שרייען נאָך, אַז זיי וועלן דערציילן דעם רבין. נאָר ווער הערט זיי...

אַלע תלמידים האָבן געהאָלפן לעשן די שריפה, אייני־קע זענען אַפילו געוואָרן אָפּגעבריט. איך האָב גאָר גע־האַט אַ צרה. עטלעכע וואָכן געלעגן דערנאָך אין בעט. מ׳האָט כסדר געקלאַפּט אייער און מיך געשמירט מיט די ווייסלען, אָפּגעשפּראָכן עין־הרעס און געבעטן אויף אַ רפואה שלימה. דערפאַר האָב איך אויסגעמיטן דעם רבינס קלעפּ. אָ, ער האָט קיין איין תלמיד נישט מוחל געווען דאָס אַנטלויפן... יעדער האָט געמוזט אַליין אַראָפּלאָזן די הויזן, זיך אַריבערלייגן און בעטן שמייסן אים, האָבן די אַנדערע געמוזט זאָגן אין כאָר: „גאַנץ גוט אַזוי !...״

פאַרשטייט זיך, אַז די געשמיסענע און באַליידיקטע תלמידים האָבן געזוכט אַ געלעגנהייט נקמה צו נעמען אין רבין. און די געלעגנהייט איז געקומען (די באַ־שריבענע געשעענישן זענען פאַרגעקומען אין דער צייט פון דער־ ערשטער וועלט־מלחמה): זעלנער האָבן פון די שטובן גענומען מענער צו גראָבן אָקאָפּעס. און־דזער רבי פלעגט אין אַזאַ פאַל זיך אַריינלייגן אין בעט אַריין מיט אַ צוגעבונדענעם קאָפּ. אַז די זעלנער האָבן זיך דערנענטערט צו זיין שטוב, האָט ער אָנגעהויבן קרעכצן און די רביצין — וויינען איבער איר קראַנקן מאַן, נעבעך... די זעלנער האָבן אָבער זיך נישט אײ־בערגענומען מיט דער סצענע און געפאָדערט אַ באַ־שטעטיקונג פון אַ דאָקטאָר. אויב נישט, זענען זיי גרייט היינט מוותר צו זיין, נאָר מאָרגן מוז ער זיך צושטעלן. און דאָס איז פאַר אונדז געווען די גרעסטע שמחה. ער איז טאַקע אַוועק אויף אַרבעט — און מיר האָבן באַ־דויערט. הלמאי, אויף אַזוי ווייניק טעג, ווייל די גמי־נע האָט באַשטעטיקט, אַז ער איז אַ דערציער פון קינ־דער, וועלכע טאָרן נישט בלייבן אויפן גאַס.

למען האמת דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז טראָץ זיין שטרענגקייט, איז ער געווען אַ גוטער מלמד און אַן אָרנטלעכער ייד.

## יחזקאל מלמד

מיין דריטער מלמד איז געווען ר׳ יחזקאל, אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן, אַ הויכער, מיט אַ שיינער באָרד. ער איז געווען אַ גרויסער מתנגד, פיינט געהאַט די חסידים. פונדעסטוועגן האָבן זיי געשיקט צו אים זייערע קינדער לערנען, ווייל ער איז געווען אַ קענער. גענומען אַ הויכן שכר־לימוד — נאָר דערפאַר געלערנט מיט אַ קליינע־ צאָל קינדער. געשלאָגן האָט ער נישט, נאָר געווען אַ שטרענגער. מיר האָבן ביי אים געמוזט לערנען פון אין דער פרי ביז שפּעט ביינאַכט.

יעדעס עסן פלעגט ער גוט אָנפּעפערן. אַז מיר האָבן אים געפרעגט: „רבי, פאַרוואָס שיט איר אַזוי פיל פּעפער ? איז זיך ענטפער געווען, אַז מ׳שיט אַריין אַ סך פּעפער, קריגט מען מער חשק צום לערנען... ער האָט אויך ליב געהאַט צו טרינקען אַ סך טיי און אַגיטירט זיינע תלמידים צו טרינקען. אין מלחמה־צייט איז נישט געווען קיין טרוקענע טיי צום פאַרבריען, האָבן מיר פון דער היים געבראַכט שטיקלעך צוקער, אין חדר

זיי צוגעברענט אויפן פייער און דערמיט האָט דער רבי מיט זיינע תּלמידים געפּאַרבט די געקאָכטע וואַסער...

לאַנג לערנען ביי יחזקאלן האָבן איך נישט געקענט, ווייל אין פּאָלעניץ איז דעמאָלט אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע און איך מיט מיין פאָטער ע"ה זענען קראַנק געוואָרן. איך בין נאָך עטלעכע וואָכן קראַנק זיין, געקומען צו זיך, דאַקעגן מיין פאָטער איז שוין נישט אויפגעשטאַנען פון בעט. ער איז נפטר געוואָרן אַ וואָך נאָך פּורים, כ"ג אדר, ווען דאָס שטעלט איז נאָך געווען באַדעקט מיט שניי. איך געדענק, ווי מ'האָט אים דערנאָך אַראָפּ גענומען פון בעט, אַוועק געלייגט אויף דער פּאָדלאָגע מיט די פיס צו דער טיר און צוקאָפּנס אַוועק געשטעלט צוויי אָנגעצונדענע ליכט אין לייכטערס. אַלע האָבן געוויינט, נאָר דער געיאָמער פון מיין מאַמען ז"ל איז געווען אַ האַרץ־רייסנדיקער. זי איז געבליבן אַן אלמנה מיט זעקס קינדער.

דעם נפטר האָט מען געטראָגן ביזן בית־המדרש. דאָרט האָט אים מספּיד געווען הרב פינקעלשטיין ז"ל. דערנאָך האָט מען דעם אָרון אַרויפגעלייגט אויף אַ וואָגן און אַוועקגעפירט קיין ראַדאָשטש. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל יידן האָבן אים באַגלייט ביז אויפן בית־הקברות, די געשעפטן האָט מען געשלאָסן. אַלע האָבן באַדויערט דעם טויט פון דעם האַרציקן מענטש.

מיין מוטער איז געווען אַן ענערגישע פרוי, זי האָט נישט געוואָלט פון קיינעם קיין הילף און באַמיט זיך מיט אַלע כוחות צו דערהאַלטן דאָס הויז און די משפּחה.

איך בין צוריק אַוועק אין חדר פון יחזקאל מלמד און דאָרט געלערנט ביזן אויסברוך פון דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה. דעמאָלט האָט זיך פאַרענדיקט מיין לערנען ביי אים.

ר' יחזקאלען האָבן זייער געשעצט און ליב געהאַט די אַלע וואָס האָבן אים געקענט.

### לייבישל גלעזער

אַ שטילער און בכבודיקער ייד, אַ מטופּל מיט קינדער און אייניקלעך. ער האָט שטיל און ערלעך געאַרבעט ביי זיין פאַך, אַ גאַנץ יאָר האָט מען פון אים נישט געהערט. ערשט אַז ס'איז געקומען פּורים, האָט מען דעם דאָזיקן יידן נישט דערקענט נישט נאָר דערפאַר, וואָס ר'האָט זיך באַהאַנגען מיט טעפּ און פאַרשידענע בלעכן, נאָר אויך אין פריילעכקייט האָט ער אַלעמען איבערגעשטיגן. ער איז אַרומגעגאַנגען פּורים און געשריגן „האַנדי, האַנדי, האַנדי" — און דערביי געזונגען פאַרשידענע לידער. וויפל קינדער עס זענען געווען אין שטעטל, זענען אים נאָכגעלאָפן. פאַר זיינע „שטיק" אין פּורים האָט ער באַקומען געלט, אָבער גאָרנישט גענומען פאַר זיך, אַלץ צעטיילט צווישן די נויטבאַדערפטיקע פּאָלעניצער יידן. דאָס איז געווען זיין גרויס גליק.

### יצחקל שניידער און יאָסל סטשעסאַק

יצחקל שניידער איז געווען אַ שטילער ייד, אויף אים האָט מען טאָקע געזאָגט, אַז ער טשעפּעט נישט קיין פליג אויף דער וואַנט. פּאָלעניצער יידן האָבן אים געהאַט זייער גערן. אַז עמעץ האָט ביי אים באַשטעלט אַן אָנצוג, פלעגט ער זאָגן דעם קונה: „וועסט ביי מיר אַרויסקומען ווי אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר". אַ קראַנקער און דאַרער, האָט ער שטענדיק געהאַט אַ שמייכל אויפן פּנים, תּמיד געווען צופרידן.

זיין גרעסט פאַרגעניגן איז געווען שבת פאַרנאַכט צו שלוש־סעודות, וואָס ער פלעגט פּראַוועון ביים טיש פון אַלטן רב ר' מאָטעלע ז"ל.

געווען אין שטעטל אַ ייד ר' יאָסל סטשעסאַק, אַ לץ, שטענדיק אַ פריילעכער און פיינער מענטש. אַז ס'איז ווער געקומען אין שטעטל עפּעס דערליידיקן און זיך געפרעגט אויף וועמען, האָט ר' יאָסל שטענדיק געשיקט צו יצחקל שניידער, און דערביי געזאָגט, אַז „דאָס איז דער ריכטיקער אַדרעס, יענער וועט אייך אַלץ דערליידיקן". ר' יצחקל האָט קיינמאָל נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן אַזאַ ייד און זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט. נאָר מיט זיין גוטן שמייכל האָט ער אַ זאָג געטאָן: „מילא, אַ ייד מאַכט זיך אַ שפּאַס — זאָל אים וווויל באַקומען, זאָל ער זיין געזונט און שטאַרק"... — און נישט געהאַט קיין פאַריבל אויף סטשעסאַקן פאַר זיין ליצנות...

### שמחה זילבערשטיין

קיין פּאָלעניץ איז ער געקומען פון מינסק־מאַזאָוויעצק, ווו ס'האָבן געוווינט זיינע עלטערן. זיין פּרנסה איז געווען אַ צייטונגס־קיאָסק. אויסער דעם האָט ער די צייטונגען און זשורנאַלן פונאַנדערגעטראָגן אין די שטובן. אַלע האָבן באַוווּנדערט זיין אויסערגעוויינלעך גוטן כאַראַקטער. אַליין אַ מטופּל מיט קינדער, האָט ער געזאָרגט פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן און געטראָגן הילף ווו ס'האָט זיך געפאָדערט. ער האָט זיך נישט

גערעכנט צי איז דער נצרך אַ פּרומער, צי אַ וועלט־לעכער, נאָר ער האָט תמיד איבערגעלאָזט זיין שטוב און זיין קיאָסק מיט צייטונגען און געלאָפן טראָגן הילף, ווו עס האָט זיך געפּאָדערט. טאָן אַ יידן אַ טובה איז ביי אים געווען מער ווי אַ מצווה.

ער איז דערשאָסן געוואָרן אין וואַרשע, ווען ר׳איז געגאַנגען פאַר עמעצן עדות־זאָגן אין געריכט.

כבוד זיין אָנדענק!

יעקב דאַמב / חיפה

## לייבישל גלעזער און מענדעלע סטאַוויאַק

דאָס יידישע שטעטל פּאַלעניץ האָט זיך געפונען סך־הכל 18 קילאָמעטער פונעם ברויזנדיקן יידיש־קוואַ־ליקן וואַרשע. פּאַלעניץ איז געווען אַ גוט באַקאַנטער קוראָרט אויף דער אַזוי גערופענער „אָטוואָצקער לי־ניע״. אין די ווינטער־חדשים איז פּאַלעניץ געלעגן שטיל און איינגעדרימלט. דערפאַר האָט דאָס שטעטל אויפגעוואַכט אין די זומער־חדשים. באַלד נאָך פּסח האָט מען געזען ווי עס הייבט אָן אויפלעבן. פון וואַרשע און פון אַנדערע מקומות האָבן גענומען שטראָמען מענטשן קיין פּאַלעניץ, גענומען זוכן וווינונגען אויף די זומער־חדשים.

ווען עס האָט זיך געשטעלט דער סעזאָן און די דאַטשניקעס האָבן זיך גענומען באַווייזן אין פּאַלעניץ, האָבן זיי שוין אָפּגעוואַרט ביי דער באַן יידישע מעק־לערס און זיי פאַרגעלייגט צו דינגען וויללעס:

— קומט מיט מיר, איך וועל אייך ווייזן אַ שיינע וויללע! — האָבן זיך געלאָזט הערן די קלינגענדיקע שטימען פון די מעקלערס.

צווישן די יידישע פּרנסות אין פּאַלעניץ, איז אויך מעקלעריי געווען אַ שטיקל הילף פאַר חיונה.

מיט מעקלעריי האָט זיך אויך פאַרנומען לייבישל גלעזער, אַ קליין יידעלע מיט אַ שפּיציק בערדל. ער איז געלאָפן מיט אַ שטעקן פאָראויס און געשריען:

— קומט מיט מיר, איך וועל אייך ווייזן די שענסטע וויללעס! — אָבער געפירט האָט ער די דאַטשניקעס צו די ערגסטע ערטער, מיט ווינציקביימער און אַ שלעכטער סביבה.

ווען מען האָט אים געפרעגט: „ר׳ ייד, ווו האָט איר אונדז פאַרפירט, מען זעט דאָך דאָ נישט קיין בוים פאַר די אויגן, קיין פּיצל גרינס?״, — האָט לייבישל גלעזער זיך נישט פאַרלוירן, צוגעפירט די מענטשן צו אַ בוים, צווישן זיינע צוויי פינגער אַריינגעלייגט דעם גראָבן פינגער און געזאָגט:

— איר זעט, אויף דעם בוים וואַקסן פייגן!...

פאַרשטייט זיך, אַז מ׳איז פון אים אַוועק מיט גאָר־נישט.

לייבישלס שוואַכקייט איז געווען צו ווייזן די ערגסטע ווילעס, און דער עיקר — די גוט באַקאַנטע דריט־ראַנגיקע ווילעס (די „שאַנצערס״ און „קוקאַפּקיס״). ער האָט קיין מאָל נישט געוויזן קיין אַנדערע, פון די הונדערטער ווילעס וואָס פּאַלעניץ האָט פאַרמאָגט.

איין מאָל אין סעזאָן, האָט אים דער שרייבער פון די שורות אַ פרעג געטאָן:

— ר׳ לייבישל, איר האָט שוין עפּעס היינט פאַרדינ־גען ווילעס?

האָט ער האַסטיק אַ זאָג געגעבן: — קיין איינע אויך נישט! וואָס מען ווייזט זיי, די וואַרשעווער שנאָרערס, געפעלט זיי נישט. וואָלטן וועלן קראַסוצקיס ווילע, וואָס קאָסט 6 מאָל אַזוי פיל, מ׳זאָל זיי געבן פאַר אַ שיבש!

פאַרנאַכט, ווען ר׳ לייבישל איז אַהיים געקומען, האָט זיין ווייב רעכל אים געפרעגט:

— נו, שלימזל מיינער, האָסט עפּעס פאַרדינט?

— ווי קאָן איך פאַרדינען, — האָט ער ברוגז געענט־פערט, — מע לאָזט דען מיך פאַרדינגען אַ ווילע? די בעסטע לעטניקעס נעמט מען מיר צו, איך בין צו שוואַך קעגן זיי. זיי זענען ריזן, די טשאַפּטשאַקס, וויג־דערס, אשר זעליגס א. אַ. כ׳בין דאָך אַנטקעגן זיי ווי אַ פליג. דעריבער, מיין ווייב, דאַרפסטו אויף מיר נישט שרייען. גאָט וועט העלפן, וועסטו זען איבער אַ יאָר זומער, וועל איך פאַרדינען אַ סך געלט. כ׳וועל מאַכן שותפות מיט מענדעלע סטאַוויאַק און מיר וועלן גוט פאַרדינען.

מענדעלע סטאַוויאַק איז געווען גוט באַקאַנט אין פּאַ־לעניץ. אַ קליין, אויסגעדאַרט יידל, מיט אַן איינגעבוי־גענעם רוקן, וואָס איז אים געקומען פון שווערער אַר־בעט און פון טראָגן זעק מיט מעל. ווינטער־צייט איז מענדעלע געווען אַ טרעגער. ווען עס איז געקומען זומער און ס׳האָט זיך געשטעלט דער דאַטשע־סעזאָן, האָט ער זיך גענומען צו מעקלעריי און פאַרדינגען ווילעס.

עס האָט געטראָפן, אַז ווען מעקלערס האָבן זיך אַרומגעריסן צוליב אַ קונה וואָס איז געקומען דינגען אַ דירה, איז גיך אויסגעוואַקסן מענדעלע סטאַוויאַק און זיך געלאָזט הערן מיט זיין הויכער שטימע:

— איך וועל זיי פאַרטיק מאַכן, איך וועל זיי וויזן ווער מענדעלע סטאַוויאַק איז!

דערפאַר טאַקע האָט לייבישל שטאַרק חשק געהאַט צו האָבן מענדעלען פאַר אַ שותף.

מלך פאַסקאַלינסקי / יאָהאַנעסבורג

## מיין פאטער הלל כץ ז״ל

ווי אין אַלע קליינע שטעטלעך, האָט אויך אין פאַלעניק יעדער געהאַט זיין צונאָמען, על־פי־רוב — לויט דער באַשעפטיקונג. דערפאַר האָט מען מיין פאָטער גערופן הלל נאַפטשאַזש. מיר האָט דאָס שטאַרק וויי געטאָן, כ׳האָב עס געהאַלטן פאַר באַליידיקונג. נאָר מיין פאָטער האָט גוטמוטיק געשמייכלט און מיך געטרייסט:

— ראָקפעלער איז אויך אַ נאַפטשאַזש און ער שעמט זיך נישט מיט זיין פנסה...

פאַר מיר איז דאָס געווען אַ קנאַפע טרייסט, ווייל כ׳בין געווען ביי דער מיינונג, אַז אַזאַ גוטן מענטש טאָר מען נישט רופן מיט קיין צונאָמען. איך האָב שטענדיק פאַרגליכן מיין טאַטן צו הלל הנשיא. פונקט ווי הלל פון פרקי אבות, אַזוי איז דער הלל געווען גוט, געדולדיק און זיך אָנגענומען פאַר יעדן באַעוולהטן מענטש.

מיין מאַמע פלעגט אונדז אַלע מאָל דערציילן וועגן דעם נס, וואָס האָט געטראָפן מיט מיין פאָטער בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער איז געווען אויף קעסט ביי דער שוויגער זיינער אין מאַטשעוויץ. אין אַ געוויסן מאַרק־טאָג זענען כוליגאַנעס באַפאַלן יידישע הענדלערס — און מיין פאָטער האָט מיט אַן אייזערנער שטאַבע אין האַנט פאַרטריבן די פאָגראָמשטשיקעס. אַזוי אויך האָט ער זיך נוהג געווען שפעטער אין פאַלעניק, ביי פוילנס הערשאַפט. די צעיושעטע אַנטיסעמיטן זענען געבליבן שטיין געפלעפט, דערזעענדיק אַ ייד מיט אַ באָרד און פיאות, וועלכער גיט צוריק קלעפ... נישט איין מאָל איז ער געקומען אַהיים מיט אַ לאָך אין קאָפ — נאָר אויך די שלעגערס האָבן אַריינגעכאַפט ווי ס׳געהער צו זיין.

ער האָט אויך געוווסט צו זיין אַ קאָנסעקווענטער קעמפער פאַר זיינע איבערצייגונגען. ווען אין פוילן זענען געשאַפן געוואָרן די בית־יעקב־שולן פאַר רעליגיעזע יידישע טעכטער, האָט מיין פאָטער באַשלאָסן צו גרינדן אַזאַ שול אין פאַלעניק. נישט נאָר די פרייע יידן איז נישט געפעלן געוואָרן דער פלאַן פון אַזאַ סאָרט שול, נאָר אויך די גערער חסידים האָבן אַרויסגעוויזן זייער קעגנערשאַפט. די „פרייע״ האָבן געדראָט מיט פעטש, אַ טייל פרומע — מיט חרם, נאָר מיין פאָטער האָט זיך נישט אָפגעשראָקן. זיין טענה איז געווען, אַז יידישע טעכטער ווערן אַוועקגעריסן פון יידישקייט און מ׳דאַרף ראַטעווען, כל־זמן ס׳איז נישט שפעט.

צוזאַמען מיט איטשע צעשינסקי, אַ גערער חסיד, איז מיין פאָטער געגאַנגען פון הויז צו הויז און ווערבירט שילערינס פאַר דער שול. אין אָוונט איז ער אַהיים געקומען אַ גליקלעכער און צופרידענער פון די דערגרייכטע רעזולטאַטן. זיינע אויגן האָבן געשטראַלט פון פרייד.

אין אַ צייט אַרום איז געקומען קיין פאַלעניק די ערשטע לערערין אין דער בית־יעקב־שול, ב. שיף. אין אָנהייב האָט זי געהאַט אויסצושטיין גענוג בזיונות, ווילע יונגען האָבן איר נאָכגעשריען אין גאַס, באַליידיקט און איין מאָל האָט זי אַפילו באַקומען אַ פאַטש. נאָר דאָס האָט זי נישט אָפגעהאַלטן צו לערנען אין אַ רעליגיעזער מיידל־שול, צום ערשט ביי אַ נאַפטלאָמפ, בלויז אין די אָוונטן. ביז אַלע האָבן זיך צוגעוווינט צום געדאַנק. די בית־יעקב־שול האָט זיך אַנטוויקלט. נאָר אַז ס׳איז געקומען צו באַצאָלן דער לערערין שכר־לימוד — האָט שטענדיק אויסגעפעלט געלט. נישט איין מאָל האָט מיין פאָטער באַצאָלט דעם לוין פון זיין קעשענע. מיין מוטער ע״ה האָט געהאַט טענות:

— ס׳טייטש, ס׳איז אַזוי אויך שווער מיט פרנסה...

מיין פאָטער האָט רואיק געענטפערט, אַז אין דעם זכות וועט אונדז גאָט נישט פאַרלאָזן... פאַר געבן צדקה — גיט גאָט אָפ מיט פראָצענט. דערפאַר האָט ער יעדן נויטבאַדערפטיקן געטראָגן הילף, געגעבן הלוואות. ער האָט געהאַט עטלעכע יידן, וועמען ר׳האָט געשטיצט מיט וואָכן־געלט. „ווי קען מען אָפזאָגן, אַז אַ ייד האָט נישט אויף שבת?!״

ער איז געווען פון די ערשטע צו נעמען אַן אורח אויף שבת. איין מאָל האָבן מיר אַפילו געהאַט אַ פאַר־

שטערטן שבת, ווייל ער האָט געבערענגט אַ צעדרייטן ייד. אַ צווייט מאָל — אַ קרעציקן. אויף אונדזערע טענות האָט ער געענטפערט:

— ווי קען מען עפּעס פאַרשעמען אַ ייד?

און פאַרן נישט לאָזן פאַרשעמען אַ ייד, האָט ער איין מאָל שיער נישט באַצאָלט מיטן לעבן.

יידישע רעקרוטן האָבן אַ מאָל בייננאַכט אוועקגע־שטעלט אַ מצבה ביי דער טיר פונעם אָנגעזעענעם תושב א. גרינבערג. אויף דער מצבה איז געווען אָנ־געשריבן לצנות. פאַרטאָג, גייענדיק צום דאַווענען, האָט מיין פאָטער באַמערקט די מצבה און איבערגע־דרייט דעם שטיין, מיטן אויפשריפט אַראָפּ. בײַם איבערקערן די מצבה, האָט זי זיך צעבראָכן און די רעקרוטן האָבן דערפאַר געוואָלט לינטשן מיין פאָטער. ער האָט צו זיי געשריען: „מע טאָר נישט פאַרשעמען קיין ייד!" ווען נישט די פּאָליציי, וועלכע האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פונעם המונס הענט, וואָלט ער אוודאי געווען אומגעקומען.

באַזונדערס שווערע טעג זענען פאַר אונדז געווען ערב די וואָלן צו דער קהילה. מיין פאָטער האָט גע־פירט אַגיטאַציע פאַר דער אגודת ישראל און אינעם שויפענצטער פון אונדזער קליין געוועלבל אַרויסגע־האַנגען וואַל־פּלאַקאַטן און פאַרשידענע אויפשריפטן. די קעגנערס האָבן צעקלאַפּט די שויב און אויך נישט געשוינט מיין פאָטער. מיין מוטער האָט געוויינט:

— ביסט אַ טאַטע פון קינדער, האָב אויף אונדז רחמנות, מיש זיך נישט אין קהלישע געשעפטן...

מיין פאָטער איז געווען זייער טריי און צוגעבונדן צו דער משפחה, ער האָט אָבער אויך ליב געהאַט זיין באַוועגונג און אירע אידעאַלן און גרייט געווען זיך פאַר זיי מקריב צו זיין.

אַז די שטורמישע וואַל־טעג זענען פאַריבער און די צעהיצטע געמיטער האָבן זיך באַרואיקט, האָבן די נעכטיקע קעגנער מיט דרך־ארץ דיסקוטירט מיט מיין פאָטער וועגן וועלט־פּאָליטיק, יידישע ענינים און לאָקאַלע אָנגעלעגנהייטן.

ווען ס'האָט אין וואַרשע אָנגעהויבן דערשיינען די טאָג־צייטונג פון דער אגודה „דאָס יידישע טאָגבלאַט", האָט מיין פאָטער זי געוואָלט פאַרשפּרייטן אין פּאַלע־ניץ. ס'האָט זיך ווידער צעפלאַקערט אַ מחלוקת. די אייגנטימערין פון קיאָסק האָט בשום אופן נישט גע־וואָלט האַלטן די צייטונג. האָט מיין פאָטער אַרויסגע־שטעלט די צייטונג אין שויפענצטער פון אונדזער גע־וועלבל — און מ'האָט ביי אונדז ווידער געהאַקט שויבן... מיין פאָטער האָט אַריינגעשטעלט אַ נייע שויב און הינטער איר — „דאָס יידישע טאָגבלאַט". אַזוי אַ פּאָר מאָל, ביז ס'איז געקומען צו אַ שלום. די אַלמ־נה, די אייגנטימערין פון קיאָסק, האָט אויך נאָכגע־געבן.

מיט דער זעלבער עקשנות האָט ער געפירט אַ קאַמף מיט די פּאָליאַקן ערב די וואָלן צום שטאָטראָט. דאָ זענען שוין אַלע יידישע כוחות געווען פיל־ווייניק פאַראייניקט: די ציוניסטן, קאָמוניסטן, בונדיסטן און אגודת ישראל.

מיט מסירת נפש האָט מיין פאָטער פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד בכלל און פונעם פּרט — אוודאי און אוודאי. אהבת ישראל איז ביי אים געווען די העכ־סטע מדריגה.

כבוד זיין אָנדענק!

רייזל כץ

## מרדכי־דוד בראון

ער איז געווען פון די גרינדער און אַקטיווסטע טוער פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּאַלעניץ. זיין יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט, אידעאַ־ליזם און שטאַרקע אמונה, האָט ער אַוועקגעגעבן פאַר ארץ־ישראל. ער האָט 24 שעה אין מעת־לעת געלעבט מיט דעם ציוניסטישן אידעאַל און מיט דער „מדינה אונטערוועגנס".

מיין עלטערער ברודער מרדכי־דוד איז געווען אַ העברעישער לערער און די שפּראַך פון די אָבות געלערנט מיט קינדער און דערוואַקסענע. דער צענ־טראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע האָט אים געשיקט מיט רעפעראַטן און פאַרלעזונגען איבער שטעט און שטעט־לעך אין פּוילן. און די דאָזיקע שליחות האָט ער דערפילט מיט אַ סך טרייִשאַפט.

אין טאָג פון חמשה־עשר בשבט, האָט מרדכי־דוד צוגעגרייט „ארץ־ישראל־מתנות" פון טייטלען, פייגן, באָקסער אד"גל — און די פעקעלעך פונאַנדערגע־טראָגן צו חברים און פריינד. אין דרויסן האָט גע־קנאַקט די פראָסט, אָבער מיין ברודער איז געווען וואַרעם אויף דער נשמה... בכלל איז אונדזער היים געווען אַ דורכאויס ציוניסטישע. מיין צווייטער ברו־דער, לייבל, איז אויך געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט, נאָר מער נוטה צו די רעוויזיאָניסטן. איך

געדענק די אָפּטע דיסקוסיעס און אַמפּערנישן פון ביידע.

בעת די אומרוען אין ארץ־ישראל אין יאָר 1929, איז אין פּאָלעניץ פאָרגעקומען אַ גרויסער פּראָטעסט־מיטינג קעגן אַראַבישן טעראָר און קעגן דער פּאָליטיק פון דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט. מרדכי־דוד האָט דעמאָלט אין לײדנשאַפטלעכע ווערטער אויסגעדריקט דעם פּראָטעסט און צאָרן קעגן די עוולות וואָס ווערן באַגאַנגען כלפּי דעם יידישן פאָלק. אין יענער צייט האָט ער אַוודאי נישט געקענט זיך פאָרשטעלן, אַז די וועלט וועט שפּעטער זיך צוקוקן צו גרעסערע עוולות — ווי אויסמאָרדן אַ גאַנץ פאָלק — און שווייגן.

אויך ער האָט געטיילט דעם גורל פון די פאַרשניטענע יידישע משפּחות פון פּאָלעניץ. כבוד זיין אָנדענק!

יוסף בראָון

## העוסקים בצרכי ציבור

מיט גרויס כבוד פאַר מיין געבורטס־שטעטל, שרייב איך וועגן עטלעכע געשטאַלטן פון די פּאָלעניצער יידן, וועלכע האָבן זיך שטאַרק איינגעקריצט אין מיין זכרון. דאָס זענען געווען יידן פון אַ גאַנץ יאָר, וועלכע האָבן אויסער זייערע טאָג־טעגלעכע דאגות פרנסה, געזאָרגט אויך פאַר אַנדערע יידישע היימען — מ׳זאָל דאָרט, חלילה, נישט הונגערן און פילן די נויט. פאַר זיי איז געווען ווי אָפּגעמאָסטן די באַצייכענונג — העוסקים בצרכי ציבור.

געווען אויך אין אונדזער שטעטל אַן אינטעליגענטע יוגנט, פול מיט לעבן און אידעאַלן, איבערגעגעבן דעם יידישן ציבור. אַלע ציוניסטישע גרופּן, פון בית״ר ביזן השומר הצעיר, האָבן געפירט אַ פרוכטבאַרע קולטור־אַרבעט, און די אַרבעטער־באַוועגונג אין פּאָלעניץ האָט אַרומגענומען די גאַנצע יוגנט און פאַרשאַפט כבוד אונדזער ישוב מיט זייערע קולטור־קרייזן, מאַנדאָלין - אָרקעסטער, אַמאַטאָרן - טרופּע, ספּאָרט־קלוב „סקרא״.

פּאָלעניץ איז אויך געווען אַ גרויסער צענטער פון חסידיזם — סיי פון די, וואָס האָבן געלעבט אין שטעטל, סיי פון די, וואָס פלעגן דאָ קומען אויף אָפּרו. ווי דער גערער, ראַדזימינער, זוואָלינער און וואָלאַמינער רביים, און אַנדערע צדיקים און אויטאָריטעטן פון דער רבנישער וועלט.

ווי געזאָגט, וועל איך אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר בלויז אייניקע געשטאַלטן פון דעם יידישן פּאָלעניץ, וואָס איך געדענק אויף אַ באַזונדערן אופן.

### ר׳ אביגדור ארנטרעגער ז״ל

זיין שיינע געשטאַלט שטייט מיר אָפּט פאַר די אויגן. אַ ייד מיט אַלע שיינע מידות. הגם זיין האַרץ האָט געבלוטיקט צוליבן אומגליק פון זיין ליבער פרוי, וועלכע איז יונגערהייט געוואָרן פּאַראַליזירט, האָט ער טאָג און נאַכט געאַרבעט פאַרן כלל, געווען אַ צייט פּרעזעס פון דער קהילה, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער תלמוד־תורה און לינת־הצדק. די מתפּללים פון גרויסן בית־המדרש וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיין האַרציק דאַווענען אין די ימים נוראים. אפילו די וואָס האָבן נישט אַלץ פאַרשטאַנען פון די תפילות, האָבן געפילט, אַז ביי אים קומט עס פון טיפן האַרץ, דברים היוצאים מן הלב...

### ר׳ שלמה דער מילכיקער

פאַר אים האָט גיכער געפּאַסט דער נאָמען רודף שלום. ווי נאָר מע האָט געדאַרפט שלום מאַכן, צונויפפירן ביי איין טיש צוויי צעקריגטע יידן — איז עס תמיד געווען ר׳ שלמה. מיט זיין גוטן הומאָר פלעגט ער אַלץ דערגרייכן. אויך בעת פאַמיליע־מחלוקתן האָט מען געוווּסט, אַז נאָר ר׳ שלמה קען דערפירן צו אַ שלום־בית. און געטאָן האָט ער די אַרבעט שטיל, באַשיידן, קיינער זאָל נישט וויסן וואָס עס קומט פאַר אינעם משפּחה־לעבן פון געוויסע פּאָלעניצער יידן.

ער האָט געהאַט אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר דער יוגנט און אירע פּראָבלעמען, דערפאַר פלעגט מען זיך אים אָנפאַרטרויען אין פאַרשידענע געלעגנהייטן. אַזוי, למשל, אַז איך האָב באַדאַרפט צוגרייטן מיינע עלטערן, אַז איך פאָר אינגיכן אויף הכשרה — האָב איך די שליחות איבערגעגעבן ר׳ שלמהן. אַ דאַנק אים האָב איך אָן סקאַנדאַלן און מיט אַ רואיק געוויסן, געקענט אַוועקפאָרן פון דער היים אויף אַ לענגערער צייט.

### ר׳ יוסף ליבערמאַן

אַ טיפּ פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער, אַן עסקן, ראַטמאַן אין דער קהילה. הגם אַ חסיד און איינער פון

די מקורבים פונעם פוריסאָווער רבין, איז ער גלייכ־צייטיק געווען אַקטיוו אין דער מזרחי־פּאַרטיי.

## ר׳ ברוך איידלשטיין

גיכער באַקאַנט אַלס ברוך פישער. איך געדענק אים אַלס פאַרמיטלער ביים קויפן און פאַרקויפן פּרוכטן. דער דאָזיקער ייד האָט אין זיך פאַרמאָגט אַ סך איידל־קייט, שטענדיק באַמיט זיך צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון די אָרעמע פרויען און מענער, וועלכע האָבן געצויגן זייער חיונה פון קויפן אַ ביסל פּרוכטן און זיי אַרומטראָגן אין די ווילעס. נישט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז אַזאַ אויבסט־הענדלערין איז געקומען צו ר׳ ברוכן און פאַר אים געוויינט, אַז אין דער פינצטער האָט זי נישט געזען אַ וואָסער סחורה זי קויפט און דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז געוואָרן אָפּגענאַרט. אירע לעצטע עטלעכע זלאָטעס זענען באַגראָבן געוואָרן. אין אַזעלכע פאַלן האָט ר׳ ברוך געהאָלפן מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט און מיט וואָס ער איז געווען אימשטאַנד. אָפט פלעגט מען אים זען אַרומגיין אין שטעטל צונויפזאַמלען פאַר נויטבאַ־דערפטיקע. ר׳ ברוך איז אויך געווען געזעלשאַפטלעך אַקטיוו אין דער מזרחי און גלייכצייטיק געווען אַ גרוי־סער פריינד פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, שטאַרק זיך אינטערעסירט מיטן ספּאָרט־קלוב „סקראַ״. נישט איין שבת האָט מען געזען ר׳ ברוכן גיין אין בית־המדרש צו שלוש־סעודות... גלייך פון ספּאָרט־פּלאַץ. אויף אים פלעגט מען זאָגן: אַן עלטערער ייד מיט אַ יונגע נשמה...

## הערשל געלבטרונק

געווען אַ לאַנגע צייט פּרעזעס פון דער פּאַלעניצער קהילה, לאַווניק אין מאַגיסטראַט, פּרעזעס פון תּלמוד־תּורה און לינת־הצדק, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין סוחרים־פאַראיין, קאָמיטעט־מיטגליד אין מזרחי.

איך געדענק מיין עלטערן ברודער הערשל, וועל־כער האָט געזען אין זיין לעבן אין איינציקן ציל: העלפן אַנדערע. זיין שטוב איז תּמיד געווען אָפן פאַרן ליידנדיקן און אָרעמען. צוזאַמען מיט זיין גוטהאַרציקער געטרייער פרוי חנה ז״ל, האָבן זיי זיך דערוואָרבן אַ שם, אַז פון זייער היים גייט מען שטענדיק אַרויס אַנגעזעטיקט — אין גייסטיקן, ווי אין פיזישן זין.

יעדער אָרעמאַן, וועלכער האָט זיך געניטיקט אין מעדיצינישער הילף, אין מאַטעריעלער שטיצע, אין אַן עצה — האָט זיך געווענדט צו הערשלען. ער פלעגט אַרויסגעבן צעטלען אין אַפּטייק אויף אומזיסטיקע רעצעפּטן; אין אַ שפּייז־געוועלב — אויף אַ ביסל פּראָדוקטן. ער איז געווען באַליבט פון אַלע קרייזן, נישט געקוקט אויף זיין יונגן עלטער (ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די שוידערלעכע מלחמה אין יאָר 1939, איז ער אַלט געווען 41 יאָר).

איך געדענק זיין פרייד און גליק, ווען אים איז גע־לונגען צו פועלן ביי אַ פאַרמעגלעכן וואַרשעווער ייד, מענדעלסאָן, ער זאָל פאַר זיין געלט אויפשטעלן אין פּאַלעניץ אַ תּלמוד־תּורה פאַר אָרעמע קינדער — און גלייכצייטיק געזאָרגט, אַז די קינדער זאָלן יעדן טאָג טרינקען אַ גלאָז מילך און ווינטער זאָלן זיי באַקומען צו אַ פּאָר שטיוועלעך.

וועגן הערשלס כאַראַקטער און אָרנטלעכקייט דער־ציילט אַמבעסטן דער פאָלגנדיקער פאַל:

הערשל האָט געהאַט אַ קאָלעקטור. אין יאָר 1935, אַ געוויסן דאָנערשטיק, אין טאָג פון דער ציאונג, איז צו אים געקומען אַן אומבאַקאַנטע פרוי און געבעטן צו פאַרקויפן איר אַ „פערטעלע״ פון אַ לאָטעריע־צעטל. געלט וועט זי האָבן ערשט צומאָרגנס, פרייטיק, ווען איר מאַן קומט צו דער משפּחה אויף שבת, ווי־עס האָבן זיך געפירט דער רוב לעטניקעס פון וואַרשע. אַזוי ווי זי האָט נישט ביי זיך קיין געלט, פאַרמשכנט זי איר קידושין־רייפל. זי וווינט אין קוקאַווקעס ווילע. דעם „לאָס״ מוז זי קויפן, ווייל איר מאַמע ע״ה איז איר געקומען צו חלום און אַזוי איר געהייסן טאָן.

הערשל האָט נישט געוואָלט פאַרשאַפן קיין עגמת־נפש דער פרוי און איר געגעבן אַ „פערטעלע״. דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט הערשל געוווּסט, אַז דער לאָס האָט זוכה געווען 10.000 זלאָטעס און אויף דער פרויס חלק קומט אויס 2.500 זלאָטעס. צומאָרגנס, פרייטיק, איז די פרוי מיטן מאַן געקומען צו הערשלען אין דער קאָלעקטור, נישט ווויסנדיק גאָרנישט וועגן געווינס. זי — אַ פאַרוויינטע און צעטומלטע; ער — אַן אויפ־געערגטער און מיט אַ סקאַנדאַל, הלמאי מע נאַרט אויס ביי אַ פרוי אַ חתונה־רינגל. הערשל האָט אויס־געמוסרט דעם יונגנמאַן פאַר זיין ברוטאַלער באַציאונג צו דער פרוי — און דערנאָך זיי אַנגעזאָגט די גוטע בשורה. איך בין גראָד געווען אין דער קאָלעקטור — און כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד, ווי

דער מאַן האָט זיך אויפן אָרט פונאַנדערגעוויינט ווי אַ קליין קינד. ער האָט פאַרגעלייגט הערשלען אַ העלפט פון געווינס, נאָר מיין ברודער האָט דערפון נישט געוואָלט הערן. ער האָט זיי געבעטן צו שפענדן צו 50 זלאָטעס פאַר דער תלמוד־תורה און פאַרן לינת־הצדק.

אַזאַ איז געווען מיין ברודער הערשל — אַ שטאָלצער ייד, אָן וועלכן ס'איז שמץ פון אַ מה־יפית, ווען ער האָט באַדאַרפט אויפטרעטן פאַר דער פוילישער שררה.

וועגן זיין אומקום איז דאָ אַ ווערסיע, אַז אין יאָר 1942 זאָלן די דייטשן אים האָבן דערשאָסן עפנטלעך, צוזאַמען מיט אַ פאָרשטייער פון דער פוילישער באַפעלקערונג.

יהי זכרו ברוך!

מיכאל יצחקי (געלבטרונק)

## פאַלעניצער בעקער־משפחות

איך האַלט פאַר אַ חוב צו דערמאָנען, כאָטש אין עטלעכע ווערטער, די נעמען און געשטאַלטן פון די פאַלעניצער בעקעריי־אייגנטימער און זייערע משפחות, וואָס דער גרעסטער טייל איז אומגעקומען על קידוש־השם, בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

לייזער־נח און מרים־טובה צימליך, מיט זייערע זין מלך־הערשל, משה און בולע, ווי אויך די טעכטער. אַלע האָבן געאַרבעט אין דער בעקעריי. צימליכס בעקעריי איז ספעציעל באַרימט געוואָרן אין יאָר 1932, ווען דער פאַלעניצער בעקער־פאַראיין האָט באַשלאָסן דאָרט אַריינוואַרפן אַ שטינק־באָמבע, ווייל ר' לייזער־נח האָט געוואָלט אָנערקענען דעם פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די „פראַקעס".

יאָסל גאָלדפאַרב (יוזעפאָווער), אַ שיינער הויכער ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד. ער האָט געפירט די בעקעריי מיט זיין זון בנימין־מלך, וועלכער האָט געהאַט אַ בלאָנד, שפיציק בערדל. זיי זענען תמיד געווען די ערשטע אונטערצושרייבן די פאָדערונגען פון פאַראיין.

שלום־יאָסל צעשינסקי מיט זיינע זין דן און לייבל און זיין איידעם אברהמטשע קאַלקאָוויטש. זיי אַלע האָבן אַליין געאַרבעט אין דער בעקעריי. אומגעקומען על קידוש השם.

אייזיק קאַמיאָנקאָווסקי מיט זיינע צוויי זין שמחה און מענדל. ר' אייזיק איז געווען באַקאַנט אין שטעטל דערפון, וואָס פריער ווי עלף ביינאַכט פלעגט ער נישט פאַרן ברענגען די צוויי זעקלעך מעל צום אויסבאַקן. דער מאַגאַזין איז ביי אים תמיד געווען ליידיק. מיטן פאַראיין האָט ער זיך קיינמאָל נישט איינגעריסן. בעת דער אָקופּאַציע, זענען אַלע דריי געווען באַהאַלטן אין זייערס אַ ווילע אין מיכאַלין. צום סוף האָט זיי־ווער פון די שכנים געמסרט און אַלע זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן. מ'האָט זיי באַגראָבן אויפן אָרט מיט זייערע פרויען און קינדער.

די ברידער אַקערמאַן, שטאַרקע בעל־עגלעס. איי־נער פון זיי, מרדכי, האָט געוואויגן 180 קילאָ. אָנשטאָט אַ פאַסיק, האָט ער אויפן בויך געטראָגן אַ געשפאַן פון אַ פערד. געאַרבעט אין בעקעריי מיט זיינע עלטע־רע קינדער. ער האָט געהאַט זיבן זין — אַלע זענען אומגעקומען פון היטלערס רוצחים.

גדליהו סטשעסאַק האָט געהאַט אַ בעקעריי און אַ קאָנדיטעריי (צוקערניע) אין מיכאַלין. באַקאַנט געווען אין פאַלעניץ אַלס אַקטיווער ציוניסטישער טוער, ראַטמאַן אין דער קהילה און אין דער גמינע. ער, זיין פרוי יהודית און די קינדער זענען אומגעקומען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

גדליהוס פאָטער, ר' איטשע, איז געווען באַוווּסט אַלס סאַלטיס פון מיכאַלין. מיט יעדן זיך געוויצלט, דער־לאַנגט אַ שמעק טאַבאַק. געווען באַליבט ביי יידן און קריסטן. די פאַמיליעס סטשעסאַק (איטשע און יאָסל), זענען געווען די עלטסטע תושבים פון פאַלעניץ.

שלמה פרידמאַן (דער טאַבאַק־שמעקער, ווי מ'האָט אים גערופן), אַ גרויסער חסיד, האָט צוזאַמען מיט זיין איידעם געאַרבעט און געפירט אַ בעקעריי און צוקערניע אויף דער האַנדלאָווע גאַס. זיי אַלע זענען אומגעקומען, צוזאַמען מיט זייערע געהילפן, וועלכע האָבן זיי געהאָלפן באַקן און פאַרקויפן — הערש־בינם צימליך מיט זיינע זין יאַנקל און מאיר און זיינע דריי טעכטער.

יאַנקל און אסתר־רבקה קאַמיאָנקאָווסקי זענען גע־ווען באַקאַנט מיט זייער גרויס דריי־טירנדיק גע־שעפט, וואָס איז געווען אָפן זומער און ווינטער. דאָרט האָט קיינמאָל נישט אויסגעפעלט קיין געבעקס. זיי האָבן געהאַט עלף קינדער. דער גרעסטער טייל פון דער פאַרצווייגטער משפחה איז אומגעקומען. אַן איי־ניקל (יאַנקל ליבערמאַן) לעבט אין ישראל און אייניקע

קינדער פון קאַמיאַנקאָווסקין לעבן אין בעלגיע און אין אַמעריקע.

יוסף טשאַרני מיט זיין פרוי און אַ סך קינדער האָבן געהאַט אַ קליינע בעקעריי אין פאַלעניץ. איין זון זייערן האָב איך געזען אין פוילן אין יאָר 1950, אַלס מיליטער־מאַן. דער גורל פון די אַנדערע איז מיר נישט באַקאַנט.

וועגן די פוילישע בעקעריי־אייגנטימער, ווי מיכאַל־סקי, וואָווער און אַנדערע קען איך זיך נישט קיין סך אָפּשטעלן.

זאָלן מיר מוחל זיין די, וועמענס נעמען כ׳האָב נישט דערמאָנט, זיי זענען מיר פשוט אַרויס פון זכרון...

שמואל קאַמיאַנקאָווסקי / ברייסעל

## מיין פאטערס הויז

אַ גאַנצע וואָך איז מיין פאָטער — גדליהו־משה גרינפאַס — געווען פאַרנומען מיט דאגות פרנסה פאַר דער פאַמיליע (פינף זין און דריי טעכטער). מיין מו־טער איטע־רבקה, אַן אשת־חיל, האָט געפירט די גאַנ־צע בעל־הבתישקייט פון הויז.

מיטן אָנקומען פון שבת, האָט אַלץ זיך געביטן אין אונדזער שטוב. פרייטיק־צו־נאַכטס האָט מיין מוטער אָנגעצונדן צען ליכט — פאַר יעדן נפש פון הויז איין ליכט. די מאַמע איז דאַן געווען אָנגעטאָן ווי אַ פּרינ־צעסין, וואָס גרייט זיך אויפצונעמען די שבת־מלכה. מיין פאָטער איז אַוועק דאַווענען אין גראַדזשיסקער שטיבל, אין באַגלייטונג פון די פינף זין. מיר, די טעכטער, פלעגן גרייטן דעם טיש און געוואַרט ביזן אומקערן זיך פון טאַטן מיט די ברידער, וואָס זענען שטענדיק געקומען מיט אַן אורח. אין שטיבל האָט מיין פאָטער מקבל שבת געווען און די זין האָבן אים צוגעהאָלפן.

די פרייטיק־צונאַכט־סעודה איז געפירט געוואָרן מיט פייערלעכקייט. די גאַנצע פאַמיליע האָט געזינגען „שלום עליכם" און „אשת חיל", אַז די שכנים זענען זיך צוזאַמענגעקומען הערן דאָס געזאַנג. לכבוד שבת פלעגט מיין מוטער אָפּבאַקן י"ב חלות.

איך דערמאָן זיך, אַז אין מיין פאָטערס הויז איז פאָרגעקומען די גרויסע שמחה פון אָנהייבן שרייבן אַ ספר־תורה, צו וועלכער ס׳איז ספּעציעל געקומען דער גראַדזשיסקער רבי, און שפּעטער — דער סיום־הספר. גאַנץ פאַלעניץ איז דאַן געווען באַהערשט פון אַ פרייד, מ׳האָט געטאַנצט און געזונגען אין די גאַסן. צום סיום־הספר זענען אַפילו פאַרפאַסט געוואָרן ספּע־ציעלע ניגונים.

היינט איז פון דעם דאָזיקן בכבודיקן פאַלעניצער הויז געבליבן בלויז אַן אָנדענק, באַגלייט מיט אַ טיפן ווייטיק וואָס דאָס הויז, ווי די אַנדערע ייִדישע הייזער אין פאַלעניץ, זענען מער נישטאָ...

גילה בן־גיל (גרינפאַס)

## די משפחה בראון

נאָך איצט שטייט מיר פאַר די אויגן אונדזער שטעטל פאַלעניץ, מיט אירע שיינע סאָסנע־ביימער און וועלדער, די האַנדלאָווע גאַס, וווּ ס׳איז געשטאַנען אונדזער הויז. דאָרט האָט געוווינט אונדזער משפחה און אויך געפירט אַ שפּייז־געוועלב, ווו די גאַנצע סוחרטע איז געווען מיין האַרציק־פרומע און גוטע מאַמע צימעלע.

אין די יוגנט־יאָרן האָב איך געאַרבעט אין וואַרשע. כ׳געדענק, ווי מיין מאַמע האָט זיך געפרייט, ווי נאָר זי האָט פרייטיק פאַר נאַכט מיך געזען אָנקומען. איר פּנים האָט געשיינט פון גליק. איר פרומקייט האָט איר נישט געשטערט צו לאָזן אַלע קינדער באַזוכן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וווּ מיר האָבן זיך קולטורעל און געזעלשאַפטלעך אויסגעלעבט אויף אַ גאַר אַנדערן אופן ווי מ׳איז דערצו געוווינט געווען אין דער היים.

מיין ברודער מרדכי־דוד בראָון איז געווען פאָרזי־צער פון דער פאַלעניצער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון אָרטיקן קאָמיטעט פון קרן־קיימת. ער פלעגט אָפט אַרויסטרעטן מיט זייער אינטערעסאַנטע רעפע־ראַטן און אויף די קעסטל־אָוונטן פאַרענטפערט און אויפגעקלערט האַרבע פראַגן. ער איז געווען אַ פּאָ־ליטיש רייפער מענטש, און צו דעם אַלעמען — אַ לערער פון עברית, פויליש און ייִדיש. געקענט אויך ענגליש. אַבאָנירט די העברעישע „הצפירה" און דעם פוילישן „נאַש פשעגלאָנד", וווּ ר׳האָט פון צייט צו צייט אָפּגעדרוקט זיינע אַרטיקלען.

דער אַנדערער ברודער, לייבל, איז אויך געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. זיין באַרוף — לערער פון עברית, ייִדיש און פויליש. ער

האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות, אונטערגעחתמעט פון 10 רבנים. ער האָט אָבער דערפון נישט געוואָלט מאַכן אַ פּרנסה־זאַך. ס׳איז אים ליבער געווען צו לערנען קינדער. ער האָט אויך געשפּילט פידל. איך געדענק נאָך איצט די שיינע מעלאָדיעס, וואָס ער פלעגט אַרויסבאַקומען פון זיין פידעלע. נאָך דער חתונה האָט ער געפירט אַ געשעפט מיט שוסטער־צודאַטן, אויך אין אונדזער הויז, ווו ר׳האָט געוווינט מיט זיין פרוי גנענדל און צוויי שיינע קינדערלעך — ברכהלע און שמואל־חיים.

מיין שוועסטער חנה האָט געהאָלפן דער מאַמען פירן דאָס שפּייז־געוועלב. אין יאָר 1938 האָט זי חתונה געהאַט מיט פיניע פריידנרייך און געוווינט אין אונדזער הויז.

די יינגסטע שוועסטער — אסתרל (עסטושע), האָט אַהיים, כדי די מאַמע זאָל נישט זיין אַליין און וועגן איר איבערקלערן. אויך דאָס דאַזיקע קינד, מיט אירע שיינע בלאָע אויגן און העל־בלאָנדע האָר, האָט גע־טיילט דעם שרעקלעכן גורל פון די פּאַלעניצער יידן און פון מיין שיינער, שטילער משפּחה.

יהי זכרם ברוך!

שושנה בראַון־זוכמאַן / רמת־השרון

## די בלויע פּאַרנאַכטן פון מיין חבר אברהמל זילבערשטיין

אין אַ קאַלטער, פּאַלעניצער ווינטער־נאַכט, האָב איך זיך צוגעהערט צו דער פאַרכישופטער מעלאָדיע פון אברהמלס לידער. צונויפגעקאַרטשעט אַרום דעם קאַר־גן פייער אין קן פון פּאַלעניצער בית״ר, האָבן זיינע לידער געוואַרעמט מיך און אַנדערע...

אויף די שויבן האָט דער ווינטער געמאָלן זיינע פאַנטאַסטיקע בילדער — און מיר האָבן געזען בלאָע כוואַליעס פון מיטללענדישן ים, שיפן מיט עולים, יונגע פרייד און געזאַנג, קעמפערישן מוט. שיפן וואָס רייסן זיך צום זוניקן היימלאַנד... אַזאַ איז געווען דער כוח פון אברהם זילבערשטיין, דאָס איז געווען זיין סוגעסטיווער צויבער.

ווייניק איז פאַרבליבן פון זיינע לידער. דער רוב איז פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט אים. און די פאַרבליבענע זענען צופעליק שוואַכערע לידער פון די אַוועקגעקו־מענע. פאַר אונדז, זיינע חברים, זענען די פאַרבליבענע שירים אַ קדיש נאָך דער דיכטערישער, פילבאַרער נשמה פון אונדזער אברהמלען. ס׳איז בלויז אַ פּאַר־איינצלטער טאָן, וואָס דערמאָנט די גאַנצע מעלאָדיע; ס׳איז אַ באַשיידענע מצבה, וואָס דערמאָנט דעם מענ־טשן, זיין לעבן, שאַפן און — — — זיין טראַגישן אומקום.

די האַנט לייגט זיך נישט צו שרייבן קיין סך וועגן אברהמלען. זאָלן זיינע צוויי בריוו צו דער משפּחה אין ארץ־ישראל און ליד דערציילן וועגן אברהמלס גייסטיקער וועלט, זיין טרוימערישער נשמה און ליבע צו ציון.

אויף דער צווייטער זייט פון זיין בילד, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן דאָ, איבערגעשיקט פון פּאַלעניץ דעם 8.11.1932, שרייבט אברהם זילבערשטיין צום פעטער און מומע:

איבער וועגן, איבער ימען
אין אַ לאַנד אַ ווייטן,
זאָל אייך מיין בילד דערמאָנען
פאַרגאַנגענע צייטן!

זאָל טאַקע זיין בילד און די דאָזיקע שורות דערמאָ־נען דאָס געשטאַלט פונעם פּאַלעניצער בחור אברהמל — דער טרוימער, קעמפער און דיכטער.

אָט זענען די צוויי בריוו זיינע:

צו מיינע טייערע און ליבע פעטער און מומע!

אַמערשט קען איך שרייבן, ווי עס פירט זיך ביי אונדז יידן, אַז מיר זענען ב״ה אַלע געזונט, נאָר וואָס עס פאַנגעוועט נאָך דאָ (ווי אין דער גאַנצער וועלט) דער קריזיס...

מאי קא־משמע־לן דער קריזיס,
וואָס־זשע לאָזט ער אונדז דען הערן?
אָפּגעשוירן אַלע שעפסן,
שוין ניטאָ היינט וועמען שערן...

און איצט — צו מיין ענין:

איך בין איינגעשטיגן אין אַ קופּע דריטע קלאַס אין צוג וואַרשע־אָטוואָצק. איך האָב דאָרט געטראָפן אַ מנין מענטשן, פרויען און מענער. ווי דער שטייגער, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעהויבן קלערן וואָס טוט מען איבער דער צייט, ווייל צום לייענען האָב איך גראָד נישט געהאַט וואָס. האָב איך אָנגעהויבן אָבסערווירן און באַטראַכטן אַלע און אַלץ אין וואַגאָן. אַזוי האָב איך אָנגעהויבן ביי די פענצטער, די לעמפּ־

לעך, אויפשריפטן און אויף וואָס דאָס אויג האָט זיך אָנגעשטויסן. אַלץ דורכגענומען, האָט מיין בליק זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַן עלטערן ייד, וועלכער איז געזעסן אַקעגן מיר. כ'האָב באַמערקט אַ טיפן טרויער אינעם יידס אויגן. ווער ווייסט — אפשר טרויערט ער וואָס זיינע אייניקלעך אָדער קינדער גייען אויף שלעכטע דרכים? צי עפּעס אַנדערש? בעצם, נישט מיין


אברהם זילבערשטיין ז"ל

עסק, כ'גיי נישט זוכן פאַר וואָס דער ייד איז טרויעריק.

איך פיר איבער מיין בליק ווייטער, צו אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 24, וועלכער זיצט אַ טיף פאַרקלערטער, די אויגן אָנגעצילט אין איין פּונקט. דעם דריטנס פאַר אויגן זענען געוועזן אַזוי שטאַרק אויפגעריסן, אַז כ'האָב שנעל אויפגעהערט אויף אים קוקן. און אַזוי כסדר און ווייטער, ביז כ'בין צוגעקומען צום לעצטן פּאַסאַזשיר — אַ יונג, שיין מיידל איז געשטאַנען ביים פענצטער, אַרויסגעקוקט מיט אירע פאַרחלומטע אויגן, איינגערעמטע אין שוואַרצע ברעמען. איך האָב שנעל אַוועקגעכאַפּט מיין בליק, אָנגעהויבן לייענען מיין כאַן־בילעט, נישט וועלנדיק שטערן איר חלום אויף דער וואָר...

קומענדיק אַהיים, האָט מיין פעדער זיך גענומען בעטן כ'זאָל עפּעס שרייבן (אוי, די פעדער, די פעדער !). יונגערהייט האָט זי מיך געפאַנגען אין איר נעץ און רק זי פּייניקט מיך טאָג און נאַכט: שרייבן ! שרייבן ! „איך דערקען אין דיינע אויגן" — טענהט צו מיר די פעדער — „אַז דו קענסט און ווילסט עפּעס אָנשרייבן". האָב איך אין שפּיגל אָנגעקוקט מיינע אויגן און איינגעזען, אַז זיי זענען ווי אַ שפּראַך: זיי דריקן אויס פרייד און צער, ליבע און האַס. פאַרפאַלן, האָב איך גענומען די פעדער אין האַנט און אָנגעשריבן מיין דערציילונג (אַ ברירה האָב איך געהאַט ?).

איך בעט אייך, מיינע טייערע פעטער און מומע, איר זאָלט מיר שרייבן אייער מיינונג, אייער רעצענזיע וועגן דער דערציילונג, וועלכע איז די ערשטע גרעסערע זאַך אין פּראָזע, וואָס איך האָב אָנגעשריבן. מעגלעך, אַז עס זענען דאָ פעלערן (וועלכע איך קען אגב צושרייבן דער פעדער, ווייל זי איז געווען דער יצר־הרע און צוגערעדט צו אַזעלכע זאַכן). נאָר פאַרפאַלן ! איך באַטאָן נאָך אַמאָל, אַז אַ חוץ הומאָרעסקעס, וועלכע כ'האָב געשריבן, איז דאָס מיין ערשטע דערציילונג.

איך דערוואַרט ענטפער, פאַרבלייבט מיט ציון־גרוס:

אברהם זילבערשטיין

פאַלעניץ, 7.4.31.

*

צו מיינע ליבע מומע און פעטער !

זייענדיק צופעליק ביי דער באָבעשי אַלס גאַסט, נוץ איך אויס די געלעגנהייט צוצושרייבן אַ פאָר ווערטער צום בריוו, וועלכן מע שיקט איצט קיין ארץ־ישראל.

אין דרויסן איז אַ קאַלטע פינצטערע נאַכט. זי וואַרפט אַן אַ שרעק. אַ דריבנע רעגנדל האָט אַלעמען אַריינגעיאָגט אין די שטובן. זיצן מיר טאַקע ביי דער באָבעשי און מע שמועסט געמיטלעך וועגן פאַרשידענע זאַכן — ביז מע נעמט זיך צום שרייבן.

עס שווימען אויף פאַרשידענע זכרונות פון די אַלטע יאָרן, וועלכע די באָבעשי דערמאָנט זיך און דערמאָנט אויך די צייטן, ווען דו, מומעשי, ביסט נאָך

געוועזן אין דער היים. אַזוי שווימען זיך זכרונות איינע נאָך די אַנדערע.

מכתב (בחרוזים) שס אברהמ׳ל זילברשטיין לחברו בארץ־ישראל

אַ בריוו (אין פּערזן) פון אברהמל זילבערשטיין צו זיינעם אַ חבר אין ארץ־ישראל

מיט אַ באַזונדערער צופרידנקייט נעם איך די פּע־דער כדי איך שרייבן אַ פּאָר ווערטער. שוין לאַנג, גאָר לאַנג נישט געשריבן צו איך. ס׳איז אויך אַוועק אַ סך צייט וואָס מיר האָבן פון אייך נישט געהאַט קיין בריוו.

אַ מאָדנע בענקשאַפט צעגיסט זיך, דערמאָנענדיק זיך, אַז אַנשטאָט אַזאַ רעגנדיק־פינצטערע־שטורמישע נאַכט, זיצט איר, צי שפּאַצירט, אונטער די וואַרעמע בלויען הימלען פון הייליקן, זיך פרידלעך־בויענדיקן לאַנד. און דאָ שמייסט אין פּנים דער רעגן און ווינט. זיצנדיק ביים טיש, מוזן מיר זיך באַגנוגענען מיטן בלויזן טרוים און האָפענונג, אַז מע וועט זיך ווען זען אין לאַנד. עס טרעפט, אַז זיצנדיק אין אַזוינע פאַר־נאַכטן, פאַרוועבט אין טרוים און מחשבות, לייגט זיך דאָס געמיט צו שרייבן פּערזן — טיילמאָל לירי־שע פול מיט בענקשאַפט, טיילמאָל ווידער — מיט פאַרדרוס און כעס...

איך האַלט איצט ביים פאַרענדיקן אַ פּאָעמע „אין שטורעם״, געווידמעט אַלע געפּלאָגטע און דערשלאָ־גענע יידן. איך פיל זיך גליקלעך, אַז ס׳איז מיר גע־לונגען זי אָנצושרייבן. אַ צווייט מאָל וועל איך זי אייך איבערשיקן. אויף דער צווייטער זייט פון דעם בריוו שיק איך אייך אַ פראַגמענט פון אַ פּאָעמע „מיין באַבעשי טאַבע״.

איך שיק איין מיין האַרציקסטן גרוס ווי אויך פון טאַטעשי און מאַמעשי, וועלכע זענען אין שטוב און וועלן וואַרשיינלעך נאָך היינטיקע וואָך אייך שיקן אַ בריוו. שיקט אונדז אַ פאָטאָגראַפיע פון אייך און פון קינד.

אברהם זילבערשטיין

מיעדזשין, 19.10.32.

גרשון סעגאַל כפר חב״ד

## פּאַלעניצער רבנים, עסקנים, סתם־יידן

מ׳ין גאַלעריע טיפּן און געשטאַלטן, וועלכע שטייען איצט פאַר מיינע אויגן — איז אפשר אַ צו גרויסער פאַר אַ יזכור־בוך. כ׳האָב אָבער נישט געוואָלט אַדורכ־לאָזן קיין איינעם פון די טייערע און ליבטיקע פּער־זענלעכקייטן, וועלכע זענען מיר געקומען אויפן זכרון בעתן שרייבן און שילדערן אונדזער פאַרשניטן שטע־טל. מיינע פאַרצייכענונגען זענען בלויז דינע שטריכן, אויפגעכאַפּטע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן און אייגנ־שאַפטן פון יעדן געשילדערטן טיפּ — נאָר איך מיין, אַז אַ געוויסע פאַרשטעלונג און אַ שטיקל באַגריף פון יעדער דערמאָנטער פּערזענלעכקייט, וועט דער לייע־נער אוודאי האָבן.

זאָלן מיר מוחל זיין די לעבן־געבליבענע קרובֿים פון די, וועלכע כ׳האָב נישט דערמאָנט. איך מיין, אַז אין די אַרבעטן פון אַנדערע לאַנדסלייט, וועלכע ווערן פאַרעפנטלעכט אין אונדזער ספר, ווי אויך אין די אַלגעמיינע שילדערונגען און זכרונות, האָט מען זיכער דערציילט וועגן יענע יידן אין וועלכע איך האָב פאַרגעסן, און גלייכצייטיק דערגענצט די געשטאַלטן, וועלכע כ׳האָב יאָ דערמאָנט.

מיין רשימה איז צונויפגעשטעלט ניט לויטן א״ב, נישט לויטן יחוס און אויך נישט לויט אַ „פּאַרטייאישן שליסל״. בלויז לויטן זכרון, ווער „ס׳איז געקומען אונטער דער האַנט״. די כוונה איז געווען — זיי פאַראייביקן, אָנצינדן אַ יאָרצייט־ליכט, זיי זאָלן לדור־דורות דערמאָנט ווערן אין זייער לעבן, ווי אין זייער טויט על קידוש השם.

יהי זכרם ברוך!

*

פון די גאָר ערשטע תושבים פון פאַלעניץ, וועלכע איך געדענק און וועגן וועלכע כ׳האָב געהערט — זע־נען שוין כמעט אַלע אויפן עולם־האמת. זיי האָבן אָבער איבערגעלאָזט אַ המשך פון דורות, וואָס אויב די רוצחישע האַנט פון די נאַציס האָבן זיי נישט דער־גרייכט, בילדן זיי היינט די שארית הפליטה פונעם פאַלעניצער יידישן ישוב אין ישראל און אויף דער וועלט.

צו די גאָר ערשטע בעל־הבתים געהערן: ר׳ יחיאל־ברוך, געקומען פון פוריסאָוו, אומגעקומען על קידוש השם; ר׳ יצחק יוסף און ר׳ עקיבא גאָלדבערג — אַ משפחה מאַליאַרעס, וועלכע האָט באַדינט די גאַנצע געגנט. די פאַרצווייגטע משפחה פון ר׳ גדליהו משה גרינפּאַס.

*

ר׳ לייבל לאַנדאו איז געקומען קיין פאַלעניץ אין יאָר 1909. איינער פון די שענסטע יידן אין שטעטל. זיין יחוס־בריוו האָט ער געצויגן אַזש ביז דוד המלך. אין דעם יחוס־בריוו האָבן זיך געפונען בילדער פון מצבות פון גרויסע פערזענלעכקייטן אין די פריערדיקע דורות. איינער פון זיי — דער פּראַגער רב ר׳ יחזקאל לאַנדוי, מחבר פון באַוווסטן ספר „נובע ביהודה״. ר׳ לייבל האָט געהאַט אַ גיט הינטער קאָזשעניץ און איז געווען אָנגעזאַפּט מיט ליבע צו ארץ ישראל. ער האָט זיך געזעגנט מיט דער וועלט אין יאָר 1935, אין עלטער פון 100 יאָר.

*

דער פאַלעניצער רב ר׳ מאָטעלע האָט געצויגן חיונה פון דער קאָנצעסיע צו פאַרקויפן הייוון פאַר אַלע געבעקסן. ר׳ מאָטעלע האָט געבעטן דעם קונה ער זאָל אַליין אָפּוועגן די הייוון, מורא האָבנדיק, ער זאָל, חלילה, נישט געבן אַ נישט־ריכטיקע וואָג. ער פלעגט דערציילן, אַז ווען מ׳האָט ר׳ לוי יצחק פאַר־טריבן פון זשעלעכאָוו קיין בערדיטשעוו, האָט איינער פון די זשעלעכאָווער בעל־הבתים אים געוואָלט געבן אַ פּאַטש — האָט ר׳ מאָטעלעס באָבע אונטערגע־שטעלט איר באַק און זי האָט באַקומען דעם קלאַפּ. האָט איר ר׳ לוי יצחק געווינטשן, אַז זי זאָל זוכה זיין, אַז אירס אַן אייניקל זאָל זיין מורא הוראה בישראל.

ביי ר׳ מאָטעלען איז יעדן שבת געווען אַ מנין צום דאַווענען און ער אַליין איז געווען דער בעל־קורא. אַז זיין ערשטע פרוי איז געשטאָרבן און נישט איבער־געלאָזט קיין קדיש, האָט ער באַשלאָסן נאָך אַמאָל חתונה צו האָבן. זיין צווייטער זיווג איז געווען די עלטסטע טאָכטער פון ווייסן מענדל, וועלכע מ׳האָט דערנאָך גערופן שאשע די רביצין. זי האָט אים געבוירן אַ זון און נאָך קינדער. זיין גאַנצע משפחה איז אומגעקומען, ר׳ מאָטעלע איז נפטר געוואָרן פאַרן מבול און זוכה געווען געבערענגט צו ווערן צו קבר ישראל.

*

הרב פינקעלשטיין איז געווען באַליבט ביי דער גאַנצער אַן אויסנאַם באַפעלקערונג, אַ מענטש צו גאָט און צו לייט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ פירוש אויף תהילים. ער האָט געוווינט אין זאַלעוסקיס ווילע. אין זיין שטוב האָט זיך געפונען תורה, חכמה און גדולה במקום אחד. א ייד אַ הדרת פנים. יעדן שבת פלעגן עטלעכע בעלי־בתים דאַווענען אין בית־דין־שטיבל פון רב.

אין זיין שטוב האָט זיך געפילט די ארץ־ישראל־לופט. די פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג פון פאַלעניצער יידן קעגן די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל אין יאָר 1929, זענען פאַרגעקומען אין הויף פון הרב פינ־קעלשטיינס וווינונג. ער איז נישט געווען פאַרבונדן מיט וועלכער ס׳איז באַוועגונג, צי פּאַרטיי. זיין פרוי

האָט געשטאַמט פון מאַדזשיצער הויף, וועלכער האָט געהאַט דעם נאָמען אין דער חסידישער וועלט "עולם הנגינה". זיין לעצטע טאָכטער האָט הרב פינקעלשטיין חתונה געמאַכט מיטן זון פון איזביצער רב ר' איסר לאַנדוי. דער חתן איז געווען דער באַרימטער פּוליר שער עילוי ר' לייבעלע לאַנדוי, קאָלאָביעלער רב, וועלכער זאָל האָבן דערמוטיקט די געטאָ־אויפשטענד־לער אין וואַרשע. הרב פינקעלשטיין מיט זיין בני־בית האָבן באַשיינט דאָס שטעטל. צוויי זין מיט אַ טאָכטער געפינען זיך מיט אונדז אין ישראל.

*

ר' הענעך לעקעך האָט געהאַט אַ צוקער־בעקעריי אויף דער קרוטקע גאַס. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טראָגן הילף פאַר קראַנקע, שטעלן זיי באַנ־קעס, געבן אַן עצה און דערמוטיקן. ער האָט גע־האַט אַ גרויסע פאַמיליע און געפירט אַ שווערן גע־ראַנגל צו זיכערן פאַר אַלעמען אַ קיום. די עלטסטע טאָכטער האָט חתונה געהאַט פאַר אַ סאָבינער יונ־גערמאַן, אַ תלמיד־חכם — ר' משה־הערש שאַפּראַן. פאַרן איידעם האָט ער געעפנט אַ געוועלבל אין זיין הויז. משה־הערש איז געווען בעל־תפילה ראש־השנה און יום־כיפור. אַלס משורר בין איך מיט אים געגאַנ־גען קיין מיעדזעשין דאַוונען, ווו עס זענען נאָך גע־בליבן אויף דאַטשע אַ סך וואַרשעווער יידן. זיי האָבן געזאָגט, אַז אַזאַ דאַווענען האָבן זיי נאָך נישט געהערט. אַלס אָנערקענונג האָבן זיי אים דערנאָך באַצאָלט אַפילו מערער וויפל מ'האָט געהאַט באַשטימט.

משה־הערש שאַפּראַן, מאיר קאַזשיצקי און איך האָבן געהאַט באַשטימט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. ליידער, די צוויי האָבן נישט זוכה געווען צו פאַר־ווירקלעכן זייער טרוים. איך האָב זיך שפּעטער דער־וווּסט, אַז ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אַ באַאַמטער פון פּוילישן שטייער־אַמט געקומען סעק־וועסטרירן די סחורה און שטוב־זאַכן פאַר אַ חוב. ר' הענעך לעקעך מיט זיין פרוי האָבן זיך קעגנגע־שטעלט דעם באַאַמטן און דערפאַר האָבן זיי באַקומען עטלעכע יאָר תפיסה. דער מלחמה־אויסברוך אין יאָר 1939 האָט זיי געטראָפן הינטער די קראַטן.

*

צו די ערשטע תושבים האָט אויך געהערט ר' יצחק פּאַרמאַן, אַ ייד אַ גברן, וועלכער האָט זיך נישט גע־לאָזט שפּייען אין דער קאַשע. די שטאַרקסטע גויים האָבן פאַר אים מורא געהאַט. אַ דאַנק אים, האָבן די פאַרביסנסטע אַנטיסעמיטן געמוזט מודה זיין, אַז עס זענען פאַראַן יידן, וואָס גייען מיט אַן אויסגעגלייכטן רוקן און וואָס קענען אויף איין קלאַפּ ענטפערן מיט צעין. ער האָט געהאַט אַ סך קינדער און אייניקלעך. ליידער, ס'איז מיר נישט באַוווּסט ווי אַזוי ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה ביי די נאַצישע רוצחים.

*

פון דעם זעלבן שניט איז געווען ר' מאָטקע פאַר־מאַן, וועמענס צוויי דערוואַקסענע זין און טאָכטער האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. די טאָכטער רוזשקע איז געווען אַקטיוו אין דער בית"ר־אָרגאַניזאַציע. ביי דער זייגערמאַכערין אין גע־וועלב פלעג איך איר פאַרענטפערן פיל פראַגן, וועלכע זי האָט געפרעגט בנוגע ארץ־ישראל. ניצול־געוואָרענע פאַלעניצער יידן דערציילן, אַז רוזשקע האָט זיך גע־האָט געראַטעוועט מיט אירע צוויי קינדער פון די דייטשע הענט. נאָר אַ יונגער פּאָליאַק זאָל זיי האָבן אויסגעגעבן, אָדער אַליין דערהרגעט. די אונטערגרונט־באַוועגונג האָט נקמה גענומען אין דעם פּאָליאַק און אים דערשאָסן.

*

און איצט — עטלעכע ווערטער וועגן מיינע טייערע עלטערן. ר' יעקב שלמה ווענגעל און מרים־הדסה. זייער גאַנץ לעבן געזאָרגט דערפאַר, אַז די קינדער זאָלן דערצויגן ווערן אין יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט און זאָלן לערנען. צונויפשטעלן די פרנסה איז זיי אָנגע־קומען ווי קריעת ים־סוף. האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז זייער לאַגע געווען אַ פיל בעסערע, די שטוב איינגעאָרדענט מיט גוטע פּע־רספּעקטיוון אויף ווייטער. זענען געקומען די שווערע מלחמה־טעג, מיינע צוויי ברידער זענען אַנטלאָפן. די עלטערן זענען געבליבן אַליין — און אומגעקומען אויף אַ מוראדיקן אופן. עס ליגן נאָך ביי מיר די אַלטע פּאַפּירן, וואָס איך האָב געגרייט, כדי זיי אַריבער צו ברענגען קיין ארץ־ישראל. מיר דוכט זיך אַלץ, אַז כ'האָב אפשר ווייניק געטאָן, כדי צו זיכערן זייער עליה, איידער דער בלוטיקער מבול האָט זיך אָנגע־רוקט אויפן פּוילישן יידנטום. איין ברידער האָט זיך אָפּגעראַטעוועט, דער צווייטער איז געפאַלן אין דער

רויטער אַרמיי, בעת דער שלאַכט אַרום באַראַנאָוויטש.

*

ר׳ אַביש לאַטאָוויצקי — השם ינקום דמו — איז געווען איינער פון די שענסטע גראַדזשיסקער חסידים, אַ בעל הדרת פּנים, אַ ייד אַ פּיקח און תּלמיד־חכם. געפירט פאַרשידענע געשעפטן. געהערט צו די וואָס האָבן אַנטוויקלט דאָס שטעטל. אויסער דעם סקלאַד מיט בוי־מאַטעריאַלן, האָט ער דער ערשטער באַקומען די קאָנצעסיע פון דער פירמע „נאָבעל״ צו פירן אין פאַלעניץ אַ נאַפט־האַנדל, פאַרמאָגט אויך עטלעכע געוועלבלעך פאַר דאַטשניקעס און צום סוף — נאָך געפירט אַ פאַבריק פון סאָדע־וואַסער. שטענדיק געווען אין אַ גוטער שטימונג, אויף יעדן איינעם מלמד זכות געווען. פון זיינע פיל גלייכווערטלעך, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען אין פאַלעניץ, געדענק איך באַזונדער איינס:

— ביי מיר אין שטוב איז אַ גאַנצער אינטערנאַציאָנאַל, די קינדער זענען אַוועק צו פאַרשידענע פּאַרטייען. וועלכע ריכטונג ס׳זאָל נישט קומען צו דער מאַכט, וועל איך תּמיד זיין קרוב למלכות...

ר׳ אַביש איז געווען אַ טאַטע פון זעקס קינדער און דער מאַן פון רויזלען, אַ קלוגע פרוי, בקי אין די קליינע אותיות. זאָל דער אַנדענק פון דעם פאַרפאַלק לאַטאָוויצקי מיט זייער יונגסטן זון, אַ חבר פון השומר הדתי, זיין אַ נר נשמה פאַר די קרבנות פון אונדזער שטעטל. מיר וועלן זיי אייביק געדענקען.

*

ר׳ אייזיק יאַנקעלעס קאָזשיצקי איז געווען אַ פּוריסאָווער חסיד. אין די ערשטע יאָרן פון זיין קומען קיין פאַלעניץ, האָט ער צוזאַמען מיט זיין זון אלתר אַרומגעטראָגן צו פאַרקויפן וויין און בראַנפן. אַז ר׳ אייזיקל איז געשטאָרבן, איז איבערגעבליבן אַ שטוב מיט קינדער. דער עלטסטער זון האָט דערנאָך עמיגרירט קיין אַרגענטינע. איינער פון די זין, מאיר־אלתר, איז געווען פון מיינע נאָענטסטע חברים. די קינדער האָבן דערנאָך געאַרבעט אין פאַבריק פון בייטלען און זיך מפרנס געווען בכבוד. מיט מאירן האָב איך געלערנט צוזאַמען ביי ר׳ שמואל מרדכי. מאיר איז געווען דער סימבאָל פון ערלעכקייט און באַשיידנקייט. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידישער טאָכטער פון מאַטשעוויץ, זיך געעפנט אַ געוועלבל נישט ווייט פון דער קאַלייקע און געהאַט עטלעכע ווילע קינדערלעך.

ווען דער פּוריסאָווער רבֿ פון אָטוואָצק איז נפטר געוואָרן, האָבן זיינע חסידים זיך צעטיילט אין דריי גרופּן: איין גרופּע האָט פאַר זייער רבין אויסגעקליבן ר׳ שמואל־מרדכילען פון פאַלעניץ, די אַנדערע גרופּע — ר׳ יהושע־מרדכי וואָלף פון אָטוואָצק, און די דריטע גרופּע — דעם ייִנגסטן זון, וועלכן דער פּוריסאָווער האָט איבערגעלאָזט. ווען ר׳ שמואל־מרדכילע איז געוואָרן רבי, האָט ער באַפוילן מיין חבר מאירל צו פאַרלאָזן דאָס געוועלב און ווערן ביי אים שמש, מיט אַ גוזיכערטער פּרנסה. אויף דעם זעלבן פּאָסטן האָט אויך פּרעטענדירט ר׳ מאיר בלענבוימער־קעמפנער. ר׳ שמואל־מרדכילע האָט נישט מסכים געווען. ער איז אָבער לאַנג נישט געזעסן אויפן כּסא הרבנות. ר׳איז פּלוצים געשטאָרבן און ווי כ׳האָב דערנאָך געלייענט אין די צייטונגען, האָט מען אים קובר געווען לעבן זיין ברודער. נאָר עטלעכע פּוריסאָווער חסידים האָבן פאַרשיט דאָס קבר און נישט געלאָזט אים לייגן לעבן ברודער...

*

ר׳ משה לוסטיק איז געווען אַ ייד אַ תּלמיד־חכם און גלייכצייטיק מאָדערן, מיטגעגאַנגען מיט דער נייער צייט. זיינע קינדער האָט ער אויך געגעבן אַ וועלטלעכע דערציאונג, מיט אַ סך וויסן. אין ישראל געפינט זיך זיין זון פּרץ, וועלכער פלעגט אין פאַלעניץ אַרויסטרעטן מיט רעפעראַטן. איך געדענק זיינס אַ רעדע אין לאָקאַל פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע אויף דער טעמע „בין השמשות״. גלייך ער וואָלט שוין דעמאָלט דערפילט דעם אָנקום פון די שווערע וואָלקנס, וואָס האָבן דערנאָך אַלץ אַראָפּגעשווענקט. אויך זיין שוועסטער חנה געפינט זיך אין ישראל.

*

ר׳ יצחק חיינעס איז געווען דער גמרא־מלמד ביי ר׳ שמואל־מרדכילעס זון. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען פּוסקים ראשונים ואחרונים. איינער פון די שענסטע פּוריסאָווער חסידים. זיין עלטסטער זון האָט געהערט צו די גרויסע תּלמידי־חכמים אין פּוילן. זיין צווייטער זון, מאיר לעווין, געפינט זיך אין ישראל. ר׳ יצחק חיינעס טעכטער האָבן זיך אָנגעלייענט מיט דער נייעסטער ליטעראַטור, פון וועלכן טאַטע־מאַמע זענען נישט געווען אַזוי שטאַרק צופרידן. ר׳ יצחק חיינעס מיט זיין בני־בית זענען געווען די ליכט פון תּורה אין פּוריסאָווער שטיבל.

*

שמחה גאָלדבערג האָט געעפנט דעם ערשטן קיאָסק מיט צייטונגען אין פּאַלעניץ. זיין גאַנצע מחשבה און שטרעבונג איז געווען צו פאַרלאָזן פּוילן און זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. ער האָט שוין געהאַט פאַרטיק אַלע נייטיקע פּאַפּירן, זיין אָפּפאָר האָט באַדאַרפט פאַרקו־מען אין עטלעכע וואָכן אַרום. נאָר דער פינצטערער גורל האָט צונישט געמאַכט אַלע פּלענער! זייענדיק אין וואַרשע, אין דער אַדמיניסטראַציע פון איינער פון די יידישע צייטונגען כדי זיך אָפּצורעכענען, האָט אים ווער פון די אָנגעשטעלטע געבעטן מיטגיין אויפמאָנען געלט ביי אַ קריסטלעכן בעל־חוב. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט — האָט דער פּאָליאַק אַרויסגענומען אַ רעוואָל־ווער און אויפן אָרט דערשאָסן שמחהן, בעת דעם חבר איז געלונגען צו אַנטלויפן. דער דאָזיקער מאָרד האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק אין פּאַלעניץ. די אלמנה האָט דערנאָך ווייטער געפירט דעם האַנדל מיט די צייטונגען און דערצויגן די קינדער. זיי זענען אַלע אומגעקומען.

*

ר׳ מאיר בלעכער האָט געהערט צו די שטילע אָרנט־לעכע יידישע בעל־מלאכות. ער האָט געאַרבעט פאַר זיך, אָפּגעהיטן די יידישע אמונה און טראַדיציע. געשיקט אַ טאָכטער קיין ארץ־ישראל. ער איז אומגעקומען דורך די נאַצישע מערדער.

*

ר׳ יחזקאל מלמד איז געווען דער שווער פון ר׳ יהודה דאָמב. געלערנט האָט ער מיט בעסערע תלמידים. ער האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל און באַדאַרפט אויסהאַלטן נאָך אירע צוויי קינדער.

*

ר׳ מענדל שעצקער — דער בעל־עגלה. שווער גע־האָרעוועט אויף פרנסה פאַר זיין גרויסער משפחה. ער האָט געשטאַמט פון אַ שיינער פאַמיליע, געדאַוונט אין גרויסן בית־המדרש.

*

ר׳ יאַנקל מלמד, דער איידעם פון שוחט ר׳ שמעון הירש, איז געווען גוט באַקאַנט אין פּאַלעניץ. דער רוב קינדער האָבן געלערנט אין זיין חדר. ער האָט זיי דערצויגן מיט ליבשאַפט צום תנ״ך און אפילו געפירט ספּעציעלע שיעורים פון תנ״ך. זיין טאָכטער האָט ער אויסגעגעבן פאַר אַ תלמיד־חכם, כדי, ווי ר׳האָט זיך אויסגעדריקט, „תורת ישראל זאָל נישט פאַרגעסן ווערן!״ ער האָט ליב געהאַט ארץ־ישראל, נאָר דאָך זיך אָפּגעהאַלטן פון עולה זיין.

*

ר׳ הענעך („פּוטער״) לאַטאָוויצקי — אַ פאַרצווייגטע משפחה, מיט דערוואַקסענע קינדער און אייניקלעך. זומער האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט מעקלען דירות, ווינטער האָט מען זיך געיאָגט און געפּלאָגט מיט פרנ־סה. געלעבט אין שטעטל אַ סך יאָרן — און געטיילט דעם ביטערן גורל פון דעם יידישן פּאַלעניץ.

*

זיין ברודער, שלמהלע לאַטאָוויצקי, איז געשטאָרבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איבערלאָזנדיק אַ פרוי מיט עטלעכע טעכטער, וועלכע האָבן געהערט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. איך הער נאָך איצט ווי זיי זינגען „פריי, פריי, פּאַלעסטינע פריי — איך וועל דאָרט רייסן מאַראַנצן און פאַר שמחה וועל איך טאַנצן...״. יאָ, זיי האָבן מיט זייער גאַנצן וועזן געוואָלט עולה זיין — און נישט זוכה געווען.

*

ר׳ אברהמטשע גרינבערג איז געווען אַ גערער חסיד, ראַטמאַן אין שטאַטראַט, דאָזאָר אין דער יידישער קהילה. אַ קלוגער ייד, געהאַט אַ שניט־געוועלב אויף דער האַנדלאָווע גאַס. ער איז אומגעקומען מיט זיין גאַנצער משפחה.

*

ר׳ יאָסל ליבערמאַן איז געווען גבאי אין פּוריסאָווער שטיבל. געקומען קיין פּאַלעניץ מיט זיין פאָטער ר׳ בעריש און מוטער אסתר־רבקה. איינע פון די אָנגע־זעענסטע משפחות אין שטעטל. זיין דאַווענען ראש־השנה האָט אויף אַלעמען איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק. שמחת־תורה האָט ער געטיילט וויין מיט אַ ברייטער האַנט — זאָל זיין פריילעך!... ער האָט גע־טענהט, אַז השם יתברך וויל מ׳זאָל אים דינען מיט שמחה. זיין באַליבטן זון יעקב האָט ער געשיקט קיין ארץ־ישראל און געהאָפט שפּעטער אַליין צו קומען. ליידער, זיין טרוים איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

*

ר׳ הערשל געלבטרונק מיט זיין פרוי און קינדער זענען געווען באַקאַנט אין שטעטל. געקומען קיין פּאַ־לעניץ איז ער מיט זיין מוטער און עטלעכע ברידער. נאָך דער חתונה האָט ער זיך געעפנט אַ געשעפט אויף

אַנהייב האַנדלאָווע גאַס, אַנטקעגן דעם שלאַבאַן. ר׳ הערשל האָט אָנגעפירט און געווען זייער טעטיק אין פיל געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטו־ציעס און הילפס־קאָמיטעטן. ער האָט ליב געהאַט צו העלפן אַ ייִדן אין אַ נויט. די קינדער זיינע האָט ער דערצויגן אין יידיש־טראַדיציאָנעלן גייסט.

*

אלימלך גורפינקעל האָט געהאַט אַ כשרן רעסטאָראַן. אין דעם זעלבן הויז האָט זיין ברודער געהאַט אַ שפּייז־געשעפט. אין פאַלעניץ האָט נאָך געוווינט זייערס אַ שוועסטער אסתר־רבקה ליבערמאַן מיט אַן אַלטער מאַמען, וועלכע האָט באַשיינט די גאַנצע משפחה. די מאַמע איז געווען פון די ערשטע קרבנות, ווען די היט־לעריסטישע מערדער האָבן פאַרנומען פאַלעניץ.

*

הלל נאַפּטשאַזש האָט באַזאָמען מיט דאגות פרנסה אויך שטאַרק געזאָרגט פאַר זיין פּאַרטיי — אגודת ישראל און איז איר געווען איבערגעגעבן בלב ובנפש. טאַקע אַ פאַנאַטיקער אין פּאַרטייאישן זין — אָבער אַן ערלעכער ייד. איך אַליין האָבן אַמאָל באַקומען פון אים אַ פאַטש, ווען ער האָט מיך געזען לייענען די העב־רעישע צייטונג „הצפירה״. ער האָט נישט געקענט מיר מוחל זיין, הלמאי כ׳האָב זיך דערנענטערט צום ציוי־ניסטישן געדאַנק. ליידער, די ייִדן זענען אומגעקומען, נישטאָ וועמען אויפצווייזן ווער עס איז אין יענע יאָרן געווען גערעכט...

*

ר׳ בעריש גלעזער האָט באַדינט די גאַנצע ליניע מיט זיינע שויבן — און געהאַט פרנסה. זיינע צוויי טעכטער האָט ער דערצויגן אין ארץ־ישראלדיקן גייסט. איין טאָכטער געפינט זיך אין קיבוץ אשדות יעקב.

*

ר׳ משה גלעזער האָט מען יעדן באַגינען געזען גיין אין בית־המדרש דאַווענען און אין די אָוונטן — לער־נען. ער האָט געהערט צום חוג שטענדיקע לערנערס ביים אַלטן משה פּוריסאָווער.

*

דער גרויסער נדבן מענדעלסאָן האָט געשאָנקען אַ פּלאַץ פאַרן נייעם פאַלעניצער בית־המדרש. איך גע־דענק די פייערונג פון לייגן דעם גרונטשטיין. היינטער זאַלעזיסקיס ווילעס, ווו ס׳האָט געוווינט הרב פינקעל־שטיין, האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם. שפּעטער איז דאָרט אויפגעשטעלט געוואָרן אַ שיין בית־המדרש און אַ תלמוד־תורה מיט אַ סך צימערן.

*

ר׳ גדליהו־משה גרינפאַס — אַ גראַדזשיסקער חסיד, אַ ייד אַ תלמיד־חכם, אַן איידעם פון ר׳ יחיאל־ברוך, אַ שוואָגער פון די פאַלעניצער מאַליאַרעס. ער מיט זיין אשת־חיל, איטע־רבקה, וועלכע האָט אַ סך געלערנט פון לעבן, האָבן געפירט אַ שווערן גערא־נגל צו זיכערן פרנסה פאַר זיך און פאַר דער פאַרצווייגטער משפחה. אַ שטוב קינדער — מיט וועלכע ס׳איז נישט געווען זיך צו שעמען. דער עלטסטער זון, אברהם, איז געווען אָנ־געזאָפּט מיט תורה, אַ גוטער בעל־קורא און בעל־תפילה. ער האָט אָדורכגעמאַכט זיין מיליטער־דינסט אין דער פּוילישער אַרמיי און געווען אַ גוטער זעלנער. דער צווייטער זון, אלימלך, איז געווען דער איידעם פון פעטער ר׳ יצחק־יוסף. ביידע ברידער האָבן געהאַט ליכטיקע קינדערלעך. געווען נאָך אַ זון, דער יינגסטער, פּנחס. געוואָרן אַ חתן צו אַ טאָכטער פון אַ רייכן חסי־דישן ייד. נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז ער אַוועק צום גראַדזשיסקער רבין פרעגן אַן עצה, וואָס טאָן? דער רבי האָט אים געראָטן צו אַנטלויפן קיין רוסלאַנד, ווו זיין שוועסטער חנהטשע איז אַוועק מיט איר מאַן. אויף דעם האָט פּנחס געענט־פערט, אַז ער פאָרט נישט אין ערגעץ, ער בלייבט מיטן רבין... ר׳ גדליהו־משה האָט זוכה געווען צו יורשים אין ישראל: צוויי זין און אַ טאָכטער האָבן עולה געווען נאָך פאַר דער מלחמה און איין טאָכטער איז געקומען פון רוסלאַנד, נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה.

פאַלעניצער געדענקען אַוודאי די שמחה פון סיום הספר ביי ר׳ גדליהו־משהן אין הויז אויף אָגראָדאָווע 6, אין וועלכער ס׳האָט אָנטייל גענומען דער גראַדזשיסקער רבי. די שמחה האָט פאַרשאַפט אַ סך אָנזען און כבוד דער משפחה.

*

ר׳ הערש־בינם בעקער האָט געהאַט אַ בעקעריי אויף דער האַנדלאָווע גאַס, אין עק. אַ פאַרצווייגטע משפחה געווען, עטלעכע טעכטער און אַ זון. מע דערציילט, אַז נאָכן אויסברוך פון קריג, איז די פאַמיליע אַנטלאָפן אויף אַ פערד־און־וואָגן פון פאַלעניץ. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן זיך נישט געראַטעוועט. כבוד זייער אָנדענק.

*

ר׳ אליעזר־נח בעקער איז געווען אַ ברודער פון

הערש־בינם. אויך ער האָט געהאַט אַ בעקערײַ נישט ווייט פון פּאַלעניצער שעכטהויז. נאָך געפירט די בע־קערײַ האָט זײַן פרוי, די אשת־חיל מרים־טובה. זי האָט אויך אונטערגעהאַנדלט מיטן פּראָפּעסיאָנעלן פאַר־איין פון די בעקער־אַרבעטער, ווען מ׳האָט דערלאַנגט אַ פאָדערונג צו העכערן דעם לוין, אָדער אויסצובע־סערן די סאָציאַלע באַדינגונגען. זיי האָבן געהאַט עט־לעכע זין און טעכטער.

מע דערציילט, אַז איינער פון די זין איז געווען אויס־באַהאַלטן אין פּאַלעניץ אין משך פון דער גאַנצער צייט פון דער אָקופּאַציע. אַז די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט דאָס שטעטל, האָט מען אים געפונען אין אַ זשושטאַנד, אַז ס׳איז שווער געווען צו גלויבן, אַז מ׳האָט פאַר זיך אַ מענטש.

אין שטעטל האָט מען געוווּסט, וויפל הייטערקייט עס רופט אַרויס די באַגעגעניש יעדן פאַרנאַכט אין בית־המדרש צווישן ר׳ אליעזר נח בעקער און דעם שוואַרצן שוסטער פון דער האַנדלאָווע גאַס. דער שוסטער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו דאַווענען מיט מנין. מיט אליעזר־נחן האָט אים געבונדן די געמיינזאַמע זאָרג פאַר אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע יידן. בעת דער בעקער האָט גערעדט שנעל, געמאָלן די ווערטער ווי אַ מיל, האָט דער שוסטער געצויגן יעדעס וואָרט באַ־זונדער און געלאַסן. דער עולם האָט געלאַכט פון די צוויי קאָנטראַסטן אין רעדן, וועלכע זענען אָבער גע־ווען איייניק אין זייערע גוטע מעשים.

*

ר׳ משה־יעקב, באַקאַנט מיטן צונאָמען קאַרטן־שפּי־לער, איז געווען אַן אָנגעזעענער ייד אין שטעטל, מיט אַ ווייסער באָרד, צו וועמען עס פלעגן קומען אַ סך יוגנטלעכע נישט נאָר שפּילן קאַרטן, נאָר אויך — הערן דערציילן פון ארץ־ישראל. ר׳ משה־יעקב איז געהאַט צוריק געקומען פון לאַנד פון די אבות, אויס בענקשאַפט צו די פּוילישע וועלדער — ער האָט אָבער מיט סענטימענט גערעדט וועגן דעם הייליקן לאַנד, אָנגעצונדן יוגנטלעכע הערצער און פאַרפלאַנצט אין זיי אהבת ציון. מע האָט געשמועסט, אַז מיט די קאַרטן וויל ער פאַרגעסן זײַן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, שטילן די חרטה, הלמאי ר׳האָט זיך אומגעקערט קיין פּוילן.

*

ר׳ יהונתל דאָמב איז גיכער געווען באַקאַנט מיט זײַן צונאָמען קיכל, ווייל ער האָט אויף דער פּאַלעני־צער קאַלייקע פאַרקויפט קיכלעך. ער האָט באַדאַרפט דערשיינען מיט זײַן סחורה גאַנץ פרי, ווען עס קומט אָן די ערשטע קליינבאַן, דאָך איז ער קיינמאָל נישט אַרויס האַנדלען, אויב ר׳האָט נישט פריער אָפּגעדאַוונט אין בית־המדרש מיט מנין. זײַן באַליבטע טאָכטער חיה איז געווען אַן אַקטיווע טוערין אין החלוץ המזרחי — אומגעקומען אין פּאַלעניץ בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

*

זאָל אויך דערמאָנט ווערן דער סאָבינער מלמד ר׳ שניאור זלמן, אַ ייד אַן אבן־טוב, אַ פּוריסאָווער חסיד. געהאַט צוויי זין, איינער פון זיי — אַ גוטער בעל־תפילה. דער צווייטער, דב, מײַנער אַ יוגנט־חבר.

*

ר׳ יוסף חסיד און זײַן פרוי האָדעס האָבן געשמט אין שטעטל מיט זייער דערציילן אָריגינעלע מעשיות, וואָס מ׳האָט באַצייכנט ווי פון טויזנט און איין נאַכט... יוסף חסיד איז געווען פון פאַך אַ סטאָליער און שווער גע־אַרבעט אויפן שטיקל ברויט. זייערע צוויי טעכטער, מרים און וויטע, האָבן געוואָלט עולה זײַן קיין ארץ־ישראל. איך דערמאָן זיך, אַז אַ טאָג פאַר מײַן אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל, איז צו מיר געקומען וויטע און געבעטן כ׳זאָל זי לערנען עברית... מײַן ענטפער איז געווען, אַז זי האָט פּערשפּעקטיקט, ווייל מאָרגן פאַרלאָז איך פּאַלעניץ... זי האָטווירקלעך פּערשפּעקטיקט — אומגעקומען אויף קידוש השם.

*

די ברידער מושינסקי האָבן זיך געהאַט זייערע מעלות־טובות און גוטן נאָמען אין שטעטל. ר׳ ברוך־מאיר איז געווען אַ קאָוואַל, אַן ערלעכער ייד. דער ייננ־סטער ברודער האָט פון וואַרשע געברענגט סחורות קיין פּאַלעניץ. ר׳ ברוך־מאירס זון, הערש, האָט געהאַט אַ שיינע שטימע. ווען זײַן פאָטער ברוך האָט געוואָלט מצליח זײַן ביים דאַווענען פאַרן עמוד, האָט ער הערשן גענומען אַלס משורר. מע דערציילט, אַז הערש־מאָטל זאָל זיך האָבן געראַטעוועט מיט זײַן פרוי, אַ טאָכטער פון אַ פּאַלעניצער בלעכער.

*

פון די קצבים געדענק איך ר׳ חיים קאַלער, וועלכער האָט געהאַט אַ יאַטקע. ער איז געווען אַ געלאַסענער ייד, קיין פּרנסה האָט אים נישט געפעלט. דאָס שעכט־הויז פון פּאַלעניץ, וואָס האָט זיך געפונען הינטער

דער שטאָט, איז געשטאַנען אויף זיין פלאַץ. ער האָט געהאַט אַ שטענדיקע „שטאָט" אין שול.

*

ר' אהרון קצב מיט זיין פרוי מאַשע האָבן געפירט אַ יאַטקע. זיי האָבן געהאַט דריי קינדער. זייער עלטסטער זון שלמה האָט חתונה געהאַט מיט ר' יצחק פורמאַנס אַ טאָכטער. מע גיט איבער, אַז דער ייִנגסטער זון זייע־רער, מאָטל, זאָל זיך האָבן געראַטעוועט. שלמה איז געווען פון די שטאַרקע יונגעליט אין שטאָט. בעת דער אָקופּאַציע, האָט ער געאַרבעט אין טאַרטאַק, אַלס שקלאַפן־אַרבעטער. צוזאַמען מיט דעם ערלעכן יונגער־מאַן משה יומטוב און אַנדערע יידן, האָט מען אים אַוועקגעפירט אויסער דעם טאַרטאַק. די אוקראַיִנישע פּאָליציי האָט זיי באַפוילן אויסגראָבן אַ גרוב און מ'האָט זיי אַלע דערשאָסן. דערנאָך האָבן זיי באַפוילן, אַז מרדכי בעקער זאָל פאַרשיטן דעם קבר — און שפּעטער אויך אים אומגעבראַכט.

*

קאַריניק דער עופות־הענדלער איז געווען אַן אָרנט־לעכער ייד. וועגן זיין איידעם (וועמענס נאָמען איך געדענק נישט איצט), ווערט דערציילט, אַז אין יאָר 1940 איז אין פאַלעניץ געהרגעט געוואָרן אַ דייטש. האָבן די רוצחים אַרעסטירט 50 ערובניקעס פון די אָנגעזעענסטע יידן און געדראָט מיטן דערשיסן זיי, אויב מ'וועט נישט אויסגעבן דעם מערדער פון דייטש. האָט קאַריניקס איידעם זיך צוגעשטעלט, וּוילנדיק ראַ־טעווען די 50 יידן. ער איז געגאַנגען אויף קידוש השם, הגם נישט ער האָט אַוועקגעלייגט דעם דייטש.

*

צו די קצבים האָט אויך געהערט ר' משה גאַרוואָלי־נער (באָסקי). ער האָט געדאַוונט אין גראָדזשיסקער שטיבל. ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן געמוזט פאַרלאָזן דאָס דאָרף אַלעק־סאַנדראָוו לעבן פאַלעניץ, האָט ר' משה גאַרוואָלינער אי־בערגענומען ביי אַ דייטש זיינעם אַ פאָלוואַרק און אים געפירט ביזן יאָר 1939, ווען די דייטשן האָבן זיך אומ־געקערט. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פאַר־צווייגטער משפּחה.

*

איך געדענק אויך די איינוווינערין פון פאַלעניץ, וועלכע האָט געהאַט אַ צוקער־געוועלבל אויף דער האַנדלאָווע גאַס און גערופן האָט מען זי... די זייגער־מאַכערין. איר מיט דער טאָכטער איז געלונגען צו אַנטלויפן אין יאָר 1939 קיין ביאַליסטאָק, פונוואַנען זיי זענען אַוועק קיין רוסלאַנד. דאָרט איז די טאָכטער געשטאָרבן. אירע צוויי זין זענען געווען מיטגלידער אין החלוץ המזרחי, ביידע זענען ניצול געוואָרן אין דער מלחמה.

*

ר' יצחק שניידער האָט געהאַט אַ הויז אויף דער האַנדלאָווע גאַס, דאָך איז ער יום ולילה געזעסן ביי דער נייִ־מאַשין, סיידן מ'האָט באַדאַרפט דאַווענען בציבור. דעמאָלט האָט ער אַוועקגעלייגט די שער, אי־בערגעלאָזט די נאָדל מיט דער מאַשין און געלאָפן אין בית־המדרש. ער האָט ליב געהאַט ביי דער אַרבעט זיך אונטער צו זינגען אַ „ונתנה תוקף", אָדער זיך איינחזרן אַ „זכרני לחיים". אין די ימים־נוראים האָט ער געדאַוונט אין שטיבל ביים אַלטן רב ר' מאָטעלע. א טייערער ייד געווען — ביי דער אַרבעט, ביים דאַ־ווענען, אַלס חזן...

*

זיין זון גדליהו־שמחה האָט זיך שנעל אַרויפגעאַר־בעט, געוואָרן אַ גביר — און אַזוי שנעל צוריק פאַר־אָרעמט געוואָרן. ער איז געשטאָרבן פאַרן אויסברוך פון קריג. זיין פרוי מיט די קינדער וווינען אין ישראל.

*

ר' ישראלקעלע ליבהאבער איז געווען דער אייגנ־טימער פון אַ שפּייז־קראָם אין הויז פון ר' יחזקאל בלייך, אויף דער האַנדלאָווע גאַס. זיין פרוי האָט געשטאַמט פון קאָזשעניצער מגיד. זיי האָבן געהאַט צוויי טעכטער און אַ זון. דער עלטסטער טאָכטער רחלע איז דער־לויבט געווען צו באַזוכן אין החלוץ המזרחי. בעצם האָט זי געפירט דאָס שפּייז־געוועלב. דער זון האָט חתונה געהאַט מיט עקיבא מאַליערס טאָכטער. זיי זע־נען אומגעקומען בעתן שמוגלען פון די דערפער פּראָ־דוקטן קיין פאַלעניץ, אין די אָקופּאַציע־יאָרן.

דאָס שטעטל האָט אָפט גערעדט וועגן אַ פאַל, וואָס האָט געטראָפן מיט ר' ישראליקל ליבהאַבער. מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַ פאַרמעגלעכער ייד און מ'האָט אים אָפּגעגעבן אַ סך כבוד. ער האָט אויך פאַרטיילט מעות חטים יעדן ערב פסח.

אין דער דייטשער קאָלאָניע אַלעקסאַנדראָוו, 3 קי־לאָמעטער הינטער פאַלעניץ, האָט געוווינט אַ געוויסער רייס, אַ דייטש, וועלכער האָט געקענט אַ גוטן יידיש

און געוועזן אויסגעקאָכט מיטן רוב יידן אין שטעטל. ער האָט אָבער ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און זייער אָפט האָט מען אים געזען אַ שיכורן. איין מאָל אַן ערב פּסח, זייענדיק בגילופין, איז ער אַוועק אויפן הויף פון ליבהאָבערן, וווּ מ׳האָט גראָד געטיילט די יומטוב־שטיצע — און ער האָט מיט זיין גוטן יידיש געגומען שרייען און פּאָדערן, אַז מע זאָל אים אַרויפשטעלן אויף דער רשימה צו באַקומען מעות־חטים...

דער דאָזיקער רייס איז ביי היטלערס הערשאַפט אין פּוילן געוואָרן אַ הייסער אָנהענגער פון „דריטן רייך" און געהאָלפן מאָרדן יידן.

*

ר׳ נטע זיפּנמאַכער, וועמענס צונאָמען האָט זיך אַוודאי געגומען פון זיין פּראָפעסיע, איז געוועזן דער איידעם פון ר׳ יחזקאל מלמד און אַ שוואָגער פון ר׳ יהודה דאָמב. געפּירט אַן ערלעך און שטיל לעבן. אומגעקומען אויף קידוש השם.

*

ר׳ יצחק רינג, באַוווסטער זייגערמאַכער אויף דער האַנדלאָווע גאַס. אַ מאָדערנער ייד, אַ קלוגער, הגם אַן אָפּגעהיטענער אין יידישע טראַדיציעס. אין די יוגנט־יאָרן געוועזן אַ חבר פון פּוריסאָווער רבין. מאָדערן־וועלטלעך אָנגעטאָן, איז ער געווען אָנגעזאָפּט מיט חסידישן גייסט. יעדן שבת און יומטוב פלעגט ער קומען אין פּוריסאָווער שטיבל, דאָ זיך געפילט היימיש און דערמאָנט זיך אין זיינע יוגנט־יאָרן.

*

זאָל אויך דערמאָנט ווערן וועלוול (זאב) באַסקי, אַ זון פון ר׳ משה גאַרוואָלינער, אַ קצב, מיטגליד אין צעירי מזרחי. אומגעקומען צוזאַמען מיט דער יידישער פאַלעניץ.

*

ר׳ וועלוול־זאב יעלען האָט געהאַט אַ גרויסן סקלאַד פון האָלץ. צום ערשט — אויף דער האַנדלאָווע גאַס, שפּעטער — אויף דער וואַרשעווער גאַס. איינער פון די שענסטע בעל־הבתים אין שטאָט.

*

דער יידישער פעלדשער שאַנצער, איז געווען באַקאַנט יעדער משפחה אין שטעטל. אַ הויז־דאָקטאָר אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. מ׳האָט זיך אויף זיין חשבון געוויצלט, אַז „ער פאַרשטייט אַ קרענק" — נאָר גראָד אין פּאָזיטיוון זין. ער האָט באמת פאַרשטאַנען

דעם קראַנקן, אויסערלעך, ווי אינערלעך. אַזוי האָט ער מיטגעלעבט מיטן שטעטל אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן. זיין זון האָט שפּעטער זיך געעפנט אַן אַפּטייק־סקלאַד אין פּאַטערס וויללע. דער אַלטער שאַנצער האָט ביי אָרעמע פּאַציענטן נישט גענומען קיין געלט פאַר אַ וויזיט.

מ׳האָט וועגן אים דערציילט, אַז אין די צייטן ווען די פּאָלאַניצער גאַסן זענען נאָך נישט געווען באַלויכטן, האָט ער זיך אָפט אָנגעשטויסן אין אַ בוים — און דערביי זיך העפלעך פאַרנייגט און אַנטשולדיקט אויף פּויליש „באַרדזאָ פּשעפּראַשאַם!"...

*

געוווען אין פּאַלעניץ אַ ייד מיטן נאָמען גראַבסקי, וועלכער האָט אויף די ווינקלען פון די גאַסן וואַרשאַווסקאַ און קרוטקאַ, לעבן וואָקזאַל, געבויט אַ גרויס הויז מיט געשעפטן. אַ דאַנק דעם האָט דער גאַנצער ראַיאָן זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. מערער פּרטים פון דעם גראַבסקין — ווייס איך נישט.

*

ר׳ יהודה סטאַליאַזש האָט געהערט צו די עלטסטע בעל־הבתים פון שטעטל, געפּירט אַן אייגענעם וואַרשטאַט און אויך די זין אויסגעלערנט דאָס פאַך. זיינע קינדער האָט ער דערצויגן אין יידישן גייסט. זיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ ישעיהו קאָוואַלס אַ זון.

*

ר׳ ישעיהו קאָוואַל האָט געהאַט אַ פערד־און־וואָגן מיט וועלכע ער האָט געפירט סחורות פון און קיין פּאַלעניץ. איין מאָל אַ דאָנערשטיק ביינאַכט, ווען ער איז פאַרביי געפאָרן די באַן־ליניע פון ראַדאַשטש, איז ער דערהרגעט געוואָרן. זיין לוויה איז פאַרגעקומען אין אַ פינצטערן שבת־צו־נאַכטס, דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך אין איר באַטייליקט.

*

ר׳ שמשון האָניק דער בעל־עגלה און זיינע קינדער זענען געווען גוט באַקאַנט אין שטעטל. איין זון האָט זיך פאַרבונדן מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָפּגעזעסן עטלעכע יאָר אין טורמע און ווען ר׳איז באַפרייט געוואָרן, האָט די פּאַרטיי איינגעאָרדנט לכבוד אים אַ ספּעציעלן אָוונט. אין אַ צייט אַרום איז ער אַוועק זיך באָדן אין דער ווייסל נישט ווייט פון פּאַלעניץ — און

דאָרט דערטרונקען געוואָרן. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין האָט אַדורכגעפירט אַ גרויסע לוויה.

די אַנדערע זין פון ר' שמשונען זענען געווען פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג — און אומגעקומען מיט זייער פאָטער בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

*

מרדכי זאַובערמאַן איז געווען אַן אַנגעשטעלטער אין אַ לעדער־געשעפט אין וואַרשע, אויף פראַנטשישקאַנער — אָבער געהאַט געגוג ווילן און צייט צוווידמען זיך דער געזעלשאַפטלעכער און ציוניסטישער טעטיקייט אין פּאַלעניץ, ווו ער האָט געוווינט. זיין גאַנצע משפחה האָט געהאַט אַ דירה אויף דער צווייטער זייט פון דער פּאַלעניצער קאַלייקע. מרדכי איז לאַנגע יאָרן געווען פאָרזיצער פון דער צעירי והחלוץ המזרחי און בלב ובנפש זיך איבערגעגעבן דער באַוועגונג. אַלע האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיין קלוגן שמייכל און האַרציקער באַציאונג צו מענטשן. איך זע נאָך איצט, ווי ער איז געקומען אויפן ווינער וואָקזאַל אין וואַרשע מיך געזעגענען צום עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

פאַרן אויסברוך פון קריג, האָט ער חתונה געהאַט און נישט דערלעבט זוכה צו זיין פאַרווירקלעכן דעם טרוים פון עליה. שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז ער זאָל האָבן גלייכגילטיק געגאַנגען צום טויט. כבוד זיין אָנדענק!

*

ר' באַריש פורמאַן איז געווען גבאי פונעם אַלטן בית־המדרש, וואָס האָט זיך געפונען אין אַן איין־שטאָקיקער געביידע. ער האָט געהאַנדלט מיט מעל — און פאַר וואָס דער צונאָמען פורמאַן, ווייס איך נישט ביז היינט. ער האָט געהאַט אַ זון, און אַ טאָכטער, וועלכע האָט חתונה געהאַט פאַר אַ זייער ווילן יונגן מאַן. אַלע זענען אומגעקומען.

*

ר' באַרישס אַ ברודער, משה פורמאַן, איז יאָ געווען בעל־עגלה. זיינער אַ זון איז יום ולילה געזעסן אין גערער שטיבל און געלערנט תורה. ער האָט זיך געשטיצט אויפן מאמר פון חז"ל, אַז „התורה אינה ירושה". אויב די עלטערן קענען נישט לערנען, שטערט דאָס נישט, אַז די קינדער זאָלן זיין תלמידי־חכמים. ר' משהס אַ טאָכטער איז געווען אַנגעשלאָסן אין החלוץ המזרחי.

*

די פאַמיליע פיינטוך האָט געוווינט אין זעלבן הויז פון ר' משה פורמאַן. אַן אָנגעזעענע און אָנשטענדיקע משפחה. זייערס אַ טאָכטער איז געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

*

דער קאַמאַשן־מאַכער ר' גרשון זעבראַק האָט געהאַט זיין וואַרשטאַט אויף דער האַנדלאָווע גאַס. אַ מאָדערנער ייד, געווען איינער פון די אָנפירנדיקע חברים פונעם האַנטווערקער־פאַראיין. זיינע צוויי זין און צוויי טעכטער האָט ער געגעבן אַ יידישע דערציאונג.

*

ר' משה־יהודהלע האָט געהאַט אַ קליינע בעקעריי אויף דער פּאַליאַנע. אַ געוויסן פּריוויק־צונאַכטס איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ שריפה — און ער האָט זי נישט געלאָשן, ווייל דאָס וואָלט געמיינט מחלל שבת זיין... ווען די פייערלעשער זענען אָנגעקומען, האָבן זיי אים געזען שטיין אויסגעדרייט מיטן רוקן צום פייער — און זיינע ליפּן האָבן געשעפּטשעט: „רבונו של עולם, מיינע אַלע חובות ברענען!"...

*

ר' משהלע גלעזער האָט מען שטענדיק געזען מיטן קעסטל גלאָז אויפן אַקסל. אַ קלוגער ייד געווען, זיין הייזקע איז געשטאַנען אין וואַלד, עק האַנדלאָווע און אָגראָדאָווע. זיינע קינדער האָט ער געשיקט אין די בעסטע חדרים. ער האָט אַ סך געלערנט אין בית־המדרש פון משה פוריסאָווער.

*

ר' משה אַרוויס האָט געהאַט אַ טאַבאַק־געשעפט אויף דער האַנדלאָווע גאַס, אַ פוריסאָווער חסיד. אַ היפשע צאָל קינדער — פון דער ערשטער און פון דער צווייטער פרוי. פון די בכבודיקסטע בעל־הבתים אין שטעטל.

*

ר' אברהם סאָלניצקי האָט געהאַט אַ שפייז־געוועלב אויף דער האַנדלאָווע גאַס. איינער פון די שטילע בעל־הבתים אין שטעטל. זיינע קינדער זענען אַוועק צו די קאָמוניסטן. דער עלטסטער זון האָט עמיגרירט קיין פראַנקרייך. אין שטעטל האָט מען דערציילט, אַז זייער מוטער האָט זיי באַלוינט פאַרן לייגן די תפילין יעדן פרימאָרגן.

*

תורה, חכמה וגדולה במקום אחד — האָט מען גע־שמועסט וועגן דער פאַמיליע פון ר׳ יחזקאל ברוך. ער האָט געהאַט אַ שפּייז־געוועלב אויף דער האַנדלאָווע גאַס, אַן איידעלער ייד, אַ תלמיד־חכם. אַ סך פון זיין משפּחה האָט זוכה געווען עולה צו זיין קיין ישראל.

*

ר׳ שמואל ברוך האָט געהאַט אַ זומער־געוועלבל אויף דער ליניע און אין די לאַנגע ווינטער־נעכט פלעגט ער לערנען מיט התלהבות. אַ ציידענער יונגער־מאַנטשיק, אומגעקומען על קידוש השם.

*

ר׳ יצחק וויז, אַ בעקער־אַרבעטער, האָט דער עיקר געאַרבעט אין וואַרשע. אויך זיינע קינדער האָט ער אויסגעלערנט דאָס פאַך. געווען אַן אָנגעזעענער פּאַלע־ניצער בעל־הבית. זיין יינגסטער זון געפינט זיך אין ישראל.

*

ר׳ שלמה בלאַושטיין, דער שוואָגער פון ר׳ גדליהו־משה גרינפּאַס, האָט געהאַט אין פּאַלעניץ אַ טריקאָ־טאַזש־פאַבריקל. זיין פרוי חוה האָט דערצויגן די קינ־דער אין יידישן גייסט. ביידע זענען אומגעקומען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

*

דעם אַמט פון ראש־ישיבה אין אַ וואַרשעווער ישיבה האָט פאַרנומען דער פּאַלעניצער איינוווינער ר׳ טוביה בומס, אַ שאַרפער גערער חסיד, אַן אָנגעזעענער בעל־הבית. געהאַט אַ פאַרצווייגטע פאַמיליע. זיינער אַ זון מנחם געפינט זיך אין ישראל.

*

ר׳ משה פּאַפּיעראָשניק האָט געהאַט זיין נאָמען פונעם סיגאַרעטן־האַנדל אין שטעטל. אַ זון פון ר׳ יידל בע־דער, ער האָט אַמאָל געהאַט דעם מרחץ אין פּאַלעניץ. אַ קלוגער ייד, מיט אַ געלער באָרד. געהאַט זייער וווילע קינדער.

*

ביירעך שוסטער האָט אויף דער האַנדלאָווע גאַס געהאַט אַ שיך־געשעפט און אַ שוסטער־וואַרשטאַט. געדאַוונט אין פּוריסאָווער שטיבל ביי ר׳ שמואל־מרדכי־לע. אַ קלוגער פאַרגעשריטענער ייד געווען, צו גאָט און צו לייט. מיט אַ ברייטער האַנט געשפּענדעט פאַר די אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע אין שטעטל.

*

גאַנץ אייגנאַרטיקע טיפּן זענען געווען די ברידער קאַמיענקאָווסקי. איינער פון זיי, ר׳ אייזיק, האָט אויף אָגראָדאָווע גאַס געהאַט אַ בעקעריי. ער האָט פאַרשי־דנס אדורכגעמאַכט אין לעבן, געזעסן אַמאָל פאַר אומ־לעגאַלן האַנדל. יעדן טאָג געלאָפן באַרגן דאָס זעקל מעל, געפירט אַ שווערן גראַאַנגל פאַר זיין עקזיסטענץ און פאַר דער פאַרצווייגטער משפּחה. שטענדיק האָט אים „געפעלט אַ טאָג צו דער וואָך".

זיין ברודער ר׳ יעקב האָט אין די עלטערע יאָרן חתונה געהאַט מיט דער אלמנה אסתר־רבקה ליבער־מאַן, אַן אשת־חיל. געהאַט אַ בעקעריי און שפּייז־גע־וועלב אויף דער האַנדלאָווע גאַס. אַ רעליגיעזער ייד, געגעבן זיינע קינדער אַ פיינע דערציאונג. אויף דער עלטער געוואָרן אָפּגעשוואַכט און גלייכגילטיק צו אַ סך דערשיינונגען. דאָס געשעפט האָט געפירט זיין פרוי מיטן זון יוסף ליבערמאַן. מע דערציילט, אַז יוסף לי־בערמאַן האָט געפונען דעם טויט ביי די דייטשן, צוזאַ־מען מיטן שטאָט־פעלדשער פּליסקוטי.

*

אין אונדזער ספר דאַרף אויך פאַראייביקט ווערן די פאַמיליע גרינבערג. זיי האָבן געהאַט אַ שפּייז־געוועלב אויף דער דלוגע גאַס, אַ בכבודיקע משפּחה. דער על־טסטער זון איז געווען סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

*

ר׳ שלמה לעקעך־בעקער האָט אין די ערשטע יאָרן פון זיין באַזעצן זיך אין פּאַלעניץ געהאַט אַ צוקער־בעקעריי און אַ געשעפט צום פאַרקויפן זיסע געבעקס אויף דער האַנדלאָווע גאַס. שפּעטער האָט ער אויף דער דלוגע גאַס זיך אויפגעשטעלט אַ מאָדערנע גרויסע בעקעריי. ער האָט געהאַט אַ טאָכטער מיט אַ זון. די טאָכטער האָט חתונה געהאַט פאַר אַ חסידישן יונגער־מאַן יוסף־חיים, וועלכער האָט איר אַרויסגעוויזן אַ סך ליבע און אויפמערקזאַמקייט. ווען זי האָט געבוירן דאָס ערשטע קינד, האָט יוסף־חיים גענומען אַ פעלד־בעטל און אין קאָרידאָר פון שפּיטאָל געלעגן אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט אַזוי אַרום געוואָלט מיטמאַכן די חבלי לידה... אין פּוריסאָווער שטיבל האָט מען אים נישט איין מאָל פאַרגעוואָרפן דעם דאָזיקן שריט. ר׳ שלמהס זון, דוד, האָט געלערנט אין גערער שטיבל, געווען אַ וווילער בחור.

*

ר' שמאי קוואַשניאַק מיט זיינע צוויי זין, געהאַט אַ סאָדעוואַסער־פאַבריקל אויף דער ליניע. אומגעקומען מיט זייערע פאַמיליעס אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

*

צו די וויאַנזאָוונער משפחות, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין פאַלעניץ, געהערט די פאַמיליע גאָלדשטיין. אַ חסידישער ייד, איינער פון די שענסטע בעל־הבתים אין שטעטל. אויף דער האַנדלאָווע גאַס האָט ער געהאַט אַן אייזן־געשעפט.

*

צו די גבירים אין שטעטל האָט געהערט ר' משה טיקאָטשינסקי, אַן אייגנטימער פון אַן אייזן־געשעפט אויף דער האַנדלאָווע גאַס. אַ חסידישער ייד. מע האָט געשמועסט, אַז מע ווייסט נישט וויפל ער פאַרמאָגט און דערביי האָט מען דערציילט, אַז יעדן ערב פסח, נאָכן ריין מאַכן די שטוב, האָט מען געפונען פאַרשטעקט געלט, וואָס מ'האָט פאַרגעסן, אַז מ'האָט עס אַמאָל אַוועק געלייגט...

*

צו די אינטערעסאַנטע געשטאַלטן מעג מען פאַררעכענען ר' איטשע גורגעל מיט זיין בני־בית. געוווינט אויף דער האַנדלאָווע גאַס. אַ ייד מיט אַ שניי־ווייסער באָרד, וועלכער האָט אָפּגעהיטן יידישקייט. געהאַט אויך אַ שטאָל מיט ציגן. מ'האָט דערציילט, אַז נאָכן אַריינשטעלן צו זיי נייע מעבל, איז מען אַ גאַנצע וואָך נישט געשלאָפן אין די בעטן, מ'האָט געוואָלט שוינען די נייקייט. נאָר שבת איז שוין נישט געווען קיין ברירה...

*

ר' איטשעס איידעם, בערל קאָמבינאַטאָר, איז געווען אַ גאַנצער „יאַ טעבי דאַם" אין בעקער־פאַראיין פון די אַרבעטער. אַ יונגערמאַן מיט אַ גוט האַרץ, נאָר זיינע מאָדנע איינפאַלן און אומבאַרעכנטע שריט, האָבן אים געשאַפן דעם צונאָמען קאָמבינאַטאָר. כ'האָב אַמאָל בייגעוווינט אַ געשלעג צווישן אים און עטלעכע בעקער־יונגען. בערל האָט טאַקע באַקומען קלעפּ, ער האָט אָבער אויך צוריק געגעבן — און נאָך ווי אַזוי... אומגעקומען מיט אַלע פאַלעניצער יידן.

*

„די קינדער" — אַזוי האָט מען גערופן די זין און טעכטער פון ר' אברהם־יאַנקל. קיין אַנדערן נאָמען זייערן האָט מען נישט געוווסט. זיי האָבן געפירט אַ תבואה־געשעפט. געווען באַליבט אין גאַנצן שטעטל.

*

אין שכנות פון די קינדערס תבואה־געשעפט איז געווען אַ געשעפט מיט דער זעלבער סחורה, וואָס האָט געהערט צו ר' שמואל־יואל, אַ גערער חסיד. איינער פון זיינע זין האָט זיך געעפנט אַ תבואה־געשעפט אויף האַנדלאָווע עק דלוגע גאַס. ער האָט נאָך געהאַט צוויי טעכטער, פון וועלכע איינע געפינט זיך היינט אין ישראל.

*

צו די ערשטע בעל־הבתים אין שטעטל האָבן געהערט ר' יאָסל סטשעסאַק מיט זיין ברודער, אייגנטימער פון מיכאַלינער באַזאַר. אַ פאַרצווייגטע פאַמיליע. אַ טייערער ייד געווען, שטענדיק געזאָגט אַ גלייכווערטל. איך געדענק אַזאַ פאַל:

אַ ראש־השנה פאַר מיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל, בין איך געווען בעל־תוקע אין מנין פון החלוץ המזרחי, ווו ס'האָט אויך געדאַוונט ר' יוסף. פאַר תקיעת שופר איז ער אָבער אַוועק אין אַ צווייטן מנין, צו די „לעטניקעס", ווייל ער האָט נישט געוואָלט יוצא זיין מיט מיין שופר־בלאָזן.. קומענדיק צו די לעטניקעס, האָט אים דערוואַרט אַן אַנטוישונג. דאָרט איז אינגאַנצן נישט געווען קיין בעל־תוקע... זיי האָבן געמוזט לויפן ברענגען אַ בעל־תוקע, דעם איינציקן ייד אין די פאַלעניצער פייערלעשער. צומאָרגנס נאָך ראש־השנה האָט ר' יוסף געבעטן ביי מיר סליחה און געזאָגט, אַז יענער בעל־תוקע איז נישט מער כשר פון מיר...

*

ר' גדליהו סטשעסאַק, אַ זון פונעם אייגנטימער פון מיכאַלינער באַזאַר, אַ העלדישער יונגערמאַן געווען. ווען די רעקרוטן וואָס האָבן זיך צוגעשטעלט אין פאַלעניץ צום פריזיוו, האָבן געוואָלט אַ הוליע טאָן איבערן שטעטל און שלאָגן יידן, איז ר' גדליהו אַרויס פון זיין געשעפט אויף דער האַנדלאָווע גאַס, אויסגעשאָסן פון רעוואָלווער אין דער לופט — און דאָס איז גענוג געווען, אַז די כוליגאַנעס זאָלן זיך צעלויפן. זיינער אַ שוואָגער איז געווען פון די ערשטע ציוניסטישע פרנסים אין דער קהילה.

*

ר' בנימין־מלך גאָלדפאַרב, מיט זיין פאָטער און ברודער — אַ פאַרצווייגטע פאַמיליע, אַלע גראָדזשיסקער

חסידים. געהאַט אַ בעקעריי. אויף זיי האָט מען גע־זאָגט: אַ משפחה פון תורה ועבודה.

*

ר׳ אלימלך און זיין פרוי, די שוואַרצע אסתר, האָבן געפירט אַ רעסטאָראַן אויף דער האַנדלאָווע גאַס. האַר־ציקע מענטשן, גוט דערצויגן זייערע קינדער.

*

ר׳ מאָטעלע היזונטערגער, געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אויף דער האַנדלאָווע גאַס. אַ חסידישע אָרנט־לעכע פאַמיליע.

*

ר׳ ישראל מושינסקי מיט זיינע דריי ברידער, קינ־דער און אייניקלעך. ער האָט פאַרקויפט פאַרשידענע אַרטיקלען אויף אויסצאָלן. געהאַט אַ הויז אין ווינקל פון די גאַסן דלוגע און קרוטקע. פון די אַנגעזעענע פּוריסאָווער חסידים. זיינע ברידער זענען געווען סוח־רים, און איינער פון זיי — אַ קאַוואַל. ר׳ ישראל איז אין די ימים־נוראים געווען אַ בעל־תפילה.

*

זאָלן אויך דערמאָנט ווערן די נעמען פון די משפּ־חות הערצבערג, צעשינסקי און מעלמאַן. כבוד זייער אָנדענק! די פאַמיליע גרינבערג — געהאַט אַ הויז אויף דער דלוגע גאַס; די פאַרצווייגטע משפחות פון יידל זילבערשטיין, די אַקערמאַנס.

*

תרצה קאָזשיצקי, די אלמנה פון ר׳ אייזיק קאָזשיצקי, האָט בכבודיק דערצויגן אירע קינדער, געגעבן זיי אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג. די מוטער און די קינדער האָבן אַריינגעבראַכט די פרנסה אין דער פאַר־יתומטער שטוב. די מוטער האָט געאַרבעט אין אַ פאַב־ריק פון בייטלען און קנעפּ. איר עלטסטער זון, אלתר, האָט עמיגרירט קיין אויסלאַנד. אַ צווייטער זון, מאיר, אַ ווילער יונגערמאַן, האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון מאַטשעוויץ. געהאַט עטלעכע קינדער. אין די לעצ־טע יאָרן איז ער געווען שמש ביים ברודער פון פּורי־סאָווער רבין. די גאַנצע משפחה איז געווען באַליבט אין שטעטל.

*

די אלמנה האָדעס סאַנעק, מיט אירע טעכטער און זון, וועלכער געפינט זיך היינט אין פּוילן.

*

ר׳ אליהו ביאַלער, אַ ליטוואַק, געהאַט אַ געוועלבל

אויף יענער זייט קאַלייקע. שטענדיק זיך געגרייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. געווען בקי אין דער לאַנדווירט־שאַפט. ליידער, נישט געקענט פאַרווירקלעכן זיין שטרעבונג.

*

די תבואה־סוחרים ר׳ שמואל־יואל לעווין און אבהם־יעקב צעשינסקי,ביידע געהאַט געשעפטן מיט די זעלבע אַרטיקלען לעבן באַן־פּלאַנט — און דאָך געלעבט בשלום.ביידע משפחות — גערער חסידים. באַליבט אין שטעטל.

*

די פאַמיליע פון ר׳ בעריש טוגענטמאַן, געהאַט אַ שיך־געשעפט אויף דער האַנדלאָווע גאַס. זייערס אַ טאָכטער געפינט זיך אין ישראל.

*

די צוויי משפחות פון ר׳ אברהם און ר׳ משה שטיינ־בערג, געהאַט מילכוואַרג־געשעפטן אויף דער האַנד־לאָווע גאַס. דערצויגן זייערע קינדער אין ציוניסטישן גייסט.

*

די ברידער גאָלדשטיין, אייגנטימער פון אַן אייזן־געשעפט אויף דער האַנדלאָווע גאַס. חסידישע יידן, געקומען קיין פאַלעניץ פון וויאַנזאָווע. זאָלן אויך דערמאָנט ווערן די צוויי אייגנטימער פונעם אַפּטייק־סקלאַד אויף דער האַנדלאָווע גאַס. בעת דער אויסזיד־לונג פון די פאַלעניצער יידן, איז איינער פון די אייגנ־טימער, דער וואָס האָט געוווינט אין אברהם גרינ־בערגס הויז, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, דורך איינעמען סם.

*

ר׳ אברהם גרינפּאַס און זיין ברודער אלימלך־פּנחס. פאַרצווייגטע משפחות. די קינדער האָבן געשטרעבט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל — און נישט זוכה גע־ווען. כבוד זייער אָנדענק!

*

פון די גראָדזשיסקער חסידים וויל איך נאָך דער־מאָנען די ברידער ר׳ עקיבא און ר׳ חיים ראָטשטיין. ר׳ עקיבא איז געווען אַ קצב, אַ קלוגער ייד און דערצו אַ סוחר. נאָך אַ ייד, מיטן פאַמיליע־נאָמען פלינט. אויף אים האָט מען געזאָגט — צו גאָט און צו לייט.

*

כבוד דעם אָנדענק פון ר׳ אלתר טאַבאַקמאַן, אייגנ־

טימער פון פאַלעניצער באַזאַר, מיט זיינע צוויי זין, וועלכע האָבן געהאַנדלט מיט קוילן; ר׳ שמחה טאַבאַק־מאַן און זיין שוועסטער דבורה מיטן מאַן אלתר עפּ־שטיין. ר׳ פישל קעסלברענער, אַ קלוגער ייד, אַ סוחר, געוווינט אויף דער קרוטקע גאַס. אַ טאָכטער געפינט זיך אין ישראל.

*

איך קער זיך אום צו די פאַלעניצער רבנים. דער רבי ר׳ אברהם־משהלע האָט אין די לעצטע יאָרן גע־וווינט אין וואַרשע. אין יאָר 1916 (אָדער 1917) האָט אַ גרופּע יוגנטלעכע אין פאַלעניץ פאַרשלאָסן דעם רבין אין צימער אויף אַ געוויסער צייט. אין שטעטל איז צוליב דעם אויסגעבראָכן אַ שטורעם. מענטשן האָבן דערציילט, אַז די וואָס האָבן אָנגעטאָן דעם רבין דעם בזיון — האָבן נישט אויסגעלעבט דאָס יאָר.

*

אַ זון פון דעם אויבנדערמאָנטן רבינס שמש, ר׳ יעקב ראַבזשינסקי, רעדאַקטאָר פון דער וואָכנשריפט „די יידישע שטימע״, איז געווען פון די אָנפירנדיקע חברים אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. ווען די נאַציס האָבן אים געכאַפּט און מוראדיק געפּייניקט ער זאָל אויסגעבן די אויפשטענדלער — האָט ער קיינעם נישט פאַרראַטן. פאַר אויסברוך פון דער מלחמה האָט ער באַזוכט ארץ־ישראל.

*

ר׳ שמואל־מרדכי און זיין פאַמיליע, אַ ברודער פון פוריסאָווער רבין, אַ בעל־תורה. אין זיין הויז האָט זיך געפונען דאָס פוריסאָווער שטיבל, ווו די חסידים האָבן געדאַוונט און געלערנט תורה. ר׳ שמואל־מרדכי איז נפטר געוואָרן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה. זיין אידעם האָט איבערגענומען דעם כסא־הרבנות. אין די לעצטע יאָרן איז ביי ר׳ שמואל־מרדכילע געווען שמש ר׳ מאיר קאַזשיצקי. אַלע פאַלעניצער געדענקען אוודאי די שטוב פון ר׳ שמואל־מרדכי. די גבאים פון שטיבל זענען געווען: ר׳ יוסף ראַדישיצער און ר׳ מאיר בלענ־דיווער. שבת און יומטוב האָבן די מתפללים פון פורי־סאָווער שטיבל זיך אַוועק געלאָזט אויף אַ קידוש צו ר׳ חיים־יוסף פרידמאַן, זינגענדיק אויפן וועג די שענ־סטע ניגונים פון פוריסאָווער הויף.

*

פון די קהילה־דאַזאָרעס און עסקנים וויל איך דער־מאָנען:

ר׳ אברהם גרינבערג, ר׳ חיים־יוסף פרידמאַן, ר׳ אליעזר דאַמב.

די פירער פון האַנטווערקער־פאַראיין: ר׳ פּנחס מאַ־ליאַזש, אַ קלוגער ייד, עטוואָס זיך דערווייטערט פון טראַדיציאָנעלן יידנטום, דאָך האָבן אים אַלע ליב גע־האַט און ר׳איז געווײלט געוואָרן אין דער קהילה; ר׳ משה קעמפּנער, איינער פון די גרינדער פון דער האַנטווערקער־באַנק, אַקטיווער טוער פאַרן קרן־קיימת; פרוי מילער (איצט אין ישראל); דער יוגנטלעכער מאַקאָווסקי (פון מיעדזשעשין).

אין קאָמיטעט פון בית־לחם: ר׳ ברוך און ר׳ אהרון פישער, וועלכע האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז אָרעמע יידן זאָלן נישט בלייבן אָן ברויט אויף שבת. די פאַר־וואַלטונג פון דער חברה קדישא: אליעזר דאַמב (פאַר־זיצער), אַביש לאַטאָוויצקי און אברהם פּוריסאָווער.

די גרינדער פון סוחרים־באַנק: ר׳ הערשל צבי געלבטרונק, ר׳ יוסף ליבערמאַן, ר׳ מאָטעלע הייזונ־טרעגער.

די גבאים פון דער גרויסער שול: ר׳ אביגדור מער־קער, ר׳ משה גאַרוואָלינער, ר׳ בעריש פורמאַן.

פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציע „ברוריה״: רחל ליב־האַבער, חנהטשע געליבטער און איר שוועסטער, דבורה טאַבאַקמאַן און אַנדערע.

סעקרעטאַר פון שטאַרקן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אין פאַלעניץ איז געווען טוביה לאַטאָוויצקי (היינט אין ישראל). איך געדענק זיינעם אַ רעפעראַט, וואָס ער האָט געהאַלטן ביים נייעם באַזאַר (וועגן דער באַדייטונג פון ערשטן מאַי).

פון החלוץ המזרחי: מרדכי זאַוערמאַן (פאָרזיצער), אלתר עפּשטיין, שמחה טאַבאַקמאַן, שמחה דאַמב, אהרון מערקער, אלימלך גרינפאַס, משה יומטוב, יצחק איי־זענשטיין (לערער פון עברית) און זיין בני־בית. אין זיין שטוב פלעגן מיר זיך אָפט צונויפקומען, דאָרט איז געווען דער צענטער פאַרן „תורה ועבודה״־געדאַנק אין שטעטל.

*

זאָל איך דערמאָנט ווערן די היים פון דער משפחה פינטשוק, אייגנטימער פון אַ גרויסן האָלץ־סקלאַד אויף דער קאַלעיאָווע גאַס, צווישן דער באַן־ליניע און קאַ־לייקע. זייערס אַ זון איז געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין זייער סקלאַד האָט זיך געפונען די אורנע צו די וואַלן צו די ציוניסטישע קאָנ־

גרעסן. די גאַנצע פֿאַמיליע האָט זייער פיל געלייסטעט פֿאַרן ציוניסטישן געדאַנק.

*

ר׳ ישראל־שלמה קאָרנגאָלד און זיין פרוי פּייגע־איטע מיט די קינדער האָבן געוווינט אויף דער פּאַליאַנע. זיי האָבן אין שטוב אויסגעאַרבעט (אויף האַנט־מאַשינען) פּאַרשידענע סאָרטן זאָקן און שקאַרפּעטן און זיי געפירט קיין וואַרשע צום פאַרקויפן. די קינדער זענען געווען איבערגעגעבן דעם ציוניסטישן געדאַנק און ביי אים אין שטוב פלעגט מען זיך צונויפקומען אין די אָוונטן, בעת דער טאַטע איז אַוועק אין שול אַריין לערנען דעם דף יומי. עטלעכע קינדער האָבן געקעמפט אין וואַרשעווער געטאָ און עס ווערט וועגן זיי געשריבן אין בוך פון חיים לזר (ליטאי) „מצדה של ורשה״.

*

זאָל אויך דערמאָנט ווערן די אינטערעסאַנטע געשטאַלט פון ר׳ בנימין, דער איידעם פון ר׳ אברהם געטריימאַן, דער סטאָליער, וועלכער איז אין יאָר 1932 קאַלטבלוטיק דערמאָרדעט געוואָרן מיט אַ געוויכט, ווען ער איז געזעסן אויף אַ פעסל מיט הערינג, וואָס ער האָט צוגעגרייט... פאַר די רוצחים. בנימין איז געקומען פון פראַגע און דאָרט אין זיך איינגעזאַפּט די ציוניסטישע אידעע פון די פריסטע יאָרן אָן. געווען אַ מיטגליד אין צעירי המזרחי. קומענדיק קיין פּאַלעניץ, האָט ער דאָ געעפנט אַ שפּייז־געוועלב. צוליב אומפאַרשטענדלעכע סיבות, האָט ער זיך דערווייטערט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, נאָר אין געהיים געשפּענדעט פאַר אירע פאָנדן. איך געדענק, אַז זיין מאָרד האָט אויפגעטרייסלט דאָס שטעטל. די פּאָליציי האָט נישט אַנטדעקט די מערדער.

*

אין אונדזער בוך דאַרפן אויך פאַראייביקט ווערן די דריי שמשים פון שטעטל — ר׳ אליהו (עלאַלע שמש), דער לאָמער לייבל און ר׳ משה־דודל.

נישט געווען קיין זאַך, אַז עלאַלע שמש זאָל נישט קענען אַדורכפירן. נאָר זיין עיקר פרנסה האָט ער געצויגן פון זינגען דעם „מי שבירך״ אויף חתונות און דערליידיקן די מעטריקעס אין דער גמינע. זיין זון משה איז געווען טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע צעירי המזרחי, געאַרבעט האָט ער אין דער האַנטוועקער־באַנק. ער איז קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט און געשטאָרבן. די לוויה איז פאָרגעקומען אין אַ פּראָסטיקן שבת־צו־נאַכטס, ביי נאַפּט־לאַמטערן, אַז מ׳האָט משהן אַריינגעלייגט אין קבר, האָט אליהו שמש אים געגעבן אַ קוש, צוגערופן זיין יינגערן זון יהודהלע, וועלכער איז אַראָפּ פון דרך הישר — און געפאָדערט ביי אים תקיעת־כף ביים אָפענעם קבר, ער זאָל גיין אויפן גוטן וועג. דער צוזאָג איז געגעבן געוואָרן...

דער צווייטער שמש, דער לאָמער לייבל, האָט זומער צופאַרדינט מיט מעקלען דירות און ווינטער איז ער געווען אויסגעשטעלט אויף דער ידישער קהילה. פּאַלעניצער געדענקען אים גוט פון זיין אַרומגיין פרייטיק פאַרנאַכט איבערן שטעטל און זיין מתיקותדיק אויסרופן „בענטש ליכט !״. הערנדיק זיין שטים, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די שבת־מלכה קומט טאַקע אָן.

דער דריטער שמש, ר׳ משה־דודל, איז געווען באַקאַנט פון זיין צוטענצלען בעתן ריידן... פון פאַך איז ער געווען אַ סטאָליער און אַז ר׳האָט געמאַכט אַ שטיקל אַרבעט — איז עס אַרויסגעקומען שיין און גוט. ר׳האָט אָבער נישט געהאַט קיין מזל — קיין באַשטעלערס זענען נישט געווען.

משה־דודל איז געווען אַן איידעם פון לייבישל גלעזער — אַ קליין יידל, שטענדיק מיטן קעסטל גלאָז אויף די פּלייצעס, איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די ווילעס און געזוכט... אַן אויסגעהאַקטע שויב. קיין טענות צום רבונו־של־עולם האָט ער נישט געהאַט: „ברויט מיט עפּעס צו — איז אויך אַ מאכל. איי ס׳איז נישטה קיין שטיקל פלייש, מן־הסתמא וויל נישט גאָט כ׳זאָל ווערן אַ זולל־וסובא...״

די זין פון ר׳ לייבישלען זענען געווען דאָראָזשקאַזשעס, זיי האָבן געפירט די דאַטשניקעס פון באַן אין שטעטל אַריין.

*

די ברידער מאַדאַנעס האָבן אין פּאַלעניץ געגרינדעט די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע, דעם בית״ר און דעם ברית החייל. די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ ישראל אין יאָר 1929 האָבן אַ סך מיטגעווירקט צו דער אַנטשטייאונג פון דער דאָזיקער באַוועגונג אין פּאַלעניץ. איך דערמאָן זיך אַ פאַרלעזונג פון פּרץ לוסטיג, אגב — אַ ציוניסט, אין לאָקאַל פון די רעוויזיאָניסטן, א.ד.ט. „בין השמשות״. אַז איך שרייב שוין וועגן בית״ר, וויל איך דערמאָנען די טאַכטער פון מאַטקע בעל־עגלה (וועלכער האָט גאָר געהאַט אַ יאַטקע און

פּאַרקויפט עופות), אַן אַקטיווע מיטגלידערין פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט בעת דער אָקופּאַציע זיך אויסבאַהאַלטן מיט אירע צוויי קינדער. נאָר דער זון פון קצב רושקאָווסקי, האָט זי דערמאָרדעט מיט בײדע קינדער.

*

ר׳ משה מלמד האָט מען געקאָנט טרעפן אין פּאַלעני־צער בית־המדרש, אויף קרוטקע גאַס — אָבער פאַר דער גרויסער שריפה אין שטעטל אין יאָר 1929, ווען אַ האַלבער ישוב איז אַוועק אין פלאַמען און רויך. נישט האָבנדיק קיין אײגענע קינדער צום לערנען, האָט ער פּאַלעניצער עלטערע ייִדן און יוגנטלעכע מזכה געווען יעדן שבת מיט אַ שיעור פון מדרש רבה. ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלן טאַלאַנט צו דער־ציילן און אויסטייטשן די אגדות. די שטענדיקע צו־הערערס זײנען זענען געווען: ר׳ בעריש טאַגעטמאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ שיך־געשעפט אויף דער האַנדלאָווע גאַס. אַ גאַנצע וואָך געווען פאַריאָגט און פּאַרנומען, אפילו אַ וועלטלעכער ייד — דאָך האָט אים געצויגן צו ר׳ משהס שיעור — און ער פלעגט אים טאָקע אונטערהאַלטן. צו די צוהערערס האָט אויך געהערט ר׳ הענעך לעקעך, אַ גראַדזשיסקער חסיד. אָבער אַמיינסטן פאַרליבט אין ר׳ משהס שבת־דיקען שיעור איז געווען ר׳ בעריש בעל־עגלה. צו די וואָס האָבן געשלונגען יעדעס וואָרט פון מלמד, האָבן געהערט ר׳ לײבישל גלעזער מיט זײנע דער־וואַקסענע בנים (כמעט אַלע דראַזשקאַזשעס, וואָס האָבן געפירט די דאַטשניקעס פון און צו דער באַן־סטאַציע אין פּאַלעניץ). משהלע גלעזער האָט נישט נאָר געהערט, נאָר שטענדיק געהאַט צו פרעגן נאָכן שיעור. און ר׳ משה האָט גערן געענטפערט.

ר׳ יעקב־שלמה ווענגעל, אַ פּוריסאָווער חסיד, מײן פאָטער ז״ל, פלעגט מיך אַלס קינד מיטנעמען צו ר׳ משהס שיעור. איך געדענק ווי הײנט, אַז ר׳ משה מלמד האָט גענומען שילדערן און פאַרטײטשן דעם מדרש פון פרשת ויחי און פרשת השבוע מיט רש״י, און דערבײ דערציילט ווי יעקב אבינו האָט באַלעס־טיקט יוספן מיט זײן קבורה — האָבן זיך אַלעמען געשטעלט טרערן אין די אויגן. דערוואַקסענע ייִדן האָבן אַרויסגענומען זייערע טיכלעך און זיך געווישט די פייכטע אויגן... ר׳ משה האָט געהאַט אַ גרויסן גייסטיקן כוח און אָראַטאָרישן טאַלאַנט צו פאַר־טייטשן אַ פרק חומש, אַ מדרש, צי אגדה. זײן „סחורה״ איז געווען די תורה מיט אַלע אירע פירושים. זײן שבתדיקער שיעור איז געווען אַ שם־דבר אין פּאַלע־ניץ.

*

די דאָזיקע רשימה פון געשטאַלטן און פערזענלעכ־קייטן פון פּאַלעניץ, וויל איך פאַרענדיקן מיט די מנהי־גים פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטעטל, די משפחות סטשעסאַק און בראון זייער אַרבעט פאַרן קרן־קימת, צוזאַמען מיט דער פרוי מילער, וועלכע געפינט זיך אין ישראל, פאַרן שקל און פאַר דער באַוועגונג בכלל — האָט קאָנסאָלידירט אַלע ציוניס־טישע פּאַרטייען, וועלכע זענען אויפגעטרעטן מיט איין ליסטע צו די קהילה־וואַלן אין יאָר 1930. בראש פון דער ליסטע זענען געשטאַנען: דער שוואָגער פון גדליהו סטשעסאַק און מרדכי פיין.

מרדכי־חיים בן־גיל (ווענגעל) / חיפה

„ס׳האָבן זיך געטראָפן די, וועלכע זענען געגאַנגען פון פּאַלעניץ, מיט די, וואָס זענען געגאַנגען פון אָטוואָצק. איינע האָבן געפרעגט די אַנדערע: „ווּ אַהין?״ די און יענע האָבן הילפלאָז צעפּירט די הענט, זיי האָבן נישט געהאַט ווּ צו גיין: דער שונא איז געווען אומעטום...״

(אַדאָלף רודניצקי — „דער טויטער און לעבעדיקער ים״, ז׳ 663, וואַרשע 1956, „טשיטעלניק״).

ד.

# אומקום און געראנגל

# השואה והמאבק




ציור של בן־עירנו שמואל חיטמן ל„ספר פאַלניץ״

צייכענונג פון אונדזער בן־עיר שמואל חיטמאַן פאַרן „ספר פאַלעניץ״

# אוממעגלעך אייך צו פארגעסן...

צפורה סטאַליק
(פעלאַ זילבערשטיין)

25 יאָר זענען פאַריבער זינט מיר איז געלונגען זיך אַרויסצוראַטעווען פון די היטלעריסטישע לאַפּעס. איך לעב אָבער מיט זכרונות און דערמאָנונגען פון יענער פינצטערער תקופה. אוממעגלעך אייך צו פאַרגעסן, האַרציקע מאַמע און טאַטע, טייערע ברי־דער. איר זענט געווען אַזעלכע גוטע, גליקלעכע, צו־פרידענע — און וואָס האָבן די דייטשע רוצחים פון אייך געוואָלט? געמאָרדעט, פאַרברענט, בלויז דער־פאַר וואָס איר זענט געווען יידן.

מיין הייס־געליבטע פאַמיליע, ווי שטאַרק טוט ווייל דאָס האַרץ, וואָס איר זענט נישט איצט צוזאַמען מיט מיר, אין דער אויפגעריכטער יידישער מדינה. נישטאָ מיין טאַטע, די מאַמע, וועלכע זענען דעפּאָר־טירט געוואָרן, דאָס ייִנגסטע ברודערל הערצל און דעו' יינגערער ברודער שליאַמעק, וועלכער איז אומ־געקומען אין אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ. און די ברידער אברהם און יצחק, וועלכע זענען מיט די 200 יידישע אַרבעטער אומגעקומען אין מאַסן־קבר אין נייוועדטס טאַרטאַק אין פאַלעניץ. 200 שטאַרקע און געזונטע מענער, וועמען די דייטשן האָבן אויף אַ פאַרעטערישן אופן צוגעזאָגט צו בלייבן לעבן, אויב זיי וועלן אַרבעטן אין טאַרטאַק — און דערנאָך זיי אומגעבראַכט, אויסגעשאָסן, נאָך פריער געהייסן זיך אויסגראָבן דעם קבר.

זאָלן מיינע ווייטערדיקע שורות זיין אַ יאָרצייט־ליכט אויפן ברודער־קבר פון די צוויי הונדערט קדושים...

*

פאַלעניץ, די פריער זאָרגלאָזע דאַטשע־שטאָט, מיט איר רוישיקער האַנדלס־גאַס — שטייט איצט אַ פאַר־וויסטע און רואינירטע. איך האָב געזען דיין אונטער־גאַנג, פאַלעניץ, דיין טראַגישן אומקום על קידוש השם.

איך דערמאָן זיך אַ חתונה אין געטאָ. שטיל, אין

געהיים שמועסט מען וועגן דעם. די עלטערן גרייטן זיך מיט פאַרזאָרגטע פּנימער, דאָס יונגע פּאָרל קוקט אויף זיך מיט ציטער אין די אויגן. די חופה ווערט שנעל אָפּגעפּאַרטיקט. ביי פאַרמאַכטע לאָדנס ווערט געזאָגט דער „הרי את". אויך דער אָנוועזנדיקער רב ר׳זיקירט אַ סך. נישטאָ קיין געזאַנג און טענץ, קיין שום קאַפּעליע שפּילט נישט.

ווי טרויעריק איז די חתונה אין געטאָ.

די דייטשן טאָרן נישט וויסן. יידן אין געטאָ איז פאַרבאָטן חתונה צו האָבן. די גזירות האָבן נישט געהאָלפן. דאָס לעבן האָט זיך געהאַט אירע געזעצן, שטאַרקערע פון אַלע פאַרבאָטן. דער טאַטע ווינטשט דעם יונגן פּאָרל „מזל־טוב". חתן־כלה פאַרזוכן אַ ביסל ביטערן וויין...

*

אַז איך פלעג אין דער פרי זיך אויפוועקן פון שלאָף, איז אין געטאָ געווען שטיל. ווו איז אַהינגעקומען דער שטענדיקער רויש און טומל? פאַרוואָס הערט מען נישט די אויסגעשרייען ווי פאַר דער מלחמה: „פרישע בייגעלעך?!" מיינע עלטערן און ברידער זענען דורכגענומען מיט שרעק, קיינער ווייסט נישט וואָס עס דערוואַרט יעדן פון אונדז באַזונדער.

די געטאָ־איינוווינער האָט מען באַרויבט פון דער פרייהייט, אָפּגעטויט זייער איניציאַטיוו און רצון עפּעס צו טאָן. דעריבער זענען מיר געווען באַהערשט פון אַן אומווילן צו אַלעמען. ס׳האָט געדויערט עטלעכע חדשים — און מ׳האָט זיך צוגעוווינט צום געטאָ־לעבן.

אַריינברענגען שפּייז אין געטאָ איז געווען פאַרבאָטן. די שולן פאַרמאַכט, די אָרגאַניזאַציעס ליקווידירט. מ׳האָט אָבער נישט געוואָלט משלים זיין מיטן פינצטערן גורל. דער אומלעגאַלער האַנדל איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן, יוגנט און עלטערע האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ, כדי שפּעטער אַריינגנבענען צוריק אַ ביסל עסנוואַרג. דאָס האָט געדראָט מיט טויט — אָבער ווער האָט זיך דערמיט גערעכנט?

די דייטשן פלעגן קומען אין געטאָ, כדי אָפּשטעלן אַן עלטערן ייד, אים אָפּשניידן די באָרד, הייסן אים דערנאָך טאַנצן און זינגען — און דערביי געשטאַנען און ציניש־פרעך געלאַכט פון מענטשלעכע ליידן און דערנידעריקונג. ווי טרויעריק איז געווען צו זען אונדזערע עלטערע יידן מיט פאַרבונדענע פּנימער, כדי זיך פאַרשטעלן די בער״ד. ס׳האָט אויסגעזען, ווי אַלע וואָלטן מיט אַמאָל געליטן אויף צייןווייטיק.

און די קינדער? זיי האָט מען צוגענומען די קינ־



„רובע מגורים יהודים"
„יידישעס וואָלנגעבייט"

דער־יאָרן, אָוועקגערויבט די פרייד און געלעכטער, שפּילערייען. דערפאַר זענען זיי פרי אַלט געוואָרן, באַקומען אינסטינקטן און שכל פון דערפאַרענע, עלטערע מענטשן. איך געדענק איין מאָל אַ פאַרנאַכט, עס ווערט טונקעלער און טונקעלער — און מיין יינגסט ברודערל איז נאָך נישטאָ. מיר זוכן אים איבערן הויף און אין דער נאָענטסטער סביבה — נאָר דאָס קינד זעט מען נישט. קומט צו לויפן אַ שכן און דערציילט, אַז דער יאַט זיצט ערגעץ לעבן אַ וויללע, אויף אַ שטאַם פון אַ בוים און וויל זיך פון דאָרט נישט רירן. מיין פאָטער לויפט אַהין אַוועק. וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? דאָס קינד האָט מורא געהאַט ס׳זאָל ווער נישט אויסהאַקן דעם שטאַם און אים צונעמען פאַר זיך — „דעמאָלט וועלן מיר נישט האָבן

צו הייצן דעם אויוון"... אַזוי האָט אַן 8־יאָריק קינד שוין געהאַט פליכטן פאַר דער משפּחה...

איך האָב צופעליק געהערט אַ געשפּרעך פון צוויי קינדער וועגן עסן. איינער גיט דעם צווייטן אַן עצה:

— אַז וועסט גרויס ווערן, זאָלסטו חתונה האָבן מיט אַ קצבֿ אַ טאָכטער. וועסטו יעדן טאָג האָבן פלייש צום מיטאָג...

*

דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען איין קייט פון ליידן און פּיין. ביז דער ליקווידאַציע. די רוצחים האָבן זיך אַריינגעריסן אינעם דערשלאָגענעם, אויסגעהונגערטן געטאָ און באַשלאָסן די איינוווינער אומצוברענגען. געשרייען, יללות, געוויינען, שאָסן, בלוט. די יידישע פּאַלעניץ גייט אונטער. נאָר איך וויל לעבן. איך אַנט־לויף. ערשט איצט הייבן זיך אָן די צרות, פאַרפאַל־גונגען, איבערראַשונגען. די ע׳רשטע נאַכט בין איך איבערגעשלאָפן אין אַ הינערשטייג, צוזאַמען מיט די הינער. דערפאַר געמוזט באַצאָלן 500 זלאָטעס. זיי האָבן מיר געטאָן אַ חסד, וואָס נאָכן באַצאָלן דאָס געלט, האָט מען מיך נישט איבערגעגעבן אין דייטשע הענט. איך האָב געזוכט אַרבעט, געוואָלט טריי דינען פאַרן שטיקל ברויט און פאַר אַ דאַך איבערן קאָפּ. נאָר אומעטום — פאַרמאַכטע טירן און פאַרמאַכטע הערצער.

כ׳האָב זיך איינגעשאַפט אַרישע פּאַפּירן און געקענט זיך פרייער באַוועגן. נאָר דאָס איז געווען אַ נעבעכ־דיקע פרייהייט. שאַנטאַזש פון דעגענערירטע פּאַ־ליאַקן און די מורא, אַז דייטשן וועלן דערקענען, האָט געגעבן דאָס געפיל פון אַ געיאָגטער חיה. איך האָב אָבער געקעמפט פאַרן לעבן, כ׳האָב אין די ע׳רגסטע מינוטן נישט אויפגעהערט גלייבן, אַז די תליינים וועלן פאָרט נישט אויסמאָרדן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק.

*

נאָך פאַר דער ליקווידאַציע אין געטאָ, ווען כ׳בין געווען באַהאַלטן אויסער פּאַלעניץ, האָט מיין מאַמע מיר איבערגעשיקט אַ בריוו. זי האָט נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין אָנונג וואָס עס דערוואַרט איר און אונ־דזער גאַנץ פאָלק.

„טייערע טאָכטער,

ביי אונדז אין געטאָ שמועסט מען, אַז מען דאַרף אונדז איבערזידלען אין אַן אַנדערער געגנט, באַזאָ־מען מיט נאָך יידן פון די אַנדערע געטאָס. איך מיין, אַז אויך איך וועט מען איבערזידלען. אַלזאָ, מיין טייערע, אויב מ׳וועט אונדז פריער איבערזידלען, וועל איך זיך באַמיען, אַז דו מיטן מאַן זאָלן קומענ־דיק אַהין, ווינען נאָענט פון אונדז.

פאַרבלייבט געזונט און צום ווידערזען —

דיין מאַמע אסתר".

די איבערזידלונג איז טאַקע פאָרגעקומען — נאָר קיין טרעבלינקע...

# חורבן פּאַלעניץ אין פאַרשידענע מקורות

„אַפילו פון דער דאַטשע־אָרטשאַפט הינטער וואַרשע איז אָנגעקומען אַ ידיעה וועגן אַ ווידערשטאַנד בעת דער ליקווידאַציע פון אָרטיקן יידישן ישוב".

„דעם 7טן מאַי — טיילט מיט אַן אַנדערער זשאַנ־דאַרמעריע־פּאָסטערונעק אין אַ מעלדונג, דאַטירט דעם 10טן מאַי — האָבן יידישע פּאַרטיזאַנער זיך באַוויזן אין אורסינוועק, גמינע פּאַלעניץ".

(ז׳ 378, ב. מאַרק — „קאַמף און אומ־קום פון וואַרשעווער געטאָ").

*

...בעיר פּאַלעניץ הראש של עיר געזען אַ יינגל פאַר־קויפן פּאַפּיראָסן געשטעלט זיך פאַרקויפן, קיינעם גע־געבן קיין רעשט און די גאַנצע סומע איבערגעגעבן דעם יינגל...

(רינגעלבלום — „כתבים פון געטאָ", ז׳ 106, וואַרשע, 1961. פאַרלאַג „יידיש בוך").

*

...אין משך פון דער צווייטער העלפט אויגוסט, צווישן דעם 19־טן און 24־טן אויגוסט (1942 — ועד.), איז

פאַרגעקומען אַן איבעררייס אין דער „אויסזידלונג־אַקציע" אין וואַרשע. די „פערניכטונגס־קאָמאַנדאָ" האָט פאַרלאָזט וואַרשע, אַרויסגעלאָזט זיך אויף דער פּראָווינץ אויף ענלעכע אַרבעטן. אין דער צייט קומען צו פאָרן אין פאַרניכטונגס־לאַגער טרעבלינקע באַנען מיט דער יידישער באַפעלקערונג פון אָטוואָצק, פאַלעניץ, רעמבערטאָוו, מינסק־מאַזאָוויעצק, שעדלעץ, מאָרדי און לאָשיץ.

דעם 19טן אויגוסט ווערט אַרומגערינגלט דאָס געטאָ אין אָטוואָצק, 7000 יידן האָט מען אויפגעלאָדנט אין די וואַגאָנעס. אין משך פון די ווייטערדיקע עטלעכע טעג, האָט מען אין אָטוואָצק אַרויסגעצויגן פון די באַהעלטענישן און דערשאָסן 3000 פּערזאָן.

די עקזעקוציעס דויערן דערנאָך נאָך עטלעכע וואָכן. אין אָטוואָצק האָט מען איבערגעלאָזט בלויז די מיטגלידער פון יודענראַט און די יידישע אָרדענונגס־דינסט, וועלכע מ'האָט נאָך אַ געוויסער צייט אַרויסגעשיקט אין פאַרשידענע לאַגערן אין דער געגנט (ווילאַנוו, פּיעקעלקאַ). דעם 20סטן אויגוסט האָט מען קיין טרעבלינקע אַרויסגעפירט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון פאַלעניץ און רעמבערטאָוו.

אין פאַלעניץ האָט מען איבערגעלאָזט 100 פּערזאָן, באַשעפטיקטע אין טאַרטאַק.

דאָס נישטערן אין די באַהעלטענישן און די אַבלאַוועס אין די וועלדער, האָבן פאַרשלונגען פיל צייט און ענערגיע. דער היטלעריסטישער אָקופּאַנט האָט געגרייכט צו אַ מיטל וואָס פאַרפירט נישט און וואָס האָט באַדאַרפט איינשלעפערן די וואַכזאַמקייט פון דעם פאַרפאָלגטן קרבן. ער האָט, צום ביישפּיל, פאַרעפנטלעכט אַ נייע פאַראָרדענונג פונעם העכערן פּאָליציי־ און ס.ס.־פירער אין קראָקע, קריגער, צו שאַפן יידישע וווינקוואַרטאַלן אין די דיסטריקטן: וואַרשע און לובלין. די דאָזיקע פאַראָרדענונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם 28סטן אָקטאָבער 1942, אַלזאָ דעמאָלט, ווען די פאַרניכטונג פון אַלע יידישע צענטערן אין וואַרשעווער דיסטריקט איז שוין געווען אַדורכגעפירט. עס זענען איבערגעבליבן עטלעכע טויזנט יידן אין שעדלעץ, עטלעכע אַרבעטער־קאָלאָנעס אין מינסק־מאַזאָוויעצק, צו 100 פּערזאָן אין פאַלעניץ און אין ווענגראָוו, אין וואַרשע איז דורך דער רעגיסטראַציע פון יודענראַט אַנטדעקט געוואָרן 35,639 פּערזאָן.

אין מאַי 1943 האָט הימלער באַשלאָסן אַדורכצופירן אַ שנעלע „עוואַקואַציע" פון די יידן. צו יענער צייט האָט מען אין וואַרשעווער דיסטריקט ליקווידירט די לעצטע רעשטלעך. עס זענען, אַלזאָ, דערשאָסן געוואָרן די יידן, באַשעפטיקטע אין טאַרטאַק אין פאַלעניץ און אין דער סאָרטאַווניע פון זאַכן אין ווענגראָוו, מען האָט אויך אַרויסגעפירט פון רעמבערטאָווער לאַגער. דעם 5טן יוני 1943 האָט מען דערשאָסן די אַרבעטער פון רודזקיס פאַבריק אין מינסק־מאַזאָוויעצק.

(ביולעטין פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, וואַרשע, 1952, נר. 1 (3), ז"ז 92—93 און ז' 96).

*

וואַרשעווער דיסטריקט. נאָך דער גרויסער זומער־אַקציע, האָט אין וואַרשע זיך אָנגעהויבן אַ פאַרהעלטנישמעסיק פאַריבערגייענדיקע „באַרואיקונג". דערווייל איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון אַנדערע יידישע צענטערן אין וואַרשעווער דיסטריקט. מען האָט אויסגעזידלט די יידישע באַפעלקערונג פון פאַלעניץ, אָטוואָצק, רעמבערטאָוו, מינסק־מאַזאָוויעצק, שעדלעץ און אַנדערע שטעטלעך.

(אַרטור אייזנבאַך — „די היטלעריסטישע פּאָליטיק פון יידן־פאַרניכטונג", 1961, ז. 428).

*

„...די לעגער סינד אין דען קרייסען סיעדלע, גאַרוואָלין, וואַרשאַו, גראָיעץ, לאָוויטש פערטיילט. יודען אוס דעם וואַרשאַוער געטאָ קעננטען אין פאָלגענדען לאַגערן אונטערגעבראַכט ווערדען: יאַבלאָננאַ, ווילאַנוו, קעמפּאַ־זאַוואַדאָווסקאַ, פאַלעניצאַ, דרעווניצאַ, קאַרטשעוו, גרויעץ. יעדעס לאַגער קעננטע 400 מאַנן אויפנעהמען. אין דען איבריגען לאַגערן סאָללען נור יודען אוס דען לאַנדקרייסען איינגעסעצט ווערדען..."

(20 מערץ 1942, וואַרשע, פונעם באַריכט פון דער באַראַטונג, פאָרגעקומען ביים קאָמיסאַר פון וואַרשעווער געטאָ, אויערסוואַלד, אין דער פראַגע פון צוואַנגס־באַשעפטיקונג פון די יידן פונעם וואַרשעווער געטאָ אויסער די גרענעצן פון יידישן קוואַרטאַל. — — — „עקסטערמינאַציע פון יידן אויף דער פּוילישער ערד בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע" — זאַמלונג פון דאָקומענטן, געזאַמלט און באַאַרבעט: ט. בערנשטיין, א. אייזנבאַך, א. רוטקאָווסקי, וואַרשע, 1957, ז"ז 235—237).

צאָל יידן:

1.9.1939 — 5,300; 1940 — 5,106; 1941 — 6,500.

איינזידלונג, אָדער צאָל פּליטים און גולים: 1940 — 140.

אויסזידלונג און פאַרניכטונג: 20.8.1942 — גירוש קיין טרעבלינקע.

אין פאַלעניץ זענען פאַרבליבן 100 יידן, באַשעפּטיקטע אין טאַרטאַק.

7.5.1943 — דערשיסונג פון די לעצטע הונדערט יידן, באַשעפטיקטע אין טאַרטאַק.

(בלעטער פאַר געשיכטע, באַנד 4, העפט 2. יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט, וואַרשע. פאָרש־אַרבעט פון ט. ברוסטין־בערנשטיין „די גירושים און פאַרניכטונג פון די יידישע ישובים אין וואַרשעווער דיסטריקט").

*

...אין דער העלפט אויגוסט האָט דער אומזידלונג־שטאַב פאַרלאָזט וואַרשע. דאָס געטאָ האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַקציע איז פאַרענדיקט געוואָרן. לײדער, איז דאָס בלויז געווען אַן איבעררייס, בעת וועלכן די דייטשן זענען געווען פאַרנומען מיט ליקווידירן אָטוואָצק, פאַלעניץ, מיעדזעשין...

(עדעלמאַן, 1 צ., ז' 40; עלבערג 1 צ., פון די יד ושם־מאַטעריאַלן אין ירושלים).

*

1טער דעצעמבער 1939. אַ סברה, אַז אין פאַלעניץ, ווו מ'זאָל האָבן געפונען דעם טויטן קערפּער פון געוועזענעם דייטשן קאָנסול אין קראָקע, וועלכער האָט דאָרט פאַרברענגט אין אָנהייב סעפּטעמבער, האָט מען דערשאָסן 600 פּערזאָן.

אויף פאַלעניץ האָט מען אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע פון 80 טויזנט זלאָטעס.

דאָס פאַרברענען די גמינע אין פאַלעניץ און נאָך פיר אַנדערע גמינעס, איז וואַרשיינלעך געווען אַ צייכן אָנצוהייבן די בלאָקאַדע.

(כראָניק פון די מלחמה־ און אָקופּאַציע־יאָרן (אין פויליש) פון לודוויק לאַנדאָו, ערשטער באַנד. מלוכהשער וויסנשאַפטלעכער פאַרלאַג, וואַרשע).

*

יאַנואַר 1941.

דער מושב־זקנים אין פאַלעניץ — אין דער ערגסטער לאַגע. עס פעדערט זיך — אַחוץ קאָנטיגענט — 5 טאָן קאַרטאָפל און 5 טאָן קוילן.

באַשטעטיקט אין פעברואַר 1941. די אויסגאַבן — אויפן חשבון פון וואַרשע.

פעברואַר 1941. איבערגעפירט 450 קינדער פון פאַלעניץ קיין וואַרשע.

אויגוסט 1941. פאָדערונג צו עפענען אַ שפּיטאָל פאַר אַנשטעקנדיק קראַנקע אין פאַלעניץ. בריוו־אויסטויש צווישן ד"ר ווייכערט, ווו עס רעדט זיך, אַז דאָס אָרעמע פאַלעניץ האָט נישט קיין מעגלעכקייט אויסצוטיילן די געפאָדערטע סומע (30 קאָלדרעס, 30 בעטן און מאַטראַצן).

(מיקראָפילם פונעם בריוו־אויסטויש פון דער יידישער קהילה מיט ד"ר מ. ווייכערט, פאַרזיצער פון דער יידישער אַליינהילף).

# 23 דאָקומענטן דערציילן...

ד. שטאָקפיש
רמת־גן

פאַר אונדז ליגן 23 פאָטאָקאָפּיעס פון אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז אין די יאָרן 1940, 1941 און 1942 געפירט געוואָרן צווישן דעם פאַלעניצער יודענראַט, פאַלעניצער הילפס־קאָמיטעטן און אַ פּריוואַטער פּערזאָן — מיט דעם „דזשאָינט" אין וואַרשע און דער „יידישער סאָציאַלער זעלבסטהילף" Ż.S.S. „זשידאָווסקאַ סאַמאָפּאָמאָץ ספּאָלעטשנאַ" אין קראָקע, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט ד"ר מיכאל ווייכערט. די דאָקומענטן, געשריבן אין דער פּוילישער שפּראַך, מיט דער האַנט און אויף דער שרייבמאַשין, שטעלן מיט

זיך פאַר אַן אויטענטישע דערציילונג פון יענער פינ־
צטערער תקופה, ווען אין פאַלעניצער געטאָ, געגוי
ווי אין אַלע געטאָס פון דער אָקופּירטער פּוילן, האָט
געהערשט הונגער, נויט, קראַנקהייטן, פאַרצווייפלונג
און האָפענונגסלאָזיקייט. הגם די אַלע פּאַפּירן זענען
פאַרשריבן מיט אַ טרוקענער, קאַנצעלאַריע־שפּראַך,


GREISENHEIM IN FALENICA
DOM STARCOW w FALENICY
Warszawa, dnia 7 stycznia 1941.

Żydowska Samopomoc Społeczna
Komitet Opiekuńczy Miejski
w Warszawie

na ręce WPana Dra Wielikowskiego

Towarzystwo "EZRA" utrzymuje Dom Starców w Falenicy, w którym obecnie znajduje się 71 osób.

Ze względu na ogólny stan ekonomiczny i w związku z utworzoną dzielnicą żydowską, starcy znajdują się w [illegible] nędzy i rychła pomoc dla nich jest konieczna.

Uprzejmie prosimy Pana Dra o łaskawe wyjednanie u odnośnych Władz:

5 ton kartofli i
10 ton węgla

z dostawą franco Falenica.

Z poważaniem

"EZRA"

מכתב ממושב זקנים — לזש.ס.ס. בוואַרשה

בריוו פון מושב זקנים — צו דער זש.ס.ס. אין וואַרשע

טראָגט זיך פון זיי אַ טיפער ווייגעשריי פון אַ פאַר־
פייניקט פאָלק, וואָס איידער מ'האָט עס געפירט צו
דער שחיטה, האָט עס פריער געמוזט אַדורכמאַכן
שבעת מדורי גהינום פון רדיפות, דיסקרימינאַציעס,
באַליידיקונג און אויסהונגערונג.

די דאָקומענטן, וועלכע מיר האָבן באַקומען אַ דאַנק
דער פריינדלעכקייט פון פּראָפ' ב. מאַרק, דירעקטאָר
פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, זענען
בלויז איינציקע בלעטער פון אַ גרויסער און ברייט־
פאַרצווייגטער קאָרעספּאָנדענץ וואָס איז אוודאי געפירט
געוואָרן אין יענער תקופה דורך די יידישע אינסטאַנצן
אין פאַלעניץ מיט די יידישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס
אין וואַרשע און אין קראָקע. נאָר אפילו פון די 23
דאָקומענטן שאַפט זיך אַ גענוג קלאָר בילד פון דער
לאַגע, אין וועלכער ס'האָבן זיך געפונען די פאַלעני־
צער יידישער איינוואוינער אין די יאָרן 1940/42.

מיטן טעלעגראַם פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע נאָך
הילף (אָנהייב אויגוסט 1942), פאַרענדיקן זיך די
דאָקומענטן וועלכע מיר באַזיצן. דאָס לעצטע וואָרט
אין טעלעגראַם — דער סטעמפּל פון דער זש.ס.ס.,
וואָס איז אַרויפגעקלאַפּט געוואָרן אויף יעדער דער־
האַלטענעם דאָקומענט, לייענט זיך: דערליידיקט
— און עס פאָלגן דריי פינטעלעך אויף צוצושרייבן ווי
אַזוי און ווען מ'האָט די בקשה דערליידיקט.

וויסן מיר נישט דעם סוף פון דער דאָזיקער טעלע־
גראַפישער ווענדונג. דערפאַר איז אונדז שוין יאָ
באַוווסט דער טראַגישער סוף פון די קינדער און
זייערער דערציער פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, וועל־
כע האָבן געטיילט דעם גורל פון די פאַלעניצער יידן
— און צוזאַמען מיט זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין
טרעבלינקע אין דער צווייטער העלפט 1942.

מיר ברענגען ווייטער די פולע איבערזעצונג (פון
פויליש) פון יעדן דאָקומענט באַזונדער — און כראָנאָ־
לאָגיש. די נומעראַציע אין אָנהייב פון יעדער דאָקו־
מענט — איז אונדזערע.

*

(1)

## באַריכט פון אַ באַזוך אין פאַלעניץ
## הינטער וואַרשע

דעם 1940.21.1 בין איך געקומען קיין פאַלעניץ,
מיטן ציל צו באַקענען זיך מיטן געזונטהייטס־מצב
פון דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג. נאָכן אהינ־
קומען, בין איך אַוועק אין דער יידישער רעליגיעזער
גמינע, כדי זיך אָריענטירן אין דער לאַגע.

איך האָב אויך באַזוכט וווינונגען פון דער אָרטיקער
באַפעלקערונג. די יידישע גמינע אין פאַלעניץ פאַר־
נעמט זיך מיט די איינוווינער פון פאַלעניץ, מיעדזעשין,
מיכאַלין און ראַדאָשטש. אויפן אָרט איז פאַראַן אַ
קאָמיטעט, אויסגעטיילט פון דער גמינע, אין וועמענס
שפּיץ עס שטייט דער ה' צוקערמאַן, קאָמיסאַרישער
גמינע־פּרעזעס. אויפן שטח פון פאַלעניץ זענען פאַראַן
נישט קיין סך פּליטים, אַן ערך 150—130 פּערזאָן. זיי
זענען נישט שלעכט סיטואירט און ביז איצט נישט
געווענדעט זיך נאָך קיין הילף. די פליטים פון דייטש־
לאַנד זענען איינגעאָרדנט אין דער געביידע פון דער

געזעלשאַפט „עזרא" און ווערן דורך דער געזעלשאַפט אויסגעהאַלטן.

די גרעסטע און דערצו באַלדיקע הילף, פאָדערט זיך פאַר דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג אין פאַלעניץ. זי באַשטייט פון נשרפים, פון משפחות וואָס זענען גענצליך פאַראָרעמט געוואָרן צוליב די מלחמה־געשעענישן. די צאָל פערזאָנען וואָס האָבן נישט קיין שום מיטלען צום לעבן, באַטרעפט אַן ערך 1500. אָן הילף זענען זיי פאַרמשפט אומצוקומען. זיי זענען איינגעאָרדנט אין די חורבות, אין דער גמינע און אויך אין וויללעס וואָס זענען נישט געווען באַשטימט מ'זאָל אין זיי וווינען ווינטער (צימערן אָן אויוונס). די באַדינגונגען אין די וווינונגען זענען שוידערלעכע: שמוץ, נויט, הונגער, קעלט, מוראדיקע פאַרלייזיקטקייט. אלס בייש־פיל גיב איך אָן אַ צימער, ווו כ'האָב געטראָפן פינף קליינע קינדער, וואָס זענען געלעגן אויף נאַרעס, באַדעקט מיט שמאַטעס. דאָס וואַסער איז געווען פאַרפרוירן. די קינדערס מוטער איז געשטאָרבן, דער פאָטער איז ערגעץ אַוועק... ביז 2 אַ זייגער האָבן זיי נאָך גאָרנישט געגעסן.

דער קאָמיטעט גיט אַרויס מיטאָגן דורך דער פאַר־מיטלונג פון דער געזעלשאַפט „עזרא" — ביז 620 טעגלעך. אָבער די צאָל איז אבסאָלוט נישט קיין גענוגנדיקע. אויף אַ פאַמיליע וואָס באַשטייט פון 8 פערזאָן, גיט מען אַרויס 3 מיטאָגן.

איך האַלט פאַר נייטיק צו אָרגאַניזירן אין פאַלעניץ אַ צווייטע קוך פאַר ווינציקסטנס 500 מיטאָגן. די קאַלאָרישקייט פון די מאכלים איז נישט גענוגנדיק. מען קאָכט אָן פעטס (1 קילאָ מאַן־אייל אויף 620 פערזאָן). די יידישע בעקערס האָבן אייגנווייליק באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אומזיסט 100 ברייטלעך פאַר דער הונגעריקער באַפעלקערונג. האָט מען דערפון באַשטימט 85 ברייטלעך פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. וואַרשיינלעך דאַרף אויך ווערן אָפגעהאַלטן דאָס אַרויסגעבן די 15 ברייטלעך פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

קאַטאַסטראָפאַל איז די לאַגע פון קוילן, האָלץ, מלבושים. מענטשן גייען נישט אַרויס פון די שטובן, זיי האָבן אפילו נישט געקענט גיין אין אמבולאַטאָריום, ווייל זיי האָבן נישט וואָס אָנצוטאָן.

אין מיעדזעשין, אַ דאַנק דער אָפפערווילקייט פון דער אָרטיקער אקושערין מאַריאַ רייף, איז אין איר אייגן הויז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קוך מיט 60 מיטאָגן טעגלעך. די פרוי האָט אויך דאָרט איינגעשטעלט אַ סאַניטאַר־פונקט, אין וועלכן מען ערטיילט עצות און מען דערנערט־צו קינדער.

דער געזונטהייטס־צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג איז אַ פאַטאַלער. פיל שווערע קראַנקהייטן (לונגען־אָנצינדונג, אָפגעפרוירענע אברים, שטאַרקע דערשפעטקייט צוליבן נישט דערעסן). די יידישע באַפעלקערונג איז באַרויבט פון מעדיצינישער הילף. דער אָרטיקער דאָקטאָר פון מעדיצינישן פונקט ערטיילט נישט בכלל קיין הילף...

(אויף דעם אָרט ווערט איבערגעריסן דער באַריכט — און מיר ווייסן נישט דורך וועמען ער איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן און אין וועמענס אויפטראַג. אויף דער צווייטער זייט פון דער פאָטאָקאָפיע איז בלויז צוגעשריבן געוואָרן מיט דער האַנט, אויף פויליש: „באַריכט פון פאָרשטייער פון דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף אין וואַרשע).

(2)

צום „דזשאָינט" —

יאַסנע 11 וו. 4 — וואַרשע.

דערמיט ווענדע איך זיך צום „דזשאָינט" מיט אַ הייסער בקשה וועגן וועלכער ס'איז מאַטעריעלער הילף אָדער אַרבעט. איך בין אַ לערערין פון דער 7־קלאַסיקער פאָוושעכנער שול אין פאַלעניץ. איך בין מיט אַ קראַנקער מאַמען געבליבן אָן מיטלען צום לעבן. כ'האָב שוין אַלץ אויספאַרקויפט וואָס האָט געהאַט וועלכן ס'איז געלט־ווערט. איך האָב נישט קיין שום פאַמיליע צו וועלכער כ'זאָל זיך קאָנען ווענדן נאָך הילף. צו די אַלע צרות האָט דער הויז־אייגנטימער ווו כ'וווין, מיך אָנגעקלאָגט אין געריכט, ווייל פון חודש סעפטעמבער איז די דירה נישט באַצאָלט געוואָרן. וואָס טאָן? ווו זיך ווענדן?! דער שרעקלעכער ווינטער אין אַן אומבאַהייצטער דירה, האָט מיר שוין אויפגעפרעסן די רעשט כוחות. דאָס ווענדן זיך צום „דזשאָינט" איז פאַר מיר דאָס לעצטע רעטונגס־ברעט. איך בעט, אַז דער „דזשאָינט" זאָל מיך נישט איבערלאָזן אָן הילף. פשוט מיט די ציין האָב איך זיך ביז איצט געקלאַמערט אין לעבן, אויס־פאַרקויפט פאַר גראָשנס וואָס כ'האָב געקענט. אבי נאָר נישט ווענדן זיך צו מענטשן נאָך הילף. מערער

אויסהאַלטן קאָן איך נישט, איך פיל אַז כ'קום אום פון הונגער און קעלט!

איך וואַרט אומגעדולדיק אויף וועלכער ס'איז הילף.

איך בעט, אַז דער „דזשאָינט" זאָל מיך נישט לאָזן אָן הילף.

ציטרין מאַלאַ
טעאַטראַלנע גאַס 21, וו. 8, אין פאַלעניץ

פאַלעניץ, 5טן מערץ 1940 יאָר.

(3)

פּראָטאָקאָל

פון דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פונעם קאָמי־טעט פאַר סאָציאַלער הילף אין פאַלעניץ, דעם 1940.13.5.

אנוועזנד: פרעזעס צוקערמאַן, כליוונער, וויזענ־פעלט, פאַזנערסאָן, לעדערמאַן, שאַנצער, כאַדזשקאַ, אירליכט און די פאַרשטייער ה' זשיכלינסקי און ד"ר פארבער.

דעם פאָרזיץ פירט ה' צוקערמאַן, פּראָטאָקאָלירט ה' כאַדזשקאַ.

דער פאָרשטייער פון „דזשאָינט", ה' זשיכלינסקי, רעדט אַרום דעם קאַסע־באַריכט פונעם קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף, דערביי מאַכט ער אויפמערק־זאַם, אַז די קוך וואָס איז ביז איצט געפירט געוואָרן, האָט ארויסגעוויזן וויניק טעטיקייט ביים צונויפזאַמ־לען פאָנדן פאַר דער קוך, אויסער דאָס ווענדן זיך צום „דזשאָינט".

אויף דעם אויבנדערמאָנטן ענטפערט פרעזעס צו־קערמאַן, וועלכער קלערט אויף, אַז אויך דער יודענ־ראַט העלפט אויסהאַלטן דעם קאָמיטעט פאַר סאָציאַ־לער הילף.

ה' זשיכלינסקי בעט, אַז די יידישע גמינע זאָל באַדייטנדיקער פינאַנסירן די באַדערפענישן פון דער קוך. אויך דער ישוב אין פאַלעניץ דאַרף געבן זיין מאַטעריעלע הילף. פון דעם זענען אָפּהענגיק די סוב־ווענצן פון „דזשאָינט".

ה' זשיכלינסקי בעט, אַז די באַריכטן פון קאָמיטעט דאַרפן זיין פולע, מיט סטאַטיסטישע אָנגאַבן וועגן דער סאַניטאַר־היגיענישער אַקציע, באַהייצונגס־אַקציע, וווינונגס־הילף און וועגן דער באַוועגונג פון די פּלי־טים. אויסער דעם בעט ה' זשיכלינסקי צושיקן באַ־ריכטן וועגן דער מצה־אַקציע און באַקליידונגס־אַקציע.

פאָרזיצער: צוקערמאַן
סעקרעטאַר: כאַדזשקאַ

(4)

פאַלעניץ, דעם 22סטן יולי 1940 יאָר.

צום
אַמעריקען דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטי אין וואַרשע.

אַלס ענטפער אויף אייער בריוו פון 10 יולי 1940, גיבן מיר אייך איבער דעם צוזאַמענשטעל פון אונד־זער קאָמיטעט, רעוויזיאָנס־קאָמיסיע און דעם פּער־סאָנאַל.

קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אין פאַלעניץ

1. פאָזנערסאָן יאַנקל — פאַלעניץ, פּאָניאַטאָווסקעגאָ 7, אַ פּליט — זגיערזש
2. וויזענפעלד מיעטשיסלאַוו, פאַלעניץ, קרוטקאָ 1
3. האָכבערג אהרון, פאַלעניץ, טשיכע 32


Falenica, dn. 22 VII 40

Do American Joint Distribution Committee w Warszawie

W odpowiedzi na pismo ... z dn. 10 lipca ... podajemy skład naszego Komitetu, Komisji rewizyjnej ... personelu.

Komitet Pomocy Społecznej w Fal.

1. Poznerson Jankiel - F-ca, Poniatowskiego 7, uchodźca - Zgierz
2. Wiesenfeld Mieczysław - " , Krótka 1
3. Hochberg Aron - " , Cicha 32
4. Zilicht Bernard - " , Krótka 1
5. Weinberg ... - " , Nowa 1
6. Malin Nachemja - " , Nowa 5
6. Halpern Jakób - " , Piłsudskiego 36
7. Chodzko Mendel - " , Piłsudskiego 61, uchodźca Łódź
8. Rozenberg Pinkus - " , Cicha 8, członek Judenrat
9. Ahierman Cudyk " , P.o.w. 4
10. Lidawka Kopel " , Piłsudskiego 10
11. Goldberg Chaim " , Cicha 16
12. Lederman Mendel " , 11 listopada 14

Komisja Rewizyjna

1. Michelsohn Chaim, F-ca, Poniatowskiego 7
2. Finkiel E, F-ca, Spokojna 13, członek Judenrat

Personel Komitetu

1. Chliwner Mosze, F-ca, Miedzeszyńska 8, buchalter
2. Chliwner Regina, " , " , sekretarka
3. Tisch Arnold
4. Tisch Hilda
5. Tisch Herbert
F-ca, Piłsudskiego 26, magazynier, gospodarz kuchni, uchodźca z Ostrowa Wlkp.

Za Komitet Pomocy Społecznej w Falenicy

Sekretarz [illegible] Prezes [illegible]

העתק מן המכתב ל„דז'וינט" בוואַרשה

קאָפּיע פון בריוו צום „דזשאָינט" אין וואַרשע

4. אירליכט בערנארד, פאַלעניץ, קרוטקא 1
5. שטיינבערג מאַטל, פאַלעניץ, נאַווע 1
6. מאלם נחמיה, פאַלעניץ, נאַווע 5
7. האַלפערן יעקב, פאַלעניץ, פילסודסקיעגאָ 88, אַ פליט, לאָדזש
8. ראָזענבערג פנחס, פאַלעניץ, טשיכע 8, מיטגליד פון יודענראַט
9. אַקערמאַן צדוק, פאַלעניץ, פ.א.וו. 4
10. זשעלאַנקא קאַפל, פאַלעניץ, פילסודסקיעגאָ 10
11. גאָלדבערג חיים, פאַלעניץ, טשיכע 16
12. לעדערמאַן משה, פאַלעניץ, 11 ליסטאָפּאַד 14

רעוויזיאָנס־קאָמיסיע

1. מיכעלסאָן אפרים, פאַלעניץ, פּאַניאַטאָווסקיעגאָ 7
2. פינקעל ע., פאַלעניץ, ספּאָקאָינע 19, מיטגליד פון יודענראַט

פּערסאָנאַל פון קאָמיטעט

1. כליוונער משה, פאַלעניץ, מיעדזעווסקא 8, בוכהאַלטער
2. כליוונער רעגינע, פאַלעניץ, מיעדזעווסקא 8, סעקרעטאַרין
3. פיש ארנאָלד, מאגאזיניער און פאַרוואַלטער פון דער קוך
4. פיש הילדא,
5. פיש הערבערט — פליט פון אסטראווו, גרזיספוילן, די לעצטע דריי וווינען אין פאַלעניץ, פילסודסקיעגאָ 26.

פאַרן קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אין פאַלעניץ
פרעזעס: צוקערמאַן
סעקרעטאַר (אונטערשריפט אומלייענבאַר)

(5)

פאַלעניץ, 24 אויגוסט 1940.

יודענראַט אין פאַלעניץ
נומ. 300/40
ח"ה
יידישע סאָציאַלע אַליינהילף
פּרעזידיום
קראָקע סטראַדאָמסקע 10.

אַלס ענטפער אויף אייער צירקוליאַר פון 23 ד. ח., גיבן מיר וויטער די רשימה פון די עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפטן אויפן שטח פון דעם יודענראַט אין פאַלעניץ:

1. קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אין פאַלעניץ.
2. קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אין מיעדזעשין.
3. אַן „אָגניסקאָ" און קוך פאַר קינדער „צענטאָס" אין פאַלעניץ.

די אַנשטאַלטן, וואָס זייערע געזעלשאַפטן געפונען זיך אין פאַלעניץ.

1. „צענטאָס" — אנשטאַלט פאַר קינדער אין מיעדזעשין.
2. אנשטאַלט פאַר היימלאָזע קינדער און יתומים „צענטאָס" אין זאַטשעביע.
3. אַנשטאַלט פאַר היימלאָזע קינדער און יתומים פון „צענטאָס" — „נאַש אול" („אונדזער בינשטאָק") אין מיעדזעשין.
4. זקנים־הויז „עזרא" אין מיעדזעשין.
5. קינדער־פּרעווענטאָריום „טאָז" אין ראַדאָשטש.

די לאָקאַלע אינסטיטוציעס, אויסגערעכנט אין די פּונקטן 1, 2 און 3, באַזיצן נישט קיין אומבאַוועגלעכע גיטער.

מיט אכטונג (אומלעזבארער אונטערשריפט).

דער סטעמפּעל: יודענראַט — פאַלעניץ — ראַדאָ זשידאָווסקא.

(6)

פאַרוואַלטונג פון דער יידישער גמינע אין פאַלעניץ
פאַלעניץ, 4 דעצעמבער 1940.
נומ' 545/40
צו

דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף אין וואַרשע.

מיר טיילן מיט העפלעך, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט דער לעצטנס אָנגענומענער דעציזיע צו פאַראייניקן אין איין אָרגאַניזאַציע די דריי עקזיסטירנדיקע אויף אונדזער שטח קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער שוץ, זענען אויף דער זיצונג פון אונדזער פאַרוואַלטונג דעם 1/12 ה. י. אויסגעקליבן געוואָרן פאָלגנדיקע פּערזאָנען צווישן די, וואָס זענען ביז איצט געווען טעטיק אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט און מיטגלידער פון יודענראַט — אַלס פאַרוואַלטונג פון פאַראייניקטן קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער שוץ ביי דער יידישער גמינע אין פאַלעניץ:

1. פינקעל עליאַש.
2. ריינער מאיר.
3. ניווער אינטאַ.

4. פאַזנערמאַן חיים (איך לייג פאַר ד״ר חיל פאַרבערט) *
5. גאָלדבערג דוד.

איבערגעבנדיק דאָס אויבנדערמאָנטע צו דער העפ־לעכער אויפמערקזאַמקייט פון די חשובע הערן, בעטן מיר צו באַשטעטיקן דעם ניי־אויסגעקליבענעם קאָמי־טעט אין דעם אויבנדערמאָנטן צוזאַמענשטעל און אַדורכפירן די אַנטשפּרעכנדיקע לעגאַליזאַציע־פונק־ציעס.

מ. פ.

פאַרזיצער פון קאָמיטעט:
(אונטערשריפט אומלייענבאַר)

(7)

וואַרשע, 5 דעצעמבער 1940 יאָר.

נר. ר/2325/40

צום

קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף

פ א ל ע נ י ץ

בנוגע די צוגעשיקטע אייער קאָמיטעט אַמעריקאַנער געשאַנקען אין סעפּטעמבער ה.י., האָט איר ביז איצט נישט צוגעשיקט קיין אויסווייז פון דער צעטיילונג, מיט די אָריגינעלע אונטערשריפטן פון די אָפּנעמער, ווי אויך באַריכטן אין צווי עקזעמפּליאַרן.

וועגן צושיקן די פעלנדיקע דאָקומענטן בעטן מיר קאַטעגאָריש.

יס/לג

מיט אַכטונג
אַמעריקען דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטי
(אונטערשריפט אומלייענבאַר)

(8)

פאַלעניץ, 3 דעצעמבער 1940

קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף
פאַלעניץ, שאָפּענאַ 14, פּאַרעגאַלס הויז

צום אַמעריקען דזשאינט דיסטריבושן קאָמיטי־
וואַרשע, ווילקאַ 23.

דערמיט מעלדן מיר אייך, אַז אין שייכות מיט דער איבערזידלונג, געפינט זיך דער לאָקאַל פון קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף, אָנהייבנדיק פון 20סטן נאָוועמ־בער, אין פאַלעניץ, אויף שאָפּענאַ 14, אין הויז פון פּערעגאַל. מיר בעטן די חשובע הערן די גאַנצע קאָ־רעספּאָנדענץ שיקן אויף אונדזער נייעם אַדרעס.

גלייכצייטיק פרעגן מיר העפלעך די חשובע הערן, צי איז פאַראַן פאַר אונדזער קאָמיטעט וועלכע ס'איז צוטיילונג, פּראָדוקטן, אָדער אויך מזומן־געלט.

מיר בעטן אויך זייער די חשובע הערן וועגן אַ גע־פעליקן דערליידיקן פאַר 3 מיטגלידער פון אונדזער קאָמיטעט דורכלאָז־שיינען (דערלויבענישן) אויף אַריינ־צופאָרן קיין וואַרשע, כדי אַרומריידן מיט אייך אַ זייער דרינגענדיקן ענין וואָס קאָן נישט אָפּגעלייגט ווערן.

מיר גיבן ווייטער אָן די דריי פּערזאָן, וועלכע וואָלטן עווענטועל געקאָנט דערלידיקן מיט אייך דעם ענין.

1. פאַזנערסאָן יעקב־חיים, פאַלעניץ, עלעקטריטש־נע 27.
2. האָכבערג אהרון, פאַלעניץ, טשיכע 32.
3. וויסענפעלד מיעטשיסלאַוו, פאַלעניץ, קרוטקע 1.

מיט דער האָפענונג, אַז איר וועט גינסטיק דערליי־דיקן אונדזער בקשה,

פאַרבלייבן מיר

מיט אַכטונג
פאַרן קאָמיטעט פון סאָציאַלער הילף אין פאַלעניץ
פּרעזעס: (האַנטשריפט אומלייענבאַר)
סעקרעטאַר: ב. א י ר ל י כ ט

(דער בריוו איז פאַרזען מיטן סטעמפּל פון דעם הילפס־קאָמיטעט און אויך מיט אַ סטעמפּל פון וואַרשעווער דזשאָ־נט „אַטזשימאַנאַ״ (דער־האַלטן) — דעם 5.12.1940, נר. 2659.

*

(9)

קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף
אין פאַלעניץ, שאָפּענאַ 14
צום אַמעריקען דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטי־
אין וואַרשע, ווילקאַ 23.

אַלס ענטפער אויף די בריוו פון די חשובע הערן פון 3/12 און 6/12 ה. י., טיילן מיר מיט פאָלגנדיקס:

1. דעם באַריכט וועלכן איר בעט, לייגן מיר איצט ביי.

2 . מיר טיילן אויך מיט די ח״ה פאָלגנדיקס:

די פאַרוואַלטונג פון דער יידישער גמינע האָט אויף איינע פון אירע זיצונגען און אָן אייער באַטייליקונג, אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט פון פינף, צו וועלכן עס

* די באַמערקונג אין קלאַמערן איז צוגעשריבן מיט דער האַנט — ד. ש.

געהערן דריי דאָזאָרעס און צוויי פאָרשטייער פון די עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס, ווי:

1. ה׳ גאָלדבערג.
2. ה׳ ריינער.
3. ה׳ פינקעל — אַלס גמינע־דאָזאָרעס.
4. פרוי נייוועך, לייטערין פון דעם צענטאָס־„אָגניסקאָ" נר. 2.
5. ה׳ פאָזנערסאָן, פּרעזעס פון קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אין פאַלעניץ.

ווי ס׳איז אויך באַוווסט, האָט די פאַרוואַלטונג פון דער ידישער גמינע זיך געווענדעט צו דער זש.ס.ס. וועגן אַקצעפּטירן דעם אויבנדערמאָנטן קאָמיטעט פון פינף.

מיר פרעגן, חשובע הערן, ווי אַזוי פאַרקוקט איר זיך אויף דעם אויבנדערמאָנטן ענין. אין שייכות מיט דעם, בעטן מיר וויטערדיקע אינסטרוקציעס.

גלייכצייטיק טיילן מיר מיט פאָלגנדיקס:

אין שייכות מיטן פאַרמאַכן דעם ידישן קוואַרטאַל אין וואַרשע — האָט 90 פּראָצענט פון דער ידישער באַפעלקערונג אין פאַלעניץ פאַרלוירן די מעגלעכקייט צו פאַרדינען און אין שייכות דערמיט דערהאַלטן מיר אַלץ נייע בקשות וועגן מיטאָגן. מיר באַמערקן, אַז שוין אין איצטיקן מאָמענט געפינען זיך ביי אונדז עטלעכע הונדערט מעלדונגען אויף מיטאָגן.

גלייכצייטיק זענען די שפּענדונגען פון דער היגער באַפעלקערונג פאַרקלענערט געוואָרן צו אַ מינימום, צוליב דער זעלבער סיבה. די היגע נויט איז נישט צום באַשרייבן. מיר קאָנען זיך פּשוט קיין עצה נישט געבן מיטן צופלוס פון בקשות פון מענטשן, וואָס האָבן נאָך נעכטן געהאָט אַ מעגלעכקייט צו שפּענדן געוויסע סומעס פאַר דער קיך פון אונדזער קאָמיטעט. מיר פרעגן אייך דעריבער, וואָס האָבן מיר ווייטער צו טאָן.

מיר בעטן זייער העפלעך צושיקן אונדז באַשטעטיקונגען, אַז די פאָלגנדיקע קאָמיטעט־מיטגלידער זענען פאַרבינדלער צווישן אַמעריקען דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטי און דעם קאָמיטעט פאַר סאָצאַלער הילף אין פאַלעניץ. די דאָזיקע באַשטעטיקונגען זענען אונדז נייטיק, כדי באַקומען אַ מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן קיין וואַרשע.

1. פאָזנערסאָן יעקב־חיים, פאַלעניץ, שאָפּענאַ 14 — געב. 1893 י.
2. וויזענפעלד מיעטשיסלאַוו, פאַלעניץ, קרוטקאַ 1 — געב. 1892 י.
3. בערנאַרד אירליכט, פאַלעניץ, קרוטקע 1 — געב. 1916 י.

מיט אַכטונג:
קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אין פאַלעניץ
פּרעזעס (אונטערשריפט אומלייענבאַר)
סעקרעטאַר: ב. אירליכט

פאַלעניץ, 11 דעצעמבער 1940 יאָר.

פ. ס. גלייכצייטיק שיקן מיר אַרויס די באַריכטן, אין אַ באַזונדערן קאָנווערט.

(10)

## פּראָטאָקאָל

דעם 22סטן דעצעמבער 1940, האָבן אין לאָקאַל פון דער ידישער גמינע זיך צונויפגעזאַמלט; דער פאַראייניקטער קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אין פאַלעניץ, אין די פּערזאָנען: 1) פינקעל עליאַש, וויצע־פּרעזיצער פון דער פאַרוואַלטונג פון דער ידישער קהילה אין פאַלעניץ, 2) נייוועך אידאַ, פּרעזיצערין פון דער קינדער־קיך פון „צענטאָס" אין פאַלעניץ, 3) פאָזנערסאָן יעקב, פּרעזיצער פון קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אין פאַלעניץ, 4) גאָלדבערג דוד און 5) ריינער מאיר, מיטגליד פון יודענראַט אין פאַלעניץ, ווי אויך רייך מאַריאַ, פּרעזיצערין פון קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אין מיעדזעשין — אַלס פאַרבעטענער גאַסט. די פראַגע פון קאָנסטיטואירן זיך פונעם נייעם קאָמיטעט, האָבן די פאַרזאַמלטע באַשלאָסן אַפּצולייגן ביזן באַשטעטיקן זיין צוזאַמענשטעל דורך דער זש.ס.ס. אין וואַרשע. פאַרלויפיק אויסקלויבן בלויז אַ צייטווייליקן פּרעזיצער און קאַסירער, וועלכע זענען איינשטימיק באַשטעטיקט געוואָרן: אַלס פּרעזיצער — ה׳ פינקעל, אַלס קאַסירערין — פרוי נייוועך. אויף דער פאַרזאַמלונג, וווּ ס׳דאַרפן פאָרקומען די וואַלן, איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרבעטן פאָרשטייער פון „דזשאָינט" און „צענטאָס". דערנאָך איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן בריוו צו די געוועזענע פאַרוואַלטונגען פון די דריי קיכן אין פאַלעניץ מיט אַ מעלדונג וועגן אָרגאַניזירן אַ פאַראייניקטן קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף און דערביי אונטערשטרייכן, אַז מיט דעם מאָמענט ווערן די דריי עקזיסטירנדיקע ביז איצט קאָמיטעטן אויפגעלייזט, און אויך צו פאַרוואַלטן מיט די קיכן, ביז איבערטראָגן זיי אין אַ נייעם לאָ־

קאַל, ווערן באַשטימט: 1) אין קאָמיטעט פאַר סאָציאַ־לער הילף אין פאַלעניץ — ה׳ פּאָזנערסאָן יעקב, 2) אין קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אין מיעדזעשין — פרוי רייף מאַריאַ און 3) אין דער קינדער־קיך פון „צענטאָס" אין פאַלעניץ — פרוי ניוועַר אידאַ.

נאָך אַ דיסקוסיע האָבן די פאַרזאַמלטע ווייטער באַ־שלאָסן פאָלגנדיקס:



Protokol.

z dnia 22 grudnia 1940r. w lokalu Gminy Wyznaniowej Żydowskiej w Falenicy zebrali się: Zjednoczony Komitet Opieki Społecznej w Falenicy w osobach 1/ Finkiel [illegible], vice-prezes Zarządu Gminy Wyznaniowej Żydowskiej w Falenicy, 2/ Najerowa Ida, przewodnicząca kuchni dla dzieci "Centos" w Falenicy, 3/ Poznerzon Jakub, przewodniczący Komitetu Pomocy Społecznej w Falenicy [illegible] Majer, członkowie Rady Żydowskiej w Falenicy, oraz Reiffowa Maria, przewodnicząca Komitetu Pomocy Społecznej w Miedzeszynie – w charakterze zaproszonego gościa.

Zebrani postanowili sprawę ukonstytuowania się Komitetu odroczyć do czasu otrzymania zatwierdzenia jego składu przez Ż.S.S., w obecnej [illegible] wybrać tymczasowo jedynie przewodniczącego i skarbnika, na które to stanowiska przez aklamację wybrani zostali: na przewodniczącego p.Finkiel, na skarbnika p.Najerowa. [illegible] "Jointu" i "Centosu". [illegible]

Następnie postanowiono wystosować pisma do b.Zarządów trzech kuchen w Falenicy z zawiadomieniem o zorganizowaniu Zjednoczonego Komitetu Pomocy Społecznej i z zaznaczeniem, że z tą chwilą trzy istniejące dotychczas komitety podlegają rozwiązaniu, a do zarządzania kuchniami aż do czasu przeniesienia ich do nowego lokalu wyznacza się: 1/w Komitecie Pomocy Społecznej w Falenicy – p.Poznerzona Jakuba, 2/ w Komitecie Pomocy Społecznej w Miedzeszynie – p.Reiffowa Marię i 3/w Kuchni dla dzieci "Centos" w Falenicy – p.Najerowa Idę.

W dalszym ciągu zebrani po dyskusji postanowili co następuje: z uwagi na [illegible] potrzeby i pauperyzację ludności żydowskiej w Falenicy i Miedzeszynie, oraz konieczność przeprowadzenia jaknajwiększych oszczędności w administracji oraz wobec skupienia całej ludności żydowskiej na jednym terenie a to w związku z utworzeniem Żydowskiej Dzielnicy Mieszkaniowej, uchwalono jednogłośnie połączyć istniejące dotychczas trzy kuchnie [illegible] [illegible]

[illegible]

[illegible] Falenica, dnia 22 grudnia 1940r.

Przewodniczący

פרטיכל מישיבת הוועד המאוחד לעזרה בגיטו פאלניץ

פראָטאָקאָל פון דער זיצונג פון פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט אין פאַלעניצער געטאָ

נעמענדיק אין אַכט די כסדר שטייגנדיקע באַדער־פענישן און פויפּעריזאַציע פון דער ייִדישער באַפעל־קערונג אין פאַלעניץ און מיעדזעשין, ווי אויך די נויטוועדיקייט אין אַדורכפירן וואָס גרעסערע אָפּ־שפּאָרונגען אין דער אַדמיניסטראַציע, ווי אויך צו־ליבן קאָנצענטרירן די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג אויף איין שטח, אין שייכות מיטן איינפירן דעם ייִדישן באַוווינונגס־ראַיאָן, איז איינשטימיק באַשלאָסן גע־וואָרן צו פאַראייניקן די ביז איצט עקזיסטירנדיקע דריי פאָלקס־קיכן, רעפּרעזענטירט דורך די אַנוועזנ־דיקע אויף דער היינטיקער פאַרזאַמלונג ה״ה נייווער, פּאָזנערסאָן און רייף — אין איין געבײַדע. פאַר דעם צוועק איז באַשלאָסן געוואָרן צו גענִיסן פון דעם בנין אין קאַמיעניעצקיס ווילע אין מיעדזעשין אויף פּאָלנע 5, וואָס איז פאַר דעם ציל ספּעציעל באַנייט און אי־בערגעאַרבעט געוואָרן און צוגעשטעלט דורכן יודענ־ראַט, מיט אַן אויסגאַבע פון בערך 2000 זלאָטעס, אויסגעלייגט דורכן יודענראַט. נעמענדיק אין אַכט די אַדורכגעפירטע אַדאַפּטאַציע, דאָס אָרט, די איינריכ־טונגען, ווי די קעלערס און אַנד., גיט זיך דער בנין פולשטענדיק איין צו פירן דאָרט אַן אַלגעמיינע קיך. גלייכצייטיק איז אָנגענומען געוואָרן אַלס פּרינציפּ, אַז מיטאָגן פאַר דערוואַקסענע און קינדער, דאַרפן גע־קאָכט און אַרויסגעגעבן ווערן באַזונדער. דערנאָך האָט ה׳ פּינקעל אין נאָמען פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אין פאַלעניץ דערקלערט, אַז דער וואַגאָן קאַרטאָפל אין אַ צאָל פון 150 מעטער, וואָס איז דאָס אייגנטום פון דער גמינע און איז מאַגאַזינירט געוואָרן אין לאָקאַל אויף דלוגע 15, ווערט געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון פאַראייניקטן קאָמיטעט אַלס אַ סובסידיע נישט אומצוקערן. נעמענדיק אָבער אין אַכט, אַז ביי דער וואַרשיינלעכער צאָל פון אַן ערך 2000 מיטאָגן, וואָס וועלן אַרויסגעגעבן ווערן טעגלעך, וועט די קיך פאַר־נוצן קנאַפּע 250 מעטער קאַרטאָפל יעדן חודש, אַזוי, אַז דער ווינטער־זאַפּאַס דאַרף באַטרעפן מינדעסטנס 750 מעטער און מען דאַרף צוקויפן ווי אַמשנעלסטן כאָטש נאָך אַ 600 מעטער קאַרטאָפל, וואָס מוז דער־פירן צו אַן אויסגאַבע פון העכער 7000 זלאָטעס — איז באַשלאָסן געוואָרן צו ווענדן זיך צום „דזשאָינט", „צענטאָס" און „זש.ס.ס." אין וואַרשע, מיט אַ בקשה צו העלפן דעם קאָמיטעט אין דער פאָרם פון אַ דרינ־גענדיקער געלט־סובסידיע אין דער הייך פון 7000 זלאָטעס, אונטערשטרייכנדיק, אַז אין דעם געגעבענעם מאָמענט האָט דער קאָמיטעט אַ מעגלעכקייט צו באַ־קומען דורך דער פאַרמיטלונג פון דער ייִדישער קהילה אין פאַלעניץ, קאַרטאָפל לויטן קאָנטינגענט־פּרייז, וואָס וועט דערלויבן באַדייטנדיק פאַרקלענערן די אויס־גאַבן. דאַקעגן וועט דאָס דורכלאָזן אַזאַ געלעגנהייט, באַדראָען בכלל צו פאַרלירן די מעגלעכקייט צו פּראָ־וויאַנטירן די אָרעמסטע באַפעלקערונג. גלייכצייטיק האָבן די פאָרשטייער פון די דריי ביז איצט עקזיס־

טירנדיקע קיכן, ניוועד, פּאַזנערסאַן און רייף, באַשלאָסן איבערצוווייזן אַלע פּאַנדן וואָס זענען ביז איצט געווען באַשטימט פאַר די אויבנדערמאָנטע קיכן, דעם פּאַראייניקטן קאָמיטעט און פאַר דעם צוועק איבערשיקן אַ קאָפּיע פון דעם פּראָטאָקאָל צום „דזשאָינט", „צענטאָס" און „זש.ס.ס." אין וואַרשע. צום סוף איז באַשלאָסן געוואָרן, אויף אַדורכצופירן געשפּרעכן אין די אַנטשפּרעכנדיקע אינסטיטוציעס אין וואַרשע און דערלידיקן דעם ענין פון באַקומען אַ סובווענץ, ווי אויך אַפּנעמען מזומן־געלט, קוויטירן דעם אָפּנעם און איבערפירן די פּראָדוקטן און געשאַנקען אין נאַטור וואָס דאַרפן צוגעטיילט ווערן — דעלעגירן קיין וואַרשע די פרוי רייף מאַריאַ, דערביי דאַרף דער טעקסט פון דעם דאָזיקן באַשלוס דינען דער פרוי רייף אַלס באַפולמעכטיקונג. צום סוף איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַשטימען די פרוי רייף אַלס לייטערין פון דער פאַראייניקטער קיך.

פּאַלעניץ, 22 דעצעמבער 1940 יאָר

פאָרזיצער: ע. פּ י נ ק ע ל
קאַסירער: נ י י וו ע ר

(11)

וואַרשע, 30 דעצעמבער 1940 י.

נר. ר/2485/40

צום
פּאַראייניקטן קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף
ביים יודענראַט אין פּאַלעניץ.

מיר האָבן דערהאַלטן דעם בריוו פון די ה"ה פון 23סטן ד. ח. צוזאַמען מיט די ביילאַגעס.

וואָס שייך דעם אָנגעגעבענעם צוזאַמענשטעל פונעם פּאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט, באַמערקן מיר פּאָלגנדיקס: א. אונדז וווּנדערט, הלמאי די פרוי מאַריאַ רייף, פאָרזיצערין פון הילפס־קאָמיטעט אין מיעדזעשין, איז נישט אַריין אין נייעם קאָמיטעט. די פרוי מ. ר. האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר אינטענסיווער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און גייסט פון אַ פאָרדינטן צוטרוי — סיי אונדזערן, סיי אויך פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. יעדנפאַלס האַלטן מיר פאַר נייטיק אָנצוטרויען דער פרוי רייף דעם אַמט פון לייטערין פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף ביים ראַט.

ב. פונעם פּראָטאָקאָל נומער 5 דרינגט אַרויס, אַז אין אַ געהיימער אָפּשטימונג, האָט ה' גאָלדבערג באַקומען קוים 3 שטימען. אַזאַ צאָל שטימען באַרעכטיקט נישט אַריינצופירן אַ קאַנדידאַט אין צוזאַמענשטעל פון קאָמיטעט. אויסער דעם האַלטן מיר, אַז אין קאָמיטעט דאַרף אַריינגיין דער אָרטיקער דאָקטאָר אין דער פּערזאָן פון ד"ר פּאַרבערט, וועמען מיר לייגן פאַר אויסצוקלויבן אַלס קאָמיטעט־מיטגליד.

מיט אַכטונג
אַמעריקען דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטי

יס/למ

(12)

וואַרשע 7 יאַנואַר 1947

גרייזענהיים אין פּאַלעניצאַ
דאָם סטאַרצווו וו פּאַלעניצי
יידישע סאָציאַלע זעלבסטהילף
שטאָטישער אויפזיכט־קאָמיטעט
א י ן וו אַ ר ש ע
פאַר ה' ד"ר וויעליקאָווסקי

די געזעלשאַפט „עזרא" האַלט אויס אין פּאַלעניץ אַ מושב־זקנים, אין וועלכן עס געפינען זיך איצט 71 פּערזאָן.

נעמענדיק אין אַכט דעם אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן צושטאַנד און אין שייכות מיטן איינפירן די יידישע געגנט, געפינען זיך די זקנים אין אַ שרעקלעכער נויט און ס'איז פאַר זיי נייטיק דרינגענדיקע הילף.

מיר בעטן העפלעך דעם הער דאָקטאָר אויספועלן ביי די געהעריקע מאַכט־אָרגאַנען:

5 טאָן קאַרטאָפל
און 5 טאָן קוילן.

מיט צושטעלן פראַנקאָ אין פּאַלעניץ.

מיט אַכטונג:
(אונטערשריפט אומלייענבאַר)

דער סטעמפל: געזעלשאַפט צו שטיצן אָרעמע יידן אין וואַרשע „עזרא".

(13)
פּאַעלניץ, 11 מערץ 1941
ספּ., 12 מערץ 1941

קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף
נר. 11/41
צו דער יידישער סאָציאַלער זעלבסטהילף
קראָקע, סטראַדאָמסקע 10.

אין רעזולטאַט פון די דורך אונדז אָנגעהויבענע באַמיאונגען צו באַקומען אַ סובווענץ פאַר אונדזער קיך,

האָבן מיר פון קראָקע באַקומען 800 זלאָטעס, וואָס דערמיט קוויטירן מיר גלייכצייטיק דעם דערהאַלט.

גלייכצייטיק שטרייכן מיר אונטער, אַז דער זעלבסט־קאָסט פון איין טאָג אַרויסגעבן איצט בערך 2500 מי־טאָגן, באַטרעפט העכער 650 זלאָטעס. וועגן איינ־קויפן דעריבער פאַר דער סומע פּראָדוקטן אויף אַ לענגערער צייט — קאָן קיין רייד נישט זיין. די אונדז צוגעזאָגטע דורך זש. א. פּ. סובסידיע אין דער הויך פון 6000 זלאָטעס, איז נישט גענוגנד, מיר בעטן דע־ריבער העפלעך צו פאַרגרעסערן די סומע ווינציקסטנס ביז 9000 זלאָטעס, אָנהייבנדיק פון אַפּריל, וואָס וועט אויסמאַכן קוים 50 פּראָצענט פון אונדזערע אויסגאַבן. מיר מוזן אַבסאָלוט אונטערשטרייכן, אַז אונדזער לאַגע שטעלט זיך פאַר פאַרצווייפלט שוין אַ חודש. צוליבן מאַנגל פון דרויסנדיקער הילף, האָט אונדזער קאָמי־טעט, וואָס באַקומט אויסשליסלעך פון יודענראַט די נייטיקע סומען, געמוזט זאַמלען פּראָדוקטן אין די שטובן, אָנווענדנדיק דערביי צוואַנג לגבי די וואָס האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. די דאָזיקע אַקציע, הגם אַדורכגעפירט מיט פיל ענערגיע און אַרבעט, קאָן נישט, פאַרשטייט זיך, זיין אויסגעשטעלט אויף אַ ווייטערדיקער מעטע. טראָץ אונדזערע גרויסע אויסגאַבן און די אָנשטרענגונגען פון דער גאַנצער באַפעלקע־רונג, וועלן מיר אָן באַלדיקער, באַדייטנדיקער און סטאַבילער הילף פון אייך, נישט זיין אימשטאַנד ווייטער אויסצוהאַלטן אונדזער קיך.*

אין פאַל אָבער פון פאַרהענגען איר טעטיקייט — איז אויסער דער געפאַר פון אַן עפּידעמיע־אויסברוך און הונגער־טויט, וואָס וועט דאַן זיכער באַדראָען פיל מענטשן — דאַרף מען פשוט מורא האָבן פאַר די געפערלעכע פאַר דער עפנטלעכער רו אַרויסטרעטונ־גען מצד די אויסגעהונגערטע מאַסן אָרעמעלייט, וועל־כע עס דערהאַלט נאָך ביים לעבן דאָס ביסל געקעכטס, וואָס אונדזער קאָמיטעט גיט אַרויס טעגלעך אָן אַן אָפּצאָל.

מיר אַפּעלירן דעריבער צו אייך, חשובע הערן, אַז אונדזער רוף זאָל נישט בלייבן אָן אַן אָפּקלאַנג, אַז איר זאָלט אונדזער בריוו באַטראַכטן ווי אַן אַלאַרם און וואָרענונג פאַר אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס מען וועט נאָך קאָנען אויסמיידן, אויב איר וועט אונדזער ענין באַטראַכטן אַזוי ווי עס פאָדערט די איצטיקע לאַגע.

מיר בעטן נאָך אַמאָל דרינגענדיקע הילף, ווי אויך איבערוויייזן די אונדז שוין צוגעזאָגטע סומע פאַר מערץ — 6000 זלאָטעס.

פאָרזיצער:
(אונטערשריפט אומלייענבאַר)

(סטעמפּל)
אָפּשריפטן באַקומען:
יידישע סאָציאַלע זעלבסטהילף — וואַרשע
קאָמיטעט פאַר פּראָוויאַנטאָווער הילף — וואַרשע.

(14)

אָפּשריפט
פּאָלעניץ, 13 מאַי 1941

סאָציאַלע הילף
ביים יודענראַט אין פּאַלענץ
פּאַלנע 5.
ח"ה
יידישער פּראָוויאַנטאָווער הילפס־קאָמיטעט
אין וואַרשע, עלעקטאָראַלנע

דערמיט באַשטעטיקן מיר דעם דערהאַלט פון די איבערגעוויזענע אויף אייער פאָרשלאַג 1000 זלאָטעס פון קראָקע, פאַר וועלכע מיר דאַנקען העפלעך.

מיר מוזן אָבער אונטערשטרייכן, אַז די דאָזיקע סומע, ביי אונדזערע אַזוי גרויסע באַדערפעניש, איז בלויז אַ טראָפּן אין ים. מיר בעטן אייך דעריבער זייער און זייער וועגן העפלעכן, ווייטערדיקן און באַדייטנדיקן שטיצן אונדזער קיך. די צאָל געשפּייזטע איז אויסגעוואַקסן ביז 3500 פּערזאָן, אויף אַן אַלגעמיינער צאָל פון 6500 איינוווינער. דאָס איז דאָך דער בעסטער באַווייז פון דער שרעקלעכער נויט וואָס הערשט צווישן אונדזער באַפעלקערונג.

מיט אַכטונג:
פּאָרזיצער: ע. פּינקעל

סטעמפּל: סאָציאַלע פּירזאָרגע ביים
יודענראַט — אָפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ
פּזשי ראַדזיע זשידאָווסקעי, פּאָלעניצאַ.
פאַר דער ריכטיקייט:
ד"ר י. ראָטענבערג, לייטער פון ביוראָ

סטעמפּל: איינגעפּלאָסן דעם 19.6.1941, נומער פּ5113
(אַ צושריפט מיט דער האַנט)
אַן אָפּשריפט צוגעשיקט דורך זקאָפּ וואַרשע, בריוו פון 12.6.41.

---

* אונטערגעשראָכן אין אָריגינאַל.

(15)

קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף
אין פאַלעניץ, פאָלנע 5 (סטעמפּל)
ח"ה
יידישע סאָציאַלע זעלבסטהילף
קראָקע

דערמיט באַשטעטיקן מיר דעם אָפּנעם פון די אונדז איבערגעוויזענע 1000 זלאָטעס (טויזנט) דעם 6/5 ה. י. און 1500 זלאָטעס (טויזנט פינפהונדערט) דעם 13/5, ד. ה. צוזאַמען 2500 זלאָטעס (צוויי טויזנט פינף־הונדערט) — און גלייכצייטיק דאַנקען מיר העפלעך.

מיר מוזן אָבער מיט באַדויערונג אונטערשטרייכן, אַז ביי אונדזערע גרויסע באַדערפענישן, איז דאָס בלויז אַ טראָפּן אין ים. מיר גיבן איצט אַרויס העכער 2500 מיטאָגן טעגלעך, אויף אַן אַלגעמיינער צאָל איינוווי־נער פון 6500. די צאָל וואָס מיר שטיצן, דערגרייכט ביז 3500 פּערזאָן.

מיר מוזן דעריבער הייס בעטן די חשובע הערן וועגן אַ העפלעכער, וויטערדיקער און באַדייטנדיקער שטי־צע פאַר אונדזער קיך, אין קעגנפאַל דראָט אונדז צו פאַרמאַכן די קיך.

מיט אַכטונג:
פאַרזיצער (אונטערשריפט אומלייענבאַר)

פאַלעניץ, דעם 15 מאַי 1941 יאָר.

גלייכצייטיק בעטן מיר צושיקן אונדז פאַרמולאַרן פאַר באַריכטן.

(16)

פאַלעניץ, 11 יוני 1941

קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף
ביים יודענראַט
אין פאַלעניץ, פאָלנע 5.
יידישע סאָציאַלע זעלבסטהילף
פּרעזידיום
קראָקע, פּאָסט־פאַך 211.

דערמיט ווענדן מיר זיך צו די חשובע הערן מיט אַ וואַרעמער בקשה אַנטקעגנצוקומען מיט דרינגענדי־קער און באַלדיקער הילף פאַר אונדזערע אונטער־שטיצטע. שוין אַ לענגערע צייט, אַז מיר באַקומען נישט פון אייך קיין שום הילף. די לאַגע פון אונדזערע אונטערשטיצטע איז פּשוט אַ טראַגישע. די צאָל הונ־געריקע פאַרגרעסערט זיך פון טאָג צו טאָג. מענטשן ווערן געשוואָלן און שטאַרבן פאַר הונגער און אונדזע־רע מאַטעריעלע מיטלען זענען אין גאַנצן אויסגע־שעפּט. מיר פון אונדזער זייט זענען שוין נישט אימ־שטאַנד צו העלפן אונדזערע אונטערשטיצטע.

מיר בעטן דעריבער העפלעך אַ באַלדיקע באַדיי־טנדיקע הילף, ווייל אין קעגנפאַל דראָט אונדזערע אונטערשטיצטע אַ הונגער־טויט.

מיט אַכטונג:
א/פ פאַרזיצער (אונטערשריפט אומלייענבאַר)

(17)

קראָקע, 10 אויגוסט 1941

נר. ד.4.1.41/8893.—/ר/ד.
ח"ה
יודענראַט פאַלעניץ

באַלאַנגט: באַריכטן

מיר האָבן באַקומען פון די חשובע הערן דעם באַ־ריכט פאַרן חודש יולי ה.י. דער באַריכט איז נישט געוואָרן אַדורכגעפירט אין איינקלאַנג מיט אונדזער אינסטרוקציע V., וואָס איז אייך איבערגעשיקט גע־וואָרן נאָך מיט עטלעכע חדשים צוריק. מיר מאַכן אויפמערקזאַם, אַז סיי די אייך איבערגעשיקטע פאַר־מולאַרן, ווי אויך די אינסטרוקציעס, זענען באַשטעטיקט געוואָרן דורך אונדזערע אויפזיכט־אָרגאַנען און פאַרפליכטן אַלע אָרטשאַפטן אויפן שטח פון דער ג.ג.* אונדזער אינסטיטוציע וועט אין דער צוקונפט אָפּהענגיק מאַכן דאָס ערטיילן אַלערליי סובווענצן — פונעם ריכטיקן אויספילן די פאַרמולאַרן.

מיר שטרייכן אונטער, אַז באַריכטן פון דער גאַנ־צער הילפס־טעטיקייט דאַרפן אָפּגעגעבן ווערן אויף די גרויסע פאַרמולאַרן. אויף דער צווייטער זייט פון די פאַרמולאַרן דאַרף זיך געפינען אַן אַלגעמיינע קאַסע־צונויפשטעלונג און אין פונקט 5 דאַרף מען גענוי אויסרעכענען, וויפל פּערזאָן האָבן גענאָסן פון יעדער פאָרם פון הילף. אויב אין אייער אָרט עקזיסטירן אינ־סטיטוציעס פאַר סאָציאַלער הילף, דאַרף מען אומאָפּ־הענגיק פון גרויסן פאַרמולאַר, שיקן באַריכטן פון דער טעטיקייט פון יעדן אַנשטאַלט — אויף אַ קליינעם פאַרמולאַר.

מיט אַכטונג:
(אונטערשריפט ניט־לייענבאַר)

* גענעראַל־גוווערנעמענט — אַזוי איז אָפיציעל באַצייכנט געוואָרן אַ גרויסער טייל פון אָקופּירטן פוילן.

(18)

פאַלעניץ, 10/9 1941.

יודענראַט אין פאַלעניץ

נר. 576/41

איינגעפלאָסן: דעם 10טן סעפטעמבער 1941, נומער 11212, דערלײדיקט.....

צו

דער ידישער סאָציאַלער זעלבסטהילף

קראָקע

אין איינקלאַנג מיט דער פאַראָרדענונג פון הער קרייזהאַופּטמאַן, האָבן מיר אין אונדזער ראַיאָן אויפגעשטעלט אַ שפּיטאָל (40 בעטלעך) פאַר אַנשטעקנדיקע קראַנקע. אויף צו פירן דאָס דאָזיקע שפּיטאָל און דעם שטאָטישן געזונטהייטס־פּונקט, זענען אונדז נייטיק רעצעפּטן און מעדיקאַמענטן, לויטן בייגעלייגטן צוזאַמענשטעל.

ביז איצט איז אונדזער באַדערפעניש אויף דעם געביט געדעקט געוואָרן דורכן ט.אָ.ז. אין וואַרשע. איצט האָט ט.אָ.ז., פאַרופנדיק זיך אויף אייער פאַראָרדענונג, אַז דער צוטייל פאַרן פּאַוויאַט איז אָפּהענגיק פון דער צענטראַלע אין קראָקע, אונדז אָפּגעזאָגט הילף. צוליב דעם, און צופּאַסנדיק זיך צו די אָנווייזונגען פון ה' רעד. פינקעלשטיין, ווענדן מיר זיך צו אייך מיט אַ העפלעכער בקשה צוצוטיילן פאַר די באַדערפענישן פון אונדזער שפּיטאָל און דעם געזונטהייטס־פּונקט, די נייטיקע הייל־מיטלען און זיי אַרויסשיקן אין אַ מעגלעכסט נאָענטן טערמין.

(סטעמפּל פון יודענראַט)

פאָרזיצער פון ראַט:

ה. שאַנצער

(19)

פאַלעניץ, 17 יאַנואַר 42 י.

יודענראַט אין פאַלעניץ

נר. 3—42

צו

דער ידישער סאָציאַלער זעלבסטהילף

אין קראָקע

אין פאַרגאַנגענעם חודש האָבן מיר דערהאַלטן פון אייך אַ סובסידיע 1500 זלאָטעס, אויף וואָס מיר האָבן אייך שוין איבערגעשיקט אַ קוויטירונג און פאַר וועלכער מיר דאַנקען נאָך אַמאָל. דעם חודש וואָלטן מיר אָבער געבעטן באַדייטנדיק פאַרגרעסערן די אונדז צוגעטיילטע סובסידיע, צוליב פאָלגנדיקע סיבות:

צוליב די הערשנדיקע פראָסט, מוז פאַרגרעסערט ווערן די הילף אין וואַרעם געקעכטס פאַר די אָרעמע. שווער צו באַשרייבן די נויט, וואָס הערשט איצט אין אונדזער שטאָט. אַן אילוסטראַציע דערצו איז דער פאַקט, אַז די שטערבלעכקייט היינטיקן חודש איז מיט 100% גרעסער ווי אין די פריערדיקע חדשים. זי דערגרייכט איצט אַרום 2% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און אין חודשלעכן פאַרנעם. די סיבה פון דער שטערבלעכקייט איז די אַלגעמיינע דערשעפּונג. אויסער דעם פאַרגרעסערט זיך כסדר די צאָל יתומים, וועלכע דרייען זיך אַרום היימלאָז און דער ענין הילף פאַר זיי איז איינער פון די דרינגענדיקסטע.

עס איז אויך נייטיק ווידער אַמאָל צו פאַרזען דאָס שפּיטאָל מיט רעצעפּטן און מעדיקאַמענטן. מיר מוזן אונטערשטרייכן, אַז די פרעקווענץ אין שפּיטאָל, וואָס האָט אין די ערשטע צוויי חדשים באַטראָפן אין דורכשניט 26—28 קראַנקע טעגלעך, איז אין דעצעמבער געשטיגן צו אַ טעגלעכן דורכשניט פון 38 קראַנקע. דעריבער זענען אויך זייער געוואַקסן די באַדערפענישן אויף רעצעפּטן, וואָס טראָץ שטאַרקע באַמיאונגען, קאָנען מיר זיי נישט באַקומען בשום אופן. מיר בעטן דעריבער וועגן אַ מעגלעכן און באַלדיקן אַנטקעגנקומען מיט באַדייטנדיקער הילף און ווי אַמשנעלסטן אונדז איבערשיקן רעצעפּטן און איבערבינד־מיטלען, לויט דער בייגעלייגטער ספּעציפיקאַציע.

פאָרזיצער פון ראַט:

ה. שאַנצער

(סטעמפּל)

1 ביילאַגע.

(20)

פאַלעניץ, 19 פעברואַר 1942.

ידישער קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף

ביים יודענראַט אין פאַלעניץ

צום זש.ס.ס.

אין קראָקע

די שווערע באַדינגונגען פון עקזיסטענץ, די זיך פאַרשפּרייטנדיקע עפּידעמיע און דער האַרבער ווינטער היי־יאָר, האָבן גורם געווען אַ גרויסן וווּקס פון דער שטערבלעכקייט צווישן ייִדן. עס פּאַסירן פאַלן פון אויסשטאַרבן פון גאַנצע פאַמיליעס, אָדער עס שטאַרבן

אויס די עלטערן, איבערלאָזנדיק די קליינע קינדער אָן וועלכער ס׳איז שוץ, פאַראורטיילטע צו בעטלעריי. צוליב דער גרויסער צאָל פון די דאָזיקע יתומים, וועלכע זענען מאַסנווייז אומגעקומען פון פראָסט און הונגער, איז דער היגער קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף געווען געצוווּנגען, טראָץ דעם פעלן פון פינאַנסיעלע מיטלען, צו אָרגאַניזירן אַ יתומים־הויז („פּשיטולעק״). דאָס דאָזיקע יתומים־הויז, וואָס עקזיסטירט פון 1טן פעברואַר ה. י., פאַרמאָגט שוין 150 קינדער. דאָ זענען נאָך נישט פאַראַן אַלע יתומים וואָס נייטיקן זיך אין אויפזיכט און שוץ. מיר רעגיסטרירן ווייטער די יתומים — און ווידער זענען פאַראַן 100 קינדער צום איינאָרדענען. די קינדער זענען אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד, דערשעפּטע, נישט איין מאָל אַרויסגעריסן גלייך פונעם טויט, צוליב נישט־דערעסן, אָן אָנטאָן. כמעט אַלע קינדער זענען אָבער קודם כל קראַנק אויף סוויעזשבע און האָבן אָפּגעפרוירענע פינגער. אונדז פעלן די סאַמע נייטיקסטע הייל־מיטלען, כדי צו ראַטעווען די קראַנקע. דעריבער ווענדן מיר זיך צו אייך, חשובע הערן, מיט אַ וואַרעמער בקשה, צו שיקן אונדז די נייטיקע מעדיקאַמענטן, רעצעפּטן און איבערבינדמיטלען. אַ גענויע ספּעציפיקאַציע לייגן מיר גלייכצייטיק ביי.

מיר קלערן אויך, אַז אין דער פראַגע האָבן מיר זיך אויך געווענדעט צום ט.אָ.ז. אין וואַרשע, נאָר ווי ביז איצט — אָן דערפאָלג.

קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער שוץ
שאַנצער (און נאָך צוויי אומלייענבאַרע אונטערשריפטן)
1 בוולאַגע.

(21)

ט ע ל ע ג ר אַ ם

דויטשע פּאָסט אָסטען
יידישע סאָציאַלע זעלבסטהילף
ד״ר וויכערט קאָמענדאַנטור סטר.
10 קראָקאָו

קיינע פאַרבינדונג מיט צענטראַלע, קיין געלט, לעבנסמיטעל, הילפע דרינגענד נויטיק — קינדער־סאַנאַטאָריום מעדעם.

(דער סטעמפּל פון דער זש. ס. ס. אין קראָקע)
איינגעפּלאָסן דעם 12 אויגוסט 1942, אָר. 15494
דערליידיקט...


Deutsche Post Osten
908 FALENICA 16 20 11/8 1210
JUEDISCHE SOSIALE SELBSTHILFE
DR WEICHERT KOMMENDANTURSTR
10 KRAKAU
KEINE VERBINDUNG MIT ZENTRALE KEIN GELD LEBENSMITTEL
HILFE DRINGEND NOETIG = KINDERSENATORIUM MEDEM ++++
12 SEP 1942
15494
VGL 10++++

מברק מסנטוריום ע״ש מדם למרכז העזרה הסוציאלית בקרקוב (12.8.42)

טעלעגראַם פון מעדעם־סאַנאַטאָריום צו דער ייד. סאָציאַלער אַליינהילף אין קראָקע (12.8.42)

# טראַגישער גורל פון פאַלעניצער געטאָ

מיעטשיסלאַוו כאַדזשקאַ
לאָדזש

(פון אַ פּריוואַטן בריוו)

לאָדזש, 8.9.1946

טייערער הער פינקעלשטיין!

שוין לאַנג געוואָלט אייך שרייבן, נאָר כ׳האָב נישט געוווּסט אייער אַדרעס. איך האָב אויך פאַר דער מלחמה געוווינט אין לאָדזש. אין יאָר 1940 בין איך צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע אויסגעזידלט געוואָרן פון לאָדזש (וואָס האָט דעמאָלט באַלאַנגט צום „רייך״) קיין פאַלעניץ. דאָרט האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער יידישער גמינע און זיך באַפריינדעט מיט איזאַקן. מיר

זענען אָפּט געקומען צו זיך. דאָס גרויסע אומגליק, וואָס האָט אַלעמען געטראָפן, האָט אונדז נאָך מערער פאַר־בונדן. אייער שוועסטער, פאַני לאַלאַ, האָט אויך געאַר־בעט אין דער יידישער גמינע אַלס קאַסירערין, גרינ־שטיין איז געווען סעקרעטאַר און איך — בוכהאַלטער (דאָס איז מיין באַרוף). אַזוי האָבן מיר געלעבט ביזן 18טן אויגוסט 1942 יאָר (זיבעטער טאָג אין חודש אלול). דעם רב האָב איך אָפּט געזען און דעם רבס פרוי איז פיל מאָל געקומען צו איר שוועסטער רעגינע גרינשטיין. דאָרט זענען פון צייט־צו־צייט אָנגעקומען פעקלעך און בריוו פון רבס זון, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין כאַרבין (ער איז אַנטלאָפן פון פאַלעניץ אין יאָר 1939).

די שווידערלעכקייטן אין געטאָ זענען יענעם געדענק־פולן טאָג — 18.8.42 — פאַרענדיקט געוואָרן. ס׳איז פאָרגעקומען די אַזוי גערופענע אויסזידלונג, וואָהין — האָט קיינער נישט געוווּסט. אויפן זאַמל־פּלאַץ אין פאַ־לעניץ, פאַר דער גמינע, האָבן צווישן אַנדערע זיך געפונען דער רב מיט זיין פרוי און טאָכטער לאַלע, גרינשטיין מיט זיין פרוי און פיל אַנדערע. אַן ערך 7 טויזנט יידן. די גרוילטאָטן און באַרבאַרישקייט פון די דייטשן זענען געווען אַזוי אומגעוויינלעך, אַז מ׳האָט שוין געוואָלט גלייבן, אַז זיי מאָרדן אַלע יידן. מיר האָבן נאָר טיילוויז געגלייבט. עס האָבן קורסירט קלאַנגען, אַז די היטלעריסטן מאָרדן „נאָר״ קינדער ביז 12 יאָר און עלטערע יידן איבער 60 יאָר. די איבעריקע דאַרפן אַרבעטן.

איזאַק און רעניע האָבן שטאַרק ליב געהאַט יורעקן און דאָס קינד, וואָס איז דאַן אַלט געווען נישט קיין גאַנצע דריי יאָר (געבוירן אין סעפּטעמבער 1939), איז אַלס בן־יחיד געווען זייער צעפּיעשטשעט און משוגע־ווילד צוגעבונדן צו דער מוטער. איזאַק, טראָץ זיין פּיליאַריקער אַרבעט אין דער גמינע, האָט לגמרי נישט געהאַט קיין געלט. אַ טאָג פאַר דער אויסזידלונג, צוליב די קלאַנגען, וואָס האָבן קורסירט וועגן די קינדער, האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצוגעבן יורעקן אויף דערציאונג צו דער פרוי זאַקס. דאָס איז זייער אַן אָרנטלעכע און ביז גאָר איידעלע קריסטין. זי האָט אָנגענומען דאָס קינד אָן געלט און די גרינשטיינס האָבן באַדאַרפט גיין „אַרבעטן״ צו די דייטשן.

אַז רעניע האָט איבערגעלאָזט אַליין דאָס קינד ביי אַ פרעמדער פאַר איר פרוי, האָט דאָס קינד אָנגעהויבן מוראַדיק וויינען. גרינשטיין האָט מיר שפּעטער דער־ציילט, אַז זיי האָבן נאָך אַ שטיק וועג פון דער פרוי זאַקס׳ הויז געהערט דאָס געוויין פון קינד. אויך די גרינשטיינס האָבן אָנגעהויבן שטאַרק וויינען און נישט געוווּסט וואָס וויטער טאָן: צי אָפּנעמען דאָס קינד — אָדער פאַר דער טובה פון קינד — גיין ווייטער. גובר געווען האָט די עלטערנס ליבע צום קינד און די גרינשטיינס זענען אַוועק, מיטגענומענדיק אין זייערע אויערן, ביזן סוף פון זייער אומגליקלעך לעבן, דאָס פאַרצווייפלטע געוויין פון קינד. מער האָבן זיי דאָס קינד נישט געזען.

אין טאָג פון דער „אויסזידלונג״ זענען מיר, אַרום 160 פערזאָן, אַריינגעשטופּט געוואָרן אין פראַכט־וואַגאָ־נען מיט פאַרקלאַפּטע און פאַרקראַטעוועטע פענצטער. אין די וואַגאָנען האָבן זיך געפונען מענער און קינדער, שוואַנגער־פרויען און אַלטע לייט — אַלע צוזאַ־מען. די רייזע קיין טרעבלינקע, אַן ערך 100 קילאָ־מעטער פון וואַרשע, האָט געדויערט קנאַפּע 40 שעה. אָן אויסערגעוויינלעכע היץ, אָן וואַסער, אָן אָפּטריטן. אין וואַגאָן איז געווען אַזוי ענג, אַז מ׳האָט זיך אַפילו נישט געקענט אויסדרייען. נאָך עטלעכע שעה, זענען אין אַלע וואַגאָנען שוין געווען געשוואָלענע פון דער היץ און זיך צעפּאַלנדיקע מתים — און די נסיעה האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. ווען מ׳האָט אין טרעבלינקע געעפנט די וואַגאָנען, זענען שוין געווען אַרום 20 פּראָצענט טויטע. ביים אַריינשטויסן אין די וואַגאָנען האָט מען אַזוי אכזריותדיק געשלאָגן און געטריבן, אַז איזאַק איז געפאָרן אין איין וואַגאָן, רעניע ווידער — אין אַ צווייטן, און דער רב איז אויך געווען אין אַן אַנדערן וואַגאָן. אַן אמתדיק גהינום.

אויסער דעם טויטן־לאַגער, ווו מ׳האָט יידן דער־שטיקט אין די גאַז־קאַמערן און די קערפּערס פאַר־ברענט, האָט טרעבלינקע אויך געהאַט אַן אַרבעטס־לאַגער, ווו מ׳האָט די יידן פאַרניכטעט שטופּנוויז. לויטן רעגולאַמין, האָבן די אינטערנירטע אין דעם לאַגער געלעבט נאָך אַ קורצע צייט, העכסטנס עטלעכע וואָכן.

פון פאַלעניצער טראַנספּאָרט זענען אויסגעקליבן גע־וואָרן 35 „גליקלעכע״, וועלכע זענען אָפּגעשיקט גע־וואָרן צו דער אַרבעט און די איבעריקע זענען דעם זעלבן טאָג, אָדער צומאָרגנס — אומגעבראַכט געוואָרן. איך און איזאַק האָבן געהערט צו די „גליקלעכע״, וועל־

כע זענען צייטווייליק געראַטעוועט געוואָרן. נישט איין מאָל האָבן מיר פֿאַרשאַלטן דעם מאָמענט, וואָס מיר זענען „באַגליקט" געוואָרן. דאָס איז נישט געווען קיין אַרבעט, נאָר אַ לאַנגזאַמע גסיסה — כסדרדיקער הונ־גער, מאַנגל אין וואַסער, אויסערגעוויינלעכער שמוץ, אַ שווידערלעך און כסדרדיק שלאָגן און אַרבעט איבער די מענטשלעכע כוחות.

אין דעם דאָזיקן גהינום, האָט איזאַק מיט מיר גע־לעבט ביז סוף אָקטאָבער 1942. דערנאָך איז ער איבערגעשיקט געוואָרן אין דעם ערשטן לאַגער, דער טויטן־לאַגער. ער איז געגאַנגען צום טויט אַ פֿריילע־כער, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן. ר'איז געווען צופֿרידן וואָס עס האָט אַ סוף גענומען צו זיינע מאַטער־נישן און — ווי ער האָט געזאָגט — ער וועט זיך באַלד טרעפֿן מיט זיין רעניושאַ. ער האָט זי זייער ליב געהאַט. ער האָט געגלייבט, אַז מיר וועט געלונגען צו אַנטלויפֿן און מיט מיר איבערגעשיקט די לעצטע גרוסן פֿאַרן קינד. איך האָב דאָס באַטראַכט ווי האַלוצינאַציעס, אַז כ'וועל נאָך אַמאָל זיין פֿריי, אָבער אין אַ צייט אַרום האָט דאָס באַדאַרפֿט ווערן רעאַלער אמת. איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו אַן אַרבעט ביים ברוקירן גאַסן. די אַרבעט — אַ שווערע, נאָר מחוץ דעם לאַגער. דאָרט איז לייכטער געווען צו באַקומען אַ שטיקל ברויט, און דאָרט... האָט מען געקאָנט טרוימען וועגן אַנטלויפֿן. דעם 2טן סעפּטעמבער 1943, נאָכן דערהרגענען אַן ס.ס־מאַן, איז אונדז, 12 יידן, געלונגען צו אַנטלויפֿן.

איך בין געווען אין וואַלד עטלעכע חדשים, דערנאָך האָב איך ריזיקירט און אַריינגעפֿאָרן קיין פֿאַלעניץ. די פֿאַמיליע זאַקס האָט מיך אַריינגענומען און אויסבאַ־האַלטן עטלעכע נעכט. יורעק האָט אינסטינקטיוו זיך געטוליעט צו מיר. ער איז שוין געווען א 4־יאָריק יינגל. ליידער, האָב איך לענגער נישט געקאָנט דאָרט פֿאַרבלייבן. שלעכטע שכנים, וועלכע האָבן געהאַט אַנט־דעקט, אַז די זאַקס' באַהאַלטן אַ יידיש קינד און דער־ציילט דער זשאַנדאַרמעריע און בלויז דורך אַ נס איז דאָס קינד און די פֿיינע פֿרוי זאַקס געבליבן לעבן — האָבן אויך מיך אַנטפּלעקט. איך בין ווידער אַנטלאָפֿן אין וואַלד אָטוואָצק־שווידער. מיך האָט גאָט געשיצט, כ'האָב אויסגעמיטן דעם טויט.

דעם 31סטן יולי 1944 בין איך באַפֿרייט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי. פֿון דעמאָלט בין איך עטלעכע מאָל געווען ביי דער פֿרוי זאַקס. דאָס יינגל איז שוין געווען עלטער און זיין כסדרדיק לעבן אין פּחד האָט אים דערפֿירט דערצו, אַז ער איז געווען אַן איבערגעשראָקענער און אַפֿילו מורא געהאַט פֿאַר מיר. שרעקלעך — נאָר אמת... אין חודש אַפּריל 1945, איז איינער פֿון די שכנים באַפֿאַלן יורעקן און די פֿרוי זאַקס, אַז זי באַהאַלט נאָך אויס אַ פֿאַרשיווע ייד...

יורעקן איז געלונגען איינצואָרדענען אין דער קינ־דער־היים אין אָטוואָצק, אַן אינסטיטוציע פֿון „דזשאָינט". דאָס יינגל האָט זיך דאָרט פֿאַרבעסערט, אָנגעהויבן אַפֿילו לאַכן און שפּילן זיך מיט אַנדערע קינדער. ער האָט באַקומען צוטרוי צו מענטשן און אויפֿגעהערט פֿאַר זיי מורא צו האָבן.

מאָנטיק, דעם 9טן סעפּטעמבער 1946, דאַרף ער אַרויספֿאָרן קיין פֿראַנקרייך און פֿון דאָרט קיין ארץ־ישראל. איך בעט איצט איבערנעמען די אויפֿזיכט אי־בער אים. דאָס איז אַ פּרעכטיק יינגל. ווען נישט איר, וואָלט איך אים אַדאָפּטירט, נאָר איר האָט צו אים מער רעכט. ער איז אַ בלאָנדער, בלאָע אויגן און מיטן גע־זיכט איז ער זייער ענלעך צו איזאַקן, זיין פֿאָטער.

איך מיין, אַז איר וועט מיר שרייבן און גענוי אינ־פֿאָרמירן וועגן ווייטערדיקן גורל פֿון יורעקן. איך דערמאָן איך, אַז יורעק האָט אַ פֿאַרהייראַטע שוועס־טער אין אַמעריקע, נאָר איך געדענק נישט ווי אַזוי זי הייסט. אפֿשר וואָלט איר מיט איר אָנגעקניפּט אַ קאָנ־טאַקט. ווי איך געדענק נאָך פֿון גרינשטיינס דערציילונ־גען (איך האָב אויך נישט ווייניק אַדורכגעמאַכט), איז דער שוואָגער אין אַמעריקע אַ לערער אין אַ יידישער שול (אַ קאָמוניסטישע אָדער אַ בונדישע) און די שוועסטער איז, דוכט זיך, אַן אַקטריסע און זייער דער־וואַקסענע טאָכטער האָט פֿעיקייטן צו מאָלעריי. נאָר ווי זיי הייסן — געדענק איך נישט.

מיך האָט געטראָפֿן אַן אויסערגעוויינלעך גליק: מיט נסים (נישט מיט איינעם, נאָר מיט אַ סך נסים), האָבן זיך מיר אָפּגעראַטעוועט מיין פֿרוי און מיינע צוויי טעכטער. מיר לעבן איצט ווידער אין לאָדזש, די קינדער לערנען אין שול און איך אַרבעט אַלס בוכ־האַלטער אויף אַ מלוכהשן פּאָסטן. וואָס ווייטער טאָן, ווייס איך נישט פֿאַרלויפֿיק.

איך גריס אייך האַרציק און דריק פֿעסט די האַנט.

כ אַ ד ז ש ק אַ

(איבערגעזעצט פֿון פּויליש)

# אין טויט־לאַגערן און אין געטאָס

שלמה דאָרפמאַן
לוד

אין יאָר 1941, ווען כ׳בין אַלט געווען 17 יאָר, האָט מען מיך אַוועקגענומען אינעם אַרבעטס־לאַגער יוזעפאָוו, אויף דער ווייסל. דאָרט האָב איך געטראָפן עטלעכע יידן פון פאַלעניץ, נאָר כ׳געדענק נישט זייערע נעמען. איך בין אַנטלאָפן פון יוזעפאָווער לאַגער און צוריק אָנגעקומען אין פאַלעניצער געטאָ. די דייטשן האָבן מיך שפּעטער געכאַפּט און צוזאַמען מיט יחיאל אַלברוט (20 יאָר אַלט), געשיקט אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קורטשעוו. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט ביים גראָבן וואַסער־קאַנאַלן. דערוויסנדיק זיך, אַז די דייטשן גרייטן זיך אונדז אומצוברענגען — זענען מיר אַנטלאָפן. אויפן וועג קיין זשעלעכאָוו האָב איך געטראָפן אברהם גאָלדפאַרב פון פאַלעניץ. (צוזאַמען מיט אים בין איך שפּעטער אַנטלאָפן אין וואַרשעווער געטאָ). ער האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז אין זשעלעכאָוו זענען נאָך פאַראַן יידן.

אָנקומענדיק קיין זשעלעכאָוו, האָב איך דאָרט געטראָפן מיין ברודער צמח. יענעם אָוונט איז אין געטאָ פאָרגעקומען אַן אַקציע און מ׳האָט אַהין נישט געלאָזט אַריין אָדער אַרויס. צומאָרגנס האָבן אונדז די דייטשן אַוועקגעפירט צו דער באַן־סטאַציע סאָבאָלעוו. מיר זענען געגאַנגען צופוס אַ 15 קילאָמעטער. אויפן וועג זענען פיל געפאַלן און דערשאָסן געוואָרן. מיר, פינף פאַלעניצער יידן, זענען דעם גאַנצן וועג געגאַנגען צוזאַמען, נאָר ביזן אָנקומען צו דער סטאַציע, איז אונדז איין חבר פאַרלוירן געגאַנגען. אין סאָבאָלעוו האָט מען אַריינגעשטופּט 150 מענטשן אין אַ וואַגאָן. איך, מיין ברודער, אברהם גאָלדבערג און יחיאל אלברוט — זענען געווען אין איין וואַגאָן. בשעת דעם פאָרן, האָב מיר אַלע פיר אויפגעבראָכן דאָס פענצטער — און געשפּרונגען. די דייטשן האָבן אונדז נאָכגעשאָסן און מיין ברודער האָט באַקומען ביי אַ טויט קוילן — און דערהרגעט געוואָרן.

איך, יחיאל אלברוט און דער פאַרוווּנדעטער אברהם גאָלדבערג, זענען בשלום אָנגעקומען קיין פאַלעניץ און זיך דערנענטערט צום טאַרטאַק, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער פאַר יידן. נאָענט פון טאַרטאַק האָבן די דייטשן אויף אונדז געעפנט אַ שטאַרק פייער פון מאַשינגעווער. מיר האָבן זיך שנעל אָפּגעטראָגן קיין וואַרשע.

אין יענער צייט איז אין וואַרשעווער געטאָ אַדורכגעפירט געוואָרן אַן אַקציע. אברהם גאָלדבערג האָט נישט באַוויזן צו אַנטלויפן — און מ׳האָט אים געכאַפּט אויף דער מילע גאַס. מיט אַ וואָך שפּעטער בערך בין איך מיט יחיאל אלברוט אַוועק זיך איינשאַפן שפּייז. די דייטשן האָבן אים געכאַפּט — און איך בין געבליבן אַליין.

כ׳האָב געוווינט אויף דער מילע גאַס, עק לובעצקעגאָ. בעת אַן אַקציע, האָט מען מיך געכאַפּט און אַוועקגעפירט אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ״. דאָרט האָב איך געטראָפן הערשל לעפּאַק, וועלכער האָט שוין געהאַט באַוויזן צו אַנטלויפן פון טרעבלינקע. מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן פון „אומשלאַג־פּלאַץ״ און געפונען אַ באַהעלטעניש אויף מילע 47. די דייטשן האָבן אַנטדעקט דעם בונקער, אים אויפגעריסן און איך בין שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. אין דעם צושטאַנד האָט מען מיך אַוועקגעפירט קיין מיידאַנעק און דאָרט, זייענדיק אָן מעדיצינישער באַהאַנדלונג, בין איך קראַנק געוואָרן. אַלע פאַרוווּנדעטע און קראַנקע האָט מען גענומען אין די קרעמאַטאָריעס. איין קאַפּאָ האָט מיך אַרויסגענומען פון דער ריי און אַוועקגעפירט צום דאָקטאָר (פון לאָדזש). ער האָט מיך געפרעגט פון וואַנען איך שטאַם, כ׳האָב אים געענטפערט, אַז כ׳קום פון פאַלעניץ. ער האָט זיך געפרייט וואָס ס׳איז נאָך געבליבן אַ ייד פון פאַלעניץ, ער קען גוט דאָס אָרט. ער האָט מיר געוואָלט העלפן. ר׳האָט מיר געעצהט צו פאַרשרייבן זיך אויף יעטוועדער אַרבעט, אַבי נישט בלייבן דאָ. דאָס איז געשען אין יאָר 1943.

מיטן דערנענטערן זיך פון פראָנט, האָט מען אונדז איבערגעפירט קיין אוישוויץ און פון דאָרט — אינעם ס.ס.־לאַגער יאַוואָזשנאָ. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט אין אַ קוילנגרובן. די אַרבעט איז געווען אַן אומדערטרעגלעך שווערע, אויסער דעם האָבן מיר געהונגערט. איך האָב געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג און

דערפאַר באַקומען 200 גראַם ברויט און אַ האַלבן ליטער וואַסערדיקע זופּ. אין קוילנגרובן זענען מיר געווען איינגעטיילט אין גרופּן. צום גליק בין איך אַריינגעפאַלן צו אַ פּוילישן בריגאַדיר, שימיאַטש. דאָס איז געווען אַ גוטהאַרציקער מענטש, וועלכער האָט מיר אַ סך געהאָלפן. איך האָב אים דערציילט, אַז איך שטאַם פון פאַלעניץ און ער האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנהייט צו זען אַ ייד פון פאַלעניץ און מיט אים שמועסן. דער בריגאַדיר האָט פאַרגרעסערט מיין שפּייז־פּאַרציע און אַ דאַנק אים האָב איך אויסגעמיטן אַ הונגער־טויט. שימיאַטש איז געווען מיין בריגאַדיר פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין זיין אין קוילנגרובן.

אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דאָס רוסישע מיליטער געפינט זיך שוין אַ 12 קילאָמעטער פון יאַוואָזשנאָ. די דייטשן האָבן אונדז אַוועקגעפירט אין אַ לאַגער אין טיף דייטשלאַנד. דאָס איז געווען אין יאָר 1944. ס'איז געשען אַ נס און ממש אין דער לעצטער מינוט, ווען מ'האָט שוין געוואָלט מיך דערשיסן, איז מיר געלונגען צו אַנטלויפן. איך בין געלאָפן אַ גאַנצע נאַכט — ביז ס'איז אָנגעקומען די רויטע אַרמיי...

די סאַמע טייערסטע זאַך וואָס כ'האָב געוואָלט זען — מיין שטעטל פאַלעניץ, די נאָענטע משפחה, שכנים און די גוט באַקאַנטע יידן. אָבער אָנקומענדיק קיין פאַלעניץ, האָב איך דאָרט גאַרנישט געפונען — נאָר אַ חרוב געוואָרן שטעטל, וווּ ס'האָט געהערשט תוהו־ובוהו...

# זכרונות פון די מלחמה־יאָרן

גוטאַ גאָלדשטיין־פרידמאַן
חיפה

איך בין געבוירן אין וואַרשע, ביי חיים־יוסף און פרומעט פרידמאַן — די יינגסטע טאָכטער פון אַכט קינדער (פיר יינגלעך און פיר מיידלעך). אין דער ערשטער וועלט־קריג איז מיין פאָטער, אַ רייכער האָלץ־סוחר און אַ פרומער פּוריסאָווער חסיד, אַריבער וווינען קיין וואַרשע, ווייל אויף דער פּראָווינץ האָט ער זיך נישט געפילט אַזוי זיכער. אינעם אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט מיין פאָטער מיט דער גאַנצער משפחה זיך אומגעקערט קיין פאַלעניץ, אין אַן אייגענער ווילע, וווּ ס'האָט זיך אויך געפונען אונדזער גרויסער האָלץ־סקלאַד.

נאָכן ענדיקן די פאָלקס־שול אין פאַלעניץ, האָב איך ווייטער געלערנט אין דער „אָרט"־שול אין וואַרשע, אויף שליסקע גאַס, וועלכע כ'האָב געענדיקט אין 1938־טן יאָר.

ווען די קריג איז אויסגעבראָכן, זענען מיינע פאַרהייראַטע ברידער און שוועסטער זיך צונויפגעפאָרן צום פאָטער קיין פאַלעניץ: דער עלטסטער ברודער, הערש, וועלכער האָט מיט אַ פרוי און פיר קינדער געוווינט אין לעגיאָנאָווע; מיין שוועסטער פייגע פרידמאַן, וועלכע האָט געוווינט אין טשענסטאָכאָוו, מיט איר מאַן און אַ קינד. זי איז געווען אין די „הויכע חדשים" מיטן צווייטן קינד. אַזוי אַרום האָבן מיר צוזאַמען אָנגעהויבן די מלחמה־ליידן. קודם האָבן מיר געמוזט אָפּשיקן די שוואַנגערע שוועסטער קיין וואַרשע, אין אַ קימפּעטאָרין־אַנשטאַלט, וווּ זי האָט מיט מזל געבוירן אַ זון. קיין פאַלעניץ האָט מען זי געמוזט ברענגען מיט אַ דראָזשקע. די באַנען זענען שוין נישט געגאַנגען.

### דער בלוטיקער ערב ראש־השנה

ס'איז געווען ערב ראש־השנה, ווי מיר זענען אַוועק פון פאַלעניץ, ווייל מ'האָט מורא געהאַט פאַר באָמבאַרדירונגען. אונדזער ווילע האָט זיך געפונען נאָענט פון דער באַן־סטאַציע. מיר פאָרן קיין מיכאַלין, וווּ מיר האָבן אויך געהאַט אַ גרויסע ווילע טיף אין וואַלד.

מיר זענען אַלע געווען אין שטוב, אַ שטילער פאַרנאַכט, מען האָט זיך געגרייט צום גרויסן יום־טוב, געברענגט אין אָרדענונג דעם זאַל צום דאַווענען. מיינע ברידער שיע און מנחם, זענען געזעסן אין דרויסן מיטן שוואָגער האַראַוויץ און געמיטלעך געשמועסט. די קינדער האָבן זיך געשפּילט אַ ביסל ווייטער פון זיי. פּלוצלינג האָט פּעסל, די פרוי פונעם עלטסטן ברודער, דערזען אַן עראָפּלאַן — און אויפגעהויבן אַ געשריי. די דערשראָקענע קינדער האָבן נאָך באַוויזן אַריינצולויפן אין בונקער, ווי אויך מיין עלטערער ברודער הערש. איך בין געווען אין באָד־צימער, זיך געוואַשן,

אַפילו נישט געהערט דעם אויפרייס פון דער צינד־באָמבע, נאָר דע־זען שטיקער פייער פאַר די אויגן. ווען איך בין אַרויס, האָט זיך פאַר מיינע אויגן אַנטפּלעקט אַ שוידערלעך בילד: מיינע ברידער, שיע און מנחם און דער שוואָגער וועלוול, זענען געלעגן אויף דער ערד, ווי ברענענדיקע פאַקעלן. איך מיט מיין מוטער האָבן אָנגעהויבן אויף זיי שיטן זאַמד, אָבער דער עראָפּלאַן האָט זיך מיט אַמאָל צוריקגעקערט און פון דער נידער באַשאָסן דעם פרייען פּלאַץ אַרום דער שטוב. די קינדער, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו באַהאַלטן זיך, האָבן זיך געטוליעט צו די גרויסע סאָסנע־ביימער אין הויף. דער עלטסטער ברודער, הערש, האָט פאַרלאָזן דעם בונקער און גענומען זוכן דעם פעטער. דאָ האָט אים דער מערדערישער פליער באַמערקט און באַשאָסן מיט אַ קוילנוואַרפער. ער איז נאָענט פון הויז געפאַלן אַ טויטער. ער האָט אַ־יך געטראָפן אין מיין שוועסטער איטקע האַראָוויץ און דעם זיבן־יאָריקן יינגעלע, וועמען ער האָט אָפּגעהאַקט אַלע פינגער פון דער האַנט. זיין מוטער האָט נאָך באַוויזן אים אַ כאַפּ טאָן אויף די הענט און אַנטלויפן. פונקט דעמאָלט האָט אים אַ קויל געטראָפן אין האַלדז — און דאָס קינד איז אומגעקומען אויף אירע הענט...

מיין מוטער האָט זיך דערפילט זייער שלעכט. איך האָב זיך אומגעדרייט און דערזען, אַז זי שטייט אין אַ לוזשע בלוט. זי איז בשעת מעשה פאַרוואונדעט געוואָרן אין דיקן פלייש פון ביידע פיס — און נישט געפילט ווען זי איז געטראָפן געוואָרן.

ביז היינט־צו־טאָג ווייס איך נישט, ווי אַזוי איך האָב איבערגעהאַלטן דעם שרעקלעכן חורבן, וואָס האָט אַזוי אומגעריכט געטראָפן מיין גאַנצע פאַמיליע! שטעלט איך פאַר, אַז מיינע ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן געוווינט אין דער פרעמד, זענען ביים אויסברוך פון קריג געקומען צו פאָרן צו די עלטערן, כדי געפינען שוץ — האָט זיי גאָר געטראָפן דער טויט, און גראַד אין מיכאַלין, ווו ס׳איז נישט געווען קיין מיליטערישער אָביעקט און די נאַצישע פליערס האָבן גוט געזען, צוליבן נידעריקן פליען, אַז זיי ברענגען אום ציווילע, שוצלאָזע מענטשן. דער ערשטער געדאַנק מיינער, ווען כ׳בין עטוואָס צו זיך געקומען, איז געווען: ראַטעווען מיין פאַרוואונדעטע מוטער, וועלכע איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט. אַזוי ווי קיין דאָקטאָר איז דעמאָלט נישט געווען אין מיכאַלין, בין איך געלאָפן אינעם פּראָוויזאָרישן מיליטערישן שפּיטאָל, וועלכן די פּאָליאַקן האָבן איינגעאָרדנט גלייך נאָכן מלחמה־אויסברוך, אינעם פּענסיאָן פון סרעברניק „זאַכענטאַ״. די לייטערין פון שפּיטאָל, אַ געשמדטע דאָקטאָרין, האָט טראָץ דעם פאַרבאָט אָנצונעמען ציווילע קראַנקע, אָדער פאַרוואונדעטע, נאָר אויסשליסלעך מיליטער, דאָך רחמנות באַקומען אויף אונדז און אַריינגענומען מיין מוטער, אַפילו זי אַוועקגעלייגט אין אַ באַזונדער צימער. כדי צו פאַרמאַסקירן דאָרט מיין אָנוועזנהייט, האָט זי מיך באַשטימט אַלס קראַנקן־שוועסטער. ערשט דאָ האָב איך דערפילט, אַז כ׳בין שטאַרק אָפּגעבריט אויף די פּיאַטעס און דאַרף אַליין באַהאַנדלונג.

אין צווישנצייט האָבן די דייטשן פאַרנומען מיכאַלין. ווען אַ מעדיצינישע קאָמיסיע פון דייטשע דאָקטוירים האָט באַזוכט דאָס שפּיטאָל, האָבן זיי אַנטדעקט מיין מוטער; אָבער די לייטערין האָט זיי דערקלערט דעם שוידערלעכן מצב אין וועלכן מיין מוטער האָט זיך געפונען, ווען מ׳האָט זי געברענגט אַ שווער פאַרוואונדעטע, האָבן זיי מסכים געווען, זי זאָל פאַרבלייבן ביזן אויסהיילן.

נאָך אַ חודש, איז מיין מוטער אויסגעשריבן געוואָרן פון שפּיטאָל און איז נאָך געלעגן אין דער היים אַ לאַנגע צייט. אַ שוועסטער האָט איר באַדינט, ביז זי איז געזונט געוואָרן.

צוריק קומענדיק אַ היים פון שפּיטאָל, האָב איך זיך ערשט דער־וווּסט וואָס מיין פאָטער און די לעבן־געבליבענע משפחה־מיטגלידער האָבן איבערגעלעבט אין יענעם גרויליקן ראש־השנה. ס׳האָט זיך נישט געפונען קיין איין ייד, פון מיין פאָטערס אַלע באַקאַנטע, וועמען ער האָט אַזוי פיל געהאָלפן ביי יעדער געלעגנהייט, וואָס זאָל וועלן זיצן ביינאַכט ביי די טויטע, וועלכע זענען די גאַנצע צייט געלעגן צעהאַקטע אויפן הויף, איבערגעדעקט מיט ליילעכער. נאָר אונדזער סטרוזש, דער פּאָליאַק, צוזאַמען מיט די קינדער פון די געהרגעטע, זענען געזעסן ביי די טויטע אַ גאַנצע נאַכט.

צוליב דער אויסערגעוויינלעכער לאַגע, האָט דער פּאַלעניצער רב מתיר געווען די קבורה אין ערשטן טאָג ראש־השנה. דאָס בית־עולם האָט זיך געפונען אַ 3 קילאָמעטער ווייט פון מיכאַלין, אַזש אונטער־ראַדאָשטש, האָבן די זעלבע מיכאַלינער יידן מורא

געהאַט צו באַגלייטן די מתים, וועלכע מ׳האָט אַרויפֿגעלייגט אויף אונדזער פערד און וואָגן. נאָכגעגאַנגען זענען נאָר די אלמנות און יתומים פון די געהרגעטע, און דער זון פון יצחק היינעס, אויך אַ פּוריסאַווער חסיד, וואָס האָט געהאָלפן מיין פאָטער אַדורכפירן די לוויה פון אַזוי פיל קרבנות. די קברים האָט אויסגעגראָבן אונדזער סטרוזש, סטאַניסלאַוו, וועלכער איז אַליין געווען אַ גלויביקער קאַטאָליק. ער האָט זיך אָנגערופן צו מיין פאָטער:

— איך ווייס, אַז לויט אייער ידישן גלויבן, טאָר איך נישט זיין דער קברן, אָבער אייער גאָט און מיין גאָט וועט מיר מוחל זיין, ווייל די צייט האָט געברענגט דערצו — קיין אַנדערער אויסוועג איז נישטאָ...

## צוריק אין פאַלעניץ

נאָך דעם ווי די דייטשן זענען אַריין אין דעם כמעט פולשטענדיק פארברענטן פאַלעניץ, זענען מיר צוריק אַוועק ווינען אין אונדזער ווילע אין שטעטל, וועלכע איז על־פּי־נס ניצול געוואָרן פון דער שריפה. אַזוי ווי מיר זענען איצט געבליבן דריי מענטשן (איך און מיינע עלטערן), ווייל די אַנדערע משפחה־מיטגלידער זענען זיך צעפאָרן, האָבן מיר פאַרנומען בלויז צוויי צימערן מיט אַ קיך. די איבעריקע דירות אין דעם גענוג גרויסן הויז, האָבן מיר פאַרדונגען אויף דירה־געלט פאַר אַנדערע פאַלעניצער, וועמענס הייזער זענען פאַרברענט געוואָרן און זיי האָבן נישט געהאַט וווּ צו וווינען. פון דעם האָבן מיר זיך מפרנס געווען, ווייל מיין פאָטער איז מער נישט צוריק געגאַנגען אין דעם פאַרברענטן האָלץ־סקלאַד, וואָס אַ העלפט סחורה איז אַוועק מיטן פייער און די אַנדערע העלפט האָבן די דייטשן קאָנפיסקירט. ווילנדיק זיין באַשעפטיקט, האָב איך זיך פרייוויליק געמאָלדן אין דער קיך, וואָס האָט זיך געגרינדעט פאַר די פליטים, דייטשע יידן, וועלכע היטלער האָט אַלס פוילישע בירגער, פאַרטריבן פון דייטשלאַנד קיין זבאָנשין, נאָך אין יאָר 1938. די קיך האָט זיך געפונען נישט ווייט פון אונדזער ווילע, אין אַ ניי־אויפגעבויט הויז, וואָס האָט פריער געדינט אַלס מושב־זקנים א. נ. „עזרא“. דאָרט טאַקע האָבן זיך אויך געפונען די דייטשע פליטים. אין דער פילאַנטראָפּישער אַרבעט פון קאָכן און פונאַנדערטיילן ס׳ביסל זופּ מיטן שטיקל ברויט פאַר הונדערטער פליטים און אַ־עמע קינדער, האָב איך געפונען טרייסט און פאַרגעסונג.

דערווייל האָבן די דייטשן אָנגעהויבן ווערבירן די פאָלקס־דויטשן אלס געהילפס־פאָליציי און אַנדערע פאַרמאַציעס, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַנוצט אונטערצודריקן און באַרויבן די פאַרבליבענע יידן, ווייל זיי האָבן יעדן געקענט. ביי מיין פאָטער אין האָלץ־סקלאַד האָט געאַרבעט אַלס נאַכט־וועכטער אַ געוויסער ראָמאַן, וואָס האָט געהאַט אַן איינציקן זון מיטן נאָמען אַדאָלף. דעם נאַכט־וועכטער האָט מיין פאָטער אַמאָל געכאַפּט ביי אַ גרויסער גניבה, ווען ער האָט ביינאַכט איבערגעגעבן געהילץ צו אַ באַנדע גנבים. מיין פאָטער האָט דעם וועכטער בלויז אָפּגעזאָגט — און אים נישט איבערגעגעבן אין דער פאָליציי, ווייל ס׳האָט אים געדראָט עטלעכע יאָר תפיסה. איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאָר געווען אַ פאָלקס־דויטש און זיין זון, אדאָלף, איז באַשטימט געוואָרן אלס קאָמענדאַנט פון דער געהילפס־פאָליציי. מיר האָבן זיך שטאַרק געשראָקן, אַז ער וועט זיך וועלן נוקם זיין. אַדאָלף האָט אָנגעהויבן זיך טשעפּען צו יידישע מיידלעך און פרויען, זיי אַריינגענומען אין דער געוועזענער שול, וווּ זיי האָבן געהאַט די קאָמענדאַנטור און זיי געצוווּנגען מיט דער אייגענער אונטערוועש רוימען און וואשן די פאַדלאָגעס און די קלאָזעטן, אין גרויסע פרעסט און קעלטן — און באַפוילן צוריק אָנטאָן די נאַסע וועש. צו אונדזער איבעראַשונג, ווען זיי זענען בעת אַ לאַפּאַנקע, צוגעקומען צו אונדזער הויז, האָט דער אַדאָלף תמיד געזאָגט:

— מיר גייען ווייטער — אין דעם הויז איז קיינער נישטאָ...

אויך האָט ער געזאָגט, מיין פאָטער, אַז אויב ער וועט אים זען אויף דער גאַס, זאָל ער אַריבערגיין אויף דער אַנדערער זייט, ווייל ער וויל נישט מיין פאָטער זאָל אים אָפּטרעטן דעם וועג און אַראָפּנעמען דאָס היטל, וואָס האָט דעמאָלט פאַרפליכטעט יעדן ייד, ווען ער האָט באַגעגנט אַ דייטש. געווען אַ פאַל, אַז די געהילפס־פאָליציי האָט אויפגעריסן דאָס געשעפט פון מיין שוועסטער, דער אלמנה — און די פאַליאַקן האָבן דאָרט אָנגעהויבן ראַבירן. דער אָנגעקומענער אַדאָלף האָט מיט געווער אין האַנט פונאַנדערגעיאָגט די פאַליאַקן, צוגעמאַכט די לאָדנס און נישט געלאָזט ראַבירן.

צו אונדזער אומגליק, האָט מען אין נייעם הויז, וווּ ס׳האָט זיך געפונען די קיך און די פליטים (וועלכע

מ׳האָט אַריבערגעפירט אויף אַן אַנדערן פּלאַץ), געעפנט אַ „קולטור־הויז“, ווו ס׳זענען זיך צונויפגעקומען די אַלע דייטשן און פאָלקס־דויטשן, וואָס האָבן געדינט אין די פאַרשידענע געהילפס־פאָרמאַציעס, כדי פאַרברענגען זייער פרייע צייט. פון אונדזער הויז האָבן מיר געזען וואָס דאָרטן קומט פאָר, אויך זיי האָבן געקענט זען אַלץ וואָס ביי אונדז. ס׳איז דעריבער אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון דער נאָענטער סביבה, מוזן פאַרלאָזן זייערע וווינונגען. מיין פאָטער איז געווען ממש פאַרצווייפלט. ער האָט באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו אונדזער נאָענטן שכן און אַמאָליקן גוטן פריינד, דעם פאָלקס־דויטש פופּהאַלץ, אַ וועטערינאַר. אַז ער פלעגט דורכגיין ביי אונדזער געשעפט, האָט ער זיך שטענדיק אָפּגעשטעלט שמועסן מיט מיין פאָטער.

ביים אויסבראָך פון קריג, זענען די פּאָליאַקן אַריין צו אים אין שטוב און ביי אים געפונען אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט. זיי האָבן מיט קלעפּ אים אָפּגעפירט אין טורמע. מיין פאָטער האָט נישט געקאָנט צוקוקן צו דער ברוטאַלער סצענע און אויך נישט געגלויבט, אַז דער־אָ האַרציקער מענטש, זאָל זיין אַ שפּיאָן — און האָט זיך פאַר אים אָנגענומען.

איצט, ווען מיין פאָטער האָט זיך געווענדעט צום וועטערינאַר, האָט ער אים באַרואיקט און צוגעזאָגט, אַז מ׳וועט אים נישט טשעפּען, ער איז פאַראַנטוואָרטלעך. אַזוי איז געווען: מ׳האָט מיין פאָטער נישט באַזייטיקט פון דער דירה. מיר אַליין האָבן נישט געוווּסט וואָס צו קלערן: אַזאַ פּראָטעקציע ביי די ברוטאַלע פאָלקס־דויטשן, וואָס צו אַנדערע יידן זענען זיי אַזוי מערדערלעך־שטרענג. זעט אויס, אַז אָדער דאָס גרויסע אומגליק וואָס האָט אונדז געטראָפן, אָדער די גוטסקייט פון מיין פאָטער האָט אויף זיי געווירקט.

## אין געטאָ

נישט לאַנג איז אונדז אויסגעקומען צו פרייען זיך מיט דער אייגענער דירה. מ׳האָט אַלע פאַלעניצער פאָלקס־דויטשן געשיקט קיין דייטשלאַנד און אויף זייער אָרט געבראַכט אמתדיקע דייטשן. די באַציאונג צו יידן איז געוואָרן שטרענגער — ביז דער גזירה פון געטאָ. מיין פאָטער האָט זיך געטוישט מיט דער וווינונג פונעם פּאָליאַק וואָראַנקאַ, וועמענס דירה איז באַשטאַנען פון אַ צימער מיט אַ קיך און אַ קליין געשעפט, און האָט זיך געפונען אויפן שטח פון נייאַנטשטאַנענעם געטאָ. אין דער קליינער דירה האָבן מיינע עלטערן, מיין שוועסטער די אלמנה מיט אירע צוויי קינדער, זיך אַריבערגעצויגן אין געטאָ. מיין שוועסטער, וועמען ס׳איז אַ דאַנק אַדאָלפן געלונגען אָפּצוראַטעווען אַ ביסל סחורה פון איר גרויסער גאַלאַנטעריע־קראָם, האָט זיך מפרנס געווען פון פאַרקויפן, ווייל צוריק קויפן סחורה האָט זי נישט געקענט. אמת, פון צייט צו צייט האָבן פּוילישע מיידלעך און יינגלעך, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט פירן ברויט קיין וואַרשע פון דער אומלעגאַלער פאַלעניצער בעקעריי, געבראַכט פון דער הויפּטשטאָט פּאַדעם, קנעפּ און נאָדלען — און פון דעם האָט מיין שוועסטער אויסגעהאַלטן זיך מיט אירע צוויי יתומים. אָבער די סחורה איז געוואָרן וואָס אַמאָל וויניקער און קיין נייע איז נישט צוגעקומען. מיין פאָטער האָט זיך מפרנס געווען פונעם ביסל מעבל, וואָס איז אים געלונגען צונויפצושלעפּן אין געטאָ אַריין, פון די עטלעכע וויללעס, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט אין דער גאַנצער געגנט, ווייל יעדער צימער איז געווען מעבלירט. מ׳וואָלט געקאָנט דורכלעבן אין געטאָ די מלחמה, ווי מיר האָבן בטעות געמיינט, ווען נישט דער „גבירישער“ נאָמען פון מיין פאָטער, וואָס איז אים פאַרבליבן נאָך פון די אַמאָליקע צייטן. דעריבער האָט זיך אַ שיט געטאָן אויף אונדזער קאָפּ אַ האַגל מיט קאָנטריבוציעס און קאָנפיסקאַטעס — סיי פון די דייטשן, סיי פונעם יודענראַט, וועלכער האָט באַדאַרפט צושטעלן די אַרויפגעלייגטע סומע. דאָס ערשטע זענען זיי געקומען צו אונדז און געפאָדערט דעם גרעסטן טייל פון דער סומע, אַז מיין פאָטער האָט זיך געזען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס פאַלעניצער געטאָ — און איז אַריבער אין וואַרשעווער געטאָ.

מיט דער הילף פון אַ יודענראַטלער, האָט ער פאַר געלט באַקומען אַן אַרויספאָר־דערלויבעניש דירעקט אינעם וואַרשעווער געטאָ, ווו מ׳האָט אים נישט געקענט אַלס גרויסן גביר. איך דאַקעגן בין געבליבן מיט מיין שוועסטער און איר געהאָלפן אין איר שווערן געטאָ־לעבן. מיט די פּוילישע שמוגלערס האָבן מיר פון צייט צו צייט איבערגעשיקט פאַר די עלטערן אַ ביסל שפּייז, ווייל אין פאַלעניצער געטאָ איז געווען לייכטער, ס׳האָט אויך געקאָסט ביליקער. שפּעטער בין איך אויף אַ געפעלשטער אַרויספאָר־דערלויבעניש אָנגעקומען צו מיינע עלטערן אין וואַרשעווער געטאָ, אָבער צוריק פאָרן האָב איך שוין נישט געקענט, ווייל איך בין קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און מ׳האָט מיך

געמוזט באַהאַלטן פאַר די דייטשן. זיי פלעגן די טיפוס־קראַנקע אַרויספירן פון געטאָ און דערשיסן. יעדן טאָג איז פאַר אַ סך געלט געקומען צו מיר אַ דאָקטאָר און געהיילט מיט זעלטענע איינשפּריצונגען. אַזוי אַרום מיר אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן. כ׳בין אָבער נאָכן געזונט ווערן געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט און באַדאַרפט אויפזיכט, וואָס מ׳האָט שוין אין וואַרשעווער געטאָ נישט געקאָנט האָבן. פאַר געלט האָט מען פּאַטער באַקומען פאַר מיר אַ דערלויבעניש בלויז אַרויסצוגיין פונעם געטאָ — אָבער אין ערגעץ נישט פאָרן. דאָ איז אונדז געקומען צו הילף אונדזערס סטרוזשס זון, אַ בחור אין מיין עלטער, מיט וועלכן איך האָב זיך אויף איין הויף דערצויגן, געגאַנגען אין איין שול און געווען די גאַנצע צייט באַפריינדעט. ער איז צוגעקומען צום אָפּגערעדטן פון פריער געטאָ־טויער, מיט אַ בוקעט בלומען, און ווי כ׳בין נאָר אַרויס אויף דער אַרישער זייט און אַראָפּגענומען די אָרעמבאַנד, איז ער צו מיר צוגעגאַנגען, גענומען אונטערן אָרעם, אַוועקגעפירט אויף דער באַן־סטאַציע און צוזאַמען געפאָרן קיין פּאַלעניץ. ער האָט מיך צוגעפירט צו דער געטאָ־פאַרצוימונג און פון דאָרטן בין איך צוריק אַריין אין פּאַלעניצער געטאָ.

נאָכן קומען צו זיך, האָב איך תנאים געשריבן מיט מיין איצטיקן מאַן, ברוך גאָלדשטיין. נאָך דעם ווי אונדז איז געלונגען צוריק אַראָפּצובריינגען מיינע עלטערן פונעם וואַרשעווער געטאָ, האָבן מיר אין אַ פּאָר טעג חתונה געהאַט.

פון דעמאָלט ביז מיין באַפרייאונג — האָט מיין מאַן אַלץ באַשריבן אין זיינע זכרונות. (ז״ז 246—272).

# אין געטא פאלעניץ

דערציילט: חנה יעלען
ניו־יאָרק

אין אויגוסט 1939 האָבן זיך פאַרשפּרייט עקשנות־דיקע קלאַנגען וועגן נאָענטן אויסברוך פון קריג. די דאַטשניקעס האָבן שנעל פאַרלאָזט פּאַלעניץ, פאַרן פאַרענדיקן דעם זומער־סעזאָן. אַ טייל פון דער יוגנט איז מאָביליזירט געוואָרן, וואָס האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די בהלה.

דעם 9־טן סעפּטעמבער 1939, זענען די דייטשן געווען אין פּאַלעניץ. זייער ערשט פאַרברעכן: אונטערצונדן דעם יידישן האַנדלס־צענטער אויף דער האַנדלאָווע גאַס. שפּעטער איז דורך די דייטשן געשאַפן געוואָר׳ן אַ יודענראַט, בראש מיטן פּרעזעס צוקערמאַן, אַן אַסימילאַטאָר, געווען פאַר דער מלחמה אומבאַקאַנט און נישט געשפּילט קיין שום ראָל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אויך דינסטמאַן האָט געהאַט אַ וויכטיקן אַמט אין יודענראַט, ער איז געווען אַן אייגנטימער פון ביוראָ צו שרייבן ביטעס. נאָך עטלעכע וואָכן פון זייער אַמטירן, האָט זיי די דייטשישע זשאַנדאַרמעריע אַרעסטירט און דערשאָסן צוליב אַ מסירה פונעם פאָלקס־דויטש בוכהאָלץ. געשען איז דאָס צוליב פאָלגנדע סיבות:

גלייך ביים אויסברוך פון קריג, איז אין פּאַלעניץ, ווי אין אַנדערע ערטער, אַנטשטאַנען אַ פאָלקס־מיליץ, צו וועלכער עס האָבן אויך געהערט צוקערמאַן און דינסטמאַן. אין אַלעקסאַנדראָוו, נישט ווייט פון פּאַלעניץ, איז געווען אַ דייטשישע קאָלאָניע. די 100 פאָלקס־דויטשן פון דאָרט האָבן נישט געוואָלט זיך צופּאַסן צו די פאַראָרדענונגען פון דער פאָלקס־מיליץ און אויף דעם באָדן זענען אַנטשטאַנען סיכסוכים, ס׳איז אַפילו דערגאַנגען צו געשלעגן. אַז די דייטשן זענען אַריין, האָט מען די צוויי יידן פאַרמסרט — און דאָס איז גענוג געווען מ׳זאָל זיי דערשיסן אַפילו אָן אַ געריכט.

אויפן אָרט פון צוקערמאַנען, האָבן די דייטשן באַשטימט אַלס פּרעזעס פון יודענראַט ה׳ עליאַש פינקעל, אַ נוט־באַזיצער לעבן מיעדזעשין. שפּעטער איז געוואָרן פּרעזעס א געוויסער שאנצער פון לאָדזש. אויך די יידיש׳ע פּאָליציי איז באַשטאַנען כמעט פון לאָדזשער יידן. קאָמענדאַנטן פון דער יידישער אָרדענונגס־דינסט (פּאָליציי), זענען געווען: שייקער און זשאַנאַוואָדשא — ביידע פון לאָדזש. די צאָל פּאָליציאַנטן האָט זיך געוואַקלט פון 15 ביז 20. צווישן זיי — אויך יידן אויסגעזידלטע פון דייטשלאַנד, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין פּאַלעניץ.

דאָס געטאָ איז באַשטימט געוואָרן אויף דער לינקער זייט פון פאַלעניץ, דאָרט ווו עס האָבן זיך געפונען די געביידעס פון דער באַוווסטער מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיעדזעשין. פאַלעניץ איז פאַראייניקט געוואָרן מיטן מיעדזעשינער געטאָ. די רעכטע זייט פון פאַלעניץ און מיעדזעשין איז באַשטימט געוואָרן אלס „אַרישע״ זייט. דאָרט האָבן יידן נישט געטאָרט וווינען.

מיטן איינשטעלן דאָס געטאָ, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַלע פּרנסה־קוואַלן פאַר יידן. די האַנטווערקער און כאַלופניקעס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעט, ווייל די פאַרבינדונג מיט וואַרשע איז איבערגעריסן געוואָרן. דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבן איז אָפּגעשטאָרבן, קיינער איז נישט געקומען אויף זומער־וווינונג קיין פאַלעניץ. דער רוב יידישע איינוווינער האָט זיך איבער־געוואָרפן אויף אַ נייער באַשעפטיקונג — באַקן ברויט.

פאַליאַקן האָבן אין געהיים צוגעשטעלט מעל, וואָס איז אויסגעבאַקן געוואָרן אין די יידישע בעקערייען. דאָס ברויט איז דורך פאַרשידענע וועגן־אומוועגן אַוועק־געפירט געוואָרן קיין וואַרשע און איז אומלעגאַל פאַרקויפט געוואָרן.

דעם 2־טן אויגוסט 1942 איז דאָס פאַלעניצער געטאָ ליקווידירט געוואָרן.

פאַרשריבן: ח. מיאַדאָווסקי
ראשון־לציון

# אין טעג פון אומקום

פאַלאַ סרעברניק (ניסענבוים)
בני־ברק

דעם 15־טן אויגוסט 1942, באַלד פון די פריסטע שעהן, האָבן די דייטשישע מערדער און זייערע העל־פערס אָנגעהויבן ליקווידירן דאָס געטאָ אין פאַלעניץ און אין דער נאָענטסטער אומגעבונג, אַריינגערעכנט אויך מיכאַלין. מיט אכזריות און ברוטאַליטעט, אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן דייטשישן „הערן־פאָלק״, האָבן זיי פון די הייזער געטריבן אַלטע לייט, פרויען, קינדער און מענער צום באַן־וואָקזאַל, כדי זיי פון דאָרט, אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען, אָפּשיקן קיין טרעבלינקע, פונוואַנען עס איז שוין נישטאָ קיין וועג צוריק. די וואָס זענען געווען שוואַך, אָדער נישט געגאַנגען מיט דער שנעלקייט, וואָס די רוצחים האָבן געפאָדערט — זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. דאָס אַרויסטרייבן די יידן פון הינטער די שטעכלדראָטן, מיט וועלכע ס׳איז געווען אָפּגעצוימט דאָס געטאָ, האָט נישט געמיינט באַפרייאונג, נאָר אַ גרויזאַמער אומקום אין די קרעמאַטאָריעס פון טרעבלינקע...

## איך אַנטלויף פון געטאָ

איך ווייס נישט מיט וועלכן כוח מיר איז געלונגען אַדורכצוקריכן אונטערן שטעכלדראָט און זיך אַריינ־קאַלעכן אין אַ דערבייאיקן גרוב. אָרום מיר האָבן צע־יושעטע באַנדיטן געזייעט טויט און פאַרוויסטונג. דאָס ברענענדיקע געטאָ האָב איך פאַרלאָזט מיט אָנגעווייטיקטע פיס און מיט אַ נאָך מער צעווייטיקט האַרץ. ערשט פאַרנאַכט איז מיר דורך וועגן־אומוועגן געלונגען צוצוקומען צום דאָרף זאַטשעביע, וואָס איז געלעגן אויפן ברעג פון דער ווייסל. צוזאַמען מיט מיר זענען אויפן זעלבן אָרט אויך אָנגעקומען דאָס אַלטע פּאָרל, מיינע שכנים, די עלטערן פון באַוווסטן וואַר־שעווער האַרץ־דאָקטאָר איגנאַצי פינעס. זיי זענען גע־גאַנגען הינטער מיר, כ׳האָב זיך נישט אומגעקוקט און נישט געהערט זייערע טריט. אגב, קיין זאַטשעביע בין איך אָנגעקומען, אויסערלעך, אַלס קריסטין, ווייל אויפן וועג האָב איך אין זאַמד געפונען אַ קליינעם מעדאַליאָן מיטן געקרייציקטן יעזוס — און דאָס שטיקל צירונג אויפגעהאַנגען אויף מיין האַלדז... איך האָב דאַן גע־גלויבט, אַז ס׳איז אוודאי אַ נס, ווייל אַזאַ „רעקוויזיט״ אין יענע צייטן, האָט געקאָנט ראַטעווען אַ יידישע טאָכטער פון אומקום.

עס איז שוין געווען שפּעטע נאַכט — און צו וועמען זיך ווענדן איז נישטאָ. פון דער ווייטנס דערזע איך ווי עס לייכט זיך ערגעץ. איך מיטן פּאָרל פינעס דער־נענטערן זיך צו דעם אָרט און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אין דער כאַטקע וווינט אַן עלטערע פרוי, וואָס האָט אַמאָל בגניבה געבראַכט מילך צו פאַרקויפן אין געטאָ. מיר בעטן ביי איר בלויז אַ נאַכטלעגער, נאָר זי איז שטאַרק איבערגעשראָקן. פונדעסטוועגן ווייזט זי אונדז אַ חזיר־שטאַלעכל און דערלויבט דאָרט אַריינצוגיין.

געבויגן אין דרייען, טאַפּנדיק אין דער פינצטער, האָבן מיר זיך אַריינבאַקומען אין דעם קעמערל, ציטערנדיק פון קעלט, שרעק און הונגער.

פון גרויס מידקייט דרימלען מיר איין. אָבער נישט אויף לאַנג. עס דערהערן זיך שאָסן, מיר דערזען דעם רויטן אָפּשיין פון די פלאַמען, וואָס האָבן איצט אַרומגעכאַפּט פּאַלעניץ. אויסער דעם האָבן די געסטאַפּאָ־לייט געלאָזן אין דער גאַנצער געגנט שטאַרקע רעפלעקטאָרן, וואָס האָבן באַדאַרפט אַנטדעקן אויסבאַהאַלטענע יידן, אָדער די וואָס בלאָנדזשען נאָך אויף די וועגן און זוכן אַ באַהעלטעניש. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געשטאַנען אויף די פיס און דורך די שפּאַרעס געקוקט אויף דעם פייער, וואָס האָט פאַרשלונגען די יידישע פּאַלעניץ, אויף די רעפלעקטאָרן וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך די אַנטרונענע און זיך צוגעהערט צו די שאָסן, וואָס האָבן פאַרלענדט קרבנות... אין אַזאַ אַטמאָספער האָבן מיר דערוואַרט דעם טויט און גלייכצייטיק געהאָפט, אַז אפשר וועט דער פרימאָרגן ברענגען די פרייהייט...

באַגינען בין איך אַריין צו דער קריסטין, איר באַדאַנקט פאַר דער גאַסטפריינטלעכקייט און געבעטן זי צוגיין אין מיין הויז וואָס איז געבליבן אין געטאָ. זאָל זי פון דאָרט זיך נעמען פון שענסטן און בעסטן וואָס איר געפעלט. און נאָך עפּעס — אפשר איז ווער געבליבן לעבן אין דעם הויז, וועל איך האָבן אַ ידיעה. זי זאָגט זיך אָבער אָפּ פון גיין אין געטאָ. בעט איך זי מיט טרערן אין די אויגן, אפשר האָט זי עפּעס אַ דאָקומענט וואָס זאָל באַווייזן מיין פּוילישן אָפּשטאַם. צו מיין גרויסער איבערראַשונג, האָט זי מיר דערלאַנגט אַ מעטריקע פון אירס אַ פאַרשטאָרבענער קרובה, וולאַדקאַ. אפשר אין זכות פון דעם דאָקומענט, וועל איך קאָנען זיך באַוועגן אויף דער „אַרישער" זייט.

צוזאַמען מיט דער פאַמיליע פינעס באַשליסן מיר גיין צוריק קיין פּאַלעניץ, אָבער דער וועג אַהין איז פול מיט יידיש בלוט. אַ געהיימע קראַפט שטויסט אונדז צוריק — די זעלבע קראַפט וואָס האָט מיט אַ שעה שפּעטער אונדז נישט געלאָזט זיך דערטרינקען אין דער ווייסל, צו וועלכער מיר האָבן זיך דערנענטערט. דאָ, ביי די פּליסיקע וואַסערן פון פּוילנס גרעסטן טייך, האָבן מיר דערפילט די גאַנצע איינזאַמקייט און גרויל פון דער לאַגע. ניין, עס האָט נישט קיין זין מער צו לעבן, ווייל יעדער טאָג מיינט — נאָך פאַרגרעסערן די ליידן און פּיין. במילא, נישטאָ ווו זיך אויסצובאַהאַלטן. נאָר ווי געזאָגט, עפּעס אַן אינערלעכער אינסטינקט לאָזט נישט שפּרינגען אין טייך. מיר לאָזן זיך אַוועק אין אַ זאַמדיקן טאָל פון דאָרף זאַטשעביע. דער הונגער נאָגט, מיר קאָנען נישט קיין וואָרט אַרויסריידן.

מיט די לעצטע כוחות דערשלעפּ איך זיך אַליין קיין מיכאַלין. אָבער נאָך אויפן וועג האָב איך דערהערט שאָסן. זענען די קוילן נישט געווענדעט אַמאָל אין דעם פאָרפאָלק פינעס, וועלכע זענען געבליבן אין טאָל, וואַרטנדיק אויף מיין הילף? ערשט שפּעטער האָט מיר אַ פויער דערציילט, אַז דאָס האָט מען טאַקע געשאָסן צוויי יידן אויף יענעם אָרט ווו זיי זענען געבליבן. צו וואָס אַזאַ לעבן, אַז דער טויט לויערט אויף שריט און טריט? ענדלעך קום איך אָן קיין מיכאַלין און קלאַפּ אָן אין טיר פון אונדזערס אַ באַקאַנטן פויער פּיאָטר פּידאַ. איך בעט זיין פרוי זי זאָל דערפילן מיין לעצטע בקשה און שיקן איר זון ער זאָל מיר איינשאַפן סם. געוואַלד! איר ענטפער איז אָבער אַ קלאָרער: ביז וואַנען איר זון וועט קומען צוריק, קאָן איך ביי איר נישט בלייבן. אַ פאַרביטערטע און פאַרצווייפלטע בין איך אַוועק.

אויפן וועג איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ יונגער פּאָליאַק. רופנדיק מיך ביים נאָמען, האָט ער געפּאָדערט געלט. איך האָב אים נישט געקענט פערזענלעך, אָבער דאָס ערגסטע — נישט געהאַט קיין געלט זיך אויסצוקויפן. האָט ער פאַרלאַנגט דעם מעדאַליאָן מיטן געקרייציקטן ישו — און אַזוי ווי כ׳בין נישט געווען נוטה אים דאָס צו געבן, האָט ער מיט כוח אַראָפּגעריסן דעם מעדאַליאָן און אַנטלאָפן. איצט בין איך שוין אין גאַנצן אַ צוזאַמענגעבראָכענע, אָן אַן אויסוועג, אָן הילף פון עמעצן.

## „כ׳האָב נישט קיין יידישן אויסזען..."

נאָר דער אינסטינקט פון לעבן איז גראָד אין יענע צייטן געווען מוראדיק אַנטוויקלט. דער געדאַנק הייבט אָן אַרבעטן אינטענסיווער און איך דערמאָן זיך, אַז עס געפינט זיך אין דעם דאָרף נאָך אַ קריסטלעכע פאַמיליע, וואָס כ׳האָב געקענט פון דער נאָענט: ד"ר פילאָזאָפיע עוגעניוש בוסס, פאָרשטייער פון „רויטן קרייץ" אין מיכאַלין. דאָ האָב איך זיך נישט אַנטוישט. ד"ר בוסס האָט באַלד דערלאַנגט ברויט מיט מילך, צוגעגרייט אַ געלעגער זיך אויסצורוען אויפן בוידעם פון זיין הויז. דער געלערנטער איז געווען אָפּטימיסטיש, אַז כ׳וועל איבערלעבן היטלערן: ערשטנס דער־

פאַר, ווייל כ׳האָב נישט קיין יידישן אויסזען און צווייטנס, „עס דאַרף עמעץ בלייבן, וואָס זאָל דער־ציילן די נאַצישע גרוילטאַטן איבערן יידישן פאָלק״.

לײדער, דער אויפריכטיקער פאַרלאַנג פון איינעם פון די חסידי אומות העולם, האָט נישט געקאָנט רעאַליזירט ווערן. נאָכן אָפּזיין ביי אים 8 טעג, האָט ער אַהיימגעבראַכט אַ פאַרוויקלטן פלאַקאַט און אים אַזוי געלאָזט ליגן אויפן טיש. ווען זיינע משפחה־מיטגלידער זענען נישט געווען אין דער היים, האָב איך איבערגעלייענט: „אויב מען וועט אין דער געגנט געפינען אַן אויסבאַהאַלטענעם ייד, וועט דאָס גאַנצע דאָרף פאַרברענט ווערן...״

ד״ר בוסס האָט זיך נישט פאַרלוירן. במשך דער צייט האָט ער באַוויזן אויסצוזוכן פאַר מיר אַ פּאָסטן אַלס פלעגערין ביי אַ קליין קינד פון דער טאָכטער פון זיין צווייטער פרוי. מיין נייע פּרנסה־געבערין האָט מיך נישט געקענט און זי איז געווען זיכער, אַז זי באַשעפטיקט אַ הונדערטפּראָצענטיקע קריסטין. איך האָב איצט געאַרבעט אין שווידער און געווען צופרידן פון דער דאָזיקער ענדערונג. כ׳האָב זיך מטפל געווען מיטן 1־יאָריקן קזשישטאָף, וועמען דער ד״ר בוסס פלעגט יעדן זונטיק באַזוכן און גלייכצייטיק זיך באַראָטן מיט מיר וועגן מיין ווייטערדיקער לאַגע.

איין מאָל האָט מיין בעל־הביתטע מיך געשיקט קיין אָטוואָצק צו פאָטאָגראַפירן איר קינד, אַ נאָקעטס. איך האָב שטאַרק מורא געהאַט אַריינצופאָרן קיין אָטוואָצק, קוים וועט מיך דאָרט דער־קענען ווער פון די פּאָליאַקן. אָבער פאָלגן די ברויטגעבערין האָט מען געמוזט. אַריינקומענדיק צום פאָטאָגראַפיסט, האָב איך אים געזאָגט, אַז כ׳וויל האָבן אַ בילד פון מיין קינד. שטייענדיק אַנטקעגן דעם פאָטאָ־אַפּאַראַט, האָט דער קליינער קזשישטאָף מיך אָ רוף געגעבן „וואָלאַדזשיאַ״, און נישט „מאַמע״. אַ גליק, וואָס דער פאָטאָגראַפיסט האָט זיך נישט געמאַכט הערן, ווי דאָס קינד האָט מיך גערופן ביים נאָמען...

נישט ווייט פון מיין בעל־הביתטעס דירה, האָט זיך געפונען דאָס הויז מיטן שטאַב פון דער געסטאַפּאָ, וועלכע זענען אַהער געקומען, כדי צו ליקווידירן די געטאָס אין דער גאַנצער געגנט. כמעט יעדע נאַכט האָב איך פון די אָנגעשיכורטע רוצחים געהערט זייערע באַרימערייען וועגן דער מאָרד־מלאכה, וואָס זיי האָבן אַדורכגעפירט איבער דער יידישער באַפעלקערונג.

דעם פערטן זונטיק באַוויזט זיך דער ד״ר בוסס — אַ בלאַסער און דענערווירטער. אים געלונגט קוים מיך אָפּצורופן אין אַ זייט און איבערגעבן אַ וואָרענונג, אַז דער באָדן ברענט ממש אונטער די פיס, אַ סברא, אַז כ׳בין אַנטדעקט און מ׳דאַרף שוין אַנטלויפן. נישטאָ קיין סך צייט צו פאַרלירן. מען האָט מיך געמסרט. און דער גוטער־פּאָליאַק גיט צו: „איך וועל זאָגן, אַז דו האָסט באַקומען אַ טעלעגראַמע אויף מיין אַדרעס, בכן דיין מומע איז געשטאָרבן און דו האָסט געמוזט פאָרן אויף דער לוויה״. איך בין מסכים אויף דעם פּלאַן, קיין אַנדערע ברירה איז דאָך נישט געווען. איך באַמערק נאָר דעם ד״ר בוסס, אַז איצט איז שוין שפּעטער האַרבסט, איך טראָג אויף זיך אַ לייכט זומער־קליידל. אפשר זאָל איך צופאָרן קיין פאַלעניץ, צו אַ באַקאַנטער קריסטין, כדי ביי איר צו נעמען עפּעס פון מיינע מלבושים וואָס געפינען זיך דאָרטן? דער־דאָקטאָר זאָגט מיר אָבער מיט געדולד, אַז כ׳זאָל טאָן ווי איך פאַרשטיי, ער קאָן נישט מער בלייבן מיט מיר נאָך איין מינוט, ווייל אויך אים דראָט אַ געפאַר... כ׳האָב רעכט נישט באַוויזן זיך צו געזעגענען מיט מיין רעטער און בין אַוועק.

ווייזט אויס, אַז כ׳בין נישט ביים פולן באַוווסטזיין. מיט אַמאָל דערזע איך זיך פאַרן הויז פון מיין נאָענטסטן קריסטלעכן שכן, דער שטאָט־קאָמענדאַנט יוכנילעוויטש. איך קלאַפּ אָן אין טיר. דער קאָמענדאַנט אַליין עפנט און נישט קלערנדיק קיין מינוט, זאָגט ער צו מיר:

— פרוי סרעברניק, איך וויל נאָך לעבן. אייער מוטער האָט מען דערשאָסן אויף דער שוועל פון איר הויז. אייער מאַן און זון האָבן נאָך נעכטן געלעבט אין טאַרטאַק, וואָס מיט זיי איז היינט — ווייס איך נישט. ביי מיר קאָנסטו, לײדער, נישט נעכטיקן. גיב אַ קוק אויף דיין הויז, דאָרט פלאַטערן פענער מיט האָקנקרייצן. געסטאַפּאָ־אָפיצירן וווינען איצט אין דעם דאָזיקן הויז...

פונדעסטוועגן פרעג איך אים: „וואָס טאָן אין מיין לאַגע?״ ער האַלט, אַז אַמבעסטן וואָלט געווען, ווען מ׳כאַפּט מיך אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דייטשלאַנד...

### „דאָרט בראָט מען יידן!״

דער זייגער ווייזט 12 ביינאַכט. איך גיי אַוועק צום וואָקזאַל און מיך אַרט נישט, וואָס כ׳זע אַזוי פיל זשאַנדאַרמעריע, זעלנער און פּאָליציי. זיי היטן גוט

דעם וואָקזאַל און די וועגן. אַלע מאָל קומט אָן אַן עשעלאָן מיט מיליטער און אַמוניציע. צום גליק, ווערן די דאָקומענטן נישט קאָנטראָלירט. איך דריי זיך אַרום אַ גאַנצע נאַכט אויפֿן וואָקזאַל, וואַרטנדיק אויף אַ באַן, וואָס פֿאָרט אויף אַ ווייטער שטרעקע. איך וויל נישט זיין נאָענט פֿון פּאַלעניץ.

פֿאַרטאָג געלונגט מיר איינצושטייגן אין דעם צוג, וואָס פֿאָרט קיין לעמבערג. איך פֿרעג ביי די פּאַסאַ־זשירן צי זיי ווייסן נישט עפּעס וועגן אַן אַרבעט פֿאַר אַן איינזאַמער פֿרוי. איך פֿיל, אַז אין אַזאַ נאָכפֿרעגן זיך אין וואַגאָן, זענען פֿאַראַן גרויסע געפֿאַרן, אָבער דער מוח אַרבעט נישט ווי געהעריק.

אינמיטן טאָג זענען מיר אָנגעקומען אויף דער סטאַ־ציע בעלזשעץ. פֿון דער ווייטנס זעט מען געדיכטע רויך־קנוילן, וואָס זעצן פֿון קוימענס. אַ מאָדנער ריח דער־טראָגט זיך צו אַלעמענס נאָזלעכער. איין פּאָליאַק רופֿט זיך אָן גלייכגילטיק:

— טאַם סמאַזשאָן זשידווו... (דאָרט בראָט מען יידן).

דער צוג נעמט אויף נייע פּאַסאַזשירן און דערנענ־טערט זיך איצט צו לעמבערג. 30 קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, ווערט דער צוג אָפּגעשטעלט און געסטאַפּאָ קאָנטראָלירט אַלעמענס דאָקומענטן. די וואָס אַרבעטן פֿאַרן דייטשישן מיליטער, באַאַמטע און אַלטע לייט — לאָזט מען איבער אין די וואַגאָנען. דאָקעגן די יינגערע מענטשן ווערן אַלע פֿאַרהאַלטן. מען ווייסט שוין פֿאַר וואָס. זיי וועלן אַוועקגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד אויף צוואַנגס־אַרבעט. איך געפֿין זיך צווישן די פֿאַר־האַלטענע...

5 וואָכן צייט האָט מען אונדז געשלעפּט איבער פֿאַר־שידענע ע״טער אין פּוילן, ביז מען האָט אָנגעזאַמלט עטלעכע טויזנט מענטשן זיי אַוועק צו שיקן קיין דיי־טשלאַנד. פֿאַר דער צייט האָב איך נישט איין מאָל געזען דעם טויט פֿאַר די אויגן. דער קאָנצענטראַציע־פּונקט פֿון אַלע פֿאַרהאַלטענע פּאָליאַקן, וואָס דאַרפֿן אַוועקגעשיקט ווערן, איז איצט לובלין, די שטאָט פֿונעם טויטן־לאַגער מיידאַנעק. דאָרט האָט מיך דערקענט אַ באַקאַנטע קריסטין — און כ׳האָב געמיינט, אַז איצט נעמט אַ סוף צו מיין לעבן. צום גליק, האָט מען זי ערגעץ אַוועקגענומען, ווייל זי האָט געהאַט מיט זיך אַ קינד — און דער באַפֿעל איז געווען, אָפּצוטיילן די איינזאַמע פֿרויען פֿון די, וואָס האָבן מיט זיך קינדער. מען אָרדנט אונדז איין אין באַראַקן. מיין שכנטע אויף דער פּריטשע איז אַ געוויסע יאַנקאָ פֿון זאַמאָשטש. זי באַקומט שפּעטער הויכע היץ און מען לאָזט זי איבער.

8 טעג האָט געדויערט די סעלעקציע, ביז דער גרויסער טראַנספּאָרט האָט אַרויסגערירט פֿון לובלין. נאָך עטלעכע טעג פֿאָרן, זענען מיר אָנגעקומען קיין האַנאָווער, פֿון וואַנען מ׳האָט אונדז דערנאָך איבער־געשיקט אין דער גרויסער אַמוניציע־פֿאַבריק ביי בראַונשווייג. איך הייב אָן אַרבעטן אין דער באַמ־בען־אָפּטיילונג אונטערן נאָמען וולאַדיסלאַווא, נומער 258...

## די מעדעם־סאַנאַטאָריע האָט געהאָלפֿן דעם פּאַלעניצער געטאָ

מיינע זכרונות פֿון יענער פֿינצטערער תקופֿה, וויל איך פֿאַרענדיקן מיטן איבערגעבן אייניקע פֿאַקטן פֿון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע.

מיטן אומקום פֿון פּאַלעניצער יידנטום, זענען דורך די דייטשע רוצחים אויך אומגעבראַכט געוואָרן די קינדער פֿון דער וועלט־באַרימטער מעדעם־סאַנאַטאָ־ריע אין מיעדזעשין. זיי האָבן געטיילט דעם טראַגישן גורל פֿון די זעקס מיליאָן פֿאַרטיליקטע אייראָפּעישע יידן.

מיר געדענקען גוט די סאַנאַטאָריע, וואָס אירע גע־ביידעס זענען געשטאַנען אויף די זאַמדיקע בערגלעך, צווישן געדיכטע סאָסנע־וועלדער. דאָרט האָבן באַקו־מען בילדונג, דערציאונג און דערהאַלונג הונדערטער קינדער פֿון דער יידישער אַרבעטער־אָרעמקייט אין וואַרשע און פֿון אַנדערע ערטער אין פּוילן. די סאַנאַ־טאָריע איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פֿון די פֿאָנדן, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן אין פּוילן און אין דער גרויסער יידישער וועלט. אַ הויך־קוואַליפֿיצירטער לערער־פּער־סאָנאַל האָט דערצויגן דאָרט קינדער פֿון דער פֿרעבל־שול ביזן עלטער פֿון 17 יאָר.

אין דער טראַגישער תקופֿה פֿון געטאָ, כל זמן די מעדעם־סאַנאַטאָריע האָט נאָך אין יענע שווערע באַ־דינגונגען געפֿירט איר זעלבשטענדיק לעבן, האָבן די־קינדער און די דערציערס אַריינגעבראַכט אַ ביסל פֿרייד מיט זייערע פֿאָרשטעלונגען און דער עיקר — מיט דער מעדיצינישער הילף פֿאַר דער לייַדנדיקער באַפֿעלקערונג.

קיין מעדיקאַמענטן האָט מען אין געטאָ נישט גע־טאָרט אַריינפֿירן און פֿאַרקויפֿן. די וואָס פֿלעגן פּרו־בירן פֿאַרלאָזן די שטעטלדראָטן, כדי אויסצוזוכן אַ

רעצעפּט פאַר אַ קראַנק קינד, צי פאַר אַ ליידנדיקן פאָטער — האָבן ריזיקירט מיטן לעבן און אַ סך האָבן דערפאַר טאַקע באַצאָלט מיטן לעבן. מען האָט זיי דערשאָסן אָדער אויפגעהאָנגען פאַר אַלעמענס אויגן, צווינגענדיק די יידן צו זיין אַנוועזנדיק ביי דער עקזע־קוציע. אויף אַזאַ אופן זענען אומגעקומען פיל איינ־וווינער פון געטאָ, צווישן זיי — די טאַכטער פון לאַנג־יאָריקן פאַלעניצער איינוווינער וואַרקמאַן.

צוליב דעם גרויסן הונגער, ענגשאַפט און אַנטי־סאַ־ניטאַרע באַדינגונגען, זענען כמעט אין יעדער שטוב אין געטאָ געווען קראַנקע. אויף דער איניציאַטיוו פון עטלעכע געזעלשאַפטלעכע טוערס, איז באַשלאָסן גע־וואָרן צו שאַפן אַ שפּיטאָל. דער אייגנטימער פון גרויסן האָטעל־פענסיאָן „זאַכענטאַ", משה סרעברניק, האָט פאַרן שפּיטאָל געשאָנקען די בעטלעך פון זיין פענסיאָנאַט. די טיפוס־קראַנקע זענען מיט גרויס אַפּפערוויליקייט באַדינט געוואָרן דורך אַ טייל פונעם פערסאָנאַל פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, פון פריי־וויליקע שוועסטערס און באַדינערס פון דער באַפעל־קערונג, פון די דאָקטוירים, בראש מיט ד״ר פאַרבערנט, וועלכער האָט צופעליק זיך געפונען אין געטאָ.

אין שפּיטאָל האָבן יעדן טאָג זיך געפונען אַרום 70 קראַנקע.

פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע האָט מען פון צייט צו צייט באַזאָרגט פּראָדוקטן פאַר די סאַמע נויטבאַ־דערפטיקע אין געטאָ. אין יענע פינצטערע צייטן, איז די סאַנאַטאָריע געווען דער איינציקער ליכטיקער פונקט פאַר די דערשלאָגענע און געדרודפטע יידן.

די 150 קינדער, וואָס האָבן זיך דאַן געפונען אין אינטערנאַט, זענען צוזאַמען מיט זייער פּאַרזאָלטערין, פרוי נייוער, אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

פרוי נייוער איז געווען די אייגנטימערין פונעם טאַר־טאַק אין פאַלעניץ. דאָס דאָזיקע אָרט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרבעטס־פּלאַץ פאַר אַ טייל געטאָ־איינוווינער, נאָר אין די סאַמע שווערסטע קאַטאַרגע־באַדינגונגען. דאָס אָרט, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געדינט אַלס הכשרה־פונקט פאַר צענדליקער חלוצים, וואָס האָבן זיך געגרייט צו אַן אַרבעטער־לעבן אין ארץ־ישראל, איז בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַ־ציע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גהינום פאַר די פאַלע־ניצער יידן און שפּעטער — אַלס ברודער־קבר. בעתן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָט מען די פאַ־לעניצער יידן צונויפגעטריבן אויפן שטח פון טאַר־טאַק און דאָרט דערשאָסן.

כבוד זייער ליכטיקן אָנדענק!

# א יידישע קהילה איז חרוב געוואָרן

הערש גאָלדשטיין
חיפה

נאָך מיין חתונה אין יאָר 1932, האָב איך ביי יוסף שאַרפשעכטער אָפּגעקויפט אַ געשעפט פון בוי־מאַ־טעריאַלן, נעבן דער באַן־סטאַציע. דאָס געשעפט האָט זייער גוט פּראָספּערירט, אַז מיט דער צייט האָט עס זיך געניטיקט אין אַ ספּעציעלן באַן־אָפּלענק (באַטש־ניצע).

ביים אויסברוך פון קריג אין יאָר 1939, איז מיין פאַמיליע שוין באַשטאַנען פון 4 פּערזאָן: איך, מיין פרוי און צוויי קינדער: אַ יינגעלע פון 4 יאָר און אַ מיידעלע פון 1 יאָר. אַלס אונטעראָפיציר אין רעזערוו (פּאָדפּאָרוטשניק) פון אַרטילעריע, האָט מען מיך מאָ־ביליזירט דעם 24סטן אויגוסט 1939, 6 טעג פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה. מיין פאַמיליע איז דאַן אַריבער וווינען אין הויז פון מיין פאָטער אויף ניע־צאַלע 7, ווו ס׳האָט זיך אויך געפינען מיין שוועסטער ליובאַ מיט איר מאַן יצחק סאַפּירשטיין און זייער 5יאָריק יינגעלע ברוך. מיין דירה אויף דער קאָלעיאָווע גאַס איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן. מ׳האָט מיך איבערגע־שיקט אין מיין פאָלק פון לייכטער אַרטילעריע (18טער פ.א.ל), וואָס האָט סטאַציאָנירט אין לאָמזשע. דאָרט האָט מען מיך צוגעטיילט צו אַ באַטאַליאָן פון לייכטער אַרטילעריע, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי האַרמאַטן מיט קעסטלעך אַמוניציע, יעדער געשפּאַנט אין 6 פערד און 3 רייטפערד פאַר די אַרטילעריסטן (צוזאַמען — 27 פערד און אַ מאַנשאַפט פון 17 זעלנער, צווישן זיי — צוויי יידן). מ׳האָט אונדז אַרויסגעשיקט אין אַ דאָרף ביים טייך נאַרעוו, ווו ס׳איז געווען קאָנצענטרירט די גאַנצע 18טע דיוויזיע, וואָס איז באַשטאַנען פון 3

פּאָלקן פּיעכאָטע, 1 פּאָלק אַרטילעריע, 1 פּאָלק קאַוואַלעריע און 2 באַטאַליאָנען פון לייכטן מאַשינגעווער. די שטימונג ביי די אָפיצירן איז געווען אַ געהויבענע, זיי האָבן געגלויבט אין אַ שנעלן נצחון. דאָקעגן ביי דער זעלנער־מאַסע האָט זיך געפילט אַ דעפּרעסיע, זיי האָבן נישט געהאַט די זיכערקייט, אַז ס׳וועט טאַקע קומען צו אַ מלחמה, און אויב יאָ — אַז פּוילן וועט זיין די זיגערין.

## אויפן פראָנט

אין דער נאַכט פון 31סטן אויגוסט, האָבן מיר פאַרסירט דעם נאַרעוו, אין דער ריכטונג פון דער גרענעץ מיט דייטשלאַנד. פרייטיק אין דער פרי, דעם 1טן סעפּטעמבער, זענען מיר אַריבער די גרענעץ און אַריין אין קאַמף מיט דייטשע פאָרפּאָסטנס. מיין באַטאַליאָן האָט באַקומען אַ באַפעל צו באַשיסן אַ געוויסן פּונקט. אונדזערע אָבסערוואַציע־פּונקטן, וואָס האָבן דורכן טעלעפאָן געריכטעט מיטן פייער, האָבן מיט פרייד מיטגעטיילט, אַז די דייטשן טרעטן אָפּ. מיר האָבן זיך גערוקט אין דער טיף פון מזרח־פּרייסן. נאָר דאָ האָבן מיר פּלוצעם פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט אונדזערע אָבסערוואַציע־פּונקטן. ווען כ׳האָב באַקומען אַ באַפעל צוריק צו שטעלן דעם איבערגעריסענעם קאָנטאַקט, האָב איך די קאָמענדע איבערגעגעבן מיין פאַרטרעטער, דעם סערזשאַנט זשעלינסקי, און אַליין זיך געלאָזט רייטן פאָרויס. כ׳האָב זיך שנעל איבערצייגט, אַז צוליבן לייכטן נצחון, האָבן די זעלנער פון די אָבסערוואַציע־פּונקטן פּשוט פאַרלוירן די קעפּ... אויך זיי האָבן זיך גערוקט פאָרויס, נישט זאָרגנדיק וועגן אַנדערע.

אַזוי רייטנדיק, בין איך אין אוונט אָנגעקומען אין אַ דייטשיש דאָרף, 16 קילאָמעטער טיף אויף דער מזרח־פּרייסישער טעריטאָריע, נישט ווייט פון קעניגסבערג — און דאָרט גענעכטיקט. גאַנץ פרי איז מיר געלונגען צו געפינען די מאַנשאַפטן פון די אָבסערוואַציע־פּונקטן. כ׳האָב איינגעשטעלט די פאַרבינדונג און צוריק אַוועק אין מיין באַטאַליאָן.

דעם 2טן סעפּטעמבער, אַרום 10 אַ זייגער אין דער פרי, האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל צו עפענען אַ פייער אויף ביידע פלאַנקן, ווייל די דייטשן, וועלכע האָבן אונדז געהאַט אַריינגענאַרט אויף זייער טעריטאָריע האָבן אָנגעהויבן אַ מערדערישן אָנגריף, כדי אונדז אַרומרינגלען און פאַרניכטן. נאָך 3 טעג פאַרביטערטע שלאַכטן, האָבן מיר אויפגעהערט צו עקזיסטירן אַלס אָרגאַניזירטער מיליטערישער כוח, פאַרלירנדיק טויזנטער זעלנער — געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. צווישן זיי — אויך איינעם פון די צוויי ייִדן אין מיין באַטאַליאָן: פרידמאַן פון ראַדאָמסק. מיר האָבן נאָך באַוויזן צו באַקומען דעם לעצטן באַפעל: צוריק ציען זיך און ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך. כ׳בין דעמאָלט לייכט פאַרוואונדעט געוואָרן פון אַ שראַפּנעל־שפּליטער אין פוס, נאָר אַ דאַנק מיין רייטפּערד, איז מיר געלונגען זיך אָפּצוטראָגן און נישט אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. אין אָנהייב האָבן מיר נאָך געפּרוווט אָפּטרעטן אין אָרדענונג, פון צייט צו צייט זיך קאָנצענטרירט אין די וועלדלעך, כדי צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. אָבער יעדעס מאָל זענען די דייטשן דערשינען פון די פלאַנקן, אָדער גאָר הינטער אונדז — און דער ריקצוג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ כאַאָטיש אַנטלויפן. איבערהויפּט, ווען מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז לאָמזשע, אונדזער באַזע, איז שוין פאַרנומען דורך די היטלעראָווצעס. איצט האָט יעדער געקלערט וועגן זיך, מ׳האָט געוואָרפן דאָס געווער און איינציקווייז דורך פעלדער און וועלדער — זיך געלאָזט אַהיים.

אַ דאַנק מיין רייטפּערד, איז מיר אין די נעכט געלונגען זיך אַדורכצוגנבענען דורך די דייטשע פּאָסטנס. קומענדיק אין אַ דאָרף, האָב איך זיך דערפילט מוראדיק שלעכט. טראָץ דער געפאַר וואָס האָט געדראָט, האָב איך אָנגעקלאַפּט ביי אַ פּויער און זיך ביי אים איינגעבעטן ער זאָל מיך לאָזן אָפּרוען, ביז מיין פוס וועט זיך פאַרהיילן. פאַרן פּרייז פון דעם רייטפּערד, מיין אָפיצירן־מונדיר און כמעט נייע שטיוול — האָט ער מיך געהאַלטן גאַנצע 10 טעג. ר׳האָט אויך געבראַכט אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט אָפּגעראַטעוועט מיין פוס. אַז כ׳האָב זיך דערפילט בעסער, האָב איך אָנגעטאָן דעם פּויערס אַן אַלט רעקל, אַ פּאָר צעריסענע הויזן און שיך און אַוועק צוריק אַהיים, קיין פּאַלעניץ.

אויף די וועגן האָב איך געטראָפן אַ מאַסע פּליטים, וואָס זענען פריער אַנטלאָפן פון די דייטשן. איצט האָבן זיי זיך צוריק געקערט אַהיים. אַז כ׳האָב דערזען דייטשע זעלנער, האָב איך מיט מיין שטעקן גענומען טרייבן די קי — און זיי האָבן מיך אָנגענומען פאַר אַ פּאַסטעך. אַזוי בין איך אין משך פון אַ דריי־וואָכעדיקער וואַנדערונג, נאָכן דורכגיין צופוס אַן ערך 400 קילאָמעטער, אָנגעקומען קיין פּאַלעניץ נאָך די יום־טובים.

## צוריק אין פּאַלעניץ

ערשט איצט האָב איך דערזען דעם גרויסן חורבן: דער גאַנצער יידישער קוואַרטאַל, וואָס איז באַשטאַנען פון די גאַסן האַנדלאָווע, אָגראָדאָווע און עטלעכע זייטיקע געסלעך, און אונטערגעצונדן געוואָרן דורך די דייטשן, שוין נאָך דעם ווי די יידישע באַפעלקערונג איז טיילווייז אַנטלאָפן. מיט עכט דייטשער פּינקטלעכקייט און סיסטעמאַטישקייט, האָבן זיי אונטערגעצונדן הויז נאָך הויז, וואָס זענען שנעל אַוועק מיטן פייער, ווייל דאָס זענען געווען האָלץ־געביידעס.

מיין פרוי און קינדער האָבן פאַרלאָזט דאָס ברענענדיקע שטעטל און זיך אויפגעהאַלטן ביי אירס אַ מומע פיינער, אין שווידער, 6 קילאָמעטער פון פּאַלעניץ. מיט גרויס מי האָב איך זיך דערשלעפּט קיין שווידער, אָנגעקלאַפּט אין טיר פון דער מומען. מיין פּוילישע דינסט, וואָס האָט ביי אונדז געאַרבעט שוין אַרום 6 יאָר, האָט מיך נישט דערקענט. זי האָט צוריק פאַרמאַכט די טיר און אַריינגעשריגן צו מיין פרוי, אַז עפּעס אַ בעטלער קלאַפּט... אינסטינקטיוו האָט מיין פרוי ווידער געעפנט די טיר. ערשט ווען מיין יינגעלע האָט זיך שאַרף און לאַנג איינגעקוקט אין מיר, האָט ער אויסגעשריען: „טאַטושו, טאַטושו!". איצט האָט אויך מיין פרוי מיך דערקענט, ספּאַזמאַטיש זיך צעוויינט און געפאַלן אין חלשות. מ'האָט איר געהאַט דערציילט, אַז כ'בין אומגעקומען אויפן פראָנט.

טראָץ דעם, וואָס די וווינונג אין שווידער איז געווען אַ גענוג גרויסע, פון 6 צימערן, האָט דאָך געהערשט אַן ענגשאַפט, ווייל ס'האָבן זיך דאָרט געפינען מיין פרויס יינגערע שוועסטער, מיין שוואָגער און נאָך אַ מומע מיט צוויי קינדער, אַמעריקאַנער בירגער, וואָס זייער פאָטער איז געשטאָרבן אין יאָר 1938 און נישט באַוויזן זיי אַראָפּצונעמען קיין ניו־יאָרק, ווי אויך — צוויי קריסטלעכע הויזדינערינס.

נאָך אַ 2 וואָכן זיך אויסרוען, ווען כ'האָב שוין צוריק באַקומען אַ מענטשלעכן אויסזען, האָב איך מיט מיין בני־בית און מיין פרויס משפחה זיך אומגעקערט אויף וועגענער קיין פּאַלעניץ, אין מיין הויז, וואָס איז צופעליק געבליבן גאַנץ, ווייל ס'האָט זיך געפונען אין פּוילישן קוואַרטאַל, אויף דער ווישלאַנע גאַס. מיר האָבן דאָ געטראָפן בלויזע ווענט. אַלע ווערטפולע זאַכן, מעבל און אָנטאָן, האָט מיין פרוי, נאָך ביים אויסברוך פון קריג, אַריבערגעפירט אין מיין פאָטערס הויז, וואָס איז אין גאַנצן פאַרברענט געוואָרן. אויך מיין גרויס געשעפט, צוזאַמען מיט די סקלאַדעס, זענען פאַרברענט געוואָרן. אַן איינציק פערד איז מיר פאַרבליבן אין דער געמויערטער שטאַל אויפן הויף, מיט וועלכן ס'האָט זיך פאַרנומען דער הויזוועכטער. וואָס דאָס פייער האָט נישט פאַרברענט, איז צעראַבירט געוואָרן. כ'בין געבליבן אַן אָרעמאַן, אַפילו נישט געהאַט קיין אָנצוג. ס'האָט זיך אויף מיר דערבאַרעמט אַן עוואַקואירטע וואַרשעווער משפחה, וואָס האָט זיך פריער אויפגעהאַלטן ביי מיין פאָטער אין הויז און מיר געשענקט אַן אָנצוג. אַזוי אַרום האָב איך זיך געקענט באַווייזן אין גאַס.

אויך אַנדערע יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן פאַרלאָזט פּאַלעניץ, האָבן צו ביסלעך גענומען זיך צוריקקערן און אַריינציען אין די צאָלרייכע צעוואָרפענע ווילעס, וואָס האָבן געדינט אַלס זומער־דאַטשעס פאַר די וואַרשעווער גבירים. מ'האָט דאַן אָנגעהויבן שלעפּן פון די פאַרברענטע הייזער פאַרשידענע פון פייער און רויך ניצול־געוואָרענע זאַכן. דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן. געווען אָבער גרויסע שוועריקייטן מיט חיונה, ווייל דער רוב פאַרמלחמהדיקע פּרנסות איז אָפּגעווישט געוואָרן און אויף צו שאַפן נייע, האָט מען געמוזט האָבן אַ סך געלט.

אויך דאָס געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע לעבן איז טיילווייז באַנייט געוואָרן. ס'האָבן זיך צוריק געעפנט די איינציקע שול צום דאַווענען און די פּיל־צאָליקע „שטיבלעך" פון פאַרשידענע חסידישע גרופּן. ס'האָבן אָנגעהויבן צו זיין טעטיק די תלמוד־תורה, שולן און קינדער־היימען, אויך די אין גאַנץ פּוילן באַרימטע מעדעם־סאַנאַטאָריע, וואָס האָט פאַרן קריג אויפגענומען בלויז וואַרשעווער קינדער פון אָרעמע אַרבעטער. דאָס מאָל האָט זי אויך אָנגעהויבן אַריינגעמען פּאַלעניצער קינדער.

פון טאָג צו טאָג איז אָבער די לאַגע געוואָרן ערגער. אַזוי האָט מען געלעבט אין שוידערלעכע באַדינגונגען ביז אין דער העלפט אויגוסט 1942, ווען די יידישע קהילה אין פּאַלעניץ איז אין גאַנצן חרוב געוואָרן, אירע איינוווינער זענען אויסגעזידלט געוואָרן קיין טרעבלינקע...

# טאגבוך פון וואנדער

דב ווענגעל
גבעת נשר (חיפה)

1טער סעפטעמבער 1939, פרייטיק

באַלד אין ערשטן טאָג פון מלחמה־אויסברוך, האָט אין פּאַלעניץ געהערשט אַ צעמישונג. איך האָב דעמאָלט געאַרבעט אין אַ פאַבריק פון סאָדע־וואַסער, ביי אַבֿיש לאַטאָוויצקי. יידן מיט צעשראָקענע פּנימער האָבן זיך אַרומגעדרייט אין שטעטל און איינער האָט געזוכט ביים צווייטן אַן עצה, אַ גוט וואָרט. ביינאַכט האָט אין שטעטל געהערשט אַ טויט־פינצטערניש. מיט אַ לאָמפּעטע אין האַנט איז הרב פינקעלשטיין אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער פון פרומע יידן און זיי גערופן צו גראָבן שוץ־גריבער. אויסער דעם איז די ערשטע וואָך פון קריג אַריבער אין פּאַלעניץ רואיק, אָן אינצידענטן.

7טער סעפטעמבער 1939, דאָנערשטיק

גאַנץ פרי. איך ליג נאָך אין בעט. מיין ברודער אברהם לויפט אַריין צו מיר מיט אַן אויסגעשריי: „דו שלאָפסט גאָר? די גאַנצע יוגנט פון שטעטל אַנטלויפט. דער דייטש געפינט זיך לעבן וואַרשע". כ'האָב זיך שנעל אָנגעטאָן און אַרויס אין גאַס, ווו ס'האָט זיך פאַר מיינע אויגן אַנטפּלעקט אַ שרעקלעך בילד: טויזנטער מענטשן זענען נאָר וואָס געהאַט אָנגעקומען מיט דער באַן פון וואַרשע — און צופוס זיך געלאָזט צום לובלינער שאָסיי, דורך פּאַלעניץ און וויאָנזאָוונע. די דאָזיקע וואַנדערונג פון וואַרשעווער, האָט גלייך משפיע געווען אויף דער פּאַלעניצער יידישער יוגנט. אין שטעטל איז אויסגעבראָכן אַ בהלה.

כ'בין צוריק אַריין אין שטוב מיטן ברודער. מיין מאַמע האָט שוין געהאַט געבראַכט עטלעכע זעמל. מיר האָבן שנעל אָפּגעגעסן, איינגעפּאַקט אין אַ פּעקל דאָס סאַמע נייטיקע — און זיך געזעגנט מיט אונדזער מוטער. איצט לויפן מיר שנעל צום נייעם באַזאַר, ווו דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך פאַרזאַמלט, כדי זיך געזעגענען מיט די אַוועקגייענדיקע. די געוויינען און געשרייען האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט. אַז מיר זענען אַרויס אויפן לובלינער שאָסיי, האָט ערשט דאָ זיך אַנטפּלעקט דער גאַנצער גרויל פון קריג. טויזנטער מענער, פרויען און קינדער, אַלטע לייט און קראַנקע, מיט פּעק, רוקזעק און אָן באַגאַזש, האָבן זיך געצויגן גרופּנווייז און באַזונדער איבערן פאַרשטויבטן און אויסגעטרוקנטן וועג.

די סעפּטעמבער־זון האָט נאָך שטאַרק געוואַרעמט, נאָר אויפן האַרץ איז געווען קאַלט און אומעטיק.

פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין גאַרוואָלין. כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז דאָ וווינען די עלטערן פון משה יומטוב. זענען מיר אַהין אַוועק און געטראָפן משהן מיט זיין בני־בית. מיר זענען פאַרבליבן דאָ נעכטיקן.

8טער סעפטעמבער 1939, פרייטיק

גאַנץ פרי לאָזט מען זיך ווידער אין וועג אַריין. פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין ריקע. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שוועל פון אַ געשלאָסן געשעפט. ווו צו גיין איז נישט געווען. אין שטעטל האָט געהערשט אַ רואיקייט. אַ פאַרבייגייענדיקער ייד, וועלכער איז געגאַנגען פון שול, האָט אויף אונדז רחמנות באַקומען און פאַרבעטן צו זיך אַהיים. מיר זענען געזעסן ביי אַ שבתדיקן טיש, אין אַ יידיש הויז, און געווען צופרידן פון דער גאַסטפריינטלעכקייט. דערנאָך האָט מען מיר און מיין ברודער אויסגעבעט אַ געלעגער און געהייסן זיך אויסרוען. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט דאָס פאַרגעניגן. אַרום 12 ביינאַכט האָבן דייטשע עראָפּלאַנען אָנגעהויבן באָמבאַרדירן ריקע. די הייזקעס האָבן זיך געשאָקלט ווי ביי אַן ערד־ציטערניש. מיר האָבן שוין אויסגעקוקט דעם טאָג, כדי ווייטער לויפן. מיר האָבן האַרציק באַדאַנקט דעם ייד — און אַוועק.

9טער סעפטעמבער 1939, שבת

אָפּגייענדיק אַ 10 קילאָמעטער, זענען אָנגעפלויגן עטלעכע „מעסער־שמידטס" און געוואָרפן באָמבעס, דערנאָך באַשאָסן מיט מאַשינגעווער פון די עראָפּלאַנען דעם מאַרשירנדיקן עולם. אויפן שאָסיי איז געוואָרן פינצטער פון דעם גרויסן שטויב. אַז די לופט־פיראַטן זענען אַוועקגעפלויגן — האָבן מיר דערזען דעם גרויסן חורבן און אומגליק, וואָס זיי האָבן געבראַכט אויף פרידלעכע פּליטים. צעשמעטערטע קערפּערס פון פרויען, מענער און קינדער, האָבן זיך געוואַלגערט אויפן פאַרבלוטיקטן שאָסיי. אונדזער גליק איז געווען, וואָס מיר האָבן באַוויזן צו אַרונטערצולויפן אונטער אַ בריקל און דאָרט אויסגעמיטן דעם טויט.

מיר האָבן באַשלאָסן נישט וואַנדערן בייטאָג, נאָר

אין די נעכט. מ׳האָט זיך אַוועקגעלייגט לעבן אַ סטאַ־דאָלע אָפּרוען און איבערוואַרטן, ביז עס וועט צופאַלן די נאַכט. אַז ס׳איז פינצטער געוואָרן, האָט מען זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין, אין דער ריכטונג קיין קאָוועל. אַרום 2 ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין קאָצק. אונדזער שטוינונג איז גרויס: אין אַלע שטובן איז ליכטיק, טיר און פענצטער — אָפן, נאָר מע זעט נישט קיין לעבעדיקן מענטש. פון אַ זייטיק געסל קומט אָן אַן עלטערער פּאָליאַק און פון אים דערוויסן מיר זיך, אַז בייטאָג, ווען די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט און באַשאָסן די פּליטים אויפן שאָסיי, האָבן זיי שוין אויך „אָפּגעשטעקט אַ וויזיט" אין שטעטל און דאָ געמאַכט אַ חורבן. פון דעם אָנפאַל איז אויך אומגעקומען דער רבי. פון פּחד און פּאַניק זענען אַלע אַנטלאָפן אין נאָענטן וואַלד.

10טער סעפּטעמבער 1939, זונטיק

ס׳האָט נישט קיין זין זיך אָפּצושטעלן אין קאָצק. מיר פאַרלאָזן דאָס שטעטל און דערנענטערן זיך צו אַ וואַלד. עס דערטראָגן זיך פון דאָרט רייד פון יידן. אַ טייל פון זיי האָבן אַפילו אָנגעהויבן זיך אומקערן קיין קאָצק. פּלוצעם איז איין פרוי צו מיר צו און געוואָלט מיך קושן, שרייענדיק דערביי „מיין ליבער ברודער", „מיין טייערער ברודער". כ׳האָב זי דעליקאַט אָפּגעשטויסן, ווייל די פרוי איז מיר געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט. זי האָט געשריגן, אַז כ׳וויל זיך נישט געבן צו דער־קענען, כ׳פאַרלייקן מיין קרובהשאַפט צו איר. נישט אַנדערש, אַז די פרוי איז דערשיטערט געוואָרן פון דער באָמבאַרדירונג און ווער ווייסט — אפשר האָט זי דערביי פאַרלוירן איר ברודער... איך נעם געלאָסן אַרויס מיין דאָקומענט און ווייז דער פרוי ווער איך בין. זי באַרואיקט זיך — און גייט אַוועק.

דער וואַנדער־וועג הייבט זיך ווידער אָן. אין אַ דאָרף האָט אַ פּויער באַוויליקט אונדז אַריינצולאָזן אין אַ סטאַדאָלע. ערשט פאַרנאַכט פאַרלאָזט מען דאָס דאָרף. מע שפּאַנט שוין נישט אויפן הויפּט־שאָסיי, נאָר אויף זייטיקע, זאַמדיקע וועגן און שטעגן. דער הויפּט־שאָסיי איז נישט נאָר געווען אַ ציל־פּונקט פאַר דער דייטשער אַוויאַציע, נאָר אין די אַלע ישובים אַרום דעם שאָסיי איז שווער געווען צו באַקומען אַ שטיקל ברויט.

אַ סך גיין האָבן מיר נישט באַוויזן. מיר הערן היג־טער זיך אַ גערויש. אַ גאַנצע כאַפּטע יונגע פּויערים יאָגן זיך נאָך אונדז און רופן מיר זאָלן זיך אומקערן.

מיר שטעלן זיך אָפּ. זיי קומען צו און דערקלערן, אַז דער סאָלטיס האָט געהייסן אונדז פאַרהאַלטן און ברענ־גען צו זיך. אין דאָרף וועט מען שוין זאָגן צוליב וואָס. דער סאָלטיס האָט אונדז דערקלערט, אַז מיר זענען פאַרדעכטיקט אין שפּיאָנאַזש. די פּוילישע דאָקומענטן און אונדזערע דערקלערונגען האָב אים דאָך איבער־צייגט — און מיר זענען ווידער פריי.

אָפּגעגאַנגען עטלעכע קילאָמעטער, מ׳איז ווידער דאָ לעבן אַ וואַלד. דאָ צעטיילן זיך דריי וועגן. מיט וועלכן וועג זיך לאָזן ווייטער? מע זעצט זיך אַוועק אויף אַ גרויסן שטיין. עס פאָרט אָן אַ פור געשפּאַנט אין איין פערד, אויף וועלכער עס געפינט זיך אַ פּוילישע פאַ־מיליע. מיר פרעגן ווו זיי פאָרן? „אין שטעטל פּזשעד־באָזש". מיר ווילן באַצאָלן זיי זאָלן אונדז אויפנעמען — נאָר דער ענטפער איז, אַז דאָס פערד איז שוואַך און מיד. אָנהאַלטנדיק זיך אָן דער פור, זענען מיר פאַרטאָג אָנגעקומען אין שטעטל.

11טער סעפּטעמבער 1939, מאָנטיק

מידע און צעבראָכענע האָבן מיר געזוכט אַ יידישע שטוב און געטראָפן אַ...בעקעריי. פריש ברויט איז געלעגן אויף די לאַנגע ברעטער. מיר בעטן דערלויבן זיך אַנוואָרעמען און קויפן אַ ברייטל. דער בעקער זאָגט, אַז דאָס ברויט איז באַשטימט נאָר פאַר די איינוווינער פון שטעטל. ער פאַרקויפט נישט קיין פרעמדע. מיין ברודער האָט אַ כאַפּ געגעבן צוויי ברייטלעך און גע־פרעגט דעם בעקער וויפל דאַרף ער באַצאָלן. דער ייד האָט געזען, אַז אַליין וועט ער גאָרנישט אויפטאָן קעגן צוויי יונגעלייט — און מסכים געווען צו נעמען דעם באַטראַף.

אויפן גאַס האָט אונדז אַ ייד דערציילט, אַז נעכטן, זונטיק ווען די פּאָליאַקן זענען געווען פאַרזאַמלט אין קלויסטער, איז דאָרט געפאַלן אַ באָמבע און דערהרגעט אַ סך מענטשן. אין שטעטל איז אַ גרויסע צעמישונג. מיר פאַרשטייען, אַז אָפּשטעלן זיך דאָ האָט נישט קיין זין. די מערדערישע עראָפּלאַנען גרייכן אומעטום, נישט שוינענדיק אַפילו קליינע ישובים און די פרידלעכע באַפעלקערונג. מיר זענען שוין ווידער אין אַ וואַלד. נישט ווייט פון אונדז דערזעט מען אַ ציגיינער־לאַגער. מע לייגט זיך שלאָפן אונטער אַ בוים. אויפגעכאַפּט זיך — און די ברייטלעך זענען נישטאָ... אין נאָענטסטן דאָרף האָט מען אונדז אָנגעוויזן אויף אַ דאָרטיקן ייד, וועלכער האָט אונדז אויפגענומען מיט צוויי טעלער

וואַרעמע זופּ און אַפילו פאַרבעטן צו נעכטיקן. ביי דעם ייד האָט אַ גאַנצן טאָג זיך געקאָכט אַ קעסל מיט זופּ און יעדן פּליט האָט ער אויפגענומען מיט אַ לעפל געקעכטס — אָן באַלוינונג.

נאָר בלייבן ביי דעם גאַסטפריינטלעכן ייד ווילט זיך נישט. מע לויפט פון דייטש, און נאָך מער — פון זיינע באָמבעס. פאַר־נאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין ראַווע־רוסקע, אַ שטאָט, וווּ מע האָט נישט געפילט די מלחמה. אין אַ ידישער קרעטשמע האָט מען אָפּגעגעסן און זיך אַוועקגעלייגט אויף פריש שטרוי אין סטאָדאָלע. וואָס וועט ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג?

12טער סעפּטעמבער 1939, דינסט־ק

פאַרטאָג האָבן מיר אין ראַווע־רוסקע געטראָפן עטלעכע וואַרשעווער יוגנטלעכע, וועלכע האָבן אויפן וועג זיך געקויפט פערד־און־וואָגן, אַרויפגעלייגט זייערע פעקלעך און אַליין איז מען געגאַנגען צופוס. דער קרעטשמער עצהט אונדז גיין אין דערבייאיקן דאָרף, וווּ עס וווינען עטלעכע יידן. היות מאָרגן איז ערב ראש־השנה און די דאָרפס־יידן וועלן זיך נייטיקן אין אַ מנין, איז פאַר אונדז גלייכער דאָרט צו בלייבן אַפילו איבער די יומטובים. דער פּלאַן איז אונדז גראָד געפעלן און צוזאַמען מיט די וואַרשעווער חברה איז מען אַוועק אין דאָרף, וואָס איז געלעגן אויפן וועג פּשעדבאָזש—ראַווע־רוסקע. פאַרנאַכט איז מען אַהין אָנגעקומען און די אָרטיקע יידן האָבן זיך טאַקע דערפרייט. איין ייד האָט נאָר באַדויערט וואָס דער שוחט איז שוין אַוועק (ער איז נישט קיין אָרטיקער) — און מיר וועלן מוזן עסן מילכיקס אין יומטוב. דערווייל האָט מען אָפּגעדאַוונט מעריב, מיין ברודער האָט געהייסן אויסקאָכן אַ סך אייער. „אין דאָרף וועט מען נישט הונגערן, דערצו נאָך ביי גוטע יידן...״

מידע פון אַ גאַנצן טאָג גיין, זענען מיר שנעל איינגעשלאָפן אין סטאָדאָלע. נישט באַשערט געווען לאַנג צו רוען. מיין ברודער וועקט מיך האַסטיק און שרייט: „וואָס שלאָפסטו? מיר מוזן שוין אַנטלויפן. דער דייטש געפינט זיך אין פּשעדבאָזש״. מיר לויפן ווידער, דאָס מאָל — צוזאַמען מיטן דאָרפס־ייד. דער ציל — ראַווע־רוסקע.

13טער סעפּטעמבער 1939, מיטוואָך.

ערב ראש־השנה זענען מיר אַריין אין שטאָט, וואָס איז איצט נישט געווען צום דערקענען. אומעטום האָט מען געזען זייער אַ סך זעלנער פון צוריקטרעטנדיקן פּוילישן מיליטער. די בעקערייען זענען געווען רעקווויזירט פאַר דער אַרמיי. וועגן קויפן זיך עסן איז נישט געווען וואָס צו קלערן. מע דאַרף אַנטלויפן — אָבער אָן אַ שטיקל ברויט טאָר מען זיך נישט לאָזן אין וועג אַריין. אין אַ זייטיק געסל זעען מיר ווי ביי אַן אויוון שטייט אַ פרוי און באַקט חלות מיט פּלעצלעך. מיר בעטן ביי איר עסן — און זי דערלאַנגט אונדז הייסע קאַווע מיט פּלעצלעך. זי וויל נישט נעמען דערפאַר קיין געלט. מונטערע זענען מיר אַרויס פון שטאָט, נאָר די בריק איז געווען באַשטעלט פון פּויליש מיליטער. זיי לאָזן נישט קיין ציווילן אַדורכגיין. די פּליטים בעטן זיך אַ דערלויבעניש — נאָר מע לאָזט נישט. עטלעכע גייען אַריין אין וואַסער — און דער גאַנצער עולם נאָך זיי. ציטערנדיקע פון קעלט, נאַסע און מידע, איז מען קוים אַרויס אויפן צווייטן ברעג. די עטלעכע פּלעצלעך, וואָס די גוטהאַרציקע פרוי האָט געגעבן אויפן וועג, האָבן אין קעשענע זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּאַפּקע... מיין ברודער וואַרפט זיי אַוועק, נאָר איך הייב זיי צוריק אויף. אין מלחמה־צייט טאָר מען זיך נישט וואַרפן מיט ברויט.

מיר גייען ווייטער. אויפן וועג באַגעגענען מיר די צוויי שותפים פון פאַלעניצער טאַרטאַק — קורץ און נייוער. זיי זענען געפאָרן אויף אַ וואָגן. ערשט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף און געטראָפן אין איין כאַטע אַלע דאָרפס־יידן, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט צום דאַוונען. ס׳איז דאָך געווען ראש־השנה ביינאַכט. פאַר דער טיר איז געשטאַנען אַ יידישע און אַן אוקראַינישע פרוי. מיר האָבן דער יידישער פרוי געווינטשן אַ גוט יאָר און געבעטן זי זאָל אונדז פאַרקויפן אַ שטיקל ברויט. „נישטאָ״ — ענטפערט זי. „און זויערמילך?״ — פרעגן מיר. „אויך נישט״. רופט זיך אָן די אוקראַינערין: „ווי קענסטו זיין אַזוי שלעכט צו דיינע ברידער?״ די ידענע האָט זיך געלאָזט איבעררידן און אַריין אין שטוב צו ברענגען זויערמילך. מיין ברודער איז אומבאַמערקט אַריין מיט איר אינעווייניק און דערזען אויפן טיש ליגן ברויט. ער האָט גענומען אַ ברייטל און געוואָלט דער פרוי באַצאָלן. זי האָט נישט געוואָלט דערפון הערן. אָנגעשריגן, געכעסט זיך — און מיר זענען מיטן ברייטל אַוועק אין ווייטערדיקן וועג.

נאָכן מאַרשירן אַ גאַנצע נאַכט, זענען מיר פאַרטאָג אַריינגעקומען אין אַ דאָרף. ווו רוט מען זיך אָפּ?

14טער סעפטעמבער 1939, ערשטער טאָג ראש־השנה

אין עק דאָרף האָבן מיר דערזען אַ כאַטע און אַ שאָפּע מיט אַן אָפּן בוידעם־טירל. נישט לאַנג געקלערט, זענען מיר אויף דער ליטער, וואָס איז דאָרט געווען צוגעשטעלט, אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם און זיך געלייגט שלאָפן. עס האָט שוין געמוזט זיין שפּעטער טאָג, ווען מ'האָט זיך איבערגעוועקט. מיר ווילן אַראָפּגיין פון בוידעם, נאָר מיר דערזען אויפן הויף דעם פּויער מיט אַ גרויסן הונט. וואַרטן לענגער טאָר מען נישט, אָבער אַנטדעקן אונדזער אַנוועזנהייט — איז אויך געפערלעך. דער פּויער וועט אונדז אוודאי אָננעמען פאַר גנבים. פונדעסטוועגן האָב איך ריזיקירט, אַ רוף געגעבן דעם פּויער און פון דער הייך דערציילט אונדזער געשיכטע. ער האָט אונדז געגלייבט און באַפוילן אַראָפּצוגיין. מיט דאַנק האָבן מיר פאַרלאָזט זיין הויף.

אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האָבן מיר געטראָפן אַ ייד מיטן טלית־זעקל אונטערן אָרעם. ער האָט געוווינט אין דאָרף און זיך איצט אומגעקערט פון דער יומטובדיקער תפילה. מיר האָבן אים געווינטשן אַ גוט יאָר און — געבעטן עסן. דער ייד זאָגט, אַז ער קען אונדז העלפן בלויז מיט עטלעכע מייערן. זאָל זיין מייערן. ער איז אַראָפּ אין קעלער און אונדז געבראַכט אַ ביסל מייערן.

ווידער זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אָבער מיין ברודער לייגט זיך מיט אַמאָל אַוועק אין מיטן פעלד — ער גייט נישט ווייטער, די פיס טראָגן נישט מער. אַ פאַרצווייפלטער האָב איך זיך געלאָזט לויפן אין נאָענטסטן דאָרף, געזוכט הילף, נאָר פריער פאַר אַלעמען — אַ שטיקל ברויט. מיר איז געלונגען צו קויפן אַ האַלב ברויט און מיט דעם אוצר לויף איך צוריק אין פעלד. מיין ברודער דערכאַפּט זיך דאָס האַרץ — און די פיס ווערן לייכטער צום גיין. מיר געפינען זיך שוין אין אַ דאָרף, גראָד צווישן יידן. איינער פון זיי דערלויבט אונדז איבערצונעכטיקן.

15טער סעפטעמבער, צווייטער טאָג ראש־השנה

צומאָרגנס האָט אונדז דער ייד מיטגענומען דאַווענען. ביי מוסף איז מיר נישט גוט געוואָרן און כ'האָב אין שולעכל געחלשט. מ'האָט מיך אַהיימגעטראָגן צו דעם ייד — און מיר זענען שוין דאָ געבליבן איבער שבת.

17טער סעפטעמבער 1939, זונטיק

אין דער פרי האָבן מיר זיך געזעגנט מיט דעם דאָרפס־ייד און האַרציק באַדאַנקט פאַר זיין הכנסת־אורחים. אין צווייטן דאָרף האָבן מיר באַגעגנט אַ יידישע פרוי, אַן אלמנה. ווי דער שטייגער, האָט מען געבעטן ביי איר עסן. זי האָט אָפּגעזאָגט, נאָר אָנגעוויזן אויף דער שטוב פון אַ צווייטן ייד, וועלכער האָט אונדז טאַקע אויפגענומען מיט ברויט און זויערמילך. דער ייד האָט דערציילט, אַז די פרוי, וואָס האָט אונדז אָפּגעזאָגט צו העלפן, טוט עס דערפאַר, ווייל זי וויל נישט, אַז די פּויערים אין דאָרף זאָלן וויסן, אַז אייגנטלעך איז זי די איינציקע, וואָס זאָרגט פאַר די פּליטים. דאָס וואָס מיר עסן — שטאַמט פון איר טיש.

צופרידענע פון דער אויפנאַמע און פון אַ גוט וואָרט, זענען מיר אַוועק אין דער ריכטונג פון שטעטל דווינסק. אַהער זענען מיר אָנגעקומען פאַרנאַכט. אויך דאָ איז פול געווען מיט פוילישע מיליטער און פּליטים. צווישן זיי — אַ פאַלעניצער ייד, וועמען מ'האָט גערופן „דער ליטוואַק". ער האָט געהאַט אַ שפּייז־געוועלב אויפן נייעם באַזאַר.

מיר האָבן באַשלאָסן דערווייל אָפּצושטעלן אונדזער מאַרשרוט. עטלעכע טעג זיך אָפּרוען אין שטעטל ביי אַ יידישער פאַמיליע.

21סטער סעפטעמבער 1939, דאָנערשטיק

אין שטאָט פאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען, אַז דאָס פּוילישע מיליטער גרייט זיך צו פאַרלאָזן דאָס אָרט, נאָר זיי ווילן אַלץ אונטערצינדן, גאַרנישט לאָזן פאַר דער רויטער אַרמיי, וועלכע איז מיט פיר טעג צוריק אַריין קיין מערב־אוקראַינע און מערב־ווייסרוסלאַנד. פאַרנאַכט האָבן טאַקע די פּאָליאַקן פאַרלאָזט דווינסק — אָבער אָן פּאַגראָמען און אונטערצינדונגען.

22סטער סעפטעמבער, פרייטיק

איצט ווייסן מיר שוין גענוי, אַז די רוסן געפינען זיך 60 קילאָמעטער ווייט פון דאַנען, אין דער שטאָט קאָברין. לענגער וואַרטן האָט מיין ברודער נישט געוואָלט. מיר לאָזן זיך קיין קאָברין. 3 בייטאָג איז מען אָנגעקומען אין שטאָט, ווו ס'האָט געהערשט די רויטע אַרמיי. קיין מאַנגל אין שפּייז איז נישט געווען. מיר האָבן זיך געקויפט ברויט און פּרוכטן — פאַר פוילישע געלט. גוט אָפּגעגעסן, ווי מע זאָגט — פאַר אַלע צייטן, האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין אין מקווה זיך גוט אַרומוואַשן (אויך פאַר אַלע צייטן...). נאָר אין מקווה בין איך אַוועקגעפאַלן. קומענדיק צו זיך, האָב איך דערפילט, ווי כ'ליג אויף אַ באַנק און לעבן מיר שטייט אַ דאָקטאָר.

ער זאָגט, אַז דאָס טרוקענע ברויט און די פּלוימען מיט די באַרנעס האָבן מיר פאַרשאַט. אַ ייִד האָט דערלאַנגט אַ גלאָז טיי — און כ'האָב זיך געפילט בעסער. מיר זענען געבליבן אין שטאָט ביז נאָך הושענא־רבה.

27סטער סעפּטעמבער 1939, מיטוואָך.

פּליטים דערציילן, אַז דער רוס געפינט זיך אין פּראַגע, נעבן וואַרשע. די ווייסל דאַרף זיין די גרענעץ צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד. פּאַלעניץ בלייבט ביי די רוסן. טאָ וואָס פאַרא זין האָט צו וואַלגערן זיך אין דער פרעמד? מע דאַרף זוכן אַ וועג צוריק קיין פּאַלע־ניץ. אַט זענען מיר אויף דער באַן־סטאַציע. אַ פּראַכט־באַן מיט צעבראָכענע וואַגאָנעס קייקלט זיך אַרויף אויף דער סטאַציע. קיין בילעטן האָט מען דעמאָלט נישט באַדאַרפט. מיר דערפאָרן ביז בריסק. פון דאַנען — אויף אַ לאָקאָמאָטיוו, באַקלעפּט מיט מענטשן — ביז שעדלעץ. דערנאָך מיט אַ באַן — ביז לוקאָוו. די צע־שטערטע בריק קען מע נישט אַריבערפאָרן, די מענטשן פאַרסירן דעם טייך און מע לאָזט זיך צופוס אין ווייטער־דיקן וועג אַריין. נאָכן איבערנעכטיקן אין לוקאָוו, איז מען צומאַרגנס אַוועק קיין גאַרוואָלין, וווּ מ'האָט קיינעם נישט געטראָפן — נישט די רוסן, נישט די דייטשן. ערשט אויפן שאָסיי קיין קאָלאָביעל זענען אונדז אַנט־קעגנגעפאָרן דייטשע זעלנער מיט האַקנקרייצן. אַז מיין ברודער האָט זיי דערזען (זיי האָבן אונדז נישט גע־טשעפּעט), האָט ער קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז ער פאָרט צוריק. מיט די דייטשן וויל ער נישט בלייבן. מיינע ווערטער און תחנונים מיר זאָלן שוין אַריינגיין קיין פּאַלעניץ — האָבן אויף אים נישט משפּיע געווען. איך בין אַוועק אין דער ריכטונג קיין קאָלאָביעל — און ער האָט זיך געלאָזט קיין גאַרוואָלין.

אָנקומענדיק קיין קאָלאָביעל, בין איך אַריין אין בית־המדרש און זיך נאָכגעפרעגט אויפן רב, אונדזערס אַ קרוב. ער איז נישט געווען אין דער היים, נאָר די רביצין האָט מיך גוט אויפגענומען און אַפילו געהייסן איבערנעכטיקן, אין דער פרי בין איך ווידער אַוועק אין בית־המדרש — און צו מיין גרויסער איבערראַ־שונג געטראָפן דאָרט מיין ברודער שלאָפן אויף אַ באַנק. ער האָט מיר דערציילט, אַז ר'האָט מורא גע־האַט, אַז ר'וועט נישט באַוויזן ביז דער פּאָליציי־שעה — 6 אָוונט — אָנצוקומען קיין גאַרוואָלין, דעריבער איז ער אַוועק אין דעם נעענטערן קאָלאָביעל. נאָכן אויסהערן די דערציילונג, זענען מיר זיך ווידער צעגאַנגען. ער האָט נישט געוואָלט הערן וועגן אומקערן זיך קיין פּאַלעניץ.

איך בין אַוועק אין דער ריכטונג קיין וויאַנזאָוונע. דאָ האָב איך באַגעגנט די „חסידקע" (יאָסל חסידס ווייב) פון פּאַלעניץ. זי האָט דערציילט, אַז דאָס שטעטל איז פאַרברענט, די יידן וואַלגערן זיך אין דער שול. דער עולם הונגערט.

דערהערנדיק אַזאַ באַריכט, איז מיין באַשלוס צו באַ־זוכן פּאַלעניץ געוואָרן נאָך פעסטער. איך בין אַוועק צו אַ באַקאַנטן וויאַנזאָוונער ייִד און געבעטן ער זאָל מיר איינשאַפן עטלעכע קילאָ קאַרטאָפל, ווייל כ'האָב נישט געוואָלט קומען צו מיין מאַמען מיט ליידיקע הענט.

קומענדיק קיין פּאַלעניץ, האָב איך דאָס שטעטל נישט דערקענט. די האַנדלאָווע גאַס איז געווען איינ־גאַנצן אָפּגעברענט. די גמינע האָט געטיילט דירות אין די ליידיקע ווילעס. מיין מוטער דאַקעגן האָט געוווינט אין אַ קליין שטיבל לעבן מיכאַלין. איך בין צו איר אַוועק — און ווער קען שילדערן די פרייד פון אַזאַ באַגעגעניש? אויך די קאַרטאָפל האָט מיין מאַמע אויפגענומען מיט דאַנקבאַרקייט. איך האָב באַלד אויס־געזוכט אַ דירה נישט ווייט פון שעכטהויז, נענטער צום שטעטל.

אַז מ'האָט אין פּאַלעניץ זיך דערוווּסט, אַז בער ווענגעל איז געקומען צוריק פון די רוסן, זענען אַלע געלאָפן צו מיר זיך דערוויסן נייעס. ווי זעען אויס די רוסן, צי זיי טשעפּען נישט קיין יידן? איך האָב אַלעמען ערלעך דערציילט וואָס כ'האָב געזען און דערנאָך גע־עצהט, אַז ווער עס קען, זאָל זיך ראַטעווען און אַוועק אויף מזרח, ווייל דעמאָלט איז נאָך נישט געווען קיין גענוי אָנגעצייכנטע און שטרענג אָפּגעהיטענע גרענעץ.

אַ געוויסן אָוונט האָט מען מיך פאַרבעטן אַהיים צום פּרעזעס פון „מזרחי", יונה שטיינבערג. דאָרט זענען אויך געווען משה יומטוב, שמחה דארם און אַנדערע חברים. יעדער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג. איך האָב געהאַלטן, אַז מע דאַרף אַריבער אויף יענער זייט, צו די רוסן. און אויב ס'איז באַשערט צו קומען קיין ארץ־ישראל — וועט מען אַהינקומען נאָך רוסלאַנד... אויף דעם האָט משה יומטוב געענטפערט, אַז ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז בערל ווענגעל זאָל ווערן אַ פאַרטרעטער פון ציוניזם און גאָר הייסן פאָרן קיין רוסלאַנד... די פאַר־זאַמלטע האָבן נישט אָנגענומען מיין

מיינונג — און כ׳בין אַוועק פון דער באַראַטונג אַ ברוגזער און אויפגעקאָכטער.

צומאָרגנס האָב איך אין פאַלעניץ געטראָפן משה קעמפנער. אויך ער האָט מיר געעצהט איבערצובלייבן, די לאַגע וועט זיך נאָרמאַליזירן. כ׳האָב זיך אָבער נישט געלאָזט איבעררײדן — און אַוועק קיין רוסלאַנד...

# אין די ערשטע טעג פון צווייטן וועלט־קריג

יצחק מילשטיין
ירושלים

אין יאָר 1927 האָב איך פאַרלאָזט פשיטיק און זיך באַזעצט אין פאַלעניץ. דאָ האָב איך צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע געוווינט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיטן אויסברוך פון קריג, האָט אויך פאַלעניץ געליטן פון די דייטשע לופט־אַנגריפן און באָמבאַרדירונגען, וואָס האָבן גורם געווען קרבנות, צווישן זיי — יידן. עטלעכע טעג פאַר יום־כיפור האָט הינטער פאַלעניץ זיך אָפּגעשטעלט אַ פאָלק פויליש מיליטער, וואָס האָט פון ראַדאָם מאַרשירט קיין וואַרשע. שפּעטער האָט זיך באַוויזן דייטשיש מיליטער און ס׳איז אויסגעבראָכן אַ שלאַכט. די אָפּקלאַנגען פון דעם פאַרמעסט האָבן מיר גוט געהערט, הגם מיר האָבן זיך געפונען אין אַ קע־לער׳ל ביים שכן. די אַרטילערישע באַשיסונג איז געווען אַ שרעקלעכע און צו דעם איז אַ באָמבע פון אַן עראָ־פּלאַן געפאַלן נאָענט פון אונדזער הייזקע. זענען מיר אין פּאַניק אַרויס פון קעלער׳ל און אַריין אין שטוב פון שכן, ווו מ׳האָט גראָד נישט געזוכט. ווייל דעמאָלט זענען די דייטשן שוין געווען אין פאַלעניץ, אַרומגע־לאָפן מיט אָנגעצילטע ביקסן און געשאָסן, ווייל פאַרן ווידערשטאַנד, וואָס איז געשטעלט געוואָרן הינטערן שטעטל, האָט מען באַדאַרפט זיך נוקם זיין אין דער ציווילער באַפעלקערונג. זייער ווילדקייט איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן אַ גרויסע צאָל הייזער באַגאָסן מיט בענזין און אונטערגעצונדן. האַלב פאַלעניץ איז דעמאָלט אַוועק אין פלאַמען און אין רויך. די רוצחים האָבן אַפילו נישט געלאָזט עפּעס נעמען פון די ברע־נענדיקע היימען, אַלץ האָבן זיי געוואָלט פאַרברענען. צום גליק איז אונדזער וווינונג נישט פאַרברענט גע־וואָרן.

אַזוי האָבן די אָקופּאַנטן געווילדעוועט אין שטעטל אַ גאַנצן מעת־לעת און דערנאָך אַוועק ווייטער — קיין וואַרשע. אַז מ׳איז אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין, האָט מען ערשט געזען דעם חורבן, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעמאַכט אין די הייזער און געשעפטן. דערביי זענען אומגעקומען עטלעכע יידן.

צו מאָרגנס, האָבן די היטלעריסטן ווידער זיך אומ־געקערט קיין פאַלעניץ, געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, אַרויסגענומען יידן, אויך יוגנטלעכע פון 15 און 16 יאָר און זיי אַוועקגעפירט אויסער דעם שטעטל, ווו מ׳האָט זיי אָפּגעהאַלטן 3 טעג און נעכט אונטערן פרייען הימל. דערנאָך האָט מען זיי אַלע אָפּגעלאָזט. אומקערנ־דיק זיך קיין פאַלעניץ, האָט מען קיינעם פון זיי נישט דערקענט.

מיך האָט מען נישט אַנטדעקט, אָבער צו מאָרגנס איז ווידער פאָרגעקומען אַ גרויסע אַבלאַווע און כ׳בין אַריינגעפאַלן אין די רוצחימס הענט. זיי האָבן פאַר־האַלטן אַ גרעסערע צאָל יידן, מענער, פרויען און קינ־דער. אויך קריסטן זענען געווען מיט אונדז. מ׳האָט נישט דערלויבט גאָרנישט מיטצונעמען און באַפוילן אָפּמאַרשירן צום נאָענטסטן וועלדל. די שרעק און הארץ־קלאַפעניש איז געווען גרויס. מער ווי אַ האַלבע שעה האָט מען קיינעם נישט פאַרהאַלטן. מ׳האָט באַפוילן צו גיין אהיים. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס אַלץ ווערט געטאָן, כדי צו טעראָריזירן די באַפעלקערונג און איר ווייזן באַלד אין אָנהייב, אַז די דייטשן וועלן נישט זיין ווייכהאַרציק. אונדזער איבעראַשונג איז גע־ווען נאָך גרעסער, אַז קומענדיק צוריק אין אונדזערע שטובן (אויב זיי זענען נישט געהאַט אַוועק פריער מיטן פייער), האָבן מיר דאָרט אַלץ געטראָפן אומבאַרירט. ס׳האָט גאָרנישט געפעלט.

אין יענער צייט — פון ראש־השנה ביז סוכות 1939 — האָבן מיר אין פאַלעניץ געזען און געהערט ווי די דייטשן באָמבאַרדירן וואַרשע, וואָס האָט גע־שטעלט אַן אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד דעם היטלע־ריסטישן אָקופּאַנט. נאָכן פאַרנעמען וואַרשע דורך די

דייטשן, נאָך סוכות, בין איך דאָרט געווען און נישט דערקענט צענדליקער גאַסן, וואָס זענען לגמרי צע־שטערט געוואָרן פון די באָמבאַרדירונגען, באַשיסונגען און שריפות. די האַלבע זענען געוואָרן אָפּגעווישט.

אַלס מיליטערישער קאָמענדאַנט פון פּאַלעניץ איז באַשטימט געוואָרן אַן עלטערער דייטש מיט עטלעכע זעלנער. זיי האָבן דעמאָלט נאָך נישט געטאָן קיין שלעכטס די יידן, בלויז געכאַפּט צו דער אַרבעט. אָבער נאָך דער אַרבעט געגעבן זיי ברויט, ווורשט, סיגאַרעטן. מ'האָט אויך נישט געשלאָגן.

נאָוועמבער איז די לאַגע געוואָרן ערגער, נישט נאָר די קעלט און מאַנגל אין עסן האָבן זיך געלאָזט פילן נאָר אויך די געענדערטע באַציאונג פון די דייטשן. זיי פלעגן פאַרקויפן דער באַפעלקערונג פּראָדוקטן, אָבער אַז אַ ייד איז צוגעגאַנגען עפּעס קויפן, נאָכן אָפּשטיין שעהן אין דער ריי, איז גענוג געווען, אַז אַן אַנטיסעמיטישער פּאָליאַק זאָל אונטערזאָגן „יודע" — און אַזאַ ייד האָט שוין גאָרנישט באַקומען. אויך איז דאָס כאַפּן צו דער אַרבעט געוואָרן אָפטער און די רדיפות — אַלץ האַרבער. איך האָב באַשלאָסן צו פאַר־לאָזן פּאַלעניץ, נישט זעענדיק פאַר אַ ייד קיין צוקונפט אונטער דער דייטשער הערשאַפט.

אַ געוויסן שבת־צו־נאַכטס האָבן מיר פאַרפּאַקט די סאַמע נייטיקע זאַכן, נאָכן פאַרקויפן אַ גרעסערן טייל פון אונדזער שטוב־ווירטשאַפט און צוזאַמען מיט נאָך צוויי פאַמיליעס, געגרייט זיך צו פאַרלאָזן פּאַלעניץ.

6 פאַרטאָג. ס'איז נאָך געווען פינצטער אין דרויסן, האָבן מיר מיט די גענוג שווערע פּעק זיך דערשלעפּט צו דער באַן־סטאַציע און מיט גרויסע שוועריקייטן זיך אַריינבאַקומען אין דער ערשטער באַן, וואָס איז אַוועק קיין וואַרשע. מיר זענען נישט געווען די איינציקע, צענדליקער פּאַלעניצער יידישע פאַמיליעס האָבן אָנ־גענומען דעם זעלבן באַשלוס, וואָס איך און מיין משפּחה: בלייבן ביים דייטש איז אוממעגלעך, מע דאַרף אַנטלויפן, כל־זמן ס'איז פאַראַן די מינדסטע מעגלעכקייט.

די רייזע קיין וואַרשע האָט נישט געהערט צו די אָנגענעמע, אָבער מ'האָט זיך פאַרט דערשלאָגן אין דער הויפּטשטאָט און אויפן וואָקזאַל געוואַרט אויף אַ צוג, וואָס זאָל פירן ווייטער, קיין מזרח. עס זאָגט זיך נאָר געוואַרט... טויזנטער יידן מיט זייערע משפּחות און ביסל אָרעמקייט האָבן פאַרפולט אַלע בנינים און דורכגענג פון דער סטאַציע. און אַז דער צוג איז אָנ־געקומען, האָט מען דורך די פענצטער און טירן מיט כוח זיך גענומען אַריינרייסן אין די וואַגאָנען. אַז די באַן האָט גערירט, האָבן הונדערטער זיך געקלאַמערט צווישן די בופערן, געהאַנגען אויף די ווענט, זיך אויס־געלייגט אויפן דאַך. אַזאַ נסיעה איז געווען פאַרבונדן מיט טויזנטער געפאַרן, נאָר דער פּחד פאַרן דייטש האָט גובר געווען אַלע מוראס. דער צוג האָט באַדאַרפט פאָרן קיין מאַלקין, אָבער נאָענט פון טרעבלינקע, אויף אַ קליינער סטאַציע, איז די באַן געבליבן שטיין. אויפן קליינעם וואָקזאַלכל האָט זיך געטאָן חושך. מיט עט־לעכע שעה פריער איז פאַרבייגעפאָרן אַן ענלעכער טראַנספּאָרט און דאָ האָט אַ גרופּע דייטשן באַפוילן אַלע יידן אַרויסצוגיין פון די וואַגאָנען און מיטנעמען זייערע זאַכן. מ'האָט ביי זיי צוגענומען דאָס געלט און צירונג. אַזוי האָבן זיי אונדז דערציילט. מיר זענען געווען זיכער, אַז אויב די באַן האָט זיך דאָ אָפּגע־שטעלט, דערוואַרט אונדז דער זעלבער גורל. צום גליק האָט מען דאָס מאָל נישט געטשעפּעט. די יידן פון פריערדיקן טראַנספּאָרט האָבן גענומען שטורעמען די וואַגאָנעס, זיי האָבן אויך געוואָלט פאָרן ווייטער, אויף מזרח. ווידער די זעלבע סצענעס פון אַריינרייסן זיך אין די וואַגאָנען, געשרייען, געשלעגן און — אויך דערשיינונגען פון מענטשלעכער הילף און מיטלייד.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען קיין מאַלקין. ערשט דאָ האָט זיך אַנטפּלעקט דער אמתער גהינום. טויזנטער און טויזנטער יידן האָבן אויף אַן אָפענעם פעלד, ביי 20 און אַמאָל 30 גראַד פראָסט, געוואַרט ביז די רוסן וועלן באַוויליקן אַריינלאָזן, קיין עסן פון יענער זייט, דער רוסישער, האָט מען נישט געקענט באַקומען, אַפילו נישט קויפן. אַ גליק, וואָס די פּאָליאַקן פון דער דייטשער זייט, האָבן געוואָלט פאַרדינען געלט און זיי פלעגן צושטעלן ברויט, טעפּ מיט געקעכטס און אַנדערע פּראָדוקטן. פון צייט צו צייט פלעגן די רוסן אַריינלאָזן גרעסערע גרופּעס פּליטים, ביז ס'איז אויך געקומען אונדזער ריי. סוף־כל־סוף זענען מיר שוין אויף דער רוסישער זייט, מע פירט אונדז איבער קיין ביאַליס־טאָק, די שטאָט, וווּ ס'האָבן זיך צונויפגעזאַמלט טויזנ־טער פּליטים פון אָקופּירטן פּוילן. אין ביאַליסטאָק זענען מיר ווערבירט געוואָרן אויף אַרבעט קיין רוס־לאַנד — און די איבערלעבונגען דאָרט זענען אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך...

# נע־ונד און געראנגל

חיים גאָלדבערג
תל־אביב

.1

דעם טעם פון מלחמה האָט פאַלעניץ דערשפירט מיטן פאַלן פון די ערשטע באָמבעס אין שטעטל. די אויסגעהאַקטע שויבן, די שריפות, די פאַניק און קרבנות, האָבן קלאָר געמאַכט, אַז די דייטשע דראָאונגען זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ממשותדיקער אַגרעסיע.

איידער פאַלעניץ איז באָמבאַרדירט געוואָרן, האָבן מיר געהערט וועגן דער דייטשער באָמבע וואָס איז געפאַלן אויפן קינדער־אַנשטאַלט אין יוזעפאָוו און וועגן אַן אַראָפּגעשאָסענעם דייטשן עראָפּלאַן אין שווידער. האַלב פאַלעניץ האָט זיך געלאָזט אַהין כאַפּן אַ בליק אויף דעם צעשמעטערטן שטאָלענעם פויגל. אַ פרייד איז געווען צו זען ווי אינעווייניק ליגן צוויי פאַרברענטע קערפּערס פון די דייטשע פליערס. כאָטש אזוי נוקם געווען די אומצאָליקע קרבנות פון די רוצחישע לופט־אָנפליען אויף דער ציווילער באַפעלקערונג.

מיר האָבן אין די ערשטע טעג פון קריג אויך געזען אַ גרויסע צאָל באָמבאַרדירער, וועלכע האָבן איבער פאַלעניץ זיך געטראָגן צו דער באַלאַגערטער, אָבער העלדישער הויפּטשטאָט פון פוילן — וואַרשע. דאָס האָט נאָר פאַרגרעסערט די פאַניק אין שטעטל. מע האָט אָנגעהויבן גרייטן שפּייז־זאַפּאַסן, וואָס האָט גורם געווען צו אַ יקרות און שפּעקולאַציע מיט די וויכטיקסטע אַרטיקלען. די דאַטשניקעס, וועלכע האָבן געטראַכט פאַרבלייבן נאָך עטלעכע טעג פון סעפּטעמבער אין פאַלעניץ און געניסן פון דער וווּנדערבאַרער לופט און פון די סאָסנע־ביימער — האָבן אויף שנעל זיך אָפּגעטראָגן, שלעפּנדיק אפילו אויף די פּלייצעס זייער באַגאַזש, ווייל מיט וואָס איבערפירן די זאַכן איז שוין נישט געווען. (אייניקע פון זיי האָבן אויסגענוצט די לאַגע — און נישט באַצאָלט די חובות). די באַנען האָבן זיך פאַרפולט און אויף די וועגן — פּליטים און זעלנער פון דער צעקלאַפּטער פּוילישער אַרמיי.

דער דייטש האָט זיך גערוקט פאָראויס, אַריינגעדרינגען אַלץ טיפער קיין פוילן. די צענטראַלע, ווי די לאָקאַלע מאַכט־אָרגאַנען, האָבן זיך שטילערהייט פאַרפאַקט און — אַוועק אין אַן אומבאַוווסטער ריכטונג. די פאַלעניצער גמינע האָט פונדעסטוועגן אין יענע טעג פון כאַאָס און אומזיכערקייט, נאָך באַוויזן אַרויס צו שיקן אויפפאָדערונגען צו פיל איינוווינער זיי זאָלן זיך צושטעלן צום זאַמלפונקט, ווו מע וועט שאַפן אַ בירגער־מיליץ. מיין פאָטער ע״ה האָט באַקומען אַזאַ איינלאַדונג — און איך בין אַוועק אין גמינע אויף זיין אָרט.

פאַר דעם גמינע־הויז זענען געווען פאַרזאַמלט עטלעכע צענדליק פאָליאַקן און יידן. זיי האָבן באַקומען אַן אָרעם־באַנד מיט אַן אַנטשפּרעכנדיקער אויפשריפט און אָנווייזונגען ווי אַזוי אָפּהיטן די רו אין אָרדענונג. לויט דער ריי, האָבן די מיליציאָנערן פאַטרולירט 24 שעה אין מעת־לעת.

אין די אָוונט־שעהן האָבן מיר נישט איין מאָל געזען ווי עס ווערט איבערגעגעבן פון דער ערד ליכט־סיגנאַלן, ווי נאָר ס'האָט זיך דערהערט דער גערויש פון עראָפּלאַנען. די פאַטרולן איז טייל מאָל געלונגען צו כאַפּן אַזאַ שפּיאָן־פאַררעטער, וועלכן מ'האָט איבערגעוויזן קיין וואַרשע. דאָס זענען אַמייסטן געווען איינוווינער פון דער דייטשער קאָלאָניע הינטער פאַלעניץ.

זייענדיק איצט אַליין „פאָרשטייער פון דער מאַכט" און נאָענט צו אירע סודות, האָבן מיר געוווסט די אַלגעמיינע לאַגע אויף די פראָנטן. דער מצב איז געוואָרן ערנסט און טראַגישער פון טאָג צו טאָג. אין אַ געוויסער נאַכט, ווען יהושע פרידמאַן, מענדל שעדלעצקי און איך האָבן געהאַט שמירה ביי די אָנגעלאָדענע וואַגאָנעס מיט סחורה, אויפן שטח פון טאַרטאַק, זענען צו אונדז צוגעקומען נאָך צוויי יידן־מיליציאָנערן (משה קלייטמאַן און אביגדור וואַסערבראָט) צו פאַרשטאַרקן די שמירה. זיי האָבן דערציילט, אַז די גמינע־באַאַמטע קלויבן זיך צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל. האָט זיך איינער אָנגערופן, אַז מיר דאַרפן בלייבן, דער דייטש איז נישט געפערלעך, די מלחמה וועט זיך שנעל ענדיקן און מע וועט יאַקאָש איבערלעבן... איך בין נישט געווען אַזוי אָפּטימיסטיש בנוגע דעם דייטש און פאַרגעלייגט

יהושע פרידמאַן מיר זאָלן ביידע צוגיין אין גמינע דערוויסן זיך וואָס דאָרט קומט פֿאָר. מ׳איז אַהין אַוועק.

2.

די ידיעה האָט זיך ארויסגעוויזן אַלס אַ ריכטיקע. די גמינע־אָנגעשטעלטע האָבן זיך געגרייט צו עוואַקואירן. פרידמאַן און איך האָבן שוין נישט געטראַכט קיין סך. אויפֿן אָרט איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ביידע פֿאַרלאָזן מיר פּאַלעניץ אויף ראַווערן, וועלכן מ׳האָט זיך באַצייטנס צוגעגרייט. צומערשט איז מען אַוועק צו יהושע׳ס שטוב; ער איז אַריין אינעווייניק זיך געזעגענען — אָבער אַרויסגעקומען פֿון דאָרט מיט אַ טרויעריק פּנים און דערקלערט:

— ליידער, חיים, כ׳וועל זיך גאָר מוזן געזעגענען מיט דיר... מיין פֿאָטער לאָזט מיך נישט פֿאָרן אַליין. אויך ער, ווי עמעץ אַנדערש פֿון דער משפּחה, האָט נישט בדעה אַוועק צו פֿאָרן. איך בלייב דאָ...

לאַנגע מינוטן האָט געדויערט אונדזער געזעגענען זיך. אַ טרויעריקער און איבערגענומענער, בין איך אַוועק צו זיך אַ היים, כדי זיך שיידן מיט אַלע.

— הער מיין קינד — רופֿט זיך צו מיר אָן מיין פֿאָטער יצחק ז״ל. — דו מוזט אַוועק, אָבער איך קאָן נאָך נישט. עס ווילט זיך נישט אַלץ לאָזן אין דייטש׳ס הענט.

מיר האָט ווי געטאָן אַזאַ ענטפֿער. כ׳האָב דערקלערט דעם טאַטן, אַז כ׳בין גרייט שוין איצט אַלץ אונטערצינדן, זאָל פֿאַרן שונא גאָרנישט בלייבן. דער עיקר — ראַטעווען זיך דאָס לעבן. מיין פֿאָטער, פּונקט ווי די אַנוועזנדיקע שוועסטערס — מלכה און מינדל — זייערע מענער פּיווול זילבערשטיין און שלמה בוטלינסקי, זיין מוטער מאַשע, די פֿרוי כינקע (פֿון מיין יינגסטן ברודער הערשעל, וועלכער האָט געדינט אין פּוילישן מיליטער) — אַלע האָבן מסכים געווען, אַז איך דאַרף אַוועק פֿאָרן, אָבער זיי בלייבן אין פּאַלעניץ. „אַזוי פֿיל יאָרן אָפּגעהאָרעוועט און איצט אַלץ איבערלאָזן אויף הפקר" — האָט מען מיט מיר איינגעטענהט. מיט אַ ביטער האַרץ און שווער געמיט געזעגן איך זיך מיט דער גאַנצער משפּחה.

3.

איצט בין איך אַן איינזאַמער וואַנדערער אויפֿן וועג. בלויז מיין „חבר" — דער ראַווער — פֿירט מיך.

דער ערשטער אָפּשטעל — אין וויאַנזאַוונע. אָבער פֿאַר מיר זענען אָנגעקומען הונדערטער און טויזנטער, וועלכע זענען שוין פֿאַרבייגעפֿאָרן אָדער דורכגעגאַנגען דאָס שטעטל. אַ שטאַרקע באַוועגונג פֿון מענטשן, מיט געפּעק אויף די פּלייצעס, אויף ראַווערן, אין די הענט, אויף וועגענער; מע טראָגט פּיצלעך קינדער אויף די הענט. דער עולם אַנטלויפֿט פֿון די באָמבאַרדירונגען, שריפֿות, מאָרד; מע וויל נישט בלייבן מיטן דייטש.

איך ווער מיטגעריסן מיטן גרויסן פּליטים־שטראָם כ׳דערמאָן זיך אָבער וואָס מ׳האָט מיך געלערנט בעתן דינען אין דער פּוילישער אַרמיי: אַז די דייטשע אַוויאַציע וועט זוכן צו באָמבאַרדירן גראָד אַזאַ גרויסן עולם, וועלכער באַוועגט זיך נאָך דערצו אויף אַ הויפּט־שאָסיי. איך באַשליס זיך אָפּצוטיילן פֿון דעם המון. אָבער נישט ווינציק פּליטים האָבן געטראַכט ווי איך — און אויך די זייטיקע וועגן האָבן זיך שנעל פֿאַרפֿולט מיט אַנטלויפֿנדיקע און דערשראָקענע מענטשן. כ׳בין אָנגעקומען קיין קאָלאָביעל.

דאָ איז אויך פֿול געווען מיט פּליטים. צווישן זיי — אַ סך פּאַלעניצער. אין קאָלאָביעל האָב איך געהאַט אַ סך באַקאַנטע, בין איך אַוועק אין רעסטאָראַנדל פֿון יעקב צעבולא, מיינער אַ פֿריינד. דאָס איז געווען אַ באַריידעוודיקער ייד — און אָנשטאָט מיר געבן עפּעס צו עסן, האָט ער גענומען פֿרעגן, פֿאָרשן, פּרעדיקן מוסר, הלמאי מען אַנטלויפֿט — אַז כ׳האָב מיט אומגעדולד אים איבערגעהאַקט דעם מבול ווערטער און געפֿאָדערט עסן. קוים זוכה געווען צו דערכאַפּן זיך דאָס האַרץ; נאָר מיין יאַנקל הערט נישט אויף באַרואיקן דעם עולם, אַז דער דייטש איז נישט אַזוי געפֿערלעך, ס׳איז נישט כדאי צו מאַכן אַ פּאַניק...

מיט כעס און ווייטיק פֿאַרלאָז איך קאָלאָביעל. די פֿעלקער־וואַנדערונג הערט נישט אויף. באַטאָג און באַנאַכט, אפֿילו אין די קליינע שעהן, טראָגן זיך מענטשן אויף די וועגן. איך פֿאָר פֿאַרביי אויפֿן ראַווער די שטעטלעך שעניצע, לאַטאָוויץ, דערפֿער און ישובים. דעם 9־טן סעפּטעמבער בין איך שוין אין סטאָצעק. דאָ דערוויס איך זיך, אַז מיט אַ טאָג פֿריער איז קאָלאָביעל מוראדיק באָמבאַרדירט געוואָרן, פֿאַראַן פֿיל קרבנות. כ׳האָב אַ טראַכט געגעבן, צי איז נישט אַמאָל יעקב צווישן זיי...

ווו לויפֿט אַ ייד אַ פּליט אין אַ פֿרעמדער שטאָט?

אין שול אַריין. כ׳האָב געמיינט צו זיין דאָרט דער ערשטער. אויף דער פּאָדלאָגע ליגן שוין אָבער אויס־געלייגט צענדליקער און הונדערטער פּליטים. זייער פיל פון פאַלעניץ. מיר דערפרייען זיך, פרעגן שאלות, נעמען אָפּ גרוסן; זיי טראַכטן אָבער וועגן צוריקגיין אין שטעטל. דער ביטערער נע־ונד, די געפאַרן אויף די וועגן, דער כסדרדיקער געראַנגל פאַרן שטיקל ברויט, און איבער אַלעמען — די זאָרג און בענק־שאַפט צוליבן צעשיידן זיך מיט טאַטע־מאַמע, פרוי און קינדער, מיט דער משפחה. איך בין אָבער אַנטשלאָסן נישט אומצוקערן זיך, אַנטלויפן פון דייטש. די אַנדערע פאַלעניצער לאָזן זיך אַ היים, מיט דעם גלויבן מיטצונעמען מיט זיך די נאָענטע פאַ־מיליע און דערנאָך צוזאַמען אַנטלויפן. לײדער — מער האָב איך זיי נישט געזען...

בלויז איינער פון זיי איז מיט מיר געבליבן: מאָטל בוטלינסקי, מיין שוואָגערס ברודער. דאָקעגן איז דער שוואָגער שלמה צוריק אַ היים, ווייל דאָרט איז גע־ווען זיין פרוי (מיין שוועסטער) מינדל מיט דריי קינדער: בעניעק, עדזשאַ און טאַלאַ; דאָס זעלבע האָט געטאָן דער צווייטער שוואָגער פייוול זילבערשפּאַרן. אין פאַלעניץ איז געבליבן זיין פרוי און מיין שוועס־טער מלכה מיט דריי קינדער: דודטשע, מינדעלע און עדזשאַ; אויך אברהם קאַראַלעוויטש האָט דאָרט גע־לאָזן זיין פרוי מיט צוויי קינדער. איך האָב פאַר־שטאַנען און אפילו באַרעכטיקט די האַנדלונג פון די דאָזיקע מענטשן, אָבער זיי נאָכטאָן — האָט זיך נישט געוואָלט.

.4

נאָכן אָפּזיין עטלעכע טעג אין סטאָצק, בין איך מיט מאָטל בוטלינסקי אַוועק אין ווייטערדיקן וועג. ס׳איז געלונגען צו שאַפן אויף פאַר אים אַ ראָוער. אָפּפאָרנדיק אַן אַכט קילאָמעטער פון סטאָצק, האָבן מיר ביי אַ בוים אויפן וועג געזען זיצן אַ יונגן בחור, לעבן אים — אַן אומגעלייגטער ראָווער. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז דאָס איז אונדזער באַקאַנטער פון וויאַנזאָוונע, יהושע טישלער. מיר באַשליסן אַלע דריי זיך האַלטן צוזאַמען. מע לאָזט זיך אין ווייטערדיקן וועג.

די מאַסע פּליטים, וועלכע איז געגאַנגען אויף מזרח צופוס, אַן וועלכן ס׳איז קאָמוניקאַציע־מיטל, האָט אונדז מקנא געווען. אין יענע באַדינגונגען איז דער ראָווער געווען אַ זעלטענהייט, און במילא — אַ יקר המציאות. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן פיל פאַלעניצער פּליטים זיך אָפּרוען אין שאָטן פון אַ בוים ביים וועג (שמעון און גאָלדע גראש און אַנ־דערע). זיי האָבן אונדז געבעטן זיך צוזעצן. מיר האָבן גערן געוואָלט מיט זיי זיך אָפּרוען אַ ביסל. דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן אַ גרויסע קאָלאָנע פוילישע מיליטער. כ׳האָב פאַרגעלייגט מיינע צוויי חברים שוין זיך אָפּטראָגן פון דעם אָרט. אָפּפאָרנדיק אַ 10 קילאָמעטער, האָבן מיר דערהערט שטאַרקע אויפרייסן פון באָמבעס און אַ קלאַפּעריי פון מאַשין־געווער. שפּעטער האָבן מיר זיך דער־ווּוסט, אַז יענץ אָרט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית־הקברות פאַר אַ סך זעלנער און ציווילע. דער וואַלד אַרום איז אַוועק אין פלאַמען און פאַרשלונגען פיל קרבנות.

מיר דערשלאָגן זיך קיין ראָזשישטש — אַ טייער, האַרציק יידיש שטעטל. די אָרטיקע יידן רייסן זיך ממש וועגן אויפנעמען די פּליטים. מיר האָבן גע־מיינט, אַז איין ראָזשישטשער משפחה וועט זיין שווער אויפצונעמען אַלע דריי מיט אַמאָל. אָבער אַ האַרציקע פרוי, איך געדענק בלויז איר נאָמען — פייגע, לאָזט נישט אָפּ, זי וויל האָבן אַלע דריי ביי זיך. דער מאַן נעמט אונדז אויף אין שטוב מיט קלאָרער ווערט פאַר יעדן, הייסט זיך אויסבאָדן און אין צווייטן צימער וואַרט דערנאָך אַ טיש געדעקט מיט כל־טוב. שפּעטער — דריי ציכטיקע געלעגערס אין בעטן. אַלץ האָט אויסגעזען ווי אַ חלום. אָבער נאָכן אויפ־וועקן זיך — ווידער די האַרבע ווירקלעכקייט. מע דאַרף ווייטער וואַנדערן. די פרוי, פייגע, לאָזט נישט אַוועקפאָרן, מ׳דאַרף פריער אָפּעסן; מיר טוען צוליב די גוטע מענטשן פאַר זייער הכנסת־אורחים. לײדער, מער האָבן מיר די יידן נישט געזען...

.5

אַ גאַנצן טאָג כמעט איז מען אויף די ראָווערן, וועלכע טראָגן אונדז אויף מזרח. פאַרנאַכט דער־נענטערט מען זיך צו אַ דאָרף. עס ווילט זיך שוין אַראָפּגיין, אויסזוכן אַ נאַכטלעגער, אַ ביסל עסן. דאָס איז געווען דער 12־טער אָדער 13־טער טאָג פון מלחמה־אויסברוך. פּלוצים דערהערן מיר דאָס גוט באַקאַנטע זשומען פון עראָפּלאַנען. מאָטל איז אפילו ביי דער מיינונג, אַז דאָס זענען פוילישע עראָפּלאַנען.

עס דערהערן זיך אָבער שטאַרקע אויפרייסן פון באָמבעס. דער געריוש דערנענטערט זיך. נאָך אַן אויפרייס. עס לויפט אַן אַן אויטאָ, עס שפּרינגען פון אים אַרויס צוויי מענטשן, זיי זוכן שוץ און אַ באַהעלטעניש. אויך מיר וואַרפן אַוועק אונדזערע ראַווערן און לויפן פאַרשטעקן זיך צווישן קוסטעס. ווידער אַן אויפרייס. עס גיט אונדז אַ לייטישער טרייסל, מע ווערט צוגעדעקט מיט ערד. ווי נאָר עס באַרואיקט זיך, קריך איך מיט מאַטלען אפּער פון הינטערן אַנשיט. מיר פרייען זיך וואָס מ'איז געבליבן לעבן... נאָר די פרייד דויערט נישט לאַנג. עס דערנענטערט זיך אַן עראָפּלאַן, ער שפּייט מיט קוילן און פייער פון מאַשין-געווער. אויפן שאָסיי פאַלן מענטשן ווי פליגן. דער אויטאָ ווערט צעשמעטערט.

אין אַ האַלבער שעה אַרום וואַגן מיר אַרויסצוקריכן פון אונדזער באַהעלטעניש. געשיצט האָט אונדז דער ערד-אַנשים. אָבער ווו איז יהושע? מע זוכט אים צווישן די טויטע — נישטאָ! פון די לעבעדיקע בין איך נאָר דאָ מיט מאַטלען אויפן שאָסיי. ווו-זשע איז ער אַהין געקומען? דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט. אין דער פינצטער האָט נישט קיין טעם צו זוכן. אַוועקגיין אָן דעם חבר ווילט זיך אויך נישט. אויפן פעלד האָבן מיר באַמערקט אַ סטויג היי. נישט לאַנג געטראַכט, איז מען אַריין אינעווייניק און גוט דורכגעשלאָפן די נאַכט. אין דער פרי — די זעלבע פראַגע: ווו איז יהושע?

אויף די ראַווערן פאַרט מען לענגאויס דעם וועג אַהין-און-צוריק. מע זוכט; מע זעט אָבער דערשאָסענע, פאַרברענטע קערפּערס און פאַרניכטעטע אויטאָס. בלייבן דאָ איז געפערלעך. דער ריח פון די געפאַלענע רופט אַרויס קאָפּשווינדל און איבל. מיר דערשלאָגן זיך אינעם שטעטל לודוויפּאָל, צוויי קילאָמעטער פון דער סאָוויעטישער גרענעץ. די אָרטיקע גמינע גיט אונדז אַרויס אַ צעטל זיך איינצוקוואַרטירן ביי אַ פּוילישער משפּחה. געקומען אַהין, גרייט מען זיך אַרומצווואַשן. אין טיר באַווייזט זיך אַ ייד און בעט שטאַרק מיר זאָלן מיט אים מיטגיין. מיר ענטפערן, אַז דאָס איז אוממעגלעך, די גמינע האָט אונדז צוגעטיילט אַהער. דער ייד פירט אונדז אַוועק אין גמינע, מע שרייבט איבער דאָס צעטל — און מיר ביידע זענען איצט די געסט פון אַ יידישע משפּחה, וועלכע נעמט אונדז אויף מיט אַ ברייטן שלום-עליכם און פאַרבעט צו בלייבן כאָטש אויף שבת. איך דערקלער זיי, אַז מיר האָבן אפילו נישט געוווּסט אַז היינט איז פרייטיק.

ביסלעכווייז פאַרפולט זיך די שטוב מיט מענטשן. נישט אַנדערש — מע וועט דאָ מקבל-שבת זיין. מיט אַמאָל עפנט זיך די טיר, אונדזער חבר יהושע באַווייזט זיך אויף דער שוועל. ווער קאָן שילדערן אונדזער פרייד? מיט טרערן אין די אויגן האָבן מיר זיך באַגריסט און צעקושט מיטן אָפּגעפונענעם חבר...

## 6

נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט צו לאָזן זיך אין ווייטערדיקן וועג. לודוויפּאָל פאַרפולט זיך מיט הונדערטער און טויזנטער פּליטים. עס באַווייזן זיך אויך פּאַלעניצער, וועלכע האָבן שפּעטער פון אונדז פאַרלאָזט דאָס שטעטל. זיי דערציילן וועגן דער אָפּגעברענטער האַנדלאָווע גאַס, וועגן טרייבן די באַפעלקערונג קיין יוזעפאָוו און אָטוואָצק. וועגן דערשיסונגען און פּייניקונגען. זיי גיבן אויך איבער פאַלן פון העלדישן ווידערשטאַנד. אַז דייטשן זענען געקומען אין אַ שטוב נעמען פון דאָרט די מענער — האָט מען זיי באַגעגנט מיט הייסע טעפּ וואַסער און אָפּגעגאָסן. אַזאַ פאַל איז געווען ביי מאָטקע גאָלדבערג. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט מיט מלכהלע רובין. ביידע פרויען האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט זייערע לעבנס.

אַזעלכע גרוסן האָבן טאַקע דערמוטיקט, נאָר גלייכצייטיק איז זיך געווען פאַרצושטעלן דעם טראַגישן פאַרנעם פון אונדזער אומגליק אין פּאַלעניץ. דערפאַר האָט זיך געוואָלט וואָס פריער אומקערן אינעם געבורט-שטעטל, אַרויסראַטעווען פון דאָרט די נאָענטסטע, באַפרייען זיי פונעם היטלעריסטישן געשפּענסט.

אין לודוויפּאָל האָבן מיר געהערט, אַז די רויטע אַרמיי האָט בדעה צו גיין ביז צו דער ווייסל. זענען מיר מיטגעגאַנגען. אָבער נאָר ביז קאָוועל. ווייטער מיטשפּאַנען איז געוואָרן אוממעגלעך. זענען מיר שוין געבליבן אין שטאָט, ווו כ'האָב אין פאַרבאַנד פון געוועזענע פּאָליטישע אַרעסטירטע פון פּוילן געטראָפן אַן אַלטן חבר פון תפיסה-קאַמער — טשודאַקאָוו. ער האָט מיר באַזאָרגט אַ דאַך איבערן קאָפּ און אויך איבערגעגעבן צו פאַרוואַלטן מיט צוויי קיכן.

אָפּגעוווּנען אין קאָוועל אַ 3 וואָכן, האָב איך זיך באַגעגנט מיט די פּאַלעניצער: דער שוואַרצער חיים מיט זיין פרוי און קינדער, אברה-יצחק סאַמאַכאַד,

משה האַנטווערגער, בונם יאַוואָרסקי מיט זיין פרוי, די פרוי פון חיים אַנקערמאַן און זייערע קינדער, יצחק קאַראַלעוויטש און אַנדערע. דאָס טרעפן זיך מיט שטעטישע האָט אַרויסגערופן אַ נייע כוואַליע פון בענקשאַפט צו דער משפחה — און צוזאַמען מיט מאָטל בוטלינסקי און סימעק מנחם, האָבן מיר זיך געלאָזט צופוס צו דער גרענעץ. פאַרשטייט זיך, אַז טשודאַקאָוו האָט אונדז באַזאָרגט מיטן אַן אַנטשפּרעכנדיקן דורכלאָז־שייַן („פּראָפּוסק״). אַז מיר האָבן זיך שוין דערשלאָגן צו אַ גרענעץ־פּונקט, האָבן די פּאַליאַקן אַנגעוויזן די דייטשן אויף אונדז, אַז מיר זענען יידן. האָט מען ביי די דריי וואַנדערער אַלץ צוגענומען, אַנגעצילט אויף זיי די ביקסן און באַפוילן צוריק גיין פון וואַנען מ׳איז געקומען. בוטלינסקי האָט טאַקע רעזיגנירט פון ווייטערדיקן וועג קיין פּאַלעניץ און באַלד צוריק געפאָרן קיין ביאַליסטאָק. איך און סימעק זענען געווען דעצידירט נישט אָפּשטעלן זיך ביים ערשטן דורכפאַל און פּרווון זיך דערשלאָגן קיין פּאַלעניץ.

זיצנדיק אַזוי פאַרצווייפלט אונטער אַ בוים, דערנענטערן זיך עטלעכע פּוילישע באַן־אַרבעטער. נאָכן אויסהערן אונדזער דערציילונג, גיט מען אונדז אַנצוטאָן זייערע מאַנטלען און היטלען — און באַזאַמען פאָרן מיר קיין מאַלקין, וווּ מ׳האָט מיט דאַנק אומגעקערט די פּאַליאַקן זייערע מונדירן און אויף אַ געדונגען פורל זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג. מיט אַמאָל דערזען מיר ווי עטלעכע באַוואָפנטע דייטשן פירן אַ גרופּע יידן. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין דער־בייאיקן וואַלד, נאָר דאָ איז סימעק מיר פאַרלאָרן געגאַנגען.

פאַרנאַכט־צו האָט אַ פויער מיך אַריינגענומען אין בערצוועכטיקן און אין דער פרי לאָז איך זיך צופוס אין דער ריכטונג פון מינסק־מאַזאָוויעצק. אָפּגייענדיק אַן 8 קילאָמעטער, פאָרט מיר אַנטקעגן אַ פורל, אויף וועלכן איך דערזע צו מיין גרויסער פרייד און איבעראַשונג, מיין פרוי זאָשע פּיזולאָוויטש, רוזשע און צביה גאָלדבערג, די ברידער מעלמאַן, רוזשקע בוטלינסקי (מאָטלס פרוי), הערצבערגן מיט זיין פרוי און נח מאָטקעס (גאָלדבערג). פון זיי דערוויס איך זיך, אַז אויך מיין ברודער ישראל איז אין וועג צו דער גרענעץ. זיי וואָרענען מיך נישט גיין ווייטער, געפאָרן לויערן אויף טריט און שריט. איך וויל זיך אָבער נישט אָפּהאַלטן, מיין שטרעבונג איז אַריבער צו ברענגען קיין רוסלאַנד וואָס מערער פון דער משפחה, וועלכע שמאַכט ביים דייטש.

וואַרטנדיק אַ שטיקל צייט, באַגעגן איך מיין ברודער. די פרייד איז גרויס, בפרט, אַז מיט אים איז אויך דאָ זיין פרוי און קינדער. נאָך אַ לענגערן געשפּרעך באַשליסן מיר, אַז אַלע לאָזן זיך איצט קיין רוסלאַנד. מיין פאָרן קיין פּאַלעניץ וועט גאָרנישט געבן. די וואָס האָבן זיך פון דאָרט נישט גערירט ביז איצט, ווילן, אַ סברה, בלייבן אין שטעטל.

אַריבער לעגאַל די גרענעץ אויף דער רוסישער זייט, בין איך, מיין פרוי און בוטלינסקיס פרוי, רוזשקע, אַ דאַנק דעם „פּראָפּוסק״. דאַקעגן די אַנדערע פּאַלעניצער האָבן געמוזט אַנקומען צו „מאַכערס״ — גרענעץ־שמוגלערס, וועלכע האָבן אין יענער צייט זיך געמערט ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. נאָך אַ נאַכט זוכן, וואַנדער און וואָגל, האָבן מיר, אַלע פּאַלעניצער, זיך ווידער געטראָפן אין סעמיאַטיטש. מיין ברודער איז פון דאָרט אַוועק קיין ביאַליסטאָק, איך האָב זיך אומגעקערט קיין קאָוועל און צוריק געאַרבעט אַלס לייטער פון די קיכן.

7

אין יאָר 1940 האָבן דער רוב פּליטים זיך פאַרבירט אויף אַרבעט אין טיף רוסלאַנד, וואָלאָגאָדסקער געגנט. מיר זענען אָנגעקומען קיין טשערעפּאָוויעץ און דער גרעסטער טייל פון טראַנספּאָרט איז צוגעטיילט געוואָרן צו וואַלד־אַרבעטן. איך האָב באַקומען אַרבעט אַלס שלאָסער און מיין פרוי — אין דער אַרטיקער פּאָליקליניק (אַמבולאַטאָריע). הגם מיר זענען געווען פרייוויליק ווערבירטע אַהין, איז דאָך שווער געווען צו באַפרייען זיך פונעם געפיל, אַז מ׳איז ווי פאַרשיקט... דאָס דאָזיקע געפיל און די שלעכטע באַדינגונגען פון אַרבעט און דערנערונג, האָבן באַוויזן אַ סך צו פאַרלאָזן דאָס אָרט. מיר פאָרן קיין מאָסקווע, מע לאָזט נישט דאָרט בלייבן, זיי באַפעלן פאָרן צוריק פון וואַנען מ׳איז געקומען. וועגן דעם טראַכטן מיר נישט אַפילו. מיר לאָזן זיך אַוועק קיין לוצק.

פון אַלע אונדזערע באַמיאונגען צו בלייבן אין שטאָט — איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. אַפילו דער חבר סטאַשעק פון אָטוואָצק, וועלכער איז געווען טעטיק צווישן די געוו. פּאָליטישע אַרעסטירטע —

האָט נישט געוואָלט און אפשר נישט געקענט העלפן. מיר האָבן בלית־ברירה אַנגענומען זיין עצה וועגן איינאָרדענען זיך אין אַ קליין שטעטל. נאָר אויך אין די קליינע ישובים האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף פאַרמאַכטע הערצער. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נע־ונד פון אָרט צו אָרט. ביז אַ געוויסן טאָג האָבן מיר, עט־לעכע פאַלעניצער (דער שרייבער פון די שורות, זיין פרוי זאָשע, וועלוול צבולאָ מיט זיין פרוי און איר שוועסטער רוזשקע פּיוולאַוויטש) זיך דערשלאָגן אין יידישן דאָרף טרוקענבראָט. אין „סעלסאָוויעט" (דאָר־פישן ראַט, גמינע) האָב איך געטראָפן מיין אַמאָליקן חבר פון תפיסה, אליהו, וועלכער האָט זיך מיט מיר צעקושט און שטאַרק געפרייט. אָבער נאָכן אויסהערן מיין דערציילונג און דער עיקר — אַז מיר קומען אייגנטלעך פון דער וואָלאָגאָדסקער געגנט, האָט ער זיך אין גרויס פאַרלעגנהייט אַ קראַץ געגעבן און גע־זאָגט נאָר איין וואָרט: „ביטער!". דאָך האָט ער צומאָרגנס אונדז אַלע איינגעאָרדנט און אפילו באַ־זאָרגט מיט אַרבעט אין דער גאַרבעריי, וואָס האָט זיך געפונען אין דאָרף. נאָכן אָפּאַרבעטן עטלעכע וואָכן, בין איך מיטן שוואָגער אַוועק אַרבעטן אין די דער־בייאיקע גרויסע וועלדער, ביי זייער שווערע באַדינ־גונגען. דאָס האָט אַזוי געדויערט ביזן אויסברוך פון דייטש־סאָוויעטישן קריג אין 1941, דעם 22סטן יוני.

8

באַלד דעם ערשטן טאָג פון קריג איז אונדזער קליין אָרט באַמבאַרדירט געוואָרן פון דער לופט, ווייל עס האָט זיך געפונען נישט ווייט פונעם אָרט ווו אַ באַן־ליניע האָט זיך געקרייציקט מיטן הויפט־שאָסיי. אויפן דריטן טאָג איז געקומען אַ באַפעל צו עוואַקויִרן זיך. אויפן אַ געשפּאַנטן וואָגן האָבן מיר אַרויפגעלייגט דאָס ביסל אָרעמקייט — און מ'איז שוין ווידער נע־ונד. נאָך אַ שווערן וואַנדער־וועג, באַגלייט מיט אָפטע באָמ־באַרדירונגען, האָט מען זיך דערשלאָגן ביז קאָסטאָ־פּאָל. אָבער דאָס קליינע אָרט האָט מען געמוזט פאַר־לאָזן אין האַלבער נאַכט, צוליב דעם שטאַרקן לופט־אָנגריף.

ווידער מידע און געפּאַרפּולע טעג אויף באַדראַטע וועגן; שלאָפלאָזע נעכט, שרעק, הונגער, שווערע אי־בערלעבונגען. קוים מיט צרות זיך דערשלאָגן צו אַ קליינער באַן־סטאַציע, באַוויזן מיט כוח זיך אַריינ־צושטופּן אין אַ גענצלעך פאַרפולטן וואַגאָן.

הינטער קיעוו, 1942. איך בין פאַרבליבן אין אַ קליינער, צעקלאַפּטער מיליטערישער איינהייט. דער שונא האָט אונדז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. וואָס טאָן? פרוּוון זיך אַדורכרייסן, אָדער זיך אונטער־געבן? יעדער פון אונדז ווייסט וואָס אים דערוואַרט ביים דייטש. אויב זיי נעמען שוין יאָ געפאַנגענע — איז נאָר, כדי זיי אומצוברענגען. די פאַרצווייפלונג איז גרויס. מיט אַמאָל דערהערן מיר אַ מעכטיקן אויסגע־שריי, וואָס קלינגט ווי אַ באַפעל: טאָוואַרישטשי!" („חברים!"). מיר דערזען אַ שיינעם, הויכן חברהמאַן, אַן אָפיציר, מיט אַ גרעסערער צאָל זעלנער — און אויף זיין רוף קריכן אַרויס פון פאַרשידענע באַהעל־טענישן גאַנצע גרופּן און יחידים. מע פאַרזאַמלט זיך אַרום אים. יאָ, ער האָט מיט זיך געווער, פאַרשטאַר־קונג. פאַראַן אויך אָפיצירן און קאָמיסאַרן. פון די צעקלאַפּטע און צעטומלטע איינהייטן פאַרמירט זיך צוריק אויס אַ לייטישע אַרמיי. מיט געמיינזאַמע כוחות וועט אוודאי געלונגען דורכצוברעכן דעם שונאס אַרומרינגלונג. מיר לאָזן זיך אַוועק אויפן שאָסיי. נאָר צוויי מאַשינגעווערס הייבן אָן קלאַפּן אָן אויפהער. עס פאַלן קרבנות. די קאָמאַנדירן פאַרלירן זיך נישט, מע ווייזט אָן אויף אַ בוים, ווו עס זענען געווען פאַר־שטעקט צוויי דייטשע סנייפּערס. עטלעכע זעלנער לאָזן זיך אַהין אַוועק — און אַט ליגן שוין די סניי־פּערס טויט. דער וועג ווערט פריי. אַדורכגעריסן האָבן זיך אָבער בלויז צוויי אָנגעלאָדענע אויטאָס מיט זעל־נער. ווו זענען די אַנדערע פיר? ענדלעך באַוויזן זיך אויך זיי.

מיר בלייבן שטיין אין מיטן אַ פעלד ווו עס געפינען זיך אַ סך סטויגן היי. אַרום איז פינצטער, שטיל — נאָר מיר האָבן נישט קיין צו גרויסן צוטרוי צו אָט דער שטילקייט. איינער פון די זעלנער קריכט אַרויף אויף אַ בערגל און ער באַפעלט גלייך: „זיך אַוועק־לייגן, באַהאַלטן". ווירקלעך, אויפן שאָסיי באַוויזט זיך אַ קאָלאָנע דייטשיש מיליטער. מיר ליגן אויפן פעלד אָן אָטעם. מיר זעען נאָך פונוויטנס, ממש אויפן האָריזאָנט, פייער־צונגען און קנוילן שוואַרצן רויך. מן הסתם האָבן די אָפּטרעטנדיקע רוסן אונטערגעצונדן אַ דאָרף, צי אַ שטעטל. און אפשר גאָר האָבן די דייטשן נקמה גענומען אין אַן אָרטשאַפט, ווייל זיי האָבן דאָרט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד?

אַרום פיר פאַרטאָג, עס איז נאָך געווען פינצטער און

דער רוב פון אונדזער גרופּע האָט געהאַט איינגע־דרימלט ליגנדיק אויפן פעלד, האָבן זיך באַוויזן צוויי דייטשן אויף פערד און באַפוילן „די הענט אין דער הייך!". אונדזער עלטסטער גיט אַ שטילן באַפעל: „נישט ענטפערן, נישט שיסן, לאָזן זיי צוקומען נאָענט". זיי זענען ווייטער געריטן אויפן פעלד, ביז עס האָט זיך דערהערט אַ שאָס — איין דייטש פאַלט אַראָפּ אַ טויטער פון פערד. דאָס זעלבע געשעט אין אויגנבליק מיטן צווייטן. מיר לאָזן זיך פאַרזיכטיק אַוועק אין דער ריכטונג פונעם ברענענדיקן דאָרף.

דאָ האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַ בילד פון אַ חרוב־געוואָרענעם ישוב, וועלכע מיר האָבן אין די צענדליקער געזען אין פאַרלויף פון קריג. אויף דער הויפּט־גאַס האָבן זיך געוואַלגערט טויטע, בעת די פאַרוווּנדעטע האָבן זיך געבעטן וואַסער, אָדער מען זאָל זיי איבערבינדן. צעשראָקענע עטלעכע פרויען און קינדער, וועלכע האָבן אויסגעמיטן דעם פּאָגראָם, ווייל מ'האָט זיך באַצייטנס באַהאַלטן, דרייען זיך איצט אַרום פאַרצווייפלטע און יאָמערנדיקע, ברעכן הילפלאָז די הענט. דערזעענדיק אונדז, באַרואיקן זיי זיך אַ ביסל, דערציילן, אַז צום ערשט די דייטשע אַוויאַציע, דער־נאָך זייער פּיכאָטע, האָבן אַזוי פאַרניכטעט דאָס דאָרף מיט די איינוווינער און דעם לעבעדיקן אינווענטאַר. זיי בעטן מיר זאָלן זיי מיטנעמען, פאַר זיי איז נישט געבליבן וואָס צו טאָן אין דאָרף...

פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז געקומען אַן אָפּזאָג. מיר לאָזן זיך אַריין אין אַ געדיכטן וואַלד, זוכן דאָרט שוץ, כדי זיך אַרויסרייסן פון דער אַרומרינגלונג. מע מאַרשירט אין דער פינצטערניש, דער וואַלד גיט אַ געפיל פון זיכערקייט, נאָר גלייכצייטיק וואַרפט ער אַן אַן אימה. פון יעדן בוים־גערויש דוכט זיך, אַז עס גייט עמעצער. אַט לויערט אויף דיר די געפאַר פון יעדן קוסט צי ביימל... עס פאַלט צו די נאַכט, וואָס פאַרגרעסערט נאָך מער דעם פחד.

עס דערהערט זיך דער אונדז גוט באַקאַנטער גערויש פון עראָפּלאַנען. זיי זענען אַ סך. מיט אַמאָל צע־גיסט זיך אַ ליכטיקייט — ווי אין אַ שיינעם, העלן טאָג. ראַקעטעס באַלייכטן דעם הימל. דערנאָך — באָמבעס און באָמבעס. זיי הערן נישט אויף צו פאַלן. אָבער ווייט פון אונדז. מיר בלייבן לעבן. אויף ווי לאַנג?

...יענעם יאָר האָט דער דייטש נאָך געהאַט אָפּגע־האַלטן נצחונות אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע, הגם ער האָט פאַר יעדן זיג באַצאָלט גאָר אַ טייערן פּרייז. און מיר, אַנשטאָט זיך אַדורכרייסן, געפינען זיך גאָר אין די הענט פונעם בלוטיקן שונא. מע טראַנס־פּאָרטירט אונדז אָפּ אין לאַגער דאַרניצע, הינטער קיעוו.

9

אַלס נייער אין לאַגער, בין איך געיאָגט און גע־טריבן געוואָרן אויף די ערגסטע און שמוציקסטע אַר־בעטן און אויף טריט און שריט געהאַט אויסצושטיין קלעפּ און באַליידיקונגען סיי פון די דייטשן, סיי פון זייערע אונטערהעלפער די אוקראַאינישע וועכטער און אויפזעער. די לעצטע האָבן אפילו באַרויבט די אינ־טערנירטע פון דער נעבעכדיקער טעגלעכער ברויט־נאָרמע (180 גראַם!) און פון ביסל שיטערן וואַסער־זופּ, די אַזוי גערופענע „באַלאַנדע". און אַלע מאָל — אַפּעלן מיט אַ געצוווּנגען שטיין אָן באַוועגונג אין משך פון שעהן אויפן פראָסט צי אין רעגן, בייטאָג אָדער אין מיטן נאַכט; צי גאָר די איבונגען פון לויפן, פאַלן, אויפשטיין, וואָס זענען שטענדיק געווען באַגלייט מיט מערדערלעכע קלעפּ ביז טויט. און דאָס איז טאַקע געווען די אמתע כוונה פון די דייטשע רוצחים און זייערע העלפערס: אומברענגען מיט אַלע מיתה־משונהס די קריגס־געפאַנגענע.

ווער האָט אין יענע פינצטערע טעג פון פּיין און דערנידעריקונג, הונגער און יאוש, געקאָנט זיך פאָר־שטעלן, אַז בעצם הייבט זיך ערשט אָן פאַר מיר אַ לאַגער־לעבן; אַז כ'וועל געטריבן ווערן פון איין לאַגער אין צווייטן און דאַרפן אויסשטיין אַלע ווייסטע פּורע־ניותן פון מיליאָנען קאַצעטלער אין דער אָקופּירטער אייראָפּע?! ווען מ'האָט אינמיטן אַ פינצטערער און קאַלטער נאַכט אונדז אַרויסגעטריבן פון די באַראַקן, געהייסן אויסשטעלן, מיט די ביקסן־קאָלבעס אויס־געגלייכט די רייען און געציילט אַ סך מאָל — האָבן מיר נישט געוווּסט צי איז דאָס אַ סטאַטיסטיק לשם אַ געוויינלעכער קאָנטראָל, צי אויף צו פאַרמערן אונ־דזער פּיין, אָדער גאָר איבערפירן אין אַ צווייטן לאַגער. לאַנג טראַכטן לאָזט מען נישט. עס פאַלט אַ באַפעל „מאַרשירן" — און מיט צעבראָכענע הערצער, צע־קאַליעטשעטע נשמהס און קערפּערס, לאָזט מען זיך אינעם אומבאַקאַנטן און ווייטן וועג. נאָך וואַנדערן אין די נעכט און אויסבאַהאַלטן זיך בייטאָג אין די וועל־

דער, איז נישט שווער געווען צו פאַרשטיין, אַז בעצם ווערט אונדזער לאַגער עוואַקואירט, וואָס מיינט אייגנטלעך אַ צוריקטריט פון דער דייטשער אַרמיי. נישט אַנדערש, ווי די רוסן דערלאַנגען קלעפּ אויפן פראָנט און די היטלעריסטן לויפן צוריק. אונדז שלעפּן זיי מיט זיך, ווייל אפשר וועט מען אין דייטשלאַנד דאַרפן די אומזיסטיקע שקלאַפן־אַרבעטער.

ווער איז דען מסוגל צו שילדערן דעם טויטן־מאַרש פון די עוואַקואירטע קאַצעטלער, זייער שווידערלעכע פּיין אויפן וועג, וואָס איז אויף שריט און טריט געוואָרן פאַרזייט מיט פרישע קרבנות? אַ סך איז וועגן דעם שוין געשריבן געוואָרן, אויך פונעם ריזיקן לאַגער בערגען־בעלזען, ווו מיר זענען אָנגעקומען און געטראָפן ' דאָרט אַ סך טויזנטער ווי מיר: נאָך לעבעדיקע מענטשלעכע סקעלעטן, אויף וועמען מ׳האָט געקאָנט אָפּציילן די ביינער; דערשלאָגענע, האַלב־טויטע באַשעפענישן, וואָס זענען נישט געווען מסוגל אַפילו זיך אויפצוהייבן און געוואַרט אויף דער דערלייזערישער קויל, זי זאָל אַ סוף מאַכן צו דעם, וואָס האָט נאָך געהייסן לעבן.

ס׳איז דאָך אַ באַוווסטע זאַך, אַז שוין נאָך דעם ווי בערגען־בעלזען איז באַפרייט געוואָרן דורך די ענגלענדער, האָט נאָך געדויערט וואָכן, ביז מ׳האָט באַוויזן אָפּצורייניקן דעם לאַגער פון די טויטע, איבערפירן די לעבעדיקע אין שפּיטאָל און שטעלן אויף די פיס די, וואָס האָבן איבערגעהאַלטן דעם גהינום. אָבער פאַר דער צייט, שוין נאָך דער באַפרייאונג, זענען נאָך הונדערטער און הונדערטער געשטאָרבן פון די לאַגער־קראַנקייטן, ווי טיפוס, דיזענטעריע און טובערקולאָז און פון אַלגעמיינער דערשעפּונג.

10

אַן ערך צוויי חדשים נאָכן באַפרייען בערגען־בעלזען, בין איך נאָך אַ שווערער און פאַרמאַטערנדיקער רייזע, אָנגעקומען קיין וואַרשע, און פון דאָרט קיין פּאַלעניץ — איז שוין נישט ווייט! נאָר די אויגן גלייבן נישט: איז דאָס מיין געבורט־שטעטל? אמת, די סטאַציע באַשטעטיקט דאָס — אָבער אַ שפּאַציר איבער עטלעכע גאַסן לייקנט אַלץ אָפּ. ניין, נישטאָ די יידישע פּאַלעניץ, ווי זי איז געוואָרן איינגעבאַקן אין האַרצן פון די קינדער־יאָרן; נישטאָ אירע יידן, זייערע געשעפטן און וואַרשטאַטן, זייערע היימען און אינסטיטוציעס. אַלץ איז דורכן רוצח אָפּגעמעקט געוואָרן.

עס גייט מיר אַנטקעגן דער אַלטער, דיקער קריסטלעכער פעלדשער פלאָסקיטע. זיין ערשטע פראַגע איז: „טי זשיעש?!" („דו לעבסט?!"). איך ענטפער אים פּשוט: „טאַק!" („יאָ!"). ער ווייסט צו דערציילן, ווי אַזוי מיין פאָטער, יצחק גאָלדבערג, איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און זיך געוואָלט ראַטעווען אין אַ וואַגאָן קליידער, וועלכן די מערדער האָבן צוריק געשיקט פון דעם טויטן־לאַגער. האָט מען אים געמסרט און צוזאַמען מיטן אייניקל (שלמה בוטלינקיס אַ זון) דערשאָסן אויפן אָרט. מאַטקע גאָלדבערג מיט זיין פרוי האָט מען דערשאָסן אין הויף פון זייער שטוב. שלמה בוטלינסקי, מיין ברודער הערשל, דודטשע זילבערשפּאָרן מיט עטלעכע ניינציק שקלאַפן־אַרבעטער, אַלץ פּאַלעניצער יידן, זענען דערשאָסן געוואָרן אין נייווערטס טאַרטאַק, ווו זיי האָבן געאַרבעט שוין נאָך דער לעצטער אויסזידלונג פון פּאַלעניץ.

עס פאַלט צו די נאַכט. ווי אַ שאָטן דריי איך זיך איבערן שטעטל, נישטאָ ווו אַריינצוגיין איבערנעכטיקן און עס ווילט זיך אויך נישט בלייבן איבער נאַכט אין דער אויסגעליידיקטער פּאַלעניץ. איך קום צוריק קיין וואַרשע. דאָ באַגעגן איך משה לאַטאָוויצקי און נאָך עטלעכע לאַנדסלייט. זיי דערציילן מיר וועגן אונדזער בן־עיר צעשינסקי, וועלכער איז איצט פאַרזיצער פון יידישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט אין קאַטאָוויץ. עס ווילט זיך אַראָפּפאָרן צו אַן אַלטן באַקאַנטן, אפשר ווייסט ער עפּעס וועגן לעבנגעבליבענע פּאַלעניצער, מעגלעך אַז ער ווייסט פון אַ ניצול־געוואָרענעם משפּחה־מיטגליד? אויסער דעם אַלעמען, ווילט זיך אויך ביים אים בעטן הילף אויף אַרומצאַמען דעם געשענדעטן און חרוב געוואָרענעם יידישן בית־הקברות אין פּאַלעניץ.

גערעדט און געטאָן. צומאָרגנס בין איך שוין אין קאַטאָוויץ. נאָר דאָ דערוואַרט מיך אַן אַנטוישונג. חבר צעשינסקי דערקענט מיך נישט. אמת, כ׳האָב אים נישט געזאָגט מיין נאָמען. אַ געטראָפענער, וויל איך שוין פאַרלאָזן זיין קאַבינעט, נאָר ער פאַרהאַלט מיך, בעט שטאַרק כ׳זאָל אים זאָגן ווער איך בין. איך שטעל זיך פאָר. ער גלייבט נישט די אייגענע אויערן און אויגן. אַזוי האָב איך זיך פאַרענדערט נאָך די אַלע איבערלעבונגען. נאָר צעשינסקי האָט מיר נאָך עפּעס צו זאָגן: מיין פרוי מיטן קינד לעבן, זיי געפינען זיך דאָ אין קאַטאָוויץ. און ער פאַלט אויף די טיר, שרייט צו אַ באַאַמטן, ער זאָל לויפן אָנזאָגן די בשורה מיין

פרוי. עס ווערט אַ צוזאַמענגעלויף אין קאַמיטעט, מע קוקט אויף מיר מיט שטוינונג, פרייד, קנאה.

מע פירט מיך אַוועק אין זייער דירה. ניין, די פעדער איז נישט אימשטאַנד אַרויס צו ברענגען יענע באַגעגעניש. מיין פרוי איז געווען זיכער, אַז איך לעב שוין נישט, אפילו דערציילט אירע נאָענטע וועגן דעם. אויך צעשינסקין האָט זי געזאָגט, אַז זי גלייבט נישט כ'זאָל האָבן איבערגעלעבט דעם קריג, ווייל כ'בין דאָך אין כאַרקאָוו פון איר אַוועק אין דער אַרמיי און פון דעמאָלט אָן האָט זי נישט געהאַט פון מיר די קלענסטע ידיעה. אָבער זי האָט זיך אָפּגעראַטעוועט, געזאָרגט פאַרן קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן פינף חדשים נאָכן געזעגענען זיך מיט מיר. איצט זענען מיר אַלע דריי צוזאַמען... ווי גוט איז צו פרייען זיך מיט אַן אָפּגעראַטעוועטער פרוי און קינד, נאָך אַזאַ שרעקלעכן חורבן און פאַרוויסטונג!

11

אין קאַטאָוויץ און שפּעטער אין וואַרשע איז מען לאַנגע שעהן געזעסן מיט אַמאָליקע קאַמפּס-חברים און פריינד און דיסקוטירט וועגן דער יידישער צוקונפט אין פוילן. דאָס איז דאָך געווען אין די צייטן, ווען די פוילישע רעגירונג האָט טאַקע פון איין זייט אַרויסגעוויזן מאַקסימום הילף און שוץ דער שארית־הפליטה, נאָר פון דער צווייטער זייט האָבן רעשטלעך פון די רעאַקציאָנערן און אַנטיסעמיטן געשלעפּט יידן פון די באַנען און זיי דערשאָסן, אַדורכגעפירט איינצלנע מאָרד־איבערפאַלן אין שטעט און שטעטלעך איבער ניצול־געוואָרענע פון די קרעמאַטאָריעס און מאַסן־גריבער. מיין באַשלוס איז אַ פעסטער: כ'מוז פאַרלאָזן פוילן, באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל.

מיר פאָרן ווידער איבער דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד, נאָר דאָס מאָל — ווי פרייע יידן אין זייער נאָך נישט באַפרייטן לאַנד. מיר שטעלן זיך אָפּ אין בערגען־בעלזען, וווּ מ'האָט שוין באַוויזן אויפצושטעלן אַ ריזיקן מאָנומענט לזכר די אומגעבראַכטע קרבנות.

אין יאָר 1947 זענען מיר דריי, אַ דאַנק די ערשטע סערטיפיקאַטן פאַר די באַפרייטע אין בערגען־בעלזען, אָנגעקומען אין אונדזער לאַנד.

# כ'בין אנטלאפן פון טרעבלינקע

יעקב אַקערמאַן
בת־ים

1

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, בין איך נאָך נישט אַלט געווען קיין 13 יאָר. מיינע עלטערן, די זעקס ברידער און צווי שוועסטער, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין פאַלעניץ, האָבן אין אָנהייב נישט געפילט אַזוי דעם גרויל פון דער מלחמה. אונדזער משפחה איז געווען אַ גוט־סיטואירטע. מיין פאָטער שמואל־יוסף איז געווען אַ בוי־אונטערנעמער און פון יאָר 1937, ווען דער זיידע איז געשטאָרבן, האָט ער אויך געהאַט זיין חלק אין דער בעקעריי, וואָס דער פאַרשטאָרבענער האָט איבערגעלאָזט. דערנאָך האָט ער זי געפירט צוזאַמען מיט מיין פעטער. אין זכות פון אָט דער בעקעריי זענען מיר אין אַ געוויסער מאָס געווען מיוחסים. אין אונדזער הויף, אויף האַנדלאָווע 23, האָבן זיך געצויגן לאַנגע רייען נאָך ברויט. מעל האָבן מיר באַקומען פון דער אָרטיקער פוילישער מאַכט.

דעם 17טן סעפּטעמבער 1939, זענען די דייטשן אַריין קיין פאַלעניץ, נאָך אַ שווערער אַרטילערישער באַשיסונג און באָמבאַרדירונג, ווייל זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד, הגם נישט קיין שטאַרקן, מצד די פאָליאַקן. נאָכן באַזעצן דאָס שטעטל, האָט מען אויסגעלאָזט דעם כעס צו די יידן, זיי האָבן אונטערגעצונדן די הויפּט־גאַס, ווייל דאָרט האָבן אַלע געשעפטן און ווילעס געהערט צו יידן. די דערוואַקסענע יידישע באַפעלקערונג האָבן זיי געטריבן צו דער אַרבעט לענגאויס דער „ליניע" און די אַנדערע איינוווינער, דער עיקר אַלטע לייט, פרויען, קינדער און קראַנקע — האָבן זיך געלאָזט צופוס קיין אָטוואָצק.

אין אָטוואָצק האָט אונדזער גרויסע משפחה געהאַט וווּ אַריינצוגיין, ווייל דאָרט האָט געוווינט מיין מומע פראַדל קויפמאַן. פאַרלירנדיק די בעקעריי, האָט מיין פאָטער געמוזט זאָרגן פאַרן קיום פון דער משפחה. ער

האָט אַנגעהויבן האַנדלען מיט זאַלץ און אַנדערע אַרטיקלען, אַ דאַנק זיינע פאַרבינדונגען מיט די יידישע און אויך קריסטלעכע סוחרים. אַזאַ מין האַנדל אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט געדראָט מיט סכנות נפשות. ס'איז אָבער נישט געווען קיין אַנדערע ברירה, מ'האָט געמוזט ריזיקירן.

עטלעכע וואָכן האָבן מיר געלעבט אין אָטוואָצק. ווען אונדזערע עלטערן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס'האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, זענען מיר צוריק געפאָרן קיין פאַלעניץ. אַזוי האָט אויך געטאָן דער רוב יידן פון שטעטל, וועלכע זענען בעת דער שריפה אַוועק פון דאָרט. איצט, אומקערנדיק זיך אַהיים — איז קיין היים שוין נישט געווען. האָט מען זיך אַריינגעכאַפּט אין די ליידיקע וויללעס און הייזער, ווייל דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט און אַ דאַך איבערן קאָפּ האָט געמוזט זיין.

2

די דייטשע אַדמיניסטראַטיווע און מיליטערישע מאַכט אין פאַלעניץ איז דאַן באַשטאַנען פון אַ קאָמענדאַנטור, בערך צען פערזאָן. צוגלייך מיט דער קאָמענדאַנטור, איז געווען טעטיק דער פאָסטערונעק פון דער פּוילישער פאָליציי. די ביידע אינסטאַנצן האָבן אין אָנהייב נישט שלעכט זיך באַצויגן צו דער יידישער באַפעלקערונג, און איך דערמאָן זיך נישט קיין ספּעציעלע האַרבע רדיפות קעגן יידן. אָבער יעדער האָט געוואָלט און באַדאַרפט לעבן — און ס'האָט זיך ווידער צעבליט דער אומלעגאַלער האַנדל.

ווינטער 1940 האָט מען די וואַרשעווער יידן אַריינגעטריבן אין געטאָ, איזאָלירט פון דער דרויסנדיקער וועלט, האָבן זיי באַלד דערפילט דעם הונגער. פון פאַלעניץ און אַנדערע ערטער אַרום וואַרשע, איז אַוועק אַ האַנדל מיטן געטאָ. דער אַריינפאָר דאָרט איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן, אָבער האָבנדיק ספּעציעלע שיינען פון דער קאָמענדאַנטור, מיט אַ דערלויבעניש צו פאָרן אין דער הויפּטשטאָט, כדי צו ברענגען פון דאָרט נייטיקע זאַכן און סחורות, האָט מען דאָס אויסגענוצט, כדי צו פירן דעם מסחר מיטן געטאָ. די וויכטיקסטע אַרטיקלען, וואָס מ'האָט געפירט אַהין, זענען געווען: קוילן, קאַרטאָפל, פלייש און ברויט.

אין אַזעלכע נסיעות קיין וואַרשע פלעג איך אָפט באַגלייטן מיין פאָטער, וועלכער האָט געהאַט אַן אייגענעם פערד־און־וואָגן. עס האָט אָבער אויך פּאַסירט, אַז איך פלעג אַליין זיך לאָזן אין אַזאַ ווייטן און געפערלעכן וועג — און שטענדיק בשלום געקומען צוריק.

פון די פאַלעניצער בעקערייען זענען געווען טעטיק בלויז צוויי — גאָלדפאַרבס און צימליכס. דאָס ברויט איז נאָרמירט געוואָרן — ביז 150 גראַם פאַר אַ פערזאָן. און דער הונגער האָט זיך געלאָזט פילן אויך אין פאַלעניץ. צום גליק, האָבן מיר נישט געליטן קיין נויט.

אין דער זעלבער צייט האָבן פאַלעניצער יידן נישט צופיל פאַרלאָזט זיך אויפן דייטש — און מ'איז מאַסנווייז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. ווער צופוס, ווער אויף וועגענער — זענען געלאָפן אויף מזרח, זוכנדיק דאָרט אַ רעטונג. אויך מיין שוועסטער מיט אירע צוויי קליינע קינדער (דער שוואָגער איז געהאַט נאָך פריער אַוועק), האָט מיין פאָטער אַרויפגעזעצט אויף אַ וואָגן געשפּאַנט אין צוויי פערד, און זי געשיקט צו דער סאָוויעטישער גרענעץ מיט צוויי פאָליאַקן, וועלכע האָבן ביי אונדז געאַרבעט. אין אַ צייט אַרום האָבן די פאָליאַקן זיך אומגעקערט — נאָר אָן די פערד. די דייטשן זאָלן זיי האָבן צוגענומען, ווי זיי האָבן דערציילט. אָבער מיר זענען געווען צופרידן פונעם גרוס, אַז די שוועסטער איז בשלום צוגעשטעלט געוואָרן צו דער גרענעץ.

3

אין פרילינג 1940 (די גענויע דאַטע דערמאָן איך זיך נישט), איז אין פאַלעניץ געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ. זיינע גרענעצן זענען געווען: פון דער רוזשאַנע גאַס ביז נאָכן מיעדזעשינער באַזאַר; און פון דער וואַרשאַווסקע גאַס — ביז נאָכן באַזאַר אין פאַלעניץ, אויף דער ליניע פאַרן קלויסטער. דאָס געטאָ האָט מען אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט, אָבער נישט אויף אַזאַ הייך און מיט אַזאַ געדיכטקייט, אַז מ'זאָל זיך נישט קענען אַדורכגנבענען. יעדער דערוואַקסענער ייד האָט געמוזט טראָגן דעם אָרעמבאַנד מיטן מגן־דוד. אַפילו מיין יינגערער ברודער אברהם, וועלכער איז דאַן אַלט געווען 11 יאָר, האָט אויך געמוזט אָנטאָן דעם אָרעמבאַנד.

מיטן אַנטשטיין פון געטאָ, איז דורך די דייטשן געשאַפן געוואָרן אַ יודענראַט. איך דערמאָן זיך נישט איצט די נעמען פון די יודענראַט־מיטגלידער, אויסער אברהמטשע קאַלקאָוויטש. צו הילף דעם דאָזיקן ראַט, איז געווען די יידישע פאָליציי, אַ מאַן 15 אין צאָל. די פאָליציאַנטן האָבן נישט געלעבט דערפון, וואָס זיי האָבן געדינט אין יודענראַט.

אַדמיניסטראַטיוו האָט דאָס פאַלעניצער געטאָ געהערט צו רעמבערטאָוו. פון דאָרט איז איין מאָל אַ וואָך געקומען די זשאַנדאַרמעריע און רעגולירט אירע ענינים מיטן יודענראַט, ברענגענדיק יעדעס מאָל גזירות און פאַראָרדענונגען. נאָר דער עיקר־ציל פון זייערע וועכנטלעכע וויזיטן איז געווען: צו נעמען געלט און ביי דער געלעגנהייט דערשיסן עטלעכע יידן, וואָס זאָלן כלומרשט זיך האָבן פאַרזינדיקט.

נישט נאָר די דייטשן פלעגן נעמען געלט. מיט פאָדערן לאַפּוווקע האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט דער מיעדזעשינער קאָמענדאַנט און זיינע פּוילישע פּאָליציאַנטן.

אין יענער צייט איז די נויט אין אָפּגעשלאָסענעם געטאָ געווען זייער גרויס. יידן האָבן אָנגעהויבן אויספאַרקויפן זייער מעבל, ווערטפולע זאַכן, וועש און קליידונג, כדי זיך איינשאַפן אַ שטיקל ברויט. אַנדערע ווידער האָבן איינגעשטעלט מיט אַלעמען און זיך אַוועקגעלאָזט קיין קאָלאָביעל, מינסק־מאַזאָוויעצק און ווייטערע ערטער, כדי דאָרט קויפן אַ ביסל קאַשע, מעל און אַנדערע פּראָדוקטן, שלעפּן עס אויף די פּלייצעס קיין פאַלעניץ. אויף האַנט־מילעכלעך פלעגט מען צעמאָלן תבואה־קערנער און קאַשע, אַבי שטילן דעם הונגער.

איך דערמאָן זיך אַ פאָדערונג פון די דייטשן, אַז דער יודענראַט זאָל זיי צושטעלן 40 יוגנטלעכע צו דער אַרבעט. איך מוז אונטערשטרייכן, אַז דאָס צושטעלן די יוגנטלעכע איז נישט אַדורכגעפירט געוואָרן מיט צוואַנג, נאָר דער יודענראַט האָט נאָך אַ באַראַטונג מיט די עלטערן, אויסגעקליבן די באַשטימטע צאָל. זיי אַלע זענען אָפּגעפאָרן קיין טרעבלינקע, אַ סברה — צו גרייטן דאָרט דעם שפּעטערדיקן טויטן־לאַגער. נאָך צוויי חדשים זענען זיי צוריק געקומען, נאָר צי אַלע פערציק — דערמאָן איך זיך נישט.

4

אין יאָר 1940 איז געווען דער איינדרוק, אַז דאָס געטאָ־לעבן ווערט כאילו נאָרמאַליזירט. אמת, די נויט און הונגער האָבן זיך געפילט אין רוב יידישע היימען, אָבער וועגן פאַרפאָלגונגען, אַקציעס, צי פּאָגראָמען — האָט מען נישט געוווּסט. דאָס זוכן באַשעפטיקונג און אַ פאַרדינסט האָט יידן דערפירט צו אַזאַ דערפינדערישקייט און תחבולותן, וועלגן וועלכע מ׳האָט נישט געחלומט פאַר דער מלחמה. אויסער די פריער־דערמאָנטע האַנט־מילעכלעך, האָט מען זיך איינגעאָרדנט היימישע בעקערייען, ווו מ׳האָט געבאַקן פאַרשידענע געבעקסן. באַזונדערס איז אָנגעגאַנגען דער האַנדל מיט האָלץ, וואָס איז צעשלעפּט געוואָרן פון די ליידיקע וויללעס און פון זייערע פאַרקנס. מ׳האָט אויך פאַרקויפט געשמוגלט פלייש. שלעכט איז געווען יענע יידן, וועלכע האָבן נישט געהאַט די פעיקייט און פלינקייט זיך צוצופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען. באַזונדערס האָבן געליטן די משפחות, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין קינדער מיט אַן „אַרישן" אויסזען. נאָר יידישע קינדער און יוגנטלעכע מיט פנימער פון אַ „שגץ", האָבן זיך געקענט באַוועגן אויף די שליאַכן פון שמוגל, אַריינפירן און אַרויספירן פון פאַלעניצער געטאָ פאַרשידענע אַרטיקלען און סחורות.

מיין אויסזען האָט זיך געפּאַסט צו דער „נייער צייט" — און אויף די זייטיקע וועגן און שטעגן, וואָס האָבן געפירט קיין קאָלאָביעל, בין איך געווען גוט אָריענטירט, אפילו אין די פינצטערע נעכט. אָבער איין מאָל בין איך יאָ אַריינגעפאַלן, ווייל די זשאַנדאַרמעריע האָט געלויערט אויף די וועגן — און מיך אַרעסטירט. אַ גאַנצע ריי שפּייז־אַרטיקלען האָבן זיי צוגענומען, מ׳האָט מיך גוט צעשלאָגן און איינגעזעצט אין דער געביידע פון דער קאָלאָביעלער זשאַנדאַרמעריע. אָבער לאַנג בין איך נישט געבליבן פאַרשפּאַרט, ווייל אויפן אָרט זענען געווען עטלעכע יידן, א. ג. „מאַכערס", וואָס האָבן געוווּסט מיט אויסלייז־געלט צו פועלן ביי די דייטשן, אַז די פאַרהאַלטענע יידישע שמוגלערס זאָלן באַפרייט ווערן. אַ גליקלעכער בין איך צוריק אַוועק קיין פאַלעניץ.

שפּעטער איז מיין פאָטער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. די גאַנצע משפחה איז געווען שטאַרק באַזאָרגט מיט זיין געזונט־צושטאַנד און מיר האָבן אַלץ געטאָן, כדי צו ראַטעווען דעם טאַטן. דאָס געלט, וואָס מיר האָבן געהאַט צום האַנדל — איז אויסגעגעבן געוואָרן אויף דאָקטוירים און רעצעפּטן. ליידער, דער הערשנדיקער טיפוס אין געטאָ האָט דאַן צוגענומען אַ סך יידן, צווישן זיי — אויך מיין פאָטער. חנוכה 1941 האָט ער אויף אייביק צוגעמאַכט זיינע אויגן. מיר האָבן אים קובר געווען אויף דעם נייעם בית־עולם, וואָס איז אויסגעטיילט געוואָרן דורך די דייטשן, צווישן אַלעקסאַנדראָוו און וויאָנזאָוונע.

איצט איז די גאַנצע לאַסט פון אויסהאַלטן די פאַר-

יתומטע פאַמיליע — געפאַלן אויף מיר. כ׳בין נאָר וואָס געהאַט אַריינגעטרעטן אין פופצנטן לעבנס־יאָר. כ׳האָב באַדאַרפט זאָרגן פאַר מיין מוטער, פינף ברידער און צוויי שוועסטער. די עלטסטע שוועסטער הינדע (היינט אין ישראל), מיט איר מאַן און קינדער, זענען דעמאָלט שוין געווען אין רוסלאַנד און דער ברודער לייבל האָט מיט זיין פרוי און קינדער געלעבט אין פאַלעניצער געטאָ, נישט ווייט פון אונדז.

5

מיט גרויסע שוועריקייטן האָט די גאַנצע משפחה צונויפגעשטעלט די סומע פון 2.000 זלאָטעס — און דריי ברידער (אברהם, ברוך און איך) האָבן אָנגעהויבן פירן אַ האַנדל מיט מעל. כמעט אין יעדן צווייטן הויז אין פאַלעניץ איז געווען אַ בעקעריי. די פאַליאַקן פלעגן ברענגען מעל קיין פאַלעניץ, דאָ עס אויסגעבאַקן און די ברייטלעך מיט זעמל אַוועקגעפירט אין וואַרשע.

נישט שטענדיק האָבן די פאַליאַקן געבראַכט דאָס מעל אין שטעטל. דעמאָלט בין איך מיט מיינע ברידער אַוועק אויף דער „אַרישער״ זייט און ביי באַקאַנטע קריסטן געקויפט אַ ביסל מעל.

ס׳וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז יענעם זומער פון יאָר 1942, האָבן די יידן אין פאַלעניצער געטאָ פאַרנומען זיך בלויז מיט האַנדל און מיט באַקן ברויט. די דייטשן האָבן שוין אָנגעהויבן פאַרציען דעם שטריק אויפן האַלדז, נישט פאַרגעסנדיק אויך אין פאַלעניץ. פאַרן אַרויסגיין פון געטאָ און וועלן זיך אַריבערקומען אויף דער א. ג. אַרישער זייט, זענען עטלעכע ייד דערשאָסן געוואָרן, צווישן זיי: חיים־יאַנקל צעבולע, זיין ברודער וועלוול און אַנדערע, וואָס זייערע נעמען געדענק איך נישט.

יעדער בכור אין געטאָ האָט געמוזט איין טאָג אין וואָך אַרבעטן אין טאַרטאַק, די צוואַנגס־אַרבעט איז געווען חל אפילו אויף די יידישע פאַליציאַנטן. בלויז די מיטגלידער פון יודענראַט האָבן ניט שטאַרק געפילט די לאַסט פון די דייטשע גזירות און פאַרפאָלגונגען. אין דער לופט אָבער האָט שוין געשוועבט די זיך דערנענטערנדיקע קאַטאַסטראָפע.

און זי איז געקומען. געשען איז דאָס אין אַן אויגוסט־טאָג 1942. מיט אַ טאָג פריער האָבן די רוצחים ליקווידירט דאָס אָטוואָצקער געטאָ. וועגן דעם איז מיר באַקאַנט געוואָרן פון מיין מומע פראַדל און אירע צוויי זין, וועלכע זענען געקומען קיין פאַלעניץ צעטומלטע און פאַרצווייפלטע און איבערגעגעבן וועגן חורבן פון יידישן אָטוואָצק. אַ גאַנצע נאַכט זענען די יידן פון פאַלעניצער געטאָ שוין נישט געשלאָפן. באַגינען, איידער די זון האָט באַוויזן צו שיקן אירע ערשטע שטראַלן, האָבן פון אַלע זייטן זיך דערהערט ווילדע אויסגעשרייען:

— יודען הערויס!

דאָס גהינום האָט זיך אָנגעהויבן. אָבער נישט אַלע זענען געווען אַזוי געהאָרכזאַם. מ׳האָט דערציילט, אַז אונדזער שכן מאָטקע גאָלדבערג, האָט דערהרגעט אַ דייטש און מ׳האָט אים אויפן אָרט דערשאָסן.

די אומגליקלעכע יידן האָט מען באַפוילן צו פאַרזאַמלען זיך אויפן פלאַץ ביי זאַלעווסקיס ווילע, נישט ווייט פון דער תלמוד־תורה, וווּ ס׳האָט זיך געפונען דער יודענראַט. דאָרט איז מען געזעסן אויף דער ערד אַ גאַנצן טאָג. מיט אַמאָל איז געקומען אַ באַפעל, אַז די וואָס זענען באַשעפטיקט אין טאַרטאַק אַלס אַרבעטער — זאָלן זיך אויסשטעלן באַזונדער. זיי האָבן באַקומען אַ פאַראָרדענונג צוריקגיין אין טאַרטאַק. יענעם טאָג האָט מען געבראַכט קיין פאַלעניץ די יידן פון רעמבערטאָוו. אַ טייל פון זיי זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין די וואַגאָנען און די אַנדערע זענען פאַרבליבן מיט די פאַלעניצער יידן, כדי שפּעטער טיילן זייער ביטערן גורל.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט די סיבה פון צוריק נעמען די טאַרטאַק־אַרבעטער. די דייטשן האָבן זיך שטאַרק געניטיקט אין דער פּראָדוקציע פונעם טאַרטאַק און זיי האָבן אַפילו דעם יידישן אייגנטימער זיינעם, ראובן נייווערט, דערלויבט צו וווינען אויסערן געטאָ, אין טאַרטאַק גופא. ער איז אויך געווען דער אַרבעטס־לייטער, פירנדיק די אונטערנעמונג צוזאַמען מיט עטלעכע דייטשע פאַכלייט. די לעצטע האָבן געהאַט פאַרפליכטונגען פאַר דער דייטשער מאַכט און דערפאַר איז זיי געגאַנגען אין לעבן נישט מוותר צו זיין פון די יידישע אַרבעטער. די געסטאַפּאָ האָט אָבער נישט געוואָלט אַפּלאָזן אירע קרבנות און ס׳איז נייטיק געווען אַן אינטערווענץ פון וואַרשע, אויסצופועלן די באַפרייאונג פון 114 אַרבעטער, צווישן וועלכע איך האָב זיך געפונען, ווי אויך מיין קוזין שמואל־יוסף אַקערמאַן.

6

אין אונט האָבן מיר אָפּגעמאַרשירט אין טאַרטאַק, נאָר נישט געהאַט ווו צו שלאָפן. האָט מען זיך דערווייל איינגעאָרדנט אויף די קלעצער און ברעטער, געלייגט זיך אויף דער בלויזער ערד, מיט אַן איינגערעדטער זיכערקייט, אַז מיר זענען די געראַטעוועטע...

דער טאַרטאַק איז געווען פאַרבונדן מיט אַ זייטיקער באַן־ליניע, וואָס האָט געפירט צו דער פראַכט־סטאַציע. אויסער די אַלע שווערע אַרבעטן פון צוגרייטן געהילץ פאַר בוי־צוועקן, האָבן מיר באַדאַרפט די פאַרטיקע ברעטער און קלעצער אָנלאָדן אויף וואַגאָנען און זיי שטופּן ביז דער סטאַציע. פונדאָנען זענען זיי צעשיקט געוואָרן איבער גאַנץ פּוילן.

למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די פּאָליאַקן פון דער סביבה, וועלכע האָבן געזען די פאַרפּייניקטע יידן, ווי זיי שטופּן די וואַגאָנען און ווערן אונטערגע־טריבן דורך די דייטשע אויפזעערס, האָבן נישט גע־לאַכט, געחוזקט אָדער געזידלט די געליטענע, נאָר אַ סך מאָל דערמוטיקט מיט אַ גוט וואָרט, צי אַפילו צוגעוואָרפן אַ שטיקל ברויט.

אַזוי האָבן מיר ווידער אָפּגעאַרבעט עטלעכע חדשים אין טאַרטאַק, ביז מ׳האָט אַכט יונגעלייט (צווישן זיי — מיך און יצחק דעם קאָוואַלס זון) איבערגעפירט אינעם אַרבעטס־לאַגער נישט ווייט פונעם וואַרשעווער פלי־פלאַץ אָקענטשע. דאָרט זענען הונדערטער מענטשן געווען באַשעפטיקט ביים רעגולירן די ווייסל פון גע־וויקסן האָבן מיר געפלאַכטן מאַטעס, וואָס זענען שפּע־טער גענוצט געוואָרן צו די רעגולאַציע־אַרבעטן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך שוין נישט פאַרנומען. דער רעזשים איז נישט געווען קיין שווערער, כמעט אַן צוואַנג, נאָר מיט עסן איז געווען שלעכט. בורעקעס און רויע קאַרטאָפל זענען געווען די עיקר־דיקסטע שפּייז. דער רעזולטאַט — דיזענטעריע און טיפוס. דער טיפוס האָט אויך מיך נישט אויסגעמיטן און כ׳ווייס נישט, הלמאי מ׳האָט גראַד מיך אָפּגעשיקט אין שפּיטאָל פון וואַרשעווער געטאָ, אויף גענשע 6.

איידער די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט מיין פאָטער ע״ה געהאַט עטלעכע וועגענער מיט פערד, וואָס האָבן געפירט די סחורות אויף דער „ליניע״. צוליב דעם האָבן מיר געהאַט פיל באַקאַנטע און פריינד, צווישן וועלכע ס׳איז געווען אַ דאָקטאָר, וועמענס נאָ־מען איך דערמאָן זיך איצט נישט. דער דאָזיקער דאָקטאָר האָט אין געטאָ געאַרבעט אין שפּיטאָל און פאַרבייגייענדיק דעם אָנגעפולטן קאָרידאָר, וווּ די קראַנקע זענען געלעגן אין די צענדליקער, האָט ער מיך דערקענט און באַפוילן אַריבערצופירן מיך אין אַ פּאַלאַטע. דאָ האָב איך געזאָגט פון אויפמערקזאַמקייט פונעם דאָקטאָר, באַקומען עסן און מעדיקאַמענטן. אין צען טעג אַרום איז מיר בעסער געוואָרן און דער דאָק־טאָר האָט מיר געזאָגט:

— אַקערמאַן, זאָל איצט גאָט זיין מיט דיר. איך קען דיך מער נישט האַלטן...

מיט אַ דאַנק פאַרן גוטן מענטש, האָב איך פאַרלאָזט דאָס שפּיטאָל — און אַרויס אין גאַס. כ׳געפין זיך אויף דער פראַנטשישקאַנער. מיין אויסזען — אַ שרעקלע־כער — הויט־און־ביין. קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס. אַ פאַרבייגייער שטעלט זיך אָפּ און פרעגט ווער איך בין. כ׳רוף אָן מיין נאָמען. יענער צעקושט זיך מיט מיר און רופט אויס מיט פרייד:

— איך בין דיין פעטער שלמה סאָכעצקי...

ער פירט מיך אַוועק צו זיך אַהיים אויף פראַנטשיש־קאַנער 22, ווו מ׳האָט מיך אַריינגעלייגט אין בעט און אין משך פון עטלעכע טעג זיך פאַרנומען מיט מיר ווי מיט אַן אייגן קינד. די כוחות הייבן אָן ביסלעכווייז צוריק קומען. איך פיל זיך געזונט און אַרבעטס־פעיק, כ׳בין גרייט די מענטשן אָפּצודינען פאַר זייער גוטסקייט.

מיין פעטער מיט זיינע זין זענען געווען באַשעפטיקט אין דער „ווערטערפאַסונג״. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַרויספירן פון געטאָ מיסט, אומנייטיקע זאַכן, אַלט מעבל — און צוריק פירן פאַרש־ידענע סחורות, עסנ־וואַרג און רוישטאָף פאַר די וואַרשטאַטן און פאַבריקן אין געטאָ. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ באַ־שעפטיקונג אין די ראַמען פון דער צוואַנגס־אַרבעט אין געטאָ. נאָר פונקט ווי די אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן די געטאָ־מויערן און אַהין זיך אומקערן אויף אַ לעגאַלן אופן, האָט אויך מיין פעטער מיט די בנים איינגעאָרדנט אין די וועגענער געהיימע באַהעלטענישן, ווו מ׳האָט אַריינגעשמוגלט פון דרויסן פאַרשידענע סחורות. ווען כ׳בין געזונט געוואָרן, האָבן זיי מיך אַריינגענומען אין דעם עסק. כ׳וועל אַן אָנגעשטעלטער אין דער „ווערטערפאַסונג״ און געניס דערביי פון דער „פּריוויִלעגיע״ צו שמוגלען אין געטאָ אַריין, אויב די דייטשע פּאָסטנס וועלן גאָר־נישט אַנטדעקן...

7

אין יענע באַדינגונגען איז דאָס געווען פּאַר מיר אַ רעטונג. כ׳האָב נישט געוווּסט פון קיין הונגער. דערצו נאָך איז איינער פון מיינע קוזינען געווען אַ בעקער. אים איז געלונגען צו אַנטלויפן פון טרעבלינקע, ווו ר׳איז אויסגעזידלט געוואָרן צוזאַמען מיט די פּאַלעני־צער יידן, און זיך אומקערן אין וואַרשעווער געטאָ. באַגעגנדיק מיך אין גאַס, האָט ער שוין שפּעטער גע־זאָרגט, אַז כ׳זאָל האָבן ברויט צו דער זעט.

מיין אַרבעט אין דער „ווערטערפאַסונג" האָט געדוי־ערט ביז דער גרויסער אַקציע אין יאַנואַר 1943. אין יענער תקופה זענען די געטאָ־איינוווינער נישט געווען נוטה צו פאָלגן די דייטשן און אייגנוויליק זיך צושטעלן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. די רוצחים האָבן באַדאַרפט אָנווענדן אַ סך כוחות, ליגנס, באַנוצן זיך מיט מוסרים, כדי צו באַוועגן די יידן אַרויסצוקריכן פון די בונקערס און באַהעלטענישן און לאָזן זיך פירן צום אומקום. נישט געווען כמעט קיין הויף, ווו ס׳זאָל נישט האָבן געווען קיין בונקער מיט שפּייז־זאַפּאַסן. מיר און מיין משפחה איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן אין אַזאַ בונקער אויף פראַנטשישקאַנער 22. אויפן פער־טן טאָג פון געטאָ־אויפשטאַנד, דעם 22סטן אַפּריל 1943, האָט מען אונדז אַנטדעקט און אָפּגעפירט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ אויף סטאַווקע. טויזנטער יידן זענען דאָרט געזעסן אין לוזשעס בלוט און געוואַרט אויפן טויט, וואָס האָט באַדאַרפט קומען אין איינעם פון די פאַרניכטונגס־לאַגערן, אָדער אויפן אָרט. אין יענעם מאָמענט האָב איך מקנא געווען מיין קוזין ברוך אַקער־מאַן, וואָס איז געהאַט אַנטלאָפן פון טרעבלינקע, וויל מיט אַ צייט צוריק האָט ער זיך דעצידירט צו פאַרלאָזן דאָס וואַרשעווער געטאָ (ערשט נאָך דער באַפרייאונג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער, מיט נאָך עטלעכע יידן, דערונטער אויך שמואל זשולטי, האָבן געבילדעט אַ גוט־אָרגאַניזירטע באַוואָפנטע גרופּע אין דער געגנט פון פאַלעניץ, און איז דאָרט געפאַלן פון אַ דייטשער קויל).

גרויס איז געווען מיין איבעראַשונג, ווען אויפן אומ־שלאַג־פּלאַץ האָט מען מיך מיט נאָך אַ גרופּע יונגע געזונטע יידן אַרויסגענומען און אָפּגעשיקט אויף גראַ־כאָוו, אין לאַגער, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די באַשעפ־טיקטע אין דעפּאָ אויפן מזרח־וואָקזאַל („דוואָזשעץ וסכאָדני") „פּראַגע צוויי". אונדזער אַרבעט איז באַ־שטאַנען אין אָנלאָדענען קוילן אויף די לאָקאָמאָטיוון. ביי דער אַרבעט איז נישט געווען ווי אַמערגסטן, אַנטקעגן דעם, וואָס איך האָב שוין ביז דעמאָלט אַדורכ־געמאַכט און וואָס כ׳האָב זיך אָנגעזען אין וואַרשעווער געטאָ. די פאַרשידענע יידן, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט — דאָקטוירים און עמך־מענטשן, פרומע און פרייע, געבילדעטע און עם־הארצים, — זענען געווען צופרידן, וואָס זיי לעבן נאָך און געהאַט די האָפענונג, אַז היטלערס מפלה וועט אַמאָל קומען.

דערווייל איז געקומען אונדזער מפלה. אַ געוויסע נאַכט איז דער לאַגער אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט ס.ס.־באַנדיטן — און אַלע שקלאַפן־אַרבעטער זענען אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען אָפּגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

8

48 שעה זענען מיר אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען, ווו מ׳האָט אויסגעשיט צעמאַלענעם קאַלך, געפאָרן קיין טרעבלינקע. צוויי טויזנט מענטשן האָט מען פאַר־שפּאַרט אין אַ פאָרנדיקער תפיסה — אָן אַ ביסל וואַסער, אָן עסן, אין די שווידערלעכסטע אַנטי־סאַני־טאַרע באַדינגונגען. די באַדערפענישן האָט מען דער־ליידיקט הינטער זיך, שטייענדיק אין וואַגאָן, וויל אַוועקזעצן זיך איז געווען אוממעגלעך, צוליב דער גרויסער ענגשאַפט. אייניקע האָבן ריזיקירט און גע־שפּרונגען פון די וואַגאָנען, אָבער ווער ווייסט וויפל ס׳האָבן מצליח געווען מיט דעם אַנטלויפן? בדרך כלל האָט מען די אַנטלויפנדיקע נאָכגעשאָסן, אָדער זיי זענען שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן פונעם שפּרונג, ווען די באַן איז געווען אין באַוועגונג. און אויב עמעצן פון זיי איז יאָ געלונגען אַוועקצולויפן ווייט, האָבן אין די וועלדער, אויף די וועגן און אין די כאַטעס, ווו ר׳האָט אָנגעקלאַפּט צו בעטן אַ שטיקל ברויט און אַ ביסל וואַסער — געלויערט די געפאַר אויסגעליפערט צו ווערן אין די דייטשע הענט, אָדער אומקומען אויפן אָרט.

ענדלעך איז דער טראַנספּאָרט אָנגעקומען קיין טרעבלינקע. די טויטע, וואָס זענען דערשטיקט גע־וואָרן בעת דער רייזע, האָט מען שוין נישט באַדאַרפט סעגרעגירן. זיי האָט מען גלייך אַוועקגעפירט אין די קרעמאַטאָריעס. דאַקעגן פון די לעבעדיקע האָט מען אויסגעקליבן אַרום 500 געזונטע, יונגע און אַרבעטס־פעיקע מענער צו באַשעפטיקן זיי אין לאַגער אַזוי

לאגג, ביז עס וועלן אנקומען נאך טראנספארטן, און די איצט ניצול־געוואָרענע וועלן טיילן דעם גורל פון די 1500 פון אונדזער טראנספאָרט. יאָ, זיי האָט מען באַלד געשיקט אין די גאַז־קאַמערן...

צו די 500, נאָך דער סעלעקציע, האָט מען אויך מיך צוגעטיילט. מיר האָבן באַדאַרפט אַרבעטן ביים זשוויר. מיר האָבן זיך אויסגעטאָן האַלב־נאַקעט און אָפּגעגעבן אַלע ווערטפולע זאַכן, געלט און בגדים. מ׳האָט אונדז צעטיילט צו 100 מאַן אין אַ בלאָק. איך בין אַריינגעפאַלן אינעם בלאָק, ווו בן־ציון קרושעווסקי איז געווען דער קאַפּאָ. איך געדענק נאָך אַ קאַפּאָ — יאָשע צעשינסקי. דער הויפּט פון די וואַרשטאַטן אין טרעבלינקע איז געווען אפרים ריקנער.

קרושעווסקי האָט מיר פּאַרגעלייגט צו ווערן אַ קאַפּאָ, נאָר איך האָב אים געזאָגט, אַז כ׳האַלט מיין לעבן במילא פאַר פאַרענדיקט — און נישט מסכים געווען אָננעמען דעם „אַמט". ער האָט מיר געגעבן אַ וואַטאָווע קאָלדרע און אַוועק געלייגט מיך אויף אַ פּריטשע נישט ווייט פון אים. דאָס איז געווען אַ פּריווילעגירט אָרט, וואָס האָט פאַרהיטן אָפט געוואָרן צו ווערן אויף „שפּי־לערייען" צו די באַנדיטן, פונוואַנען מ׳האָט זיך שוין נישט אומגעקערט.

עסן האָב איך געהאַט גענוג, אַ דאַנק קרושעווסקין, ביי וועמען ס׳האָט קיינמאָל נישט אויסגעפעלט קיין שפּייז. איינמאָל האָט ער מיך געפרעגט:

— יאַנקל, ביי וואָס ווילסטו אַרבעטן?

— כ׳וואָלט געהאַט חשק צו אַזאַ אַרבעט, ווו מע באַ־קומט נישט געשלאָגן און כ׳זאָל אויך קענען אַמאָל זיך אויפקאָכן אַ ביסל וואַסער, צי אָפּקאָכן אַ מייער.

ער האָט מיר דערקלערט, אַז אויב כ׳וויל בלייבן לעבן אין טרעבלינקע, זאָל מיך נישט אָנגיין יענעמס טויט אוןליידן. ער אַליין האָט שוין דאָ פאַרלאָרן זיין פרוי און צוגעזען דעם טויט פון אַ סך פּאַלעניצער. איך האָב אים נישט געענטפערט, נאָר אין האַרץ בשום אופן נישט מסכים געווען מיט אַזאַ צוגאַנג.

9

איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו דער גרופּע, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט לאַנדווירטשאַפטלעכער אַר־בעט. ביי דער דאָזיקער אַרבעט זענען דער עיקר געווען באַשעפטיקט דייטשן, וועלכע האָבן געזוכט ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון פראָנט. קיין גרינוואַרג האָט נישט געפעלט, במילא האָט מען נישט געפילט קיין הונגער.

אָבער די אַרבעט איז מיר נמאס געוואָרן און כ׳האָב געבעטן קרושעווסקין, ער זאָל מיך אַריבערפירן אויף אַ צווייטן אַרבעטס־פּלאַץ. איך ווייס נישט ווי אַזוי ער האָט די זאַך דערליידיקט. אַ געוויסן פאַרטאָג בין איך מיט נאָך אַ־בעטער און דעם אויפזעער אַוועק צו שאָסיי־בוי. מיר האָבן דאָרט באַדאַרפט פאַרריכטן דעם אָנשיט, אַמאָל טוישן די שפּאַלעס און האַלטן אין אָרדענונג די באַן־ליניע. אַלס וועג־אינזשעניר האָט געאַרבעט אַ גע־וויסער כאַדזשקאָ פון פּאַלעניצער יודענראַט. איך גע־דענק נאָך אַ פּאַלעניצער פון אונדזער גרופּע, אַ געווי־סער שמואליק.

דער דאָזיקער כאַדזשקאָ האָט אָרגאַניזירט זיין גרופּע צו אַנטלויפן. נאָכן אָפּגיסן זייערע וועכטער מיט וויט־ריאָל, איז זיי געלונגען זיך אָפּצוטראָגן. וואָס מיט זיי האָט שפּעטער פּאַסירט — ווייס איך נישט. נאָך פּאָר ד׳ער אַקציע האָט ער מיר עטלעכע מאָל געגעבן אָנצו־געהערן, אַז כ׳זאָל האָבן געדולד, נאָר כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען דעם מיין פון די ווערטער. ער האָט מיך נישט אַריינגענומען אין דער פאַרשווערונג.

אַז מ׳האָט אָרגאַניזירט אַ גרופּע אייזנבאַן־אַרבעטער צו קאָנטראָלירן די זיכערקייט פון דער באַן־ליניע און אַדורכפירן איניקע רעמאָנטן, איז קרושעווסקין ווידער געלונגען מיך אַריינצושטעלן אין דער גרופּע. איך האָב אים דערפאַר צוגעזאָגט צו ברענגען ווורשט, פּוטער און זיסוואַרג. מיר האָבן געאַרבעט אויסער דעם לאַגער, אַ גרופּע פון 10 יידן און איין פּאָליאַק, דער פאַראַנטוואָרטלעכער, וועלכער איז געווען אַ פאַכמאַן. די היטערס זענען געווען וולאַסאָווצעס, נאָר די הויפּט־אויפזעער — דייטשן פון דער זאָנדערקאָמאַנדאָ.

אינטערעסאַנט, אַז יעדן טאָג האָט מען געטוישט די וואַכן, וועלכע האָבן אונדז באַגליט, כדי זיי זאָלן נישט ווערן מיט אונדז צופיל היימיש. פונדעסטוועגן איז אונדז בדרך כלל געלונגען מיטצונעמען אין דער פרי, ביים אַרויסגיין פון לאַגער, אַ ביסל זאַכן און אַמאָל אַ ווערטפול חפץ, וואָס איז אויסגעטוישט געוואָרן אויף פּראָדוקטן ביי פּויערים, וואָס פלעגן צו אונדז קומען. ברענגענדיק צוריק אין לאַגער עסנוואַרג, האָבן מיר דערפאַר געקענט באַקומען געלט מיט זאַכן.

ווינטער בין איך קראַנק געוואָרן אויף דיזענטעריע. איך האָב געוווּסט, אַז קראַנק זיין אין טרעבלינקע מיינט — טויט, אומקום אין דער גאַז־קאַמער. ווי נאָר מ׳האָט אַנטדעקט אַ קראַנקן, איז ער באַלד געשיקט

געוואָרן הינטער די דראָטן. אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן, האָבן צוויי חברים מיך געפירט און צוריקגע־בראַכט פון דער אַרבעט, אונטערהאַלטנדיק מיך אונטער די אָרעמס און טוענדיק אַלץ, כ׳זאָל מיט מיין אָפּגע־שוואַכטקייט נישט וואַרפן זיך אין די אויגן. צום גליק, איז אין יענער תקופה געווען אַ מילדע וואַך, וועלכע האָט נישט אַזוי געטריבן בעת דער אַרבעט און נישט געשלאָגן. זיי האָבן מיר דערלויבט אָפּט זיך אָפּצורוען און דאָס וויכטיקסטע — נישט דערציילט זייערע עלטסטע וועגן מיין מצב.

מיך האָט דערהאַלטן אויף די פיס דער בראָנפן, וואָס מיר האָבן געהאַט. איך האָב אַלע מאָל אַ זופּ גע־געבן פון פלעשל, וואָס האָט מיר צוגעגעבן קוראַזש און כוח צום לעבן, וואָס אַן אמת, בין איך צוליב דער דיזענטעריע געוואָרן אויסגעדאַרט, אַן אמתער „מוסול־מאַן". אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען מיר זענען אַרויס אויף דער אַרבעט, בין איך אַוועקגעפאַלן אויפן שניי און נאָך באַוויזן צו זאָגן צו דער חברה:

— מער אויסהאַלטן קאָן איך נישט. גיט מיר אַ פלאַש בראָנפן...

זיי האָבן מיר דערלאַנגט די פלאַש, מיט די לעצטע כוחות האָב איך אַלץ אויסגעטרונקען. אַ האַלב־טויטער בין איך אַוועקגעפאַלן אויפן שניי. נאָכן אָפּליגן עטלעכע שעה, האָב איך דערפילט, אַז נייע כוחות זענען מיר צוגעקומען. פאַרנאַכט האָב איך געקענט שוין שטיין גלייך אויפן אַפּעל. אַז ס׳איז אָנגעקומען דער פרילינג, איז מיין אַרבעט ביי די באַן־רעלסן שוין געווען אַ נאָרמאַלע.

9

דעם 1944.5.1 זענען מיר, די זעלבע גרופּע פון צען, אַוועק אויף אונדזער שטענדיקער אַרבעט. דאָס מאָל האָבן אונדז באַגלייט, אַלס שמירה, אַ רוס און אַ לעטי־שער. זיי האָבן שוין אַמאָל געהאַט אונדז עסקאָרטירט. און מיר האָבן געדענקט, אַז דאָס זענען ווילדע מענטשן, וואָס זענען נישט דערגאַנגען די יאָרן ווי אַנדערע וועכטער. אָנקומענדיק אויפן אָרט, האָט דער רוס געהייסן אַוועקשטעלן צוויי פון אונדזער חברה אַכטונג צו געבן, צי עס קומט נישט ווער אָן פון די דייטשן — און פאַר די אַכט יידן האָט ער גענומען זיך אַראָפּריידן פון האַרץ מיט אַ וויינענדיק קול. ער האָט געטענהט, אַז ער ווייסט, אַז מיר האַלטן אים פאַר אַ פאַרקויפטע נשמה און פאַר אַ פאַררעטער. אין דער אמתן איז עס נישט אַזוי, ער טוט די דאָזיקע שמוציקע אַרבעט, ווייל ער מוז. דער מלחמה־גורל האָט אים פאַרפירט אַהער. ער איז לעצטנס געווען אין דער היים אויף אורלויב, האָט זיין אייגענע מוטער אים נישט געוואָלט לאָזן איבער דער שוועל, ווייסנדיק וועמען ער דינט. ער פאַרשטייט, אַז ער לעבט נאָר אין זכות פון דעם, וואָס ער גייט איבער די מאַסן טויטע קערפּערס, וואָס ווערן אומגעבראַכט אין טרעבלינקע. ער האָט שטאַרקע חרטה־געפילן. אויך דער לעטישער האָט זיך אַרויסגעזאָגט אין דעם זין. זיי ווייסן נישט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דער שרעקלעכער אַרבעט און ווי אַזוי אָפּוואַשן זייערע האַרבע זינד. דער רוס דערקלערט אונדז, אַז היינט זענען מיר פריי, מע מוז נישט אַרבעטן, אויב ס׳וויל ווער זיך עפּעס קויפן, קען ער עס טאָן אומגע־שטערט און אָן מורא. די דאָזיקע רייד האָבן אונדז זייער דערמוטיקט און נאָך מער באַפעסטיקט דעם געדאַנק צו אַנטלויפן, מיט וועלכן מיר האָבן זיך שוין פון לאַנג אַרומגעטראָגן.

טרעבלינקע האָט יעדן טאָג איינגעשלונגען גרויסע טראַנספּאָרטן פון יידן, וועלכע מ׳האָט גלייך געשיקט אין די גאַז־קאַמערן. מיר האָבן אויך געוווּסט, אַז די ספּעציעלע גרופּן יידן, וואָס אַרבעטן ביים סאָרטירן די בגדים און זאַכן, וואָס פאַרברענען די קערפּערס און העלפן בעל־כורחו די דייטשן אין זייער רוצחישער מלאכה — ווערן דערנאָך אויך אומגעבראַכט, און אַנ־דערע קומען אויף זייער אָרט. ס׳איז פאַר אונדז געווען קלאָר, אַז אין די באַדינגונגען פון טרעבלינקע, איז אוממעגלעך אָנצוהאַלטן אַזאַ מעמד. אויך מיר זענען קאַנדידאַטן פאַר דער גאַז־קאַמער און קרעמאַ־טאָריע. אַנטלויפן... אַנטלויפן... אַנטלויפן.... דער גע־דאַנק האָט נישט אָפּגעלאָזט און מיר האָבן אָנגעהויבן פּראַקטישער פאַרנעמען זיך מיט די צוגרייטונגען. אונדז איז געלונגען צו באַקומען ביי אַ דאָקטאָר פון ביאַלע־פּאָדלאַסק, אַן אינטערנירטער אין לאַגער, אַ ביסל סם, צו קענען אָפּסמען די וועכטער, ווען מיר וועלן זיי מכבד זיין מיט אונדזער עסן.

10

דאָס איז געווען אין חודש יולי. אַ דאָנערשטיק. באַגינען זענען מיר אַוועק אויף אונדזער אַרבעט. דאָס מאָל אין דער באַגלייטונג פון די זעלבע צוויי וועכטער: דער רוס און דער לעטישער. גייענדיק צו דער אַרבעט, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז היינט מוז עס געשען, מאָרגן

קען שוין זיין שפּעט. צי די וועכטער האָבן אַרויסגעפילט אונדזער באַשלוס, צי זיי האָבן מורא געהאַט, אַז מע שפּיאָנירט זיי נאָך, נאָר זייער באַציאונג דעמאָלט איז געווען אַ שטרענגע. אַז איינער פון אונדז האָט געוואָלט ביי זיי פאַרויכערן אַ סיגאַרעט, האָט מען אים ברוטאַל אָוועקגעשטופּט, אַז ר'איז אַזש אַראָפּגעפאַלן פונעם באַן־אַנשיט. די דאָזיקע באַציאונג, און גראַד פון גוטע וועכטער, האָט אונדז נאָך מערער איבערצייגט, אַז היינט מוז עס געשען. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז ווען אַ גרופּע פון אונדז וועט אַוועק ברענגען צוויי שפּאַלעס צום אויסטוישן, אין דער באַגלייטונג פון איין וועכטער, זאָלן זיי אים דאָרט אַנטוואָפענען און מיט זיין אייגן געווער אים דערשיסן. מיטן דערהערן אַ שאָס, וועלן מיר דאָ צורעכט מאַכן דעם צווייטן וועכטער און זיך אָפּטראָגן אין דערבייאיקן וואַלד.

אין אונדזער גרופּע האָבן זיך געפונען אַ סך געוועזענע מיליטער־לייט — און דאָס באַנוצן זיך מיט געווער איז זיי נישט געווען פרעמד. איצט האָבן מיר אָנגעהויבן ווירקן: מיר האָבן אָנגעוויזן אויף אַן אונטערגעפוילטע שפּאַלע און פאַרגעלייגט זי צו טוישן. דער אויפזעער דער פּאַליאַק האָט מסכים געווען און געשיקט דעם רוס מיט 5 יאַטן צו ברענגען די שפּאַלעס. איך בין געבליבן אויפן אָרט. וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען — ווייס איך נישט גענוי, נאָר אַ שאָס האָבן מיר יאָ דערהערט. דאָס איז פאַר אונדז געווען אַ סיגנאַל אָפּצופאַרטיקן זיך מיטן לעטישן. מיר האָבן זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג פון וואַלד — און ס'איז אונדז געלונגען...

ערשט פאַרנאַכט האָבן מיר בסך־הכל פיר מענטשן פון דער גרופּע, זיך געטראָפן אין וואַלד. וואָס ס'איז געשען מיט די אַנדערע זעקס, האָט קיינער פון אונדז נישט געוווּסט. מיר זענען געבליבן צווישן די ביימער, אָן עסן, אָן וואַסער און אויך אָן אַ מלבוש. יענעם טאָג זענען מיר אַרויס צו דער אַרבעט האַלב־נאַקעט. אָבער אַזוי בלייבן אין וואַלד טאָר מען נישט. מע דאַרף אויסנוצן די נאַכט־פינצטערניש און פּרוּוון דערשלאָגן זיך צו אַ דאָרף, אפשר וועט אַ גוטער פּויער אויף אונדז רחמנות האָבן.

שעהן בלאָנדזשעט מען איבער פעלדער און וועגן. קיינער טשעפּעט אונדז נישט. ענדלעך דערזעט מען פונדערווייטנס אַ ליכט. ערגעץ אין אַ כאַטע לייכט זיך. מיר דערנענטערן זיך צום אָרט, מע קלאַפּט אָן אין פענצטער און מ'בעט עפענען. דער פּויער פרעגט ווער מיר זענען און מיר זאָגן אים דעם אמת: אַנטלאָפענע פון טויטן־לאַגער טרעבלינקע. מיר האָבן אָבער נישט געזאָגט, אַז מיר זענען יידן. דער פּויער לאָזט אונדז אַריין אין שטוב, גיט אונדז מילך און ברויט. ער דערלאַנגט אויך פון זיינע אַלטע בגדים. די ערשטע מענטשלעכע האַנדלונג באַלד נאָכן אַנטלויפן, האָט אונדז זייער דערמוטיקט. ער האָט אונדז דערלויבט זיך אָוועקצולייגן אויף עטלעכע שעה, ביז עס וועט אָנהייבן טאָגן. פאַרטאָג זענען מיר אַוועק פון דעם גאַסטפריינטלעכן פּויער און אים האַרציק געדאַנקט פאַר אַלעם.

### 11

מיר זענען אין וואַלד. דאָס בעסטע און זיכערסטע אָרט אין יענער שווערער צייט. מ'האָט זיך דערנערט מיט מאַלינעס און יאַגדעס.

מיט אַמאָל דערהערן מיר אַ גערויש פון סקריפּענדיקע רעדער און געשרייען. פון צייט־צו־צייט האָט אויך אַ פערד זיך צעהירזשעט. מיר פאַרשטעקן זיך גוט הינטער די ביימער און זעען ווי עס ציט פאַרביי אַ גאַנצער אָבאָז מיט פערד־און־וועגענער, באַלאָדנטע מיט כל־טוב. מיר הערן ווי די מענטשן ריידן פּויליש. מיר האָבן שוין געוואָלט אַרויסקריכן פון אונדזערע באַהעלטענישן און פאַר זיי זיך אַנטפּלעקן. מיט אַמאָל דערהערן מיר הינטער אונדז אַ געשריי: „סטאַי!" מיר הייבן אויף די הענט אין דער הייך (אַזוי האָט מען באַפוילן), און דרייען זיך אויס פונקט אַנטקעגן אָנגעצילטע ביקסן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אָפּטיילונג פון דער אַ.ק. (אַרמיא קראַיאָוואַ). מיר האָבן דערציילט דעם עלטסטן פונוואַנען מיר האָבן זיך גענומען אין וואַלד און אַפילו אויסגעזאָגט, אַז מיר זענען יידן. אַזוי ווי מיר האָבן נישט געהאַט קיין געווער און קיין דאָקומענטן, האָבן עטלעכע פּאַליאַקן אָנגעהויבן חוזקן און אָפּלאַכן אונדזער כלומרשטע פּחדנות און אויסבאַהאַלטן זיך אין וואַלד. איך ווייס נישט פונוואַנען ס'האָט זיך צו מיר גענומען אַזוי פיל מוט זיי צו ענטפערן, אַז מיר זענען אויף אַ העלדישן אופן אַנטלאָפן פון טרעבלינקע, וווּ צוזאַמען מיט יידן, קומען אויך אום הונדערטער פּאַליאַקן; אַז דער דייטש איז אונדזער געמיינזאַמער שונא; וואָלטן מיר געהאַט געווער, וואָלט אונדזער נקמה אין די דייטשן געווען אַן אַנדערע; בעת אַ צוזאַמענשטויס מיט די דייטשן, וואָלטן מיר באַוויזן ווער ס'איז אַ פּחדן... צי די רעאַגירונג איז זיי געפעלן

געוואָרן, צי זענען דאָס סתם געווען נישט קיין שלעכטע פּאַליאַקן — נאָר זיי האָבן אונדז נישט געטשעפּעט. הגם מיר האָבן געהערט, אַז די מענטשן פון אַ.ק. זענען געווינט צו פאַרענדיקן די מאָרד־מלאכה איבער ניצול־געוואָרענע ייִדן, וועלכע ס'איז געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון די דייטשישע הענט. עטלעכע טעג האָבן מיר געלעבט אין אַבאַז, הגם קיין געווער האָט מען אונדז נישט געגעבן.

אויפן פינפטן טאָג האָט מען אונדז געהייסן זיך מעלדן צום פּאָלקאָווניק. אַזוי האָט מען בפירוש געזאָגט. דער מיליטער־מאַן האָט אונדז אין אַ רואיקן טאָן דערקלערט, אַז האַלטן אין לאַגער קען ער נישט, באַוואָפּנען — אַוודאי נישט. ער האָט אָבער נישט בדעה צו טאָן קיין שלעכטס, ער איז גרייט אונדז צושטעלן אין נאָענטסטן וואַלד — און דאָרט זאָלן מיר אַליין זאָרגן פאַר זיך. אונדז איז געבליבן אים דאַנקען פאַר זיין גוטער באַציאונג ביז איצט — און מיר זענען אַוועק אין וואַלד, דאָרט זיך איינגעאָרדנט אַ בונקער, ווו מ'איז בייטאָג געווען באַהאַלטן און ביינאַכט איז מען אַוועק אין די דערבייאיקע דערפער זיך אויסקעמפן אָדער אויסבעטן עסן. אַזוי האָבן מיר דאָרט געלעבט, ביז די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט ביאַלע־פּאָדלאַסק, קאָסווו — און מיר האָבן געזען פאַרבייפאָרן סאָוויעטישע טאַנקן.

מיר זענען פריי...

# די דערציילונג פון שמחה קאָרנגאָלד
## (פּאַלעניצער אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד)

שמחה קאָרנגאָלד, זון פון ישראל־שלמה און פייגע־איטע קאָרנגאָלד, פּאַלעניצער איינוווינער, האָט צוזאַמען מיט זיינע ברידער זאב און אברהם און שוועסטער פּערל, זיך באַטייליקט אינעם אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ, אַלס מיטגלידער פון דער אונטערערדישער קאַמפּס־גרופּע פון בית״ר.

שמחה האָט זיינע איבערלעבונגען פאַרצייכנט אין דריי העפטן, זייענדיק נאָך אין געטאָ. אין יאָר 1945 איז ער אָנגעקומען אין לאַנד, האָט דאָ פאַרענדיקט זיינע נאָטיצן.

די ווייטערדיקע פראַגמענטן זענען אַרויסגענומען פון חיים לאַזאַר־ליטאַי׳ס בוך „מצדה של ורשה" — הארגון הצבאי היהודי במרד גיטו ורשה, דערשינען (אין העברעיש) אין פאַרלאַג פון „מכון ז'בוטינסקי", תל־אביב, תשכ״ג.

...21.1.1943, ביינאַכט. איך און פינף מיינע חברים: זילבערג, מיין ברודער זאב, דיאַמאַנד, יאַקובאָוויטש און זאָנענשטיין, געפינען זיך אין בונקער אויף קאַרמעליצקע 5. צו דער באַשטימטער שעה באַווייזן זיך פינף מענטשן און שטעלן זיך פאַר. דאָס זענען געווען: נתן שולץ, פּנחס טאָוב, שמחה ויטלאַס,* יעקב ראָזנפעלד און שולמאַן. זיי קלערן אונדז אויף בקיצור, אַז זיי זענען אָרגאַניזירט און דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע איז ז.ז.וו., געהערט צום בית״ר, נאָר אין זייערע רייען קאָן קעמפן יעדער ייִד.

דאָס איז געווען אונדזער ערשטער צוזאַמענטרעף מיט אַן אָרגאַניזירטער גרופּע. כ'האָב זיי געזאָגט, אַז כ'בין נישט קיין פּאַרטיי־מענטש און לויט מיין מיינונג, איז דאָס נישט קיין פּאַרטייאישע מלחמה, נאָר אַן אַלגעמיין־ייִדישע און דעריבער זענען מיר מסכים מיט זיי זיך צו פאַראייניקן.

אין בונקער אויף קאַרמעליצקע 5 האָבן מיר פאַרגרייט עסן און געווער און אָנגעהויבן לערנען די מענטשן ווי אַזוי זיך באַנוצן מיט די רעוואָלווערן און גראַנאַטן. יעדן אָוונט זענען מיר געקומען אַהין און זיך געלערנט שיסן. אַזוי בין איך און מיינע חברים צוגעשטאַנען צום קריג, צוזאַמען מיטן בית״ר.

דער בונקער געפינט זיך אין אַ קעלער, אין דער רעכטער זייט פון בנין, אין ערשטן אַריינגאַנג אויף קאַרמעליצקע 5. אַז מע גייט אַריין אין קעלער, באַמערקט מען גאָרנישט. פון דעם קעלער האָט מען אונטער דער וואַנט אויסגעגראָבן אַ דורכגאַנג אין דער ריכטונג פון דער נאָוואָליפּיע. די עפענונג — אין דער גרייס, וואָס דערמעגלעכט אַ מענטש אַדורכצוגיין, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ מיט טרעפּ אין בונקער, ביז אַ קאָנטיקער טיפקייט. אויף דער עפענונג ליגט אַ צודעק, אַז פון דער זייט פון קעלער קען מען אים נישט אונטערשיידן. אין קעלער גופא זענען געווען פונאַנדערגעוואָרפן שמאַטעס און פאַרשידענע אַלטע זאַכן, אַז דער וואָס איז דאָרט אַריין האָט געהאַט דעם

* געמיינט: וויטעלזאָן.

איינדרוק, אַז אַ מענטשלעכער פוס האָט דאָ אַ לאַנגע צייט נישט באַטרעטן.

פונעם בונקער האָט מען אויסגעהאַקט אַ דורכגאַנג אונטער דער גאַנצער ברייט פון דער קאַרמעליצקע־גאַס, וועלכער האָט געפירט אין קעלער פון הויז קאַר־מעליצקע 6 — וואָס אויף דער אַרישער זייט. דער בונקער האָט נאָך אַ מעלה: פונעם קאַנאַל צו די קאַ־נאַליזאַציע־רערן האָט געפירט אַ וועג, אַ דורכגאַנג, וואָס איז געבויט געוואָרן פון רויטע ציגל. פונעם שאַ־סיי צו די קאַנאַליזאַציע־רערן האָט מען זיך אַראָפּגע־לאָזט אויף אַן אייזערנעם לייטער אין וואַנט. פון דער וואַנט האָט מען אַרויסגענומען עטלעכע ציגל און אַזוי איז די רער פאַראייניקט געוואָרן מיטן קאַנאַל, וואָס האָט געשאַפן אַ פאַרבינדונג מיט דער צענטראַ־לער קאַנאַליזאַציע אין וואַרשע. דעריבער איז אויס־געקליבן געוואָרן דאָס הויז קאַרמעליצקע 5, ווייל ס'האָט געבילדעט אַ וויכטיקן סטראַטעגישן פונקט צוליב דער פאַרבינדונג מיט דער אַרישער זייט און אויך מיטן געטאָ־שטח און אייניקע „שאָפּן". דורך די קאַנאַליזאַציע־דורכגענג האָט מען אונדז צוגעשטעלט מאַטעריאַלן, געווער, מעלדונגען און באַפעלן פונעם ז. ז. וו.־שטאַב און פון דער אַרישער זייט.

דער ז.ז.וו. איז געווען פאַרבונדן מיט אַ פּאַרטי־זאַנישער גרופּע פון דער א.ק., אַן אונטערערדישע קריסטלעכע גרופּע. מיט איינצלנע פון זיי האָב איך זיך געטראָפן אין בונקער אויף קאַרמעליצקע און זיי האָבן אויף מיר איבערגעלאָזט אַ גוטן איינדרוק. צווי־שן די דאָזיקע פּאָליאַקן איז געווען אַ צאָל קאַנאַליזאַ־ציע־אַרבעטער נאָך פון פאַרן קריג, וועלכע האָבן זיך גוט אָריענטירט אין דעם רערן־פּלאָנטער. זיי האָבן מיט אונדז צוזאַמענגעאַרבעט פאַר אַ נישט קליינער באַלוינונג.

אין דעם בונקער זענען מיר געווען אַ מאַן פּערציק, דאָ האָבן מיר אַלץ צוגעגרייט און זיך געאיבט צום קאַמף...

אין פעברואַר 1943 האָבן מיר אין שולצס פאַבריק, ווי אויך אין די הייזער נאַוואָליפּיע 25, 30, און 43 און אויף קאַרמעליצקע 5, איינגעשטעלט אַ שטענדי־קע, אויסגעצייכנטע וואַך: 4 מענטשן אין יעדן הויז. אויך האָבן מיר איבערגעפירט אונדזער געווער אויף קאַרמעליצקע 5. אין פאַבריק האָבן מיר געלאָזן בלויז עטלעכע גראַנאַטן, רעוואָלווערן און מעסערס. יעדן טאָג האָט מען געוואַרט, אַז עפּעס וועט פּאַרקומען.

...סוף מערץ 1943. די לאַגע איז געשפּאַנט. קיינער ווייסט נישט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען אין פאַבריק. אַלע מענטשן מיט ספּעציעלע פּריווילעגיעס האָבן זיך אָפּגעטראָגן און איינגעאָרדנט אויף דער אַרישער זייט. די יידן האָבן שוין נישט קיין אָנהאַלט פונקט. זיי אינטערעסירט שוין נישט דער „שאָפּ" נישט וועלכער ס'איז דאָקומענט, נישט דער גרינער נומער. יעדער איינער אינטערעסירט זיך נאָר מיט אַ בונקער, געווער, שפּייז. יעדער איינער גלייבט, אַז נאָך אַ ביסל, וועט קומען די צייט און מע וועט זיך דאַרפן פאַרטיידיקן. יעדער גרייט זיך צו דער מלחמה. די אָרגאַניזירטע, נישט־אָרגאַניזירטע און סתם־יידן — יעדער האָט עפּעס מיט וואָס זיך צו שלאָגן. יעדער וויל שטאַרבן מיט כבוד, מיט גבורה, מיט געווער אין האַנט. קיין איינער פילט נישט מער קיין פחד. די שרעק איז פאַריבער און דער בעסטער פריינד איצט איז — געווער.

10טער אַפּריל. כ'האָב שוין נישט קיין שום מעגלעכ־קייט אָנצוהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער אַרישער זייט. אַלץ איז אָפּגעשניטן. אַלע וועגן זענען פאַר־שפּאַרט. מע זעט באַשיימפּערלעך, אַז ס'איז געקומען די לעצטע שעה. מיר איז באַוווּסט געוואָרן, אַז אין דער שלאָסערייַ ביי שולצן און אַנדערע וואַרשטאַטן, געפינען זיך קאַמפּס־גרופּן, וועלכע האָבן זיך אַליין אָרגאַניזירט און פאַרמאָגן געווער, גראַנאַטן און קאַלט געווער. אַ מיסטעריעזע קראַפט באַוועגט די מענטשן צו פאַרטיידיקן זיך. יונג און אַלט, פרויען — זענען ביי זיך פעסט. דערוואַכונג נאָך פאַרצווייפלונג. און בלויז דאָס ווילן זיי, אַז די אַנטשיידנדיקע מינוט זאָל קומען, אויב מעגלעך, וואָס פריער.

*

אויפן שטח טעבענס־שולץ זענען געווען טעטיק די קאַמפּס־גרופּן פון ז.ז.וו. — אויף די גאַסן לעשנאָ, סמאָטשע, נאָוואָליפּקע און קאַרמעליצקע, אונטער דער אָנפירונג פון פנחס טאַוב, ד"ר גאָלדמאַן, שמחה קאָרנ־גאָלד און נתן שולץ. אויפן שטח פון די שאָפּן איז אויך געווען טעטיק אַ באַוועגלעכע קאַמפּס־גרופּע, וועמענס אויפגאַבע ס'איז געווען צו קומען צו הילף פאַרשידענע פּאָזיציעס און ווירקן אין איינקלאַנג מיט

די באַוועגונגען פון די פײַנדלעכע כוחות, כדי זיי איבערראַשן מיטן פּלוצימדיקן באַווייזן זיך און דערלאַנגען שטאַרקע קלעפּ.

*

אין דער נאַכט פון 18טן אויפן 19טן אַפּריל, קומען צו אונדז, אויפן שטח פון שולצס פאַבריק, צוויי דײַטשע רוצחים פון דער געסטאַפּאָ — באַלשער און קאַלטערמייער. אַן אַנזאָג פון שלעכטס. דעם 18טן דעם חודש זײַנען נאָך געקומען צו דער אַרבעט אין דער דיקטן־פאַבריק די קריסטלעכע אַרבעטער און פון זיי האָבן מיר געהערט, אַז דאָס געטאָ און אַלע דײַטשע פאַבריקן דאָרט וועלן ליקווידירט ווערן. אַפילו די דײַטשן וואָס געפינען זיך אין שטח פון געטאָ, זײַנען אין אַ טרויעריקער שטימונג. זיי זאָגן, אַז די לאַגע איז אַ שווערע. אין דער נאַכט פון 18טן שטייען מיר אויף דער וואַך ביי די שאַפּן פון שולץ און טעבענס. וואַכן זײַנען צעוואָרפן איבערן גאַנצן שטח.

דעם 19טן אַפּריל 1943 איז דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ אַ פאַקט. איך געפין זיך אין שטח פון שאָפּ טעבענס־שולץ. איך באַזוך די ביידעמער, אומעטום שטייען וואַכן, יעדער אויפן באַשטימטן פּלאַץ. איך געפין זיך אויפן בוידעם פון שאָפּ. צו מײַנע אויערן דערטראָגן זיך געשרייען, שיסערייען און אויפרייסן. אָפּקלאַנגען פון אַ ממשותדיקער שלאַכט. איך קען נישט מער בלייבן אויפן אָרט. איך זאָג צו מײַנע חברים: „לאָמיר גיין!“. מיר נעמען אַרויס פון פאַבריק דאָס באַהאַלטענע געווער. די אַרבעטער דרייען זיך אַרום, טוען גאָרנישט. די דײַטשן אויפן פאַבריק־שטח באַהאַלטן זיך. אַלץ איז הפקר. אין גאַנצן שטח הערשט אַ שטילקייט. מע רופט די אַרבעטער זיי זאָלן פון אייגענעם ווילן זיך צושטעלן אויף אָפּצופאָרן קיין פּאָניאַטאָוו און טראַווניק.

מיר קומען צו דער פּאָזיציע אויף קאַרמעליצקע. מיר צעטיילן זיך אויף קאַמפּס־איינהייטן און באַשטימען פּאָזיציעס: אויף נאָוואָליפּיע 30 — 10 מענטשן, נאָוואָליפּיע 25 — 10 מענטשן, נאָוואָליפּיע 43 — 10 מענטשן, נאָוואָליפּיע 44 — 10 מענטשן, נאָוואָליפּיע 31 — 10 מענטשן. נאָך אַ גרופּע געפינט זיך אין געשעפט אויף קאַרמעליצקע 5 — אַ באַקוועמע פּאָזיציע צו אַטאַקירן דעם שונא. נאָך אַ גרופּע האָט זיך צוגעגרייט אַ פּאָזיציע אין קלויסטער אויף לעשנאָ און אַ צווייטע גרופּע — אויף לעשנאָ 40. אין די אַנדערע הייזער אויף לעשנאָ געפינען זיך נאָך קאַמפּס־גרופּן. אויך זײַנען פאַראַן קאַמפּס־גרופּן אין די ווינקלען פון די גאַסן זשעלאַזנע־לעשנאָ־סמאָטשע. יעדער פון אונדז באַזיצט 4 גראַנאַטן, אַ רעוואָלווער, אַ גענוגנדיקע צאָל קוילן און מאָלאָטאָוו־פלעשער.

ווי געזאָגט, האָט מען אויפגעפאָדערט די יידן זיי זאָלן זיך צושטעלן צום טראַנספּאָרט, כדי פאָרן אין דער געגנט פון לובלין. ווער ס׳וועט זיך פריייוויליק נישט צושטעלן ביז פאַר נאַכט און זיך געפינען אויפן שטח — ווערט דערשאָסן אויפן אָרט — זאָגט די מעלדונג. ווייניקע האָבן זיך אָפּגערופן. דאָס זײַנען געווען די פאַרצווייפלטע. דער רוב פון דער ציווילער באַפעלקערונג האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין די בונקערס און באַהעלטענישן און די קעמפערס זײַנען מיט געווער אין האַנט אַוועק אויף די פּאָזיציעס.

דער ערשטער טאָג פון אויפשטאַנד, דער 19טער, איז ביי אונדז אַדורך פאַרהעלטניסמעסיק רואיק, אויסער קליינע פאַלן, וועלכע האָבן געשטערט דער געשפּאַנטער שטילקייט. אַ צאָל מענטשן האָט מען געכאַפּט און אַוועקגעשיקט קיין פּאָניאַטאָוו און טראַווניק.

אונדזער גרופּע געפינט זיך אויף דער פּאָזיציע פון קאַרמעליצקע 5. ביי נאַכט הערן מיר שטאַרקע שאָסן אין שטח. 5 מענטשן שטייען אין דרויסן אויף דער וואַך, מיט געווער אין האַנט. די אַנדערע געפינען זיך אויף זייערע פּאָזיציעס. מײַן טאַטע ריכט אָפּ דעם סדר. ווען ער זאָגט די ווערטער „שפוך חמתך“, הערט זיך אַ דערשטיקט געוויין. צוויי קליינע ליכט באַלייכטן די כוסות וויין. אונדז דוכט זיך, אַז די כוסות זײַנען אָנגעפילט מיט בלוט. מיר, די צונויפגעזאַמלטע דאָ — זײַנען דער קרבן. אין מרור נייטיקט מען זיך נישט, מיר האָבן אים איבערגענוג.

מיר האָבן געוואַרט אויף אַ נס נאָר ר׳איז נישט געקומען. מיר גייען אַרויף אויפן בוידעם, כאַפּן אַ בליק וואָס עס קומט פאָר אין גרויסן געטאָ. נאָכן געזעגענען זיך מיט דער משפּחה, איז מען אַוועק אויף די פּאָזיציעס. מײַנע עלטערן לאָזן זיך אַראָפּ איז בונקער. אונדזערע פינף, און איך צווישן זיי, פאַרכאַפּן די פּאָזיציע אין געשעפט, וואָס גרענעצט זיך מיט נאָוואָליפּיע 25. אין יענער נאַכט האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן בלויז אָפּקלאַנגען פון אַ שיסעריי. מיר האָבן נישט געהאַט קיין צוזאַמענשטויס מיט די דײַטשן.

*

20.4.43. די גרופּעס, וועלכע געפינען זיך נאָענט פון דער גרענעץ לעשנאָ־זשעלאַזנע, זענען אויף דער אַרישער זייט, ווו די ס.ס. קאָנצענטרירט זיך אויפן אָרט. פון די הייזער לעשנאָ 74 דערלאַנגט מען אויף זיי פייער. דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע דייטשן פאַלן אין גאַס. קאַמפּס־גרופּן אַטאַקירן אויך די דייטשן, וועלכע גרייטן זיך אַריינצומאַרשירן אין גרויסן געטאָ. מע גרייפט זיי אָן פון עק נאַוואָליפּיע־סמאַטשע. אַ טייל דייטשן געלינגט אַריינצודרינגען אויף די גאַסן סמאַטשע און נאַוואָליפּיע. זיי לאָזן זיך אַוועק צום שאָפּ פון שולצן. דורך קאַרמעליצקע און נאַוואָליפּיע דערנעענטערן זיך די דייטשן צו אונדזער פּאָזיציע. מיר זענען פינף מאַן. בעצם, לויערן אויף זיי קאַמפּס־גרופּפּעס לענגאויס דער גאַנצער נאַוואָליפּיע. מיר אַטאַקירן. אַ האַגל קוילן און גראַנאַטן לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער גאַס. די דייטשן לאָזן איבער דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע און ציען זיך צוריק. דאָס איז געווען אונדזער ערשטע פייער־פּראָבע. בעת יענער שלאַכט בין איך פאַרוווּנדעט געוואָרן אין לינקן פוס. דאָס האָט פּאַסירט, ווען כ׳בין מיט מיין גרופּע אַרויס פון געשעפט און איינער פון די רוצחים האָט געוואָרפן אויף אונדז אַ גראַנאַט. דער גראַנאַט האָט געטראָפן אין וואַנט. שפּליטערס האָבן געטראָפן אין מיין פוס. די וווּנד איז נישט געווען קיין גרויסע און נישט געשטערט מיר ווייטער צו קעמפן. אַ טייל דייטשן האָבן געוואָלט זיך אָפּטראָגן דורכן טויער קאַרמעליצקע־נאַוואָליפּיע. אָבער דאָרט האָט זיי באַגעגנט אַ פייער פון די גרופּעס נומ׳ 1 און 2, וועלכע האָבן זיך איינגעאָרדנט אין די הייזער אויף דער נאַוואָליפּיע־גאַס.

אונדזער לאַגע אויפן שטח פון די שולץ־טעבענס־שאָפּן איז נישט געווען קיין באַקוועמע. דער פאַבריק־שטח האָט פאַרנומען צוויי הייזער־בלאָקן, וועלכע האָבן זיך אַנגעשפּאַרט אין די געטאָ־מויערן. אויף יענער זייט מויער אויף קאַרמעליצקע, דעם אַרישן טייל, האָבן געהיטן איינהייטן פון ס.ס., אוקראַינער און לעטן. זיי האָבן צו אונדז געשאָסן פון יענער זייט מויער. דער שטח איז געווען אַן ענגער און מיר האָבן געוווּסט, אַז לאַנג דאָ זיך האַלטן וועט מען נישט קענען. אויף אַ גרעסערן שטח איז געווען מער אָרט, מ׳האָט זיך געקענט באַוועגן. פון דעסטוועגן איז אונדז געלונגען דעם ערשטן טאָג צו דערהרגענען אַ סך דייטשן. מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, האָבן די דייטשן זיך צוריקגעצויגן פונעם שטח פון די שאָפּן. אָבער פון יענער זייט מויער האָט מען אויף אונדז געשאָסן און אויך געוואָרפן האַנט־גראַנאַטן. מיר האָבן געשיקט אויסשפּירער אויף די גאַסן לעשנאָ און נאַוואָליפּיע. די אַנדערע קעמפערס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין בונקער אויף קאַרמעליצקע 5.

*

דאָנערשטיק, דעם 21סטן אַפּריל 1943, איז ווידער פאָרגעקומען אַ שלאַכט. מיר גייען נישט אַרויס אויף אַן אָפענעם שטח, נאָר שיסן פון לויערס. אונדז געלונגט אָפּצושטויסן זייערע אַטאַקעס. העפטיקערע קאַמפן קומען פאָר אויף די פּאָזיציעס נאַוואָליפּיע 41, 43 און 30. פון גרויס וויכטיקייט זענען די קאַמפן אויפן שטח נאַוואָליפּקי 41 און נאַוואָליפּיע 43, 44, 30 און 25, עק קאַרמעליצקע. פון דער צווייטער זייט איז דער שונא אַטאַקירט געוואָרן פון די פּאָזיציעס אויף דער סמאַטשע און נאַוואָליפּיע 67 און לעשנאָ 74—76. אין צווייטן עק נאַוואָליפּיע עק קאַרמעליצקע אַטאַקירן די רוצחים אונדזערע קעמפערס פון די פּאָזיציעס אויף סמאַטשע און נאַוואָליפּיע 67.

די בית״ר־גרופּן קעמפן אויף די פּאָזיציעס לעשנאָ 36 און 40, אויפן שטח פון טעבענס און אויך ביים אַריינגאַנג, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן בונקער פון נאַוואָליפּיע 25. דער האַגל קוילן איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז מ׳האָט נישט געקענט זיך רירן פון אָרט. די געביידע פון דער „שילינג״־געזעלשאַפט ברענט. די קעמפערס פון דער בית״ר־גרופּע האָבן זי אונטערגעצונדן.

22.4.43. אַ שיסעריי פון אַלע זייטן. מיר זענען אַרומגערינגלט פון ס.ס.־גרופּן, אוקראַינער און ליטווינער. מיר האָבן נישט קיין שום פאַרבינדונג מיט די קעמפערס אויף נאַוואָליפּיע. די לאַגע איז זייער אַ געשפּאַנטע.

*

איך וויל דאָ דערמאָנען איניקע אַקציעס, וועלכע עס האָבן אַדורכגעפירט די זעלנער פון די בית״ר־גרופּן און אומפּאַרטייאישע:

אין אַ געוויסער נאַכט זענען צוויי קעמפער אַוועק אויף דער סמאַטשע, איינגעאָרדנט אַ לויער אויף די ס.ס.־לייט ביים טויער אין די ווינקלען זשעלאַזנע־לעשנאָ־סמאַטשע. פון ביקסן־קוילן און גראַנאַטן זע־

נען דעמאָלט דערהרגעט געוואָרן קנאַפּע 40 דייטשן און פיל זענען פאַרווּנדעט געוואָרן. אַ צווייט מאָל זענען 3 מענטשן אַרויס פון אונדזער בונקער, בראש מיט נתן שולץ. איינער פון זיי, משה קליינבערג, האָט געהאַט אַן אויפגאַבע אויפצורייסן דעם דייטשן שטאַב אויף זשעלאַזנע 103. די אַקציע איז נישט געלונגען, נאָר גרויס איז געווען די געוואַגטקייט אין עצם פאַקט, אַז די דאָזיקע יונגעלייט האָבן אויף זיך גענומען אַזאַ אויפגאַבע אויסערהאַלב דעם געטאָ־שטח.

איך געדענק עטלעכע נעמען פון דער גרופּע דרייס־טע בחורים, וועלכע כ'האָב געזען אין דער העלדי־שער שלאַכט און כ'וויל זיי דאָ דערמאָנען: נתן שולץ, פּנחס טאַוב און זיין פרוי, משה קליינבערג, משה באַרנשטיין, זאב קאָרנגאָלד, „ציגאַן", מיטעטק, אברהם בעקערמאַן, פעלאַ (אסתר), יצחק באַנאַנקאָרן, שמחה וויטלאָס, אַלעקסאַנדער און יעקב ראָזענפעלד און יהושע פּראַכנער, דער שטילער און ערלעכער, וועל־כער האָט אומאויפהערלעך געזוכט אַ שטיקל ברויט פאַר די הונגעריקע קעמפערס.

די לאַגע אויפן אַפּשניט נאַוואָליפּיע־קאַרמעליצקע־לעשנאָ ווערט פון שעה צו שעה ערגער. מיר זענען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. דער שטח איז אַ שמאָ־לער און פון יענער זייט מויער אויף קאַרמעליצקע שיט זיך אויף אונדז אָן אויפהער אַ האָגל פון קוילן. נישטאָ קיין שום אויסזיכטן אַרויסצורייסן זיך פון דעם גיהנום.

*

די געשיכטע פון דער גרופּע, נאָך דעם פאַל, דער־ציילט שמחה קאָרנגאָלד:

זיי האָבן באַוויזן צו זען, ווי אויפן הויף קאַרמעליצ־קע 6 האָבן זיך איינגעאָרדנט גרופּעס פון שונא. זיי איבן זיך מיט געווער. אַלע זענען אָנגעטאָן אין שטאַ־לענע העלמען און באַוואָפנט מיט מאַשינגעווער און קליינע קייטן־אויטאָס. ווייזט אויס, אַז עפּעס דאַרף דאָ פאָרקומען. מע דאַרף וואַרטן, נאָר מיר קענען גאָרנישט טאָן. דער שונא איז שטאַרק און גוט באַ־וואָפנט. מע דאַרף וואַרטן און זען וואָס דער טאָג וועט ברענגען. אַ גרופּע אויפשטענדלער איז צעשפּרייט איבערן שטח. דער גרופּע, וועלכע האָט מיט עטלעכע טעג צוריק דערהרגעט 40 דייטשן, איז געלונגען זיך דערנענטערן אין אונדזער ריכטונג און זיי געפינען זיך ערגעץ נאָענט. אויפן אַפּשניט צווישן קאַרמע־ליצקע 4 און לעשנאָ 40 זענען פאַראַן נאָך איניקע פּאָזיציעס פון די קעמפערס. דעם 27סטן אַפּריל 1943 גיי איך אַרויף אויפן הויכן בוידעם, פון וואַנען מע קען כאַפּן אַ בליק אויף אַ ברייטן שטח. איך קוק זיך אַרום און זע די דייטשע און ליטווישע רוצחים פאַר־פולן די קאַמערליצקע־גאַס פון יענער זייט מויער. זיי זענען אַזוי שטאַרק און פאַרמאָגן אַזוי פיל געווער. איך ווייס, אַז מיר וועלן פון דאַנען נישט אַרויס קיין לעבעדיקע, אָבער מיר וועלן זיך נישט איבערגעבן אין די מערדערס הענט, ביזן לעצטן אָטעם. און פון דער אַנדערער זייט זע איך ווי דאָס גרויסע געטאָ איז אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען. איך לאָז זיך צוריק אַראָפּ אין בונקער. אַ גאַנצן טאָג הער איך אָפּקלאַנגען פון אויפרייסן, אַדורכגעפלאָכטן פון צייט צו צייט מיטן געוויש פון מאַשין געווער.

די נאַכט פאַלט צו. דריי פון אונדז גייען אויף שמירה אין דער קאַנאַליזאַציע־רער. אויפן שאָסיי, איבער אונדזערע קעפּ, פאָרן פאַרביי אויטאָס. פּלו־צים דערהערן מיר טריט נאָענט פון אונדז. עמעץ קומט אָן. דער רעוואָלווער איז ווידער אָנגעצילט. מיר פרעגן אויף דער לאָזונג, עמעץ ענטפערט. אַן אונדזעריקער. דער מאַן לאָזט זיך מיטן אייזערנעם לייטער צו דער עפענונג. עס שטייט פאַר אונדז טאַ־דעק, דער פוילישער פאַרבינדלער פון דער בית״ר־גרופּע. איך האָב אים נישט דערקענט, נאָר מיינע חברים פון דער וואַך האָבן אים דערקענט. ער גיט איבער אַ ידיעה די צוויי קאָמענדאַנטן פון דער בית״רישער גרופּע, נתן שולץ און פּנחס טאַוב — בזה הלשון: מיר דאַרפן שוין פאַרלאָזן דעם בונקער, ווייל באַגינען וועלן די דייטשן אַריבערפירן זייער פייער אויף דעם אַפּשניט קאַרמעליצקע. מיר דאַרפן מיט זיך מיטנעמען דאָס געווער און תיכף זיך לאָזן אין וועג אַריין דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן. ביים אַרויס־גאַנג אויף דער קאַראַלקאַווע 2 (אָדער 9), וואַרטן אויף אונדז קאָמענדאַנטן פון דער יידישער און פּוי־לישער אונטערגרונט. מיר גייען אַריין אין בונקער און גרייטן זיך צום פאַרלאָזן. 36 פּערזאָן (5 פרויען און 31 מענער) זענען באַשטימט געוואָרן צום אַוועק־גיין. די אַלטע לייט, מאַמעס און קינדער, מוזן מיר איבערלאָזן, זיי וועלן נישט אויסהאַלטן די מאַטער־ניש פון דורכגיין די קאַנאַליזאַציע־רערן. מיר לאָזן זיך אַוועק איינצ־קוויז, נישטאָ קיין אַדורכגאַנג פאַר צוויי. מע גייט הינטערווייִלעכטס, איינער האַלט דעם

צוויטן ביי דער האַנט. מיר טאַפּטשען אין בלאָטעס. טייל מאָל ווערט שטאַרקער דער שטראָם וואַסער. מע דריקט פעסטער די הענט בייצושטייך מיט בשות־פּותדיקע כוחות דעם זיך שטאַרקנדיקן שטראָם, ר'זאָל אונדז נישט מיטשלעפּן מיט זיך. די רער ווערט שמעלער, מיר קריכן אויף אַלע פיר, בלויז דער קאָפּ איז איבערן וואַסער. דער גאַנצער קערפּער שווימט קעגן שטראָם. ווען דאָס וואַסער פאַלט אָפּ, רייבן זיך די אַקסלען און זייטן אין דער קרעציקער וואַנט. עס רינט אַוודאי בלוט פון אונדז, נאָר מיר פילן גאָרנישט. מיר שלאָגן זיך אַדורך אַ וועג אין דער פינצטערניש און פייכטקייט. איין האַנט האַלט די צווייטע און די אַנדערע טאַפּט די וואַנט אין פאַרצווייפלטן פּרווו זיך אָנצוהאַלטן אין עפּעס פעסטס. פולע זשמעניעס בלאָטע און שמוץ. מיט אַ מאָל — ליכט... אַ ליכט־שטראַל פון אַ האַנט־לעמפּל. עס הערט זיך אַ שטילער באַפעל: שטיין בלייבן אויפן אָרט! די רעוואָלווערן ווערן אַרויסגעצויגן פון די פּאַסקעס. טאַדעק לאָזט זיך אין דער ריכטונג פון דער טרוקענער רער. ער קומט צוריק און מעלדעט, אַז ביים טרוקענעם אָפּשניט געפינט זיך אַ דייטשע וואַך. מיר דאַרפן זוכן אַן אַנדערן וועג. מיר גייען צוריק פון וואַנען מ'איז געקומען. מיר בלאָנדזשען. קיינער ווייסט נישט דעם וועג. מיר באַשליסן זיך אומצוקערן אויף קאַרמעליצקע 5. מיר האָבן אָפּגעווייכט פון וועג, מיר זענען פאַרלוירן אין דעם פינצטערן לאַבירינט. אַנשטאָט גיין פאָרויס, צו דער אַרישער זייט, קערן מיר זיך צוריק צום שטח פון גרויסן געטאָ. אָט זענען מיר ביי דער עפענונג געגנשע־זאַמענהאָף. צו די טיפקייטן דערטראָגן זיך צו אונדז אָפּקלאַנגען פון שיסערייען און געשרייען. דאָס זענען קאַמפּס־קולות פונעם קעמפנדיקן געטאָ. מיר ווילן אַרויס און זיך אָנשליסן צו אונדזערע קעמפנדיקע ברידער. אונדז געלונגט אָבער נישט אויפצוהייבן די דעק פון דער עפענונג.

וואָלט עמעץ אויפגעהויבן פון דרויסן די דעק, זענען מיר דעמאָלט פון די גליקלעכע. אָבער דאָ, אינעווייניק, איז נישט צו לעבן און נישט צו שטאַרבן און אויך נישט העלפן אונדזערע ברידער, וועלכע קעמפן איבער אונדזערע קעפּ. וואָס טאָן? מיר זענען דערשעפּט. די כוחות זענען אַוועק מיטן לאַנג־דויערנדיקן קריכן אין די קאַנאַליזאַציע־רערן. אָט שטייגט ווידער דער שטראָם וואַסער. מיר דאַרפן פון אים אַנטלויפן.

קיינער טראַכט שוין נישט וועגן אַ ריכטונג, דער עיקר זיך אָפּטראָגן פאַרן אַנקומענדיקן וואַסער. און ווידער אַ טרוקענער אָפּשניט און אַ ליכט־שטראַל רייסט זיך אַריין צווישן די שפּאַלטן, אַ סימן, אַז איבער אונדז איז פאַראַן אַ צודעק. טאַדעק כאַפּט זיך אַרויף, גיט אַ בליק דורך די שפּאַרעס און מעלדעט, אַז מיר געפינען זיך אין דער סביבה פון מילע, נאַלעווקי. מיר האָבן אַזוי אויך געוווּסט, אַז מיר זענען הינטערן געטאָ. קולות פון אויפרייסן און שיסערייען, אויסגעמישט מיט ווילדע געשרייען פון די מערדערס, זאָגן אויף דעם עדות. ס'איז 3 אַ זייגער נאָך מיטאָג. מיר קריכן שוין 13 לאַנגע שעהן. וועט טאַקע דאָס זיין אונדזער סוף, אין די שמאָלע, פאַרעיפּושטע רערן? אַלעמען ווילט זיך אומקערן אין אונדזער בונקער אויף קאַרמעליצקע 5, דאָרט האָבן מיר איבערגעלאָזן אונדזערע טייערסטע, ווינציקסטנס שטאַרבן מיט זיי צוזאַמען. מיר געפינען נישט אָבער דעם וועג. מיר דרייען זיך אַהין און צוריק. אָט זענען מיר עק נאַוואָליפּיע־קאַרמעליצקע. אַזוי נאָענט צום בונקער — און מיר געפינען אים נישט. מיר באַשליסן נישט רירן זיך פון דאַנען. כאָטש בלייבן נאָענט פון אָרט. אפשר וועט געשען עפּעס אַ נס.

ס'איז שוין 5 פאַר נאַכט. שוין 2 שעה ווי מיר שטייען אויף איין אָרט. מיט אַ מאָל — טריט, צוויי בינטלעך ליכט פון גרויסע לעמפּלעך רייסן דורך די פינצטערניש און דערנענטערן זיך צו אונדז.

ווידער כאַפּט זיך די האַנט צום רעוואָלווער, צו דעם איז נאָך דאָ גענוג כוח. 37 שאָטנס נעמען אַן די געשטאַלט פון אַ קעמפנדיקן מענטש. די ליכט דערנענטערט זיך. אָט זענען זיי לעבן אונדז. עמעץ פרעגט אויף דער לאָזונג, צוויי ענטפערן מיט אַ מאָל — פּוילישע קאַנאַליזאַציע־אַרבעטער. אונדזעריקע! אַ מינוט פון גליק אין דעם אונטערשטן גיהנום. זיי דערציילן, אַז זיי האָבן אויף אונדז געוואָרט ביים אַרויסגאַנג פון דער קאַנאַליזאַציע אויף קאַראַלקאָווע 2. אַזוי ווי מיר זענען נישט געקומען, נאָך שעהן וואַרטן, האָט מען אויף זיי אַרויפגעלייגט די אויפגאַבע פון אַראָפּלאָזן זיך אין די קאַנאַליזאַציע־רערן און אויפזוכן די פאַרלוירענע גרופּע. איצט וועלן מיר נישט קענען אַרויסגיין אויף דער קאַראַלקאָווע, זיי האָבן דאָרט צו לאַנג געוואָרט און ס'האָט ווער אַן אומ־

געוווּנטשענער באַמערקט די באַוועגונג. איצט וואַרט מען אויף גזשיבאָווסקע 13, צווישן די חורבות פון אַ צעשטערט הויז. דאָרט געפינען זיך מענטשן פון דער פּוילישער אונטערגרונט און איינער פון די קאָמענדאַנטן פון דער יידישער אָרגאַניזאַציע. ז.ז.וו. אָרגאַניזירט זיך פון דאָס ניי.

די צוויי פּאָליאַקן גייען פאָרויס און מיר שלעפּן נאָך זיי אונדזערע פיס מיט די לעצטע כוחות. פון מויל צו מויל ווערט איבערגעגעבן דער באַפעל צו בלייבן שטיין אויפן אָרט. אונדזערע צוויי וועגווייזער־ גייען פאָרויס קאָנטראָלירן צי דער וועג איז פריי. אַזוי ווי מיר שטייען אָן באַוועגונג, ווערט אונדז קאַלט. אַ צאָן קלאַפּט אין אַ צאָן. די פיס — ווי פון בליי. דאָס אָרט איז שמאָל. מע קען נישט אויסגלייכן דעם רוקן. דער אויסגעמאַטערטער קערפּער בעט זיך אָוועקלייגן אין בלאָטע, שמוץ, שטינקעכץ. נישט וויכטיק — דער עיקר ליגן. אָבער די רער איז שמאָל, נישטאָ קיין ברירה, נאָר בלייבן אין דעם שווערן צו־ שטאַנד. יעדער שעה וואַרטן ציט זיך לאַנג. ענדלעך קומען זיי צוריק. מע דאַרף וואַרטן ביז עס וועט אין דרויסן לגמרי זיין פינצטער. זייט נאָר אַ ביסל גע־ דולדיק, זאָגן זיי, דאָרט, אין דרויסן, איז אַלץ גרייט צו אייער אַרויסגיין. זיי דערקלערן, אַז מיטן מאָמענט וואָס דער צודעק ווערט געעפנט, דאַרפן מיר איינציק־ ווייז אַרויסגיין און גלייך אַריין צום סטרוזש אויף גזשיבאָווסקע 13. צווישן די חורבות איז באַהאַלטן אַ פּאָליאַק פון דער אונטערערדישער באַוועגונג און ער וועט אונדז פירן צום סטרוזש. אַלע האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט ביים אַרויסגאַנג־פּונקט, אונטערן צו־ דעק. מע ציילט איבער די מענטשן, קיינער פעלט נישט. סאַראַ נס! פון דער הייך גיט מען איבער, אַז די אַקציע פון אַרויסגיין דאַרף וואָס שנעלער פאַרענ־ דיקט ווערן. מענטשלעכע שאָטנס קלעטערן אַרויף אין דער הייך, זיי רייסן זיך אַרויס פון דער ערד־טיפע־ ניש, לויפן איבער די חורבות. פּוילישע יונגעלייט, מיט געווער אין האַנט, דעקן אונדזער אַרויסגאַנג. אָט זענען מיר שוין אַלע אין סטרוזשס שטוב. אין דרויסן זענען אויף זייערע פּאָזיציעס געבליבן די מענטשן פון דער וואַך. מיר האָבן געקוקט איינער אויפן אַנדערן — און זיך נישט דערקענט. אַחוץ אַ פּאָר פינקלדיקע אויגן, איז ביי קיינעם פון אונדז נישט געבליבן עפּעס, וואָס זאָל דערמאָנען אין אַ מענ־ טשלעך געשטאַלט. מען האָט אונדז געבראַכט שיסלען צום אַרומוואַשן זיך און עסן.

צוויי פּוילישע און איין יידישער קאָמאַנדיר פאַר־ נעמען זיך מיט אונדז. זיי האָבן צוגענומען דאָס גע־ ווער און געהייסן רואיק זיך אויסשלאָפן. די פאַדלאָגע־ ברעטער זענען איצט פאַר אונדז אַ קייזערלעך געלע־ גער.

5 פאַר־טאָג וועקט מען אונדז איבער. מיר באַקומען צוריק דאָס געווער און מע באַפעלט זיך פונאַנדערצו־ שפּרייטן צווישן די חורבות פון די צעשטערטע היי־ זער. מיר מוזן דאָרט בלייבן, יעדער אין אַ באַזונדער ווינקל, ביז מע וועט אונדז קומען נעמען קיין מיענ־ דזילעשיע, אויף דער אָטוואָצקער ליניע. פון אונ־ דזער גרופּע, געדענק איך די פאָלגנדיקע נעמען: נתן שולץ, יעקב בינענקאָרן, פּנחס טאָוב און זיין פרוי, קלמן צוקאָרס (האָלץ־סוחר) און זיין אייניקל, יוזשעק און זיין פרוי. מיין שוועסטער פערל קאָרנ־ גאָלד, איטאָ בערנשטיק, מיין ברודער זאב קאָרנגאָלד, מיין ברודער אברהם קאָרנגאָלד, אברהם בעקערמאַן, פעלאַ (אסתר), יהושע פּרעכנער, ציגאַן מיעטעק, משה קליינבערג, משה נורנבערג — די אַנדערע נע־ מען געדענק איך נישט. צווישן די אויסגערעכנטע נעמען — קעמפער פון דער בית״ר־גרופּע און אומ־ פּאַרטייאישע.

די שעהן לויפן. ס'איז שוין 12 בייטאָג. דאָס האַרץ נאָגט פון הונגער. פיר אונדזעריקע באַשליסן מיט אייגענע כוחות זיך דערשלאָגן קיין מיענדזילע־ שיע. זיי זאָגן צו צו באַמיען זיך שפּעטער אונדז קו־ מען צו הילף. נתן שולץ, מיעטעק, ציגאַן און נאָך ווער פון דער בית״ר־גרופּע, רוקן זיך פאָרויס צווישן די חורבות. אין דער ריכטונג צו דער גאַס. זיי גייען אַרויס דורכן טויער פון גזשיבאָווסקע 13. עס פאָרט פאַרביי אַ דאָראָזשקע. זיי שטעלן זי אָפּ, זעצן זיך אַריין און באַפעלן דעם דאָראָזשקאַזש זיי אָוועקפירן צום מזרח־וואָקזאַל. דער דאָראָזשקאַזש נעמט שרייען, אַז ער פירט נישט קיין יידן. זיי דראָען אים מיט געווער.

די דראָונג ווירקט. ער טרייבט אונטער דאָס פערד. אָט גייען פאַרביי צוויי פּוילישע פּאָליציאַנטן, דער דאָראָזשקאַזש רופט זיי צו הילף. ער וויל נישט פירן קיין יידן — שרייט דער דאָראָזשקאַזש. די בחורים

צילן אַן די רעוואָלווערן. עס ווערט אַ מהומה. דער ווייל האָבן אויך דייטשן זיך באַוויזן אין גאַס. די בחורים שפּרינגען אַראָפּ פון דער דאָראָזשקע, וואַרפן גראַנאַטן און שיסן. עס פאַלן הרוגים: דער דאָראָזשקאָזש, די פּוילישע פּאָליציאַנטן, עמעץ פון די דורכגייער און דייטשן — אָבער אויך פיר בית״רישע קעמפער, געפינען דאָ זייער טויט.

מיר זענען ערשט אין אָנהייב פון אונדזער וועג און שוין זענען פאַר אונדזערע אויגן געפאַלן פיר טייערע קרבנות. זיי האָבן געקעמפט מיט גבורה, באַוויזן נקמה צו נעמען אין שונא, אָבער אונדז ווערט אַזוי טרויעריק. ערשט נעכטן האָבן מיר אין די קאַנאַליזאַציע־רערן אַדורכגעמאַכט דעם יסורים־וועג און אַט זענען מיר אַרויס פון דער ערד, אַ שטראַל פון האָפענונג האָט פאַר אונדז אויפגעלויכטן — און זיי זענען מער נישט מיט אונדז...

# אין געטא און אויף דער ארישער זייט

ברוך גאָלדשטיין
חיפה

1

כ׳בין געבוירן געוואָרן אין 1916 אין וויאַנזאָוונע, אַ קליין שטעטל צווישן וואַרשע און פאַלעניץ, ביי די עלטערן יעקב און עטל גאָלדשטיין, אַלס יינגסטער זון פון פיר קינדער ((צוויי מיידלעך און צוויי יינגלעך).

אין יאָר 1923 זענען מיר אַריבער וווינען קיין פאַלעניץ, ווו איך האָב אויך געענדיקט די פאָלקסשול און שפּעטער אַוועק קיין וואַרשע לערנען אין אַ פּריוואַטער פאַך־שול אויף סטאָזוקע.

בדרך כלל איז פאַלעניץ געווען אַ שטעטל, וואָס האָט נישט געהאַט הינטער זיך קיין לאַנגע היסטאָריע. פאַלעניץ איז זיך צעוואַקסן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַזוי, אַז אָרטיק־געבוירענע זענען געווען ווייניק. דער רוב איז באַשטאַנען פון אָנגעפאָרענע פון פאַרשידענע שטעטלעך אַרום פאַלעניץ, ווי: וויאַנזאָוונע, זשעלעכאָוו, גאַרוואָלין, סאָבאָליעוו א. אַנד. עס האָט דאָ געשפּרודלט אַ קולטורעל־געזעלשאַפטלעך און פּאַרטייאיש לעבן.

אַ געוויסע צייט בין איך געווען פאַרזיצער פון ציוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד „גורדוניה״, מיר האָבן אויך געהאַט אַ ספּאָרט־קלוב „הפועל״, מיט אַ שיינעם לאָקאַל אויף קאָליעיאָווע. אויסער פוטבאָל, האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט לייכטאַטלעטיק און אַנדערע ספּאָרט־שפּילן.

אין עלטער פון 17 יאָר, בין איך שוין געווען אַן אָנגעשטעלטער אין מיין פאָטערס געשעפט פון בוי־מאַטעריאַלן, ווייל מיין ברודער האָט נאָך זיין חתונה זיך געעפנט אַן אייגן געשעפט. אויך מיין עלטערע שוועסטער האָט געהאַט אַזאַ מסחר אין פאַלעניץ. מאַטעריעל, האָבן מיר אַלע גוט געלעבט.

אין יאָר 1937 האָט אונדז געטראָפן אַ גרויס אומגליק: אונדזער מוטער, עטל, איז געשטאָרבן נאָך אַ שווערער קראַנקייט. אונדזער עלטערע שוועסטער, וואָס האָט דעמאָלט שוין געוווינט אין ארץ־ישראל און געאַרבעט אַלס קראַנקן־שוועסטער, איז ספּעציעל געקומען קיין פאַלעניץ, כדי זיך פאַרנעמען מיט דער קראַנקער מאַמע. נאָך דער מוטערס טויט, איז זי צוריקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, צו איר מאַן.

2

פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, ווען כ׳האָב מיך געפונען אין מיין פאָטערס געשעפט, האָבן מיר פאַרמיטאָג דערהערט מיט אַמאָל שרעקלעכע אויפרייסן. אַרויסלויפנדיק פון געשעפט, האָבן מיר דערזען עראָפּלאַנען פליען איבערן שטעטל. ס׳איז אָבער נישט געווען קיין פּאַניק, ווייל מיט אַ טאָג פריער האָט מען געמאָלדן, אַז ל.אָ.פּ.פּ. וועט אַדורכפירן איבונגען. כ׳האָב אָבער טעלעפאָנירט פון געשעפט צו מיינעם אַ חבר, איגנאַץ רייפענהאָלץ, וועלכער האָט געאַרבעט אין וואַרשע אין דער שטריקעריי „לענקאַ״, און אים געפרעגט, אויב דאָס זענען טאַקע איבונגען, ווייל דער פּוילישער ראַדיאָ האָט שוין געהאַט געמאָלדן, אַז ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה. אויף דעם האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אַז אין וואַרשע ווייסט מען שוין, אַז ס׳איז אויסגעבראָכן דער קריג.

באַלד זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן די גרויל־רעזולטאַטן פון די דייטשע באָמבאַרדירונגען. אין אָט־

וואָצק האָט אַ באָמבע געטראָפן אין אַ קינדער־היים און דערהרגעט עטלעכע קינדער; באָמבעס האָבן צעשטערט די באַן־ליניע אויף איניקע ערטער. אַ גאַנצן נאָכ־מיטאָג האָבן מיר געהערט ווייטערע און נאָענטע אויפ־רייסן פון די באָמבעס, וואָס דייטשע עראָפּלאַנען האָבן געוואָרפן בעת זייערע אָפּטע אַנפאַלן.

ס׳איז דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַ־ציע; מיין ברודער, וועלכער איז געווען רעזערוו־אונ־טעראָפיציר פון אַרטילעריע, איז גלייך מאָביליזירט און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין לאָמזשע. מיר האָבן אים, ווי אויך אַ סך מיינע חברים, באַגלייט ביז וואַרשע.

צוליב די אָפטע באָמבאַרדירונגען, האָט באַלד אין די ערשטע טעג פון קריגס־אויסברוך, זיך געשאַפן אין פּאַלעניץ אַ זייער געשפּאַנטע לאַגע; טראָץ דעם פאַר־באָט צו האַלטן פאַרמאַכט די געשעפטן, האָבן פיל סוחרים זיי נישט געעפנט און אָנגעהויבן פאַרלאָזן די שטאָט, צוליב דער נאָענטקייט פון דער באַן־סטאַציע. די וואָס זענען פאַרבליבן, זענען כסדר געזעסן ביים ראַדיאָ און געהערט וועגן דעם זיגרייכן מאַרש פון די דייטשן.

כ׳האָב געהאָט אַ סך אַרבעט מיטן איבערפירן די סחורות פון מיין מאָביליזירטן ברודערס בוי־סקלאַד צו אונדז, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט מ׳זאָל זיי נישט צעראַבירן, אָדער געטראָפן ווערן פון אַ באָמבע, צוליב דער נאָענטקייט פון דער באַן. די אַרבעט איז מיר אָבער באַשווערט געוואָרן צוליב קאָנפיסקירן דורך דער פּאָליציי די 2 וועגענער מיט די 4 פערדן, וואָס האָבן געהערט צו מיין ברודער, אונטערן אויסרייד, אַז זיי דאַרפן עוואַקואירן די פּאָסט און די פּאָליציי.

אויפן פינפטן טאָג האָט דער פּוילישער ראַדיאָ איבערגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע מענער, וואָס קענען דינען אין מיליטער, זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט און אַוועק־גיין אויפן מזרח — קיין בריסק אָדער צום בוג. מיר האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַ גרופּע פון 12 מאַן, חברים (צווישן זיי: משה קעסטענבערג, אומגעקומען ביי די דייטשן, און גימפּל בערענהאָלץ — היינט אין אַמעריקע). נאָך אַ גאַנצן טאָג מאַרשירן, זענען מיר הונגעריקע און מידע אָנגעקומען קיין קאָלאַביעל, אַ שטעטל אויפן וועג קיין בריסק. מיר האָבן זיך גלייך אַוועקגעשטעלט אין אַ ריי נאָך ברויט, ביי דער איינציקער יידישער בעקעריי. פּלוצלינג האָבן זיך באַוויזן איבער אונדזערע קעפּ עראָפּלאַנען, וואָס זענען אָבער פאַרבייגעפלויגן און גאַרנישט געטאָן. אין נאָענטן וועלדל זענען אָבער געווען פאַרשטעקט פּוילישע זעלנער, וועלכע האָבן געעפנט אַ פייער. באַלד האָבן די עראָפּלאַנען זיך צו־ריקגעקערט און אָנגעהויבן באָמבאַרדירן דאָס שטעט־טל — אַ באָמבע האָט אויך געטראָפן אין דער בעקע־ריי. צו אונדזער גליק, איז די ברויט־ריי געווען אַ לאַנגע, מיר זענען געשטאַנען הינטער אַ הילצערן הייזל, וואָס איז אויף אונדז איינגעפאַלן און צוגעדעקט. מיר האָבן זיך שנעל אָפּגערעקאָפּעט פון אונטער די ברעטער און אַנטלאָפן אינעם זעלבן וועלדל, ווו מ׳איז געלעגן ביז ס׳איז געוואָרן פינצטער.

נאָך דעם האָט אונדזער גרופּע באַשלאָסן צוריק צו גיין קיין פּאַלעניץ. בלויז איך, גימפּל בערענהאָלץ און משה קעסטענבערג, האָבן באַשלאָסן צו בלייבן. דער־ווייל זענען אָנגעקומען די אויטאָס פון פּוילישן רויטן קרייץ און גענומען צונויפצוזאַמלען די פאַרוווּנדעטע. מ׳האָט אונדז מאָביליזירט — און אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געמוזט שלעפּן די טויטע און פאַרוווּנדעטע פון אונטער די חורבות.

3

אין דער פרי האָבן מיר ווייטער מאַרשירט אין דער ריכטונג פון בריסק. דער גאַנצער שאָסיי איז געווען באַלייגט מיט פּליטים: מענער, פרויען, קינדער — אויף וועגענער און צופוס. פיל צעקלאַפּטע, פּוילישע מיליטער־טיילן, זענען פון צייט־צו־צייט אַטאַקירט געוואָרן דורך דער היטלעריסטישער אַוויאַציע, וואָס האָט געזייעט טויט און פאַרניכטונג. ביידע זייטן שאָסיי זענען געווען באַלייגט מיט טויטע און פאַרוווּנדעטע. דער רוב שטעטלעך, וועלכע מיר זענען דורכגעגאַנגען אויפן וועג, האָבן געברענט, זייער יידישע באַפעלקערונג איז זיך געהאַט צעלאָפן. אין אַ געוויס שטעטל האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ וואָגן געשפּאַנט אין צוויי פערד, ווו ס׳זענען געפאָרן צוויי יידן און אַ קריסטלעכע פרוי, וועלכע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס די כלה פונעם ראַטמייסטער בויאַק, וועלכער איז בשעתו דערשאָסן געוואָרן דורכן יידישן היטלמאַכער כאַסקעלעוויטש אין מינסק־מאַזאָוויעצק, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם באַ־רימטן פּאָגראָם אויף יידן. אויפן וואָגן איז אויך געלעגן אַ ראַוועער פון דער פרוי. זיי האָבן אונדז העפלעך איינ־געלאַדן צוזאַמען צו אַנטלויפן קיין בריסק, דערביי פאַרגעלייגט, אַז איינער פון אונדז זאָל פאָרן אויפן ראַוועער, איינער אויפן וואָגן, איינער — צופוס. מיר

האָבן דעם גאַנצן וועג זיך געטוישט. אַזוי זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל סטאָצק, אַרום 6 אָוונט.

וועגן ווייטער פאָרן איז נישט געווען קיין רייד ; אַ שטאַרקע אַרטילעריע־קאַנאָנאַדע האָט זיך געלאָזט הערן פון דער זייט פון בריסק. אַנטלאָפענע פון דאָרט זעלנער און ציווילע האָבן דערציילט, אַז דער וועג קיין בריסק איז איבערגעשניטן דורך די דייטשן, וועלכע זענען אָנגעקומען פון מזרח־פּרייסן, זיי מאַרשירן אויך אויף וואַרשע. ס'איז אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע פּאַניק, מ'האָט אָנגעהויבן לויפן צוריק, אויפן איינציקן פרייען שאָסיי, וואָס האָט געפירט קיין זשעלעכאָוו. אין דער בהלה און פינצטערניש האָבן מיר פאַרלוירן אונדזער חבר קעסטענבערג, אויך דעם וואָגן. נאָך אַ גאַנצער נאַכט פאָרן אויפן ראָווער, זענען מיר אין דער פרי אָנגעקומען קיין זשעלעכאָוו, פּונקט אין ערשטן טאָג ראש־השנה. אונדזער אַ פּאַלעניצער חבר, שייע שטיינבערג, אַן אָפּשטאַמיקער פון זשעלעכאָוו, האָט פאַר אונדז געפונען אַ צימער, וווּ מיר האָבן געוואָלט זיך אָפּרוען, כדי ווייטער גיין. אָבער דעם זעלבן נאָכמיטאָג, זענען מיטן זעלבן וועג אויך אָנגעקומען... די דייטשן.

4

יענעם אָוונט האָבן זיי זיך גענומען צו דער מערדערישער מלאכה : זיי האָבן אונטערגעצונדן די שול, וואָס איז צוליב ראש־השנה פול געווען מיט מתפללים — און אַלע זענען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן. זיי האָבן אויך גענומען אויפהאַקן די יידישע געשעפטן, וואָס זענען צוליב ראש־השנה געווען פאַרמאַכט. די סחורות האָבן זיי פונאַנדערגעטיילט צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג, וועלכע איז געקומען מיט זעק צו געניסן פון יידיש האַב־און־גוטס.

באַלד נאָך ראש־השנה האָבן מיר פאַרלאָזט זשעלעכאָוו און מיט הינטערוועגן (דער הויפּט־שאָסיי איז געווען פאַרנומען דורכן דייטשן מיליטער), גייענדיק פון דאָרף צו דאָרף, זענען מיר האַלב־לעבעדיקע אָנגעקומען קיין אָטוואָצק. דאָ האָב איך צו מיין גרויסער איבערראַשונג, באַמערקט אויף אַ וואָגן, צווישן די פיל פּליטים, מיין שוועסטער ליובאַ סאַפּירשטיין מיט איר יינגעלע. זי האָט נישט געגלייבט אירע אייגענע אויגן, דערזעענדיק מיך אַ לעבעדיקן, ווייל אין פּאַלעניץ האָבן זיך געהאַט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז איך און מיין חבר גימפּל זענען דערהרגעט געוואָרן אויפן וועג.

ערשט פון מיין שוועסטערס דערציילונג האָב איך זיך דערוווּסט וועגן גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אונדזער שטעטל פּאַלעניץ. עטלעכע צעקלאַפּטע ביי וואַרשע, פּוילישע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן נאָך געהאַט זייערע אָפיצירן און געווען באַוואָפנט, אַפילו מיט אַרטילעריע, האָבן פאַרנומען אַ פּאָזיציע אויפן בערגל, ווו ס'איז געשטאַנען דער קאַשטשאָל און פון דאָרט באַשאָסן די ערשטע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן זיך דערנענטערט צו פּאַלעניץ מיטן נייעם שאָסיי, וואָס האָט געפירט פון וואַרשע. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ שלאַכט. נאָך דעם ווי די פּאָליאַקן, וואָס זענען געווען בסך־הכל עטלעכע הונדערט, האָבן געליטן שווערע פאַרלוסטן, האָבן זיי אין איילעניש פאַרלאָזט די איינציקע פּאָזיציע. די דייטשן, אויפגערעגטע פון דעם אומדערוואַרטן ווידערשטאַנד, זענען אַריין קיין פּאַלעניץ און דעם צאָרן אויסגעגאָסן אויף די יידישע איינוווינער — מיט כוח זיי אַרויסגעפירט פון די הייזער, אַ סך דערהרגעט, אונטערגעצונדן די גאַנצע שורה הייזער, ס'רוב הילצערנע, אויף די גאַסן האַנדלאָווע און דלוגע, וועלכע זענען אויך געווען די וויכטיקסטע האַנדלס־גאַסן אין שטעטל.

דערנאָך האָבן זיי צונויפגעטריבן אַלע מענער, דעם רוב — יידן, און זיי אַוועקגעשיקט אַלס קריגס־געפאַנגענע אין אַ לאַגער אין מזרח־פּרייסן (צווישן זיי, מיין שוואָגער יצחק סאַפּירשטיין און זיין ברודער סרוליק). אַזוי ווי כמעט אַלע יידן זענען זיך צעלאָפן פון פּאַלעניץ און אויך מיין גאַנצע משפחה האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אָטוואָצק, האָב איך שוין נישט געהאַלטן פאַר נייטיק צוריק צו גיין קיין פּאַלעניץ — און געבליבן אין אָטוואָצק. מיין חבר גימפּל, וועלכער האָט נישט געפונען אין אָטוואָצק זיינע עלטערן, און קיינער האָט אים אויך נישט געקענט זאָגן ווו זיי זענען, איז ער מיטן ראָווער אַוועקגעפאָרן קיין פּאַלעניץ. מער האָב איך אים נישט געזען. ערשט לעצטנס, נאָך 24 יאָר, האָב איך אים געטראָפן אין ישראל.

5

נאָך דעם ווי איך האָב זיך אַ ביסל אָפּגערוט אין אָטוואָצק, בין איך אַוועק צופוס קיין פּאַלעניץ, אַ מרחק פון 8 קילאָמעטער, כדי זיך דערוויסן וואָס ס'איז געוואָרן פון אונדזער גרויס פאַרמעגן און ווי אַזוי זעט בכלל אויס דאָס שטעטל.

פּאַלעניץ האָט אויסגעזען ווי אַ בית־הקברות. גאָר

ווייניק מענטשן זענען פאַרבליבן, די גאַסן — אָפּגע־ברענט. כ׳האָב אויסגעזוכט די עלטערן פון מיין חבר גימפּל. זיי האָבן דערציילט, אַז מיט אַ טאָג פריער, האָט ער זיך געלאָזט מיטרייסן מיט דעם אַלגעמיינעם שטראָם, זיך אויפגעזעצט אויפן ראָוער — און אַוועק קיין רוסלאַנד.

נאָך די יום־טובים, ווען די מלחמה איז שוין געווען פאַרענדיקט, האָבן זיך קיין פאַלעניץ אָנגעהויבן צוריק־קערן די אַנטלאָפענע ייִדן. איבערהויפּט די אַלע, וועמענס געשעפטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די זייטיקע גאַסן, זענען ניצול געוואָרן פון דער שריפה. די ווידער, וואָס זייערע הייזער און געשעפטן זענען פאַרברענט געוואָרן, האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין די ליידיקע ווילעס פון ביידע זייטן באַן־ליניע. דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן. מ׳האָט געעפנט די געשעפטן, געווען אָבער ווייניק וואָס צו פאַרקויפן, ווייל וואַרשע, די צושטעלערין פון סחורות, איז דעמאָלט געלעגן אין חורבות. ס׳האָט זיך געפילט אַ גרויסער מאַנגל אין פאַרשידענע מאַטעריאַלן און פּראָדוקטן.

ס׳האָט זיך אָנגערוקט דער שווערער ווינטער פון יאָר 1940. פאַלעניץ איז אין אָנהייב געווען באַזעצט דורך רעגולערע אָפּטיילונגען פון דער ווערמאַכט. זיי האָבן נאָך נישט אַרויסגעוויזן זייערע נעגל. אָבער פון אַנדערע שטעטלעך האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות, איינע שרעקלעכער פון דער אַנדערער, וועגן די גרויל־טאָטן פון דער ס.ס. און געסטאַפּאָ כלפּי דער ייִדישער באַפעלקערונג. ס׳האָט זיך דעריבער פאַרשטאַרקט די אויסוואַנדערונג קיין מערב־אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד. פאַרשטענדלעך, אַז די ערשטע זענען געקומען די קאָ־מוניסטן און סאָציאַליסטישע עלעמענטן. אָבער אויך אַנדערע האָבן אָנגעהויבן פאַר־לאָזן דאָס שטעטל. מיין חבר, איגנאַץ רייפענהאָלץ, וועלכער האָט נאָר וואָס חתונה־געהאַט מיט סאַבינע קויפמאַן, האָט מיט דער גאַנצער משפחה פאַרלאָזט פאַלעניץ. ביים געזעגענען זיך מיט מיין חבר מנשה סרעבּרניק, וועלכער האָט מיך שטאַרק צוגע־רעדט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, האָב איך אים געענטפערט: אַזוי ווי כ׳האָב שוין פאַרזוכט דעם טעם פון זיין נע־ונד, ווי אויך צוליב מיין „בור־זשואַזער" אָפּשטאַמונג און ציוניסטישער טעטיקייט, זע איך נישט פאַר מיר אונטערן סאָוויעטישן רע־זשים אַ בעסערן גורל ווי ביי די דייטשן. ווער האָט דעמאָלט געקאָנט וויסן, אויף וואָס דאָס פאָלק פון געטע און שילער איז פעיק? דעריבער בין איך צוליב מיין פאַמיליע־צוגעבונדנקייט און די אויבנדערמאָנטע סי־בות — געבליבן אין דער היים.

6

דערווייל איז אַרויס אַ פרישע גזירה: די פּוילישע וואַלוטע האָט פאַרלוירן איר ווערט, סיידן מ׳זאָל זי אויסטוישן אויף נייע זלאָטי־באַנקנאָטן פון דער רייכס־באַנק. אַ ייד האָט אָבער נישט געהאַט קיין רעכט צו טוישן מער ווי 2 טויזנט זל. מיר האָבן זיך דעריבער באַנוצט מיט באַקאַנטע גויים אָדער פאָלקסדייטשן — און אַזוי אַרום איז אונדז געלונגען אויסצובייטן אַרום 60.000 זלאָטעס.

די רעכטלאָזע לאַגע פון די ייִדן האָבן אָנגעהויבן אויסנוצן פאַרשידענע פאַרברעכערישע עלעמענטן; אַפילו די פּוילישע גראַנאַטאָווע פּאָליציי האָט אַרעס־טירט מיין פאָטער, אים אַריינגעזעצט צווישן די ערגסטע פאַרברעכערס, וועלכע האָבן אין משך פון 3 טעג זיך איזדעקעוועט איבער אים און אַפילו געדראָט אים אויפצוהענגען. ביי אונדז האָט די פּאָליציי געפאָדערט 10.000 זל. כופר־נפש פאַר אונדזער פאָטער. דאָס געלט האָבן זיי באַקומען. מיר זענען געווען זיכער, אַז דאָס האָבן זיי געטאָן אויף אייגענער האַנט.

דערווייל האָבן זיך אָנגערוקט די גרויסע פרעסט. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן טיילן קליינע פּאַרציעס קוילן. ס׳האָבן זיך געשאַפן גאַר לאַנגע רייען, אָבער מענטשן האָבן זיך אַן עצה געגעבן. אין דער ריי האָבן זיך גע־שטעלט עטלעכע פאַמיליע־מיטגלידער, כדי צו באַ־קומען מער קוילן. צוליב הונגער און קעלט, וואָס האָט באַהערשט די ייִדישע גאַס, איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. יעדער האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן פאַר די דייטשן, ווייל מ׳האָט געוווּסט, אַז זיי מאַכן נישט מיט די קראַנקע קיין גרויסע צערעמאָניעס. צוליבן מאַנגל אין רפואות, שיסט מען זיי אויס. אַזוי אַרום איז די עפּידעמיע נאָך מער פאַרשפּרייט געוואָרן און די שטערבלעכקייט איז געווען גרויס. אויך מיך האָט די עפּידעמיע נישט אויסגעמיטן. נאָך דעם ווי איך האָב באַזוכט מיינעם אַ פריינד, צוקערמאַן, ביי וועמען דאָס קינד איז געלעגן קראַנק אויף טיפוס (איך האָב נישט געוווּסט דערפון), האָב איך באַקומען 40 גראַד היץ און בין אַוועקגעפאַלן אויף אַ שווערן בויך־טיפוס. מיין פאַמיליע האָט אָבער נישט געשפּאָרט קיין געלט. נאָך דעם ווי די פּוילישע פּאָליציי האָט מיך אַנטדעקט ביי

אונדז אין שטוב, האָט מיין שוועסטער זיי איבערגע־קויפט — און זיי האָבן מיך אַוועקגעפירט אין אַ ספּע־ציעלן שפּיטאָל פאַר טיפוס־קראַנקע פּאַליאַקן אין אָט־וואָצק. ווידער פאַר געלט, האָט מען מיר אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער און אַ ספּעציעלע קראַנקן־שוועסטער, ווייל איך האָב זיך געפונען אין אַ שווערן מצב.

דאָ האָט זיך אָפּגערופן מיין חבר יצחק זילבערשטיין. זיי האָבן געהאַט אַ שניט־קראָם, וואָס איז פאַרבערענט געוואָרן, נאָר ס'איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען אַ ביסל מאַנופאַקטור; ער האָט צו אונדז געבראַכט עטלעכע מעטער לייוונט אויף תכריכים, וועלכע ס'איז דעמאָלט געווען זייער שווער צו באַקומען — און געזאָגט:

— כ'האָב געהערט, אַז מיין בעסטער חבר ברוך איז נעבעך געשטאָרבן אויף טיפוס, ברענג איך אים אַ מתנה — די תכריכים...

ס'איז נישט געווען ווייט פון אמת. ליגנדיק אין שפּי־טאָל אין אָטוואָצק, האָב איך אויך באַקומען אַ פלעק־טיפוס. נאָר אַ דאַנק דער רעטונג, וואָס האָט אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן, בין איך קוים מיט צרות אַרויס פון שפּי־טאָל, ווו כ'בין געלעגן גאַנצע 4 חדשים.

7

דער פרילינג און דער גאַנצער זומער פון יאָר 1940, איז אַדורך אין אונדזער שטעטל מיט רדיפות, נגישות און שיקאַנעס כלפּי דער יידישער באַפעלקערונג. אויך פון וואַרשע און פון די אַרומיקע שטעטלעך, האָבן אָנ־געהויבן אָנקומען ידיעות וועגן אַרבעטס־לאַגערן, ווי אַחוץ דער שווערער האַרעוואַניע, האָט מען אויך באַ־קומען אַ סך קלעפּ און ווייניק עסן. זעלטן ווער ס'האָט זיך פון דאָרט צוריקגעקערט אַ געזונטער. טייל זענען שוין בכלל נישט צוריק געקומען. ביי אונדז האָט מען גענומען כאַפּן יידן צו אַרבעטן, ווי: אָפּלאָדן קוילן פון די באַנען, באַדינען די קאַזאַרמעס און שולן, ווו ס'זע־נען איינגעשטאַנען די מיליטער־טיילן, פלאַסטערן שאַ־סייען, וואַשן וועש און פאָדלאָגעס. צום רייניקן די צימערן האָט מען ס'רוב גענומען יידישע מיידלעך און פרויען. מ'האָט זיי געהייסן אויסטאָן די אונטערוועש און דערמיט וואַשן די צימערן.

אויך דער רעזשים אין פאַלעניץ איז געוואָרן שטרענ־גער. די רעגולערע מיליטער־טיילן, וועלכע מ'האָט אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט קיין פראַנקרייך, זענען פאַרטוישט געוואָרן דורך אַן אָפּטיילונג פון ס.ס. זייער שעף, אַ נישט־נאָרמאַלער, פלעגט דורכגייענדיק די גאַס, אַנוואַרפן אַ פחד אויף די יידן; מ'האָט געמוזט פאַר אים אָפּטרעטן דעם וועג און אַראָפּנעמען דאָס היטל. ער האָט אויך אָרגאַניזירט די פאַלעניצער פאָלקסדייטשן און פון זיי געשאַפן אַן ס.ס.־אָפּטיילונג, וואָס איז געווען געפערלעכער פון די „רייכסדויטשן". צוליב דעם, וואָס זיי האָבן יעדן איינעם געקענט. דע־מאָלט איז אויך אַרויס דער באַפעל פון טראָגן אויף דער לינקער האַנט דעם צייכן, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ווייסע לענטע מיט אַ בלויען מגן־דוד. זיי האָבן אויך אויף די באַנען, איבערהויפּט אויף די, וואָס זענען גע־גאַנגען קיין וואַרשע, אָפּגעטיילט אַ ספּעציעלן וואַגאָן פאַר יידן. ביסלעכווייז האָבן זיי אָנגעהויבן איזאָלירן די יידישע פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, כאָטש קיין געשלאָסענער געטאָ איז נאָך נישט געווען. איבערהויפּט האָבן זיי אָנגעהויבן שיקאַנירן די פרומע און יידיש־געקליידעטע יידן, וועלכע זיי האָבן געכאַפּט. אָפּגעשוירן מיט טעמפּע כלים די בערד, באַגלייטנדיק די מלאכה מיט חוזק און קלעפּ.

אַ דאַנק דעם, וואָס ס'האָט נאָך עקזיסטירט אין פאַ־לעניץ אַ קהילה־ראַט פון די פאַרמלחמהדיקע אויסגע־וויילטע דאַזאָרעס פון די פאַלעניצער נכבדים, האָבן זיי זיך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך, צו לינדערן די גרויסע נויט פון די יידן; זיי האָבן געגרינדעט אַן אומזיסטע פאָלקס־קיך, ווו ס'האָבן געאַרבעט פרייוויליק און אויך טיילווייז געווען אויסגעהאַלטן דורך די פאַרמעגלעכע מענטשן (צווישן זיי — איך און מיין צוקונפטיקע פרוי, גוטאַ פרידמאַן; די פרוי פון קהילה־פּרעזעס בייוועוורט און אַנדערע). אַ דאַנק דער באַשטייערונג פון די רייכע־רע פאַלעניצער יידן, איז די קיך געווען אימשטאַנד אַרויסצוגעבן טעגלעך, פאַר אַלע אָרעמע, אַ מיטאָג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ זופּ און אַ שטיקל ברויט. אויך האָט דער קהילה־ראַט געגרינדעט — מיט דער הסכמה פון דער ווערמאַכט — דעם א. ג. „סאַניטאַר־אָרדנונגס־דינסט", וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען אַרומצוגיין אין די יידישע הייזער און אַרויסנעמען די געשטאָרבענע פון דער טיפוס־עפּידעמיע. איבערהויפּט אין די פאַלן, ווען ס'זענען געשטאָרבן עלטערן, וואָס האָבן געלאָזן פּיצלעך קינדער, וועלכע האָבן אַפילו נישט געקאָנט מעלדן וועגן טויט פון זייערע נאָענטע. יעדן פרימאָרגן פלעגן די סאַניטאַרן אַרויספליגן אויף אַ וואָגן די טויטע, זיי צופירן צו ערשט צום ועד־הקהילה, וואָס האָט פאַררעגיסטרירט די נעמען פון די

געשטאָרבענע, דערנאָך האָט די חבֿרה קדישא זיי אַוועקגעפירט אויפֿן בית־עלמין הינטער דער שטאָט.

צוליב איר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, איז אויך פרוי נייווערט אָנגעשטעקט געוואָרן פון טיפוס און געשטאָרבן.

8

סוף יאָר 1940 האָבן זיך באַשטעטיקט די קלאַנגען וועגן שאַפן, ווי די דייטשן האָבן דאָס פאַרשטעלטערהייט אָנגערופן, אַ יידישן וווין־געביט, ד. ה. — אַ געטאָ, אַזוי ווי פריער אין וואַרשע. אָנהייבנדיק פון דער קאָשטשעלנע גאַס, ביז נאָכן מיעדזעשינער באַזאַר, איז אַ שטח פון בערך 2 קילאָמעטער די לענג און אין דער טיף (פון דער וואַרשאַווסקע ביז אַלעקסאַנדראָוו), אַרומגעצוימט געוואָרן מיט אַ פּלויט פון נישט־געדיכטן שטעכלדראָט, מיט עטלעכע דורכגענג: אויף דער וואַרשאַווסקע נעבן דער באַן־ליניע; אַנטקעגן דער צווייטער „אַרישער" זייט פון פאַלעניץ; אין מיעדזעשין, קעגן דער באַן־ליניע. די אַדורכגענג האָט באַוואַכט די יידישע געטאָ־פּאָליציי, וועלכע איז באַשטאַנען פון די פריערדיקע סאַניטאַרן און צוגעקומענע פון אַנדערע שטעטלעך, אונטער דער אָנפירונג פון אַ לאָדזשער ייד מיטן נאָמען שיקער. צוליבן אָפּזאָגן זיך פון עטלעכע פריערדיקע דאָזאָרעס פון דער קהילה צו פאַרוואַנדלען זיך אין יודענראַטלער, איז דער יודענראַט אין פאַלעניץ באַשטאַנען אין זיין מערהייט פון פרעמדע עלעמענטן. פרעזעס איז געווען אַ געוויסער פינקעל, אַ רייכער וואַרשעווער ייד, וואָס האָט געהאַט אַ פאָלוואַרק אין מיעדזשינעק, ביי דער ווייסל. סעקרעטאַר — מיעטשיסלאַוו כאָדזשקאָ, אַ לאָדזשער ייד, און דער פאַלעניצער יידישער אַפּטייקער — שאַנצער. די דריי האָבן פאַקטיש געהאַט די גאַנצע דעה אין יודענראַט. צוזאַמען מיטן פּאָליציי־קאָמענדאַנט שיקער, האָבן זיי אויסגעפירט אַלע באַפעלן, וואָס זענען זיי געגעבן געוואָרן דורכן ממונה איבערן פאַלעניצער געטאָ. דער געסטאַפּאָ־שעף שליכט, וועלכער האָט געהאַט די קאָמענדאַנטור אין אָטוואָצק, האָט איבערגעגעבן די באַפעלן צו דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין רעמבערטאָוו. זיי ווידער האָבן באַפוילן דעם יודענראַט און דער געטאָ־פּאָליציי אין פאַלעניץ.

צוליבן אַרומצוימען דאָס געטאָ, איז דער קאָנטאַקט מיט דער פוילישער באַפעלקערונג כמעט געוואָרן איבערגעריסן. גאַנצע צווייגן יידישע פרנסות, ווו מ'האָט נאָך געקאָנט ציען אַן אָרעמע חיונה, זענען אין גאַנצן אונטערגעגאַנגען. די צוויי בעסטע פאַכן, וואָס האָבן אין געטאָ פראָספּערירט, זענען געווען: בעקערס און קצבים. ס'האָט זיך דערייבער אַנטוויקלט דורך די דראָטן אַן אומלעגאַלער מסחר מיט דער פוילישער באַפעלקערונג. ווער ס'האָט נאָר געהאַט עפּעס, האָט עס פון זיך פאַרקויפט, כדי צו דערהאַלטן דאָס נפש.

טראָץ דעם, וואָס די דייטשן האָבן געגעבן אַ נישטיקע צוטיילונג פון פראָדוקטן אויף אַ קאָפּ (100 גראַם ברויט, אַ ביסל מאַרמעלאַדע, סאַכאַרין און זייער קליינע פישעלעך — „שטינקעס"), איז דער הונגער אין געטאָ געווען אין לשער; געשוואָלענע מענטשן האָבן זיך אַרומגעשלייכט אין די גאַסן, ביז זיי זענען געפאַלן טויט.

כדי צו לינדערן אַ ביסל דעם הונגער אין געטאָ, האָבן מיר, אַ גרופּע פון 8—10 מאַן (איך און מיין ברודער צבֿי, די ברידער יאַנקל און שמואל זשולטע און אַנדערע), געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיוו פון מעל־שמוגלער, כדי אַריינצופירן מעל אין געטאָ. צו דעם צוועק זענען מיר גאַנץ באַגינען אַדורך די געטאָ־פאַרצוימונג און צופוס אַוועק קיין סטאַניסלאַוו, אַ דאָרף נעבן מינסק־מאַזאָוויעצק, אַ מרחק פון אַרום 30 קילאָמעטער פון פאַלעניץ. אַהין איז מען אָנגעקומען פאַרנאַכט. אין משך פון 2—3 טעג האָט מען אָפּגעקויפט ביי די פאַרבליבענע יידן און ביי די פויערים, זעקלעך מעל, געדונגען פורן, אויפגעלאָדנט נישט מער ווי 300 קילאָ אויף אַ וואָגן, ס'זאָל זיין לייכטער צו פאָרן. די פויערים זענען אַליין געווען די בעלי־עגלות. קענענדיק אַלע הינטערוועגן, פעלדער און דערפער, איז אונדז געלונגען אַריינצוברענגען דאָס מעל אין געטאָ, פאַר די אומלעגאַלע בעקערייען. דאָ האָבן ממש אַרויסגעוויזן גבֿורה די יידישע פאַרמלחמהדיקע פלייצע־טרעגערס, וועלכע פלעגן אָפּוואַרטן די סחורה ביי דער געטאָ־פאַרצוימונג, שנעל זי געעפנט, דורכגעלאָזט די וועגענער מיט די פויערים, צוריק פאַרמאַכט די עפענונג, בליץשנעל אויסגעלאָדנט אין דער נאַכט־פינצטערניש די פורן — און זיי צוריק אַרויסגעלאָזט פון געטאָ. הגם אין די דערפער, וואָס מיר זענען דורכגעפאָרן, זענען די אָרטיקע פוילישע פּאָליציי־פּאָסטנס געווען דורך אונדז אונטערגעקויפט מיט היפשע געלט־סומעס, זענען די ידיעות וועגן שמוגל דערגאַנגען צו די דייטשן. אין אַלע מילן פון דער סביבה האָבן זיי אַריינגעזעצט

קאַמיסאַרן, וועלכע האָבן שוין געהיטן, אַז קיין געמאָלן מעל זאָל נישט פאַרקויפט ווערן.

מיר האָבן דעריבער געמוזט זיך אַריבערוואַרפן אויף איינקויפן קערנער. אַליין זיך איינגעשאַפן אַ פרימיטיווע מיל, וואָס איז באַשטאַנען פון 2 שטיינער און אַן עלעקטרישער מאָטאָר פון 12 פערד־קראַפט האָט באַוועגט די שטיינער. אינעם גרויסן קעלער, וואָס איז פאַר דער מלחמה געווען אַ מאַגאַזין צו האַלטן אייז, ביי אַ קצב אין הויז, האָבן מיר איינגעאָרדנט די מיל. אין משך פון איין מעת־לעת איז אונדז געלונגען אַרויסצובאַקומען אַן ערך אַנדערהאַלבן טאָן מעל. פון דאָרטן האָבן מיר עס בסוד פונאַנדערגעפירט אין די געטאָ־בעקערייען. מ׳האָט גאַנץ שיין פאַרדינט.

צוליבן פאַרבאָט אין וואַרשע צו באַקן וויס ברויט ווי אויך צוליבן ברויט־מאַנגל אין וואַרשעווער געטאָ, האָבן מיידלעך און יינגלעך אַהינגעשמוגלט געבעקס און פלייש, וואָס פאַלעניצער קצבים האָבן צוגעשטעלט מיט דער עלעקטרישער באַן, וואָס איז פון פאַלעניץ ביז וואַרשע געפאָרן בלויז 15 מינוט.

9

אויף אַזאַ אופן איז דער שמוגל געגאַנגען טאָג און נאַכט, זומער און ווינטער. נישט תמיד האָבן מיר מצליח געווען, טיילמאָל זענען מיר געכאַפּט געוואָרן דורך דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָט אַלץ צוגענומען און אונדז שטאַרק צעשלאָגן. דערביי האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז זיי זענען נאָך גוטע מענטשן און טוען אַ טובה דערמיט וואָס זיי שלאָגן, ווייל לויטן געזעץ האָבן זיי אונדז באַדאַרפט דערשיסן.

אויך אין פאַלעניצער געטאָ האָבן מיר איין מאָל ביינאַכט געהאַט אַ גרויסן דורכפאַל; פּלוצלינג האָט זיך געעפנט די טיר פון דער אומלעגאַלער מיל און אויף דער שוועל האָבן זיך באַוויזן דייטשע זשאַנדאַרן. זיי זענען געווען זיכער, אַז די מיל אַרבעט מיט אַ דערלויבעניש. מיר האָבן זיי דערקלערט, אַז מיר מאָלן מיט דער הסכמה פון דער ווערמאַכט, נאָר פאַרן געברויך פון געטאָ. זיי האָבן געגלויבט אויפן וואָרט — און אַוועק מיט גאָרנישט. נאָך די זעלבע נאַכט האָבן מיר איבערגעפירט די מיל אויף אַ צווייטן פּלאַץ, אין אַ ליידיקער וויללע. ווען מ׳האָט אין שטאַב פון דער זשאַנדאַרמעריע אין רעמבערטאָוו זיך אַרומגעזען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין שום דערלויבעניש אויף אַ מיל אין געטאָ, האָט מען ערשט גענומען זוכן. אַ דאַנק די עלעקטרישע קאַבלען, האָט מען אַ צווייט מאָל אַנטדעקט די געהיימע מיל. אין דער עלעקטראָווניע האָט מען זיי געזאָגט, אַז דער חשבון איז אויף מיין נאָמען, האָט דער יודענראַט באַקומען אַ שטרענגן באַפעל מיך צוצושטעלן אין דער קאָמענדאַנטור קיין רעמבערטאָוו. איך האָב מיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו דערשיינען פאַר די דייטשן און געדראָט דעם יודענראַט, אַז כ׳וועל פאַרשווינדן פון פאַלעניץ. האָט דער יודענראַט איבערגעקויפט די זשאַנדאַרמעריע און ס׳איז אָפּגעשטימט געוואָרן, אַז איך זאָל דערשיינען נאָר אין יודענראַט — און נישט אין רעמבערטאָוו, באַצאָלן 5000 זלאָטעס שטראָף (וואָס איך האָב טאַקע באַלד באַצאָלט). דערמיט איז דער ענין געוואָרן דערליידיקט.

דאָס אַלץ איז נאָך מעגלעך געווען אין אָנהייב, ביים אַנטשטיין פון געטאָ, ווען די שטראָפן פאַר כאַפּן יידן אויסערן געטאָ זענען געווען לייכטע (דריי חדשים תפיסה). נאָר וואָס אַמאָל זענען די שטראָפן געוואָרן שטרענגער — ביז טויט־שטראָף. אויך איז די לאַגע אין געטאָ נישט געווען קיין געהויבענע: צוליב יידישע מסירות, זענען אומגעקומען אַ סך אומשולדיקע יידן. אַ געוויסער ייד, וועלכער האָט געהאַנדלט מיט „טרי־פהנע" סחורות, האָט פאַרמסרט פאַר די דייטשן די משפחה פּאַסטבריוו, אַ פאָטער מיט צוויי יינגלעך, אַז זיי פאַרקויפן געשמוגלטע פּאַפּיראָסן. די פּוילישע פּאָליציי האָט זיי אַרעסטירט, איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן, וועלכע האָבן זיי באַפוילן זיך אויסגראָבן אַ גרוב מחוץ דער געטאָ־פּאַרצוימונג און זיי עפנטלעך דערשאָסן ביים קבר.

נאָך אַ פאַל איז געווען מיט אַ געוויסן שמען בלאַשקאַ, וואָס האָט געהאַנדלט מיט ראַווערן; ער האָט געפּרוווט אויספּרעסן געלט ביי די געטאָ־קצבים. ווען זיי האָבן אים אָנטזאָגט, האָט ער זיי אויסגעליפערט צו די דייטשן. ער איז אויף זייער אויטאָ אַרומגעפאָרן אין געטאָ און אָנגעוויזן ווו ס׳געפינט זיך געשמוגלט פלייש. די דייטשן האָבן דאָס פלייש קאָנפיסקירט און די קצבים אַרעסטירט. ווער וויסט מיט וואָס ס׳וואָלט זיך פאַרענדיקט די געשיכטע, ווען דער יודענראַט מישט זיך נישט אַריין. פאַר אַ גרויסער סומע געלט, האָט ער אָפּגעקויפט די דייטשן.

אַ דריטער פאַל האָט פּאַסירט, ווען דער ס.ס.־הויפּטמאַן איז דורכגעפאָרן ביי דער געטאָ־פּאַרצוימונג און באַמערקט ווי דער ייד קאַפּראַל פאַרקויפט אַ פּאַליאַק

עפּעס אַ שמאַטע. ער האָט געהייסן דעם פּאָליאַק אַוועק־גיין און פון דערווייטנס געשאָסן אויפן ייד, וועמען ער האָט בלויז פאַרוואונדעט. דעם ייד איז געלונגען צו אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן אין געטאָ. דער ס.ס.־מער־דער איז דאַן אַריין אין געטאָ און באַפוילן דער יידי־שער פּאָליציי צו ברענגען פאַר אים דעם פאַרוואונדעטן ייד. אויב נישט, וועט ער הייסן דערשיסן 50 יידן־ערובניקעס.

די געטאָ־באַפעלקערונג איז אַנטלאָפן און זיך אויס־באַהאַלטן אין דער סביבה פון מיעדזשין. די געטאָ־פּאָליציי האָט מיט גרויס מי אַנטדעקט דעם פאַרוואונדעטן ייד און אים אויסגעליפערט דעם מערדערישן ס.ס.־מאַן. ער האָט באַפוילן די געטאָ־פּאָליציסטן צוצוגרייטן פאַר אים אַ גרוב, געהייסן אים זיך אַריינלייגן, קוקן אויף מזרח — קיין ארץ־ישראל — און אים דער־שאָסן...

נאָך די דאָזיקע פאַלן, האָט דער שמוגל פון די פּאַ־לעניצער יידן כמעט ווי זיך אָפּגעשטעלט. אונדזער מיל איז צוויי מאָל אַנטדעקט געוואָרן. די באַן־פּאָליציי, צוזאַמען מיט דער „גראַנאַטאָווער" פּאָליציי, האָבן ביי אונדז קאָנפיסקירט דעם גאַנצן קאָרן (אים גענומען פאַר זיך). צוליב דעם אָפּטן געבן שוחד די פאַרשי־דענע מוסרים און פּאָליציאַנטן, האָט דאָס עסק אויפ־געהערט צו זיין רענטאַביל. מיר האָבן דעריבער ליק־ווידירט די גרויסע מיל. איך האָב מיר איינגעשאַפט אַ קלענערע מיל, וואָס האָט נאָר געמאָלן ביז 400 קילאָ מעל אין מעת־לעת.

צוליבן גוטן פלאַץ, האָב איך מיר אויך פאַרשאַפט אַן אייגענע בעקעריי, צוזאַמען מיט די ברידער אַקערמאַן, וועלכע זענען געווען פּאַכלייט. זיי האָבן אויפגעשטעלט די אויוונס און געבאַקן געשמאַק ברויט. קיין וואַרשע האָבן עס אָבער געפירט נאָר פּאָליאַקן. דעריבער האָבן מיר באַדאַרפט אָנפאַרטרויען דאָס ברויט און געלט אויף אייגענער ריזיקע. אָבער אין רוב פאַלן האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן פאַר ערלעכע שמוגלערס און צוריק־געבראַכט דעם פדיון אין געטאָ...

10

מיטן אויסברוך פון דעם דייטש־סאָוויעטישן קריג, איז די לאַגע אין געטאָ געוואָרן קאַטאַסטראָפאַלער; פון הונגער און טיפוס זענען טעגלעך געשטאָרבן 10—15 מענטשן, גאַנצע הייזער זענען צוליב דעם געבליבן ליידיק. די יוגנט וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין געטאָ, איז נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט, נאָר זיך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך, צו לינדערן די נויט פון זייערע ברידער, אָרגאַניזירנדיק פאַרשידענע אימפּרע־זעס, ווי: טאַנץ־אָוונטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען מיט בופעטן. די פּראָדוקטן האָט מען איינגעקויפט אויף דער „אַרישער" זייט. מיידלעך האָבן געשפּילט אויפן קלאַוויר, די יוגנט האָט געטאַנצט. דאָס איז פאָרגע־קומען אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, וואָס האָט זיך אויך געפונען אויפן שטח פון געטאָ. די הכנסה פון די דאָזיקע אימפּרעזעס איז געגאַנגען פאַר דער געטאָ־קיך.

דער ווינטער 1941/42, איז געווען אַ שרעקלעך קאַלטער. די דייטשן האָבן אָפּגעשטעלט די נישטיקע קוילן־צוטיילונג. אַ נייער שונא — די קעלט — האָט אָנגעהויבן אַוועקלייגן הונדערטער קרבנות. די יוגנט האָט דעריבער אָרגאַניזירט אַ הייץ־אַקציע. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען אין דער נאָענטער סביבה, אין געטאָ, אויסגעהאַקט די ביימער אין אַ וואַלד, זיי צעשניטן אויף קורצע קלעצער און צעטיילט, אָדער פאַרקויפט. אויך די הילצערנע הייזער, וואָס זענען פאַרבליבן ליידיק, האָט מען צענומען און מיט דעם האָלץ געהייצט די אויוונס.

מיטן דערנענטערן זיך פון פרילינג, אויף וועלכן מיר, די געטאָ־איינוווינער, האָבן געלייגט גרויסע האָפענונ־גען, האָט זיך די לאַגע נאָר פאַרערגערט. פון לאָדזש איז אַראָפּגעקומען קיין פאַלעניץ אַ קליינגעוואוקסיקער ייד מיט אַ זייער שטרענגן אויסזען און מאָדנעם נאָמען: זשימנאַוואָדאַ. צו אַלעמענס איבערראַשונג, איז ער גלייך באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־פּאָליציי. דער ביז איצטיקער קאָמענדאַנט, שי־קער — אַלס פאַרטרעטער. די דייטשן האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן בויען 2 לאַגערן: איינעם אין טרעבלינקע, וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס דער טרויע־ריק־באַרימטער פאַרניכטונגס־לאַגער, און אַ צווייטן — דעם אַרבעטס־לאַגער אין ווילאַנאָוועק, וואָס האָט זיך געפונען אויף יענער זייט ווייסל, צווישן וואַרשע און גער. זיי האָבן זיך גענייטיקט אין אַרבעטס־הענט — און צום ערשטן מאָל האָבן אין געטאָ, אונטער דער אויפזיכט פונעם נייעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט, זיך אָנ־געהויבן די אַזוי טרויעריקע לאַפּאַנקעס. די פּאָליציי האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף יאַגד איבערן געטאָ, ווע־מען זיי האָבן אָנגעטראָפן אין גאַס, האָבן זיי פאַר־

נומען און אַוועקגעשיקט אין די ביידע לאַגערן. צוליב דעם זענען זיי שוין געווען אויסגעשטאַט אין מונדירן און גומענע שטעקנס, ווי אויך אויסגעשולט. די געכאַפּטע האָבן נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט זיך אַרויסצודרייען פון זייערע הענט.

די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אכזריותדיקייט, ווייל די דייטשן האָבן זיי און זייערע נאָענטע פאַמיליע־מיטגלידער, צוגעזאָגט צו שוינען. נאָר אַז זיי האָבן נישט אויסגעפּילט די „נאָרמע", איז געקומען די דייטשע זשאַנדאַרמעריע און ס.ס. — און זיי אַליין גענומען די ערשטע.

די געכאַפּטע אין דער ערשטער לאַפּאַנקע, 50 מאַן, האָבן זיי אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע. פון דער צווייטער לאַפּאַנקע, בערך 70 מאַן, האָבן זיי אַוועקגעשיקט קיין ווילאַנוּוועק, ווו קאָמענדאַנט איז געווען אַ פּאַלעניצער ייד, וואָס האָט געדינט אין דער געטאָ־פּאָליציי און איז זיינערצייט אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דייטשלאַנד אַלס פּוילישער בירגער. אין געטאָ האָט ער חתונה־געהאַט מיט לעוויטס טאָכטער. איר ברודער איז געווען אַ באַקאַנטער באָקסער.

דער רעזשים אינעם אַרבעטס־לאַגער איז געווען אַ גרויזאַמער; פאַר פרווון אַנטלויפן, פאַר נישט אויספּילן די אַרבעטס־נאָרמע, גנבענען עפּעס עסן, וואָס איז שטאַרק געווען פאַרשפּרייט צוליבן גרויסן הונגער, פלעגן די פאַר־שולדיקטע פאַרשפּאַרט ווערן אין אַ ספּעציעלן באַראַק — און דאָרט זיי דערשיסן. כדי צו שפּאָרן קוילן, האָט מען צוויי מענטשן צוגעשטעלט קאָפּ צו קאָפּ און זיי אַדורכגעשאָסן מיט איין קויל.

חוץ דעם אויבנדערמאָנטן יידישן לאַגער־קאָמענדאַנט, האָט זיך מיט זיין אכזריות אויך אויסגעצייכנט איינער פון די ברידער בענדלער, וואָס זייער פאָטער איז געווען אַ פעלדשער אין געטאָ. מיט אַ באַזונדערן סאַדיזם האָט ער געשלאָגן און איינגעזעצט יעדן באַקאַנטן נאָענטן ייד, אַפילו אַ חבר. זייער סוף איז געווען פונקט ווי פון אַלע אַנדערע אין לאַגער: טויט־שטראָף.

הגם איך בין אין דעם לאַגער נישט געווען, ווייס איך די אַלע פּרטים פון מיין שוועגערינס זון, מאָניעק האָראָוויץ, וועלכער איז אין לאַגער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און די עלטערן האָבן פאַר אַ סך געלט אים צוריקגעבראַכט אין געטאָ, ווו ער איז געזונט געוואָרן. שפּעטער אָבער, ביי דער לעצטער אויסזידלונג, איז ער אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

11

צוליב מיין באַקאַנטשאַפט מיט געוויסע פּאָליציאַנטן, געוועזענע שכנים און נאָענטע חברים, וועלכע האָבן מיך געוואָרנט פאַר יעדער לאַפּאַנקע, בין איך ניצול געוואָרן. כ'האָב באַצייטנס פאַרלאָזט דאָס געטאָ און לשם זיכערקייט, געמאַכט אַ געהיימען דורכגאַנג דורך די הייף, כדי אין אַן עת־צרה צו קאָנען אַנטלויפן.

די דריטע לאַפּאַנקע, ווו ס'האָט אַנטייל גענומען אויך די גרויזאַמע אָטוואָצקער געטאָ־פּאָליציי, וואָס איז אַזוי טרויעריק באַרימט געוואָרן מיט איר דינען די דייטשן, איז געקומען אַזוי אומגעריכט, אַז מען האָט מיך שוין נישט באַוויזן צו וואָרענען. כ'האָב דעריבער שנעל זיך איבערגעטאָן פאַר אַ פּרוי און דורך מיין געהיימער עפענונג, אין דער געטאָ־צוים, געפּרווט אַנטלויפן אויף דער „אַרישער" זייט. אָבער גלייך איז מיר אַנטקעגן געקומען אַ פּאַטרול, וועלכער האָט געלויערט אויף יענער זייט פאַרצוימונג. איך האָב שוין נישט געקאָנט אַרויס. כ'האָב דעריבער שנעל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פרויען־קליידער, צוריקגעלאָפן אין געטאָ און געפּרווט דורך די געהיימע הויף־דורכגענג זיך אַרויסבאַקומען אויף דעם צווייטן עק פון געטאָ. אָבער אויך דאָ האָב איך אָנגעטראָפן אויף דער אָטוואָצקער געטאָ־פּאָליציי. אַ סברה, אַז זיי האָבן ספּעציעל געלויערט אויף מיר, ווי אויף אַנדערע, פאַרמעגלעכע געטאָ־איינוווינער, האָפנדיק צו באַקומען גרויסע סומען אויסלייז־געלט. בלית־ברירה, בין איך פלינק ווי אַ קאַץ אַריבערגעשפּרונגען די הויכע, 2־מעטערדיקע נעץ־פאַרצוימונג, וואָס איז נאָך פון אויבן געווען דורכגעפלאָכטן מיט עטלעכע רייען שטעכלדראָט און גענומען לויפן אין דער ריכטונג פון באַן־טראַקט. די פּאָליציי, וועלכע האָט געמוזט מאַכן אַן אומקרייז, איז אַרויס דורך דער עפענונג און מיך גענומען יאָגן; כ'בין אַריין צווישן אַ גרופּע באַן־אַרבעטער, וועלכע האָבן פאַרריכט די באַן־ליניע, צווישן זיי האָב איך דערקענט אָרעמע, אָבער אינטעליגענטע פּאָליאַקן, וואָס איינער פון זיי איז געווען דער זון פון אונדזער געוועזענער וועשין. זיי האָבן מיך אַריינגענומען צווישן זיך און מיט קללות און קלעפּ פאַרטריבן די געטאָ־פּאָליציי, שרייענדיק אויף זיי:

— שעמט איך, איר אויסוואורפן! אַן אייגענעם ווילט איר כאַפּן און אויסליפערן די דייטשן.

דער זועשינס זון, וואַסיליטש, האָט מיך אַהיימגענומען צו זיך און אויסבאַהאַלטן 2 טעג, ביז ס׳איז אין געטאָ שטיל געוואָרן. דערנאָך האָב איך זיך צוריקגעקערט אַהיים.

אין געטאָ האָבן אָנגעהויבן קורסירן קלאַנגען וועגן אויסזידלונגען פון גאַנצע יידישע קהילות און געטאָס קיין טרעבלינקע, וווּ זיי ווערן אומגעבראַכט. מ׳האָט אויך געהערט, אַז פאַרשידענע קליינע געטאָס שטופּט מען אַריין אין וואַרשעווער געטאָ און פון דאָרטן זידלט מען זיי אויס. דערביי לאָזט מען זיי קיין וואַרשע גאָרנישט מיטנעמען.

צוליב דעם וואָס מיר האָבן זיך אויך גערעכט איבערגעשיקט צו ווערן אין וואַרשעווער געטאָ, האָט מיין פאַמיליע, ווי אויך די פאַמיליע פון מיין כלה, גענומען קלערן, ווי אַזוי אַריבערפירן אין וואַרשעווער געטאָ דאָס ביסל פאַרמעגן, וואָס איז אונדז געבליבן נאָך אַלע אויסקויף־געלטער, קאָנטריבוציעס און קאָנפיסקאַציעס, וואָס מיר זענען אויסגעשטאַנען אין די צוויי און אַ האַלב יאָר, זינט די דייטשן זענען אַריין קיין פאַלעניץ. צו דעם צוועק האָבן מיר פאַר 300 זלאָטעס געדונגען דעם אַמבולאַנס פונעם „רויטן קרייץ״, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט איבערפירן טיפוס־קראַנקע, אויפגעלאָדנט אונדזער האָב־און־גוטס, וואָס האָט אין יענער צייט געקאָסט האָבן די ווערט פון אַ 50.000 זלאָטעס. איך און מיין צוקונפטיקע פרוי, גיטאַ פרידמאַן, האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף די טראָגבעטלעך, עלעהיי טיפוס־קראַנקע — און בשלום אָנגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. דער אויפשריפט אויפן אַמבולאַנס „אַכטונג, טיפוס־קראַנקע״, האָט אָפּגעשראָקן אַלע דייטשע, פוילישע און יידישע געטאָ־פּאַטרולן, וועלכע האָבן מיט מורא זיך דערווייטערט פונעם קעטשל.

נאָך דעם ווי מיר האָבן איבערגעלאָזן ביי מיין און ביי איר משפחה דאָס פאַרמעגן, איז מען אַוועק איבערגעבן אַ גרוס פון זיינע עלטערן אין פאַלעניצער געטאָ, אַ געוויסן סאָלניצקי, וועלכער האָט פאַרן קריג געהאַנדלט מיט מעל און איצט, אין וואַרשעווער געטאָ, איז ער געווען אַ גאַנצע „פיגור״ — אַ געהיימער צושטעלער פון מעל. ר׳איז געווען אַזוי פאַרנומען, נישט געהאַט קיין צייט מיט מיר צו רעדן, הגם ר׳האָט געוווּסט, אַז איך האָב פאַר אים אַ גרוס פון זיינע עלטערן (אין אַ וואָך אַרום איז געקומען אַ ידיעה אין פאַלעניצער געטאָ, אַז ביי אַן אויסזידלונג איז ער, סאָלניצקי, אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע).

צוויי טעג זענען מיר געווען אינעם שוידערלעכסטן גיהנום — אין וואַרשעווער געטאָ. אויף די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט געשטאָרבענע פון הונגער און טיפוס. די מתים זענען געלעגן איבערגעדעקט מיט צייטונגען און געוואַרט, אַז די סאַניטאַרע דינסט זאָל זיי אַרויספירן מיטן וועגעלע, וואָס האָט אָפּטמאָל געדויערט עטלעכע טעג. אין פאַרגלייך מיטן וואַרשעווער געטאָ, איז דאָס פאַלעניצער געטאָ געווען אַ גן־עדן. מיר זענען דעריבער שנעל צוריק געפאָרן און באַשלאָסן, טראָץ דער גרויליקער צייט — חתונה האָבן.

12

דעם 5טן מאַי 1942 האָבן מיר געשטעלט אַ חופּה, וואָס האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ לוויה — נישט ווי אַ חתונה. אַפילו דאָס חופּה־קלייד האָט מיין פרוי געמוזט זיך באָרגן; ס׳איז נאָר געווען אַ קידוש מיט פאַרבייטעכץ פאַר 20 איינגעלאַדענע געסט. הרב פינקעלשטיין האָט אונדז געגעבן חופּה וקידושין. פאַר אונדזערע דערשטוינטע פריינד, האָבן מיר זיך פאַרענטפערט: אויב אונדז איז באַשערט צו בלייבן לעבן, איז נישט קיין נפקא־מינה ווען מ׳שטעלט אַ חופּה. קוים ווידער, אומקומען — זאָלן מיר אויף יענער וועלט דערשיינען ווי אַ כשר פאָרפאָלק. דערביי האָב איך דערציילט די געסט, אַז דעם זעלבן טאָג, וואָס איך שטעל די חופּה, זענען צו מיר אין שטוב (כ׳האָב שוין דעמאָלט געוווינט באַזונדער), געקומען צוויי פוילישע פאָליציאַנטן און זיך געפרעגט, ווו כ׳האָב די מיל? מיין ענטפער איז געווען, אַז אַמאָל האָב איך געהאַט אַ מיל — און זיי אַוועקגעפירט אין יענעם הויז. זיי האָבן געטענהט, אַז אַלץ־איינס: צי איך האָב נאָך די מיל, אָדער איך האָב זי אַמאָל געהאַט — מוזן זיי מיך אַרעסטירן. בלית־ברירה בין איך מיט זיי מיטגעגאַנגען. זיי האָבן מיך אַרויסגעפירט פון געטאָ. אויפן וועג צום פּאָסטערונעק האָבן זיי מיר פאָרגעלייגט, אַז אויב כ׳וועל זיי געבן 10.000 זלאָטעס, וועלן זיי מיך אָפּלאָזן אַהיים. אַז נישט, וועלן זיי מיך איבערגעבן דער אָטוואָצקער געסטאַפּאָ, צו שליכטן. אַלע יידן וואָס ווערן צו אים געבראַנגט, האָט ער ליב אייגנהענטיק צו דערשיסן אין אַ ספּעציעלן צו דעם צוועק אויפגעשטעלטן באַראַק.

נאָכן אָפּהאַלטן מיך אַ האַלבן טאָג אויפן פּאָסטערו־

נעק און נאָך לאַנגע דינגעני־שן, האָט מיין ברודער געברענגט דאָס געלט. מ׳האָט מיך באַפרייט. ווי געזאָגט, האָב איך דעם זעלבן טאָג חתונה געהאַט...

סוף חודש מאַי זענען אין געטאָ דערשינען צוויי פּאַרשוינען: אַ געזויסער דיק, לייטער פונעם אַטוואַצקער אַרבעטס־אַמט, און דער פאָלקסדויטש, האַלטאָרף, וועלכער האָט איצט פאַרוואַלטעט מיט נייוערטס קאָנפיסקירטן טאַרטאַק. האַלטאָרפן האָב איך גוט געקענט, ווייל זיי האָבן פאַרן קריג געהאַלטן דעם פּאָלוואַרק אין מיעדזעשינעק. זיין פאָטער, דאגניעץ, האָט אין וואַרשע געהאַט אַן אַפּטייק, ער איז געווען אונדזערס אַ קונה. קורץ פאַרן קריגס־אויסברוך, איז ער פאַרשווונדן. צוויי טעג פאַרן 1טן סעפּטעמבער 1939, איז ער ווידער דערשינען ביי אונדז אין געשעפט. אויף דער פראַגע, ווו ער איז געווען, האָט ער געענטפערט, אַז אויף אַ קורס אין דאַנציק. ריידנדיק וועגן פּאָליטיק, האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז רוסלאַנד איז ווי אַ שאַרבן־טאָפּ, וואָס מיט איין קלאַפּ מיטן פוס, צעפאַלט ער זיך...

די צוויי לייט, מיט זייער הויכן וווקס, אין באַגלייטונג פון אַ גרויסן וואָלף־הונט, האָבן פשוט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די געטאָ־יידן. מיט דער הילף פון דער געטאָ־פּאָליציי, האָבן זיי צונויפגערופן אַלע יינגע מענטשן, זיי אויסגעשטעלט אין אַ ריי, אויסגעקליבן בערך אַן 80 מאַן צו אַרבעטן אין טאַרטאַק, שניידן ברעטער און שטעלן באַראַקן פאַרן דייטשן מיליטער. ר׳האָט דאַן געהאַלטן פאַר אונדז אַ קורצע רעדע: „איר אַלע, אויב איר וועט גוט אַרבעטן, האָט איר שאַנסן צו בלייבן לעבן, די איבעריקע שייסע וועט אומקומען“.

דער טאַרטאַק האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ, בערך אַ האַלבן קילאָמעטער ווייט. יעדן אין דער פרי, 6 אַ זייגער, זענען מיר, אויסגעשטעלטע אין פיר רייען, קאָנוואָאירט דורך דער געטאָ־פּאָליציי, אַוועק צו דער אַרבעט. אין אָונט, 7 אַ זייגער, האָבן מיר אין דער זעלבער אָרדענונג זיך צוריקגעקערט אַהיים, ווו אונדזערע פרויען האָבן אונדז שוין אָפּגעוואַרט ביים געטאָ־טויער, ריזיקירנדיק מיטן לעבן. היות פון די צוגן מיט די ס.ס.־לייט, וואָס פלעגן דורכפאָרן דורך דער פּאַלעניצער באַן־סטאַציע, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ הויכקייט, האָט מען גוט געזען דאָס געטאָ, האָבן די רוצחים זיך געמאַכט אַ פאַרווילונג און געשאָסן אויף די יידן און אַ סך פון זיי דערהרגעט אָדער פאַרוווּנדעט.

דעם 16טן יולי 1942, האָט האַלטאָרף אַליין אונדז צונויפגערופן ביי דער אַרבעט און געמאָלדן, אַז צומאָרגנס, דעם 17טן, וועט מען אויסזידלען דאָס פּאַלעניצער געטאָ. מיר האָבן אַ ברירה ניצול צו ווערן, אויב מיר בלייבן נעכטיקן אין טאַרטאַק, נישט גיין אַהיים אין געטאָ. אייניקע פּוילישע אַרבעטער, וואָס האָבן מיט אונדז געאַרבעט אין טאַרטאַק, האָבן פאַרגעלייגט מיך נעמען צו זיך איבער נאַכט. האַלטאָרף האָט ביי דער געלעגנהייט אונדז אַרויסגעגעבן אַרבעטס־שיינען, אפשר וועט דאָס אָפּראַטעווען פון אויסזידלונג. מיר האָבן אָבער העפלעך באַדאַנקט פאַר דער הילף, ווייל זייענדיק באַזאָרגט צוליב די משפחות, האָבן מיר באַשלאָסן זיך אומצוקערן אַהיים. ביים טויער האָבן, ווי געוויינלעך, אונדז אָפּגעוואַרט אונדזערע פרויען, וועלכע האָבן שוין געוווּסט פון דער גזירה, ווייל בייטאָג זענען געקומען זשאַנדאַרן פון רעמבערטאָוו וועלכע האָבן אויך דערציילט וועגן דער פאָרשטייענדיקער אויסזידלונג. זיי האָבן אָבער צוגעזאָגט דעם יודענראַט, אַז אויב מ׳וועט זיי געבן 100.000 זלאָטעס כופר־נפש, וועט מען דאָס פּאַלעניצער געטאָ דערווייל נישט טשעפּען. מ׳האָט אויך אין משך פון טאָג געבראַכט אין פּאַלעניצער געטאָ די איינוווינער פון די קליינע ליקווידירטע געטאָס אַרום פּאַלעניץ, ווי: וויאָנזאָוונע, מילאָסנע, זאַקרענט און רעמבערטאָוו. דערביי האָט אַ ייד פון וויאָנזאָוונע, וועלכער האָט געהאַט באַקאַנטשאַפט מיט דער פּוילישער פּאָליציי, אויך געברענגט די טרויעריקע בשורה, ווייל אַ פּאָליציאַנט האָט אים געוואָרנט וואָס עס שטייט פאַר דעם פּאַלעניצער געטאָ.

דער יודענראַט האָט זיך אַרויסגעלאָזט זאַמלען די 100.000 זלאָטעס. וואָס מ׳האָט נישט באַוויזן צונויפצונעמען אין מזומן, האָט מען די פּאָליאַקן אויסערן געטאָ פאַרקויפט פאַרשידענע ווערטפולע זאַכן, און אַזוי אַ־ום כלומרשט זיך אויסגעקויפט פון דער ליקווידאַציע. איך און אַנדערע יידן האָבן נישט געגלייבט אין דער הבטחה. ווען ס׳איז געוואָרן פינצטער, האָב איך אַרויסגעפירט פון געטאָ מיין פרוי מיט אירס אַ חברטע, זיי באַהאַלטן אין אַן אומבאַוווינטער וויללע אין מיכאַלין, וואָס האָט געהערט צו מיין פרויס עלטערן. שפּעטער האָב איך געהאָלפן אַרויסגיין פון געטאָ מיין ברודער מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, זיינס אַ

שוועגערין (דער פרויס אַ שוועסטער). זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ נישט־פאַרענדיקט הויז אין אַלעקסאַנ־דראָוו. אויך מײַן שוועסטער, וועלכע האָט זיך געהאַט צוגעגרייט „אַרישע" פּאַפּירן (זי האָט גערעדט אַ גוטן פּויליש און אויך געהאַט אַ „גוטן" אויסזען), האָט מיט איר קינד זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ. דאָקעגן איז איר מאַן געבליבן אין געטאָ, ווייל ער האָט געהאַט אַ „שלעכטן" אויסזען און גערעדט אַ שוואַכן פּויליש. זי איז אַוועק צו באַקאַנטע פּאָליאַקן און געוואָלט פאַר געלט אויך אויסבאַהאַלטן איר מאַן. דאָס קינד האָט זי געוואָלט באַזונדער אַוועקגעבן צו אַ פּוילישער פאַמי־ליע, אויך פאַר געלט, — וואָס זי האָט טאַקע דורכגע־פירט. שוין די זעלבע נאַכט איז דורך פּאָלעניץ, אויפן וועגן קיין טרעבלינקע, דורכגעפאָרן אַ צוג מיט יידן פון אָטוואָצקער געטאָ. מיר האָבן איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע נאַכט, געהערט די געשרייען פון די פאַר־פלאָמבירטע וואַגאָנען: „וואַסער! וואַסער! טאַטע! מאַמע! גאָט, מײַן גאָט!" א.אַ.וו. דאָ האָט ביי די פּאָ־לעניצער יידן זיך דערוועקט דער חשד, אַז די זשאַנ־דאַרן האָבן צוגענומען די 100.000 זלאָטעס און וועלן דאָס געטאָ במילא ליקווידירן. די מערהייט האָט אָבער געגלייבט דער הבטחה — און געבליבן אין געטאָ.

ווען כ׳בין ווידער אַריין אין געטאָ, כדי צו וואָרענען נאָך פריינד און באַקאַנטע, זיי זאָלן פאַרלאָזן דאָס געטאָ און נעמען מיט זיך אייניקע זאַכן פון מײַן וווינונג, ווי אויך זיך געזעגענען מיט מײַן פאָטער, וועלכער האָט צוליב דער עלטער נישט געוואָלט אַוועק — האָב איך שוין געטראָפן אין געטאָ פּאַטרולן, וועלכע האָבן שטי־לערהייט זיך באַמיט צו האַלטן דאָס געטאָ אויפן אויג. מיט די אויסגעטוטע שיך אין האַנט, האָב איך זיך דורכגעשליכט דורך די פּאָסטנס און אויפן וועג געטראָפן דעם אַלטן בענדלער, וועלכער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט דער פרוי און טאָכטער, מיט די רוקזעק אויף די פּלייצעס — געמיינט צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ. ער האָט מיר דערקלערט, אַז אים האָט אַ פּוילישער מאַגיסטראַט־באַאַמטער פאַרזיכערט, אַז די נאַכט וועט דעם געטאָ גאָרנישט געשען.

13

אַרום 4 פאַרטאָג איז דאָס פּאָלעניצער געטאָ אַרומגע־רינגלט געוואָרן דורך פּוילישער פּאָליציי. ווען ס׳איז געוואָרן ליכטיק, זענען אין געטאָ אַריין אָפּטיילונגען פון ס.ס., אוקראַאינער און ליטווינער (די א. ג. „שאַו־ליסן"). זיי האָבן גענומען צונויפטרייבן פרויען און קינדער, שיסנדיק יעדן איינעם, וואָס האָט נישט גע־וואָלט אָדער נישט געקאָנט אַרויסגיין פון שטוב. דער־ביי האָבן זיי געמאָרדעט און גערויבט וויפל זייער האַרץ האָט געגלוסט. עס זענען אויך פאָרגעקומען העלדישע, פאַראיינצלטע אַקטן פון ווידערשטאַנד און זעלבסט־פאַרטיידיקונג. די פאַמיליע מינץ (דער מאַן, פרוי און יינגל) איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

אַ צווייטע פאַמיליע (נישט קיין פּאָלעניצער), ראַטענ־שטיק, אַ טאַטע מיט צוויי זין, האָבן מיט העק אין די הענט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון זייער הויז און אַוועקגעלייגט עטלעכע באַנדיטן, ביז מ׳האָט זיי דערשאָסן. אויך פיל יונגע חברה האָבן באַוויזן מיט כוח זיך דורכצורייסן דורך די פאַרשידענע פּאַטרולן און זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ. טייל עלטערע פרויען זענען מיט אָנגעצונדענע ליכט אין האַנט, אַרויס פון די שטובן. דער גאַנצער עולם האָט זיך געמוזט אַנידער־זעצן אויף אַ ליידיקן פּלאַץ אין געטאָ און וואַרטן אויף די וואַגאָנען. פאַר יעדער באַוועגונג אָדער פּרווו זיך אויפצוהייבן, איז מען דערשאָסן געוואָרן. בלויז די געטאָ־פּאָליציי האָט באַדינט דעם עולם, געבנדיק פון צייט־צו־צייט אַ ביסל וואַסער. זיי האָבן געהאַט אַ צוזאָג, אַז מ׳וועט זייערע פאַמיליעס נישט טשעפּען, אָבער צו זייער גרויסער איבערראַשונג האָבן זיי דערזען, אַז מ׳האָט זיי אָפּגענאַרט, ווייל מ׳האָט אויפן אָרט גע־ברענגט אויך זייערע פרויען און קינדער. דאָ האָבן אייניקע פון זיי, אין גרויס פאַרצווייפלונג, אַראָפּגעריסן פון זיך די אָפּצייכענונגען און די היטלען, געוואָרפן די גומענע שטעקנס און זיך צוגעזעצט צו זייערע פאַ־מיליעס. אָבער אַ קלענערע צאָל איז געבליבן — און נישט רעאַגירט אויף דעם גרויסן פאַרראַט מצד די דייטשן. די אַוועקגעוואָרפענע אָפּצייכענונגען, היטלען און די גומענע שטעקנס, האָבן אויפגעהויבן אַנדערע און צוגעשטאַנען צו דער פּאָליציי, און אַזוי אַרום דערוויל זיך געראַטעוועט דאָס לעבן. בלויז די אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַרבעטס־שיינען פון טאַרטאַק, אונ־טערגעשריבן דורכן פאַרוואַלטער האַלטאַרף, האָט מען איבערגעלאָזט.

אַ גאַנצע נאַכט בין איך מיט מײַן ברודער, זיין פרוי, צוויי קינדער און זיינס אַ שוועגערין, געלעגן באַהאַלטן אין אַ חרובדיק הויז, אין גאַנצן 30 מעטער פונעם ליקווידירטן געטאָ. אַזוי ווי ס׳איז נאָר ליכטיק

געוואָרן, האָבן מיר באַשלאָסן זיך אַריבערצוטראָגן קיין סטאַניסלאַוואָוו, בערך 30 קילאָמעטער פון פאַלעניץ. צוליב דעם, וואָס מיר האָבן מורא געהאַט צו גיין בייטאָג אַזאַ גרויסע גרופּע ייִדן, האָבן מיר פאַר געלט געדונגען 2 באַקאַנטע קריסטינס, וועלכע האָבן גענומען די קינדער און ביידע פרויען — און אָנגעהויבן גיין אין דער ריכטונג פון סטאַניסלאַוואָוו. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אין אַ וועלדל, אויפן האַלבן וועג — און ווייטער שוין גיין צוזאַמען, ווייל אַלע וועגן אַרום דעם ליקווידירטן געטאָ זענען געווען באַשטעלט דורך די דייטשן, פּוילישע פּאָליציי און אַנדערע. נאָך אַ האַלבער שעה וואַרטן, האָב איך און מיין ברודער זיך געלאָזט אין וועג אַריין. ווי פאַרצווייפלט זענען מיר אָבער געווען, ווען מיר זענען אָנגעקומען אויפן אָפּגערעדטן פּלאַץ און קיינעם דאָרט נישט געטראָפן. מיין ברודער, וועלכער האָט געהאַט ביי זיך אַ געלאָדענעם רעוואָלווער, האָט אין גרויסער רעזיגנאַציע, אים אַרויסגעכאַפּט און געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד, טענהדיק, אַז זיי זענען זיכער געכאַפּט געוואָרן דורך אַ פּאַטרול — און אומגעקומען. כ׳האָב אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און געבעטן צוּוואַרטן מיטן זעלבסטמאָרד ביז סטאַניסלאַוואָוו, אפשר זענען זיי דאָרט פאַראַן. זעענדיק, אַז ער לאָזט זיך נישט איבערצייגן און איז פעסט אַנטשלאָסן אין זיך צו שיסן, האָב איך נאָך אַ שווערן געראַנגל אַרויסגעריסן ביי אים דעם רעוואָלווער און מיט טרערן אין די אויגן צוגעזאָגט, אַז אויב ס׳וועט זיך אַרויסווייזן, אַז זיין משפחה איז טאַקע אומגעקומען און ער וועט וועלן באַגיין זעלבסטמאָרד — גיב איך אים צוריק דעם רעוואָלווער.

## 14

מיר האָבן זיך געלאָזט אין ווייטערן וועג אַריין. 8 קילאָמעטער פון סטאַניסלאַוואָוו איז פון וואַלד פלוצים אַרויסגעפאָרן אויף אַ ראָווער אַ הויכער, געזונטער פּאָליאַק. ער האָט אונדז פאַרהאַלטן און מיט אַן איראָניש שמייכעלע געפרעגט:

— איר זענט געוויס ייִדעלעך, וואָס זענען אַנטלאָפן פון איינעם פון די געטאָס?

— יאָ, מיר זענען ייִדן, — האָב איך אָן מורא געענטפערט, דריקנדיק אין קעשענע אויפן ציינגל פון רעוואָלווער, גרייט אים אַוועקצולייגן אויפן אָרט. ער האָט דאָס, ווייזט אויס, באַמערקט און געזאָגט:

— מיינט נישט, אַז איך בין אַליין — און דערביי די האַנט אַראָפּגעלאָזט אין דער ריכטונג פון זיין הויזן־קעשענע.

— נישט באַוועגן זיך, ווייל איך שיס! — האָב איך געשריגן, — שוין דריי זיך אויס און אַנטלויף, אַז נישט פאַלסטו אַ טויטער אויפן אָרט. — דער גוי האָט אָנגעהויבן ציטערן, זיך אויפגעזעצט אויפן ראָווער און צוריק אַריינגעפאָרן אין וואַלד.

פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין סטאַניסלאַוואָוו, ווו מיין ברודער האָט צו זיין גרויסער פרייד געטראָפן די גאַנצע משפחה געזונט און לעבעדיק. ער האָט געדונגען אַ צימער ביי איינעם פון די אָרטיקע ייִדישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן פראַנק־און־פריי געלעבט, אַפילו נישט געוווּסט, וואָס אַזוינס ס׳הייסט אַ געטאָ. זעענדיק, אַז מיין ברודער מיט זיין פאַמיליע זענען שוין צייטווייליק באַזאָרגט, און זייענדיק אומרואיק וועגן גורל פון מיין פרוי און איר חברטע, האָב איך נאָך אַ קורצן אָפּרו זיך געלאָזט, נאָך אין דער זעלבער נאַכט, מיט אַ געלאָדענעם רעוואָלווער, צוריק קיין פאַלעניץ. אָבער דאָ זענען צו מיר צוגעשטאַנען צוויי ייִדישע בחורים, וואָס זענען געהאַט אַנטלאָפן פון טרעבלינקע: איינער שמיעטאַנקע, דער ייִנגסטער זון פון דער באַוווסטער פאַלעניצער פאַמיליע, און יעזשיק, נישט קיין פאַלעניצער, וועלכע זענען געכאַפּט געוואָרן בעת דער ערשטער לאַפּאַנקע אין פאַלעניצער געטאָ און געשיקט געוואָרן בויען דעם טויטן־לאַגער. זיי האָבן מיך געבעטן, כ׳זאָל זיי מיטנעמען קיין פאַלעניץ, ווייל זיי קענען נישט דעם וועג. גייענדיק האָבן זיי מיר דערציילט, אַז זיי האָבן אין טרעבלינקע געאַרבעט אַלס קוכערס און זיך צוגעקוקט צו דער פאַרניכטונג פון די ייִדן. ווען זיי האָבן דערשפּירט, אַז ס׳איז אויך געקומען זייער ריי, זענען זיי אַנטלאָפן קיין סטאַניסלאַוו, לעבן מינסק־מאַזאָוויעצק.

נאָך אַ מאַרשרוט פון אַ גאַנצער נאַכט, זענען מיר אָנגעקומען קיין פאַלעניץ. מיין פרוי און איר חברטע, וואָס זענען שוין דעם צווייטן טאָג געלעגן באַהאַלטן אינעם קעלער פון דער ליידיקער ווילע אין מיכאַלין, זענען געווען אויסער זיך פאַר שרעק און זאָרג, ווייל מיר האָבן געהאַט אָפּגערעדט, אַז איך קום באַלד צוריק. בײדע פרויען זענען געווען פאַרצווייפלט, אָן עסן, אָן וואַסער און מורא געהאַט אַרויסצוגיין.

ביז פאַרנאַכט, ווען ס׳איז געוואָרן טונקל, האָב איך זיך אויסגערוט נאָכן מאַרש אַהין־און־צוריק קיין סטאַ־

ניסלאַוואָו. כ׳בין אַרויס קויפן עסן. הגם איך האָב מיין ברודער איבערגעלאָזט אַ העלפט פון מיין געלט, וואָס מיר איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען פון געטאָ, איז נאָך מיר פאַרבליבן אַ היפּשע סומע. כ׳בין אַוועק הינטער פּאַלעניץ, ווו אַ באַקאַנטער קריסט, זאַקס, האָט געהאַט אַ שפּייז־געוועלב. ער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט און גרייט געווען צו העלפן. כ׳האָב אים געבעטן ער זאָל מיר פאַרקויפן עטלעכע ברייטלעך און פּאָמידאָרן — מער איז דעמאָלט נישט געווען צו באַקומען אין שטעטל.

באַזאָרגט מיט עסן זענען מיר געבליבן עטלעכע טעג אין דער וויללע, ביז ס׳איז געקומען דער סטרוזש. ער האָט נישט געוווּסט פון אונדזער אויפהאַלט און געמאָלדן, אַז ער האָט מורא מיר זאָלן דאָ פאַרבלייבן. אויב די דייטשן וועלן אונדז אַנטדעקן, וועלן זיי אויך אים באַשולדיקן אין אויסבאַהאַלטן ייִדן. ער וויל נישט צוליב אונדז אומקומען. בלית־ברירה זענען מיר אַרויס פון דער וויללע און עטלעכע מעת־לעת זיך אויסבאַהאַלטן אין די אַרומיקע וועלדער, מיט וועלכע די פּאַלעניצער געגנט איז אַזוי רייך. ביז ס׳איז אונדז נמאס געוואָרן דאָס אַרומוואַנדערן, אויך צוליב דער סכנה אַנטדעקט צו ווערן — און מיר האָבן באַשלאָסן ביינאַכט צוריק זיך אַריינבאַקומען אינעם קעלער פון דער וויללע און דאָרטן איבערנעכטיקן, נאָר דער סטרוזש זאָל דערפון נישט וויסן.

אַ געוויסן טאָג, וואַנדערנדיק אין אַ וועלדל, האָבן מיר דערהערט אַ גערויש צווישן די קוסטעס און דאָרט אַנטדעקט דעם פּאַלעניצער איינוווינער יצחק רימאַ״ש, אין גאַנצן אַ פאַרבלוטיקטער. ער מיט זיין פרוי און ביידע טעכטער זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. ער האָט אונדז דערציילט די גרויליקייטן פונעם טויטן־לאַגער, אין וואָסערע אומשטענדן די פּאַלעניצער געטאָ־איינוווינער זענען אומגעקומען: מ׳האָט זיי אַלע צונויפגעטריבן אויף אַ פּלאַץ, אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט, ווו אַ בולדאָזשער האָט שוין געהאַט אויסגעגראָבן אַ ריזיק גרוב. פון דעם גאַנצן טראַנספּאָרט האָט מען אויסגעקליבן אַ פּאָר צענדליק געזונטע ייִדן, זיי אַוועקגעפירט אין אַ זייט. די פאַרבליבענע — מענער, פרויען און קינדער, האָט מען באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט און צו זיי געשאָסן מיט מאַשין־געווער אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן גלייך פאַלן אינעם אָפענעם גרוב. די וועלכע זענען געפאַלן לעבן גרוב, האָט מען די אַנדערע ייִדן באַפוילן אַריינוואַרפן דאָרט די טויטע קערפּערס.

אַזוי אַרום האָט ער מיט די אייגענע הענט אַריינגעוואָרפן אין גרוב זיינע צוויי טעכטער. דאַן האָט מען געהייסן די בגדים מיט די פּעקלעך, וואָס די מענטשן האָבן מיטגעבראַכט, אַריינטראָגן אין די ליידיקע וואַגאָנען, וואָס זענען אָפּגעפאָרן צו ברענגען פרישע טראַנספּאָרטן. אין איינעם פון די וואַגאָנען האָט ער זיך פאַרשטעקט הינטער אַ גרויסן הויפן בגדים און ביינאַכט, פילנדיק, אַז דער צוג פאַרלאַנגזאַמט דעם גאַנג, האָט ער אויפגערוקט די טיר און אַרויסגעשפּרונגען. איצט גייט ער קיין פּאַלעניץ צו אַ באַקאַנטן קריסט, וועמען ער האָט איבערגעלאָזט זיין גאַנץ פאַרמעגן. מיר האָבן אים געוואָרנט צו זיין פאָרזיכטיק, ווייל ס׳איז נישט זיכער, צי ער וועט אָפּגעבן דאָס געלט. ער איז אַוועק — און מער האָבן מיר אים נישט געזען...

15

סוף־כל־סוף האָבן מיר אָנערקענט, אַז אַזוי ווייטער קאָן עס נישט גיין. ס׳וועט פון טאָג־צו־טאָג געפערלעכער; די אָבלאַוועס — אַלץ אָפטער, די געכאַפּטע ייִדן ווערן גלייך דערשאָסן. מיר באַשליסן זיך אויסאַרבעטן „אַרישע״ פּאַפּירן, אַוועקפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, ווו ס׳האָט אין דאָרטיקן געטאָ געוווינט מיין פרויס אַ שוועסטער — און אַזוי אַרום איבערלעבן דעם קריג. אין געהיים האָב איך זיך געווענדט צו אַ באַקאַנטן קריסט, שימטשאַק, אַ באַאַמטער אין פּאַלעניצער מאַגיסטראַט. ער האָט צוגעזאָגט צו געבן אַן ענטפער אין עטלעכע טעג אַרום. מיר האָבן אים אַוועקגעגעבן צוויי גאָלדענע זייגערלעך, מיין פרויס אַ בריליאַנטענעם רינג, וואָס כ׳האָב איר געקויפט אַלס מתנה צו דער חתונה. אַ פּאָר גאָלדשטיקלעך און אַ סומע געלט, ער זאָל אויסאַרבעטן 3 פּאַספּאָרטן אויף „אַרישע״ נעמען. ער האָט אַלץ צוגענומען און געהייסן קומען אין 4 טעג אַרום. אויף מיין פאַרצווייפלטע ביטע, ער זאָל עס מאַכן אַ ביסל שנעלער, ווייל יעדן טאָג דראָט אונדז די געפאַר געכאַפּט צו ווערן, האָט ער אונדז געהייסן קומען אין 3 טעג אַרום. אָבער נאָך דער צייט האָט ער געזאָגט, אַז עס מאַכט זיך נישט אַזוי גיך — און געהייסן קומען אין אַ וואָך אַרום. זעענדיק, אַז אויך נאָך דער וואָך האָט ער נישט געבראַכט די פּאַפּירן, האָב איך אָנגעהויבן חושד זיין, אַז ער האָט מיך באַשווינדלט. כ׳בין דאַן, איין מאָל ביינאַכט, געקומען אין זיין וווי־

נונג, אים אַרויסגערופן און געבעטן, אַז אויב ער קאָן נישט אויסאַרבעטן די פּאַפּירן, זאָל ער צוריקגעבן דאָס געלט. ער האָט געהייסן קומען צו מאָרגנס. אָבער צו־מאָרגנס איז אָנשטאָט אים גאָר אַרויסגעקומען זיין שוואָגער און געדראָט, אַז אויב איך וועל זיך נאָך אַמאָל באַווייזן אין דער געגנט — וועט זיין שלעכט. האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז „אַרישע" פּאַפּירן וועט מיר שימטשאַק נישט מאַכן, ער שלעפּט בכיוון, כדי מיר זאָלן אין צווישנצייט אַריינפאַלן צו די דייטשן. כ'האָב אים געגעבן צייט איין טאָג, ער זאָל אָפּגעבן דאָס געלט — ביי זיך האָב איך באַשלאָסן אים צו דערשיסן, אויב ער וועט נישט אומקערן אַלץ, וואָס איך האָב אים געגעבן. נישט ווילנדיק ערגערן מיין פרוי מיט איר חברטע, האָב איך זיי גאָרנישט דערציילט וועגן דעם פאַרצווייפלטן באַשלוס און דעם האָפענונגסלאָזן מצב.

כ'האָב דערשפּירט אין מיר אַ הפקרות פון אַ מענטש, וואָס האָט נישט וואָס אָנצוּווערן. כ'בין דעריבער אַרויס, אין מיטן העלן טאָג, קויפן ברויט ביי מיין באַקאַנטן זאַקס. אויפן וועג האָב איך באַגעגנט מיינס אַ גוטע באַקאַנטע פּאָלקסדויטשקע, פּאַוסטיוו, וועלכע האָט מיט איר שוועסטער און עלטערן געהאַט אַ פּאָלוואַרק אין אַלעקסאַנדראָוו. זי איז געווען אונדזערס אַ שטענדיקער קונה, איך פלעג זיך אָפט מיט איר אויסטענהן. זי איז געוואָרן איבערראַשט, איידער זיך מיט מיר דערפרייט — און גלייך פאָרגעלייגט מיך אויסצובאַהאַלטן ביי זיי אין פּאָלוואַרק. זי איז אָבער געווען אַנטוישט, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז כ'בין נישט אַליין, נאָר אויך מיין פרוי און אירס אַ חברטע. פונדעסטוועגן איז זי געווען גרייט אויך זיי צו נעמען.

ביינאַכט זענען מיר אַוועק צו זיי אין פּאָלוואַרק, גוט זיך אויסגעבאָדן, אויסגעוואַשן די וועש, אָפּגעגעסן צו דער זעט — און ווידער באַקומען אַ מענטשלעכן אויס־זען. כ'האָב איר דערציילט די געשיכטע מיטן מאַגיס־טראַט־באַאַמטן, שימטשאַק, וועמען זי האָט געקענט. זי האָט מיך געבעטן צוּוואַרטן מיט מיין באַשלוס און איר איבערלאָזן דעם ענין צו דערלידיקן. אין אַ זונטיק האָט זי זיך שיין אָנגעטאָן, אַוועק אין קלויסטער, ווו שימ־טשאַק, אַ פרומער קאַטאָליק, פלעגט קומען. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן אים און צווישן איין תפילה און דער אַנדערער, שטיל אים געזאָגט:

— הער שימטשאַק, דאָס אַלץ, וואָס דו האָסט גע־נומען ביי אונדזער באַקאַנטן ברוך גאָלדשטיין, כדי אים אויסצואַרבעטן „אַרישע" פּאַפּירן — זאָלסטו אָפּ־געבן, אַנדערש וועסטו האָבן אַ וויסטן סוף...

ער איז בלאַס געוואָרן, אַרויסגעגאַנגען פון קאָשטשאָל און צוגעזאָגט, אַז נאָך היינט באַקום איך צוריק מיין געלט. דאָס מאָל האָט ער געהאַלטן וואָרט.

ווען איך בין געקומען אין זיין וווינונג, האָט ער מיר צוריק געגעבן דאָס געלט מיטן צירונג.

פון דער זעלבער פּאָלקסדויטשקע האָב איך זיך אויך דערוווּסט, אַז אינעם אויסגעזידלטן פּאַלעניצער געטאָ געפינען זיך נאָך 12 ייִדישע פּאָליציאַנטן, וואָס היטן דאָס צוגערויבטע ייִדישע פאַרמעגן, וואָס ווערט צו ביסלעך אַרויסגעפירט קיין דייטשלאַנד. זי קומט דאָרט אַלע מאָל, קויפט ביי זיי פאַרשידענע זאַכן. כ'האָב באַשלאָסן, צוזאַמען מיט איר, אַריינבאַקומען זיך אין לידיקן געטאָ. כ'האָב דאָרט געטראָפן די 12 פּאָלי־ציאַנטן, צווישן זיי — עטלעכע גוטע חברים מיינע. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז די דייטשן האָבן זיי צוגע־זאָגט, נאָכן פאַרענדיקן די שמירה אין געטאָ, אַריבער־צופירן אינעם טאַרטאַק אויף אַרבעט. זיי האָבן אויך מיר פאָרגעלייגט צושטיין צו זיי, דער קאָמענדאַנט וועט שוין זאָרגן כ'זאָל ווערן איינגעגלידערט אין דער פּאָליציי. ווען זיי האָבן אָבער געהערט, אַז איך בין נישט אַליין, נאָר מיט נאָך צוויי פרויען, האָבן זיי מיר גאָרנישט געקאָנט העלפן. זיי האָבן מיר אָנגעבאָטן אַ גרויסע סומע געלט, וואָס כ'האָב טאַקע גענומען. געלט האָבן זיי געהאַט אַ סך פון פאַרקויפן די פּאָליאַקן נישט־רעגיסטרירטע זאַכן.

טראָץ דער פריינדלעכער האַנדלונג פון די פּאָלקס־דויטשן, האָבן מיר מורא געהאַט לענגער צו בלייבן אין פּאָלוואַרק, ווייל זייער טאָכטער האָט אונדז געזאָגט, אַז זי אַרבעט אַלס באַאַמטין אין אָטוואָצק, היות דאָרטן איז געווען דער שטאַב פון דער געסטאַפּאָ, האָב איך אָנגעהויבן חושד צו זיין, אַז זי אַרבעט אין געסטאַפּאָ. מיר האָבן זיך דעריבער אַריבער געטראָגן קיין אַלעק־סאַנדראָוו, צו אַן אָרעמען גוי, אַ שוסטער, לאַפּאָוויטש. מיר האָבן אים געקענט פון פריער אַלס פּראָגרעסיוון מענטש. פאַר געלט האָט ער אונדז אָפּגעגעבן זיינס אַ סטאָדאָלע, ווו מיר האָבן גענעכטיקט. ביי אים האָב איך מיט מיין ברודער באַשטימט דעם טרעף־פּונקט.

אין סטאַניסלאַוואָוו איז געווען אַ גרופּע פּוילישע יו־גנט, וואָס האָט פאַר געלט אויסגעאַרבעט „אַרישע" פּאַ־פּירן. צוליב דעם וואָס מיין ברודער האָט נישט געהאַט

גענוג געלט — איז ער געקומען צו מיר. צופעליק איז ער דורכגעגאַנגען דורכן פּאַלעניצער געטאָ און געטראָפן דאָרט די 12 ייִדישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן אים אויפגענומען בכבוד־גדול און געגעבן אַ היפּשע סומע געלט. ער איז אַוועק צו מיר און דערציילט, אַז ביי אים אין שטעטל לעבן נאָך די ייִדן פרייַ־און־פריי, ווייסן נישט פון קיין געטאָ. ס'איז דאָ אַ מעגלעכקייט אויך פאַר אונדז אויסצואַרבעטן „אַרישע" פּאַפּירן. ער האָט שוין ביי מיר קיין געלט נישט באַדאַרפט נעמען. ער איז צוריק געפאָרן און אונדז געשיקט אַ קריסט מיט אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, וואָס האָט אויסגעפאַרטיקט אונדזערע בילדער. נאָך דריי טעג איז ער צוריק געקומען מיט פאַרטיקע דאָקומענטן. פאַר דעם האָט ער באַקומען פון אונדז דאָס גאַנצע צירונג און געלט, וואָס מיר האָבן געהאַט געגעבן שימטשאַקן.

אויסנוצנדיק די פינצטערניש, וואָס האָט געהערשט נאָכן אַליאַרם, צוליבן אָנפלי פון דער סאָוויעטישער אַוויאַציע, זענען מיר אַוועק צו דער פאַלעניצער באַנסטאַציע און זיך אויפגעזעצט אויפן עלעקטרישן צוג, אָנגעקומען (אַלץ אין דער פינצטער) אויפן וואַרשעווער הויפּט־וואָקזאַל, אויפגעשטיגן, מיט געקויפטע באַנבילעטן, אויפן שנעלצוג, וואָס גייט קיין טשענסטאָכאָוו — און באַגינען אָנגעקומען אין דער „הייליקער שטאָט".

16

צו אונדזער גרויסער איבערראַשונג איז אין טשענסטאָכאָוו נישט געווען קיין געטאָ, ווי מיר זענען געווען געוווינט צו זען ביז איצט. די ייִדן האָבן געוווינט אין עטלעכע גאַסן, נישט געטאָרט פון דאָרט אַרויסגיין, אָבער די גאַסן זענען נישט געווען אָפּגעצוימט. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געקאָנט פריי אַריינקומען אין דעם קוואַרטאַל, קויפן און פאַרקויפן. כמעט אַלע טשענסטאָכאָווער ייִדן האָבן געאַרבעט אין די גרויסע פאַבריקן פון געווער, אַמוניציע, שווער־אינדוסטריע אין און אַרום טשענסטאָכאָוו.

ווען מיר זענען אָנגעקומען צו מיין פרויס שוועסטער און איר מומע, און זיי דערציילט וועגן די שרעקלעכע ליקווידאַציעס פון די געטאָס אַרום וואַרשע — האָבן זיי נישט געוואָלט גלייבן. דאַקעגן האָבן טשענסטאָכאָווער ייִדן זיך געגרייט צום ראש־השנה פון 1942 יאָר (מיר זענען אָנגעקומען אַהין אַ וואָך פאַר ראש־השנה). מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן וועגן אַ דירה, מיר איז געלונגען צו דינגען אַ צימער מיט אַ קיך אין אַ פאַרוואָרפענער געגנט, וואָס האָט געהייסן „זאַוואַדזשע".

מיר האָבן אויך אָנגעהויבן באַזוכן די פאַרשידענע קלויסטערס, וואָס זענען אַזוי פיל געווען אין שטאָט, גענומען זיך גרייטן צו ווערן אמתע קאַטאָליקן. מיר האָבן זיך געקויפט צלמים און אָנגעהאָנגען אויפן האַלדז, געקויפט קאַטוילישע געבעט־ביכער און זיך געלערנט די תפילות אויף אויסנווייניק.

אונדז האָט געוווּנדערט די אידיליע, וואָס האָט געהערשט צווישן דער דייטשער און פוילישער באַפעלקערונג. ייִדן זענען געווען באַשעפטיקט אין געסטאַפּאָ אַלס פאַכמענער און ביי דער באַדינונג.

ס'האָט זיך דערנענטערט דער הייליקער יום־כיפור. מיין פרויס פעטער, וועלכער איז געווען רב אין אַ שטעטל לעבן טשענסטאָכאָוו, האָט אונדז איינגעלאַדן צו קומען אין שול צו כל־נדרי, ער איז דאָרט חזן. אַהיימקומענדיק פון כל־נדרי, האָבן מיר געטראָפן עטלעכע ייִדן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער געסטאַפּאָ. זיי האָבן געהערט, אַז היינטיקע נאַכט וועט זיך אָנהייבן די ליקווידאַציע פונעם טשענסטאָכאָווער געטאָ. איך מיט מיין פרוי זענען אַוועק אויפן וואָקזאַל, דאָרטן איבערגענעכטיקט און צומאָרגנס גענומען אַ דראָזשקע מיט אַ ביסל זאַכן און אַוועק געפאָרן אין אונדזער געדונגענער וווינונג. פאַר די שכנים האָבן מיר דערציילט, אַז מיר קומען איצט פון וואַרשע, אַנטלאָפן פון דער היים, ווייל אונדזערע עלטערן זענען געווען קעגן שידוך. מיר האָבן דעריבער געמוזט חתונה האָבן אין געהיים, קעגן זייער ווילן, דערפאַר האָבן מיר אַזוי וויייניק זאַכן. אָבער אַלע חשדים זייערע זענען אָפּגעפאַלן, ווען זיי האָבן דערזען עטלעכע הייליקע בילדער, וואָס מיר האָבן אויפגעהאָנגען אויף דער מזרח־וואַנט. אונדזערע „אַרישע" דאָקומענטן אויפן נאָמען פון בראָניסלאַוו גאָדלעווסקי און מיין פרוי עוגעניאַ גאָדלעווסקאַ (פאַרקירצט — געניאַ), האָבן געשטימט מיט די ראשי־תיבות פון אונדזערע ייִדישע נעמען — ברוך און גוטע גאָלדשטיין. שפּעטער האָבן מיר געהערט, אַז ביינאַכט האָט מען אַרומגערינגלט דאָס געטאָ. אין מיטן העלן טאָג האָט מען די טשענסטאָכאָווער ייִדן געפירט אונטער אַ שטאַרקער וואַך, צו דער ראַמפּע, אַ מרחק פון 400 מעטער, פון בײדע זייטן גאַס איז געשטאַנען די פוילישע באַפעלקערונג און מיט גרויס הנאה זיך צוגעקוקט צו דעם שוידערלעכן ספּעקטאַקל.

איך און מיין פרוי זענען געשטאַנען מיט צעבראָכענע

הערצער און געקוקט אויפן גרויסן חורבן פון דעם טשענסטאָכאָווער יידנטום.

די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די אַמוניציע־פאַבריקן און אין געסטאַפּאָ, זענען דערווייל נישט אויסגעזידלט געוואָרן. כ׳האָב מיך אָבער געמוזט אויף אַן אמת איינאָרדענען אין מיין נייער וווינונג און באַקומען שפּייז־קאַרטן, ווייל צו קויפן אויפן שוואַרצן מאַרק, האָב איך נישט געהאַט קיין געלט. כ׳בין דעריבער אַוועק אין אַרבעטס־אַמט, זיך געשטעלט אין דער ריי און געבעטן באַשעפטיקונג. ס׳איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ גרויסע ווערבירונג פון פוילישע אַרבעטער קיין דייטשלאַנד. דעם באַאַמטן האָב איך געזאָגט, אַז איך וויל אַרבעטן אין טשענסטאָכאָוו, ווייל כ׳פיל זיך צו שוואַך צום אַרויספאָרן. מ׳האָט מיר דעריבער געגעבן אַ צעטל אונטערגעזוכט צו ווערן דורכן וואָיעוואָדישן קרייז־דאָקטאָר, אַ פּאָליאַק. פאַרן אַרויסגיין, האָב איך געהערט ווי מ׳רופט אויס, אַז ווער ס׳קען אַ ביסל דייטש, קאָן גיין אַרבעטן אַלס איבערזעצער. כ׳האָב מיך נישט געמאָלדן, כדי נישט אַרויסצורופן קיין חשד. אויף דער גאַס האָב איך דערשפּירט, אַז עמעצער גייט מיר נאָך. ס׳האָט מיך פון אונטן אָנגעיאָגט אַ נידעריקער פאַרשויך, געוויזן די געסטאַפּאָ־לעגיטימאַציע און אויף פויליש געפרעגט אויף דאָקומענטן. זעענדיק מיין דאָקומענט, האָט ער זיך אַנטשולדיקט און איז אַוועק. אַ שרעק האָט מיך ערשט באַהערשט, ווען דער דאָקטאָר האָט מיך געהייסן אויסטאָן, כ׳האָב אָבער נישט געהאַט קיין ברירה, זיך אויסגעטאָן ביז דער העלפט, ר׳האָט דערזען דעם גרויסן צלם אויף מיין האַלדז, וואָס ר׳האָט אָבער מיט פאַראַכטונג אַריבערגעוואָרפן אויפן רוקן — און ס׳איז געפאַלן דער באַפעל:

— די הויזן אַראָפּ!

מיט דער רעזיגנאַציע פון אַ פאַרמשפּטן, האָב איך אַראָפּגעלאָזט די הויזן און דער אַלטער דאָקטאָר, באַטראַכטנדיק און באַטאַפּנדיק גענוי אויך דעם געשלעכטס־אָרגאַן, האָט אָן אַ וואָרט געהייסן זיך אָנטאָן און... אַרויסגעגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז אויב איך וועל אַרבעטן שווער, באַקום איך אַ ברוך; כ׳בין דאַן אַוועק אין מאַגיסטראַט זיך איינמעלדן, ווייל אָן די צוויי פּאַפּירלעך אַז כ׳בין באַשעפטיקט און איינגעמאָלדן — קאָן איך נישט באַקומען די שפּייז־קאַרטן. די וואָס האָבן מיר געמאַכט די אַרישע פּאַפּירן, האָבן געוווּסט, אַז מ׳קאָן זיך אין ערגעץ נישט איינמעלדן, אויב מ׳שטעלט נישט צו קיין צייגעניש, אַז מ׳איז פון ערגעץ אויסגעמאָלדן. זיי האָבן אונדז אויך באַזאָרגט מיט אויסמעלדונגס־צעטלען פון וואַרשע. אַזוי אַרום בין איך געוואָרן אַ לעגאַלער טשענסטאָכאָווער איינוווינער, מיט שפּייז־קאַרטן, וואָס אָן זיי, איז פּשוט געווען אוממעגלעך דעמאָלט אויסצוקומען.

איצט האָב איך אָנגעהויבן זוכן אַרבעט, ווייל כ׳בין געבליבן אָן געלט. צווישן די מיט אונדז באַפריינדעטע שכנים, האָט זיך געפונען אַ געוויסער שלאָסער־מעכאַניק, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ גרויסן פּאָלוואַרק, וואָס איז געווען פאַרוואַלטעט דורך אַ דייטש. ער האָט מיך מיטגענומען צו דער אַרבעט, פאָרגעשטעלט אַלס שלאָסער און געבעטן מ׳זאָל מיך באַשעפטיקן אַלס זיין געהילף. צוליבן מאַנגל אין אַרבעטס־הענט, האָט דער דייטשער פאַרוואַלטער מיך גערן צוגענומען, נישט פאַרשנדיק צופיל מיין אָפּשטאַם. ס׳האָבן דאָרט געאַרבעט הונדערטער לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, ווי אויך ספּעציאַליסטן פון פאַרשידענע פאַכן. איך האָב זיך געפילט זיכער און אָנגעהויבן גלייבן, אַז מיר זענען געראַטעוועטע.

17

אין אַ געוויסן נאָוועמבער־טאָג, גלייך נאָך מיין אַהיימקומען פון דער אַרבעט, האָט זיך פלוצלינג געעפנט די טיר און ס׳איז דערשינען מיין ברודער, וועמען כ׳האָב מיט זיין פרוי און צוויי קינדער איבערגעלאָזן אין סטאַניסלאַוואָוו. ער האָט אין איין אָטעם דערציילט וועגן דער ליקווידאַציע פון די סטאַניסלאַוואָווער יידן, וועלכע מ׳האָט געשיקט קיין טרעבלינקע. אים מיט זיין פרוי און בידע קינדער איז דורך אַ נס געלונגען צו אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די אַלעקסאַנדראָווער וועלדער. ער האָט דערציילט, אַז אונדזער שוועסטער, וועמענס מאַן האָט געאַרבעט אין טאַרטאַק ביים פאָלקסדויטש האַלטאָרף, האָט נאָכן ליקווידירן דאָס פאַלעניצער געטאָ, אָפּגעגעבן איר איינציק 6־יאָריק יינגעלע דעם קריסט נאָוויצקי אין ראַדאָשטש. ביי אים האָט זי אויך איבערגעלאָזט איר גאַנץ פאַרמעגן: בגדים, פוטערס, צירונג און געלט; זי לעבט מיטן יינגעלע, וועמען ס׳איז איר געלונגען ממש אין דער לעצטער מינוט אויסצוקויפן ביי אַ פוילישן פּאָליציאַנט. ער האָט שוין דאָס קינד געפירט אויפן פּאָסטערונעק, ווייל נאָוויצקי, נאָכן האַלטן דאָס קינד 3 טעג, האָט געמאָלדן דער פוילישער פּאָליציי, אַז ביי אים געפינט זיך אַ געראַטע־

ווועט יידיש יינגל פון פּאַלעניצער געטאָ. ער האָט מורא אים ווייטער צו האַלטן, דעריבער בעט ער מ׳זאָל פון אים דאָס קינד אַוועקנעמען. ער האָט פאַרשוויגן וועגן דעם גרויסן פאַרמעגן, וואָס די מוטער האָט ביי אים איבערגעלאָזט. צום גליק, האָט די מוטער געהאַט עפּעס אַ שלעכט פאָר־געפיל און איז אַוועק באַזוכן דאָס קינד און גראָד געטראָפן דעם פּאָליציאַנט, ווי ער פירט עס ביים הענטל... פאַר אַ גרויסער סומע געלט, איז איר געלונגען אונטערצוקויפן דעם פּאָליציאַנט. צוזאַמען מיטן קינד איז זי אַוועק קיין וואַרשע. זי וווינט איצט אויף דער אַרישער זייט, געפינט זיך אָבער אין אַ זייער שווערער מאַטעריעלער לאַגע. אויך מיין ברודער מיט זיין פרוי און קינדער קענען שוין מער נישט וואַלגערן זיך אין דרויסן צוליבן ד׳ערנענטערן זיך פון ווינטער, ער וויל דעריבער זיי אַלע אַהער ברענגען קיין טשענסטאָכאָוו, זאָלן מיר אַלע וווינען צוזאַמען, ביז מ׳וועט געפינען אַ גרעסערע דירה. בלית־ברירה, האָב איך מיט מיין פרוי מסכים געווען, הגם דאָס האָט אויף אַלעמען געקאָנט ברענגען אַן אומגליק.

כ׳האָב אים געהייסן איבערנעכטיקן, זיך אויסרוען. ער האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אונדז אָפּגעזוכט: קודם־כל איז ער אַוועק אויף אונדזער אָפּגערעדטן טרעף־פּונקט, ביים קריסטלעכן שוסטער אין אַלעקסאַנדראָוו — און זיך דערוווּסט, אַז מיר זענען געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו. דעם „אַרישן" נאָמען מיינעם האָט ער געוווּסט, ווייל ער האָט דאָך געהאָלפן אויסאַרבעטן די פּאַפּירן. אין טשענסטאָכאָוו, וווּ ס׳איז נאָך אָנגעגאַנגען די ליקווידאַציע פונעם פיל טויזנט־קעפּיקן געטאָ, האָט ער מורא געהאַט זיך נאָכצופרעגן אויף מיר. ר׳איז אָבער אַוועק אין מעלדונגס־אַמט און דאָרטן באַקומען אונדזער אַדרעס.

צומאָרגנס איז ער אַוועק און געברענגט צו אונדז זיין פרוי אוןביידע קינדער אין אַזאַ טרויעריקן מצב, אַז מיינע פּוילישע שכנים האָבן זיי דערזען אַפילו אין צוויי וואָכן שפּעטער, אָרעמע און אָפּגעלאָזענע, האָבן זיי אָנגעהויבן פאַרדעכטיקן, אַז מיר זענען נישט קיין פּאָליאַקן. ווייל אין יענער צייט האָבן די טשענסטאָכאָווער פּאָליאַקן זייער גוט געלעבט, אַפילו די אָרעמסטע, זיי האָבן דאָך צעראַבירט דאָס פאַרמעגן פון די געטאָ־יידן און דערפון רייך געוואָרן. די דייטשן ווידער האָבן זיי צוגעטיילט די אויסגעלידיקטע יידישע דירות און אַזוי אַרום האָבן אונדזערע שכנים נישט געקאָנט

פאַרשטיין די ענגשאַפט, הלמאי צוויי פאַמיליעס וווינען אין איין צימער, שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. צו דעם אַלעם האָט עס נישט געשטימט מיט מיין דערציילונג וועגן אַנטלויפן פון די עלטערנס היים פון וואַרשע, ס׳האָבן נישט געהאָלפן אונדזערע אַרישע פּאַפּירן, דער גוטער אויסזען און דאָס ריידן פּויליש אָן גרייזן — דער חשד האָט זיך פון טאָג־צו־טאָג געשטאַרקט.

מיין ברודער איז אָבער נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט! ר׳איז אַוועק קיין וואַרשע, גענומען ביי דער שוועסטער דאָס לעצטע ביסל געלט, צוריק געקומען קיין טשענסטאָכאָוו, געדונגען אַ צוויי־צימערדיקע וווינונג, אַראָפּגעבראַכט די שוועסטער מיטן יינגעלע פון וואַרשע — און צוזאַמען זיך אַריינגעצויגן אין דער נייער וווינונג. טראָץ דעם, וואָס מיין שוועסטער איז דאָרט פאָרגעשטעלט געוואָרן אַלס די פרוי פון אַ פּוילישן אָפיציר, וואָס געפינט זיך אין דער סאָוויעטישער געפאַנגענשאַפט, האָט אויך דאָס וווינען צוזאַמען פון צוויי פאַמיליעס מיט דריי קינדער, אַרויסגערופן פאַרדאַכט ביי די שכנים. קינדער אויפן הויף האָבן אָנגעהויבן רופן די קינדער „זשידזשאַקי". מיין שוועסטער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן — און מיטן קינד געקומען וווינען צו מיר. זעט אויס, אַז זי איז אַנטלאָפן פון רעגן אונטער דער רינווע... מ׳האָט אויך אונדז שטאַרק פאַרדעכטיקט, אַפילו געמסר׳ט. די פּוילישע פּאָליציי האָט אין אַ שכנותדיקן לידיקן צימער אַריינגעזעצט אַ געהיים־אַגענט, ער זאָל נאָכשפּיאָנירן. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, און אין אַ חגא־טאָג, ווען כ׳בין פּונקט געווען אין דער היים, זענען אין מיין וווינונג אַריין דריי פּאָליציאַנטן און באַפוילן גיין מיט זיי אויפן פּאָסטערונעק. ס׳האָבן נישט געהאָלפן אונדזערע טענות, אונדזערע „גוטע" פּאַפּירן, זיי האָבן אָפן דערקלערט, אַז זיי ווייסן אויף זיכער, אַז מיר זענען יידן! כ׳האָב זיי צוגעווינקען אַראָפּצוגיין מיט מיר זיך אַדורכריידן. אויף אַ זייטיקער גאַס האָבן זיי מיר דערקלערט, אַז זיי זענען גאָר נישט פאַראינטערעסירט אונדז אַרויסצוגעבן דער געסטאַפּאָ, פאַר 3 טויזנט זלאָטעס זענען זיי גרייט אונדז לאָזן פריי, דער עיקר — אַוועק פון דער וווינונג, ווייל דאָ בלייבן טאָרן מיר נישט אַפילו איין שעה. כ׳מוז מודה זיין, אַז דער פּרייז 3 טויזנט זלאָטעס פאַר פיר יידן, איז געווען אַ גאַנץ ביליקער, נאָר צום באַדויערן האָב איך ביי זיך נישט געהאַט מער ווי 300 זלאָטעס, אויך אין שטוב איז נישט געווען קיין מזומן. כ׳האָב

געזאָגט, אַז כ׳וועל אַרויפגיין איבעררײדן מיטן „אָפּיציר׳ס״ פרוי, אפשר פאַרמאָגט זי עפּעס געלט, אָבער אויך זי האָט נישט געהאַט בײַ זיך מער ווי אַ 500 זלאָטעס. כ׳האָב דעריבער געזאָגט צו מײַן פרוי און שוועסטער, זיי זאָלן אײַנפּאַקן וויפל זאַכן זיי קאָנען און אײַנציקווײַז זיך אַרויסשלײַכן דורכן הויז און פאַרשווינדן. איך וועל אַראָפּ גיין צו די 3 פּאָליציאַנטן און זיי דערווײַל פאַררעדן די ציין. אָבער אויך די פּאָליציאַנטן האָבן מיך חושד געווען אין וועלן אָפּנאַרן; זיי האָבן אײנעם אַוועקגעשטעלט אויף יענער זײַט הויז. מײַן פרוי מיט איך וואַליזע האָט ער נישט דערקענט און זי איז אומגעשטערט אַרויס אויף דער צווייטער גאַס, אָבער מײַן שוועסטער, וואָס האָט בײַ איין האַנט געפירט דאָס קינד און אין דער אַנדערער האַנט געהאַלטן די וואַליזע, האָט ער אַרעסטירט און פאַר גרויס כעס זי גענומען פירן אויפן פּאָסטערונעק. ער האָט, זעט אויס, חרטה באַקומען — און נישט ווײַט פון פּאָסטערונעק האָט ער זי געהייסן פאַרשווינדן. אין דעם מאָמענט איז צוגעקומען אַ געסטאַפּאָוויעץ, ציוויל געקלײדט, וועלכער האָט זיי די גאַנצע צײַט אָבסערווירט, געפרעגט וויפל געלט זי האָט געגעבן דעם פּאָליציאַנט פאַרן באַפרײַען זי. ער האָט זי פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט אין דער געסטאַפּאָ, מײַן פרוי דאַקעגן איז אַוועק צו מײַן ברודער אין דער וווינונג.

אין צווישנצײַט בין איך אַראָפּ צו די צוויי פּאָליציאַנטן און זיי דערקלערט, אַז מער ווי 300 זלאָטעס האָב איך נישט. זיי האָבן בײַ מיר דאָס געלט צוגענומען, געזידלט, אַז איך נאַר זיי אָפּ, אַז אין שטוב האָב איך מסתמא מער געלט. זיי האָבן מיך גענומען הינטער די אָרעמס, מיט כוח אַרײַנגעשלעפּט אין דער וווינונג, אַדורכגעפירט אַ גרינטלעכע רעוויזיע, אַלץ איבערגעדרייט — און טאַקע נישט געפונען קיין געלט. דאַן האָט אײנער פון די פּאָליציאַנטן, וועלכער איז געהאַט געקומען פון לעמבערג, גענומען שרײַען, אַז ער וואָלט מיך אָפּגעלאָזט אָן געלט, נאָר אַלס נקמה וואָס די ייִדן האָבן אָפּגעטאָן מיט דער פּוילישער פּאָליציי און באַאַמטע, ווען די סאָוויעטן זענען אַרײַן קיין לעמבערג, זיי אַנטלאָפן און אַרעסטירט — קאָן ער מיך איצט נישט באַפרײַען. כ׳מוז מיט אים מיטגיין אויפן פּאָסטערונעק. אָבער דער צווייטער פּאָליציאַנט האָט זיך פאַר מיר אײַנגעשטעלט און געפּועלט בײַ זײַן חבר, אַז ער זאָל מיך אָפּלאָזן. ער האָט מיר נאָר געזאָגט, אַז כ׳זאָל מיך היטן פאַרן המון, וואָס האָט זיך געהאַט פאַרזאַמלט אין דרויסן. איך ווידער האָב מיך נישט געאײלט אַוועקצוגיין און זיי אויפגעוויזן, אַז אָן געלט קאָן איך נישט אַפילו אַרויסגיין אין גאַס. זיי האָבן מיר אָפּגעגעבן די 300 זלאָטעס.

18

קלאָר, אַז לענגער בלײַבן אין טשענסטאָכאָוו האָבן מיר נישט געקענט און דעריבער באַשלאָסן, אַז מײַן פרוי גייט אַוועק צו איר מומעס געוועזענער פּוילישער דינסט, וואָס האָט נאָך דער חתונה פאַרלאָזט די אַרבעט און זיך באַזעצט אין דאָרף וולאָשטשאָווע, טשענסטאָכאָווער געגנט. זי וועט דערציילן, אַז זי איז אַ ייִדישע פרוי, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון געטאָ, אָבער איר מאַן (ד. ה. — איך), בין אַ קריסט און וועל אין אַ פּאָר טעג אַרום זי קומען אָפּנעמען.

זי איז אַוועק אַהין — און פאַרבליבן. איך, דאַקעגן, מיטן ברודער זענען בײַנאַכט אַוועק אין מײַן וווינונג, אָבער זי געטראָפן פאַרשלאָסן. ווען מיר האָבן געפּרוווט עפענען די טיר מיט אַ וויטריך, האָט דער הויזווירט דערהערט, איז אַרויס און געהייסן זיך אָפּטראָגן. ער האָט דעם שליסל פון דער דירה און איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּאָליציי פאַר אַלץ וואָס דאָרט געפינט זיך. מיר האָבן אָבער קאַטעגאָריש געפאָדערט, ר׳זאָל עפענען די וווינונג, כדי צו נעמען דאָס נייטיקע וואָס כ׳באַדאַרף. אים האָבן מיר געהייסן אַרויפגיין צו זיך אין דער וווינונג און זיך מאַכן נישט הערן און נישט זען. נאָך אַ קורצער וואַקלעניש, איז ער אַוועק און מיר האָבן אָנגעפילט צוויי וואַליזעס מיט זאַכן און זיך געלאָזט צום טשענסטאָכאָווער וואָקזאַל. די וואַליזעס אָפּגעגעבן אויף באַגאַזש, שפּעטער אַוועק צום ברודער, אײַנגעפּאַקט וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט — און ווידער צו דער באַן. דעם מרחק צווישן טשענסטאָכאָוו און וואַרשע (500 קילאָמעטער), האָבן מיר דורכגעמאַכט מיטן שנעלצוג אין משך פון איין נאַכט און זיך שטאַרק געשראָקן אויף דער סטאַציע קאָלושקי, די גרענעץ־סטאַציע צווישן פּוילן און דעם „רייך״, ווײַל לאָדזש איז שוין געווען פאַררעכנט צו דײַטשלאַנד. אָבער די רעוויזיע איז אַדורך בשלום און מיר זענען גאַנץ פרי אָנגעקומען אויפן הויפּט־וואָקזאַל אין וואַרשע.

מײַן ברודער האָט געהאַט אַ באַקאַנטן קריסט אין פּראַגע, אויף סטזשעלעצקע 17, מיטן נאָמען פרידריך

(עפּעס אַ געמיש פון אַ פאָלקסדויטש און אַ פּאָליאַק) און זיין פרוי וויעשאַ — פיינע, אָרנטלעכע מענטשן. מ'איז אַוועק צו זיי און זיי האָבן מסכים געווען אונדז פּאַרלויפיק אַריינצונעמען צו זיך אין דער דירה, ביז מיר וועלן זיך דינגען אַ וווינונג. מיר האָבן גענומען טראַכטן, ווי אַזוי אָפּצונעמען ביי נאָוויצקין מיין שוועסטערס פאַרמעגן. איך מיטן ברודער האָבן געזאָגט אונדזערע גאַסטגעבער, אַז מיר פאָרן אויפגראָבן ווערט־זאַכן, וואָס מיר האָבן געלאָזט ביים ליקווידירן דאָס געטאָ — און זענען אַוועק צום שוסטער אין אַלעק־סאַנדראָוו, וווּ כ'האָב אין שייער געהאַט באַהאַלטן דעם רעוואָלווער. כ'האָב אים טאַקע געפונען. אויך דעם שוסטער האָבן מיר געזאָגט וועגן אויסגראָבן אונדזערע באַהאַלטענע זאַכן.

ווען ס'איז געוואָרן טונקל, זענען מיר אַוועק קיין ראַדאָשטש, צו נאָוויצקין. אין זיין שטוב האָבן מיר געטראָפן זיין אַלטן, טויבן שווער, פון קעלער האָט זיך דערטראָגן אַ געוויש פון די אומלעגאַלע מילן, וואָס נאָוויצקי האָט צוגענומען נאָכן ליקווידירן דאָס געטאָ. דערזעענדיק אונדז, איז ער געבליבן פאַרשטאַרט, ר'האָט דעם שווער אַריינגעבעטן אין צווייטן צימער. צוליב פאַרזיכטיקייט האָבן מיר אים דאָרט פאַרשלאָסן. נאָוויצקין האָבן מיר געדראָאַט מיטן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער און געפאָדערט אַרויסצוגעבן דער שוועס־טערס זאַכן מיטן געלט וואָס זי האָט ביי אים איבער־געלאָזט. ער האָט געלייקנט שטיף און ביין, זיך גע־שוואָרן, אַז ער האָט נישט אין שטוב קיין גראָשן. אויב מיר וועלן אים לאָזן גיין, וועט ער זיך שאַפן געלט. מיר האָבן אים צוגעבונדן צו אַ שטול און גענומען זוכן אין אַלע באַהעלטענישן, דערקענט דער שוועסטערס און שוואָגערס גאַרדעראָב, די פוטערס, אָנצוגן און אַ ביסל צירונג. דאָס אַלץ האָבן מיר פאַר־פּאַקט אין די זעלבע וואַליזעס פון מיין שוועסטער.

אין צווישנצייט האָט זיין שווער אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר. איך האָב עפּעס אַריינגעשריגן — ער האָט זיך באַרויִקט. כ'בין דאַן צוגעגאַנגען צום געבונדע־נעם און געזאָגט, אַז פאַר זיין פאַררעטערישן טאַט, וואָס ער האָט איבערגעגעבן דער פּאָליציי אַ ייִדיש קינד, פאַר וועלכן ער האָט באַקומען אַזוי פיל באַצאָלט — פאַרדינט ער דעם טויט. מיין ברודער האָט זיך מיט אים אָפּגערעכנט — און מיר זענען אַוועק מיט די וואַליזעס קיין אַלעקסאַנדראָוו. כדי צו פאַרווישן די שפּורן, האָבן מיר אין מיטן וועג אויסגעטאָן די שיך. מיר האָבן דאָרטן איבערגענעכטיקט.

אין דער פרי איז מיין ברודער אַוועק מיט צוויי וואַליזעס און בשלום אָנגעקומען קיין פּראַגע. אָבער ווען איך האָב געפּרוּווט שפּעטער מיט די אַנדערע צוויי וואַליזעס אָנצוקומען צו דער סטאַציע, האָב איך שוין באַמערקט לעבן וואָקזאַל אַ גאַנצע סומאַטאָכע, זשאַנדאַרמעריע מיט שפּיר־הינט האָבן יעדן איינעם רעווידירט. אויך אַ קריסטין האָט מיך געוואָרנט נישט צו דערנענטערן זיך צום וואָקזאַל. כ'האָב איבער־געוואָרט ביז זיי זענען אַוועק — און בשלום אָנגעקומען קיין פּראַגע.

אונדזער לאַגע האָט זיך איצט קאַרדינאַל געענדערט. פון קבצנים זענען מיר געוואָרן פאַרמעגלעכע מענטשן. פון די פאַרקויפטע זאַכן זיך געדונגען אַ וווינונג אין וועסאָלע, הינטער וואַרשע — צווישן רעמבערטאָוו און סולעיוווּעק. אונדזער גאַסטגעבער, פרידריך, וועל־כער האָט געאַרבעט אין אַ מלוכהשער דרוקערײַ, וואָס האָט אַרויסגעגעבן קענקאַרטן (3 רובריקן אויף איין בויגן, מיט וואַסער־צייכנס און אַ האָקנקרייץ), האָט אונדז פאַרגעלייגט אויסצואַרבעטן פאַלשע אַרישע פּאַפּירן פאַר ייִדן. ער האָט אַרויסגעגנבעט פון דער דרוקערײַ אַ גרויסע צאָל לײדיקע בלאַנקעטן, זיינס אַ חבר האָט נאָכגעמאַכט דעם האָקנקרייץ־סטעמפּל און מיט אַ ספּעציעלן טוש האָט מען אונטער דעם בילד, אין דער מיטלסטער רובריק, געמוזט אַוועקלייגן דעם אָפּדרוק פון ביידע וויזפינגער פון דער רעכטער און לינקער האַנט צוזאַמען. מיר האָבן מסכים געווען — נישט אַזוי צוליבן געלט, ווי צוליבן קאָנען ראַטעווען וואָס מער ייִדן.

19

קודם־כל האָב איך קיין פּראַגע געמוזט ברענגען מיין פרוי. כ'בין דעריבער אַוועק צופוס, אין דאָרף הינטער טשענסטאָכאָוו. אין אַ גרויסער פראָסט און אין טיפן שניי, געגאַנגען 14 קילאָמעטער — און קוים אַ לעבעדיקער אָנגעקומען צו דער קריסטין. צו מיין גרויסער שרעק האָב איך מיין פרוי נישט געטראָפן. די קריסטין האָט מיר געזאָגט, אַז נאָך אַ פּאָר טעג וואַרטן, ווען זי האָט געזען, אַז כ'קום זי נישט נעמען, איז זי אַוועק אינעם דערפל וואָלאָשטשאָווע. נישט אָפּרוענדיק זיך אַפילו, בין איך גלייך צוריק אינעם שטעטל (צי דערפל), גענומען זוכן. אינעם רעס־

טאַראַן, ווו איך בין אַריין, האָט מען מיר געזאָגט, אַז דאָ האָט זיך ווירקלעך אַרומגעדרייט אַ יונגע פרוי, וואָס האָט געזוכט אַרבעט. זי האָט אַפּילו באַקומען אַ צוזאָג אויף אַרבעט — אָבער ערשט אין אַ וואָך אַרום. זי איז צוריק אַוועק, פון וואַנען זי איז געקומען. שטעלט אייך פאָר מיין פאַרצווייפלונג, אַז מיר האָבן זיך אויסגע־מיטן אויפן וועג.

ווען כ׳האָב מיך אַרומגעדרייט אינעם שטעטל, האָב איך באַמערקט אַ געוויסן שטח אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט און אַ זייטיק טירל, דורך וועלכן ס׳פלעגט פון צייט־צו־צייט אַריינגיין אָדער עמעצער אַרויסגיין. כ׳בין אַריין אינעווייניק און אַנטדעקט אַ קליינעם געטאָ פון די אָרטיקע יידן, אַן ערך 30 פאַמיליעס, ווּעמען די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט אַלס נייטיקע ספּעציאַליסטן. אינעם איינציקן אָפענעם קרעמל, האָבן די קריסטן פון דרויסן געקויפט ביי די געטאָ־יידן פאַרשידענע זאַכן. צוערשט האָב איך מיט די יידן גערעדט פויליש און מיט צופרידנקייט פעסטגעשטעלט, אַז זיי נעמען מיך אָן פאַר אַ פּאָליאַק; ערשט נאָך דעם האָב איך אָנגעהויבן רעדן יידיש און דער־ציילט, אַז כ׳בין אַ ייד און פאַרגעלייגט פאַר געלט אויסצואַרבעטן אַרישע פּאַפּירן. אָבער זיי האָבן זיך אין דעם נישט אַזוי אָנגעכאַפּט, אוודאי נישט געהאַט קיין צוטרוי און אויך געגלייבט, אַז די דייטשן נייטיקן זיך אין זיי אַלס ספּעציאַליסטן און זיי איבערגעלאָזט, וועלן זיי אויך אָן אַרישע פּאַפּירן איבערלעבן די מלחמה... אָבער אין דער זייט איז געשטאַנען אַ בחור, מיטן נאָמען זעמעל, וועלכער האָט זיך צוגעהערט צו מיינע רייד. ער איז געהאַט אַנטלאָפן פון אַ טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע און האָט שוין געוווסט וואָס עס דער־וואַרט אַלע יידן. ער האָט מיך אַריינגענומען צו זיך אין צימער און געזאָגט, אַז ער און נאָך יונגעלייט זע־נען פאַראינטערעסירט זיך צו מאַכן „אַרישע״ פּאַפּירן. ער האָט מיך געהייסן וואַרטן, און צוריקגעקומען מיט בילדער פון 8 יונגעלייט און צו 500 זלאָטעס האָנטגעלט פאַר יעדן איינעם. אויב איך וועל ברענגען די קען־קאַרטן, וועלן זיי מיר צוצאָלן צו 1000 זלאָטעס יעדער. כ׳האָב אים געבעטן, ער זאָל זיך אַרומקוקן אין שטעטל, אויב ער וועט טרעפן מיין פרוי, וועלכע כ׳האָב פאַר אים געשילדערט ווי אַזוי זי זעט אויס, זאָל ער זי פאַרהאַלטן און הייסן וואַרטן. אין צוויי טעג אַרום וועל איך זיין צוריק. ווידער דורכגעמאַכט אַן שטרויכלונ־גען דעם געפערלעכן וועג פון טשענסטאָכאָוו קיין וואַר־שע. צומאַרגנס פרי אָנגעקומען קיין פּראַגע. פרידריך, צוזאַמען מיט זיין שותף, זענען גלייך צוגעטרעטן צו דער אַרבעט און אין דער זעלבער נאַכט האָב איך מיטן ברודער אַריינגעקלעפּט די קענקאַרטן אין די כאַלעוועס פון אונדזערע שטיוול און אין אַ בוך. מיר זענען אָפּגעפאָרן מיטן שנעלצוג און צומאַרגנס בשלום אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו, פון דאָרטן קיין וולאָש־טשאָווע מיט אַ געוויינלעכן צוג — און די דערשטוינטע יידן געבראַכט די קענקאַרטן. איצט האָבן מיר ביי זיי געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי.

זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ פרישע גרופּע פון 15 מאַן, איינגעצאָלט האָנטגעלט, געגעבן בילדער און געהייסן צוגרייטן קענקאַרטן. אָבער נישט פאַר אַלע האָט מען דאָס געקאָנט טאָן. די „אַרישע״ פּאַפּירן זענען נאָך נישט געווען גענוג, מ׳האָט אויך באַדאַרפט האָבן אַן „אַרישן״ אויסזען און אַ ריינע פּוילישע אויסשפּראַך.

אין אַ רעסטאָראַן אין שטעטל האָט שוין געוואַרט מייך פרוי, וועמען דער יונגערמאַן האָט געטראָפן זוכן אַרבעט. אונדזער פרייד איז געווען אין לשער. מיר זענען צוזאַמען צוריק געפאָרן קיין וואַרשע. אויך די 15 קענקאַרטן האָבן די צוויי פּאָליאַקן שנעל דערליי־דיקט. איך, צוזאַמען מיט פרידריכס פרוי (מיין ברודער איז געווען פאַרנומען מיטן איינאָרדענען זיך אין דער נייער וווינונג, וואָס ר׳האָט געדונגען אין וועסאָלע), זענען אַוועק געפאָרן קיין וולאָשטשאָווע. איך בין אַליין אַוועק אין געטאָ, ווייל פרידריכס פרוי האָט מורא געהאַט מיט מיר מיטצוגיין. הגם אַ הונדערט־פּראָצענטיקע פּוילישע פרוי, מיט בלאָנדע האָר און בלויע אויגן, האָט זי אָבער געהאַט אַ טיפּישע יידישע נאָז. זי איז דעריבער געבליבן וואַרטן אין רעסטאָראַן. ביי זעמעלן אין צימער האָבן זיך פאַרזאַמלט די 15 מענטשן, וועלכע האָבן נאָכן צוצאָלן דעם רעשט געלט, איינגעטונקען די צוויי וויזפינגער פון דער רעכטער און לינקער האַנט אינעם ספּעציעלן טוש — און זיי אָפּגעדרוקט אויף דער קאַרטע אונטערן בילד.

20

ווען כ׳האָב געהאַלטן אין מיטן דער אַרבעט, איז אַריין אַ יינגל, וואָס איז, ווייזט אויס, געשטאַנען אויף דער וואַך און אַ געשריי געטאָן, אַז אַן אָפּטיילונג פון דייטשע זשאַנדאַרן איז אַריין אין געטאָ און פירט אַדורך שטרענגע רעוויזיעס. מאָמענטאַל זענען זיך אַלע

צעלאָפּן און מיט שרעק האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז כ׳בין געבליבן איינער אַליין זיצן ביים טיש, ווען פון איין זייט ליגט פאַר מיר אַ באַרג מיט געלט און פון דער צווייטער זייט — די פאַלשע אַרישע פּאַפּירן. כ׳האָב מיך אָבער נישט פאַרלוירן. דאָס געלט און די קאַרטן באַהאַלטן אין די קעשענעס, בין אַרויס אויפן קאָרידאָר און דערזען דאָרט שטיין ליידיקע פעסער פון קרויט. נישט לאַנג קלערנדיק, בין איך אַריין אין אַזאַ פאַס, זיך אַראָפּגעבויגן און מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם זיך צוגעהערט צום קלאַפּן פון די שטיוול פון די זיך דערנענטערנדיקע זשאַנדאַרן. אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן, ווען זיי זענען מיט געשרייען אַריין אין זעמעלס וווינונג, אַלץ איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ און צונעמענדיק זיינס אַן עלעקטריש קיכל, זענען זיי מיט גרויס טומל אַוועק. נאָך אַ שטיק צייט בין איך געזעסן אינעם פאַס, ביז איך האָב דערהערט טריט. ס׳איז געווען זעמעל. כ׳בין אַרויס פון פאַס, אַלע יידן האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען זיי האָבן דערזען, אַז כ׳בין נישט אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אין די הענט מיט מיין טריפהנער סחורה און די בילדער.

זעמעל האָט געזאָגט, אַז אינעם געטאָ וווינט אַ דאָקטאָר מיטן נאָמען מאַקאַראָווער, וואָס האָט אַ פרוי מיט אַ קינד און וויל זיך אויך מאַכן אַרישע פּאַפּירן. איך זאָל אָבער קומען צו אים אַהיים, ווייל ער האָט מורא אַרויסצוגיין. כ׳בין אַהין אַוועק, ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין געלט האָט ער נישט און זיין אויסזען איז אויך נישט קיין גוטער, דאַקעגן זיין פרוי מיטן זון האָבן יאָ געהאַט אַ גוטן אויסזען. כ׳האָב פאַרגעלייגט פאַר אים, זיין פרוי און זון „אַרישע“ פּאַפּירן, נאָר ער זאָל זיך נישט באַווייזן אין גאַס, אַלע ענינים זאָל פאַר אים דערליידיקן זיין פרוי אָדער דער זון. ר׳האָט מיר געגעבן איניקע גאָלדשטיקלעך און מיט אַ פרישער באַשטעלונג פון נאָך 8 קענקאַרטן, בין איך מיט דער פרוי פרידריך צוריק געפאָרן קיין וואַרשע.

אויף דער באַן־סטאַציע אין וואַרשע האָט מיך באַמערקט אונדזער וועשינס זון, וואַסילי, וואָס האָט מיך שוין איין מאָל געהאַט געראַטעוועט פון דער אָטוואָצקער געטאָ־פּאָליציי. ר׳האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט און דערציילט, אַז מיין שוועסטער, וועלכע איז געהאַט אַריינגעפאַלן אין טשענסטאָכאָוו אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, געפינט זיך אין וואַרשע און וווינט אין אַ קאָנספּיראַטיווער דירה אויף דער טשערוואָנאָקושיסקע גאַס. כ׳בין גלייך אַוועק אַהין, אין דער דירה פון אונדזער אַ גוטן קונה, אַ געוויסער טאַדעוש (זיין פאַמיליע־נאָמען געדענק איך נישט), געטראָפן מיין שוועסטער. דער קריסט, אַ שווינדזוכטיקער, וועלכער האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט שוין פאַר גאָר נישט זיך געשראָקן. אין זיין קאַוואַלערסקע דירה האָט ער איינגעאָרדנט אַ באַהעלטעניש אין דער וואַנט, מיט אַ גאַנצן אַרסענאַל געווער פון דער פוילישער אונטערגרונט־באַוועגונג („אַרמיא קראַיאָוואַ“). ער האָט מיר געזאָגט, אַז ר׳איז אַ גרויסער אַנטיסעמיט און האָט נישט ליב קיין יידן, נאָר אַז דיין שוועסטער איז צו מיר געקומען און געבעטן אַ באַהעלטעניש — האָב איך איר געגעבן...

מיין שוועסטער דאַקעגן האָט מיר דערציילט ממש אַן אומגלויבלעכע געשיכטע, וואָס האָט זיך נאָך נישט פאַרלאָפן מיט קיין שום ייד בעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

נאָך דעם ווי דער פוילישער פּאָליציאַנט האָט זי אין טשענסטאָכאָוו געהאַט אָפּגעלאָזט און ס׳האָט זיך געיאַוועט אַ געסטאַפּאָוויעץ און געפרעגט וויפל געלט זי האָט געגעבן דעם פּאָליציאַנט ער זאָל זי אָפּלאָזן, האָט ער זי ווידער אַרעסטירט און אָפּגעפירט אין געסטאַפּאָ. דאָרטן האָבן זיי דערזען, אַז דאָס יינגעלע איז געמלט. זיי האָבן אים גלייך אַוועקגעשיקט אין געטאָ, פון וואַנען ס׳איז פּונקט אָפּגעגאַנגען אַ טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע. צוגלייך מיט אַלע יידן האָט מען אים אַריינגעפּאַקט אין אַ וואַגאָן און דער טראַנספּאָרט איז אָפּגעפאָרן. די שוועסטער דאַקעגן, האָט מען אַלס פוילישע אַריינגעוואָרפן אין אַ קעלער, אונטערן פאַרדאַכט פון אויסבאַהאַלטן אַ יידיש קינד. די שוועסטער, זיצנדיק אין קעלער, האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב זי וועט נישט גלייך אונטערנעמען קיין ענערגישע שריט, וועט דאָס קינד אומקומען. זי האָט דעריבער גענומען קלאַפּן אין טיר און פאָדערן מ׳זאָל זי פירן צום שעף פון דער געסטאַפּאָ. מ׳האָט איר צוליב געטאָן. דאָרטן האָט זי גענומען שרייען, מ׳זאָל איר צוריקגעבן איר קינד, וואָס איז אַן אמתער קאַטאָליק, ר׳איז געטויפט און דאַרף נישט אומקומען גלייך מיט די יידן. אויף דער פראַגע „ווי קומט עס, וואָס דאָס קינד איז געמלט?“ האָט זי אויסגעקלערט אַזאַ געשיכטע:

איר מאַן איז געווען אַ געשמדטער ייד, פון פרומע יידישע עלטערן און האָט מיט איר חתונה געהאַט קעגן ווילן פון זיינע עלטערן, אויס ליבע. נאָך דעם ווי דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, האָבן זיי אויסגענוצט אַ מאָמענט, ווען זיי זענען נישט געווען אין דער היים, גענומען ס'קינד ביי דער ניאַניע און עס מל געווען קעגן בפירושן ווילן פון מיר און מיין מאַן. מיר האָבן דערפאַר אויף שטענדיק זיך צעקריגט מיט זיי און אַוועקגעפאָרן פון שטאָט. איצט קומט אויס, אַז מיין קינד זאָל אומקומען אַלס ייד, צוליב דער שולד פון מיין מאַנס עלטערן. אויך דער פוילישער איבערזעצער, וואָס איז געווען אַנוועזנדיק ביים גאַנצן געשפרעך, איז געווען איבערצייגט, אַז אַלץ, וואָס מיין שוועסטער האָט דערציילט, איז אמת. ר'האָט טאַקע באַשטעטיקט, אַז אין פוילן זענען פאַר דער מלחמה געווען אַ סך פאַלן, ווען יידן האָבן אויס ליבע זיך געשמדט און חתונה געהאַט מיט קריסטינס... דער געסטאַפּאָ־שעף איז געווען אַזוי גערירט פון דער געשיכטע, אַז ר'האָט באַשלאָסן אָפּצוראַטעווען דאָס קריסטלעכע קינד, וואָס איז אויף זיין באַפעל געשיקט געוואָרן אין געטאָ. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ זוכעניש אויסצוגעפינען אַ קינד מיטן נאָמען אַנטאָש קאָזלאָווסקי. ווען ר'האָט זיך דערוווּסט, אַז עס געפינט זיך אין אַ פאַרפלאָמבירטן וואַגאָן אינעם יידן־טראַנספּאָרט אויפן וועג קיין טרעבלינקע, האָט ער מיט רעזיגנאַציע צעפירט די הענט און געזאָגט צו מיין שוועסטער, אַז איצט קאָן ער שוין גאָר נישט העלפן, ווייל ס'ליגט שוין נישט אין זיין קאָמפּעטענץ. האָט מיין שוועסטער ווידער אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעך געוויין און אויסגעפּועלט ביים שעף, ער זאָל פּרוּוון ראַטעווען איר קינד. דאָ האָט ער גענומען קלינגען אויף דער סטאַציע ווו דער טראַנספּאָרט איז אַוועק און זיך דערוווּסט, אַז דער צוג דערנענטערט זיך קיין סקערניעוויץ, הינטער לאָדזש. די דייטשע זשאַנדאַרמעריע האָט דאָרט פאַרהאַלטן דעם טראַנספּאָרט, געגאַנגען פון וואַגאָן צו וואַגאָן און געפרעגט, צי ס'געפינט זיך נישט צווישן זיי אַ ייִנגעלע מיטן נאָמען אַנטאָש קאָזלאָווסקי — ביז זיי האָבן אין איינעם פון די וואַגאָנען געפונען דעם יאַט זיצן אין אַ ווינקל אַ פאַרוויינטן, אים פון דאָרטן אַרויסגענומען, געגעבן גוט אָפּצועסן און מיט אַן אויטאָ אים צוריק געבראַכט קיין טשענסטאָכאָוו, צו דער מוטער.

מ'האָט זיי גליך באַפרייט, צוגענומען ביי איר די אַרישע קענקאַרטע, כדי קאָנטראָלירן ווו זי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, צי זי איז אַ ריכטיקע, אַריינגעזעצט זי מיטן קינד צו אַ פאָלקסדויטשקע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע וווינונג און איר מאַן איז געווען אויפן פראָנט. די שוועסטער דאַקעגן איז געווען זיכער, אַז אירע אַרישע פּאַפּירן זענען ריכטיקע און האָט אַפילו ליגן אַ דופליקאַט אין מאַגיסטראַט (אַזוי האָבן זי פאַרזיכערט די, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט דאָס פּאַפּיר), איז זי אָן מורא געקומען זיך מעלדן אין דער געסטאַפּאָ, ביז אַ געוויסן טאָג האָט מען איר געזאָגט, אַז ס'איז אַלץ אין אָרדענונג — זי דאַרף נישט מער זיך מעלדן. האָט זי גענומען דאָס קינד און אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, איבערלאָזנדיק דאָרטן, ביי דער פאָלקסדויטשקע, אַלע אירע זאַכן. איצט וויל זי אַליין אויך דינגען אַ דירה, ווייל זי פילט זיך נישט גענוג זיכער ביי דעם פּאַן טאַדעוש. זי איז צוריק אַוועק קיין טשענסטאָכאָוו, אָן דעם קינד, און ווען נאָך צוויי וואָכן מיר האָבן געזען, אַז זי באַווייזט זיך נישט — זענען מיר, איך און מיין ברודער, אַוועק קיין טשענסטאָכאָוו און ביי דער וווינונג אין דרויסן געטראָפן שטיין די פאָלקסדויטשקע מיט נאָך אַ שכינה. זי האָט אונדז דערציילט, אַז אַזוי ווי די שוועסטער האָט זיך נאָר באַוויזן ביי איר אין דער וווינונג, איז זי גלייך אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט שוין אייניקע טעג אויף איר געלויערט, גלייך זי אָנגעהויבן שלאָגן און אַוועקגעפירט. זיי האָבן נאָך אייניקע טעג געוואַרט, מיט דער האָפענונג צו זען דאָס קינד. מיר האָבן געוואָלט אַרויפגיין אין שטוב נעמען די זאַכן, אָבער ווען מיר האָבן דערזען, אַז די שכינה הייבט זיך אָן דערוויטערן, בין איך איר נאָכגעגאַנגען, ווייל מיר האָבן פאַרדעכטיקט, אַז זי וויל אונדז מסרן. און ווירקלעך: כ'האָב דערזען ווי זי גייט אַריין אין אַ רעסטאָראַן און הייבט אָן טעלעפאָנירן. כ'בין צוריק צו מיין ברודער און ביידע האָבן מיר זיך שנעל אָפּגעטראָגן קיין וואַרשע. כ'בין אַוועק צום פּאַן טאַדעוש, אָפּגענומען דער שוועסטערס ייִנגעלע. דער פּאָליאַק האָט זיך אויף אונדז שטאַרק געבייזערט, הלמאַי מ'האָט אַזאַ לאַנגע צייט אים איבערגעלאָזט אַ יידיש קינד, צוליב וועלכן ר'האָט נישט בדעה אומצוקומען. אין זיין גרויסער שנאה צו יידן האָט ער שוין געוואָלט דאָס קינד אַרויספירן ערגעץ אויף אַ גאַס און עס דאָרט

איבערלאָזן, אָבער אַזוי ווי מ'איז שוין געקומען, ברענגט מען אים איין אַ וועג...

כ'האָב גענומען צו זיך דער שוועסטערס קינד, אָפּגעהיטן די גאַנצע צייט, געברענגט עס קיין ישראל. ער לעבט היינט אין רמת־גן אַלס ברוך סאַפּירשטיין, האָט אַ פרוי מיט אַ טאָכטער. דאַקעגן זיין מוטער, אונדזער שוועסטער בלומע סאַפּירשטיין און איר מאַן יצחק, זענען אומגעקומען אויף קידוש השם.

21

דער האַנדל מיט „אַרישע" פּאַפּירן איז ווייטער אָנגעגאַנגען. ס'איז אָבער געווען שוואַכער. אין וולאָשטשאַווע האָבן מיר נישט געהאַט מער פאַר וועמען צו מאַכן פּאַפּירן. צוליב דעם, וואָס איך בין געווען דעמאָלט פאַרנומען מיטן איבערציען זיך אין דער נייער וווינונג אויף וועסאָלע גאַס, איז מיין ברודער אַליין געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, ווי ס'איז אין אַ קליינעם געטאָ נאָך פאַרבליבן אַ ביסל ספּעציאַליסטן יידן. זיי האָבן געאַרבעט אין אַ גרויסער סטאָלעריי, אָבער נישט געוואָלט קיין „אַרישע" פּאַפּירן. זיי זענען געווען זיכער, אַז די דייטשן נייטיקן זיך אין זיי. מיר זענען דעריבער ביידע נאָך אַמאָל געפאָרן קיין קאַלושין, געהערט, אַז עס געפינט זיך נאָך דאָרט אַ געטאָ. דאָס קאַלושינער געטאָ איז אָבער ליקווידירט געוואָרן מיט אַ טאָג פריער, איידער מיר זענען אַהין געפאָרן.

צוריק קומענדיק אַהיים, אויף דער סטאַציע וועסאָלע, זענען מיר אומגעריכט אַריינגעפאַלן בעת אַן אָבלאַווע אויף פּאַליאַקן, ווייל אַ גרופּע א.ק.־לייט זענען באַפאַלן אַ דייטשן זעלנער, אים פאַרוווּנדערט און אַנטוואָפנט. יעדער צוג, וואָס איז נאָר אָנגעקומען אויף דער סטאַציע איז רעווידירט געוואָרן, אַלע מענער האָט מען פאַרהאַלטן. אַזוי אַרום בין איך מיטן ברודער אַריינגעפאַלן צו די דייטשן. זיי האָבן אונדז מיט נאָך אַ גרופּע פאַרהאַלטענע פּאַליאַקן צו געפירט צו אַ פאַרקאַן, דאָרט אַרומגערינגלט. „דאָ, דוכט זיך מיר, איז אונדזער סוף", האָט מיין ברודער געזאָגט. כ'האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַנטלויפן. די איינציקע רעטונג איז געווען — אַריבערשפּרינגען איבערן פּלויט, זעט אָבער אויס, אַז אויך די פּאַליאַקן האָבן געקלערט וועגן אַנטלויפן, ווייל פּלוצלינג איז אַ יונגערמאַן אַרויסגעשפּרונגען פון דער גרופּע און געפּרוּווט אַנטלויפן. ער איז אָבער גלייך געכאַפּט געוואָרן. פאַר אונדזערע אויגן האָבן די זשאַנדאַרן אים צעבראָכן די הענט און דערשאָסן אויפן אָרט. זעענדיק זיין סוף, האָב איך שוין רעזיגנירט פון אַנטלויפן.

מיט אַמאָל איז אָנגעקומען דער צוג פון וואַרשע. די געסטאַפּאָווצעס, זעענדיק, אַז זיי האָבן שוין גענוג 60 פאַרהאַלטענע ערובניקעס, האָבן זיי זיך באַגנוגנט מיט קאָנטראָלירן די דאָקומענטן פון די אָנגעקומענע און זיי אַדורכגעלאָזט. כ'האָב אָנגעהויבן זיך צושאַרן צו די אָנגעקומענע; מיט איין שפּרונג בין איך אַדורך די עטלעכע מעטער וואָס ס'האָט מיך פון זיי אָפּגעטיילט, אויך אַרויסגענומען מיין דאָקומענט... מ'האָט מיך אַדורכגעלאָזט גלייך מיט אַלע. כ'בין אַוועק צו מיין שוועגעריין אין דער וווינונג און געזאָגט, אַז זי מוז אָן מורא איצט נעמען די קינדער און צוגיין בעטן די זשאַנדאַרמעריע מ'זאָל באַפרייען איר מאַן. זי האָט גענומען די צוויי קליינע קינדער (אַ יינגעלע פון 6 יאָר און ס'מיידעלע פון 4 יאָר), איז מיט זיי צו צום אָפּיציר און גענומען בעטן און וויינען, אַז זי איז אַ קראַנקע פרוי מיט 2 פּיצלעך קינדער, און אויב מ'וועט פאַרהאַלטן איר מאַן, גייט זי אויס פון הונגער און נויט. אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן. מ'האָט זיי אַלע אָפּגעפירט קיין רעמבערטאָוו, נאָכן אָפּהאַלטן זיי דאָרט צוויי וואָכן — האָט מען זיי באַפרייט.

אונדזער לאַגע איז איצט געוואָרן שווער. פרידריכס שותף איז געווען אַ גרויסער שיכור און זיך אָפּגעהאַלטן פון טרינקען נאָר דערפאַר, ווייל ר'האָט פריער נישט געהאַט קיין געלט. איצט, נאָכן באַקומען גרויסע סומען פאַר די פאַלשע קענקאַרטן, האָט ער אָנגעהויבן צו שיכורן און דערביי אַזוי פּלאַפּלען, אַז זיי אַליין האָבן זיך דערשראָקן, פאַרניכטעט און פאַרברענט אַלע געגנבעטע בלאַנקעטן, דעם טוש און דעם נאָכגעמאַכטן סטעמפּל. ס'איז נישט געבליבן קיין זכר. איך האָב צוביסלעך אויפגעגעסן אונדזער אָפּגעשפּאָרט געלט. נישט האָבנדיק קיין ברירה, זיך גענומען צום שמוגל. כ'האָב אָנגעהויבן פירן אינעם אויסגעהונגערטן וואַרשע מעל און אַנדער עסנוואַרג, וואָס כ'האָב אויפגעקויפט ביי די פויערים אין שעדלעצער קאַנט. כ'בין אין דער בראַנזשע געוואָרן אַ גרויסער ספּעציאַליסט, אַ גלייכער מיטגליד צווישן אַ שמוגלער־באַנדע, וואָס איז באַשטאַנען פון יונגע פּאַליאַקן, מענער און פרויען. אַלע האָבן מיך געקענט אַלס „באַלעק". כ'האָב ווידער אָנגעהויבן רייך ווערן...

דערווייל איז אין וועסאָלע אַנטשטאַנען אַ גרופּע

„שמאַלצאָווניקעס", ענדעקעס. זיי האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ ביים אויסגעפונען אויסבאַהאַל־טענע יידן, וועלכע זיי האָבן אָן רחמנות איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן. שפּעטער האָבן זיי אַליין אָנגעהויבן מאָרדן די געפונענע יידן, נאָכן באַרויבן זיי. אַזוי האָט זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג וועגן אַ מוטער מיט אַ טאָכטער, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט. זיי האָבן זיי פריער באַרויבט, פאַר־גוואַלדיקט און דערנאָך אומגעבראַכט. זייער אָנפירער איז געווען דער סאָלטיס אַליין — אַ הויקער, צו וועלכן אַלע פריש געקומענע קיין וועסאָלע האָבן זיך געמוזט מעלדן. ער האָט גלייך צוויסן געגעבן דער באַנדע, אויף וועמען ר'האָט אַ חשד אַלס ייד. איך מיטן ברו־דער האָבן באַשלאָסן דעם גוי אַוועקצוהרגענען. צוליב דעם זענען מיר אַוועק קיין אַלעקסאַנדראָוו, צום שוס־טער לאַכאָוויטש, כדי אויסצוזוכן דעם רעוואָלווער, וואָס מיר האָבן דאָרט באַהאַלטן. דער שוסטער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, דעם רעוואָלווער האָבן מיר נישט געפונען, זעט אויס, ער האָט אים געפונען און פאַרקויפט.

מיר זענען צוריק אַהיים מיט ליידיקע הענט. מיר האָבן אָבער געזוכט אַפילו קויפן געווער, אַבי אַוועקלייגן דעם מנובל, ווייל די לאַגע איז געוואָרן אַלץ ערגער. אָבער אין אַ געוויסער נאַכט, זענען געקומען פאַרטיזאַנער פונעם שכנותדיקן וואַלד, זעט אויס פון דער „אַרמיאַ לודאָוואַ" און אים אין בעט דערשאָסן. אויך איינעם פון זיינע געטרייע געהילפן, צו וועמען זיי האָבן אַריינגעשאָסן דורכן פענצטער, האָט מען פאַר־ווונדעט. נאָך דעם נקמה־אַקט, האָבן זיך די ענדעקעס דערשראָקן, די באַנדע איז זיך צעלאָפן, ס'איז גע־וואָרן שטיל.

אַ געוויסן טאָג איז צו מיר צוגעקומען אונדזערס אַ באַקאַנטע און דערקלערט, אַז מ'רעדט שטאַרק אין שטעטל, אַז מיין פרוי זאָל זיין אַ יידישקע. כ'האָב מיך, נאַטירלעך, אויסגעלאַכט און איר געזאָגט, אַז אויך זי זעט אויס ווי אַ יידישקע, אַז דאָס איז נישט קיין באַווייז. אָבער דער אומרו ביי אונדז אין הארץ איז געוואַקסן. מיר האָבן דעריבער געדונגען אַ וווינונג אין סולעיוו־וועק, אין הויז פונעם דאָקטאָר קלימאַשעווסקי (איין צימער מיט אַ קיך). אין זעלבן הויז האָט געווינט אַ מאַן, וואָס אַלע האָבן אים גערופן פאַן פּראָפעסאָר. ער האָט זיך מיט אונדז שטאַרק באַפריינדעט. מיר האָבן זיך קעגנזייטיק אָנגעהויבן חושד זיין, אַז... מיר זענען יידן. ער האָט געגעבן לעקציעס מיין שוועסטערס יינגע־לע, וועמען מיר האָבן נישט געקענט שיקן אין אַ פאָלקס־שול. פאַרן קריג איז ער געווען פּראָפעסאָר אין פרענ־קלס גימנאַזיע אין וואַרשע. ער האָט געהאַט באַקאַנטע אין רעמבערטאָוו און פלעגט פון צייט־צו־צייט זיי באַ־זוכן. ער האָט אויך געהאַט אַ טאָכטער אין וואַרשע. ביז אַ געוויסן פרייטיק איז ער געפאָרן קיין רעמבערטאָוו אויף אַ באַזוך — און מער נישט צוריק געקומען. ס'האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די געסטאַפּאָ האָט זיי אַלע געכאַפּט און ליקווידירט.

איצט האָב איך זיך אויף אַן אמת דערשראָקן, ווייל יעדע מינוט האָט מען געקאָנט קומען אויף אַ רעוויזיע ביי אים אין דער וווינונג. כ'האָב מיך אַריבערגעצויגן מיט צווי סטאַציעס ווייטער, קיין סקרודאַ, אויף דער ליניע וואַרשע—מינסק־מאַזאָוויעצק. דאָרט געדונגען אַ וווינונג ביי דער פאַמיליע קשאָנזשעק, אגב, גרויסע אַנטיסעמיטן. אויך דאָ האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן חשד מיין שוועסטערס 6־יאָריק יינגעלע, צוליב דעם, וואָס מיין פרוי איז דעמאָלט אַלט געווען 22 יאָר און ס'האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל, אַז דאָס איז אירס אַ קינד. צוליב דעם האָבן מיר געמוזט זאָגן, אַז דאָס קינד איז פון מיין ערשטער פרוי, אַז איך האָב נאָך אַ מאָל חתונה געהאַט מיט דער איצטיקער פרוי.

צווייטנס, דאָס נישט שיקן דאָס קינד אין אַ שול, און באַמיען זיך אים צו האַלטן וואָס מער אין שטוב, הגם ער האָט אַפילו נישט געקענט קיין יידיש — האָט אַרויסגערופן אַ באַרעכטיקטן פאַרדאַכט. ער האָט גע־האַט בלויע אויגן, אָבער די האָר זיינע זענען געווען טונקעלע און געקרייזלטע ווי ביי אַ נעגער. כ'האָב אים דעריבער אין גאַנצן אָפּגעראַזירט די האָר פון קאָפּ, ווייל אַזוי זענען געגאַנגען ס'רוב פוילישע קינדער אין יענער צייט. ווען מיר האָבן אים אַרויסגעלאָזט אויפן הויף זיך שפּילן מיט אַנדערע קינדער, האָבן מיר אים אָנגעזאָגט, אַז די קינדער זאָלן נישט זען, אַז ער איז געמלט. מיר האָבן זיך אָבער נישט פאַרלאָזט אין גאַנצן אויפן קינד, נאָר אים אָנגעטאָן אונטערהויזן, מיט שטייף־פאַרצויגענע גומעס, אַז ער זאָל נישט קענען אַליין זיך דערליידיקן...

## 23

ס'איז געווען אין סאַמע ברען פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. איך בין צופעליק פאַרוווּנדעט געוואָרן אין האַנט און זיך איבערגעשניטן אַן אָדער.

בלוט האָט גענומען פליסן, כ'האָב פשוט מורא געהאַט זיך צו מעלדן צו אַ דאָקטאָר, ווייל וואַרשע און די סביבה זענען פול געווען מיט אַנטלאָפענע, פאַרוווּנדעטע יידן פון געטאָ. כ'בין דעריבער אַוועק צו אַ באַקאַנטן פעלדשער אין מילאָסנע, וועלכער האָט אָבער נישט געהאַט די נייטיקע מיטלען און מכשירים מיר צוצונייען דעם אָדער. ר'האָט מיר ביי שרעקלעכע ווייטיקן פּראָוויזאָריש פאַרבונדן די האַנט און געזאָגט, אַז אויב כ'וויל לעבן, מוז איך גלייך אַוועק אויף אַן אָפּעראַציע אין אַ שפּיטאָל. שטעלט איך פאָר מיין שרעקלעכע לאַגע! אַלע שפּיטאָלן אין יענער צייט זענען געווען אונטער דער דייטשער אויפזיכט. מעלדן זיך אַהין איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות. פון דער צווייטער זייט האָב איך נישט געטאָרט אַזוי בלייבן מיט דער פאַרוווּנדעטער האַנט. כ'בין דעריבער אַוועק קיין מינסק־מאַזאָוויעצק אין אַ שפּיטאָל, זיך געמאָלדן צום הויפּט־דאָקטאָר און געבעטן אויף שנעל דורכפירן די אָפּעראַציע. זעט אויס, אַז ער האָט אין מיר דערקענט אַ ייד, ווייל ער האָט גלייך פאַראָרדנט מיך צו אָפּערירן. מ'האָט מיר צונויפגענייט דעם אָדער, אַפילו נישט פאַררעגיסטרירט אינעם טאָגבוך, זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען געלט, נאָר פאָרגעלייגט איך זאָל שפּענדן אויפן רויטן קרייץ. איך בין געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

נישט ווייט פון סקרודאַ, ווו איך האָב געוווינט, האָט זיך אין אָקוניעוו געפונען אַ פּאָליציי־פּאָסטערונעק. איינער פון די פּאָליציאַנטן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן חוש צו דערקענען יידן אויף „אַרישע" פּאַפּירן. אויף זיין געוויסן האָט ער געהאַט אַ גרויסע צאָל אייגנהענטיק דערשאָסענע יידן, קנאַפּע פערציק אין צאָל. ס'איז כמעט געווען אוממעגלעך זיך אַרויסצודרייען פון זיינע הענט, ער האָט זיך קיינמאָל נישט טועה געווען, ווען ר'האָט אויף עמעצן געוואָרפן אַ חשד.

איין מאָל האָט דער דאָזיקער פאַרשוין מיט נאָך אַ פּאָליציאַנט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום הויז ווו איך האָב געוווינט. מיין שוועסטערס יאַטל איז געקומען צו לויפן אַ פאַרסאַפּעטער און געזאָגט, אַז אַ פור מיט צוויי פּאָליציאַנטן קומען אָן. כ'בין פונקט געווען אין דער היים, צוליב דער פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט. כ'האָב אַ זאָג געטאָן דעם קינד, ער זאָל פאַרשווינדן. זייענדיק שוין געוווינט צו אַזעלכע סיטואַציעס, האָט ער זיך באַהאַלטן אין דערבייאיקן וועלדל. אויך מיין פרוי איז נישט געווען אין דער היים. זיי זענען דעריבער אַריין צו מיר און געטראָפן ליגן אויף דער קאַנאַפּע. מ'האָט באַדאַרפט האָבן אייזערנע נערוון בלויז אויסצוהאַלטן דעם דורכדרינגלעכן בליק פונעם מערדער. מיט אַן איראָניש שמייכעלע האָט ער מיך געפרעגט, אויב איך וווין דאָ אינעם הויז און מיט וואָס איך באַשעפטיק מיך, געבעטן די דאָקומענטן, וועלכע ער האָט אַזוי גענוי באַטראַכט און מיט חוזק אַ זאָג געטאָן, „אין דיינע הענט דערקענט מען' אַז דו אַרבעטסט נישט". „אַלע אַרבעטן דען?" — האָב איך אים רואיק געענטפערט. „ס'זענען דאָ צענדליקער מענטשן, וואָס לעבן דווקא נישט פון אַרבעט". זיי זענען אַרויס צום בעל־הבית. זעט אויס, אַז דאָס איז געווען זייערס אַן אויסגעפּרוווטער טריק, ווייל נאָרמאַל, וואָלט איך זיך באַדאַרפט אויפהייבן און אַנטלויפן און דערמיט באַשטעטיקן זייער חשד, כ'בין אָבער ווייטער געבליבן ליגן רואיק און געוואַרט, ווויסנדיק, אַז זיי וועלן זיך אומקערן. זיי זענען ווירקלעך ווידער אַריין אין צימער, אָנגעהויבן מיט מיר ריידן וועגן פּאָליטיק. ס'איז שוין געווען נאָך דער סטאַלינגראַדער מפּלה און אַפילו די דייטשן האָבן אָנגעהויבן מודה זיין אין די צייטונגען, אַז זיי ציִען זיך צוריק. ס'האָט נאָר ביי זיי געהייסן, אַז „מע גלייכט אויס די פראָנט־ליניע". אויך די לעצטע פייער־פּראָבע האָב איך אויסגעהאַלטן — און זיי זענען אַוועק. אפשר צום ערשטן מאָל איז אַ ייד אויף אַרישע פּאַפּירן געלונגען זיך צו ראַטעווען פון אַזאַ מערדער.

ווען די האַנט האָט זיך פאַרהיילט, האָב איך צוריק אָנגעהויבן פאַרנעמען זיך מיט שמוגל. ס'איז אויסגעקומען אַ סך צו פאָרן אויף די באַנען, באַקענען זיך מיט פאַרשידענע פּאָליאַקן, גוטע און שלעכטע, אויסהערן זייערע מיינונגען וועגן דער יידן־אויסראָטונג אין פּוילן. די בעסערע האָבן געטענהט, אַז זיי אַרט נישט, וואָס מע ברענגט אום די פּוילישע יידן — פּוילן וועט דערמיט פּטור ווערן פונעם גרעסטן היסטאָרישן אָנשיקעניש... זיי קאָנען אָבער נישט פאַרטראָגן, הלמאי מע ברענגט אום מענטשן.

די מאַטעריעלע לאַגע מיינע האָט זיך פיל פאַרבעסערט, מ'האָט גוט פאַרדינט, הגם, אין שטענדיקער געפאַר, מ'האָט בעסער געגעסן, זיך געקליידט און אויך אָפּגעשפּאָרט אויף אַן עת־צרה. אַזוי איז אַוועק דער גאַנצער זומער און ווינטער פון 43סטן יאָר. טייל מאָל

האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז עס לוינט זיך גאָרנישט אַזוי פיל אָנצושטרענגען, כדי צו בלייבן לעבן, נאָך דעם, ווי צענדליקער נאָענטע זענען אַזוי אכזריותדיק אומגעקומען. יעדעס מאָל, ווען איך פלעג צוריק קומען פון אַ שמוגל־רייזע, האָב איך פונדערווייטנס אָנגעהויבן באַטראַכטן דאָס הויז, ווו איך האָב געוווינט, צי איז אַלץ אין אָרדענונג, צי מ׳האָט נישט אין צווישנצייט אַנטדעקט מיינע נאָענטסטע און טייערסטע?

פרילינג 1944, האָט די רויטע אַרמיי זיך אַ רוק געטאָן פאָרויס און אָנגעהויבן זיך דערנענטערן צו דער ווייסל. זומער האָבן זיי שוין געהאַט פאַרנומען לובלין. איך מיט מיין פרוי און שוועסטער׳ס קינדער, מיין ברודער מיט זיין פרוי אוןביידע קינדער, וועלכע האָבן געוווינט אויף דער רעכטער זייט ווייסל, האָבן יעדן טאָג געקאָנט באַפרייט ווערן. מיין ברודער, וועלכער האָט געוווינט אין וועסאָלע, וואָס איז געווען נענטער צו פראַגע, איז געקומען צו מיר קיין סקודאַ, וואָס איז געלעגן אויף דער באַן־ליניע וואַרשע—מינסק־מאַזאָוויעצק. מיר ביידע האָבן אויסגעגראָבן אַ בונקער קעגן לופט־אָנגריפן, וואָס האָט אונדז טאַקע אָפּגעראַטעוועט, ווען די רוסישע אַוויאַציע האָט על־פּי־טעות באָמבאַרדירט סקודאַ, אָנשטאָט דאָס דייטשע מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אַ ביסל ווייטער. די גאַנצע פּוילישע באַפעלקערונג איז אַנטלאָפן פון סקודאַ — און מיר זענען אַליין געבליבן.

אין חודש יוני אָדער יולי 1944, זענען גרויסע אָפּטיילונגען פון דער רייכסווער אַדורך סקודאַ, אין דער זייט פון פראַגע. נאָך זיי זענען געקומען די ס.ס.־באַטאַליאָנען, וואָס האָבן זיך פאַרהאַלטן אין סקודאַ אַ גאַנצן טאָג, ביינאַכט זענען זיי אַוועק. צומאָרגנס, ווען מיר זענען אַרויס פון בונקער, האָבן מיר געמיינט, אַז איצט קומען שוין די רוסן, מיר האָבן געהערט אַ שטאַרקע שיסעריי און אויך אַ גרויס גערויש פון פּאַנצער־מאַשינען. אין איין אָטעם בין איך געלאָפן צו דער באַן־ליניע, אַן ערך 2 קילאָמעטער, אָבער צו מיין גרויסער אַנטוישונג, האָב איך גאָר דערזען, אַז ס׳איז אַ דייטשע פּאַנצער־דיוויזיע, וואָס דעקט די אָפּטרעטנדיקע דייטשע אַרמיי. ערשט פאַרנאַכט האָבן מיר באַמערקט, ווי אויסגעשמירטע און אָפּגעריסענע זעלנער, אָבער גוט באַוואָפנט, דערנענטערן זיך צו אונדז. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען די רוסן. כ׳בין צו זיי צוגעגאַנגען און זיך געפרעגט אויב ס׳איז דאָ צווישן זיי אַ ייד, זיי האָבן זיך שטאַרק געוווּנדערט אויף מיין פראַגע און מיר אָנגעוויזן אויף זייער קאָמאַנדיר, וועלכער איז געווען אַ ייד. כ׳האָב אים געבעטן מיט מיר אַריינצוגיין אין הויז, ווייל איך האָב אים עפּעס וויכטיקס איבערצוגעבן, פאַר אַלעמען אין די אויגן האָב איך פשוט מורא. ער איז אַריינגעקומען צו אונדז אין הויז און אויסגעהערט אונדזער טרויעריקע געשיכטע און צוגעזאָגט צו העלפן. ער האָט געהאַלטן, אַז מיר קאָנען דאָ נישט בלייבן, ווייל זיי זענען נאָר פאָרפּאָסטנס פון דער רויטער אַרמיי, מעגלעך, אַז די דייטשן קאָנען נאָך אַטאַקירן און זיי צוריקשטויסן; אויך זענען מיר גערעכט, וואָס מיר היטן זיך נאָך פאַר די פּאָליאַקן, ווייל ס׳זענען געווען אַ סך פאַלן, ווען געראַטעוועטע יידן זענען אומגעקומען ממש אינעם טאָג פון זייער באַפרייאונג. ער גיט אונדז דעריבער אַ „נאַפּראַווליעניע" צום הויפּט־שטאַב און דאָרטן וועט מען שוין דעצידירן וואָס מיט אונדז צו טאָן.

צומאָרגנס האָבן מיר אַלע זיך געלאָזט אין וועג אַריין צופוס — און זענען אָנגעקומען אין דער הויפּט־קאָמענדאַנטור פון דער רויטער אַרמיי. מ׳האָט אונדז אָבער נישט אַריינגעלאָזט. נאָך אַ שטיקל צייט וואַרטן, איז פון דאָרטן אַרויסגעפאָרן אַ גרויסע לאַסט־מאַשין, פול מיט אָפיצירן, וואָס האָט אונדז אויפגענומען און אָפּגעפירט קיין לובלין, ווו ס׳איז שוין געווען די צייטווייליקע פּוילישע רעגירונג. דאָרטן האָבן מיר באַקומען אַ וווינונג אויף דער אָקאָפּאָווע גאַס, ווו מיר האָבן געוווינט נאָך אַלס קריסטן, אויף אונדזערע אַרישע פּאַפּירן — ביזן 1945־סטן יאָר, ווען מיר האָבן זיך געלאָזט אויף אונדזער וואַנדער־וועג קיין ארץ־ישראל.

# חרוב געוואָרן אַ יידיש שטעטל

שמואל קאַמיאָנקאָווסקי
ברי
סעל

## א

אין סעפּטעמבער 1939 האָט דאָס פּוילישע מיליטער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די אָנגרייפנדיקע דייטשישע חיילות. אויפן וועג צו מאָרסקיע אָקאָ, אויפן באַרג, איז געקומען צו אַ שלאַכט צווישן די רעשטלעך פּוילישע זעלנער און די היטלעריסטישע אָנפאַלער. די ערשטע דייטשישע זעלנער האָבן זיך באַוויזן אַ זייגער פיר נאָך מיטאָג, אין צענטער פון פאַלעניץ, אויף דער האַנדלאָווע גאַס, ווו עס האָבן זיך געפונען צום מערסטן יידישע געשעפטן. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די ווילדעס אַרום פאַלעניץ, נאָך דעם ווי די זומער־איינוווינער זענען זיך פון דאָרט צעלאָפן.

איך מיט מיין פרוי און אונדזערע צוויי קינדער, האָבן קוים באַוויזן אַרויסצולויפן פון אונדזער שטוב, ווייל די היטלעריסטן זענען אַרומגעפאָרן אויף אַ לאַסט־וואָגן און געשליידערט צינד־באָמבעס אין אַלע הייזער פון אונדזער גאַס. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דאָס יידישע פאַלעניץ, וואָס איז באַשטאַנען פון הילצערנע הייזער — איז געשטאַנען אין פלאַמען.

— רוכטשע, — האָב איך אַ זאָג געטאָן צו מיין פרוי — גיב נאָר אַ קוק, ווי אונדזער שטוב ברענט!

מיין פרוי האָט אַפילו נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, נאָר ווייטער געלאָפן, כדי וואָס גיכער אַנטרינען צו ווערן פון גהינום. מיין צען־יאָריקער אברהמלע האָט זיך יאָ אויסגעדרייט, און דערזעענדיק ווי אונדזער היים איז אויפגעגאַנגען אין פלאַמען, האָט ער זיך שטאַרק צעוויינט און מיט אַלע כוחות גענומען לויפן פאָרויס, מיטשלעפּנדיק נאָך זיך די מאַמע (מיין זון איז היינט אַ בוי־אינזשיניער און האָט ערשט נישט לאַנג זיך באַזעצט אין ישראל).

די שלאַכט איז ווייטער אָנגעגאַנגען און מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ ווילדע לעבן מיכאַלין. צוזאַמען מיט אונדז האָבן זיך דאָרטן געפונען נאָך עטלעכע פאַמיליעס: יוסף סטאָלאַרעק מיט זיין פרוי און צוויי קינדער; בונע טענענבאום; מיין שוויגער מיט צוויי קינדער; אויך מיין ברודער מיט זיין פרוי און צוויי קינדער. די שיסעריי האָט געדויערט ביז פינף נאָך מיטאָג און די ווענט פון דער ווילדע זענען אַדורכגעלעכערט געוואָרן מיט קוילן.

זיבן אַ זייגער אין אָונט האָבן צוויי דייטשן אויפגעריסן די פאַרמאַכטע לאָדנס און אונדז אַרויסגעיאָגט פון הויז, טרייבנדיק קיין אָטוואָצק, וואָס איז שוין געווען באַזעצט דורכן היטלעריסטישן מיליטער.

אויפן וועג זענען מיר ווידער באַשאָסן געוואָרן מיט געווער פון פאַרשידענעם קאַליבער. מיין פרוי האָט מיט איר קערפּער באַשיצט דאָס קליינע קינד אונדזערס — און אַזוי זענען מיר געלאָפן ביז אָטוואָצק.

אונדזער פאַמיליע האָט געהערט צו די גליקלעכסטע, ווייל ביי אַ סך אַנדערע משפחות זענען די מענער פאַרהאַלטן געוואָרן און אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט. צווישן די פאַרהאַלטענע זענען געווען: משה ליימאַן מיט זיין זון, מאיר ליימאַן — אַ געוועזענער אַקטיוויסט אין נאָדל־פאַראיין, לייזער סוקנא און אַנדערע. פון דער דאָזיקער מאַסע הונדערטער מענטשן איז שוין קיינער נישט צוריק געקומען...

אין אָטוואָצק, אין די אָרעמע הייזלעך וואָס אויף דער קורטשעווער גאַס, האָבן מיר זיך אַריינגעפּאַקט צו עטלעכע משפחות אין איין דירה. די איינוווינער האָבן אונדז זייער גוט אויפגענומען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר געפּרוווט צוריקקערן זיך קיין פאַלעניץ, נאָר אַזוי ווי דאָרטן איז פּשוט נישט געווען קיין הויז ווו אַריינצוגיין, האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן אין דער ווילע פון חיים קלעמבערג אין יוזעפאָוו. אין דער דאָזיקער ווילע זענען מיר געווען צוזאַמען מיט די קלעמבערגס און זייער יינגסטן טעכטערל אסתר, די פאַמיליע סאָלניצקי מיט זייערע צוויי מיידלעך, ביילע און צפורה, יוסף־אליקעז מיט דריי קינדער, די פרוי מלכה ראַבין מיט פינף קינדער. איר מאַן שמואל ראַבין איז דערשאָסן געוואָרן אין טאָג, ווען די דייטשן האָבן פאַרניכטעט פאַלעניץ; ער איז געבליבן ליגן אַ טויטער אויף דער שוועל פון זיין הויז, ווען ער איז געלאָפן פאַרכאַפּן מיט זיך אַ קישן (זיין זון, דוד ראַבין, לעבט אין אַרגענטינע).

עס זענען פאַרביי עטלעכע שווערע, שוידערלעכע

טעג. די גרעסטע צאָל יידן האָט זיך באַזעצט אין די ווילדעס אַרום פאַלעניץ. די מערהייט אָבער פון דער יידישער יוגנט האָט פאַרלאָזט אונדזער שטעטל און אַריבערגעלאָפן אין די פאַרנומענע געביטן פון דער רויטער אַרמיי.

ב

ביז דעם 1־טן נאָוועמבער, איז די גרענעץ צווישן דייטשישן און רוסישן מיליטער געווען אָפן. די אַלע, וועלכע זענען אַריבער די רוסישע גרענעץ, זענען דורך דער סאָוויעטישער מאַכט פאַרשריבן געוואָרן.

מיר האָבן אויך באַשלאָסן זיך צו ראַטעווען פון דייטשישן גהינום און אויף אַ וואָגן מיט אַ פאַרדאַרט פערדל, אַנגעטריבן דורך מענדל קאַמיאַנקאָווסקי, האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו דער גרענעץ.

ווען מיר זענען אַריבער די ליניע, האָט זישע מאַשינסקי זיך געוואָרפן צו קושן די סאָוויעטישע ערד. קיילע קרינקע (יצחק באַשעס טאָכטער), דערזעענדיק דעם ערשטן סאָוויעטישן זעלנער, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים און גענומען קושן פאַר פרייד. דער זעלנער, אַ צעטומלטער פון אַזאַ אומגעריכטן איבערפאַל, האָט אויסגעשריגן:

— אָטכאַדי, בודו סטרעליאַט!״ (טרעט אָפּ, ווייל כ׳וועל שיסן!) — דעם רויטאַרמייער איז נישט אַזוי גרינג אָנגעקומען צו באַפרייען זיך פון אירע אָרעמס...

אַריבערגייענדיק די סאָוויעטישע ליניע, האָבן מיר, ווי פיל טויזנטער יידן, זיך געלאָזן קיין ביאַליסטאָק. ווען מיר האָבן זיך דערקליבן צו דער דאָזיקער שטאָט, איז אונדזער פרייד אַ סך פאַרשטערט געוואָרן. עס איז אונדז געוואָרן טרויעריק אויף דער נשמה, צוקוקנדיק זיך, וואָס דאָ קומט פאָר. די גאַסן זענען געווען איבערפולט מיט מאַסן מענטשן. אַלע עפנטלעכע זאַלן, אויך אַ סך פריוואַטע וווינונגען פון די דאָרטיקע תושבים, זענען געוואָרן באַלאַגערט פון פליטים. ס׳איז כמעט אוממעגלעך געווען צו געפינען אַ פריי שטיקל פאָדלאָגע ווו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ...

די סאָוויעטישע מאַכט האָט יעדן טאָג אָפּגעשיקט גאַנצע עשאַלאָנען מענטשן, וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן אויף אַרבעט, אין די טיפערע געביטן פון ראַטנפאַרבאַנד. די לאַגע איז אָבער געווען אַזאַ, אַז יעדן טאָג זענען אָנגעקומען פון די דייטשישע געביטן מערער פליטים, וויפל עס זענען אָפּגעפאָרן אויף אַרבעט. איך און מיין חבר זישע באַנק, האָבן באַשלאָסן צוריקקערן זיך קיין פאַלעניץ, כדי אַראָפּברענגען פון דאָרט אונדזערע פרויען מיט די קינדער.

נאָוועמבער 1939 איז שוין די גרענעץ געווען פאַרמאַכט. מיר האָבן דעריבער געמוזט אָנקומען צו דער הילף פון אַ שמוגלער, כדי צו פאַרווירקלעכן אונדזער פלאַן. קומענדיק אַהיים, האָבן מיר באַלד דערזען וואָס פאַר אַ גהינום דאָרט איז געוואָרן. ביים שלאַבאַן פלעגן די עלטערע יידן מוזן פאַרבינדן די בערד, ווייל טאָמער האָט אַ דייטש באַמערקט אַ ייד מיט אַ באָרד — פלעגט ער אים זי אויסרייסן צוזאַמען מיטן פלייש...

אויפן אָרט פון דער האַנדלאָווע גאַס איז שוין איצט געווען אַ קליינער שוואַרצער מאַרק, ווו די „סוחרים״ פלעגן האַלטן זייער סחורה אין די קעשענעס, אָדער אונטער די פּאָלעס.

די דייטשן האָבן איינגעפירט אויסנאַם־צושטאַנד. ווער עס האָט זיך באַוויזן אין גאַס נאָך זעקס אין אָוונט, פלעגט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. אַריינקומענדיק אין דער היים, האָט מיר מיין אַלטער פאָטער אָנגעזאָגט די בשורה, אַז מיט צוויי טעג צוריק האָט ער באַגלייט מיין פרוי מיט די קינדער, וועלכע זענען אָפּגעפאָרן צו מיר קיין ביאַליסטאָק. דאָס זעלבע אויך מיין חבר זישעס פרוי מיט די קינדער. האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, לאַנג זיך נישט פאַרהאַלטן און באַשלאָסן צו פאָרן אָפּזוכן אונדזערע משפחות. ביים געזעגענען זיך, האָט מיין אַלטער טאַטע זיך ביטער צעוויינט — פון אַלע זעקס קינדער איז ער אַליין געבליבן אין היטלעריסטישן גהינום. מער האָב איך שוין מיין פאָטער נישט געזען...

ג

דערוויסנדיק זיך, אַז אונדזערע פרויען האָבן זיך אַוועקגעלאָזן קיין יאַר, אין שעדלעצער געגנט, האָבן מיר נישט פאַרלאָרן קיין סך צייט און אַוועק אין זייערע שפּורן. אין דער גרויסער מענטשן־כוואַליע, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף דער פרוי טויבע ראָזענבלום, וועלכע האָט אונדז מיט אַ געוויין דערציילט, אַז איר גאַנצע גרופּע איז פאַרפירט געוואָרן פון די גרענעץ־מאַכערס, וועלכע האָבן פאַרשלעפּט די פליטים ביז צו דער פאַרמאַכטער גרענעץ, באַרויבנדיק זיי ביזן לעצטן העמד... די גאַנצע גרופּע האַלט זיך אויף ביי אַ פּויער אין שטוב, האַרט ביי דער גרענעץ. פאַרנאַכט־צו זענען מיר צוזאַמען מיט דער פרוי

טויבע געפאָרן צום פויער, ווו עס האָבן זיך אויך געפונען אונדזערע פרויען מיט די קינדער.

אָבער אויפן וועג זענען מיר פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ דייטשישן פּאַטרול, וועלכער האָט אונדז אויסגעפאָרשט ווו מיר פאָרן. האָבן מיר געזאָגט דעם אמת, אַז מיר גייען אָפּגעפינען אונדזערע משפּחות. ווערנדיק באַגלייט פון צוויי דייטשן, זענען מיר אָנ־געקומען צום פויערס הייזל.

ווען מיר זענען אַריבערגעטרעטן די שוועל, האָט אונדז באַגעגנט אַ געוויין, אויסגעמישט מיט פרייד. אונדזערע פרויען האָבן זיך דערשראָקן פאַר די דייטשן און איבערגעקלערט, אַז מען קומט אַלעמען פאַרכאַפּן... זיי האָבן דאָך געוווּסט, אַז מיר, מענער, געפינען זיך און סאָוויעטישן ביאַליסטאָק...

נאָר דאָ איז געשען אַן אומגעוויינלעכע זאַך: די צוויי דייטשן, צוזעענדיק דאָס שרעקלעכע בילד, ווי די פרויען מיט די קליינע קינדערלעך וואַלגערן זיך אויף דער ערד, אויפן הוילן שטרוי, האָבן זיי, ווייזט אויס, רחמנות געקריגן, באַפוילן דער פויערטע צו געבן אַ ביסל מילך פאַר די קינדער — און אונדז געלאָזן צורו.

אויסהערנדיק אַלץ וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן מיט אונדזערע משפּחות און וויסנדיק אויך וועגן דער שווערער לאַגע אין ביאַליסטאָק, האָבן מיר באַשלאָסן אומצוקערן זיך קיין פּאַלעניץ. אין שעדלעץ האָבן מיר זיך יאַקאַש אַריינגעקריגן אין דער באַן וואָס איז געווען באַלאַגערט פון פּוילישע שמוגלערס. אונדז האָט זיך געדאַכט, אַז אויף יעדער אָנקומענדיקער סטאַציע וועלן זיי אונדז אַרויסוואַרפן פון צוג. אַזוי האָבן מיר זיך דערשלאָגן ביז וואַרשע, ווו מ'איז גע־לעגן אַ גאַנצע נאַכט אויפן וואָקזאַל, ווייל ביז זעקס אין דער פרי האָט מען נישט געטאָרט זיך באַווייזן אויף דער גאַס. מיר האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד און די פּאָליאַקן האָבן זיך געוויצלט, אָנווייזנדיק די דייטשן ווער עס איז אַ ייד.

אַזעלכע יידן זענען אָפּטמאָל צעשלאָגן געוואָרן דורך די ס.ס.־לייט ביזן פאַרלירן דעם באַוווסטזיין — און קיינער האָט זיך נישט געוואַגט צוגיין זיי ראַטע־ווען.

זעקס אַ זייגער פאַרטאָג, ווי נאָר מען האָט שוין געמעגט אַרויסגיין אויף דער גאַס, האָבן מיר זיך אויפגעזעצט אויף אַ פור, די טראַמווייען זענען דע־מאָלט נישט געגאַנגען, און פאַרפאָרן צו מיין שוועַ־גערין וואָס האָט געוווינט אויף וואָליצאָוו נומער 12. זיך אָפּגערוט אַ ביסל, האָבן מיר זיך שוין געגרייט צו פאָרן קיין פּאַלעניץ. האָט זיך פּונקט געדאַרפט מאַכן, אַז עס איז אַריין צו אונדז אין שטוב די פרוי פריידל מעלמאַן — די מוטער פון אונדזערע נאָענ־טסטע פריינד, די ברידער מעלמאַן, ווי אויך זייער שוועסטער חוה. מיר זענען געווען פון די אָפּטע איינ־גייערס ביי זיי אין דער היים.

(די ברידער מעלמאַן געפינען זיך היינט אין ישראל זייער עלטסטע שוועסטער חוה, די שיינע בלאָנדע פרוי, מיט איר מאַן הערשל מאַשינסקי און אירע צוויי טעכטער, זענען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעקומען אין יאָר 1941, אין שטעטל זעלווע).

האָט די פרוי מעלמאַן אונדז דערציילט, אַז די דייטשן האָבן פונאַנדערגעקלעפּט איבער די גאַסן אַ מעלדונג וועגן נעמען צען ערובניקעס פאַר דער־הרגעטן דייטש וועלכן מען האָט געפונען נישט ווייט פון שאַנצערס וווינונג. אין דער דאָזיקער מעלדונג ווערט געוואָרנט, אַז אויב אין משך פון 3 טעג וועט דער שולדיקער אין דייטשס טויט זיך נישט צושטעלן, וועלן די צען ערובניקעס דערשאָסן ווערן.

און אַזוי ווי צווישן די אויסגערעכנטע נעמען פון די ערובניקעס, האָט זיך אויך געפונען מיין נאָמען, האָבן מיר באַשלאָסן גלייך צו אַנטלויפן. מיין פריינד זישע מאַשינסקי איז צוריקגעפאָרן קיין פּאַלעניץ, ווו זיין גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען.

ד

וואָס טוט מען ווייטער? מיר האָבן ווידער באַ־שלאָסן צו פּרובירן מזל ביי דער סאָוויעטישער גרע־נעץ. האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין באַן און דער־פאָר־ן ביז מאַלקין. ווען דער צוג איז אָנגעקומען צו דער סטאַציע, האָבן די דייטשן אונדז אַרומגערינגלט און געעפנט אַ שיסעריי. דערביי האָבן זיי באַפוילן די יידן זיך צו שטעלן אויף לינקס, און די פּאָליאַקן — רעכטס.

איך און מיין משפּחה האָבן געפּרוּווט זיך צו שטעלן אויף דער רעכטער זייט, נאָר אַ פּוילישע פרוי האָט אָנגעוויזן אויף מיר: — „יודע!"

האָט מען מיר געגעבן קלעפּ און אַריבערגע־יאָגט אויף דער לינקער זייט. מיין פרוי מיט די קינ־

דער, וועלכע האָבן זיך שוין געפונען צווישן די פּאַליאַקן, זענען צוריק געקומען צו מיר.

די גאַנצע מאַסע יידן איז אַריינגעטריבן געוואָרן אויפן הויף פון דער געסטאַפּאָ, וווּ מ'האָט אונדז צעטיילט אין גרופּן צו צען מענטשן, צום רעווידירן. יעדע גרופּע באַזונדער איז אַזוי צעשלאָגן געוואָרן, אַז מיר זענען קוים אַרויס לעבעדיקע פון זייע־ע הענט.

דערביי האָבן די דייטשן זיך פאַרווײַלט: אַ געסטאַפּאָ־באַנדיט האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ פּאַס אין מיטן הויף און אונדז געצוווּנגען צו זינגען „מיין שטעטעלע בעלז". דערמיט האָבן זיי אויך געמיינט צו פאַרהילכן די געשרייען פון די צעשלאָגענע יידן. אַ צעממיתטער, האָב איך זיך געקאָלערט אויף דער ערד, צוזאַמען מיט מיין פּאַק האָב־און־גוטס, וואָס כ'האָב געשלעפּט אויף זיך.

מיין פרוי האָט מיך קוים אָפּגעמינטערט, וואַרטנדיק אויף מיר ביים טויער פון געסטאַפּאָ. דאַן זענען מיר אַריבערגעגאַנגען אויפן א. ג. נייטראַלן פּאַס, וואָס האָט אָפּגעטיילט די דייטשן פון די סאָוויעטן.

אויפן נייטראַלן פּאַס האָבן מיר זיך אָפּגעוואַלגערט גאַנצע פיר מעת־לעת, צוזאַמען מיט טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט אַריבערגיין אויף דער סאָוויעטישער זייט. דאָס איז געווען אין חודש נאָוועמבער. אויפן ווינט און שניי, האָבן מיר מיט אונדזערע קינדערלעך זיך געוואַלגערט אין שרעקלעכע באַדינגונגען. אַלע אונדזערע הצטרכותן האָבן מיר געמוזט דערליידיקן אין אָפענעם פעלד, פאַר אַלעמען אין די אויגן.

מיר האָבן זיך געפונען אין אַ קלעם: נישט אַהער און נישט אַהין. די סאָוויעטן האָבן הערמעטיש אָפּגעשלאָסן די גרענעץ און די דייטשן האָבן אונדז צוריק נישט אַריינגעלאָזן.

נאָך פיר לאַנגע טעג זיך אָפּוואַלגערן אין שמוץ און אין קעלט, האָט די מאַסע מיט שטורעם זיך אַריינגעריסן אויף דער סאָוויעטישער זייט. ס'האָבן נישט געהאָלפן די אַרויסגערופענע זעלנער אויף רייטפערד. מיר זענען אַלץ געלאָפן פאָרויס.

אַזוי האָבן מיר פאַרלאָזן די פוילישע ערד אין יאָר 1939.

ה

די מלחמה־יאָרן האָב מיר אַדורכגעלעבט אין ראַטנפּאַרבאַנד. אין יאָר 1946 האָבן מיר זיך צוריקגעקערט קיין פוילן, האָפנדיק, אַז מיר וועלן אָפּגעפינען וועמען עס איז פון אונדזער משפחה. אַריינפאָרנדיק אין אונדזער געבוירנשטעטל פאַלעניץ, וווּ עס איז זינט דורות געווען אַ פאַרצווייגטער יידישער ישוב, האָבן מיר, ביים אַרויסשטייגן פון צוג, געפונען אַ וויסט פעלד, באַוואַקסן מיט ווילדגראָז... קיין שטיין אויף אַ שטיין איז נישט פאַרבליבן פון אונדזערע אַלט־איינגעזעסענע היימען. די געגנט איז געווען אַזוי וויסט, אַז שטייענדיק ביים וואָקזאַל, האָבן מיר געקענט זען דעם קלויסטער, וואָס האָט זיך געפונען הינטער דער שטאָט...

אויסער בייזע הינט, וואָס האָבן אפשר דערקאָנט, אַז מיר זענען יידן, האָט מען דאָ קיין מענטשן נישט באַגעגנט.

מיין פרוי האָט זיך שרעקלעך צעוויינט און איך האָב מיך נישט געקענט באַפרייען פון דער נאָגנדיקער פראַגע:

ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשען, אַז עס זאָל אויסוואַקסן אַ מדבר אויפן אָרט וווּ עס האָט ערשט מיט זיבן יאָר צוריק געווימלט אַ פולבלוטיק יידיש לעבן, מיט אַזאַ רוישנדיקער געזעלשאַפטלעכקייט?

מיר זענען געגאַנגען זוכן אַלטע באַקאַנטע צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג. האָבן מיר אָנגעטראָפן אויפן פעלדשער פלאַסקאַטע, וואָס האָט זיך באַזעצט אין הויז פון יידישן פעלדשער שאַנצער. אַלע באַקאַנטע קריסטן פון פאַר דער מלחמה, האָבן זיך כלומרשט שטאַרק געפרייט מיט אונדז. זיי האָבן אונדז דערציילט וועגן געטאָ, ווי אַזוי מען האָט אַרויסגעפירט די יידן קיין טרעבלינקע, זיי האָבן דערציילט ווי די יידישע איינוווינער זענען געלעגן אויסגעצויגן אויף דער ערד, וואַרטנדיק אויף די עשאַלאָנען, וואָס האָבן זיי אַוועק געפירט צום טויט...

מיר האָבן אויך געטראָפן דעם קריסט וווראָנקע, וואָס איז געווען אַ שטענדיקער איינגייער אין יידישע הייזער — איצט האָט ער אַליין געוווינט אין אַ יידיש הויז. אַלע זענען געוואָרן די יורשים פון יידישן פאַרמעגן, אַלע האָבן געהאַלטן אין איין דערציילן, ווי זיי האָבן געראַטעוועט יידן. נאָר ווען מיר האָבן געפרעגט:

— טאָ וווּ־זשע זענען די געראַטעוועטע?

אויף דעם האָט קיינער פון זיי נישט געקענט געבן קיין ענטפער.

פון די שמועסן מיט די באַקאַנטע פאַלעניצער איינוואוינער האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז מיין פרויס פעטער, וועלוול יעלען, איז דערשאָסן געוואָרן לעבן זיין שטוב, פאַרטיידיקנדיק די ערע פון זיין טאָכטער הענטע. אַ דייטשישער אָפיציר האָט געוואָלט אַוועקנעמען זיין טאָכטער, האָט דער פעטער זיך געוואָרפן אויפן באַנדיט מיט אַ האַק. דער העלדישער טאַטע האָט אויפן אָרט באַצאָלט מיט זיין לעבן. ער איז באַערדיקט געוואָרן אין זיין אייגענעם הויף, ווו ס'האָט זיך געפונען אַ סקלאַד מיט האָלץ.

די גאַנצע משפחה יעלען איז אומגעקומען, חוץ איין טאָכטער, וועלכע לעבט היינט אין ישראל. מע האָט אונדז דערציילט וועגן נאָך העלדישע טאַטן פון די פאַלעניצער יידן.

ווען מיר זענען אַריבער־געגאַנגען אויף דער צווייטער זייט פון שלאַבאַן, ווו עס האָט זיך געפונען דער פוילישער קוואַרטאַל, האָבן מיר געפונען הייזער גאַנץ און אומבאַרירט. די געשעפטן זענען געווען אָפן און עס איז נישט געווען צו באַמערקן קיין מינדסטן צייכן פון דער מלחמה...

עס איז געווען אַ שרעק איבערצובלייבן כאָטש איין נאַכט אין פאַלעניץ. זענען מיר אויפגעשטיגן אויף דער באַן און צוריק אַריינגעפאָרן קיין וואַרשע. צום לעצטן מאָל האָבן מיר דורכן פענצטער געוואָרפן אַ בליק אויפן חרובן פאַלעניץ, אויפן פאַרניכטעטן מיעדזעשין, אויף לאָזער דאָמבס באַזאַר, אויף דעם אַלעם, וואָס איז געווען — און איז שוין נישטאָ מער...

# אין יענע שרעקלעכע טעג

הינדע בעזפּאָיאַסניק (באַקאַלאַזש)
תל־גנים

1

אין יאָר 1925 האָט מיין פאָטער, אביגדור באַקאַלאַזש, אַ לאַנגיאָריקער איינוואוינער פונעם קליינעם שטעטל פאַצאַנווו (פאָטשענווו), אין קעלצער געגנט, זיך איבערגעקליבן מיט אונדזער מאַמע, חנה־שרה, און פיר קינדער, קיין פאַלעניץ. הגם מיין פאָטער איז פון פאַך געווען אַ גלעזער, האָט ער אָבער געוואָלט זיכערן אַ פעסטערע עקזיסטענץ פאַר דער משפחה — און אָפּשפּאָרנדיק פון דער שווערער אַרבעט, האָט ער געקויפט אַ פּלאַץ אין פאַלעניץ מיט אַ באַראַק, וועלכן ער פלעגט פון יאָר צו יאָר אויסבעסערן און צובויען אַ צימער, כדי זיי פאַרדינגען פאַר וואַרשעווער יידן, וועלכע זענען געקומען אויף דאַטשע. אַזוי אַרום זענען מיר אויך געוואָרן די אייגנטימער פון אַ וויללע אין פאַלעניץ.

אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך חתונה געהאַט מיטן פאַלעניצער איינוואוינער יוסף־מענדל מאָרגענשטערן. פון פאַך אַ מעכאַניקער. מיר האָבן געלעבט אונדזער נאָרמאַל און גליקלעך לעבן, ביז יענעם פינצטערן טאָג פון 1טן סעפטעמבער, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה.

די ערשטע צוויי וואָכן פון קריג, האָבן מיר אין פאַלעניץ כמעט נישט געפילט. בלויז די פייערן פון דער באָמבאַרדירטער און אָנגעצונדענער וואַרשע, האָבן זיך געזען ביי טאָג און ביי נאַכט און דערמאָנט וועגן דעמאָלטיקן גורל פון פוילן און איר הויפטשטאָט. ערשט דעם 17טן סעפטעמבער 1939, זענען די דייטשן אַריין קיין פאַלעניץ. און באַלד מיט זייער אַריינקום האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גיהנום פאַר די יידן, וועמענס הייזער זענען אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן אונטערגעצונדן געוואָרן. קנוילן רויך און פייערצונגען האָבן זיך געזען אויף דער האַנדלאָווע גאַס און אויך אַרומגענומען אַ גאַנצע ריי דערבייאיקע געסלעך. יידיש האָב־און־גוטס, שווערע לאַנגיאָריקע פראַצע — איז אַוועק מיט די פלאַמען און רויך. אויך מיין פאָטערס הויז איז ביי דער ערשטער שריפה פאַרברענט געוואָרן.

דאָס אונטערצינדן די הייזער איז געווען באַגלייט מיטן אַרויסטרייבן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון זייערע וווינונגען. דער באַפעל צו פאַרלאָזן די

דירות איז געווען אומגעריכט און איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט אַזאַ ברוטאַלקייט, אַז די מענטשן האָבן נישט באַוויזן צו נעמען מיט זיך גאָרנישט. אויך איך האָב מיט מיין קליין קינד פאַרלאָזט די וווינונג און ערשט מיין מוטער האָט מיך דערמאָנט, אַז ס׳איז שוין די צווייטע העלפט סעפּטעמבער און ס׳וועט אוודאי אויסקומען צו שלאָפן אויפן גאַס. כ׳בין צוריק אַריין אין שטוב נעמען אַ קאָלדרע — האָט אַ באַוואָפנטער דייטש מיט אַן אָנגעצילטער ביקס מיך באַגלייט אין צימער און דערלויבט צו נעמען די קאָלדרע.

אויפן גאַס האָט זיך געטאָן חושך. די רוצחים האָבן באַלד געהייסן פונאַנדערטיילן באַזונדער די יינגערע מענער. זיי, אַלס באַזונדערע קאַלאָנע, האָט מען גלייך אַוועקגעפירט אויף צוואַנגס־אַרבעט אין אומבאַקאַנטע פאַר אונדז ערטער. דאַקעגן די פרויען, אַלטע לייט און קינדער, האָט מען געטריבן צופוס קיין אָטוואָצק. מיין מאַן איז געלונגען זיך אַריינצובאַקומען אין דער צווייטער גרופּע — און מיר זענען צוזאַמען אַוועק קיין אָטוואָצק. דאָ האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט ביי מיינער אַ חברטע און געזעסן אַ צוויי וואָכן, ביז וואַרשע האָט קאַפּיטולירט.

2

ערשטן ווען פּוילנס הויפּטשטאָט איז געפאַלן, האָט אויך אויף דער א.ג. „ליניע" זיך אַ ביסל באַרואיקט. מענטשן האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן אין זייערע פריערדיקע וווינערטער. איך האָב אָבער נישט געזען קיין שום מעגלעכקייט צוריק צו גיין קיין פאַלעניץ, נאָך דעם ווי אונדזער הויז איז פאַרברענט געוואָרן. דאַקעגן די יידן, וואָס האָבן זיך יאָ אומגעקערט קיין פאַלעניץ, האָבן אין גרעסטן טייל זיך איינגעאָרדנט אין די ליידיקע ווילעס פון פּאַליאַקן און יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען מחוץ דעם יידישן קוואַרטאַל און זענען ניצול געוואָרן פון דער שריפה. איך, מיין מאַן און קינד זענען מיט דער קליינבאַן (קאַלייקע), וועלכע איז נישט באַשעדיקט געוואָרן, צוגעפאָרן קיין וואַווער און פון דאָרט מיט אַ וואָגן — קיין וואַרשע, אויף דער גזשיבאָווסקע גאַס, וווּ ס׳האָט געוווינט מיין ברודער יאָסל. אַ דאַנק אים איז מיר געלונגען צו דינגען אַ דירה אויף נאַוואָליפּיע, לעבן באַזאַר.

דאָרט האָבן מיר געוווינט ביז מאַי 1940. אונדזער מאַטעריעלע לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע, ווייל מיין מאַן האָט נישט געקענט אַרבעטן ביי זיין פאַך און ס׳איז בכלל געווען אַ געפאַר פאַר אַ ייד צו זיין אין גאַס. נאָר אַ דאַנק דער גוטהאַרציקייט פון מיין ברודער יאָסל, האָבן מיר נישט געהונגערט אין יענע שווערע צייטן אין וואַרשע, איידער ס׳איז דאָרט געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ.

דאָס הויכע דירה־געלט, וואָס כ׳האָב באַדאַרפט צאָלן פאַר דעם קליינעם, אומבאַקוועמען צימערל אין וואַרשע, האָט אוממעגלעך געמאַכט ווייטער צו בלייבן אין דער גרויסער שטאָט. מיר באַשליסן זיך אומצוקערן קיין פאַלעניץ. כ׳האָב דאָרט געדונגען אַ דירה ביי אַ קריסטין. מיין מאַן האָט אַ גאַנצע וואָך געאַרבעט אַלס גלעזער אין וואַרשע. דאָס פאַך האָט ער זיך אויסגעלערנט ביי מיין פאָטער, און אויף יעדן זונטיק פלעגט ער קומען אַהיים קיין פאַלעניץ. פאַרשטייט זיך, אַז אויף צו פאָרן אויף דער קאַלייקע, האָט ער באַדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע באַשטעטיקונג, אַז ער האָט אַדורכגעמאַכט אַ דעזינפעקציע פון די בגדים און אַז ער גופא איז אַ געוואַשענער און ריינער.

אין האַרבסט 1940 (אָדער אָנהייב 1941), איז אין פאַלעניץ געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ. כ׳האָב איצט געמוזט פאַרלאָזן מיין געדונגען צימער און זיך אַריבערקלייבן אין דעם אויסגעטיילטן יידישן קוואַרטאַל, אין דער פריערדיקער יידישער געגנט אין פאַלעניץ, וועלכער איז איצט אָפּגעצוימט געוואָרן מיט שטעכל־דראָט. דער אַריינגאַנג פאַר פּאַליאַקן און דייטשן אין געטאָ איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. אַחוץ די שטראָף, וואָס זיי האָט דערוואַרט דערפאַר, האָט מען זיי אויך מיט גרויסע מעלדונגען געוואָרנט וועגן דער געפאַר פון טיפוס און אַנדערע אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן, מיט וועלכע דאָס געטאָ איז כלומרשט פול. אָבער אין געטאָ גופא איז דערווייל די שמירה נישט געווען אַזאַ שטרענגע, ביים אונטערהייבן אַ ביסל די שטעכל־דראָט, האָט מען געקענט אַריין און אַרויס פון דעם פאַרמאַכטן קוואַרטאַל. דאָס האָבן אויסגענוצט פּאַליאַקן, דער עיקר די פּויערים, וואָס האָבן אַריינגעפירט אין געטאָ מעל, דאָ עס אויסגעבאַקן אויף ברויט און זעמל (זייער גאַנגבאַרע אַרטיקלען אין יענער צייט) — און זיי אַוועקגעפירט קיין וואַרשע צום פאַרקויפן. די גרויסע שטאָט האָט זיך גענייטיקט אין עסנוואַרג און די אַרומיקע שטעטלעך זענען, פונקט ווי פאַר דער מלחמה, געווען דער וויכטיקסטער שפּייכלער פון וואַרשע.

איבערקלייבנדיק זיך אין געטאָ, איז איצט אומ־מעגלעך געווען פאַר מיין מאַן ווייטער צו אַרבעטן אין וואַרשע. דעם עול פרנסה האָב איך געמוזט נעמען אויף זיך. אַ דאַנק מיין נישט־יידישן אויסזען, האָב איך אומגעשטערט זיך אַלע מאָל געלאָזט קיין וואַרשע מיט געשמוגלט פלייש און עס פאַרקויפט דאָרט פאַר גוטע פרייזן. ס׳איז געווען ווינטער און אונטער די גראָבע מלבושים האָט מען געקענט באַהאַלטן די גע־שמוגלטע סחורה. אַזוי ריזיקירנדיק, בין איך זייער אָפט געפאָרן קיין וואַרשע. דערנאָך האָב איך זיך איבערגעוואָרפן צו האַנדלען מיט ברויט, פירנדיק דער עיקר דאָס אַרטיקל אין וואַרשעווער געטאָ. דערביי פלעג איך איינשטייגן אין טראַמוויי, וואָס האָט אָנגעהויבן פאָרן נאָך אויף דער אַרישער זייט און איז אַדורכגעפאָרן דאָס געטאָ. דאָ פלעג איך אויף די נאַלעווקעס שפרינגען פון טראַמוויי און בלייבן אין געטאָ, ביזן פאַרקויפן דאָס געבעקס.

איין מאָל, שפרינגענדיק פון טראַמוויי, האָב איך זיך אויסגעגליטשט און אומגעפאַלן. אַ פוילישער פּאָליציאַנט האָט מיך אויפגעהויבן און געפאָדערט אויסקויף־געלט, אַנדערש פירט ער מיך אַוועק אין קאָמיסאַריאַט. כ׳האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער דאַרף מיר נישט טאָן אַזאַ זאַך, האָט ער דאָך אַליין געזען, אַז אַראָפּשפּרינגענדיק פון טראַמוויי האָב איך שיער נישט פאַרלוירן ביידע פיס. נאָך האָב איך אים געזאָגט, אַז זיין פרוי ליגט איצט אַוודאי אין אַ וואַרעם בעט, בעת איך מוז איינשטעלן דאָס לעבן, כדי זיכערן אַ שטיקל ברויט פאַר מיין קינד און משפּחה. ער האָט מיך דאָך געפירט צום קאָמיסאַריאַט, נאָר צוקומענדיק נאָענט, האָט, ווייזט אויס, ביי אים זיך דערוועקט דאָס געוויסן — און ר׳האָט צו מיר געזאָגט:

— אידזש דאָ דיאַבלאַ! (גיי צום טייוול) — און מיך אָפּגעלאָזט.

3

מיר איז ווייניק באַקאַנט דאָס אינערלעכע לעבן פון פּאַלעניצער געטאָ, ווייל כמעט יעדן טאָג בין איך 5 פאַר־טאָג שוין געזעסן אין דער קאָלייקע מיט דעם געשמוגלטן פלייש, ברויט אָדער אַנדערע אַרטיקלען און אַרום 12—1 ביי טאָג פלעג איך אַ געפרוירענע און געשפּאַנטע פון דער שטענדיקער שרעק, זיך אומ־קערן אַהיים. ווי געזאָגט, איז אַ דאַנק מיין נישט־יידישן אויסזען, מיר געלונגען צו פאָרן אומגעשטערט אויף דער קליינבאַן און אַדורכמאַכן דעם געפערלעכן וועג.

מיטן שמוגל־האַנדל האָבן דער עיקר זיך פאַרנומען פּאַלעניצער יידישע קינדער מיט אַ „גוישן” אויסזען. אַפילו זייערע אָפּגעציטערטע מאַמעס האָבן אין יענע שווערע צייטן נישט געקענט מוותר זיין אויף דער הילף פון די דאָזיקע קינדער, און אַליין זיי געשיקט קויפן און פאַרקויפן, כדי צו זיכערן די עקזיסטענץ פון דער גאַנצער משפּחה. ווי קעץ פלעגן זיי אַריבער־שפּרינגען די געטאָ־פּאַרצוימונג, אַרויסבאַקומען זיך אויף דער אַנדערער זייט, אַריינשפּרינגען אין דער באַן אָדער קאָלייקע, אָדער זיך אַוועקלאָזן צו פוס אין די אַרומיקע דערפער. ריזיקירנדיק מיטן לעבן, זענען זיי אָנגעגאַנגען מיט זייער מסחר. אין זכות פון די קינדער, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט שפּייז אין געטאָ, איז אויך געלינדערט געוואָרן דער הונגער פון דער איזאָלירטער יידישער באַפעלקערונג.

מיר דערמאָנט זיך אַ פאַל אין געטאָ, ווען איין ייד האָט געמסרט אַ צווייטן און דער לעצטער איז דער־שאָסן געוואָרן — האָט מען שפּעטער דעם מסור אַרויסגענומען פון שטוב און אים אָפּגערוימט. די דאָזיקע האַנדלונג פון אַ גרופּע יידן קעגן אַן אינער־ווייניקסטן פאַרעטער, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין געטאָ.

איך דערמאָן זיך אויך אַזאַ פאַל פון ברוטאַלער האַנדלונג מצד דער יידישער געטאָ־פּאָליציי. מיין פאָטער ע״ה, הגם אַ פרומער ייד, מיט אַ באָרד און טראַדיציאָנעלער יידישער קליידונג, האָט אָבער צוליבן הונגער און זיין שווערער מאַטעריעלער לאַגע, באַ־שלאָסן אַרויס פון געטאָ, אַוועק אין עטלעכע דערפער און מיט זיין גלעזעריי פאַרדינען אַ שטיקל ברויט. ער האָט אַפילו זיך אָפּגעשוירן די באָרד, פאַרקליידט ווי אַ פּויער, און איבערגעטראָטן דעם געטאָ־תחום. נאָר אים האָט באַמערקט אַ יידישער געטאָ־פּאָליציאַנט, וועלכער איז באַפאַלן מיין פאָטער און אים דערלאַנגט מיטן גומי־שטעקן איבערן קאָפּ, אַז בלוט האָט גענו־מען רינען. צופעליק האָט דאָס דערזען מיין מאַן, איז ער צוגעלאָפן צום פּאָליציאַנט, ביי אים אַרויסגעריסן דעם שטעקן און גענומען שלאָגן. אויפן אַליאַרם און פייפן פון פּאָליציאַנט, זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן זיי־נע חברים און מ׳האָט מיין מאַן גוט צעשלאָגן. איך

בין אַוועק צום שעף פון דער יידישער פּאָליציי און אים שטאַרק געבעטן צו באַפרייען מיין מאַן. מ׳האָט אים, אַ שטאַרק צעשלאָגענעם אַרויסגעלאָזט, נאָר שפּעטער אים אַוועקגעפירט אין ווילאַנאָווער לאַגער.

און נאָך אַ פאַל געדענק איך פון מיינע געטאָ־איבערלעבונגען: איין מאָל, אומקערנדיק זיך פון וואַרשע, האָב איך דערזען לעבן דער באַן־ליניע זיצן מיינעם אַ באַקאַנטן שכן, אַ יונגער, 18־יאָריקער בחור, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין הויכן וווקס און געזונטן אויסזען. איצט האָבן זיינע צוויי געשוואָלענע פיס און צעיוירענער קערפער דערציילט וועגן אַ כראָנישן הונגער און טיפע לײדן, וואָס דער מענטש לעבט איבער. ער האָט געשריען „אַ שטיקל ברויט״, „אַ שטיקל ברויט״ — מיט אַזאַ האַרצרייסנדיק קול, אַז אַפילו אַ שטיין האָט עס געקענט רירן. כ׳האָב אים געגעבן פינף זלאָטעס, וואָס אין יענער צייט איז עס געווען אַן אָנגעזעענע סומע. איינער אַ ייד האָט מיר דערביי געמאַכט אַ פאַרוואורף, אַז מיט מיין נדבה, פאַרלענגער איך בלויז די יסורים זיינע, ווייל ער איז סיי ווי פאַרמשפּט צום טויט. זיין אויסזען איז טאַקע געווען אַ לעבעדיקער עדות דערפון. נאָר די באַמערקונג פון דעם יידן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטימונגען און געפילן פון מענטשן אין דער פינצטערער געטאָ־תקופה.

אין פאַלעניץ איז געווען גוט באַקאַנט דער אייגנטימער פון אַפּטייק־סקלאַד, מינץ. אין סעפּטעמבער 1939, ווען די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן די האַנדלאָווע גאַס, איז דער אַפּטייק־סקלאַד אַוועק מיטן רויך. די פאַמיליע מינץ האָט שפּעטער געפירט איר אונטערנעמונג אין מיעדזעשין. אויף די ערשטע ידיעות פון דער דייטשער אַכזריות לגבי די יידן, האָט ער דערקלערט פאַר פריינד, אַז ער וועט זיך נישט לאָזן נעמען דורך זיי אַ לעבעדיקער. ווי נאָר ס׳האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן דער אויסזידלונג פון פאַלעניץ, האָט ער אָפּגעסמט זיין פרוי, ביידע קינדער און זיך.

די קלאַנגען וועגן דער אויסזידלונג זענען באַשטעטיקט געוואָרן מיט די אומגעריכטע באַזוכן פון די יידישע פּאָליציאַנטן ביי די מער פאַרמעגלעכע געטאָ־איינוווינער, ווי: קצבים, בעקערס, שמוגלערס, פאָדערנדיק ביי זיי אויסקויף־געלט אויף כלומרשט איבערצורוקן דעם טערמין פון דער ליקווידאַציע. אין דער אמתן איז דאָס געלט געווען באַשטימט פאַר די אייגענע קעשענעס, ווייל נישט זיי זענען געווען בכוח צו ענדערן דעם דייטשן „קאַלענדאַר״ בנוגע דער יידן־אויסראָטונג.

4

אין ווילאַנאָווער לאַגער האָט מען ביי צוואַנגס־אַרבעט באַשעפטיקט צענדליקער יידן פון פאַלעניץ, דערונטער אויך מיין מאַן יוסף־מענדל מאָרגנשטערן. זיי האָבן באַדאַרפט אויסגראָבן אָפּפלוס־קאַנאַלן פאַר די פאַרפליייצטע און פאַרגאַסענע פעלדער. איך פלעג אים אָפט טראָגן אַהין עסן, ווייל מיין נישט־יידישער אויסזען און אויך די ריזיקע, וואָס כ׳האָב אויף זיך גענומען נישט אָנצוטאָן דעם אַרעמבאַנד מיטן מגן־דוד, האָבן מיר דערמעגלעכט צוצוגיין נאָענט פון די אַרבעטנדיקע און אין אַ דערבייאיק פעלד מיט הויכער תבואה, איבערגעבן מיין מאַן די געבראַכטע שפּייז.

שפּעטער איז ער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. מ׳האָט אים איבערגעפירט אין שפּיטאָל — אַ מין הקדש, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין רייפס ווילע אין מיעדזעשין. איך פלעג אָפט קומען אַהין און אים געבעטן ער זאָל אַנטלויפן, ווייל ס׳האָבן קורסירט עקשנותדיקע קלאַנגען וועגן דער נאָענטער ליקווידאַציע פון די קראַנקע און פון געטאָ בכלל. ער האָט אָבער נישט געגלייבט אין דעם, טענהדיק, אַז די דייטשן נייטיקן זיך אין אַרבעטס־הענט און כל־זמן ער געפינט זיך אויף דער רשימה פון די אַרבעטנדיקע אין ווילאַנאָוו — וועט אים קיין שלעכטס נישט געשען.

דעם 18טן אויגוסט 1942 איז דאָס אומגליק יאָ געשען. נאָך אַ טאָג פריער, האָט אין דער לופט זיך געפילט דער אָנקומענדיקער חורבן. איך בין מיט מיין טעכטערל, דריי און אַ האַלב יאָר אַלט, אַוועק קיין וואַרשע צו באַקאַנטע פאַליאַקן, כדי אויסצוגעפינען אַ מקלט פאַר אונדז ביידע און מיין מאַן. ליידער, אַלע באַמיונגען און זוכונגען האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף אַ קאַטעגאָרישן אָפּזאָג מצד די פּוילישע פריינד. אָן אַנטוישטע און צעבראָכענע, האָב איך זיך אומגעקערט קיין מיעדזעשין, צום שפּיטאָל — און גלייך דערזען אויסגעהאַקטע שויבן, אויסגעריסענע טירן און לאָדנס און אָן אומהיימלעכע שטילקייט. איך בין אַריין אויפן הויף מיטן האַרץ־קלאַפּעניש און מיט אַ מאָל דערהער איך אַ שטים פון אַ פּאָליאַק:

— צאַ פּאַני טו ראַבי? (וואָס טוט איר דאָ?).

איך האָב אים געענטפערט, אַז ערשט נעכטן האָב איך דאָ געלאָזן מיין קראַנקן מאַן און איצט בין איך געקומען אים אַהיימנעמען. „ווו איז ער?"

— טאַם, זאַ ווערענדאָן... (דאָרט, הינטער דער ווע־ראַנדע...).

מיין בליק פאַלט אַהין, צו דער ווערענדע. אַ פריי־שער ערד־אַנשיט האָט באַלד עדות געזאָגט, אַז דאָ געפינט זיך אַ מאַסן־קבר. דער פּאָליאַק דערציילט מיר:

היינט אין דער פרי האָט מען אַלע קראַנקע דער־שאָסן און דאָ זיי באַגראָבן. אויב דיין לעבן און דאָס לעבן פון דיין קינד זענען דיר ליב — טראָג זיך שוין אָפּ פונדאַנען. די גאַנצע סביבה איז באַזעצט מיט געסטאַפּאָ.

— מיר איז אַלץ איינס — האָב איך אַ צעבראָכענע געענטפערט. — ס'אינטערעסירט מיך נישט צו לעבן. הלוואי זאָל מען מיך דערשיסן...

כ'בין צוגעפאַלן צו דער פרישער ערד, פון וועל־כער ס'האָט נאָך געשלאָגן אַ וואַרעמקייט, גלייך די קערפּערס אינעווייניק וואָלטן זיך נאָך נישט געהאַט אָפּגעקילט. איך האָב לאַנג, לאַנג געוויינט, מיין מיי־דעלע האָט אויך געכליפּעט און שעהן נישט געקענט זיך באַרויקן.

צוריקגייק אין געטאָ? נישטאָ נאָך וואָס. יענעם טאָג האָט מען אויך דאָס פּאָלעניצער געטאָ אומגע־בראַכט. מיין פאָטער, אַביגדור באַקאַלאַש, מיין שוועסטער שיינדל מיטן מאַן שלמה און זייער 8־יאָריק טעכטערל עלקע־נעכע, מיין עלטערער ברודער יאָסל מיט זיין 3־יאָריק זונדעלע יאַנקעלע — זענען אַוועק־געפירט געוואָרן מיט די אויסגעזידלטע יידן. בלויז מיין שוועגערין און איר משפחה איז שפּעטער אומ־געקומען אין וואַרשעווער געטאָ. דאַקעגן דער יינגע־רער ברודער אַלתר, וועלכער האָט געאַרבעט אין ווי־לאַנאָווער לאַגער — האָט זיך אָפּגעראַטעוועט. ער געפינט זיך היינט אין שוועדן.

5

איך האָב געוווּסט נאָך פון פריער, לויט פאַרשידענע קלאַנגען, אַז דאָס וואָס קומט פאָר מיט די פּוילישע יידן, באַציט זיך נאָר צום שטח פון א.ג. גענעראַל־גוווערנעמענט. דאַקעגן די יידן, וואָס זענען געבליבן אין די געביטן, וועלכע זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אין „דריטן רייך" — וועט גאָרנישט געשען, אַז זיי פירן דאָרט אַ פאַרהעלטנישמעסיק רואיק לעבן. מע האָט געשמועסט, אַז אין זאַמבראָווער געטאָ לעבן זיך די יידן אין אַ באַשטימטער פרייהייט און דאָס וויכ־טיקסטע — זיי דראָט נישט קיין אומקום.

מיטן קליינעם קינד אויף דער האַנט האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט מיט דער באַן, מיט אַ פּורל און דער עיקר — צופוס, קיין זאַמבראָווע. ביי דער גרענעץ וואָס האָט אָפּגעטיילט די „גובערניע" פונעם „רייך", האָבן זיך געהאַט פאַרזאַמלט צענדליקער פּויערטעס־שמוגלערינס. כ'האָב געמיינט, אַז צוליב זיי וועל איך אויך אַריינפאַלן. ס'איז מיר דאָך געלונגען זיך אַרויס־צודרייען פון דער אויספאָרשונג מצד אַ דייטשן זשאַנ־דאַרם.

אַנהייב סעפּטעמבער, אַ פאַרנאַכט, בין איך נאָך עטלעכע טעג וואַנדערונג, אָנגעקומען אין זאַמבראָווער געטאָ. די ערשטע טיר, אין וועלכער כ'האָב אָנגע־קלאַפּט, האָט מיר געעפנט אַן איינזאַמע עלטערע יידי־שע פרוי — נאָר לײדער, נישט געוואָלט לאָזן איבער דער שוועל. זי האָט מיך געשיקט צום יודענראַט. אויך דאָ האָט מען נישט געוואָלט הערן וועגן דערלויבן צו בלייבן אין געטאָ. זיי האָבן גאַנץ אָפן דערקלערט, אַז מיטן אַריינעמען אַ ייד פון דער „גובערניע" ברענגען זיי אומגליק אויך אויף זיך...

בלית־ברירה האָב איך באַשלאָסן צו וואַנדערן ווײ־טער. אָבער וווהין?

דאָס זאַמבראָווער געטאָ איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ טייכל. נאָר דאָס אָרט איז געווען אומבאַוואַכט. אַריבערגייענדיק אויף דער צווייטער זייט, האָב איך באַגעגנט אַן אַלטן פּויער און אים געפרעגט דעם וועג אין נאָענטסטן דאָרף. ער האָט מיך גענומען פאָרשן צי וואָס איך דאַרף עפּעס אַ דאָרף און צי כ'האָב דאָרט עמעצן. כ'האָב אים אויפריכטיק געזאָגט, אַז כ'וויל זיך אָנדינגען ביי אַ פּויער אויף אַרבעט. דער אַלטיטשקער האָט אָן וואַקלונגען דערקלערט זיין גרייטקייט צו באַשעפטיקן ביי זיך און שוין געוואָלט מיך מיטנעמען אויף דער פור, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון דעם אָרט ווו מיר האָבן זיך געפי־נען. מיר האָבן זיך אויפגעזעצט אויפן וואָגן און מיט אַ ציטער אין האַרצן, וואָס האָט אויסגעדריקט אי האָפענונג, אי שרעק — זענען מיר אָנגעקומען אין דאָרף גזשימאַלי, 5 קילאָמעטער פון זאַמבראָווע. די

אַלטע פּויערטע האָט זיך דווקא שטאַרק דערפרייט מיט אונדזער קומען, דערמעגלעכט זיך גוט אַרומצוּוואַשן, געגעבן אָפּצועסן צו דער זעט און באַשטימט אַז איך וועל העלפן אַראָפּנעמען די קאַרטאָפל פון פעלד.

איך בין איצט געוואָרן אַ פּויערטע אין פולן זין פון וואָרט, געטאָן אַלע שווערע אַרבעטן אין פעלד, אין גאָרטן, אין שטאַל, אויפן הויף — פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג. נאָר אומעטום געקומען מיט זיך מיין טעכטערל, נישט געוואָלט זי לאָזן ביי פרעמדע, אומבאַקאַנטע מענטשן.

6

נאָכן אָפּזיין ביי דעם פּויער אַרום 2 חדשים, איז געקומען דער סאָלטיס און געמאָלדן, אַז יעדער מוז זיך באַזאָרגן מיט אַן אָפּיציעלן דייטשן דאָקומענט („קענקאַרטע"). צו דעם צוועק דאַרף מען פאָרן קיין זאַמבראָוו, אַ מרחק פון 5 קילאָמעטער, ווו אַ ספּעציעלע קאָמיסיע וועט אַרויסגעבן דעם דאָקומענט. איך האָב דערקלערט דעם סאָלטיס, אַז ווען כ׳האָב פאַרלאָזט וואַרשע, האָט מען נאָך נישט אַרויסגעגעבן קיין קענקאַרטעס און די קאָמיסיע אין זאַמבראָוו וועט מיר, אַ פרעמדע און אָן וועלכן ס׳איז פּאַפּירל, גאָרנישט גלייבן. ער האָט מיר פאַרגעלייגט צומאָרגנס באַגינען גיין קיין זאַמבראָוו, ר׳וועט מיך שפּעטער אָניאָגן אויף זיין ראָווער און צוזאַמען וועלן מיר אויפטרעטן פאַר דער קאָמיסיע. ער איז גרייט צו באַשטעטיקן, אַז ער קען מיך, ער ווייסט ווו כ׳אַרבעט אד״גל. בשעת מעשה האָב איך געטראַכט: וואָר ווייסט צי דאָס איז נישט אַ מאָל אַ פּולאַפּקע פונעם סאָלטיס, כדי פון מיר פּטור צו ווערן? נאָר קיין אַנדערע ברירה האָב איך נישט געהאַט. דאָס מאָל האָב איך איבערגעלאָזט דאָס קינד ביים פּויער, און ביים געזעגענען זיך איז מיר אַדורכגעלאָפן אַ פינצטערע מחשבה, צי איך זע נישט מיין קינד צום לעצטן מאָל. כ׳בין אַוועק אין שטאָט נאָך דער קענקאַרטע.

אין דעם בנין פון דער זאַמבראָווער גימנאַזיע איז געזעסן אַ קאָמיסיע און יעדן איינעם געפרעגט און געפאָרשט, ביז זיי האָבן אַרויסגעגעבן דעם דאָקומענט. אויפן וועג אַהין האָב איך זיך איינגעחזרט אַז מיין טאָכטער רופט איך זאָשע — וועל איך זי פאַרשרייבן אויף דעם נאָמען, אַז מיין פאַמיליע־נאָמען איז זאַכטשינסקאַ — וועט שוין אויך אַזוי בלייבן. אַזוי ווי מיין טאַטע ע״ה האָט געהייסן אַביגדור — בלייבט זיין נאָמען וויקטאָר. און נאָך האָב איך ביי זיך באַשלאָסן: כ׳פאַרשטיי נישט קיין דייטש, ווייל אַזוי וועט מען זיך נישט אָנשטויסן וועגן מיין ייִדישן אָפּשטאַם.

דער קאָמיסאַר האָט לאַנג געפרעגט און געפאָרשט, נאָר די גוטע רעקאָמענדאַציעס פונעם סאָלטיס און זיין פאַרזיכערונג, אַז כ׳אַרבעט שוין לאַנג ביי פּראַנטשישעק טישקאָ — האָבן געהאָלפן. ווייל אויך די פאַרשידענע באַאַמטע האָבן ביים נעמען די פינגער־אָפּדרוקן, ביים מעסטן די הייך און אַדורכפירן אַנדערע פאָרמאַליטעטן, נישט אויפגעהערט שפּיזלען מיט די אויגן און קוקן מיט פאַרדאַכט אויף יעדער באַוועגונג, צי ענטפער. אַז כ׳בין פון דאָרט אַרויס אַ לעבעדיקע, נישט צוזאַמענגעבראָכן, האָב איך זיך געטראַכט, אַז דער מענטש איז טאַקע שטאַרקער פון אייזן. סוף־כל־סוף האָב איך באַקומען אַ ריכטיקע קענקאַרטע, בעת אַנדערע אין מיין לאַגע וואָלטן געגעבן גרויסע געלט־סומעס אויף אַרויסצובאַקומען אַזאַ דאָקומענט, אַפילו אַ געפעלשטער...

אויפן גאַס האָב איך אַרויסגענומען די קאַרטע און געקוקט אויף איר. גייענדיק אַזוי, זענען מיר אַנטקעגנגעקומען אַ דייטש און אַ פּאָליאַק. האָט דער לעצטער זיך אָנגערופן:

— זי איז אַ ייִדישקע!

דער דייטש האָט מיר אַרויסגעריסן די קענקאַרטע, געזען דאָרט דעם פרישן טוש פונעם סטעמפּל — און מיר צוריקגעגעבן דעם דאָקומענט, זאָגנדיק צום פּאָליאַק מיט פאַראַכטונג:

— דו ביסט פאַררוקט, זי איז דיינע, אַ פּאָלנישע...

7

אַזוי ווי די קענקאַרטע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אָן פאָטאָגראַפיעס, איז אין צוויי וואָכן שפּעטער אַרויס אַ נייע פאַראָרדענונג: נאָך אַ מאָל דערשינען פאַר דער קאָמיסיע, נאָר מיט בילדער, כדי זיי אַריינקלעבן אין דאָקומענט. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיטן ציל „אַדורכצוזופן" די אייגנטימער פון די קענקאַרטעס, כדי די פאַרדעכטיקע צונעמען די מעגלעכקייט צו באַנוצן זיך מיט אַ דייטשן דאָקומענט. אין יענע צייטן האָבן ידיעות זייער שנעל זיך איבערגעטראָגן — און צו מיין דאַרף זענען דערגאַנגען קלאַנגען וועגן אַרעסטן, פאַרשיקונגען און אַפילו דערשיסונגען פון די, ביי וועמען די דייטשן האָבן געפונען עפּעס אַ פּסול ביים אַרויסגעבן די קענקאַרטע. איך האָב באַשלאָסן

איבערלאָזן מיין קענקאַרטע אָנעם בילד, ווייל די ריזיקע איז באמת געווען אַ גרויסע. דאָס האָט גלייכ־צייטיק באַדײט צו פאַרלאָזן דעם גוטן פויער, ווו איך און מיין קינד האָבן געפונען שוץ און אַ שטיקל ברויט. דערווייל איז אָבער אונטערגעקומען אַן אַנדער גע־שעעניש, צוליב וועלכער כ׳האָב זיך געמוזט שיידן מיט אונדזערע רעטערס.

געווען ביי מיר אַ טבע צו ריידן פון שלאָף. איין מאָל אין דער פרי, ווי נאָר כ׳האָב זיך איבערגע־וועקט, זאָגט צו מיר דער פויער אָן צערעמאָניעס:

— פאַני שוויערגאָטאַלאָ פאָ זשידאָווסקו פּזשעז סען (איר האָט אין שלאָף גערעדט יידיש). ביסט אַ זשידוווקע!...

כ׳האָב מיט קוראַזש און חוצפה אים געענטפערט, אַז ער טשעפּעט זיך גלאַט צו מיר. און בכלל, ווי וואָגט ער חושד זיין אין אַזעלכעס בעת מיין ברודער איז אַ גלח... ער איז אָבער נישט נתפעל געוואָרן און ציניש דערקלערט:

— זנאַמי שיען נאָ טים... (מיר קענען זיך אויף דעם...).

בלית־ברירה, האָב איך געמוזט פאַרלאָזן דאָס אָרט. ער איז דעמאָלט געווען ווינטער, דער שניי — טיף, איבער די קני. נאָך פיר חדשים פאַרהעלטניש־מעסיקער רו, הייבט זיך ווידער אָן דער נע־ונד. ווו גיין? איך נעם דאָס קינד אויף די הענט, פאַרשטעק אירע פיסלעך אינעם דינעם גאַבאַרדין־מאַנטל, וואָס כ׳האָב געטראָגן און ר׳האָט מיך אַליין אויך נישט געוואָרעמט — און הייב אָן גיין. עס יאָגט מיך אָן די 13־יאָריקע טערעסאַ, די טאָכטער פון פראַנטשישעק טישקאַ, וועלכע האָט פאַר דער גאַנצער צייט פון אונדזער זיין דאָרט, אַרויסגעוויזן פיל מענטשלעכקייט און צוגעבונדנקייט צו מיר און צום קינד. איך האָב דאָס מיידעלע גערופן „שוויענטאַ טערעסאַ", ווייל זי האָט זיך געפירט ווי אַ הייליקע כלפּי אונדז. טע־רעסאַ, אַליין אָנגעטאָן אין אַ זומער־קלײדל, שטעלט אונדז אָפּ אַ פאַרציטערטע פון קעלט, עס קלאַפּט איר אַ צאָן אין אַ צאָן און בעט זיך:

— גיי נישט אַוועק פון דאַנען, וועל איך דיר אַלע מאָל ברענגען אַ שטיקל ברויט...

איך האָב אַרומגענומען דאָס מיידעלע, צוגעטוליעט צו זיך, געגעבן אַ קוש און געזאָגט בלויז:

— מיין הייליקע טערעסאַ, איך דאַנק דיר פון גאַנצן האַרצן. איין בקשה האָב איך צו דיר: לערן מיך אויס דעם „פּאַטשעזש".

אַלע דריי שטייען מיר אויף דער קעלט, אַלע צי־טערן פון דער פראָסט און טיפער איבערלעבונג — און טערעסאַ פּרובירט מיט מיר איינחזרן, וואָרט ביי וואָרט, די קריסטלעכע תפילה וואָס דאַרף באַוויזן, אַז כ׳בין נישט קיין יידישע טאָכטער. קיין סך פון יענער לערע איז מיר דעמאָלט נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין...

יאָ, דער נע־ונד האָט זיך אָנגעהויבן, פון איין אָרט צום צווייטן. אַזוי צען חדשים צייט. ווי געטאָגט, נישט גענעכטיקט. שלעכטע מענטשן, געצנוי ווי בייזע הינט, האָבן געטריבן און געיאָגט. געווען אויך גוטע מענטשן און מילדע הינט. אַריינגעלאָזט, דערלויבט איבערנעכטיקן אין אַ שטאַל צי אין אַ קאַרטאָפל־קעלער, געגעבן צו דערכאַפּן דאָס האַרץ. ביז כ׳בין בשלום אָנגעקומען אין דאָרף לוניעוואַ, צום פויער קראַשינסקי, ביי וועמען כ׳האָב געאַרבעט אַ גאַנצן זומער 1943.

8

איך האָב באַמערקט, אַז ביים אוונטברויט צינדט נישט דער פויער אָן דעם לאָמפּ און עפּעס אַ פרעמדער מאַן איז אַ שטענדיקער אורח ביים טיש. אויך האָב איך אָפּט געהערט דערשטיקטע קולות דערטראָגן זיך פון קעלער, ספּעציעל אין די נעכט, ווען אַרום הערשט אַ שטילקייט. כ׳בין געווען זיכער, אַז קראַ־שינסקי באַהאַלט אויס יידן, נאָר ער וויל נישט אַז איך זאָל דערפון וויסן, גלייבנדיק מן־הסתם, אַז איך בין אַן אמתע כאַנטשינסקאַ... איך דאַקעגן האָב מורא געהאַט, אַז טאָקע דערפאַר, וואָס אויף איין אָרט זענען פאַראַן אַזוי פיל יידן, איז די געפאַר אַ גרויסע — און כ׳בין אַוועק אין אַ דערבייאיקן דאָרף — לוניעוואָ ווילקע, צום פויער לוניעווסקי.

דאָס איז געווען אַ בייזער מאַן, מיט רוצחישע אינ־סטינקטן, וועלכע ר׳האָט אַרויסגעוויזן לגבי זיין איי־דעלער פרוי און די צוויי קינדער. אַזוי ווי ר׳האָט נישט געהאַט קיין אַרבעטער, ווייל די גאַנצע יוגנט האָט מען אַוועקגעשלעפּט אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דייט־טשלאַנד, האָט ער מסכים געווען מיך צוצונעמען מיטן קינד אין זיין ווירטשאַפט. איך בין גרייט געווען אויסצושטיין אַלע זיינע איבערגעטריבענע פאָדערונ־גען אין די פעלד־אַרבעטן, אַבי זיך געפונען אויף אַ

זיכערן פלאַץ. דאָ זענען מיר טאַקע געווען גאַנצע 10 חדשים.

אין אַ געוויסן טאָג אויגוסט 1944, האָט דער סאָלטיס געבראַכט פלוגבלעטלעך פון די דייטשן, אין וועלכע מ'האָט גערופן די פוילישע באַפעלקערונג צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די באָלשעוויסטישע באַנדעס, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט אַריינגעריסן אין לאָמזשער געגנט. אַז זיי, די באָלשעוויקעס (געמיינט די רויטע אַרמיי) פאַרניכטן אַלץ און אַלעמען, פאַרברענען דעם לעבעדיקן אינווענטאַר, צינדן אונטער די פעלדער און פאַרשיקן די פויערים קיין סיביר. דער עיקר: דער סאָלטיס פאָדערט פון דאָרף 35 מענטשן אַלס „קאָנטיגענט" אויף צוויי וואָכן אַרבעט, צו גראָבן אָקאָפּעס אין לאָמזשע.

מיין פויער קלערט נישט קיין סך און איז גרייט מיר געבן עסן אויף צוויי וואָכן, מיין טעכטערל לאָזן ביי אים און כ'זאָל אָנשטאָט אים פאָרן צו די אָקאָפּעס. כ'האָב דעמאָלט באַקומען אַ סך מוט און אים דערלאַנגט אַ פּאַטריאָטישע רעדע, אַז דער פויער האָט רעזיגנירט פון דעם גאַנצן פּלאַן. כ'האָב אים דערקלערט אין אַ קאַטעגאָרישן טאָן, אַז אַלס פוילישע פּאַטריאָטין, וואָס האָט ליב דאָס פאָטערלאַנד, גיי איך נישט דינען די דייטשן, בפרט איצט, ווען זיי האָבן געליטן אַזאַ וויסטע מפלה און אַנטלויפן צוריק.

דער פויער האָט זיך אַוודאי איבערגענומען מיט מיינע רייד, ער האָט פּרובירט מיך באַרואיקן און געזאָגט, אַז ר'וועט דינגען עמעצן אַנדערש אויף זיין אָרט. איך האָב שוין נישט געוואָלט ביי אים בלייבן — גענומען אַ ברויט און מיטן קינד אַוועק קיין טשעכאַנאָוויעץ, צו אַ קרוב פון לוניעווסקין, אַן אַלטער שוסטער. כ'האָב אים געזאָגט, אַז כ'וויל גיין קיין בריאַנסק, צו מיין משפחה. אַזוי ווי אויף די הויפּטוועגן איז איצט געפערלעך, זאָל ער מיר זאָגן ווי מען קען דורך דערפער און הינטערוועגן אַהינקומען.

דער שוסטער האָט מיר גענוי אויסגערעכנט די ערטער דורך וועלכע כ'וועל קענען צוגיין קיין בריאַנסק. דאָס וויסן פון פאַרויס די ערטער און די טענה, אַז כ'גיי אויפזוכן מיין פאַמיליע, האָט אַ סך געהאָלפן אין דעם נייעם וואַנדער־וועג, כדי באַזייטיקן פאַרדאַכטן.

9

אַזוי וואַנדערנדיק, בין איך אָנגעקומען אינעם דערפל ווישאַנקי, וואָס האָט זיך שוין געפונען בסך־הכל אַ 3 קילאָמעטער פון פראָנט. די סנאַריאַדן, אויפרייסן און קוילן האָבן פאַרטריבן די איינוווינער אין די קעלערס. דאָרט איז אָבער געווען גענוג ענג און דושנע. אַחוץ דעם האָבן די דאָרפישע געקוקט אומגערן אויף אַ פרעמדן מענטש, וואָס פאַרנעמט אָרט אין דער באַהעלטעניש. בין איך פון דאָרט אַרויס און אַריין אין דער כאַטע. דורכן פענצטער, קעגנאיבער, האָבן מיר געזען דעם קלויסטער, צו וועלכן עס זענען צוגעפאָרן דייטשן, אַריין אינעווייניק און נאָך עטלעכע מינוט — צוריק אַרויס. ביים פענצטער זענען אויך געשטאַנען צוויי פליטים: אַן אַלטער פוילישער פעלדשער מיט זיין טאָכטער. זעענדיק ווי די דייטשן טראָגן זיך אָפּ פונעם קלויסטער, בין איך אינסטינקטיוו צוריק אַוועק מיטן קינד אין קעלער. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ מוראדיקער קנאַל און אַן אויפרייס, אַז גלאָז־שפּליטערס פון די אויסגעהאַקטע שויבן אין דער כאַטע, האָבן געטראָפן דעם פעלדשער אין די אויגן, ווייל ער איז נישט אַראָפּ אין קעלער באַצייטנס ווי איך. ער איז טאַקע בלינד געוואָרן.

אונדזערע ליידן האָבן שוין לאַנג נישט געדויערט. פינף פאַרטאָג האָבן מיר דערהערט דעם רויש פון טאַנקן, געהערט רעדן רוסיש, נאָר געמיינט, אַז דאָס זענען די וולאַסאָווצעס, רוסישע פאַרעטער, וועלכע האָבן געדינט די דייטשן. מ'האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט אַרויסצוקריכן פון די באַהעלטענישן — ביז מ'האָט דאָך פאַרלאָזט דעם קעלער. יאָ, די באַפרייערס זענען דאָ! איך לויף מיט מיין טעכטערל אין גערטנדל, רייסן אָן בלומען און באַוואַרפן מיט זיי די פאַרביימאַרשירנדיקע זעלנער. און די אויגן קוקן זיך אין אין די מידע סאָלדאַטן, מען זוכט אַ באַקאַנט, היימיש פּנים, אפשר וועט זיך אין די רייען אויסגעפינען אַ קרוב, אַ פריינד? ליידער — קיין איין היימישער ייד! ערשט דאָ, אין סאַמע מאָמענט פון דער באַפרייונג, האָב איך דערפילט די איינזאַמקייט און עלנט, אין וועלכע כ'געפין זיך. מיר זענען אַליין אויף דער וועלט. היטלערן איז געלונגען די מאָרד־מלאכה. אַזוי זענען מיר געשטאַנען צוויי פאַריתומטע קינדער פון יידישן פאָלק — און אַלץ געזוכט מיט די אויגן אַן אייגענעם מענטשן...

10

מיר פאָרן אַריבער קיין ביעלסק, דערנאָך זענען מיר אין יאָר 1945 מגולגל געוואָרן קיין רוסלאַנד. אין יאָר 1946 געקומען קיין לאָדזש. דאָ האָט מיך באַגעגנט אַ פּאַלעניצער פרוי און איבערגעגעבן אַ גרוס, אַז מיין ברודער לעבט, ער וווינט אין וואַרשע. גרויס איז געווען די פרייד פון אונדזער באַגעגעניש. נאָר אונדזערע וועגן צעגייען זיך. ער פאָרט אַריבער קיין שוועדן, איך באַשליס עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. נאָך 10 חדשים אָפּזיין אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד, בין איך מיטן קינד אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל (דעם 1־טן סעפּטעמבער 1947).

אויף דער מעפּילים־שיף, וואָס האָט אונדז געפירט אין חיפהער פּאָרט, האָב איך געטראָפן אַ פרוי, וועלכע האָט געהערט צו די אויסבאַהאַלטענע גרופּע יידן אין לוניעוואָ, ביי קראַשינסקין. זיי זענען אַלע ניצול געוואָרן פון טויט. זי האָט מיר דערציילט, אַז אין יענער תקופה האָבן זיי אַלע געהאַט אויף מיר אַ פאַרדאַכט, אַז כ׳בין אַ ייד... איצט האָט דער גורל אונדז ביידע צוזאַמענגעפירט אויף איין שיף, וואָס פירט אין דער יידישער מדינה...

# מיכאַלין־באַזע פון יידישע פּאַרטיזאַנער

פּראָפ. ב. מאַרק
וואַרשע

די הינטער־וואַרשעווער געגנט איז געווען אין דער גרויליקער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אַ שטיקל מקום מקלט פאַר אַ סך הונדערטער פּליטים פון וואַרשעווער און אַנדערע געטאָס און אויך אַ געוויסע באַזע פאַר יידישע פּאַרטיזאַנער. פאַרשטייט זיך, אַז סיי פאַר ציווילע יידישע פּליטים, סיי פאַר קאַמף־לעכצנדיקער יידישער יוגנט, איז דאָס געווען אַ באַזע זייער נישט קיין זיכערע, פול מיט דרויסנדיקע און אינערלעכע געפאַרן. די גענויע צאָל באַהאַלטענע יידישע מענטשן און פּאַרטיזאַנער אין נישט באַוווסט און וועט, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט קענען ווערן באַקאַנט. און דער גרעסטער רוב פון די דאָזיקע יידן איז אומגעקומען, געפאַלן פון די הענט פון דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע און ס.ס., און נישט זעלטן אויך פון די הענט פון „היימישע" מערדער, פון די א. ג. פאָלקס־דייטשן און אויך פון פּוילישע פאַשיסטן, וועלכע האָבן נישט זעלטן געטראָגן מונדירן פון „וואַלד־קעמפער" מיט אָפּציכנס פון דער „הייליקער מאַריאַ" אויפן ברוסט. די דאָזיקע היימישע „פאַשיסטן" און כוליגאַנעס האָבן גערודפט און געמאָרדעט נישט בלויז יידן, נאָר אויך פּוילישע אַנטיפאַשיסטן, קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן און אַנדערע אַנטשיידענע קעמפער קעגן היטלערישן אָקופּאַנט. געווען צווישן זיי אַפילו איינצלנע רענעגאַטן פון דעם אַמאָליקן לינקן לאַגער.

צווישן די, וואָס האָבן געגעבן די יידן הילף און שוץ, האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן דאָס געטאָן אויס מאַטעריעלע מאָטיוון. געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געקערעוועט מיט אידעישע אָדער מיט טיף־רעליגיעזע מאָטיוון. געווען צווישן זיי אַפילו עטלעכע גלחים און קלויסטער־שוועסטער, וועלכע האָבן זיך געמוזט — אין דעם ענין פון ראַטעווען אַ יידיש קינד — היטן פאַר אַנדערע שוועסטער, ביי וועלכע דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם איז געגאַנגען געפּאָרט מיט ווילדן ראַסיזם און יידן־האַס.

אין אַזאַ פאַרשידנאַרטיקער, אָפּטמאָל קעגנזעצלעכער און געפאַרפולער סביבה, צווישן די שיטערע וועלדלעך פון דער „ליניע", אין קעלערס, בוידעמס און שטאַלן פון די אָרעמיקע ווילעס און כאַטעס, נישט זעלטן אונטער דער נאָז פון נאַציס און פאָלקס־דייטשן, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אַ ריי יידישע פאַמיליעס. עס האָבן געטראָפן פאַלן, ווו טראַגיק האָט זיך געפלאָכטן מיט גראָטעסק, ווען איין יידישע משפחה האָט געציטערט פאַר אַ צווייטער, מיינענדיק, אַז דאָס זענען קריסטן. אַזוי, למשל, האָט מיר דערציילט אַ געוויסער ייד, אַז זיצנדיק אַ באַהאַלטענער אין אַ פאַרשלאָסענעם צימער פון אַ געוויסן באַקאַנטן קריסט אין מיכאַלין, האָט ער כסדר געציטערט, הערנדיק אין דערבייאיקן צימער שמועסן אַ פאַרפאַלק אין אַ טיפן פּויליש. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס זענען אומבאַקאַנטע פאַליאַקן און מורא געהאַט, זיי זאָלן אים נישט דערזען. איינמאָל אָבער האָט ער געהערט פון

יענעם צימער אַ טיפֿן, געבראָכענעם קרעכץ. אַזאַ מין זיפֿץ האָט זיך געקאָנט אַרויסרייסן נאָר פֿון אַ האַרץ אויך פֿון אַ גערודפֿטן מענטש, פֿון אַ ייד — אַזוי פֿיל טרויער און פֿאַרצווייפֿלונג האָט אין דעם קרעכץ געשטעקט. מיך באַקאַנטן איז מיט אַמאָל לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה. און באמת: אין צווייטן צימער, הינטער דער וואַנט, זענען אויך געווען פֿאַרשטעקט יידן, אַן עלטער יידיש פֿאַרפֿאָלק.

אַז אַ סך יידן זענען פֿאַרשטעקט אין באַהעלטענישן אויף דער „ליניע" מיכאַלין־פֿאַלעניץ־אָטוואָצק, וועגן דעם האָט די דייטשישע פּאָליציי געוווּסט. עס זאָגן וועגן דעם עדות סיי דייטשישע דאָקומענטן, סיי פּוילישע אונטערערדישע ראַפּאָרטן. די דייטשן האָבן אָבער לכתחילה ווייניק געוווּסט, אַז אין די אַרומיקע וועלדער געפֿינען זיך אויך יידישע נקמה־נעמער, יידישע פּאַרטיזאַנער. דאָס רוב האָבן זיי געשטאַמט פֿון וואַרשעווער געטאָ. איין גרופּע האָט אַפֿילו געשטאַמט פֿון די אויפֿשטענדלער־רייען. און וועגן איר טראַגישן סוף וויל איך דאָ דערציילן.

ווי באַקאַנט, האָבן אינעם וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד געקעמפֿט צוויי יידישע קאַמפֿס־פֿאָרמאַציעס: די הויפּט־לאַסט פֿונעם אויפֿשטאַנד איז געלעגן אויף די פּלייצעס פֿון דער יידישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון קאַמפֿס־גרופּן פֿון השומר הצעיר, דרור, פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי (קאָמוניסטן), בונד, לינקע און רעכטע פּועלי־ציון, עקיבא, הנוער הציוני. איינציייטיק האָט געקעמפֿט דער יידישער מיליטערישער פֿאַרבאַנד, אין וועמענס רייען עס האָבן זיך געפֿונען דער עיקר בית"רים, אָבער אויך סתם עמך, טרעגער, רעליגיעזע יוגנט און אויך איינצלנע קאָמוניסטן און שומרים, וואָס האָבן זיך צוליב די אָדער אַנדערע סיבות און על־פּי צופֿאַל, געפֿונען אינעם מיליטערישן פֿאַרבאַנד און נישט אין דער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע. די קאַמפֿס־גרופּן פֿון יידישן מיליטערישן פֿאַרבאַנד האָבן בעיקר פֿאַרנומען די שלאַכט־פּאָזיציעס אין די הייזער אויפֿן ראָג נאַלעווקעס און מוראַנאָווסקע, ווו זיי האָבן אַרויסגעהאָנגען צוויי פֿענער: אַ ווייס־בלויע און ווייס־רויטע און האָבן דאָ געקעמפֿט קעגן די דייטשן און זייערע יוצר־משרתים אין משך פֿון צוויי טעג. ווען די דייטשן זענען גובר געווען, האָט אַ גרופּע אויפֿשטענדלער אין דער צאָל פֿון עטלעכע צענדליק בחורים און מיידלעך

זיך אַרויסגעשלייכט דורך אַ פֿריער צוגעגרייטן טונעל אויף דער צווייטער, „אַרישער" זייט פֿון מוראַנאָווער פּלאַץ און איז פֿון דאַנען אַרויסגעפֿירט געוואָרן אין קריסטלעכע טראָמנעס דורך אַ פֿאַרבינדעטער גרופּע פּוילישע קעמפֿער אונטער דער אָנפֿירונג פֿון קאַפּיטאַן הענריק איוואַנסקי קיין מיכאַלין, ווו עס האָט אויף זיי געוואַרט אַ צוגעגרייטע וויללע אין וואַלד.

צווישן דער אַרויסגעפֿירטער גרופּע זענען געווען שווער און לייכט פֿאַרוווּנדעטע פֿון די געטאָ־קאַמפֿן, אַלע זענען געווען אויסגעשעפּט און מיד, אָבער אַלע האָבן געהאַלטן אין די הענט דאָס געווער — ביקסן, גראַנאַטן, פּלעשער מיט אויפֿרייס־שטאָף. וואָרעם זייער ציל און שטרעבונג איז געווען נישט אויסבאַהאַלטן זיך, נאָר זוכן אַ וועג צום פּאַרטיזאַנישן קאַמף און ממשיך זיין דעם געראַנגל, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן אין געטאָ.

די פּוילישע גרופּע, וואָס האָט זיי אַרויסגעפֿירט, איז אַוועק צוריק קיין וואַרשע און האָט דערנאָך דעם 27סטן אַפּריל 1943, אָפּגעהאַלטן די באַקאַנטע שלאַכט אויפֿן מוראַנאָווער פּלאַץ צוזאַמען מיט אַ פֿאַרבליבענער ביי דער געטאָ־גרענעץ גרופּע פֿון יידישן מיליטערישן פֿאַרבאַנד. וועגן דער דאָזיקער שלאַכט דערציילט אין זיין ראַפּאָרט דער ס.ס.־גענעראַל יורגען סטראָאָפּ, דער אָנפֿירער מיט דער ליקווידירונג פֿונעם אויפֿשטאַנד, דער ענדגילטיקער פֿאַרטיליקער פֿון וואַרשעווער געטאָ.

דריי פֿון דער דערמאָנטער פּוילישער גרופּע, וועלכע האָט געהערט צו די אָנהענגער פֿון גענעראַל שיקאָרסקי, לעבן נאָך עד היום אין וואַרשע.

און וואָס איז אינצווישן געשען מיט דער יידישער קאַמפֿס־גרופּע, וואָס האָט זיך פֿאַרשטעקט אין דער וואַלד־ווילע ביי מיכאַלין?

די מענטשן האָבן זיך געלייגט אָפּרוען און זיך מטפּל געווען מיט די פֿאַרוווּנדעטע חברים, וואַרטנדיק אויף אַ פֿאַרבינדלער, וואָס האָט געדאַרפֿט געבן דעם קאָנטאַקט מיט אַ גרעסערער פּאַרטיזאַנישער גרופּע, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דער קאַמפּינאָסער פּושטשע. אָבער איידער דער פֿאַרבינדלער האָט זיך גענאָועט, איז די ווילע פּלוצים געוואָרן אַרומגערינגלט דורך פּוילישער א. ג. גראַנאַטאָווער פּאָליציי הינטער וועלכע עס האָט זיך גערוקט פֿאַראויס אַן אָפּטיילונג דייטשישע זשאַנדאַרמעריע.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז איינער פון דער דערמאָנטער פוילישער גרופּע, וואָס האָט געהאָלפן די יידישע קעמפער פון מוראַנאָווער פּלאַץ זיך אַרויסצוקריגן קיין מיכאַלין, געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. ער האָט תיכף געגעבן צו וויסן דעם פאַלעניצער פּאָליציי־פּאָסטן, ווו עס געפינען זיך די יידישע קעמפער.

נישט געקוקט אויף זייער שרעקלעכער מידקייט און אויף די אייגענע פאַרוואונדעטע, האָבן די יידישע קעמפער געשטעלט אַ העלדישן ווידערשטאַנד. אינמיטן נאַכט פון 22סטן אַפּריל 1943, האָט זיך איבער די מיכאַלינער וועלדער צעטראָגן דער ווידערקול פון די העפטיקע קעגנזייטיקע שיסערייען. אין אומגלייכן קאַמף איז געפאַלן די גאַנצע יידישע אויפשטענדלער־גרופּע. וועגן דעם „נצחון" האָט תיכף געמאָלדן דעם דייטשישן פּאָליציי־צענטער אין וואַרשע דער קאָמענדאַנט פון אָרטיקן זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטן.

די אַרומיקע אויסבאַהאַלטענע יידן האָבן איבערגעלעבט אַ נאַכט פון אַנגסט. דערנאָך האָט זיך צעלייגט אַ טויטע שטילקייט.

אין עטלעכע חדשים שפּעטער האָבן זיך אָבער ווידער גענומען זאַמלען אין די מיכאַלינער וועלדער יידישע פּאַרטיזאַנער. זייער צאָל איז מיט דער צייט דערגאַנגען ביז איבער הונדערט. קיין גענויערע ידיעות וועגן זייער טעטיקייט און לעבן־שטייגער פאַרמאָגן מיר נישט. עס איז נאָר באַקאַנט, אַז אין זייער שפּיץ איז געשטאַנען אַ יונגער בחור פון וואַרשעווער געטאָ, וואָס זאָל האָבן פאַר דער מלחמה פאַרקערט אין די בונדישע און פּ.פּ.ס.ישע יוגנט־קרייזן. די גרופּע האָט דורכגעפירט עטלעכע דיווערסיע־אַקטן קעגן דייטשישע צוגן און אָרגאַניזירט אַ שוץ איבער אַ טייל אויסבאַהאַלטענע יידן.

אויך דער גורל פון אָט דער גרופּע איז געווען אַ טראַגישער. במשך דער גאַנצער צייט האָבן די אָרטיקע און אַרומיקע פּוילישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס טאָלערירט די יידישע פּאַרטיזאַנישע מחנה, וועלכע האָט אויסגעמיטן זיך צו מישן אין די אינערלעכע קאָנפליקטן פון דער פּוילישער פּאָליטישער אונטערערד. אָבער די יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּע איז געווען אַ דאָרן אין אויג פון דער אָרטיקער „אונטערערדישער" פאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע נ.ס.ז., וואָס איר הויפּט־זאָרג איז געווען צו מאַכן פּוילן יידן־ריין און צו באַקעמפן דעם פּוילישן לינקן לאַגער. ווען עס האָט זיך אין יאָר 1944 דערנענטערט דער פראָנט, און די פּראַגע פון באַפרייען די געגנט דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי איז געוואָרן זייער אַקטועל, האָבן די נ.ס.ז.־לייט אויסגענוצט דעם אַנטשטאַנענעם הו־האַ און מיט שטאַרקע באַוואָפנטע כוחות אָנגעגריפן די יידישע פּאַרטיזאַנישע מחנה און נאָך אַ קורצער פאַרביסענער שלאַכט ליקווידירט די יידישע פּאַרטיזאַנער ביז איינעם.

אָט אַזוי איז נישט באַשערט געווען די יידישע פּאַרטיזאַנער מקיים צו זיין זייער טרוים פון אַריינמאַרשירן מיט געווער אין האַנט אין באַפרייטן מיכאַלין און פאַלעניץ.

די מיכאַלינער ערד איז אַזוי אַרום נישט בלויז באַשפּריצט מיטן אומשולדיקן בלוט פון יידישע מאַרטירער, נאָר איז אויך געווען אַ באָדן פון העלדישן קאַמף פון יידישע פּאַרטיזאַנער.

לאָמיר אַריינעמען די צוויי העלדישע און טראַגישע שלאַכטן פון די יידישע פּאַרטיזאַנער אין מיכאַלין — אין דעם פּאַנטעאָן פון דער גבורה פון אונדזער שווערגעפּרוווטן פאָלק.

# אטענטאט אויפן ס.ס. גענעראל פישער אין פאלעניץ

(איבערגעדרוקט פון דער תל־אביבער טאָג־צייטונג אין דער פּוילישער שפּראַך — „נאָווינִי אי קוריער")

עס האָבן זיך דערנענטערט די ווינאַכט־יומטובים אין אָקופּירטן פּוילן. אויפן טעאַטער־פּלאַץ אין וואַרשע זענען געשטאַנען יינגלעך, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו פאַרקויפן כאַינקעס פאַר אַ גאָלדן פינגערל אָדער זייגערל. אַ געוויסע פרוי האָט זיך דערנענטערט צו אַ פויער, אַראָפּגענומען פון פינגער אַ גאָלדן רינגל, אים דערלאַנגט עס און געזאָגט:

— נעמט דאָס צו. אַפילו נאָכן טויט קויפט וולאַדעק

דאַמבראָווסקי אַ כאַינקע פאַר זיין אַלמנה.

דער פויער האָט אויפגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און געפרעגט:

— ווי איז אייער נאָמען?

— יוליאַנאַ דאַמבראָווסקאַ.

— זענט איר פאַר דער מלחמה געווען אַ לערערין אין אַ קעלצער גימנאַזיע?

— יאָ. און ווער זענט איר?

דער פויער האָט זיך אַרומגעקוקט און איבערצייגנדיק זיך, אַז קיינער הערט נישט, האָט ער אַרויסגעפּליס־טערט:

— איך בין אייער שילער, כ'הייס יאַנעק פּיאַטראָווסקי. כ'האָב אייך נישט דערקענט. די מלחמה האָט אַלעמען פאַרענדערט. אויך איר האָט מיך נישט דער־קענט. ווייזט אויס, אַז כ'בין גוט איבערגעטאָן.

יוליאַנאַ דאַמבראָווסקאַ האָט דערציילט יאַנעקן, אַז אויף יומטוב האָט זי פאַרבעטן צו זיך אַ גרופּע שילערס. אונטערן אויסרייד פון דעם יומטובדיקן אָוונט־ברויט, וועלן זיי דערוויל זינגען פּוילישע פּאַטריאָטישע לידער.

— אויב אַזוי, מעג איך אייך אויסזאָגן — רופט זיך אָפּ יאַנעק, — אַז איך געפין זיך דאָ אין נאָמען פון דער פּאַרטיזאַנקע. קענט איר אונדז העלפן אין אַ וויכטיקן ענין? האָט איר געהערט וועגן ס.ס.־גענעראַל קאַרל פישער?

די לערערין האָט אַ הייב געטאָן די אַקסלען.

— און ווער האָט נישט געהערט פון דעם אויס־וואורף? דאָס איז דאָך אַ מאַסן־מערדער. מע דערציילט פון אים, אַז ער טרינקט בלוט אויפן גלאָז.

דער פּאַרטיזאַנער האָט אַ שמייכל געגעבן.

— דאָס איז אַ ביסל איבערגעטריבן. ער וויל שוין בעסער פראַנצויזישן קאָניאַק. מיר האָבן געהערט, אַז פישער האָט באַקומען אַ באַפעל פון היטלערן צוטרעטן ענע־גיש צו ליקווידירן אונדזער פּאַרטיזאַנקע. מיר מוזן אים פריער ליקווידירן. מיר נייטיקן זיך אין וויסנ־שאַפטלעכער הילף. מיר האָבן אַפילו געטראַכט אַראָפּ־צוברענגען אַ פּראָפעסאָר פון קראָקע, וועלכער באַ־האַלט זיך איצט אויס אין איינער פון די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. גוט אָבער, וואָס כ'האָב אייך געטראָפן. מיר קענען געווינען צייט.

די לערערין האָט אויפן אָרט מסכים געווען און דער פּאַרטיזאַנער האָט איר פאַרגעשטעלט דעם גאַנצן ענין. דער ס.ס.־גענעראַל קאַרל פישער האָט געוווינט אין אַ לוקסוס־וויללע אין פּאַלעניץ, 20 קילאָמעטער ווייט פון וואַרשע. טאָג־טעגלעך, 8.30 פרי, איז ער מיט זיין אויטאָ אַרויסגעפאָרן אין דער געסטאַפּאָ־קאָמאַנדע אין וואַרשע, אויף דער אַלעיאַ שוכאַ. — ווען פישער וואָלט זיך געפירט ווי די אַנדערע ס.ס.־לייט און געפאָרן מיט אַן עסקאָרטע פון פּאַנצער־אויטאָס, וואָלטן מיר גע־קענט מינירן דעם וועג און אויפרייסן אין דער לופט זיין אויטאָ. ער איז אָבער קלוגער פון אַלעמען. ער פליט מיט זיין ספּאָרט־אויטאָ, אָן אַן עסקאָרטע, זיצנדיק לעבן שאָפער, וועלכער איז אַ מייסטער אין אויטאָ־געיעגן.

— זיי פאָרן אַרויס פון טויער פון דער וויללע 8.15 און יאָגן מיט אַ שנעלקייט פון 130 קילאָמעטער אַ שעה, ביזן שלאַבאַן אויף דער גראָכאָווסקע גאַס. די גאַנצע רייזע דויערט ווינציקער פון 9 מינוט. אויף דער גאַנ־צער לענג פון שאָסיי איז פאַראַן נאָר איין פּונקט, וואָס טויג זיך אויס פאַר אַ לויער. דאָס איז דער ספּאָרט־פּלאַץ פון אָרטיקן פוטבאָל־קלוב. דאָס מאַטעמאַטישע פּראָבלעם איז פּשוט. דער אויטאָ פאָרט מיט אַ שנעל־קייט פון 130 קילאָמעטער אַ שעה, דאָס הייסט, אַז אין פאַרלויף פון אַ סעקונדע לויפט ער איבער 36 מעטער. אַ מינע רייסט אויף 3 סעקונדעס נאָכן עפענען זי. בעתן אויפרייס פון דער מינע, וואָלט פישערס אויטאָ שוין געווען אַ 100 מעטער ווייטער פון איר. ניין, מע קען אויך נישט צו אים שיסן, ווייל די קויל לויפט 36 מעטער אין אַ סעקונדע. מיר מוזן דעריבער גענוי אויסרעכענען די צייט און דאָס ווינקל אויף אַריינ־קאָלערן אַ געוויינלעכן באַלעם צווישן די רעדער פון פישערס אויטאָ.

יאַנעק האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די פּאַרטיזאַ־נער האָבן צונויפגעשטעלט אַן אויפרייס־מאַשין אין דער פאָרעם פון אַ פוטבאָל־באַלעם. דער פּלאַן פון אַן אַטענטאַט איז געווען אַ פּשוטער: עטלעכע מענטשן וועלן שפּילן אין באַלעם, אים עפענען און אַ קאָפּע געבן אין פּאַסיקן מאָמענט אין דער ריכטונג פון פישערס אויטאָ. דאָס וועט זיין אַ זיכערע געלעגנהייט צו ליקווידירן פישערן.

יוליאַנאַ דאַמבראָווסקאַ האָט זיך פאַרטראַכט:

— דאָס איז פּשוט, און דאָך — קאָמפּליצירט. איך וואָלט אַליין באַדאַרפט זיין אויפן אָרט, אויסמעסטן דעם מרחק צווישן שפּיל־פּלאַץ און דעם שאָסיי, וויסן וויפל די באָמבע וועגט און די קראַפט פונעם קאָפּע. מיר

מוזן אויך וויסן דעם גענויעם ווינקל צווישן שפּיל־פּלאַץ און דעם שאָסיי, דעם שיפּוע פון באָדן און גענויע שנעלקייט פון דעם פאָרן. ערשט נאָך דעם אַלעמען וועלן מיר קענען לייזן דאָס מאַטעמאַטישע פּראָבלעם.

צומאָרגנס האָט די לערערין זיך איבערגעטאָן פאַר אַ פויערטע און אויף דעם פורל פון יאַנעק פּיאַטראָווסקי אַוועק קיין פּאַלעניץ. אויפן שפּיל־פּלאַץ האָבן עטלעכע געזונטע יאַטן געשפּילט אין פוטבאָל.

— דעם באַלעם האָבן מיר אָנגעפּילט מיט זאַמד, ער זאָל וועגן אַזוי פיל ווי די באָמבע. די באָמבע וועלן מיר ברענגען אין דער לעצטער מינוט. מיר האָבן זי געוווגן אין דער אַפּטייק. זי וועגט 5 קילאָ מיט 700 גראַם. און דאָס איז דאָס יינגל וואָס וועט אַ קאָפּע געבן דעם באַלעם. ער האָט מוסקולן פון אַ ביק און פיס — פון אַ פערד.

די לערערין האָט זיך פאַרצייכנט די וואָג פון באַלעם און אָנגעהויבן נאָטירן די ווייטערדיקע פּרטים. 8.15 האָבן די פּאַטרולן סיגנאַליזירט פישערס אַרויספאָר די לערערין האָט געוואַרט ביז דער אויטאָ האָט זיך באַוויזן אין זע־פעלד און דערנאָך אַ דריק געגעבן אויפן סטאָפּער. — בלויז פינף סעקונדן — האָט זי שטיל אַ ברום געגעבן. דער מרחק צווישן שפּיל־פּלאַץ און שאָסיי האָט באַטראָפן 18,5 מעטער און דער ווינקל — 38 גראַד.

אין פאַרלויף פון אַ גאַנצן טאָג האָט די לערערין זיך פאַרנומען מיט אויסרעכענונגען. ענדלעך איז זי געקומען צום אויספיר, אַז מע דאַרף דעם שפּיל־פּלאַץ דערנענטערן צום שאָסיי אויף אַ זעקס מעטער און דעם באַלעם דאַרף מען אַ קאָפּע געבן אין מאָמענט, ווען פישערס אויטאָ וועט זיך געפינען אויף אַ מרחק פון 250 מעטער. דער באַלעם קאָן זיך צוזאַמענשטויסן מיטן אויטאָ 11 מעטער ווייט פונעם שפּילער — און דער אויפרייס וועט אים דערהרגענען.

— דאָס איז נישט וויכטיק. אָבער ווי אַזוי טוישן דאָס שפּיל־אָרט, נישט אַרויסרופנדיק דערביי קיין פאַרדאַכט? — האָט געפרעגט דער פאַרצווייפלטער יאַנעק. די לערערין האָט אים אַ קלאַפּ געגעבן איבער דער פּלייצע. — ביסט קיינמאָל נישט געווען פון די בעסטע שילערס. האָסט שטענדיק געטראַכט וועגן מיידלעך און פוטבאָל. אַ וואָסער טעמפּעראַטור איז דאָ אין אַ דעצעמבער־נאַכט?

דער פאַרטיזאַנער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף דעם רמז. אַ גאַנצע נאַכט האָבן די פאַרטיזאַנער געגאָסן עמערס וואַסער אויף דער ערד, ביז עס האָט זיך געשאַפן אַ דיקע שיכט אייז. באַגינען האָבן זיי דאָס אייז באַשיט מיט ערד און אַש. 8.02 אין דער פרי האָט די פוטבאָל־מאַנשאַפט אָנגעהויבן איר טרענינג.

יאַנעק האָט יעדן פון זיי געגעבן אַ גלעזל בראָנפן. אַלע האָבן געוואַרט אויפן סיגנאַל פון פּאַטרול. 8.15 האָט איינער פון זיי אַ וואָרף געגעבן דאָס היטל אין דער הייך. דער פאַרטיזאַנער האָט אַוועקגעלייגט דעם באַלעם אויפן אָרט, ווו ס'איז געווען אָנגעצייכנט דורך דער לערערין אַ שוואַרצער צלם, אַרויסגעריסן דעם פאַרזיכערער — און זיך איבערגעצלמט.

8.17 האָט זיך באַוויזן דער לויפנדיקער אויטאָ. די לערערין, וועלכע איז געשטאַנען אויף דער צווייטער זייט פונעם שפּיל־פּלאַץ מיטן סטאָפּער אין האַנט, האָט אַ פאָכע געגעבן מיט אַ רויט טיכל. דער שפּילער האָט מיטן גאַנצן כוח אַ קאָפּע געגעבן דעם באַלעם. די שווערע פּילקע האָט זיך פּאַמעלעך אַוועקגעקייקלט אין דער מיט פון שאָסיי. דער שאָפער האָט זי באַמערקט, אָבער נישט פאַרקלענערט די שנעלקייט פון פאָרן. ער איז שוין געווינט געווען צום בילד פון יינגלעך, וועלכע שפּילן אין באַלעם נאָענט פון שאָסיי. אין מאָמענט ווען דער באַלעם האָט זיך צונויפגעשטויסן מיטן ראָג פון אויטאָ, האָט זיך דערהערט אַ מעכטיקער אויפרייס. דער גאַנצער רעכטער טייל פון אויטאָ איז צעריבן געוואָרן. דער שווערער אויטאָ האָט זיך אויפגעהויבן אין דער לופט, געמאַכט אַ קאָזשעליק, אַריינגעפאַלן אין ראָוו און אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן.

די פאַרטיזאַנער זענען צוגעלאָפן צום אויטאָ. גענעראַל פישער האָט געגוססט. יאַנעק האָט פון אַן אויטאָמאַטישן רעוואָלווער אויסגעשאָסן עטלעכע מאָל אין קאָפּ פון נאַציסטישן תליין. פון דער ווייטנס האָט מען געהערט אַ סירענע־אַליאַרם. די פאַרטיזאַנער זענען זיך צעלאָפן און באַהאַלטן אין די אַרומיקע וועלדער.

די לערערין יוליאַנאַ דאָמבראָווסקאַ האָט זיך אומגעקערט אין איר וווינונג, ווו זי איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט אירע געהיימע לעקציעס ביזן סוף פון דער מלחמה. איצט וווינט זי אין בלאָק פון די פאַרטיזאַנער־העלדן, וועלכע באַקומען אַ רענטע פון דער רעגירונג. אין די יום־טוב־טעג הענגט זי אָן דעם אָרדער, וואָס זי האָט באַקומען פון דער פּוילישער רעגירונג פאַרן אָנטייל אין ליקווידירן דעם ס.ס.־גענעראַל פישער.

# פאַלעניצער אין פראַנקרייך בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה

אלי סאַלניצקי
פּאַריז

אין דער אומפאַרגלייכלעכער הערא‌ָישער שלאַכט, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געפירט מיטן נאַציזם בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה, האָט דער יידישער ישוב אין פראַנקרייך געשפילט אַ באַזונדערע ראָלע. די יידן אין פראַנקרייך זענען געווען פון די ערשטע צווישן די יידישע ישובים אין דעם אָקופירטן אייראָפּע, אָנצוהייבן אַן אָרגאַניזירטן און צילבאַוווּסטן ווידערשטאַנד, צו שלאָגן זיך מיט געווער אין האַנט קעגן דעם בלוטיקסטן שונא פון אונדזער פאָלק און פון דער גאַנצער מענטשהייט. קלאָר, אַז אין דעם געראַנגל האָבן אויך נישט פאַרפעלט אונדזערע בני־עיר, וועלכע זענען געקומען קיין פּאַריז אין די דרייסיקער יאָרן.

פון פראַנקרייך זענען דעפּאָרטירט געוואָרן 120 טויזנט יידן, צווישן זיי — 20 פאַלעניצער, וועלכע האָבן אַדורכגעמאַכט דעם זעלבן טראַגישן גורל, ווי אונדזערע נאָענטע אין פּוילן, אומקומענדיק אין אוישוויץ, טרעבלינקע, מיידאַנעק און אַנדערע טויט־לאַגערן.

מיטן אַריינמאַרש פון היטלערס חיילות קיין פּאַריז, ווען אין פראַנקרייכס הויפּטשטאָט האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט און די טויזנטער פּליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן אויף דער פּראָווינץ, האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע אַלטע היימען, האָבן אונדזערע פאַלעניצער נישט פאַרגעסן אין זייערע אומגליקלעכע קרובים, וועלכע האָבן געשמאַכט אונטער היטלערס שטיוול אינעם אָקופּירטן פּוילן. עס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ רעגולערער פּאָסט־פאַרקער צווישן בײדע אָקופּירטע לענדער — פראַנקרייך און פּוילן, וואָס איז דורך אונדזערע פאַלעניצער אויסגענוצט געוואָרן צו שרייבן און שיקן פּעקלעך די נאָענטסטע מענטשן. שמחה סאָלניצקי האָט געשיקט פאַרשידענע זאַכן, איך האָב פאַר מיין ברודער איבערגעשיקט אַן אנצוג. אויף דעם האָט מיין מאַמע מיר געשריבן, אַז פאַר דעם אנצוג האָט זי באַקומען קאַרטאָפל און פּראָדוקטן און געעצהט, אַז אויב ס׳איז מעגלעך צו שיקן פּאָדעם, איז עס אין פּוילן אַ גוט אַרטיקל צו באַזאָרגן זיך מיט עסן. איך ווייס, אַז אַלע פאַלעניצער אין פּאַריז האָבן אויסגענוצט די מעגלעכקייטן פון קאָנטאַקטן, וואָס זענען געווען אין יאָר 1940 און געטראָגן הילף זייערע שטאָטישע אין פּוילן.

נישט לאַנג אָבער האָט געדויערט די דאָזיקע פאַרבינדונג. דער אָקופּאַנט האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן זיינע חיהשע נעגל. די ברוטאַלע אַנטי־יידישע פּאָליטיק האָט זיך געלאָזט פילן אויך אין פּאַריז. רעגיסטראַציעס, געלע לאַטעס, אויסזידלונגען אין די לאַגערן פּיטיוויע און באָן־לאַ־ראָלאַנד (שפּעטער — דראַנסי), פונוואַנען מע האָט שוין טראַנספּאָרטירט קיין אוישוויץ. גרויסע טיילן פון פראַנצויזישן פאָלק, בתוכם אויך די יידישע באַפעלקערונג, באַזונדערס די, וואָס זענען געווען נאָענט צו דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן ווידערשטאַנד.

צו די געפאַלענע אויפן פראָנט, בעת דער שלאַכט אַרום פּאַריז, ווו ס׳האָבן אָנטייל גענומען 10.000 יידישע פרייוויליקע, האָט אויך געהערט אונדזער לאַנדסמאַן משה ליבערמאַן. ער איז אומגעקומען מיט געווער אין האַנט, איבערלאָזנדיק אין פּאַריז אַ פרוי מיט צוויי קינדער, וועלכע זענען דערנאָך דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ. משה ליבערמאַן האָט גאָר יונג פאַרלאָזט פאַלעניץ, ווו ער איז געווען אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. צום ערשט איז ער אַריבערגעפאָרן קיין בעלגיע, זיך אויסגעלערנט אויסאַרבעטן דאַמענטאַשן, שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין פּאַריז, ווו אויסער זיין באַשעפטיקונג ביים פאַך, האָט ער מיטגעאַרבעט אין דער פאַך־סעקציע פון זיין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און געווען טעטיק אין פאָלקס־כאָר פון דער „קולטור־ליגע“, די גרויסע אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָגרעסיוון ישוב אין פּאַריז פאַר דער מלחמה.

אויך קלמן גאָלדפאַרב, אַ פאַלעניצער שטריקעראַרבעטער, האָט אָנטייל גענומען אין אַלע פאָרמען פון אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד. באַזונדערס איז ער געווען טעטיק ביים קאָנטראָלירן די אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן שונא. נאָך הייַנט ווערט זיין נאָמען אַ סך מאָל דערמאָנט מיט פּיעטעט און כבוד, צוליב זיין געוואַגטקייט אין די יאָרן פון דער אָקופּאַציע. ער פאַלט אַריין אין די לאַפּעס פון דער געסטאַפּאָ און ווערט אַרויסגעשיקט קיין אוישוויץ.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן זיין טאָכטער, וועלכע

האָט געהערט צו דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און מיט איר מסירות־נפש, זייענדיק טריי דעם לעבנס־וועג פון פאָטער, געשאַפן זיך אָנערקענונג אין דער פראַנצויזי־שער רעזיסטאַנס.

זאָלן די דאָזיקע שורות הייליקן דעם אָנדענק פון די פּאַלעניצער קדושים אין פּאַריז, וועלכע האָבן געטיילט דעם גורל פון זייערע פאַרשניטענע זעקס מיליאָן ברי־דער אין אייראָפּע.

# פּאַלעניצער אין פּאַריז בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע

יאַנקל קלימבערג
פּאַריז

ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן פיל פּאַלעניצער ייִדישע פאַמיליעס (אָדער יחי־דים) עמיגרירט אין דער הויפּטשטאָט פון פראַנקרייך, זוכנדיק דאָ פּרנסה און אַ ביסל מער פרייהייט ווי די, וואָס מ׳האָט געהאַט אין פּוילן. די א. ג. „פּאַלעניצער קאָלאָניע״ אין פּאַריז האָט זיך געלעבט גאַנץ גוט — ביזן אויסברוך פון קריג. מיטן אָקופּירן פראַנקרייך דורך די דייטשן, האָט זיך אָנגעהויבן דער דערנער־וועג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, בתוכם אויך — פון אונדזערע פּאַלעניצער. מיר האָבן געהאַט אַ גרויסן פאַרלוסט: איבער אַ העלפט פּאַלעניצער ייִדן, וואָס האָבן דעמאָלט געוווינט אין פּאַריז, זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ. זיי זענען געווען פון די ערשטע קרבנות, ווי נאָר ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אויסזיד־לונגען.

איך קלייב זיך נישט צו באַשרייבן דעם דורכגעמאַכטן וועג, ווייל דאָס צורירן זיך צו דער דאָזיקער טעמע, רופט ווידער אַרויס דאָס געשפּענס פון יענע יאָרן, וואָס מיר, אַ גרופּע פּאַלעניצער, האָבן אַדורכגעמאַכט.

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין פּאַריז, האָבן זיי וויזט אויס, באַקומען אַ באַפעל זיך „אויפצופירן לייַ־טיש״ און אין אָנהייב אויך נישט טשעפּען די ייִדן, ווייסנדיק, אַ סברה, אַז דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז נישט אָנגעשטעקט מיט אַזאַ אַנטיסעמיטיזם ווי אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע. אַ דאַנק דעם האָט ביי פיל ייִדן זיך געשאַפן די אילוזיע וועגן דער כלומרשטער דייטשער מילדקייט און מ׳האָט דעם אָקופּאַנט געשאָנקען צוטרוי. די רוצחים האָבן דאָס גוט אויסגענוצט — און אויך ייִדישע אונטערנעמונגען האָבן געאַרבעט פאַר היטלערס מלחמה־מאַשין.

דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. דעם 14טן מאַי 1941, זענען אַנטשטאַנען די ערשטע לאַגערן פאַר ייִדן: פּיטיוויע און באָן־לאַ־ראָלאַנד. אויך דאָ האָט מען צונויפגעטריבן די אומגליקלעכע ייִדן אונטערן אויס־רייד, אַז מע נעמט זיי צו אַרבעט. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, אין סעפּטעמבער 1941, איז דער זאַמלפּונקט אין דראַנסי פאַרוואַנדלט געוואָרן אַלס עטאַפּ־פּונקט פאַר די פראַנצויזישע ייִדן אין זייער לעצטן וועג קיין אוישוויץ. אין יוני 1942 באַווייזט זיך די פאַראָרדענונג וועגן טראָגן די געלע לאַטע. דעם 16טן יולי איז אַדורכגעפירט געוואָרן די גרויזאַמע אָבלאַווע אין פּאַריז. 30 טויזנט ייִדן זענען דאַן צונויפגעטריבן געוואָרן אין דער ווינטער־ספּאָרט־האַלע. יונגעלייט, פרויען, קינדער, זקנים — און צווישן זיי אויך — אונדזערע בני־עיר, זענען אין פאַרפּלאָמבירטע וואַגאָנען אָפּגעשיקט גע־וואָרן קיין אוישוויץ...

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דער פּאַלעניצער ייִד יעקב־יוסף באָסקי. ער האָט זיך מוסטערהאַפט געהאַלטן. אין לאַגער אין פראַנקרייך, שפּעטער אין אוישוויץ, האָבן אַלע באַוווּנדערט זיין גוטסקייט און זאָרג פאַר אַנדערע. פאַר יעדן האָט ער געפונען אַ וואָרט פון דערמוטיקונג און טרייסט.

אין אוישוויץ האָב איך זיך אויך געטראָפן מיט זלמן־יאָסל פּאַסקאַלינסקי. אַ צוגעלאָזענער און שטענדיק גרייט צו העלפן. ווען די דייטשן האָבן אויף די פראָנטן אָנגעהויבן באַקומען קלעפּ, איז זייער צאָרן אויסגע־לאָזט געוואָרן צו די ייִדן. די גאַז־אויוונס האָבן געאַר־בעט אינטענסיווער און די דעפּאָרטאַציעס ווי אויך דאָס אַריבערפירן די אינטערנירטע אין אַנדערע לאַגערן, איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט דער גרעסטער אַכזר־יותדיקייט. איך האָב זיך צעשיידט מיט פּאַסקאַלינסקין. שפּעטער, ווען כ׳בין באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי, האָט מען מיר דערציילט, אַז אויך פּאַס־קאַלינסקין איז געלונגען צו דערלעבן די באַפרייאונג,

נאָר פון דערשעפונג און קראַנקייטן, איז ער אין אַ צייט אַרום געשטאָרבן.

נאָך די אַלע שרעקלעכע איבערלעבונגען, אומקערנ־דיק זיך קיין פּאַריז, האָב איך געהאַט דאָס גליק צו טרעפן מיין פרוי און זון לעבעדיקע. עס האָט נאָך גענומען אַ סך צייט, ביז מיר איז געלונגען צו באַפרייען זיך פון געוויינהייטן און פירונגען אין די קאַשמאַר־יאָרן און אָנהייבן צוריק אַ נאָרמאַל לעבן.

ווי אַ געוועזענער קאַצעטלער, זעט מיר אויס היינט ווילד און פאַרברעכעריש דאָס איבערבעטן זיך מיט דייטשלאַנד מצד פראַנקרייך און די אַנדערע גרויס־מאַכטן...

# דער ערשטער טאָג אויף דער פריי

חיים איצל גאָלדשטיין *
פּאַריז

די וויטערדיקע שורות אין יזכור־בוך, ווי׳ל איך ווידמען די פאַרשניטענע יידן פון פאַלעניץ, וואָס האָבן געטיילט דעם גורל פון אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. זאָלן אויך די קומענדיקע דורות נישט פאַרגעסן און נישט לאָזן פאַרגעסן, ווירקן, אַז אַזעלכעס זאָל זיך נישט מער איבערחזרן.

*

געווען איז עס דעם 7טן יאַנואַר 1945. דעם טאָג האָט די רויטע אַרמיי באַפרייט וואַרשע — און איך בין אַרויס אויף דער פריי פון מיין באַהעלטעניש.

די שטאָט איז געווען חרוב, די גאַסן ווו עס איז געווען דאָס יידישע געטאָ — צעשטערט. אויך די איבעריקע טייל וואַרשע איז געווען שטאַרק רואי־נירט פון לעצטן אויפשטאַנד.

אַ ווייסער בלאַנקענדיקער שניי האָט צוגעדעקט די בערגלעך גרוזעס און ציגל — דער איבערבלייב פון די אַמאָליקע וואַרשעווער גאַסן, איינצלנע, נישט אינגאַנצן איינגעפאַלענע הייזער — צעלעכערטע און צעהאַקטע — האָבן אויסגעזען, ווי שטייענדיקע מתים אין ווייסע תכריכים. זיי האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָס איז אַמאָל אַ שטאָט געווען און דאָ האָבן מענטשן געלעבט.

דאָס איז געווען מיין ערשטער טאָג, וואָס איך האָב נאָך אַזוי פיל יאָרן מאַטערן זיך אין די לאַגערן, בונקערס, אַנטייל אין די אויפשטאַנדן — געטראָטן אויפן ווייסן שניי און געאָטעמט די לופט ווי אַ פרייער מענטש.

אין מיר האָט זיך אַלץ געריסן צום פרייען זיך. ווי אַ פויגל, וואָס מען האָט אַרויסגעלאָזט פון אַ שטייג, האָב איך זיך געפילט. פליען האָט זיך געוואָלט. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און געזען, אַז איך גיי אַליין. יאָ, איך גיי אַליין, אָן אַ שומר מיט אַ ביקס. איך האָב שוין געהאַט פאַרגעסן וואָס עס הייסט פרייהייט, נישט באַמערקט, אַז איך טרעט אויף חורבות און אונטער זיי — ליגן מיינע טייערע און נאָענטסטע. דאָס אינסטינקטיווע געשריי אין מיר צו דער פריי־הייט, איז תיכף אין מיר דערשטיקט געוואָרן. אַן אינערלעכער קול האָט צוריקגעשלאָגן:

— מענטש, דו ביסט פריי, אָבער נישט קיין סך פון דיינע האָבן דערלעבט די פרייהייט, אַז דו זאָלסט זיך קענען מיט זיי פרייען. דאָ, אונטער די חורבות, ליגן די, וואָס וואָלטן דיך איצט אויפגענומען. דיין מאַמע וואָלט דיך איצט באַדאַרפט אַרומכאַפּן קושן — „ווו ביסטו געווען אַזוי לאַנג, קינד מיינס״ — וואָלט זי מיט טרערן אין די אויגן אויסגערופן. דער טאַטע וואָלט מיין קאָפּ אין זיינע הענט אַריינגענומען און ברכות געגעבן. שוועסטער און קינדער וואָלטן פעסט אַרומגענומען און די פרוי וואָלט אַזוי שעמעוודיק איר קאָפּ אויף מיין ברוסט געלייגט און ליבלעך אין די אויגן אַריינגעקוקט. אַ באַפרייטער, אַן אויסגע־לייזטער וואָלט איך באַדאַרפט מיינע קינדער אויף די הענט כאַפּן, פעסט זיי צום האַרץ דריקן און פאַר פרייד טאַנצן.

אָט די פרייד וועל איך נישט האָבן. די אַלע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די מערדער אין די געטאָס פון די יידישע שטעט און שטעטלעך. ליגן ערגעץ אין די גריבער אויף אַלע וועגן. די לופט, וואָס איך אָטעם, איז דאָך פול מיט זיי. די קרעמאַטאָ־ריעס האָבן זיי מיטן רויך דורך די גרויסע קוימענס אויף הונדערטער קילאָמעטער פונאַנדערגעשפּרייט.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, און

---

* מחבר פונעם בוך „זיבן אין בונקער״.

מאָדנע: איך האָב זיך פאַר דעם קול, דעם אינער־לעכן קול, נישט געשראָקן. נישט מיט קיין פאַרוואָרף איז עס געווען, ניין. גיכער מיט געבעט, מיט רחמים האָט עס צו מיר גערעדט. ווי עס וואָלט מיר נישט שטערן געוואָלט אין מײַן גרויסער פרייד פון זײַן אויף דער פריי. גלײַכצײַטיק אָבער געבעטן נישט פאַר־געסן אין די, וואָס האָבן צו דעם נישט דערלעבט.

איך האָב פלוצים ווי ציטערן אָנגעהויבן. די פיס, וואָס זענען אָקאָרשט מיר אַזוי לײַכט געווען זענען ווי אונטערגעהאַקט געוואָרן.

איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אָן עפּעס אַ חרוב הויז און מיט די הענט די אויערן זיך פאַרשטעלט. איך האָב מורא געהאַט פאַר דעם קול, וואָס האָט מיך די גאַנצע צײַט באַגלייט. עס האָט נישט געהאָלפן מײַן ווערן און אַמפּערן זיך מיט אָט דער שטים. דאָס גליק, וואָס האָט זיך אין מײַן גאַנצן וועזן צעגאָסן, איז מיר נישט באַשערט געווען. איך בין ווי צוריק אין אויש־שוויץ: צוריק אין געראַנגל צווישן טויט און לעבן.

עס האָבן זיך אַ ריס געטאָן, ווי די ווילדע הינט, זכרונות איינע נאָך די אַנדערע. איך זע זיך אין אַ גרויסער ריי פון אָפּגעריסענע, האַלב־נאַקעטע מענ־טשן. אויסגעדאַרטע קערפּערס, געשוואָלענע פיס. עס־עס און קאַפּאָס מיט גראָבע שטעקנס אין די הענט שלאָגן איבער די נאַקעטע לײַבער און יאָגן אונטער — שנעלער! שנעלער! אַ סעלעקציע. אַנט־קעגן־איבער זענען די קרעמאַטאָריעס, מיט געדיכטע קנוילן רויך פון די קוימענס. נישט ווײַט פון אָט דעם שרעקלעכן בילד, ביים אָנהייב פון דער ריי — שטייט אַ טישל. צוויי עס־עס־לײַט סאָרטירן, קלויבן — ווער צום טויט און ווער צוריק צום מאַטערנדיקן לעבן. יעדעס מאָל, בעת איינער גייט צו צו זיי, שטרענג איך אָן מײַנע אויגן, ווײַל זען ווער פון מײַנע נאָענטע שטייט איצט פאַר זײַן גורלדיקער מינוט. אָט זע איך ווי דער עס־עס־מאַן גיט אַ שטופּ אַפּ אין אַ זײַט — צום טויט — חיימען, דעם ניינצן־יאָ־ריקן בחור. דער צווייטער אין ריי איז יאָסעלע. מיט ביידע באַקאַנט געווען. געקאָנט זיי פון פאַר דער מלחמה. צוזאַמען אין שפּאַניע געקעמפט. נאָך דעם זיי געטראָפן אין פּאַריז. און איידער איך האָב נאָך באַוויזן ווײַטער ציען דעם פאָדעם פון זכרונות, זע איך זיך ביים טישל. דער עס־עס־מאַן האָט מיך אַ שליידער געטאָן אין דער זײַט, צוריק אין בלאָק אַרײַן. דערווײַטערט דערווײַל דעם טויט, האָט אין מיר זיך עפּעס אָפּגערופן. אָבער אויף ווי לאַנג? אָ, ווי צעטומלט און דערשלאָגן איך בין דעמאָלט גע־ווען: אַפילו נישט באַוויזן אַ שאָקל צו געבן מיטן קאָפּ און זיך געזעגענען מיט מײַנע ליבע און נאָענ־טסטע.

איך בין שוין ווידער אין בלאָק. דער ווייטיק האָט געשטיקט. קיין טרערן זענען שוין נישט געווען. טרערן צו באַווײנען די אַלע נאָענטע, וואָס וועלן באַלד ווערן צו רויך...

און אָט זע איך פאַר די אויגן אַ ניי בילד: געווען איז עס אין יאָר 1943, אין אַ זונטיק נאָך מיטאָג. עס איז אָנהייב פרילינג. אַ ליכטיקער טאָג. די זון רייסט זיך דורך די שטעכל־דראָטן, וואַרפט אירע שטראַלן אויף די סקעלעטן־קערפּערס. גייענדיקע סקעלעטן, וואָס אַ סך פון זיי וויסן, אַז דאָס לעצטע מאָל „גע־ניסן" זיי פון אָט דער וואַרעמקייט.

איך בין געלעגן אין דרויסן פאַרן בלאָק. געשלונגען מיט זשעדנעקייט דאָס ליכט און די וואַרעמקייט. נישט ווייט, אַנטקעגנדיק, זענען געווען די דראָט־פאַרצוימונגען, איבער זיי — דער טורעם. אויבן זיצט אַ וועכטער, זײַנע אויגן זענען געצילט אין לאַגער אַרײַן. זיי זענען די גאַנצע צײַט געוואַנדן צו די באַראַקן און צום דראָטן־צוים — קוים דערנענ־טערט זיך ווער און פרוווט אַריבער. יאָ, אויך ער וואַרעמט זיך אויף דער זון, אויך ער האָט הנאה פון גאָטס ליכט — האָב איך אין דער רגע אַ טראַכט געטאָן.

האַרט אויף יענער זײַט איבער די דראָטן, האָט זיך געצויגן אַ וועג, וואָס האָט געפירט צו די גאַז־קאַמערן. קוקנדיק, זע איך אויף יענעם וועג אַ קעטשל מיט גרויסע, רויטע צלמים אויסגעמאָלן פון אַלע זײַטן. דאָס קעטשל פאָרט אין דער ריכטונג פון די גאַז־קאַמערן. דאָס האָט ווידער דערמאָנט, אַז עס איז פאַר אַן אַקציע: מען פירט שוין ווידער אַ טראַנס־פּאָרט אין קרעמאַטאָריע. יאָ, אויך אין די רו־טעג, האָט דער אויוון פון קרעמאַטאָריע נישט גערוט.

איך דריי זיך אויס מיטן פּנים אויף דער אַנדערער זײַט. עפּעס ווי איך וואָלט מורא געהאַט צו טרעפן זיך מיט די בליקן פון די וואָס מען פירט אַצינד אַהין. זיכער וועלן יענע בליקן, צום טויט דערשראָקענע, זוכן און פרעגן: וווּהין, וווּהין פירט מען אונדז?".

לעבן מיר, האָב איך באַמערקט, ליגט אַ ייד (אויך פון מיין בלאָק). מען האָט אים גערופן שלום. גערופן האָט מען, אַז ער איז געווען אַ רב אין אַ קליין שטעטל. איך ווייס נישט, אויף וויפל דאָס איז אמת. אָבער שטאַרק פרום איז ער יאָ געווען. דאָס דאַווענען, וואָס ער האָט געקענט פון אויסנווייניק, האָט ער נישט פאַרמיטן קיין איין טאָג. איבערהויפּט איז ער געווען שטאַרק פרום אין היטן מצוות און אין נישט לאָזן פאַרשוועכן די תורה און גאָטס נאָמען. אויף די פראַגן, פאַר וואָס דערלאָזט גאָט צו אַזעלכע פּייניקונגען פון זיינע יידן, פרויען, זקנים און קינדער — האָט ער שטענדיק געפונען ענטפערס און אַ סך מלמד־זכות געווען. זיין סוף פסוק איז תמיד געווען אַז גאָט וועט זיך סוף־כל־סוף דערבאַרעמען אויף די יידן און זיי אויסלייזן פון אַלע פורעניותן.

שלום איז דערווייל פון טאָג צו טאָג מאָגערער און אויסגעדאַרטער געוואָרן, קוים אויף די פיס זיך גע־האַלטן. ער ליגט איצט לעבן מיר און וואַרעמט זיך אויף דער זון. אויך זיינע אויגן וואָס שטאַרן אַרויס פון די אויגן־לעכער, קוקן אַהין פון יענער זייט דראָטן. זיינע ליפּן שעפּטשען עפּעס אין דער שטיל.

פּלוצים האָט ער זיך אַ האַסטיקן זעץ אויף געגעבן, מיך אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און אַ געשריי האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן:

— געוואַלד, זעט נאָר!

האָב איך זיך אויך דערשראָקן און אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין יענער זייט אַריין. איך בין ווי פאַר־גליווערט געוואָרן. אַזאַ בילד האָט דער גאָט פון די טייוולאָנים נישט געקענט אויסטראַכטן.

אויפן וועג צו דער קרעמאַטאָריע איז געגאַנגען צופוס אַ לאַנגע שורה מיט יידן. צו צוויי אין אַ ריי איז מען געגאַנגען, פון איין ריי צו דער צווייטער — עטלעכע מעטער אָפּשטאַנד. פון ביידע זייטן עס־עס־לייט.

דאָס איז געווען נישט קיין גרויסע ריי. עטלעכע צענדליק משפחות פון אַרום דער געגנט, וואָס מען האָט צונויפגענומען און געפירט דאָ אַהער אין קרע־מאַטאָריע אַריין. עטלעכע צענדליק משפחות, זיידעס, באָבעס מיט טעכטער, איידעמס, שנירן, קינדער און קינדער אויף די הענט פון פרויען. אַלע באַלאָדנט מיט פּעק און פּעקלעך, זעקלעך און קלומעקעס. גע־גאַנגען זענען זיי לאַנגזאַם. אויסגעמאַטערטע מסתמא פון לאַנגן וועג און פאַרשטויבטע. די פּעקלעך אויף די פּלייצעס מיט דער לאַטע האָבן זיי צו דער ערד געבויגן. אויך די קינדער מיט די קלומעקעס אונטערן אָרעם אָדער אַרומגעבונדן אַרום האַלדז, וואָס האָבן זיך פון ביידע זייטן געבאָמבלט — האָבן קוים זייערע פאַרמאַטערטע פיסלעך געשלעפּט. באַמערקנדיק אונדז, האָבן זייערע אייגעלעך ווי זיך געבעטן ביי אונדז:

— העלפט אונדז, מיר האָבן נישט קיין כוח מער צו גיין.

די עס־עס־לייט האָבן אָבער ווי די הינט זיי באַ־וואַכט און נישט געלאָזט קיינעם די אויגן אויפהייבן, דעם קאָפּ אין אַ זייט נישט אָפּבייגן. שטיל און רואיק זענען זיי געגאַנגען. אין דעם שטילן, רואיקן גיין איז געווען עפּעס פון אַ לוויה־גאַנג. נישט אַנדערש, נאָר זיי האָבן געוווּסט וווּהין און נאָך וואָס מען פירט זיי. אויב נישט געוווּסט, האָבן זיי אינסטינק־טיוו דערשפּירט, אַז דאָס איז זייער לעצטער גאַנג.

איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו ר׳ שלומען, וואָס איז געזעסן איינגעקאָרטשעט און געציטערט. ער האָט וואַרשיינלעך מער קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסריידן, נאָך יענעם פאַרצווייפלטן געשריי.

— וואָס זאָגט איר ערשט, ר׳ שלום, — האָט זיך מיר די פראַגע נישט ווילנדיק אַרויסגעריסן.

ער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע רחמנותדיקע אויגן און מיט אַ בעטנדיקער שטים מיר אַ זאָג גע־געבן:

— וואָס ווילט איר פון מיר? האָט רחמנות!

מער האָט ער נישט געקענט אַרויסריידן. ער האָט פאַרדעקט זיין פּנים מיט די הענט און אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעך געוויין.

דער צוג מיט די פאַרמשפּטע יידישע משפחות האָט זיך דערנענטערט. איך בין אויפגעשטאַנען, מיט אַלע מיינע כוחות אויפגעהויבן אויך ר׳ שלומען. איך האָב אים אונטערגעהאַלטן און צוזאַמען זענען מיר עטלעכע טריט געגאַנגען אַנטקעגן דער ריי מיט יידן. מער ווי אַ פּאָר טריט זענען מיר נישט געגאַנ־גען. פון דערווייטנס איז שוין געשטאַנען דער וואַך־פּאָסטן מיט זיין מאַשין־געווער און געוואַרט אויף אונדז...

*

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון מיינע מחש־בות, האָט שוין אָנגעהויבן טונקל ווערן. עס האָט מיך

אַרומגענומען אַ קעלט און אַ ציטערניש. איך האָב זיך געפילט עלנט און פאַרלאָרן. בין איך טאַקע איי־נער אַליין פאַרבליבן? איך האָב גענומען שנעל גיין אין דער ריכטונג ווו די עלעקטרישע פייערלעך האָבן זיך גענומען צינדן. מיט שווערער מי האָב איך זיך דערקליבן קיין פּראַגע, וואָס איז שוין באַפרייט געווען פון עטלעכע חדשים פריער.

אין אַ הויז, אויף אַ גאַס, וואָס איך געדענק שוין נישט איר נאָמען, האָב איך באַגעגנט יידישע מענ־טשן — אַ יידישער קאָמיטעט. דאָרט האָב איך צום ערשטן מאָל זיך געטראָפן מיט נאָך עטלעכע יידן, פרויען און מענער, יונגע מענטשן — גראַטעוועטע רעשטלעך פון פּוילישן יידנטום. אַלע פאַרמאַטערטע, צעבראָכענע, עלנטע, ווי איך.

כאָטש אָפּגעפּרעמדטע, אומבאַקאַנטע, האָט מען זיך דאָך היימיש געפילט: געטוליעט זיך איינער צום אַנדערן, באַוואָרפן זיך מיט פראַגן וועגן אייגענע, באַקאַנטע, שטאָטישע. נעמען פון קרובים און באַ־קאַנטע זענען געפאַלן, זיפצן, אָכצן און טרערן זענען געווען די באַגלייטער פון אָט דער באַגעגעניש מיט יעדן ניי־אַריינגעקומענעם.

בעת איך בין דאָרטן געזעסן, האָב איך און יעדער וואָס איז דאָרט געווען, ביי יעדן עפן פון דער טיר, אויסגעדרייט דעם קאָפּ: מע האָט געזוכט, געוואָרט, געהאָפט, אַז עמעצער פון די נאָענטע, פון דער משפחה, וועט זיך אין דער טיר באַווייזן.

קיין שום אויסדרוק פון פרייד, פון פרייע מענטשן, איז דעמאָלט אויף קיינעמס פּנים נישט געווען. אין די גרויסע, ליידיקע צימערן איז געווען אומהיימלעך. יעדער איז זיך געלעגן אין אַ ווינקל: אין דער שטיל געוויינט, געבענקט און געהאָפט. מען האָט אין זיך אַרויסגערופן זכרונות פון יענער צייט, ווען מען איז נאָך אַ מענטש געווען מיט מענטשן גלייך: אַרומגע־רינגלט מיט דער אייגענער משפחה און מיט קרובים.

איך בין אויך אין אַ ווינקל געלעגן. דער קאָפּ האָט שטאַרק ווי געטאָן. אין די שלייפן האָט געהאַקט. אַ מידער צעבראָכענער ייד אויף דער פריי. — איך האָב געוואָרעמט מיין זכרון מיט זכרונות פון גע־שטאַלטן, אייגענע און נאָענטע, וואָס זענען מיר כסדר פאַר די אויגן געשטאַנען. דאָס קול, דאָס אינער־לעכע קול אין מיר, האָט מיך גערופן צו וואַכזאַמקייט און נישט געלאָזט פאַרגעסן אין די אַלע, וואָס אונ־טער די חורבות.

ניין, איך וועל נישט פאַרגעסן. איך וועל געדענקען און מאָנען פאַר אייך גערעכטיקייט.

# אויף דער „ליניע"

ד״ר ח. שאַשקעס

(פונעם בוך „פּוילן — 1946", איינדרוקן פון אַ רייזע. אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַר־באַנד פון די פּוילישע יידן אין אַרגענטינע, בוענאָס־איירעס, 1946).

...און נאָכדעם פאָרט מיין אויטאָמאָביל דורך פּאַלע־ניץ, אַמאָל אַ יידיש שטעטל פול מיט חסידים; מיט אַ הילצערנעם וואָקזאַל, אַרום וועלכן די באַוועגונג איז געווען ענלעך צום „טיימס סקווער", אָדער צום „פּיקאַדילי סוירקוס" אין לאָנדאָן; מער נישט, פּיל־פּיל־נערוועזער, מיט וויניקער סדר, מיט פּאָכנדיקע קאָפּאָטעס, מיט יידענעס אין שייטלעך, וועלכע טראָגן קערבלעך, פון וועלכע עס קוואָקען קאַטשקעס, קרייען הענער... מיט בעקנס פול מיט קלעפּעדיקן פלאָדן, באַדעקט מיט פליגן; מיט קאַשיקעס בייגלעך, אַ טוץ פּאָר אַ פינפער, מיט יינגעלעך אין שוואַרצע קאַש־קעטלעך, באַצירט מיט אַ טלית־קטן, פון וועלכן די ציצית שלעפּן זיך אַזש אויפן גאַלן זאַמד... פּאַלעניץ — די זומערדיקע הויפּטשטאָט פון גערער רבין שליט״א — ווו איך האָב בייגעוווינט דעם באַרימטן ברית פון זיין בן־זקונים (דער רבי אַליין איז דעמאָלט שוין געווען אַ בן־שבעים און איז היינט אין ירושלים). דאָס איז געווען אין אַ שבת. די וועלדער אַרום פּאַלע־ניץ זענען שוין פון פרייטיק אָן געווען געפּאַקט מיט טויזנטער חסידים, וועלכע זענען זיך אָנגעפאָרן אַלס געסט צו זייער געליבטן רבין. אַ ים מיט בערד: ווייסע, געלע, שוואַרצע, ברוינע, האָט זיך געמישט מיט דער מחיהדיקער גרינקייט פון די סאָסנעס און יונגע לאָנ־קעס, ווו אויפן פרישן גראָז זענען געלעגן, געזעסן, גע־



קבוצת חיילים משוחררים בני פאלניץ (1945)

אַ גרופּע פּאַלעניצער באַפרייטע זעלנער (1945)

שטאַנען שבת־יום־טובדיקע יידן — אורחים אויף דעם רבינס שמחה.

און פון מיכאַלין, פון דערבייאיקן שטעטל, זענען מיר אַרויס אַנקוקן דעם ברית: דער פאַרשטאָרבענער רעדאַקטאָר פון „היינט", אברהם גאָלדבערג, דער דער־הרגעטער אין געטאָ ברויזנדיקער פובליציסט אהרן איינהאָרן און איך.

מיר זענען דאַן געגאַנגען האָפערדיק־זומערדיק — געסט אויף אַ פרעמדער חתונה... מיט צוואַנציק יאָר צוריק איז דאָס געווען: די וועלט איז געווען יונג און מיר, פריילעכע און האָפענונגספולע, זענען מיר פאַר־האַלטן געוואָרן דורך אַ גרופּע יונגע חסידים, שוואַרץ־באַבערדלטע יונגעלייט, וועלכע האָבן שאַרף פּראָטעס־טירט קעגן די „חצופים", היינטוועלטיקע, וואָס גייען שבת און אָן היטלען, דירעקט צום רבינס ברית.

— וואָס איז דאָס פאַר אייך? אַ טעאַטער, רחמנא־ליצלן, אַ צירק, ווו איר גייט הנאה האָבן? גייט, גייט זיך צוריק, פון וואַנען איר זענט געקומען...

און דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ טאָן און מיט אַזעלכע אומצווייידייטיקע נענועים מיט די הענט, אַז מיר האָבן זיך אָפּגעטראָגן צוריק צו אונדזער וויללע אין מיכאַלין. דער היציקער „געלער" איינהאָרן האָט לכתחילה אַפילו געפּרוווט פּראָטעסטירן, אָנגערופן די באַבערדלטע חסידים „ווילדע מענטשן, וואָס איר זענט", אָבער עס האָט נישט געהאָלפן: מיר האָבן זיך פלוצלינג דערפילט צווישן אַ מענטשן־ים פון קעגנער פאַר וועלכע „שבת און רבי" זענען הייליק אָן קאָמ־פּראָמיסן. פאַר נייגעריקע טוריסטן איז אין יענעם הייסן שבת אין פּאַלעניץ קיין אָרט נישט געווען...

איצט קוק איך אָן יענע וויללע ווו דער ברית איז פּאַרגעקומען: צוויי קאַטוילישע נאָנעס מיט פינצטערע פרומע פּנימער, מיט פאַרשנירטע ליפּן, אין ברייטע געפאַלדעוועטע שוואַרצע קליידער, גייען אונדז אַרויס אַנטקעגן: געמיינט, אַז דער אויטאָמאָביל איז געקומען צו זיי צו גאַסט. אויפן טויער אָן אויפשריפט: „הויז פאַר אַלטע פון די שוועסטערס פון הייליקן האַרץ־אָרדן"...

קוואטש! צביעות! נישט קיין „הייליקע", נישט קיין

„שוועסטער" און געזוויס שוין נישט קיין „האַרץ"! אַ מאָרד איז דאָ געשען, אַ ווילדער מאָרד איבער אַ פאָלק, איבער מיליאָנען אומשולדיקע!

און פאָרט: איז דאָך דאָס דער זעלבער פלאַץ, די זעלבעביימער און דער זעלבער הימל איבער מיר. איך הייב אויף צו אים די אויגן און אין ווייטיקלעכן פראָטעסט וויינט מיין נשמה...

און אָט פאָר איך ווייטער פאַרביי יוזעפאָוו, שווידער, ווו איך האָב פרייד און זון און יוגנט געזען; ווו גאַנץ וואַרשע, די פרייע, די חסידישע, די אַריסטאָקראַטישע אָדער באַלעבאַטישע, איז זומער אויף דער דאַטשע אַרויסגעפאָרן, ווו שידוכים זענען געשלאָסן געוואָרן, ליבעס האָט מען געשפּילט; דאָס ביסל עולם הזה פון גלות־לעבן האָט מען פאַר קליינגעלט איינגעקאַסירט... ווער פון אונדז איז כאָטש איין מאָל דאָ נישט גליקלעך געווען, אויף פליגלען פון האָפענונגען און חלומות געשוועבט. דאָ געדענק איך אויף אַ באַנק נעבן גרינעם פלויט, האָבן דיסקוטירט מיט זייער עכט פּוילישן „ענק" און „יאַך" יידישע שרייבער. דאָ, אין יענעם „פענסיאָנאַט יעוועגעניאַ", שוין האַרט נעבן אָטוואָצק, פלעג איך מיינע „וויקענדס" פאַרברענגען צוזאַמען מיט קיפּניס, מיט זמרה זעליגפעלד, מיטן סקולפּטאָר אָסטזשעגאַ, עס פלעגט אונדז באַזוכן אַלס גאַסט ד"ר יהושע גאָטליב, שטענדיק אַ ביסל סקעפּטיש־ציניש, אַלאַ דוד פרישמאַן — אָבער וואַ־עם־אויפריכטיק, ווען עס פלעגט קומען צו ארץ־ישראל. און אַ צווייטער יהושע פראָפּוס, פון „מאָמענט", האָט דאָ אַלץ אַ שידוך געזוכט. אפשר פערציק יאָר געזוכט און געפאַלן ענדלעך אין געטאָ אַלס אַ חתן פון טויט.

עס זיצן אין ווינקל אויף דער וועראַנדע ז. סעגאַלאָוויטש, דער שטענדיק אין עמעצן פאַרליבטער דיכטער, און יוסף טונקל, דער פילאָזאָפישער הומאָריסט, זיי דערציילן זיך מעשיות וועגן די אומצאָליקע נצחונות, וואָס זיי האָבן אָפּגעהאַלטן איבער פרויען, איבער וווּנדערבאַרע שיינהייטן, פרינצעסינס פון טויזנט און איין נאַכט... „זאָלן זיי דערציילן, וועמען אַרט דאָס? דערציילט איך! סיי ווי וועט מען מיר, דיר און זיי נישט גלייבן"...

אַ שטיק געשיכטע פון יידישע ליטעראַטן און יידישער ליטעראַטור האָט זיך יאָרנלאַנג געוועבט הינטער די ווייסע ווענט פון איצט פאַרשקלאַפטן „פענסיאָנאַט עאוגעניאַ" אין אָטוואָצק. אָרעמע יידישע ראָמאַנטיק, וואָס איז דאָ פאַרוועלקט געוואָרן אין אירע יונגע יאָרן, ווו־ווו וועט זי ווידער אויפבליען? אפשר אין לעיקווּד? איך גלייב קוים...

# טעטיקייט פון אירגון יוצאי פאלעניץ אין ישראל - פון 1948 ביז 1965

חיים גאָלדבערג
תל־אביב
יחזקאל פינקעלשטיין
רמת־גן

די פּאַלעניצער לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע אין דער יידישער מדינה (אירגון יוצאי פאלניץ בישראל) איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1948. די גרויסע עליה־כוואַליעס פון דער שארית־הפליטה נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, האָבן געבראַכט אַהער אויך ניצול־געוואָרענע יחידים פונעם פּאַלעניצער יידישן קיבוץ. צווישן זיי — דעם שרייבער פון די שורות, וועלכער איז געווען זיכער, אַז ער וועט דאָ טרעפן אַן אָרגאַני־זירטע לאַנדסמאַנשאַפט. ליידער, אַזעלכעס האָט נישט עקזיסטירט. ערשט נאָכן אויפזוכן די בני־עיר: יוסף שאַרפשטעכער, משה צעשינסקי (שני), שלמה פרידמאַן, אלתר ליבערמאַן ז"ל — איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו אויפצושטעלן דעם אירגון.

מיר האָבן געהאַלטן פאַרן ערשטן און וויכטיקסטן חוב איינצואָרדענען אַן אזכרה צו באַערן די קדושים פון פּאַלעניץ. אָבער ווען פאַלט אויס די יאָרצייט? מיר האָבן אַפילו נישט געוווּסט די גענויע דאַטע פון ענדגילטיקן אומברענגען די פּאַלעניצער יידן. צופעליק האָט ביי איינעם פון דער שארית־הפליטה זיך געפונען אַ בילד פון הערשל גאָלדבערג הי"ד, וועלכער איז צוזאַמען מיט נאָך 100 יוגנטלעכע, באַשעפטיקטע אין טאַרטאַק, אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַ בעסט־יאַלישן אופן דורך די דייטשע רוצחים און זייערע העלפערס. אויף דער אַנדערער זייט פון בילד איז געווען אָנגעשריבן די טראַגישע דאַטע: 20סטער אויגוסט 1942. דערנאָך האָט אונדז אַ רב איבערגע־געבן ווען עס פאַלט אויס די אַנטשפּרעכנדיקע יידישע דאַטע — ז' אלול — און פון דעמאָלט ווערט דורך אונדז אָפּגעהיטן דער טאָג פאַר דער יערלעכער הזכרה.

*

אַז מע האָט שוין געוווּסט די גענויע דאַטע, זענען צו דער ערשטער אזכרה, וואָס איז פאַרגעקומען אויפן הויף פון אונדזער לאַנדסמאַן אלתר ליבערמאַן, פאַר־בעטן געוואָרן אַרום 30 פּאַלעניצער, וועמענס אַדרעסן זענען געווען באַקאַנט. נאָכן יזכור־טייל איז מען צו־געטראָטן באַהאַנדלען אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים. דע־מאָלט איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן די ערשטע פאַרוואַלטונג פונעם אירגון אין פאָלגנדיקן צוזאַמענ־שטעל: אלתר ליבערמאַן, משה צעשינסקי, מרדכי אפּולקער, מענדל דולמאַן, חנה קאַפּטשינסקי יעקב שעדלעצקי און חיים גאָלדבערג.

**אכטונג יוצאי פאלעניץ**

זונטיק, דעם 20־טן אויגוסט, ז. אלול, תש"י 8 אָוונט וועט פאָרקומען אין הויף
פון אלתר ליבערמאַן, ת"א, רח' שד' קרן־קימת 61 אַ

**א ז כ ר ה**

אַלע יוצאי פּאַלעניץ ווערן געבעטן זיך צו באַטייליקן.

**אכטונג יוצאי פאלעניץ!**

דינסטיק, דעם 1־טן אויגוסט ה. י. 8 אַ זייגער אָוונט וועט פאָרקומען אַ

**פאַרזאַמלונג פון יוצאי פאלעניץ**

אין הויף פון אלתר ליבערמאַן, ת"א, רח' שד' קרן־קימת 61.
אַלע יוצאי פּאַלעניץ ווערן איינגעלאַדן זיין צו באַטייליקן.

**ש ר פ ש כ ט ר**

ערשטע מעלדונגען אין „נייוועלט" וועגן דער אזכרה
און פאַרזאַמלונג פון די פּאַלעניצער אין ישראל

דער קאָמיטעט האָט געהאַלטן, אַז קודם־כל דאַרף מען טראַכטן ווי אַזוי פאַראייביקן די פאַרשניטענע יידישע קהילה אין פּאַלעניץ. די ערשטע פּראָיעקטן פאַר דעם צוועק זענען געווען: שרייבן אַ ספר־תורה לזכר די קדושים און פלאַנצן 300 ביימער אין יער הקדושים. ליידער, איז דער אירגון געווען אָרעם אויף צו רעאַליזירן אַפילו איינעם פון די פּראָיעקטן.

אין יענע טעג האָט אונדזערס אַ בן־עיר זיך געווענדט צום קאָמיטעט וועגן אַן הלוואה, וואָס זאָל אים עקאָנאָ־מיש שטעלן אויף די פיס. האָבן די חברים אַדורכגע־פירט צווישן זיך אַ „מגבית" אויף דער זיצונג און ס'איז געשאַפן געוואָרן די סומע פון 35 ל"י — אין יענער צייט אַ באַדייטנדיקער סכום, וועלכער האָט דערמעגלעכט דעם חבר צו זיכערן זיך אַן עקזיסטענץ.



קבלת פנים בתל־אביב (1964) לכבוד מר אלי סולניצקי ורעייתו מפאריז. עומדים (מימין): י. פינקלשטיין, שרפשכטר, ירקוני (מאירגון יוצאי אוטבוצק), י. ז׳בראק ז״ל, שני, ח. גולדברג, ט. לטוביצקי. יושבים (מימין): הזוג סולניצקי, צ. גרינפס, ח. מיודובסקי, גב׳ אסתר בידרמן, עורך הספר ד. שטוקפיש.

קבלת־פנים אין תל־אביב (1964) לכבוד אלי סאָלניצקי און זיין פרוי פון פּאַריז. שטייען (פון רעכטס): י. פינקעלשטיין, שאַרפשעכטער, ירקוני (פון די אָטוואָצקער), י. זשעבראַק ז״ל, שני, ח. גאָלדבערג, ט. לאַטאָוויצקי. זיצן פון רעכטס: דאָס פּאָרפּאָלק סאָלניצקי, צבי גרינפּאַס, ח. מיאַדאָווסקי, פרוי אסתר בידערמאַן, רעדאַקטאָר פון בוך ד. שטאָקפיש.

ביזן היינטיקן טאָג איז אונדז דער חבר דאַנקבאַר פאַר דער שטיצע.

*

דער ענין פאַראייביקונג האָט אונדז נישט געלאָזט רוען — און די פאַרוואַלטונג באַשליסט אַדורכצופירן אַ ספּעציעלע זאַמל־אַקציע, כדי צו קענען פלאַנצן אין יער הקדושים 300 ביימער. אַ דאַנק דער איבערגע־געבנקייט פון חבר אלתר ליבערמאַן ז״ל און ח. גאָלד־בערג, איז נאָך פיל באַזוכן ביי די פאַלעניצער, גע־לונגען צונויפצושטעלן צוויי דריטל פון דער סומע. דער חבר יוסף שאַרפשעכטער האָט אויסגעבאָרגט נאָך אַ דריטל — און דעם 21סטן פעברואַר 1950 זענען מיר פון קרן־קימת־לאָקאַל אין תל־אביב, אויף רח׳ שאפירא 11, אַרויסגעפאָרן, אַרום 20 פאַלעניצער, אין יער הקדושים, וווּ יעדער האָט פאַרפלאַנצט אַ בוים. מיט אַ געפיל פון סאַטיספאַקציע האָבן מיר זיך אומגעקערט אַהיים, אַז דאָך איז עפּעס געטאָן געוואָרן צו פאַר־אייביקן אונדזערע קדושים.

פאַרשטייט זיך, אַז מיט דעם האָט מען נישט גע־טראַכט צו באַגנוגענען זיך און עס האָט זיך געוואָלט אויף אַ מער בולטן און עפעקטיווערן אופן פאַראיי־ביקן די יידישע פאַלעניץ. די קליינע צאָל מענטשן און די זייער אָרעמע קאַסע, ווי אויך דאָס פעלן פון קאָנ־טאַקטן מיט די פאַלעניצער אין אויסלאַנד, האָבן נישט דערמעגלעכט צו רעאַליזירן וויכטיקע פּלענער.

*

אין יאָר 1953 איז פאָרגעקומען אַ גרעסערע פאַר־זאַמלונג פון די פאַלעניצער. געקומען זענען כמעט אַלע בני־עיר, וואָס האָבן זיך געפונען אין לאַנד, אויך פון חיפה און אַנדערע ערטער. נאָכן דערעפענונגס־וואָרט פון ח. גאָלדבערג, האָט ח׳ חיים מיאַדאָווסקי דער־ציילט וועגן שטעטל, איר פאַרגאַנגענהייט און געזעל־שאַפטלעך לעבן, אירע טיפן און געשטאַלטן. דער פאָרשטייער פון התאחדות עולי פולין, ה׳ גאָלדמאַן, לייגט פאָר מיר זאָלן צושטיין צום פאַרבאַנד פון די פוילישע לאַנדסמאַנשאַפטן. ח׳ שלמה פרידמאַן לייגט פאָר אויפצושטעלן אַן אַרכיוו, וווּ פאַלעניצער זאָלן אַריינשיקן בילדער, דאָקומענטן און זכרונות פון

שטעטל. צו דעם צוועק ווערט אויסגעקליבן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע: שלמה פרידמאַן, צבי גרינפּאַס, אברהם פרידמאַן. דער שרייבער פון די שורות לייגט פאָר אויפצושטעלן אַ דענקמאָל וואָס זאָל פאַראייביקן פּאַלעניץ און אויך שאַפן אַ פאָנד פאַר קעגנזייטיקער הילף (גמילות־חסדים־קאַסע).

זאָל ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט ווערן צום גוטן דער חבר ישראל גאָלדבערג ז״ל (ישראלקע מאַלאַזש) צוליב זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דעם פּאַלעניצער אירגון. ער האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן איינע פון די ערשטע פאַרזאַמלונגען אין דער שול פון הפועל המזרחי אויף דער אחד־העם־גאַס אין תל־אביב און אַ דאַנק דעם פאַרשפּאָרט אַ סך אויסגאַבן אויף אַ לאָקאַל. ער איז געווען אַ זייער טיכטיקער און איבערגעגעבענער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד, גענומען אויף זיך און דורכגעפירט אַ סך אויפגאַבן.

אויך דער חבר יוסף זשעבראַק ז״ל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַקטיוויקייט און איבערגעגעבנקייט לטובת די פּאַלעניצער. אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגליד האָט ער געפירט די ביכער פון אירגון און געווען אויך סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, און באַטייליקט זיך אין אַלע אַרבעטן פון אירגון.

אין די יאָרן 1954—1957 איז די טעטיקייט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע געפירט געוואָרן אין אַ קליינעם פאַרנעם. בלויז די דאַטע פון דער יערלעכער אזכרה איז אָפּגעהיטן געוואָרן. אויף יעדער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג אין יענער תקופה האָט מען באַטראַכט די לאַגע אין אירגון, געוואָלט אַ שטופּ טאָן די ענינים פאָרויס — אָבער אָן רעזולטאַטן. סוף 1957 האָבן די חברים יוסף זשעבראַק ז״ל, צבי גרינפּאַס פון חיפה, מרדכי אפּולקע פון כפר הרואה, יוסף שאַרפשעכטער און ח. גאָלדבערג (פאָרזיצער), באַשלאָסן אויפצולעבן דעם אירגון און צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די פּאַלעניצער. 120 בני־עיר האָבן דעם 26סטן נאָוועמבער 1957 זיך פאַרזאַמלט אין זאַל „יהודה" אין תל־אביב און מיט דער גרעסטער ערנסטקייט און אחריות זיך באַשעפטיקט מיט די צוויי הויפּט־פּראָבלעמען: אויסקלייבן אַ נייע פאַרוואַלטונג און אויפשטעלן אַ הילפס־קאָמיסיע, כדי צו פאַרלייכטערן די פּאַלעניצער, וואָס האָבן אין יענעם יאָר עו׳לה געווען פון פּוילן, זיך איי־נצואָרדענען אין לאַנד. אויפן אָרט איז געשאַפן געוואָרן אַ סומע פון 630 ל״י. שפּעטער האָט דער שרייבער פון די שורות, צוזאַמען מיט משה צעשינסקי, באַזוכט עטלעכע פּאַלעניצער



חלק מבני־פּאַלניץ בקבלת הפנים לזוג סולניצקי מפאריס

אַ טייל פּאַלעניצער אויפן קבלת־פּנים פאַרן פּאָרפאָלק סאָלניצקי פון פּאַריז



חלק מבני־פאַלניץ בקבלת הפנים לזוג סולניצקי מפאריס

אַ טייל פאַלעניצער אויפן קבלת־פנים פאַרן פּאָרפאָלק סאָלניצקי פון פאַריז



וועלכע זענען אויף דער פאַרזאַמלונג נישט געווען און צוגעשאַפט די סומע פון נאָך 300 ל״י.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף אַזאַ אופן: פאָרזיצער — ח. גאָלדבערג, סעקרעטאַר — יחזקאל פינקעלשטיין, קאַסירער — יוסף שאַרפשעכטער, יוסף זשעבראַק ז״ל, צבי גרינפאַס, משה צעשינסקי, חיים מיאַדאָווסקי, שלמה פרידמאַן און יעקב שעדלעצקי.

איינער פון די ערשטע אויפטועך פון דער נייער פאַרוואַלטונג איז געווען רעגולירן די טעטיקייט פון דער גמילות־חסדים־קאַסע. יעדער האָט געקענט באַקומען אַ הלוואה ביז 150 ל״י. אונדזערע פאַלעניצער האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס גוטע צאָלערס, צו דער צייט אַריינגעטראָגן די ראַטעס, וואָס האָט דערמעגלעכט אַ נאָרמאַלע פונקציאָנירונג פון דער קאַסע. געווען אויך פאַלן, אַז די פאַרוואַלטונג האָט געגעבן איינמאַליקע הילף די גאָר נויטבאַדערפטיקע.

צווישן די נייע עולים האָבן אויך נישט פאַרפעלט קיין פאַלעניצער, וואָס האָט אַרויפגעלייגט אויף דער קאַסע גרעסערע אויפגאַבן און אויסגאַבן. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון שלמה פרידמאַן, משה צעשינסקי און זיך פרוי און דער שרייבער פון די שורות האָבן אַדורכגעפירט אַ געלונגענעם פורים־אָוונט, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ הכנסה פון 200 ל״י פאַר דער קאַסע. פאַרשטייט זיך, אַז אויך דער מאָראַלישער דערפאָלג פון דער אונטערנעמונג איז געווען אַ גרויסער.

*

אין יאָר 1958 ווערט די טעטיקייט פון אירגון ווידער אָפּגעשוואַכט. דאָס מאָל צוליב אינערלעכע רייבונגען און מיינונגס־פאַרשידנקייטן, וואָס האָט זיך אָפּגערופן נעגאַטיוו אויף דער טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. אויף אַ ספּעציעלער זיצונג מיטן אָנטייל פון די חברים יוסף זשעבראַק ז״ל, יוסף שאַרפשעכטער, אסתר בידערמאַן, באַשע יאַבלאָנאָוויטש, בלומע גרינבערג, פּיוול קאַפּוצינסקי, ישראל רינג און חיים גאָלדבערג — נאָכן אויסהערן אַן אינפאָרמאַציע וועגן דער לאַגע אין אירגון, איז באַשלאָסן געוואָרן איינצצוואָרדענען אַ פייערלעכן אָוונט מיט אַן אַרטיסטישן פּראָגראַם (מיטן אָנטייל פונעם קינסטלער שמאי ראָזענבלום) — וואָס האָט אַריינגעבענגט אַ ריינע הכנסה פון 200 ל״י. אָבער פאַר אַלעמען האָט דער דאָזיקער נשף געגעבן אַ שטויס צו באַנייטער אַקטיווקייט לטובת די פאַלעניצער אין ישראל.

*

אין די יאָרן 1959 און 1960 זענען פאָרגעקומען עטלעכע אָוונטן, מיט אַן אַרטיסטישן פּראָגראַם, אויספלעטונג — און ביי געדעקטע טישן. אייניקע חברים פון דער פאַרוואַלטונג האָבן באַזוכט פיל פאַלעניצער היימען און געזאַמלט פאַר׳ן פאָנד פון דער הילפס־קאַסע, ווי אויך איינגעמאָנט די חובות פון די הלוואות. דער באַריכט פון 9.10.1960 באַווייזט, אַז אין דער קאַסע האָט זיך געפונען אַ סומע פון 1831 ל״י. מיט אַזאַ סכום האָט מען ווידער געקענט העלפן נויטבאַדערפטיקע פאַלעניצער מיט אַן הלוואה.




גל־עד לקדושי פאַלניץ במרתף השואה בירושלים
אָנדענק־שטיין לזכר די קדושי פאַלעניץ אין „מרתף השואה״ אין ירושלים

אין דעצעמבער 1961 איז באַשלאָסן געוואָרן מערער זיך ווידמען דעם אירגון. אויף אַ זיצונג מיטן אָנטייל פון די חברים: מיאַדאָווסקי, זשעבראַק, פינקעלשטיין, שאַרפשעכטער, צעשינסקי, גאָלדפאַרב, שעדלעצקי, אסתר בידערמאַן און גאָלדבערג, איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ גענויער פינאַנסיעלער באַריכט: מזומן געלט אין קאַסע האָט זיך געפונען 313 ל״י; אין באַנק — 351 ל״י און אין וועקסלען (חובות) — 1,145 ל״י. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יוסף שאַרפשעכטער זאָל פאַרוואַלטן מיט די פינאַנסן און יחזקאל פינקעלשטיין — די בוכפירונג. גלייכצייטיק איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ס׳איז געקומען די צייט אַרויסצוגעבן אַ ספר יזכור צו פאַראייביקן די אומגעבראַכטע ידישע פאַלעניץ. נאָך פריער פאַר אַלעמען האָט מען באַדאַרפט צונויפשטעלן אַ גרעסערע סומע, כדי אַנגאַזשירן זיך אין אַזאַ גרויסן אויפטו. די־

געלט־זאַמלונגען זענען איצט געפירט געוואָרן אויף אַן אינטענסיוון אופן און אין צוויי ריכטונגען: פאַרן ספר און פאַר דער קאַסע. אונדזערע בני־עיר האָבן זיך גינסטיק אָפּגערופן אויף ביידע אַקציעס. עס האָבן אָנגעהויבן אויך אָנקומען אַרטיקלען און זכרונות פאַרן בוך, בילדער און דאָקומענטן.

*

אין יאָר 1962 האָט די פאַרוואַלטונג באַשטימט די חברים טוביה לאַטאָוויצקי און חיים מיאַדאָווסקי אַלס רעדאַקציע־קאָלעגיע פאַר ספר יזכור. נאָכן אָנגאַזשירן דורך זיי אַלס רעדאַקטאָר פון בוך, פריינד דוד שטאָקפיש, האָט זיך אָנגעהויבן די קאָנקרעטע אַרבעט פאַרן ספר. אויך אין אַמעריקע האָט דער באַזוך פון חבר י. שאַרפשעכטעט באַוויזן דאָרט די פּאַלעניצער, בראש מיט שלמה אדיבי (פרידמאַן) צו אינטערעסירן זיך מיט אונדזער אויסגאַבע, אַריינשיקן געלט און מאַטעריאַלן.

אין יאָר 1963 האָט די פאַרוואַלטונג אַריינגעשטעלט אין מרתף השואה אין ירושלים אַן אָנדענקשטיין מיט אַ פּאַסיקן אויפשריפט לזכר די קדושי פּאַלעניץ.

דער געלונגענער חנוכה־אָוונט אין דעם זעלבן יאָר האָט געגעבן אַ ווייטערדיקן שטויס אין די אַרבעטן פאַרן ספר. פּאַלעניצער האָבן אָנגעהויבן אַריינשיקן זייערע זכרונות פון דער אַלטער היים און אויך באַשטייערונגען.

די ווייטערדיקע יאָרן — 1964 און 1965, זענען בעצם געווען געווידמעט דער עיקר די קאָלאָסאַלע מאַטעריעלע און מאָראַלישע אויפגאַבן צום פאַרענדיקן אַרויסגעבן דאָס בוך. אומצאָליקע זיצונגען, צוזאַמענטרעפן, באַראַטונגען, קאָנטאַקטן מיט אויסלאַנד, באַזוכן ביי פּאַלעניצער, כדי זיי דערמוטיקן צום שרייבן און איבערגעמען בילדער מיט דאָקומענטן, האָבן כסדר באַשעפטיקט די פאַרוואַלטונגסמיטגלידער. עס זענען אויך אויסגעברייטערט און פאַרפעסטיקט געוואָרן אונדזערע קאָנטאַקטן מיט די פּאַלעניצער אין דער גאָרער וועלט. עס זענען געקומען פיל פּאַלעניצער אַלס טוריסטן, וועלכע מיר האָבן אויפגענומען אויף מסיבות און ספּעציעלע קבלת־פנים־אָוונטן. מיר האַלטן פאַר זייער וויכטיק דעם קבלת־פנים, וואָס איז פאַרגעקומען ביי געדעקטע טישן, אין אַ גרעסערן זאַל, לכבוד דעם פרעזידענט פון דער סאָסייטע אַטוואַצק־פּאַלעניץ־קאַרטשעוו, פריינד אלי סאָלניצקי און זיין פרוי. פריינד סאָלניצקי



חלק מבני־פּאַלניץ בקבלת הפנים לזוג סולניצקי מפאריס

אַ טייל פּאַלעניצער אויפן קבלת־פנים פאַרן פּאָרפּאָלק סאָלניצקי פון פּאַריז



חלק מבני־פאַלניץ בקבלת הפנים לזוג סולניצקי מפאריס

אַ טייל פאַלעניצער אויפן קבלת־פנים פאַרן פאָרפּאָלק סאָלניצקי פון פאַריז

האָט אַ סך געלייסטעס פאַרן בוך סיי מיט זכרונות, סיי אויך מיט זאָרגן פאַר אַ גרעסער באַשטייערונג פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אין פאַריז.

אין מאַי 1965 האָט דער געלט־פאָנד פאַרן בוך באַטראָפן 7,088 ל״י.

*

די פאַרוואַלטונג פון אירגון יוצאי פאַלעניץ בישראל באַשטייט פון פאָלגנדיקע חברים: ח. גאָלד־בערג (פאָרזיצער); י. פינקעלשטיין (סעקרעטאַר); י. שאַרפשעכטער (קאַסירער); גמילות־חסדים־קאָמי־סיע — משה שני און פרוי אסתר בידערמאַן. רעדאַק־ציע־קאָלעגיע: טוביה לאַטאָוויצקי, י. חיים מיאַדאָווסקי און אברהם פרידמאַן.

מיר האָבן אַ גרונט צו זיין צופרידן מיט די 27 יאָר טעטיקייט פון אירגון אין ישראל, הגם נישט אַלץ איז געטאָן געוואָרן. מיר האַלטן אָבער אונדזערע אויפ־גאַבן פאַר נישט פאַרענדיקט, אַפילו שוין נאָכן דער־שיינען פון יזכור־בוך. פאַלעניצער אין ישראל און אין דער וועלט האָבן נאָך וואָס צו לייסטן און אויפ־צוטאָן פאַר זיך גופא און אויך דערמוטיקן אַנדערע צו שעפערישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

# די געזעלשאַפט אטוואצק־פּאלעניץ־קורטשעוו אין פראנקרייך

שלום גאָלדשטיין
אלי סאָלניצקי
פּאריז

די אַנטשטייאונג פון לאַנדסמאַנשאַפטן אין די לעג־דער פון אימיגראַציע, איז געווען אַ זאַך פון געשיכט־לעכער נויטוועגדיקייט. איר באַרעכטיקונג — די נאָסטאַלגיע נאָך די פאַרלאָזענע היימען און די אָפּ־געריסנקייט פון נאָענטע און משפּחה.

ווען דער אימיגראַנט קומט אין אַ פרעמדן פאַר אים לאַנד, נישט קענענדיק די שפּראַך פון זיין נייער היים, הייבט ער אָן זוכן עמעצן, מיט וועמען ער זאָל זיך קענען צונויפריידן, וועמען עס איז פון זיין היימ־שטאָט, כאָטש מען האָט אין דער אַלטער היים אַפילו קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט צווישן זיך, גאַנץ אָפט אַפילו געווען דערווייטערט איינער פון אַנדערן צוליב יחוס, אָדער קלאַסן־אונטערשייד...

דאָ, אין דעם גרויסן כרך, אָנטרעפנדיק אויף אַזאַ „שטאָטישן", האָט מען זיך דערפילט וויניקער איינ־זאַם. אַלע פאַרגאַנגענע אונטערשיידן פלעגן אָפּפאַלן, ס'זענען אַנטשטאַנען נייע פאַרבינדונגען פון פער־זענלעכן און געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער.

דאָס טרעפן זיך מיט לאַנדסלייט, וועלכע האָבן שוין געהאַט פריער זיך איינגעאָרדנט אין נייעם לאַנד, האָט אַ סך געהאָלפן שלאָגן וואָרצלען אין דער נייער סביבה. עס איז אויך געווען אָפט אַ פראַגע פון קאָנקרעטער הילף און ראַט, אָן וועלכע דעם אימיגראַנט וואָלט מיט אייגענע כוחות געווען אַ סך שווערער וויפל די אָביעקטיווע באַדינגונגען האָבן געפאָדערט.

מען דאַרף געדענקען, אַז נישט זעלטן זענען אַריינגעקומען אין נייעם לאַנד גאַנצע משפּחות מיט פרויען, אַלטע לייט און קינדער, וועלכע זענען אַוועק־געשטעלט געוואָרן פאַר שטערונגען און שוועריקייטן, וועלכע עס וואָלט, אָן חברישער אָדער געזעלשאַפטלע־כער הילף, כמעט אוממעגלעך געווען צו באַזייטיקן.



מסיבה בתל־אביב לכבוד מר שמחה סולניצקי (טורונטו, קנדה)

מסיבה אין תל־אביב לכבוד דעם באַזוך פון ה׳ שמחה סאָלניצקי פון טאָראָנטאָ ((קאַנאַדע).




מצבת־זכרון לקדושי אוטבוצק, פאלניץ וקורצ׳ב בבית־הקברות בפאריס — לזכר קרבנות הנאצים בשנות 1945—1939. המצבה הוקמה ע״י אירגון יוצאי אוטבוק—פאלניץ—קורצ׳ב בבירת צרפת.

אָנדענק־מצבה פאַר די אָטוואָצקער, פאַלעניצער און קור־טשעווער קדושים, קרבנות פון נאַציזם אין די יאָרן 1945—1939. די מצבה איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דער „געזעלשאַפט אָטוואָצק—פאַלעניץ—קורטשעוו" אין דער הויפּשטאָט פון פראַנקרייך.

דאָס אַלץ האָט דערפֿירט צו דער אַנטשטייאונג פון אַ גאַנצער ריי לאַנדסמאַנשאַפֿטן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ביז גאָר גרויסע ראָל אין דער אויספאָרמירונג פון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין נייעם וווינאָרט.

*

די געשיכטע פון די לאַנדסמאַנשאַפֿטן אין די לענדער פון אימיגראַציע, לאָזט זיך איינטיילן אין צוויי פּאַזעס:

דער אימיגראַציע־שטראָם פון די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט, וואָס האָט געדויערט ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די צווייטע אימיגראַציע־כוואַליע איז אויסגעפאַלן אויף די יאָרן צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־קריג.

ביידע אימיגראַציעס זענען אויפגעקומען כמעט צוליב די איין און זעלביקע סיבות:

די נויט, דלות און עקאָנאָמישע אויסזיכטלאָזיקייט אין די געבוירן־לענדער, דער אַנטיסעמיטיזם, דיסקרימינאַציע, פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען א.א.וו.

דאָך איז צווישן די צוויי אימיגראַציע־שטראָמען געווען אַן אונטערשייד:

אויב די ערשטע אויסוואַנדערונגען האָבן געטראָגן אַ מער סאָציאַלן כאַראַקטער, האָבן די צווייטע אויסוואַנדערונגען, חוץ די סאָציאַלע סיבות, אויך געהאַט מער פּאָליטישע גורמים. דעריבער האָבן זיי געטראָגן אַ מער געזעלשאַפֿטלעכן כאַראַקטער.

פון איין זייט איז עס געווען אַ באַדייטנדיקער שטראָם קיין ארץ־ישראל. פון דער צווייטער זייט איז עס געווען די עמיגראַציע קיין מערב־אייראָפּע, ווו די פּאָליטישע באַדינגונגען האָבן דערמעגלעכט צו געפינען אַ מקלט קעגן די ביטערע פאַרפאָלגונגען אין דער אַלטער היים.

ביי אונדז אין פראַנקרייך טראָגן די לאַנדסמאַנשאַפֿטן אַ פאַרשידענעם כאַראַקטער:

איין טייל „סאָסיעטעס" פאַרנעמט זיך כמעט אויסשליסלעך מיט „קאַוואָס" — מע קויפט אָפּ אויפן בית־הקברות אַ קאָלעקטיוו אָרט פאַר די מיטגלידער פון דער לאַנדסמאַנשאַפֿט, כדי נאָך די „הונדערט און צוואַנציק יאָר" זיין באַזאָרגט מיט אַן אייגענעם קבר...

דער צווייטער טייל לאַנדסמאַנשאַפֿטן באַשטייט פון אַן עלעמענט, וואָס האָט פון דער אַלטער היים אַהער געבראַכט אַ טראַדיציע פון געזעלשאַפֿטלעכער אַקטיווקייט און פּאָליטישער טעטיקייט. די דאָזיקע לאַנדסמאַנשאַפֿטן האָבן אַריינגעבראַכט אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פון די יידן אין פראַנקרייך אַ סך אויפפרישונג און לעבנס־ענערגיע.

גאָר אַ באַזונדערן כאַראַקטער האָבן די לאַנדסמאַנשאַפֿטן אָנגענומען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען אונדזער פאָלק איז אַרויס אַ שווער צעקאַליעטשעטער, פאַרלירנדיק אַ דריטל פון זיין באַשטאַנד אומשולדיק־אומגעבראַכטע דורכן נאַציזם יידן: כמעט דאָס גאַנצע פּוילישע יידנטום, דעם גרעסטן טייל גריכישע און אונגאַרישע יידן. אויך פון מערב־אייראָפּע (פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד א.א.), איז דעפּאָרטירט געוואָרן דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג.

דער קליינער טייל איבערגעבליבענע יידן אין פראַנקרייך, האָט זיך ווידער צונויפגענומען און צוגעטראָטן אָפּצובויען זיינע פאַרלאָרענע פּאָזיציעס.

מיר, די פּאָלעניצער יידן אויף דער פראַנצויזישער ערד, וואָס נאָך לאַנגע יאָרן אויסוואַנדערונג פון אונדזער היימשטאָט, זענען אַלץ פול געווען מיט נאָסטאַלגיע נאָך דעם וואָס איז אַמאָל געווען, האָבן זיך געשטעלט די פראַגע:

ווי „זעט" איצט אויס, נאָך אַזאַ גרויסן חורבן, דאָרטן, ביי אונדז אין פּאָלעניץ? וואָס מאַכן דאָרט אונדזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, חברים און פריינד? מיר האָבן דאָך זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ביזן חורבן און שטענדיק געהאַט פאַר זיי אינטערעס.

מיר האָבן זיך געפרעגט: לעבט נאָך עמעצער פון זיי, האָט זיך ווער געראַטעוועט פונעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אונדזער פאָלק?

עס איז דעריבער געווען מער ווי נאַטירלעך, אַז מיר, די פּאָלעניצער אין פּאַריז, דערוויסנדיק זיך וועגן אונדזער גרויסן בראָך; אַז אויך אונדזער געבוירנשטאָט האָט נישט אויסגעמיטן די קאַטאַסטראָפע, אַז ס'איז כמעט קיינער פון אונדזערע נאָענטסטע נישט געבליבן ביים לעבן — זאָלן זיך צונויפקומען אין פונדאַסניי שאַפן אַ געזעלשאַפט צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזער שטאָט.

ווען מיר האָבן אין פראַנקרייך געמאַכט דעם חשבון פון אונדזערע בני־עיר, האָט זיך לוידער, אַרויסגעוויזן, אַז אויך אונדז האָט נישט געמיטן דער גרויסער אומגליק פון יידישן פאָלק.

אַזאַ טרויעריקן חשבון האָבן אויך געמאַכט אונדזערע שכנותדיקע שטעטלעך אָטוואָצק און קורטשעוו, וועלכע האָבן אויך פאַרלאָרן ס׳רוב פון זייערע מענטשן.

מיר זענען דעריבער געקומען צום אויספיר, אַז פונקט ווי מיר זענען געווען גוטע שכנים אין דער אַלטער היים, אָפט געפירט צוזאַמען אַ בשותפותדיקע קולטור־פּאָליטישע אַרבעט — דאַרפן מיר אויך דאָ אין פראַנקרייך פאַראייניקן אונדזערע ווייניק־געקליבענע אַקטיווע כוחות אין איין געזעלשאַפט, לזכר אונדזערע געבוירן־ערטער אין פוילן.

די דאָזיקע איניציאַטיוו צו פאַראייניקן אונדזערע ווייניק־געבליבענע כוחות פאַר אַ נייער אַקטיוויטעט, האָבן גענומען אויף זיך עטלעכע אַלטע געזעלשאַפטלעכע עסקנים, וואָס יעדער פון זיי איז נאָך אין זיין היימשטאָט געווען באַקאַנט ווי אַן איבערגעגעבענער טוער פאַר׳ן כלל. אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער איניציאַטיוו, איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַ גרינדונגס פאַרזאַמלונג מיטן ציל אויפצושטעלן אַ געזעלשאַפט פאַר לאַנדסלייט פון אונדזערע דריי שטעט.

אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1949, ביי דער מיטבאַטייליקונג פון אַ פופציק משפחות, האָבן די ח״ח גייער פון קורטשעוו, אלי סאַלניצקי פון פּאַלעניץ און שלום גאָלדשטיין פון אָטוואָצק, אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פון צוזאַמענאַרבעט, ווו אין הויפּט־פּונקט האָט דאָמינירט: נישט פאַרגעסן!

נישט פאַרגעסן אונדזערע נאָענטע וואָס זענען אויף אַזאַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט געוואָר׳ן, נישט פאַרגעסן די דייטשישע רוצחים פון אונדזער פאָלק! אַזוי איז אַנטשטאַנען אונדזער געזעלשאַפט „אָטוואָצק־פּאָלעניץ־קאָרטשעוו".

*

אין רעזולטאַט פון אַ באַשלוס פון אונדזער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און אין גייסט פון אונדזער אָנגעצייכנטן טעטיקייט־פּראָגראַם, האָבן מיר אויפן יידישן בית־הקברות אין פּאַריז אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט לזכר אונדזער׳ע אומגעקומענע משפחות אין פראַנקרייך און אין פוילן. אויפן מאָנומענט האָבן מיר אויסגעקריצט די נעמען פון די אומגעבראַכטע פאַמיליעס.

לעצטנס האָבן מיר דאָס זעלבע געטאָן אין טרעבלינקע.

אַלע ערב יום־כיפור טרעפן מיר זיך ביים אָנדענק־קבר און עס איז שוין ביי אונדז געוואָרן אַ טראַדיציע איבערצולייענען די אויסגעקריצטע נעמען אויפן מאָנומענט. אויף אַזאַ אופן גיבן מיר אָפּ כבוד דעם אָנדענק פון אונדזערע טייערסטע און אומפאַרגעסענע פריינד און משפחה־מיטגלידער.



גל־עד בטרבלינקה לזכר קדושי פּאָלניץ (1963)
אָנדענק־שטיין אין טרעבלינקע פאַר די קדושים פון פּאָלעניץ (1963)

יאָר־יערלעך אָרדענען מיר איין אין הויז פון יידישן מאַרטירער אין פּאַריז אַן אזכרה נאָך די אומגעקומענע, מיט אַ צוגעפּאַסטן פּראָגראַם, אין וועלכן מיר באַהעפטן זיך מיטן אָנדענק פון די וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם.

*

אַ חוץ חברישער הילף אשר בין אדם לחברו, נעמען מיר אָנטייל אין אַלע אַקציעס וואָס ווערן געפירט אין פראַנקרייך אין צענטראַלן מאַסשטאַב:

הילף פאַר אַלטע לייט, מעות־חיטים א.א.וו. צווישן

די נעמען פון די צענדליקער „סאָסיעטעס", וואָס באַשטייערן זיך לויט זייערע מעגלעכקייטן מיטן ציל צו לינדערן די נויט אין יידישן שטובן (אַזאַ רשימה דערשיינט שטענדיק אין דער פּרעסע), פעלט קיין מאָל נישט אויס דער נאָמען פון אונדזער געזעלשאַפט אָטוואָצק־פּאַלעניץ־קורטשעוו.

אויך אין די צענטראַלע אַקציעס, ביים פּאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן ווי קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן נעאָ־נאַציזם א.א.וו. פעלט אונדזער געזעלשאַפט נישט אויס.

מיר אָרדענען אײַן פאַר אונדזערע מיטגלידער פאַרלעזונגען אויף פאַרשידענע טעמעס: ליטעראַרישע, וויסנשאַפטלעכע, מעדיצינישע א.א.וו.

מיר שטיצן יידישע שרייבער און העלפן אַרויסגעבן זייערע ווערק. מיר זענען שטאָלץ מיט דעם, וואָס אויפן שער־בלאַט פון די געזאַמלטע ווערק פון גרויסן יידישן שרייבער אפרים קאַגאַנאָווסקי, איז פאַראייביקט געוואָרן דער נאָמען פון אונדזער געזעלשאַפט, מיטן צושריפט: מיט דער מיטהילף פון דער סאָסיעטעט אָטוואָצק־פּאַלעניץ־קורטשעוו.

דאָס זעלביקע איז אויך געשען ביים אַרויסגעבן דאָס בוך „אונטער די פּאַריזער הימלען" פון אונדזער לאַנדסמאַן בינעם קאַץ.

ביים אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך פּאַלעניץ, האָט אונדזער געזעלשאַפט אַרויסגעוויזן די גרעסטע מאָראַלישע און מאַטעריעלע הילף, לויט דעם ווי אירע מעגלעכקייטן האָבן דערלויבט.

מיר באַטייליקן זיך יאָר־יערלעך אין די פייערונגען לכבוד די העלדישע אויפשטענדלער אין וואַרשעווער געטאָ.

הגם אונדזער „סאָסיעטע" איז אַנטשטאַנען אַ יאָר נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל, — האָבן מיר באַוויזן, נאָך פאַר איר אַנטשטייאונג, צו באַטייליקן זיך, אויף אַן אינדיווידועלן אופן, ווי אויך קאָלעקטיוו, אין אַלע אַקציעס פאַר ארץ־ישראל.

אין יאָר 1948 האָבן מיר געזאַמלט געלט צווישן אונדזערע לאַנדסלייט איינצוקויפן אַן אַמבולאַנס פאַרן מגן־דוד־אדום.

אין די לעצטע יאָרן שטיצן מיר די קינדער־קליניק א. נ. פון ראובן בריינין.

נאָכן פאַרענדיקן אונדזערע געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען ביים אַרויסגעבן דעם איצטיקן יזכור־בוך, האָפן מיר, די לאַנדסלייט אין ישראל און אין פראַנקרייך, צו זיין אין שטענדיקן קאָנטאַקט צווישן זיך, וואָס עס וועט אָן שום ספק זיין לטובת די איבערגעבליבענע ביים לעבן חברים און פריינד פון אונדזערע היימשטעט.

# אלון בכות

אברהם פרידמן
חיפה

פלניץ עירי — עיר ואם בישראל היתה, תושביה אף שרובם לא מילידי המקום היו, הוו מעין „קבוץ גלויות". נתרכזו בה יוצאי כפרים, עירות וערים, מהסביבה הקרובה והרחוקה, ועל אף השוני הרב ביני־הם, התגאו בה כולם וציינו גדולתה. אמרו — „ורשה על יד פלניץ נמצאת".

פלניץ — פרבר של ורשה היתה, כעשרים דקות נסיעה ממנה, וכל כולה בנויה בבחינת — פרבר נכנס ופרבר יוצא. לכל פרבר צביון משלו ולכל אחד מהם שם וכנוי.

תחילתה של פלניץ מקום קיט — עירה של וילות, שהשתרעו מוורשה ועד שרודבורוב. רכבת שהיתה עוברת כל רבע שעה בערך, חצתה את הדרך מוורשה לשרודבורוב — דרך אוטווצק, ונעצרה בתחנות הסמו־כות — במרחקים של דקות ספורות תחנה מחברתה. תחנה תחנה ושמה: — גרוכוב, וואווער, רדושץ, מידזשין, מיכאלין, יוזפוב, שווידר, אוטווצק, ושרוד־בורוב. קו רכבת זה על תחנותיו השונות נקרא בשם — „המסילה" („ליניה"). השטח כולו היה זרוע חוילות, שבהן התגוררו קיטנים בכל ימות הקיץ — ויהודי המקום התפרנסו עליהם. בימות הקיץ, שנקרא „הסי־זון", היו יהודי המקום טרודים בהספקת שרותים לקיטנים, מי כבעל פנסיון, מי כבעל חנות באזורי החוילות ומי בתפקידים אחרים, הקשורים בהספקת מצרכים ושרותים.

רבים ושונים היו הקיטנים שמלאו את המקום. הם הוו קשת ססגונית של אנשים, החל מעשירי ורשה, בעלי וילות משלהם, מתאכסני פנסיונים, או שוכרי דירות בחוילות, ודלת־העם מוורשה, שגרו במרתפים ובתנאי מגורים צפופים — בהם היתה ורשה מבורכת מאוד. אלה באו בחדשי הקיץ, לשם חלוץ עצמותיהם והחלפת אויר הכרך המעופש — באויר הצח של מקום קיט זה.

בין הבאים — תעשינים וסוחרים, בעלי מלאכה ופקידים, סופרים ואמנים, רופאים ובעלי מקצועות חפשיים אחרים, רבנים ואדמו"רים — שהעתיקו את חצרותיהם לתקופת הקיץ למקום הקיט. העירה שקקה חיים ושמחה, קולות של מוסיקה לרקודים ו„שלגרים" אחרונים של התיאטרון הפולני — נתמזגו בקול מצהלות זמירות חסידים, שנישאו באוירה הצח של העירה, ואוושת העלים ומחטי האילנות ענו להם כהד. היו אלה קולותיהם של אחינו בני ישראל, שמקום זה שימש להם הן כמקום קבע למגורים, והן כמקום קיט, שאוכלס כמעט כולו ע"י אחינו בני ישראל. ליד היהודי החבוש שטריימל התהלך לו יהודי בגלוי ראש, ובצד הנערים שצייצו פולנית — נשמעה נעימתה הממושכת של האידיש בניב הורשאי — בניגון הגמרא — מפיותיהם של משה'לך ושלמה'לך, חבושי כיפות ומצויצים בצי־ציות, לבושים קפוטקל'ך — וחן יהודי נסוך על כולם.

על אף רבבות הקיטנים שמלאו את המקום והסביבה, וטרדת בני המקום — שרבתה מה רבתה — בהספקת צרכי הקיטנים, דבר שדרש עמל נמלים, שכמותן גם הם דאגו — לאגור בקיץ לחמם, הרי על אף אנחתם מעבודה קשה לא לקו בקוצר רוח — והיו כבני עיר מגובשת ובעלי קרבה של שכנות.

*

תולדותיה של פלניץ — קצרים ביותר. ימיה כימי תושביה שעוד הספקתי להכירם. לא היה עבר היסטו־רי לא בתולדות תושביה הפולניים, ולא בדברי ימיהם של תושביה היהודיים. קהלתה — צעירה ביותר. לא היו בה אתרים בעלי ערך היסטורי — לא לפולנים ואף לא ליהודים, שיפארו את שמה ושיסופר עליהם. לא זו אף זו — לו אף מצויים היו כאלה, הרי לא עליהם יש לספר ולא את זכרם יש להנציח בתודעת ילדינו. אני באנשים — ביהודים — יהודי פלניץ היקרים שנספו עוסק, ועליהם, ורק עליהם אספר. אנסה איפא להעלות את זכרם ולתאר דמותם כפי שנחרתו בזכרוני.

„את חטאי אני מזכיר היום", — אף על פי שנולדתי בעיירה זו וחייתי בה את שנות נעורי, ביחד כארבע־עשרה שנה, (וזאת לאחר ניכוי פרקי זמן בהם גליתי לשם למודי באהלי תורה מחוץ למקום), קשה לי לתת תאור מתאים ולצייר תמונה ממצה של המקום — ורחבה היריעה מכדי לגוללה. רבים מיהודי פלניץ לא הספקתי להכיר ורבים מהם שכחתי. ובנסותי עתה

להעלות זכרונות, כדי להוסיף עלים מספר לענפי ועלוות אותו עץ עבות, שהפך לאלון בכות, לזכרם של בני עירי שהושמדו ונספו בידי הצר והאויב הגרמני, בעזרתם הפעילה של גויי המקום והסביבה — אל דמי להם — הריני רואה לפני קלידוסקופ ענק של דמויות ואנשים, שכל אחד מהם, ראוי היה לידיו האמונות של צייר וסופר, שיצירם ויתארם בקוים ושרטוטים קלסיים של אחינו בני ישראל יהודים תמים וחמים, תלמידי חכמים ועם-הארץ, עשירים ועניים, דלים ואביונים, וכל אחד מהם הכיל בקרבו עולם פנימי מלא של רגשות ומאווים, ששון ושמחה, צער ויגון.

## מלמדי הראשונים

נזכר אני במלמד הדרדקי הראשון שלי ר׳ ראובן ליב ליברמן, שב„חדר" שלו התחלתי ללמוד — ביום בו מלאו לי שלש שנים. אבי ז״ל ר׳ גרשון הניך פרידמן, נשא אותי בזרועותיו — חבוש הייתי כובע יהודי עגלגל, לבוש קפוטקה ונעול מגפים קטנים. פאותי מסתלסלות על לחיי, וציציותי נמשכות אחרי כציציותיו של בן־ציצית הכסת. כבר אז ידעתי קרא ב„סדור", כי אבי ז״ל חנך אותי למצוות עוד בטרם הגעתי לגיל שלש. ר׳ ראובן ליב היה יהודי תלמיד חכם, שהיה גם מלמד דרדקי ולמד גם נערי „חומש", יהודי חלוש וחולני, שאשתו עסקה במסחר החלב ותוצרת החלב, ולפרנסת הבית — בין חולי למחלה, עסק במלמדות. היה זה יהודי בעל מבט נוגה שצל המות כבר רחף על פניו אך תמיד ביקש מתוך טוב לב ורחמים, לחייך לכל אחד. שתי הפרנסות גם יחד — לא הספיקו לקיום המשפחה המטופלת בילדים — ששתים מבנותיה תבדלנה לחיים, מהן אחת מראשוני החלוצות והשניה מראשוני תלמידות „בית יעקב" וחב־רתה של אחותי הצעירה, שרה — נמצאות אתנו כאן בישראל. ועם זאת עסק במלמדות באהבה, תוך חיבה רבה לתנוקות דבית רבן שנמסרו לידיו. הוא נפטר בדמי ימיו, שבועות אחדים לאחר שנכנסתי ל„חדר" שלו. השאיר אחריו אלמנה ויתומות, אשר על אף קשיי הפרנסה — גדלה אותן וחנכה אותן כבנות ישראל טור־בות, שצעירותן לא בישה את זקנות האם והוסיף כבוד לזכר אביהן.

מלמדי השני היה ר׳ שמעון הירש שוחט, יהודי שמח ועליז, שזקן שיבה ירד לו על־פי מידותיו, בעל קול נאה ופנים חייכניות, ועוד המשיך בעיסוקו — בשחיטת עופות, מאחר שבשל גילו לא יכול היה להמשיך בשחיטות „גסות ודקות". אהב להשתעשע במספרים וידוע היה כ„בעל חשבון גדול" הבקי גם ב„חכמת התכונה". הוא נהג גם לשתף את תלמידיו בחדודי חשבון, ובין היתר למדם גם לחשב את מספר השניות שהעולם קיים — מאז בריאתו ועד היום. הקפיד על נקיון תלמידיו, וביתו שטופח בידיה האמונות של אשתו — הבהיק מנקיון. מאור פניו, הידורו ונקיון ביתו, בצרוף חכמתו וגישת הסב החביבה — שבו — חינך תלמידים לאהבת תורה ודרך ארץ.

תלמידיו של ר׳ שמעון הירש שוחט, לאחר שגדלו והגיעו ללמוד גמרא — עברו לידיו האמונות של חתנו „ר׳ יענקל מלמד". היה זה יהודי מוצק בעל זקן אדום, תלמיד חכם שהתורה לא התישה את גופו. אמרו עליו — שהנו גבור ממש. ידוע היה כשחין מובהק, שנהג לקחת את תלמידיו בימות הקיץ לרחוץ באגם שנקרא „מורסקי־אוקו" (נראה שפלניץ לא הסתפקה בנהר הגדול ה„ויסלה" שעבר לידה, אלא גם רצתה באגם משלה ושם נתן לו — „מורסקי־אוקו" שפירושו „עין הים"). יהודי ישר־דרך וחם־מזג, נוח לכעוס ונוח לרצות, היו אומרים — ר׳ יענקל מלמד — יש בו מתכונתו של ר׳ אבא. בכעסו מסוגל להמית אדם ולאחר מכן להתפלל עליו כדי להחיותו ולהפיסו. בכעסו היתה רצועתו עולה ויורדת ללא רחמים — ובשוך כעסו משתדל לקרב את התלמיד ולהפיס דעתו. תלמידיו הרגיזוהו ופיסוהו — וזכור הוא לטוב אצל כל תלמידיו.

מאוחר יותר, הופיעו במקום שני מלמדים נוספים — האחד ר׳ יששכר מלמד, מלמד דרדקי וחומש, והשני, ר׳ שמואל פוקס מלמד תנ״ך וגמרא. מלמדים אלה היו יוצאי־דופן בין מלמדי המקום. הם שכרו בית שלם (את החוילה של ברוך מאיר) והקימו בשותפות מעין „חדר מתוקן" מודרני למחצה. העסיקו מורה לשפה הפולנית, הגברת גלבפיש, שקודם לכן נתנה שעורים פרטיים בשפה הפולנית לתלמידים בבתיהם. היא היתה רווקה מבוגרת — כנראה בת למשפחת עשירה שירדה מנכ־סיה — וכלכלה אם זקנה משעוריה. אף כי היתה טפוס בלתי־רגיל בסביבה, כבדו אותה בני העיר ואף תלמי־דיה.

מורה שני שהרביץ את תורת הפולנית, היה מר פושעט או פושט, אדם תקיף, שסירב לדבר ולענות לפניה באידיש והתחבר עם הגויים שבעיר. אמרו, שהוא יהודי מתבולל, ואמנם התבולל לגמרי. שמעתי שהוא ומשפחתו יצאו ל„שמד" והמירו את דתם — דבר שלשמחתי התבדה — ובנו נמצא כיום באוסטרליה וחי

כיהודי, נשוי לבת פלניץ מבנות ווצרמן. התל־מידים לא חיבבוהו והוא לא חיבב את התלמידים — וזה לזה נתנו גט פטורין. „חדר" זה שצריך היה גם לשמש מעין תחליף ל„שקולה" של ילדי ישראל, הנהיג גם גינונים שונים כגון פעמון, הקפידו על נקיון ה„חדר" ונקיון התלמידים, ואף ערכו חגיגות ילדים לעת חג ומועד — והכל על טהרת האדיקות הדתית.

ר' יששכר, יהודי גבה קומה וגברתן, ועצם חזותו הטילה אימה וכבוד על התלמידים. שני בניו שדמו לו במבנה וקומה — עזרו על ידו בשמירת הסדר וארגון משחקים וטיולים לתלמידים. אוירת ה„חדר" היתה כבבית ספר מודרני, פרט לשעות הלמוד שהתנהלו משעות הבוקר ועד חשכה, ובחודשי החורף גם בשעות הערב. ר' יששכר היה יהודי מעורב עם הבריות ודעת הבריות והמקום נוחה הימנו.

אדם מסוג אחר היה ר' שמואל פוקס. יהודי צנום בעל זקן שיבה קצר, שהיו מלעיזים עליו שנוהג מדי פעם לקצץ בו. הוא היה יהודי ליטאי — תלמיד חכם גדול, חריף ובקי, ופיו שפע הומור ליטאי. גישתו לתלמידים — כשל פדגוג מנוסה, הסברו בהיר ומשכנע. בעל שיטה בכל דבר ומדגים הכל באופן מוחשי. היו לו אהבות משלו, לתנ"ך היה ממש חולה אהבה, ודקדוק עברי היה לחם חוקו. בקי בחשבון וידען מופלג בתלמוד. הוא היה המלמד היקר ביותר בכל העיר, ועל תלמידיו נמנו רק ילדי בעלי־בתים — בעלי יכולת. מעל לכל אהבותיו שם את הציונות בראש כל מאוייו, שיחו על ארץ־ישראל, כשל איש המהלך בפרדסו וגפנו ומגיש משיקויי גתו ליקיריו, הלא הם תלמידיו — שבעיני־רוחו ראה אותם בארץ הקודש — מציבים גבול האלמנה ומקוממים את הריסות ציון ומקדשה. בספרו על ארץ ישראל, יכולת לדמות בנפשך — שהנך מאזין ושומע את קול זמרת הלויים המלווה ע"י המגרפה שבמקדש — וחיות היתה מתפשטת בכל אבריך. לעומת זה כאשר לימד אותנו במסכת „גטין" את פרשת „אקמצא ובר קמצא" — לא היה תלמיד שלא התמוגג מדמעות. יחד אתו בכינו בדמעות שליש על חורבן בית המקדש, וגלות השכינה ויחד אתו הלכנו אחרי מריה בת ביתוס, העשירה בירושלים, שלאחר ואף אחד מעבדיה ששגרה לשוק לקנות פת לחם לא השיגו — חלצה את נעליה ואמרה: „אצא ואראה שמא אמצא דבר מה לאכול וטפלו גללים ברגלה ומתה". קרא עליה ר' יוחנן בן זכאי: „הרכה והענוגה אשר לא נסתה כף רגלה הצג על הארץ מהתענג ומרוך". כך גם היה, עת למדנו בחומש את הפסוק „ואני בבואי מפדן ארם מתה עלי רחל בארץ כנען בדרך, בעוד כברת ארץ לבא אפרתה, ואקברה שם בדרך אפרת היא בית לחם" — עם פירושו הנחמד של רש"י — „דע לך שעל פי הדבור קברתיה שם, שתהא לעזרה לבניה, כשיגלה אותם נבוזרדן והיו עוב־רים דרך שם ויוצאת רחל מקברה ומבקשת עליהם רחמים, שנאמר — קול ברמה נשמע, נהי בכי תמ־רורים, רחל מבכה על בניה; מאנה להנחם... והקדוש ברוך הוא משיב לה: מנעי קולך מבכי ועיניך מדמעה, כי יש שכר לפעולתך ויש תקוה לאחריתך. ושבו בנים לגבולם".

כולנו יחד בכינו על גולי בני ירושלים, שהלכו כפותי ידים לאחוריהם נתונים בשלשלאות של ברזל, ערומים כבהמות — בוכים והדמעות יורדות וצורבות לחייהם ואין יכולים לקנחן. ולנגד עינינו עולה דמותה של רחל אמנו העומדת על אם הדרך, ובידים פשוטות מתחננת בפני הקדוש ברוך הוא שירחם על בניה, ומתוך הדממה בוקע קולו — „ושבו בנים לגבולם".

מנהג היה לו לר' שמואל פוקס — לשבת עם תלמידיו בעת ההפסקות מלמודים ולספר להם על מדברנא דאור־מותיה — חובבי ציון וחוזיה. כאשר תאר בפנינו את דמותו של בנימין זאב הרצל ז"ל, היתה הילת אור עוטרת פניו, לחייו להטו כאש, עיניו גחלים לוחשות וכל דבורו אומר הוד וגבורה עטויה בתפארה. כדמות משיח בן יוסף ראה ותאר אותו. בדברו, שמעת וחשת — והנה מעל ההרים נשמע „קול מבשר מבשר ואומר" — קולו של אליהו הנביא זכור לטוב המודיע על בואו של משיח בן־דוד, וכולנו היינו נכונים לרוץ הביתה להצטרף אל הורינו, בדרכם עם הגואל — משיח צדקנו — לארץ ישראל.

משעוריו בלמודי הקודש אהב במיוחד את ספר התנ"ך. הוא ראה צורך לקבוע שעור יומי קבוע בתנ"ך, היה מפרש כל פסוק ופסוק ומביא אגדות וספורים על כל אחד מהם — עד שהרגשנו, שממש „דבש וחלב תחת לשונו".

זוכרני, כאשר מלאו לי ארבע שנים והוכנסתי ל„חדר" של ר' יששכר ור' שמואל פוקס, צרפו אותי לשעור בתנ"ך בכתתו של ר' שמואל; כל התלמידים היו גדולים ממני בשש שנים לערך, ואני ישבתי ביניהם מבוהל ומשתאה, מושבי הוגבה במיוחד — כדי שאגיע לגובה השלחן. לאחר שהסביר את הפרק הראשון בספר מלכים, אמר לי לחזור עליו בפני הכתה, נבהלתי ונתבלבלתי, אולם במתק שפתיו עודד אותי — והתחלתי

לחזור על הפרק. עד היום כאשר אני נפגש עם בני עירי מאותה הכתה, מזכירים לי את קריאתי זו.

נוסף על למודי הקודש ומרוב חיבתו ללשון עברית, לימד גם את תלמידיו דקדוק עברי — וכך היה אומר: „כל הדר בארץ ישראל וקורא קריאת שמע שחרית וערבית ומדבר בלשון הקודש — מובטח לו שהוא בן עולם הבא. כשם שחייב יהודי להאמין בביאת המשיח כן חייב לדבר בלשון הקודש".

„לג־בעומר" היה החג האהוב עליו ביותר. שבועות מספר לפני „לג בעומר", תכנן תכניות לטיולים עם התלמידים בחיק הטבע — ביערות ושדות הסביבה. דאג שתלמידיו יבואו מקושטים לחג, עם צרורות אוכל ויצא אתם ליער. אני שהייתי הצעיר בתלמידיו, נועדתי על ידו לשמש כמספר בשבח מעשי גבורותיו של בר־כוכבא, והיה משלב בהרצאה זו — שלמדני קודם לכן בעל פה — ספורים ממעשי גבורה של הבילויים וכו'. את כל היום בלינו ביערות ובשדות, תוך כדי השמעת ספורים ושירים ציוניים שלמד אותנו.

על אף ששמו יצא לתהילה כמלמד הטוב ביותר בעיר, וכתלמיד חכם מובהק שאדיקותו אינה נופלת מלמדנותו, רטנו בעלי־הבתים על מעשי הילדות הציוניים שלו. זכור לי מקרה של התפרצות אחד מבעלי־הבתים נגדו לאחר שספר לנו על הצהרת בלפור שנתנה, והגדירה כאגרת כורש מלך פרס, שבשר את שבות הגולה, — ובהתלהבותו הדביק את כל התלמידים — קרא לו אחד ההורים בשם „שבתי צביניק" והוציא את בנו מה„חדר". מעשה זה שמש כראשית התסיסה של החסידים נגדו, גם בשל היותו „מתנגד" מושבע, ואף הורים־חסידים אחרים החלו להוציא את בניהם מה„חדר" שלו. ואז באה הפלישה הבולשביסטית שהשביתה את כל החיים במקום.

## במצרי צרים

תקופת מלחמה זו שבין הבולשביקים והפולנים — אינה זכורה לי ברורות ומאוד מטושטשת היא בזכרוני. וכשם שזכרונותי לוקים בחסר, ובודאי גם באי־סדר כרונולוגי, הרי תקופה זו — בודאי שתהא לוקה גם בחסר וגם באי־סדר כרונולוגי.

זכור לי, שבאחת משעות הבוקר — נשלחנו כל הילדים מה„חדר" הביתה. המלמדים, ספרו בחרדה — שהתחילה „אינואזיה בולשביסטית". אף אחד מהיל־דים לא ידע ולא הבין את פשר המלה „אינואזיה", ובודאי שלא ידענו מה זה „בולשביקים". דימינו בלבנו, שזה מין חג או מועד — לציון מאורע שאירע. גם פניהם החוורים של בני ר' יששכר ור' שמואל פוקס, שהיו באותו הזמן ב„חדר" והסתודדו עם הוריהם — לא אמרו לנו דבר. מכל מקום, לא בחומש ואף לא בגמרא נתקלנו במלים „אינואזיה בולשויסטית". די היה לנו בעצם העובדה שיש מין חג כזה, וכולנו פרצנו



שיחת־חולין של שני נערים יהודיים בפאלניץ
(מאוסף תמונות של א. קציזנה)

צוויי פאלעניצער יינגלעך כאפן א שמועס
(פון א. קאציזנעס בילדער־זאמלונג)

החוצה — לרחוב. בחוצות הצטופפו אנשים ליד מודעות גדולות והתוכחו ברגש רב, שוטרים רבים שוטטו ברחובות ורוביהם עליהם, דבר שלא היינו רגילים לראותו, כי בדרך כלל התהלכו ללא נשק.

הילדים הגדולים, ביניהם אחי הגדול הניך, לוי יצחק מילגרום, אלעזר — בנה של מלכה'לה השחורה, נח ברוך, יענקל אקרמן, שמחה ומשה אהרון סולינצקי, טוביה לטוביצקי, אליעזר ויונה שטינברג, יעקב יצחק שדלצקי — ועוד אחרים שאיני זוכר את שמותיהם, פתחו במשחקי חיילים. אני שהייתי צעיר מהם בהרבה — הורשיתי להשתתף במשחק זה בתפקיד של חיל־רץ, וזאת בשל העובדה שלמרות הפרש הגילים הגדול בינינו (אני הייתי אז כבן חמש והם כבני עשר ושתים־

עשרה), היינו חברים באותה הכתה של למודי התנ"ך והגמרא. מובן שבמשחק זה לא יכולתי להחזיק זמן רב מעמד אתם, והלכתי לתור אחרי ילדים בני גילי למשחק.

אבי, שהיה אז אברך כבן עשרים ושבע שנים, הבין את אימת המלחמה ואת הצפוי ממנה, קרא לאחי ולי — הביתה. באורח דיבורו השקט נסה להסביר לנו את אשר קרה, והבטיח לנו — שמלחמה זו אינה אלא מלחמת „גוג ומגוג", וזו המלחמה האחרונה בעולם, ובעזרת השם, יבוא משיח צדקנו במהרה, ובני ישראל יצאו קוממיות לארצנו.

בעודו משיח אתנו — נכנסו לביתנו כמה מידידיו ומהשכנים שאחדים מהם זכורים לי עד היום: — ר' דוד פינקלשטין, שנקרא אז „דוד פון דער קולעיקי", וזאת מפני שחנותו היתה בקרבת הקולעיקה — רכבת קטנה בקו ורשה— אוטווצק, ותחנתה היתה בסמוך לחנותו. ר' דוד היה יהודי תלמיד חכם, חשוך ילדים, מקובל על חבריו כבעל שכל ישר ולשון שנונה. שיחו מין „שיחת חולין של תלמיד חכם", והצבור הפקיד בידיו את הטפול בעסקי הכלל. אהב ילדים ונהג להשתעשע אתם, ותוך כדי כך בחן את ידיעותיהם. הילדים ראו בו חבר וידיד, והיו כרוכים אחריו, ואחרי דברי המתיקה שהיו תמיד בכיסו לשם חלוקה ביניהם. בשל היותו ידיד אבי — הרבה להשתעשע בי ולספר לי מעשיות צדיקים — ואגב אורחא מותיב ומבקש ממני לפרק, ובעד כל תשובה שנונה צבט בלחיי ומכבד אותי בממתק. ר' דוד נכנס כשחיוך רחב נסוך על פניו ופנה לאבי בזו הלשון: „הרי מסורת של השכנת שלום למשפחתך, ואם הצלחת להשכין שלום בין הגאון מוילנה ור' ישראל מרוז'ין — ואתה כנכד בית רוז'ין נשאת לאשה את אחת מנינות הגאון מוילנה — בודאי תצליח להשכין שלום בין הגויים, כי הרי השנאה שביניהם קטנה יותר מהשנאה שבין „מתנגדים" לחסידים; או שמא מצפה אתה לבואו של בן־דוד לאחר מלחמת „גוג ומגוג" זו, וכמי שמתיחס על מלכות בית דוד תהיה קרוב למלכות? ואיה „יורש העצר" שלך — אברהמ'לה — זה שצריכים להתמזג בו כתר מלכות של בית רוז'ין וכתר תורה של הגאון מוילנה? — הבאתי לו מפרי ארץ ישראל". הוא הוציא כמה תאנים וכבד אותי בהן והוסיף — „אם ירצה השם ונזכה לעלות לארץ ישראל — נברך ברכת „על המחיה" על פירות ארץ ישראל בארץ ישראל".

זכה ר' דוד לעלות לארץ ישראל זמן קצר אחרי גמר הפעולות המלחמתיות של הפלישה הבולשויסטית, ומתגורר עתה בתל־אביב.

עוד ר' דוד מדבר, ונכנס משה ברוך ספירשטין. אברך צעיר בעל קלסתר פנים נאה, מרכיב משקפי זהב, בעל חנות לכלי בית ומטבח ברחוב המרכזי. צעיר, חרוץ ועליז, שאהב להשמיע בדיחות וחדודים — מלא חדוות חיים, אשר זכה ואותן שנים מועטות שקוצב החיים הקציב לו— חי חיי שמחה.

הוא נפטר צעיר לימים והשאיר אחריו אלמנה ושני בנים, יצחק וישראל ספירשטין, שהמשיכו אחר כך לנהל את עסק אביהם בכבוד, והיו לאחר מכן מפעילי הנוער הציוני בעיר. ואם לא זכו ר' משה ברוך ובניו לעלות לארץ ישראל, הרי בנו יחידו של יצחק — ברוך ספירשטין, נמצא אתנו כאן בישראל, לאחר שניצל בחרוף נפש ע"י אמו — לובה ספירשטין לבית גולדשטין, שהוציאה אותו מתוך רכבת שהובילתו למחנה השמדה, וניצל שנית לאחר רצח אמו ע"י הנאצים. עבר את כל שבעת מדורי הגיהנום, יחד עם דודו — משה הירש גולדשטין ואשתו אסתר גולדשטין, בהסתתרם מפני הצורר בעזרת ניירות אריים, ונמצאים אתנו בישראל.

מוטלה היבנטרגר, היה שכננו. בית בבית כמעט נגעו. יהודי קטן־קומה וזקנקן צהבהב עיטר פניו בעל חנות למנופקטורה מהגדולות שבעיר. פיו לא פסק מהשמעת הלצות. היו אומרים עליו, שהנו בעל יד קמוצה, אם כי לאמיתו של דבר ידע גם לפתוח ידו בעת צורך. הקים בית כנסת קטן בחצרו, ומסר אותו לצבור, אחר כך הפך בית כנסת זה לשטיבל של חסידי גור. בית כנסת קטן זה היה למקום תורה, שהוציא תלמידי חכמים רבים — ועוד ידובר בשטיבל זה. כן היה נותן צדקה בסתר ביד רחבה. הוא נהנה תמיד כאשר אמרו לו שהנו קמצן, ונוהג היה לומר — כאדם צעיר אני נמצא ב„עת לכנוס" ה„עת לפזר" עוד תבוא. הוא לא זכה להגיע ל„עת לפזר", הוא ובני־ביתו נשארו בגיא ההריגה, ורק בנו משה ניצל ונמצא כיום באוסטרליה.

יוסיל ליברמן, בנה של אסתר ריבקה ליברמן — אלמנה ו„אשת לפידות", שנהלה מאפיה גדולה, היו לה שני בנים ושלוש בנות, והבכור שביניהם — יוסיל, אשר לאחר מות בעלה ראו בו ראש המשפחה. יוסיל חסיד חריף מחסידי פוריסוב, שאהב לעסוק בעסקי צבור. אהב להראות עצמו תקיף, אבל היה אדם טוב לב. בהיותו שמן נהג לומר — „אני אמנם שמן אבל לא על כל דבר אני עונה אמן". יחד עם אמו נהל את עסק המאפיה וזאת נוסף על עסקו שלו. לא זכה גם הוא להיות אתנו וכל משפחתו הושמדה. רק בנו יעקב

ליברמן, שעלה ארצה מיד עם הגיעו לגיל שמונה עשרה — ניצל ונמצא אתנו. לאחר שעבר את כל מוראי המלחמה — כחיל יהודי ארץ ישראלי בצבא הבריטי, נשבה על ידי הגרמנים בעת נסיגת הצבא הבריטי ביוון — ושהה כל עת המלחמה בשבי הנאצי.

יחזקאל ברוך, יהודי צנום ושברירי, בעל פני ילד תמים, וזקנקן מחודד הנטוי כלפי מעלה, בעל הלוך מהיר — וכנפות הקפוטה שלו מתנופפות ברוח ומגלות את גופו הצנום. מהלך היה ושפתיו מדובבות — תוך כדי הלוכו משנן איזה סוגיה בתלמוד, בעל קול ערב „ובעל קורא" מצוין. בעל חנות מכולת שפרנסתו לא מצויה ברחבות. היתה לו אשה, שלושה בנים ושתי בנות. בנו הבכור נח, היה חברו של אחי ובתו רחל, מהתלמידות הראשונות של „בית יעקב" — חברתה של אחותי הצעירה, שרה, והבן אברהם ברוך — נמצא בישראל ומתגורר בראשון לציון. פרט לאברהם שיבדל לחיים — לא נשאר זכר למשפחה שהושמדה כולה.

וולולה ילין, סוחר עצים אמיד היה, ונהל את עסקיו ביושר. בתקופה מאוחרת יותר — אחד מפרנסי הקהל. יהודי מכובד בעל זקן שחרחר מסורק תמיד, שהקפיד על לבושו ונשמר בדבורו. היו לו בתים שהשכירם ובית פרטי מרווח למגורי משפחתו, שהקימו ליד מחסן העצים הגדול שלו. משפחתו היתה ענפה וכמה ממשפחות העיר נמנו על קרוביו. על אף עסקיו שתבעו הרבה מזמנו — הקדיש זמן רב לצרכי צבור — לבית הכנסת ולתלמוד התורה, שהיה אפוטרופסם ודאג לקיומם. כמו־כן הקדיש זמן רב לשורה של מוסדות צדקה אחרים. היה לו בן אחד מתתיהו וחמש בנות.

ממשפחתו כולה לא נותר איש, פרט לבתו מלכה, מפעילי הנוער הציוני, שעלתה ארצה יחד עם בעלה — חיים מיודובסקי — אף הוא מפעילי „החלוץ" וממיסדי „הפועל". שניהם נמצאים אתנו בישראל ומתגוררים בראשון לציון.

אברהם יענקל צישנסקי, נחשב לטפוס מיוחד במינו. סוחר תבואות ובעל בעמיו, ולו אוצר בלום של פולקלור יהודי. אמרו — שבאוסף קללותיו באידיש — יכול הוא לקלל שנה תמימה בלי להיכשל ולחזור פעמיים על אותה הקללה. יהודי עשיר שלא פזר יותר מדי לצרכי ביתו — חריף ושנון ולשונו חדה כתער. רבה היתה ידיעתו בגמרא, ולא הראה חבה יתרה ל„עם הארצים" שיסרם בשבט לשונו. על יהודי אחד מבני העיר, שלא נחשב כתלמיד חכם והעמיד פנים של תלמיד חכם, אמר פעם — „ששכח למודו מחמת חולי — ווייל א קרענק האט ער געקנט". היה איש מעשה, ועצתו גם אם נתנה בלשון מפולפלת — נראתה נבונה ביותר.

היו לו תשעה ילדים — בנים ובנות. הבנים כולם בני תורה וחתניו לוקחי בנותיו כבניו. היו לו נכדים רבים ועוד בחייו ראה מהם נחת. הוא מת עוד לפני בא השואה — שאחריה לא נשאר שריד מכל המשפחה הגדולה הזו.

יוסיל שצ׳סק, ליצן גדול היה ובת־צחוק נסוכה על פניו תמיד, ומעשי קונדס היו תחביבו. סוחר עצים ובעל פרנסה טובה. קשיש בהרבה מהאחרים, אבל בכל מקום בו שהה — הדהד צחוקו הרם ונוכחותו עוררה שמחה. אהב הלצה מפולפלת, שספרה תוך קריצת עין שובבנית. התענין בעסקי צבור ותמיד ראו אותו ברצון.

היו לו שתי בנות ונכד מאחת מבנותיו שנתאלמנה בצעירותה — חיים טננבום — „משכיל", שלבושו היה מודרני אבל מקובל כתלמיד־חכם והרבה לעיין ב„מורה נבוכים". ר׳ יוסיל ואשתו מתו זמן רב לפני השואה — על בנותיו ונכדו — חיים טננבוים — לא ידוע לי דבר.

אברהמצ׳ה גרינברג, „מפני" העיר ומהיושבים ראשונים במלכותה. יהודי יפה־תואר ויפה־מראה. כל חזותו אמרה כבוד. בעל זקן שחור, מטופח יפה, ובשעת שיחה היה מעביר בו את אצבעותיו מסרקו, ומלטפו. תוך כדי כך מקפל שערות זקנו לאחור, שייראה קצר יותר מבלי לגוזזו. פאותיו שלעו על „שעור פאה" — נארגו בתוך שערות זקן לחיו והיו לאחד. עיניו גדולות ועמוקות, שצבען השתנה חליפות — מחום לירוק. מבטו חודר ובוחן כל חדרי לב, לבושו לבוש יהודי בעל־בתי — קפוטה שגבה חצוי עד לאמצעיתה, ששיוו לה צורת ארבע כנפות „וחסידים ואנשי מעשה" טענו — שחייבת בציצית. חבוש כובע יהודי — שלא הסירו מראשו מבלי לחבוש כפה במקומו. נעול מגפים משובחים ומבריקים. צוארון כותנתו הלבנה מעומלן קשה, ובמקום עניבה קשר מין סינר שחור — להבדיל בין לבוש יהודי לשאינו יהודי — משום „ולא תלכו בחוקות הגוי" מצוחצח היה ובגדיו ללא רבב. זקני החסידים ב„שטיבל" שלו — לא ראו את הופעתו בעין יפה — וראו בחסידותו והידור לבושו מין — „שעטנז". אמרו: „ביקש יעקב לישב בשלוה וקפץ עליו רוגזו של יוסף" וזאת מפני ש„יוסף היה מסלסל בשערותיו". אברהמצ׳ה לא הקפיד עליהם וקבל תרעומתם בגחוך קל — „אי בטלנים", ואף הם קבלו זאת בסלחנות.

אברהמצ׳ה מחסידי גור המכובדים היה, יחד עם

שלושת בניו נהג לנסוע לכל חג לרבי־לגור. שם נדחק עם יתר החסידים לשולחן הרבי, לשם חטיפת „שירים" ובשובו מכל נסיעה כזו, הרבה לספר את חויותיו כאילו היתה זו נסיעתו הראשונה לרבי. אב־רהמצ'ה היה מנהיגה המוכתר של אגודת ישראל ודברו כעין חוק. הוא לא הטיל מרה באנשים, אבל כולם סרו למרותו והכל נשמעו לו. רק על איש אחד בלבד בעיר — שלא נשא בשום תואר של מנהיגות — איצ'ה בער צישנסקי — עליו לא חלה מרותו של אברהמצ'ה, אדרבה אברהמצ'ה נשמע לו וסר למרותו. איצ'ה בער צישנסקי — ראוי שיכתב עליו פרק מיוחד ומכובד ביותר. אברהמצ'ה נמנה על פרנסי העיר, חבר ועד הקהילה — שוה במעמדו עם אליעזר דומב, חבר מועצת העיר, שלמרות היבחרו כנציג „אגודת ישראל" — ראו בו נציגם של כל התושבים ללא הבדל מפלגה.

היה נואם מוכשר ביותר, בעל הופעה נאה ומכובדת. הפולנית הצחה ועשירת הבטויים והניבים שבפיו — הקנו לו מוניטין בין כל התושבים היהודים והפולנים כאחת.

היה עשיר, בעל בית גדול ברחוב המרכזי, בעל בית בד שהקים בחצרו הגדולה, וכן בעל נכסים אחרים. בעל חנות למנופקטורה, וידוע היה כסוחר הגון וישר. כל התכונות האלה, בצרוף פקחותו וחכמתו הרבה — הכשירוהו להיות עסקן צבורי מובהק — פרנס כל הקהל. אשתו היתה אשה יפה, גבוהה ותמירה — הולכי רכיל ספרו, כי בינו לבין אשתו התנהל „רומן גדול" עוד לפני חתונתם — דבר שלא היה מקובל בחברה החסי־דית דאז. ואמנם „רומן" זה ביניהם נמשך כל השנים, גם בהיותם הורים לארבעה ילדים. אי אפשר היה שלא להרגיש באהבה זו, שהתבטאה הן במבטים שנשלחו תכופות מאיש לרעותו, והן ביחס הכבוד ההדדי שבי־ניהם. ביתם נתברך בכל הדברים המרחיבים דעתו של אדם

ארבעה ילדים היו להם: בת — חינה, שכשמה כן היתה — חן ויופי של בת ישראל כשרה, טוביה — בחור עדין־נפש, שתום ויופי חברו יחדיו. דוד, חכם וחריף, שפגם בגופו מ־ר את חייו, בעל גבנת שהסבה לו סבל רב. דימה שהכול מביטים בו ומצביעים על מומו. פקחותו וחריפותו עמדו לו, ורוב הילדים וביניהם גם אנוכי — התחברנו אתו ואהבנו את חברתו. בהעדרו היינו מתלוצצים על חשבונו ואומרים — „הקדוש ברוך הוא נתן לדוד מנה גדושה כזו של שכל, שגופו לא היה יכול להכילו — הוסיף לו על כן גבנת — ככלי קבול נוסף". דוד, טבע בעת רחצה בויסלה, ימותו היסב צער רב לא רק למשפחתו, אלא גם לנו חבריו — שהתאבלו עליו זמן רב והרגשנו בחסרונו. הצעיר — ליבלה, עוד היה נער בעזבי את העיר והריני זוכר אותו כנער מלא חן.



קלמן שוחט ז"ל

כל המשפחה הזו על בניהם ונכדיהם נשרפו בכבשני הנאצים.

קלמן שוחט, יהודי נשוא פנים, שקט ונחבא אל הכלים. בעל קומה ממוצעת וזקן שחור רחב ומטופח עיטר פניו. לבש קפוטה שחורה נקיה ומגוהצת. עטוף תמיד בסודר חם בשל נטייתו להצטננות. „איסטניס" גדול, ואיש לא העלה על דעתו ש„איסטניס" זה נולד „במזל מאדים". דבורו בנחת ודבריו שקולים. תלמיד חכם ועניו שלא הירבה לעסוק בעסקי צבור, והעדיף להקדיש את שארית זמנו ללמוד תורה. אשתו, אף היא אשה שקטה, שהקפידה בלבושה — וכל מעיניה היו נתו־נים לטפול בבעלה. בנה, וארבע בנותיה, שהגדולה שבהן — לאה, היתה חברה של אחותי הבכורה — פייגעלה, הבנות מלכה ובתיה, מפעילות הנוער הציוני ו„החלוץ", ובנם פישל פסח על ספי הציונות והסוציא־ליזם, מבלי להספח סופית לאף אחד מהם.

